די

# געהיימניסע

פון

# רוסישען קייזערליכען הויף

---

פריי איבערזעצט

— פון —

## א. טאנענבוים

---

דריטער באנד


היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני
632־34 בראדוויי, ניו יארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.
1927

# דריטער טהייל.

## 1טעם קאפיטעל.

## אליין אין ווילדען וואַלד.

דיא וואַרעמע איטאליענישע זון שיינט, וואַרעמט און בעלייכטעט א ווילדע געגענד. ארום און ארום זעהט מען בערג, טאהלען און וועלדער. ווען מען געהט ארויף אויף א בארג, זעהט מען פון איין זייט דאס שעהנע, בליהענדע איטאליען ביז צו דיא קלארע, בלויע וואַסערן פון מיטעללענדישען מעער. פון דער אנדערער זייט זעהט מען וויים, ווייט וואַכען פון עסטערייכישע סאלדאטען.

אין א ווינקעל, צוגעשפּאַרט צו א בארג ליעגט בעהאלטען צווישען עטליכע קאַשטאַניען ביימער אן אלטע, איינגעפאלענע פעלד קרעטשמע, אָדער אָסטעריא, וויא עס הייסט אויף איטאליעניש. דער וועג, וועלכער געהט פארביי פאר דער אסטעריא, איז שלעכט, שטייביג און פערנאכלעסיגט, וויא אלע וועגען אין איטאליען. עס פאהרען אויף איהם נור דיא בויערן פון דער געגענד ארום, וועלכע פיהרען זייערע ארימע דארפס פּראָדוקטען אין דער שטאָדט אסקאָלי, אין איטאליען, אדער אין דער שטאדט ספּאַ־לעטא, וועלכע געהערט צו עסטערייך. זעלטען, זעהר זעלטען פאהרען דורך אויף דיעזען וועג רייזענדע, מייסטענס רייכע ענגלענדער אדער רוסען, וועלכע פאהרען בערייזען איטאליען צום פערגניגען. ווען עס קומען אזעלכע רייזענדע, קען דער ווירטה פון דער אָרימער קרעטשמע ביי זיי עפּעס פערדינען. אזעלכע רייזענדע צאהלען זעהר גוט. זיי קומען אבער זעהר זעלטען און פון דיא ארימע איטאליענישע בויערן האט דער ווירטה גאר נישט.

דיא אָסטעריא, אדער דיא קרעטשמע, האט נור צוויי צימער. איינס, א גרעד־סערעס פאר געסט און איינס, א קלענערעס, וועלכעס דיענט אלס שלאָף־צימער פאַרן ווירטה. אין דעם גרויסען צימער זיצט א גאסט לעבען דעם איינציגען לאנגען טיש. פאר איהם שטעהט א קרוג וויין און צוויי גלעזער. דער גאסט אבער טרינקט ניט. ער זיצט דעם קאפּ אנגעשפּארט אויף דער האנד, פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. דער ווירטה איז נימא אין צימער.

אזוי וויא דיעזער גאסט שפּיעלט א גרויסע ראָלע אין אונזער ווייטערע ערצעה־לונג, מוזען מיר איהם א ביסעל מעהר בעשרייבען. ער איז אלט א יאהר עטליכע און דרייסיג, הויך און קרעפטיג. זיין גרויסער קאפּ איז בעדעקט מיט א וואלד פון שווארצע געקרויזטע האָר. זיין געזיכט איז איינגעפאסט אין א שעהנער, שווארצער באָרד און צייגט מוטה און קראפט. ער הייסט אויף איטאליעניש דשוזעפּא מאָדזיני, אָדער יאָזעף מאָדזיני.

— ווארום טרינקסט דוא ניט דעם וויין? האט איהם דער וירטה, וועלכער איז עבען אריינגעקומען, געפרעגט. מעגסט זיין זיכער, אז איך האב מיין פריינד מאדזיני געגעבען דעם בעסטען וויין, וואס איך האב.

— איך וויים עס, פריינד, אז דוא האסט מיר געגעבען דעם בעסטען וויין, האט מאדזיני געענטפערט טרויעריג. איך קען איהם אבער ניט טרינקען. איך מוז זעהן ארויס צוקומען פון דאנען.

— איך האב דאך געשיקט מיין ברודער קיין אסקאלא, זעהן, אויב דיא פראנ־צייזישע שיף איז שוין אנגעקומען.

— זעהסט דאך, אז עס איז שוין דער דריטער טאג און ער איז נאך ניטא צוריק. איך האב דיר שוין דערצעהלט, וויא מען פערפאלגט מיך, האט מאדזיני ווייטער גע־זאגט. ענגלאנד האט צוגעזאגט פינף הונדערט פונט סטערלינג דעם מענשען, וועלכער וועט מיך ברענגען טויטט אדער לעבעדיג. עסטעררייך האט געזעצט אויף מיין קאפ א פרייז פון צעהן טויזענד גולדען. דער הייליגער פאטער אין רוים, דער פאפסט, האט צוגעזאגט צעהן טויזענד סקודו (פראנק) ווער עס וועט מיך חאפען. מען זוכט מיך איבעראל, מען שפירט מיר נאך, מען יאגט מיך ארום, וויא א ווילדע חיה. און פאר וואס? וואס האב איך פערבראכען? — איך וויל בעפרייען מיין ארימעס, אונגליקליכעס פאטערלאנד, מיין ליעבעס, טהייערעס איטאליען.

— וואס האט אבער ענגלאנד צו דיר? האט דער וירטה געפרעגט.

— איך בין ארומגעפאהרען אין דיא יאנישע אינזלען און האב ערקלערט דיא בויערן, אז זיי זאלען פון זיך אראפוואַרפען דעם יאך פון ענגלאנד. זיי זיינען איטאליענער און דארפען ניט בייגען זייער קאפ פאר דיא שלעכטע, געלדזוכטיגע ענגלענדער, וועלבע האבען נור איין גאָט — דעם פונט סטערלינג און איין וואונש — אפצונעהמען דיא גאנ־צע וועלט.

— דיא ענגלענדער זיינען אויך דיינע געפעהרליכסטע פיינד, האט דער וירטה געזאגט. זיי וועלען ניט שווייגען, ביז זיי וועלען דיך האבען אין זייערע הענד. איך קען זיי שוין גוט, זייט מיר האבען זיך געשלאגען געגען זיי אין דיא גאסען פון רוים. גע־דענקסט דוא עס, דשוזעפע?

— איך געדענק עס זעהר גוט און איך האב ווירקליך פאר זיי מורא, מעהר וויא פאר אלעמען.

— ביי מיר ביסט דוא זיכער. דיא איטאליענישע בויערן וועלען דיך אויף קיין פאל ניט אויסגעבען.

— אבער וואס וועט דאס ענדע זיין? איך קען דאך דא לאנג ניט בלייבען. איך מוז אוועקפאהרען. איך מוז ענדיגען מיין ווערק. — איך מוז בעפרייען איטאליען.

— וואוהין ווילסט דוא פאהרען? האט דער וירטה געפרעגט.

— איך וואלט בעסער פאהרען קיין רוסלאנד דארט האב איך א פריינד, מיכאאיל באקונין, אויף וועלכען איך קען מיך פערלאזען. קיין רוסלאנד אבער מוז איך פאהרען איבער עסטעררייך. דאס איז יעצט אונמעגליך. איך מוז דאהער פאהרען קיין פראנקרייך. דער קייסער נאפאָלעאָן III האט מיר פערשפּראָכען מיך צו שיצען —

ער האט ניט געענדיגט זיין רעדע, ווייל אין דיעזע מינוט האט מען געהערט אין דרויסען הויכע שטימען פון פיעלע מענשען. דער ווירטה איז געוואָרען בלייך, וויא קאלך און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— געה אריין אין מיין צימער און שפּרינג ארויס פון'ם פענסטער, האט ער זיך געבעטען. איך בין פערלארען, ווען מען וועט דיך טרעפען ביי מיר.

מאדזיני האט זיך אויפגעהויבען גאנץ רוהיג און איז צוגעגאנגען צום פענסטער זעהן, וואס דארט איז. ער האט זיך צוגעקוקט א פּאר סעקונדען און האט געזאגט קאלטבליטיג.

— מיר ווייזט אויס, אז דאס זיינען איינפאכע רייזענדע, פרעמדע, פאר וועלכע איך האב ניט וואס מורא צו האבען. איך וויל אבער דיר צוליעב טהאן און אריינגעהן אין דיין צימער. ארויסצושפּרינגען פון'ם פענסטער וועל איך נאך שטענדיג האבען צייט.

— היי! ווירטה! איטאליאנאָ! האט מען דערווייל געשריען אין דרויסען. קום נור ארויס און זאג אונז, וואו מיר זאלען אריינפיהרען אונזערע פערד!

דער ווירטה איז ארויסגעגאנגען צו דיא געסט און האט זיך באלד בערוהיגט. דאס איז ווירקליך געווען א פּארטיע רייזענדע, וועלכע האבען געדונגען איטאליענישע בויערן, זיי זאלען זיי פיהרען דורך דיא בערג. אין דער צייט, וואס דער ווירטה האט גערעדט מיט זיינע געסט אין דרויסען און האט זיי געוויעזען, וואוהין אריינצופיהרען זייערע פערד, איז איינער פון דיא רייזענדע, דער עלטערער פון זיי, אריינגעגאנגען אין דער אָסטעריא. ער איז געווען זעהר מיעד פון דער רייזע און פון דער היץ. מאדזיני איז אריינגעגאנגען אין דעם אנדערן צימער. ער האט אבער ניט פערמאכט דיא טהיר און קוים האט ער דערזעהן דעם פרעמדען, איז ער צו איהם ארויסגעגאנגען.

דער פרעמדער האט איהם בעגריסט אויף איטאליעניש און האט איהם עפּעס געוואָלט בעטען. ווען ער האט זיך אבער צו איהם נעהענטער צוגעקוקט, האט ער אויס־גערופען ערשטוינט

— ווען זעה איך? מאדזיני! איהר זייט עס? האב איך ניט קיין טעות? נארען מיך מיינע אויגען ניט אָפּ? איהר זייט נאך אלץ דא, אין דיעזעם אונגליקליכט לאנד? איך האב געמיינט, אז איהר זייט שוין ערגעץ ווייט, ווייט פון דאנען. איך האב געלעזען אין דיא צייטונגען, אז מען האט געזעצט א הויכען פּרייז אויף אייער קאָפּ.

מאדזיני איז צוגעקומען צום פרעמדען און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— אלזא, זיינען מיר נאך גוטע פריינד, האט ער אויסגערופען. טראָצדעם וואס איהר זייט אן ענגלענדער און דיא ענגלישע רעגיערונג פערפאָלגט מיך? אייער אָנקעל, לאָרד האווארד, האט צוגעזאגט פינף הונדערט פונט סטערלינג יעדען, ווער עס וועט מיך ברענגען טויט אדער לעבעדיג.

— ליעבער פריינד, האט דער פרעמדער געענטפערט, וואס געהט מיך אן דיא רעגיערונג. איך אכטע און שעץ יעדען עהרליכען מענשען, ער מעג זיך האבען, וואס פאר א מיינונגען ער וויל. מיר זיינען געווען גוטע פריינד, ווען איך האב געוואָינט מיט מיין פאטער אין רוים. מיר האבען צוזאמען געלערנט, צוזאמען שפּאַציערט, צוזאמען געגעסען און געטרונקען. מיר וועלען אייביג זיין גוטע פריינד. — דערצעהל מיר ליעבער,

וויא קומט עס, וואס דוא ביסט נאך ניט אנטלאפען פון דאנען, וואו דוא ביסט יעדע מינוט אין געפאהר?

— איך האב נור איין וועג צו אנטלויפען, קיין פראנקרייך. איך ווארט אויף א פראנצויזישע שיף, וועלכע דארף צוקומען אין דעם קליינעם פארט פון אסקאלא. אין אנאנדער פארט האב איך מורא מיך צו ווייזען, ווייל איטאליענישע, ענגלישע און עסטערייכישע שפיאָנען זוכען מיך אומעדום.

דער פרעמדער האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט געקוקט אויף איהם מיטליידענד.

— ווייסט דוא וואס, פריינד מאדזיני? האט ער איהם פלוצלונג געזאגט, פאהר מיט אונז. אין אונזער געזעלשאפט ביסט דוא זיכער. קיינעם וועט עס ניט איינפאלען, אז דער גרויסער פערשווערער מאדזיני פאהרט ארום מיט ענגלענדער, וועלכע שטעהן אזוי נאהענט צו דער ענגלישער רעגיערונג.

— דוא האסט מיר נאך ניט דערצעהלט, וויא דוא קומסט אהער און מיט וואס פאר א געזעלשאפט. ווער זיינען דיינע בעגלייטער?

— דאס קען איך דיר דערצעהלען אין איינינע ווערטער. איך פאהר קיין אינדיען אלס גובערנאטאר אין באמביי. מיט מיר פאהרען פיער יונגע לייט, קינדער פון דיא גרעסטע לארדס, אלס אפיציערען אין דער ארמעע אין אינדיען. איך בין פערלאָבט מיט מיס מארגארעטא גרענוויל, — דיא טאָכטער פון'ם ענגלישען קאָנסול אין רוים. — דוא קענסט זיא. מיר פלעגען אָפט קומען צו איהר פאטער. —

מאדזיני האט א ציטער געטהאָן, ווען ער האט דערהערט דעם נאמען מאר־נארעטא גרענוויל. דער פרעמדער האט עס אבער ניט בעמערקט, ווייל אין דיעזע מינוטע האט ער דערהערט דיא פרעהליכע שטימען פון זיינע יונגע קאמעראדען, וועלכע האבען אונטערדעסען בעזאָרגט דיא פערד און זיינען יעצט געגאנגען צו דער אסטעריא.

— איך מוז דיך פארשטעלען פאר זיי אונטער אנאנדער נאמען, האט ער קוים ציים געהאט ארויסצוזאגען.

פיער יונגע לייט זיינען ארייננעקומען מיט א ליארם און מיט א געלעכטער אין צימער. די זיינען אבער באלד שטיל געוואָרען, ווען זיי האבען דערזעהן, אז זייער עלטערער קאמעראד זיצט אזוי ערנסט און רעדט מיט א פרעמדען העררן. דער פרעמדער האט זיך אויפגעהויבען און האט זיי געזאגט:

— זעהט איהר, קינדער, אז איך האב רעכט געהאט, וואס איך האב אייך געראטהען צו פאהרען דורך דיא בערג, ניט דורכ'ן גרויסען טראקט. דער צופאל האט מיך צוזאמען געפיהרט מיט מיינעם אן אלטען בעקאנטען און גוטען פריינד, גראף דע מאָנטעבעללא.

ער האט זיך יעצט געווענדעט צו מאדזיני און האט איהם געזאגט:

— ערלויבען זיא מיר גראף, אייך פארצושטעלען מיינע יונגע פריינד. סער סטיוארד סאנדערס, ליעטענאנט אין 34סטען קאוואלעריע רעגימענט, סער פאָנד, א געשוועסטער קינד פון גענעראל וואלסליי, יונג פלינטאן און דשיימס ווארד, וועלכע האבען ערשט בעקומען א פאטענט אויף אפיציער.

מאדזיני האט יעדען נעגעבען דיא האנד און אזוי וויא ער האט גערעדט זעהר גוט ענגליש, האט זיך באלד אנגעהויבען א געשפרעך איבער פערשיעדענע נייאיגקייטען. דער ווירטה איז געווען גליקליך, ווען ער האט געזעהן, וויא פריינדליך אלע זיינע געסט פלוידערן צוזאמען. ער האט געבראכט וויין, קעז און שווארץ ברויט — אלעס וואס ער האט געהאט אין זיין ארימער קרעטשמע.

ווען דיא יונגע לייט האבען אפגעגעסען און אפגעטרונקען, און האבען געוואָלט זיך צולעגען אפרוהען אין דיא הייסע שטונדען פון מיטאג, האט זיי דער ווירטה ארויס־געפיהרט אין דרויסען אין וועלדעל לעבען דער אָסטעריא.

— קיין בעסערעס געלעגער האב איך ניט פאר אייך, האט ער זיך ענטשולדיגט, אין דער אָסטעריא איז ענג און הייס. דא איז קיהל און פריי.

אין דער צייט, ווען דיא יונגע לייט האבען זיך אויסגעשטרעקט אויפ'ן גראז און האבען גערויכט זייערע ציגארען, איז מאדזיני געזעסען מיט זיין פריינד, סער ברייטאן הערעספאָרד און האט מיט איהם גערעדט איבער דעם צוועק פון זיין רייזע.

— איך בין פערלאָבט מיט מיס מארגארעטא גרענוויל, האט דער ענגלענדער דערצעהלט. מיר וועלען באלד הייראטהען און אוועקפאהרען צוזאמען מיט דיא פיער יונגע לייט קיין אינדיען. מיס גרענוויל איז אבער אין דער לעצטער צייט ניט געזונד און דיא דאקטוירים אין רוים האבען איהר געהייסען זיך באדען אין מעער. ניט ווייט פון אסקאלא האט איהר אָנקעל, לאָרד באנקראפט, א ווילא (דאטשא) ביים מעער וויא איז געפאהרען צו איהם. עס איז שוין דער דריטער מאנאט, אז זיא איז ביי איהם און האט געשריעבען, אז זיא פיהלט זיך שוין בעסער. איך האב אנפאנגס געוואלט פאהרען אליין, זיא אָפנעהמען; דיא יונגע לייט אבער האבען מיך אנגעהויבען צו בעטען, זיי ווילען זעהן דיא איטאליענישע בערג, דיא אפעניגען. איך האב זיי געמוזט מיטנעהמען. ווען איך פאהר אליין, וואלט איך געפאהרען מיט'ן גרויסען טראקט און וואָלט מיך אין ערגעץ ניט אָפגעשטעלט. זיי ווילען אבער זעהן דיא בערג, האבען מיר אין שטעדטעל פאלינאָ געדונגען עטליכע איטאליענישע בויערן, זיי זאלען אונז פיהרען דורך דיא בערג ביז אסקאלא.

מאדזיני איז געזעסען פערטראכט און טרויעריג. פון צייט צו צייט האט ער וויא א ציטער געטהאן.

— איך בין חעכסט צופריעדען, וואס איך בין געפאהרען דורך דיא בערג, האט סער הערעספאָרד ווייטער געזאגט, איך וועל מיך שעצען גליקליך צו וויסען, אז איידער איך האב פערלאזען אייראפא, איז עס מיר געלונגען צו רעטען דאס לעבען פון מיין יונגען פריינד.

ביסט דוא דען זיכער, אז דוא וועסט מיך רעטען? האט מאדזיני געפרעגט.

— איך בין זיכער, אז קיינער וועט ניט וואגען אויפצוהאלטען א פארטיע ענגלענדער, צווישען וועלכע עס געפינט זיך סער הערעספאָרד, דער צוקינפטיגע גובער־נאטאר פון באָמביי.

— איך דאנק דיר, פריינד און פערלאז מיך אויף דיר. איך קען דיך פון קינדווייס אן, און וויים, וויא עהרליך און טריי דוא ביסט. איך מוז דיר נאך עפעס זאגען. אין

איטאליען זיינען דיא וועגען ניט זיכער. עס האלטען זיך אויף פיעלע רויבער אין דיא בערג, וועלכע פאלען א מאל אן אויף רייזענדע זאגאר אין מיטען העלען טאג.

— זייט וועז ביסט דוא געוואָרען אזוי איבערגעשראָקען, אלטער פריינד? האט דער ענגלענדער געלאכט. זיי רוהיג! מיר זיינען פינף גוט בעוואפענט. מיר האבען מיט זיך פינף דיענער, וועלכע האבען אויך רעוואָלווערס, זיינען מיר שוין צעהן מענשען מיט געוועהר. דוא וועסט זיין דער עלפטער. מיר האבען נאך צוויי איטאַליענישע בויערן און א יונגע, וועלכע וויזען אונז דעם וועג און פיהרען אונזער באגאזש. מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען.

— איך וואלט דיר דאך געראטהען, דוא זאלסט בעסער איבערנעכטיגען דא אין דער אָסטעריא און מאָרגען גאנץ פריה וועלען מיר פאהרען, האט מאדזיני געזאגט.

— אהה, ניין! איך קען ניט פערליערען אזוי פיעל צייט, האט דער ענגלענדער געענטפערט. מיר האבען פערלאָרען גענוג צייט אין דעם שמוציגען שטעדטעל פאָלינא, איידער מיר האבען געקראגען אונזערע פיהרער. ניין, איך מוז פאהרען.

ער האט זיך געווענדעט צום ווירטה און האט איהם געפרעגט:

— וויא ווייט איז פון דאנען ביז אסקאלא?

— צעהן מייל.

— וועלען מיר נאך קענען אנציעהען אהין ביז נאכט?

דער ווירטה האט זיך אנגעהויבען צו קראַצען אין קאָפּ.

— דיא וועגען אין דיא בערג זיינען זעהר שלעכט, האט ער געזאגט. מען קען ניט וויסען, וואס עס קען פאָרקומען. ווען איהר זאלט מיר ערלויבען ארויסצוזאגען מיין מיינונג, וואָלט איך אייך געראטהען, איהר זאלט בעסער איבערנעכטיגען ביי מיר אין דער אָסטעריא. דיא בויערן פון ארום זאגען, אז דער בעריהמטער רויבער פעפע מאמיאָני מיט זיין באנדע געפינט זיך אין דער לעצטער צייט אין דער געגענד.... זיינע מענשען זיינען געפעהרליך....

— שרעקט מיך ניט איבער, האט דער ענגלענדער ארויסגערופען שטאָלץ. מען דערצעהלט נור שרעקליכע זאכען פון דיא איטאליענישע רויבער, אין דער וואהרהייט אבער זיינען דיא איטאַליענער אלע פייגלינגע און האבען מורא פאר א פליעג אויף דער וואנד. — זאגט מיר קורץ: קענען מיר נאך ביז דיא זון וועט אונטערגעהן אנציעהען קיין אָסקאלא?

— יא, האט געענטפערט דער ווירטה מיט פערדרוס. ער האט זיך געפיהלט בעליידיגט, וואס דער ענגלענדער האט געזאגט, אז דיא איטאַליענער זיינען פייגלינגע.— ווען איהר וועט שנעל פאהרען און קיין רעגען וועט אייך ניט פערהאַפּען אויפ'ן וועג, קענט איהר נאך היינט אנציעהען קיין אסקאלא.

— אלזא, שנעל! געה, זאג דיא יונגע לייט, זיי זאלען אויפשטעהן און זאָלען זיך פאַרבערייטען אין וועג.

דער ווירטה איז ארויסגעגאנגען הייסען דיא פיהרער און דיא דיענער אנזאָטלען דיא פערד.

— איך וועל הייסען איינעם פון דיא דיענער זיך זעצען אויפ'ן וואגען לעבען

באנאזש און אייך געבען זיין פערד, האט דער ענגלענדער געזאגט צו זיין פריינד, מאדזיני.

— זארגט אייך ניט פאר מיר, האט מאדזיני געענטפערט. איך האב א קליין פערדעל, וועלכעס איז געוואוינט מיט דיא בערג. פאהרט איהר ארויס, איך וועל אייך באלד אניאגנען.

אין אייניגע מינוט ארום איז אלעס געווען פערטיג צו דער רייזע. דיא ענגלענדער זיינען אוועקגעפאהרען. מאדזיני האט ארויסגענומען אייניגע גאלדענע מטבעות און האט זיי אניעדער געלעגט ביים ווירטה אויפ'ן קישען. ער האט געוואוסט, אז דער ווירטה וועט ביי איהם קיין געלד ניט נעהמען. זיי זיינען אלטע גוטע פריינד און האבען ניט איינמאהל געקעמפפט איינער לעבען אנדערן אין דיא פיעלע רעוואלוציאנען, וועלכע זיינען דאמאלס פארגעקומען אין איטאליען. דער ווירטה וואלט ביי איהם קיין געלד ניט גענומען. מאדזיני אבער האט איהם געוואלט בעצאהלען. ער האט דאהער אניעדער געלעגט דאס געלד אויפ'ן קישען און איז ארויסגעגאנגען. אין דרויסען איז געשטאנען דער ווירטה מיט זיין פערד.

— זיי געזונד, טרייער פריינד, האט איהם מאדזיני געזאגט. ווער ווייס, אויב מיר וועלען זיך נאך א מאל ווידער זעהן? איך דאנק דיר פאר דיין טרייהייט און פאר אלעס, וואס דוא האסט געטהאן פאר מיר אין דער לעצטער צייט. מעגליך, אז איך וועל א מאל זיין אים שטאנד דיר בעסער צו בעדאנקען. דערווייל נעהם דעם דאנק דורך ווערטער פון א מענשען, וועלכען מען יאגט און מען טרייבט ארויס פון זיין פאטערלאנד.

אויפ'ן אייגפאבען, עהרליכען געזיכט פונ'ם ווירטה האבען זיך געוויזען טרערען. מאדזיני איז געווען גערירט. ער האט ארומגענומען זיין אלטען פריינד נאך א מאל און האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד. אין אייניגע מינוטען ארום האט ער אנגעיאגט דיא ענגלענדער און איז געריטען לעבען סער ברייטאן הערעספארד. זיי האבען גערעדט און דערצעהלט איינער דעם אנדערן, וואס עס האט מיט זיי פאסירט, זייט זיי האבען זיך ניט געזעהן. זיי האבען גערעדט איבער פאליטיק, איבער זייערע פריינד אין רוים און נעאפאל, איבער זייערע בעקאנטע אין פערשיעדענע ערטער. אזוי איז דיא צייט פערגאנגען זעהר שנעל. עס איז געווארען שפעט, דיא זון האט אנגעהויבען אונטער צוגעהן. ערשט יעצט האט זיך מאדזיני אומגעקוקט, וואו זיי זיינען ערגעץ. צווישען דער אסטעריא און דער שטאדט אסקאלא איז געווען א דערפעל איזאלא. נאך מאדזיני'ס רעכנונג האבען זיי שוין לאנג געדארפט אריבערפאהרען איזאלא. וויא קומט עס, וואס זיי פאהרען שוין אזוי לאנג און האבען נאך קיין מענשען, קיין הויז, קיין דערפעל ניט געזעהן? מאדזיני איז געווארען אונרוהיג. ער האט ניט געוואלט זאגען דעם ענגלענדער, ביז ער וועט זיך איבערצייגען, וואס דאס איז.

ער האט ארויסגענומען א ציגאר און איז פאראוס געפאהרען צום פיהרער, בעטען ביי איהם פייער. ערשט יעצט האט ער זיך צוגעקוקט צום פיהרער, זיין געזיכט איז איהם ניט געפעלען. דאס איז געווען א גראבעס, ווילדעס און בייזעס געזיכט מיט א רויטען שראם פונ'ם לינקען אויער ביז צום מויל.

— וויא וויים איז נאך קיין אסקאלא? האט מאדזיני געפרעגט
— דריי מייל.
— זיינען מיר שוין דורכגעפאהרען דאס דערפעל איזאלא?
— שוין לאנג, האט דער פיהרער געענטפערט.
— איך האב עס דאך ניט געזעהן?
— איך האב גענומען אנאנדער וועג, א בעסערן. דער וועג דורך איזאלא איז זעהר שלעכט און שטיינעריג.

מאדזיני האט געזעהן, אז דער פיהרער זאגט א ליגען. דער וועג פון איזאלא איז דער בעסטער און דער זיכערסטער. ער האט זיך געשטעלט אויפ'ן זאטעל פון זיין פערד און האט זיך ארומגעקוקט. ער האט געוואוסט, אז פון דעם ארט, וואו זיי געפינען זיך, דארף מען קענען זעהן דאס מעער. דריי איטאליענישע מייל זיינען קוים צוויי ענגלישע מייל. וויא ערשטוינט איז ער דאהער געוועזן, ווען ער האט געזעהן ארום זיך נור בערג און בערג.

— וויא הייסט דוא פריינד? האט ער געפרעגט דעם פיהרער.
— אנטאניא פעסקארע פון פאלינא.
— קענסט דוא גוט דעם וועג?
— געוויס! איך פאהר שוין פופצעהן יאהר אויף דיזען וועג און קען איהם אזוי גוט, וויא מיינע צעהן פינגער.

מאדזיני האט געזעהן, אז ער זאגט ווייטער א ליגען. זיין פריינד, דער ווירטה פון דער אסטעריא האט איהם געזאגט, אז ער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן און קען איהם ניט. ער איז צוגעריטען צום ענגלענדער און האט איהם געזאגט:

— עס טהוט מיר לייד, דיר צו זאגען א טרויעריגע נאכריכט. דיין פיהרער נאַרט פעלט מיר ניט. אנשטאט צו פיהרען אונז רעכטס צום מעער, האט ער אונז פערפיהרט לינקס אין דיא בערג. מיין מיינונג איז, מיר זאלען איהם בינדען און איהם צווינגען, ער זאל אונז פיהרען צוריק. מיר מוזען עס טהאן זא שנעל, וויא מעגליך, וויל זעהסט דוא דארט דעם וואלקען? מיר וועלען באלד האבען א רעגען.

דער שטאלצער ענגלענדער האט אנפאנגס ניט געוואלט וויסען דערפון. דער פאליצייסטער פונ'ם שטעדטעל פאלינא האט איהם אליין רעקאמאנדירט דעם פיהרער פעסקארע אלס אן עהרליכען מאן. מאדזיני אבער האט אזוי לאנג גערעדט און האט געבראכט אזוי פיעל בעווייזע, אז פעסקארע האט זיי פערפיהרט און דיא בערג און האט עפעס שלעכטעס אין זינען, אז ער האט געמוזט נאכגעבען. ער איז צוגעפאהרען צום פיהרער און האט איהם געזאגט:

— מיינע פריינדע געפינען, אז דוא קענסט ניט דעם וועג און אזוי וויא דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואלקען און עס וועט באלד אויסברעכען א שטורם, האבען מיר בעשלאסען צו פאהרען צוריק צו דער אסטעריא, וואו מיר האבען זיך היינט ביי טאג אפגערוהט.

דער פיהרער האט פערביסען מיט דיא ליפען און האט געווארפען א בייזען בליק אויף מאדזיני.

— ווען איהר ווייסט בעסער דעם וועג פון מיר, האט ער געזאגט פערביסען, מעגט איהר זיך אליין פאהרען, וואוהין איהר ווילט.

— איך האב דיך געדונגען, דוא זאלסט מיך פיהרען קיין אסקאלא, האט דער ענגלענדער אויסגערופען שטאלץ. איך הייס דיר, דוא זאלסט באלד אויסדרעהען דיא פערד און פאהרען צוריק.

— איך און מיינע קאמעראדען פאהרען ניט צוריק! האט פעסקארע געענטפערט ענטשלאסען.

דערביי האט ער אריינגעלעגט צוויי פינגער אין מויל און האט געגעבען א שטארקען פייף, וועלכער האט אפגעהילכט אין דיא בערג. דיא פערד האבען אויפגע־שטעלט דיא אויערן, גלייך וויא זיי וואלטען דערקענט א געוויסען צייכען, און זיינען ווייטער געגאנגען. פעסקארע'ס קאמעראדען זיינען אויך געגאנגען ווייטער. אבער נאך שנעלער און נאך מוטהיגער, וויא פריהער. יעצט האט זיך שוין דער ענגלענדער איבער־צייגט, אז דא איז עפּעס ניט גלאט. ער איז דא אריינגעפאלען זעהר מיאוס. ער האט געוואלט ווייזען, אז ער איז אן ענגלענדער און א צוקינפטיגער גובערנאטאר פון באמביי. ער איז צונעפאהרען צו פיהרער, האט איהם אנגעהאפּט ביים קאלנער מיט אן אייזער־נער האנד און האט אויסגערופען.

— שטעה! דוא טויגעניכטס! דוא ווילסט ניט צוריקפאהרען מיט גוטען? נו, וועל איך דיר ווייזען, אז דוא ועסט צוריקפאהרען מיט בייזען.

דערביי האט ער זיך א חאפּ געטהאן צום גארטעל, וואו עס האבען ארויסגע־שמעקט א פּאר געלאַדענע רעוואלווערס.

— לאסט מיך אפּ! האט געשריען פעסקארע, אַדער —

א שארפער סטילעט (אזא מין שפּיז) האט געבליצט ביי איהם אין דער האנד.

— סאנדערס, סטעפען, הענרי! האט גערופען דער ענגלענדער. שנעל אהער! בינדעט דיעזען טויגעניכטס!

מיט איין רוק האט זיך דער איטאליענער אויסגעריסען פון איהם. דער ענגלענ־דער האט געפיהלט א שטאך אין דער לינקער האנד. וויא פון א שארפען, שפּיצינען מעסער.

— מאלאַדעטא בעסטיא! (פערפלוכטעס טהיער) האט דער איטאליענער אויס־גערופען און איז אראפּגעשפּרונגען, וויא א קאץ, פון'ם וועג אין א טיעפען טאהל צווי־שען געדיכטע ביימלעך.

באלד האט מען געהערט ווידער א שרעקליכען לאנגען פייף. פון דיא בערג ארום האט מען געענטפערט עבענפאלס מיט א פייף. איידער מען האט זיך אומגעקוקט, זיינען פעסקארע'ס בעגלייטער פערשוואונדען. מאדזיני איז ארויפגעקלעטערט אויף א שטיין, זעהן, וואו דער רויבער איז אהין געקומען, און האט איהם דערזעהן פון דער אנדערער זייט טהאל. מאדזיני האט אויסגעשאסען זיינע רעוואלווערס אויף איהם. א ווילדע־, בייזער געלעכטער איז געווען דיא אנטווארט אויף זיין שיעסען.

יעצט ערשט האבען אלע איינגעזעהן, אין וואס פאר א געפעהרליכער לאגע זיי געפינען זיך. דער הימעל איז געווארען בעדעקט מיט שווערע, בלייענע, שווארצע וואָל־

קען. פון'ם מעער האט געבלאזען א שטארקער ווינט. עס האט אנגעהויבען צו דונערן און שרעקליכע בליצען האבען געשפאלטען דעם הימעל אין אלע זייטען.

— צוריקפאהרען קענען מיר יעצט ניט, האט דער גראף דע מאנטעבעללא (מאדזיני) געזאגט. עס איז דייטליך, אז מען האט אונז געוואלט פערפיהרען אין דיא בערג אום אונז צו בערויבען אדער צו פארדערן פון אונזערע פאמיליען אויסקויפגעלד. געוויס איז פעסקארע ניט אליין. ער האט געוויס א גאנצע באנדע ארום זיך. ווען מיר פאהרען צוריק, וועלען זיי אונז אנפאלען אויפ'ן וועג. און ווען מיר קומען זאגאר צוריק אין דער אסטעריא, זיינען מיר דארט אויך ניט זיכער. דיא אסטעריא איז אלט און קוים וואס זיא האלט זיך. זיא קען אונז ניט שיצען. מיין מיינונג איז, מיר זאלען זיך נעהמען רעכטס און אויסזוכען א וועג, וועלכער פיהרט צום מעער, פיעללייכט וועלען מיר טרעפען א דארף אדער א וויללא, וואו מיר זאלען זיך שיצען. מיר קענען נאך עפּעס טהאן. מיר וועלען דא איבערלאָזען דעם וואגען: מיט א וואגען איז שווער צו פאהרען אין דיא בערג. דעם באגאזש וועלען מיר נעהמען צו זיך אויף דיא פערד. דיא רויבער, וועלען מיינען, אז מיר זיינען צוריקגעפאהרען און וועלען אונז נאכ־יאָגען אויפ'ן וועג צוריק. דער ווייל וועלען מיר רייטען אלץ ווייטער, אלץ נעהנטער צום מעער.

אלע זיינען געוועז איינפערשטאנדען מיט'ן גראף דע מאנטעבעללא. וואס דען האבען זיי געקענט טהאן אין אזא פערצווייפעלטע לאגע? מען האט באלד צוהאקט דעם וואָגען. יעדער האט גענומען זיין בינטעל צו זיך אויפ'ן פערד. דאן האבען זיי איבערגעקוקט זייערע רעוואָלווערס און זייער פּאָרראַטה (זאפּאס) פון פולווער און קו־געלן און מען האט זיך געלאָזט אין וועג, וואוהין מאדזיני, אדער דער גראף דע מאנ־טעבעללא, האט זיי געפיהרט.

לאנגזאם און פאָרזיכטיג זיינען זיי געפאהרען ווייטער. קיינער האט ניט גערעדט קיין וואָרט. יעדער האט געזעהן, אז זיי געפינען זיך אין א פערצווייפעלטער לאגע. עס האט אנגעהויבען צו רעגענען. דער ווינט איז געווארען נאך שטארקער. דער דונערען האט גאר ניט געוואָלט אויפהערן. דיא שרעקליכע בליצען האבען פון מינוט צו מינוט בעלייכטעט דיא געגענד און זיי געוויעזען, אז זיי געפינען זיך אין א וואלד. וויא שלעכט דאס וועטער איז געוועז, זיינען זיי דאך ניט געבליעבען שטעהן און זיינען ווייטער גע־פאהרען. זיי זיינען זאגאר געוועזן צופריעדען מיט'ן רעגען. ער וועט צוטרייבען דיא רויבער. אין דער פינסטער און אין אזא שלעכטעס וועטער וועלען דיא רויבער זיי ניט נאכיאגען.

זיי זיינען אזוי געפאהרען א פאר שטונדען, ווען איינער פון דיא דיענער האט אויסגערופען מיט פרייד:

— פייער! איך זעה א ליכט ברענען! דאס איז א הויז, א שלאס, אדער א וויללא! מיר זיינען גערעטעט!

ער האט געוואָלט לויפען זעהן, וואס דאָרט איז. דער פאלשער גראף אבער האט איהם צוריקגעהאלטען. ער האט געוואוסט, וויא פאָרזיכטיג מען מוז זיין אין דיא בערג אין איטאַליען.

— לאז מיר, איך וועל צו פאהרען א הין פאַרויס. איך בין בעסער בעקאַנט מיט דיא איטאַליענישע בערג און רעד בעסער איטאַליעניש פון אייך. איהר בלייבט דערווייל דאַ אין וואלד, ביז איך וועל צוריק קומען און אייך זאגען, וואס איהר זאָלט טהאָן.

ער האט ניט געוואַרט אויף קיין אנטוואָרט, האט געגעבען זיין פערד דיא שפּאָרען און איז געלאָפען צום אָרט, פון וואנען דאס פייער האט זיך געוויעזען. ער איז צוגעקומען צו א גרויסען הויף מיט א שטיינערנע מויער ארום. אין דער־מיט הויף איז געשטאַנען א הויז אדער א שלאָס, דאס האט ער אין דער פינסטער ניט געקענט זעהן. ער האט נור אזוי פיעל געזעהן, אז עס איז הויך און אויפ'ן אויבערשטען עטאַזש ברענט א ליכט אין פענסטער. ער איז ארומגעפאהרען דיא מויער און איז צוגעקומען צו א טויער. אין דער לאַגע, אין וועלכער זיי האבען זיך געפונען, קען אזא מויער און אזא פעסטעס הויז זיי געוויס רעטען. ער האט דאהער ניט לאנג געטראכט און האט אנגעהויבען צו קלאַפּען אין טויער. אין'ם אונטערסטען עטאַזש האט זיך געעפענט א פענסטעריל און אן אלטע, ציטערנדע שטימע האט געפרעגט:

— ווער קלאפּט דאָרט? איז עס איינער פון אונז?

— געוויס! האט מאַדזיני געענטפערט. עפען אויף. זאג מיר, ביסט דוא אליין?

— הייליגע מוטער גאָטעס! האט דיא אלטע שטימע געזאגט. געוויס בין איך אליין מיט טהערעזא. איך בין שוין געווען אונרוהיג, וואס איהר זאַמט זיך אזוי לאנג אין אזא שרעקליכעס וועטער. וואַרט א ווייל. איך עפען דיר באלד אויף.

דאס ליכט אין פענסטער איז באלד פערשוואונדען. אין הויף האט מען געהערט דאס הוסטען און קרעכצען פון אן אלטען מענשען. באלד האט זיך געעפענט א טהירעל אין שווערן טויער און א קליינער, איינגעהויקערטער אלטער מאַן איז געשטאַנען מיט א לאַנטערנע אין טהירעל. קוים אבער האט ער דערזעהן דעם פרעמדען, איז ער אָפּגעשפּרונגען און האט געוואלט צוריק פערמאַכען דאס טהירעל.

— הייליגע מוטער גאָטעס! האט ער אויסגערופען. ווער זייט איהר? וואס ווילט איהר? פאר וואס זאָלט איהר בעאונרוהיגען, אזא אלטען, שוואַכען מאַן, וויא איך בין?

ער האט שוין געוואָלט צומאַכען דאס טהירעל, ווען מאַדזיני האט ארייַנגעשטעקט זיינע צוויי רעוואָלווערס אין טהיר.

— אלטער מאַן, האט ער איהם געזאגט, זייט ניט אזוי בייז. דאס וועטער איז זעהר שלעכט. עס גיעסט, וויא פון עמערס. לאָזט מיך איבערנעכטיגען ביי אייך. איהר ווייסט דאך, אז דיא נויט ברעכט אייזען. איך קען ניט בלייבען אין אזא גוס רעגען אין ווילדען וואלד.

— ביי מיר איז ניט קיין גאַסט־הויז, האט דער אלטער מאַן ווייטער געזאגט און האט זיך בעמיהט צו פערמאַכען דאס טהירעל. געהט אייך, מיין ליעבער הערר, איך בין זעהר ארים און האב אייך ניט וואס צו געבען.

— אבער אלטער מאַן, האט מאַדזיני איהם געענטפערט. איך בין ניט אליין.

איך האב מיט מיר א גאנצע פארטיע ענגלענדער, וועלכע וועלען דיר גוט בעצאהלען פאר אלעס, וואס דוא וועסט זיי געבען.

— אינגלעזי? (ענגלענדער?) האט דער אלטער מאן געזאגט מיט א פריינדליכערע שטימע. דיא אינגלעזי האבען שטענדיג מיט זיך פיעל רויטע גאלד שטיקע און מיט דער הילף פון גאט און זיינע הייליגע מוטער וועלען מיר אויך אראפפאלען א פאר־שטיקער גאלד. ענטשולדיגט מיר, פרעמדער, וואס איך האב אייך ניט געוואלט אריינ־לאזען. איך בין זעהר ארים און ווען איך וועל אייך אוועקגעבען מיין לעצטעס שטיקעל קעז מיט ברויט, וועל איך מארגען ניט האבען וואס צו עסען. דיא אינגלעזי, אבער ווילען גוט בעצאהלען און איך וועל מיר פיעללייכט קענען קויפען נאך א ציגע. נעהמט, פרעמדער, רופט אייערע פריינדע, עס איז דא אין הויף גענוג פלאץ פאר זיי און פאר זייערע פערד. אין גאנצען הויף געפינט זיך נור איך, מיין אלטע פרוי און א קליינער יונגע. איהר וועט דא קענען גאנץ רוהיג איבערנעכטיגען און מארגען וועט אייך דער יונגע וויזען דעם וועג.

מאדזיניין איז דער אלטער ניט געפעלען. ער האט זעהר גוט געקענט איטאליען און האט פערשטאנען, אז דאס איז ניט קיין פארם פון א בויער, ניט קיין שלאס פון א רייכען מאן. דאס מוז זיין איין אלטער איינגעפאלענער שלאס, אין וועלכען עס האל־טען זיך אויף קיינע ארענטליכע מענשען. אין דערזעלבער צייט אבער האט ער זיך בערעכענט, אז צעהן מענשען מיט ביקסען און מיט רעוואלווערן קענען זיך אונטער דיעזע שטארקע מויערן לייכטער פערטהיידיגען אלס אין פרייען פעלד אדער אין וואלד.

— הער נור, אלטער! האט ער איהם געזאגט, איך מוז פריהער אליין בעטראכ־טען דיין הויז. איך האב ליעב צו גלויבען נור מיינע אייגענע אויגען. איך וויל דיר נור איין זאך זאגען: ווען דוא מיינסט עס עהרליך מיט אונז, וועסט דוא עס ניט בערייען, וואס דוא נעהמסט אונז אויף. דוא וועסט קענען מארגען קויפען גאנצע דריי ציעגען.— אלזא, געה פאראויס מיט דיין לאנטערנע און וויז מיר דיין הויף און דיין הויז.

ווען עס זאל ניט געווען זיין אזוי פינסטער, וואלט מאדזיני געזעהן, וואס פאר א מיאוסע גרימאסע דער אלטער האט געמאכט.

— קוממט, פריינד, האט ער געזאגט צו מאדזיני, איך וועל אייך אלעס אויסוויי־זען. מיין הויז איז זיכער. אין דער גאנצער געגענד קענט איהר ניט געפינען קיין בעסערעס און קיין זיכערעס הויז, וואו איבערצונעכטיגען. איך שווער אייך ביים הייליגען פעטער און ביים הייליגען פאול, אז איך מיין עס גאנץ עהרליך מיט אייך. אזא אלטען מאן, וויא איך, מעגט איהר גלויבען אויפ'ן ווארט, אהן א שבועה.

ער האט איהם אריינגעפיהרט אין הויף און האט איהם געוויעזען א גוטען שטאל פאר דיא פערד, דאן האט ער איהם אריינגעפיהרט אין הויז. דער אונטערסטע עטאזש איז געווען א גרויסעס, הויכעס צימער. דאס האט יעצט געדיענט אלס קיך. אין אויווען האט געברענט א פרעהליכער פייער, לעבען וועלכען עס איז געזעסען אן אלטע, אויסגע־דארטע, איינגעהויקערטע פרוי און האט געשפונען וואל. אין א ווינקעל איז געלעגען אויף א געלעגער פון בלעטער און פון גראז א אינגעל פון א יאהר צעהן — עלף. ווען דער פרעמדער איז אריינגעקוממען, האט זיך דאס אינגעל אויפגעהויבען פון זיין געלעגער

און האט איהם בעטראכט פון קאפּ ביז דיא פיס מיט א פייערינגען, פארשענדרען בליק. דערווירטה האט איהם ארויפגעפיהרט אויפ'ן צווייטען שטאק און האט איהם געוויעזען אלע צימערן. זיי זיינען געוועזען לעדיג און זעהר פערנאכלעסיגט. דאס הויז און דיא צימער האבען אויסגעוויעזען זיבער צו זיין, דער ווירטה אבער, וועלכען מאדזיני האט יעצט געקענט בעסער בעטראכטען, איז איהם שטארק ניט געפעלען. וויא אלט ער איז געוועזען, איז אויף זיין געזיכט געליגען אזא ווילדער, באַזהאפטער אויסדרוק.

— איידער איך געה רופען מיינע פריינד, האט מאדזיני געזאגט צום אלטען, וויל איך דיך פרעגען, ועמען האסט דוא ערוואַרטעט, ווען איך האב אנגעקלאפּט אין דער טהיר? דוא האסט געזאגט, אז דוא האסט גאר ניט געקענט פערשטעהן, וואס איהר האט זיך אזוי פערשפּעטיגט. געוויס, האסט דוא ועמען ערוואַרטעט.

— הייליגע מוטער גאטעס! הייליגע טערעזא! האט דער אלטער אויסגערופען. פאר וואס זאלט איהר ניט האבען קיין צוטרויען צו מיינע גרויע האר? דער קליינער בעפּא איז שוין ביי מיר דיא צווייטע וואך. זיין פאטער און זיין מוטער האבען היינט געדארפט קומען איהם אפּנעהמען. איך האב זיי ערוואַרטעט. געוויס האט זיי פערהאַפּט דער רעגען אויפ'ן וועג און זיי זיינען געבליעבען ערגעץ נעכטיגען.

מאדזיני איז ניט געוועזען שטארק צופריעדען מיט דיעזער אנטוואָרט. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז דער אלטער זאגט א ליעגען.

— ערלויבען זיא יעצט מיר איינע פראגע, גנעדיגער הערר, האט דער אלטער געזאגט מיט א פרומער, ערגעבענער מינע. וויא אזוי האט איהר געטראָפען אין מיין ארימעס, פערוואָרפענעס הויז, וועלכעס ליעגט אין דער מיט וואַלד, ווייט פון יעדען וועג.

— מיר האבען פערבלאָנזעט אין דיא בערג. אונזער פיהרער האט אונז פערפיהרט. ער האט אונז געוויס געוואָלט בערויבען, אבער מיר זיינען געוואָהר געוואָרען אין דער רעכטער צייט. ער איז אנטלאָפען און האט אונז איבערגעלאָזען אליין אין דיא בערג.

— ווייסט איהר ניט, וויא דיעזער טויגעניכטס הייסט?

— ער הייסט אנטאָניא פּאסקאַרע.

דאס אינגעל האט א שפּרונג געטהאָן, ווען דער פרעמדער האט ארויסגערעדט דעם נאמען פּאסקאַרע. דער אלטער און דיא אלטע אבער זיינען געבליעבען גאַנץ רוהיג.

— איך געה אלזא ברענגען מיינע קאמעראדען, האט מאדזיני געזאגט צום אלטען, מאכט א גוט פייער אין אויוון און גרייט עפּעס אן צו עסען.

דער אלטער מאן האט איהם צוגעלייכט מיט זיין לאַנטערנע ביז צו דער טהיר און איז באלד צוריקגעקומען. קוים איז ער אריינגעקומען און האט זיך געזעצט ביים פייער, האט דאס אינגעל אויסגערופען:

— דער פאטער אליין האט זיי פערנאַררט! דאס זיינען געוויס גאַנץ רייכע אינגלעזי, און מיר וועלען מאכען א גוטעס געשעפט.

— דוא קליינע מויז! האט זיך אויף איהם געבייזערט דער אלטער. דוא ווייסט דאך ניט, וויפיעל זיי זיינען דאָרט און ווען דיין פאטער וועט קומען מיט זיינע לייט.

איך מיין, אז עס וואָלט גלייבער געווען, מיר זאלען פערדיענען ביי דיא אינגלעזי עטליכע רויטע גאָלדשטיקע אהן געפאהר.

— וואס רעדסט דוא, אלטער נארר ? האט זיך אפגערופען דיא אלטע. זיי זיינען דאך ענגלענדער, וועלכע גלויבען ניט אין דער הייליגער טערעזא און אין דער הייליגער לארעטא. זיי איז דאך א מצוה צו טויטען. הער איהם ניט, דעם אלטען נאַרר, מיין ליעבער, גוטער בעפּאָ. דיין קלוגער און בראַווער פאטער האט זיך געוויס בעהאלטען פון'ם רעגען אין דער קירכע פון'ם הייליגען לארענצא. געה, מיין טהייערער בעפּאָ, און גיב זיי צו וויסען, אז דיא אינגלעזי זיינען דא. דיין בראַווער פאטער וועט שוין וויסען וואס צו טהאן מיט זיי. איך וועל שוין זאָרגען, אז דער טויער זאל ניט בלייבען פערשלאָסען און זיי זאלען גלייך אריינקומען.

דער קליינער בעפּאָ האט גענומען א פעלץ, האט איהם איבערגעקעהרט מיט דיא האר ארויף, האט אנגעטהאן א קליין קיילעכדיג היטעלע אויפ'ן קאָפּ און האט געזאָגט :

— איך וועל זיי שוין אויסזוכען און וועל זיי ברענגען. געדענקט אביער, ליעבע מוהמע, אז מיין צייכען וועט זיין : איך וועל קארקען דריי מאל, וויא א ראָב. ווען איהר וועט דערהערן דיעזען צייכען, זאלט איהר באלד עפענען דעם טויער.

דער אלטער רויבער האט זיך אנגעהויבען צו קראַצען דעם קאָפּ.

— עס וואָלט גלייבער געווען, אז זיי זאלען ניט מאכען קיין ליארם. זיי זאלען קומען, ווען דיא אינגלעזי וועלען שלאפען. מיט א קאַלטער וואפע — מיט א מעסער אדער א סטילעט — מאכט מען דיא זאך שנעלער און עס געהט צו גאנץ שטיל. איך וועל געבען דיא אינגלעזי דעם בעסטען וויין, וואס איך האב אין קעלער. זיי וועלען זיך אנגיעסען, וויא דיא פויקען און וועלען אנטשלאפען ווערען, וויא דיא געהרגעטע. דאמאלס וועלען מיר זיי אויסשניידען, וויא דיא לעמער. — איך האב נור מורא פאר דעם, וואס איז דא געווען. ער איז ניט קיין אינגלעזי. ער רעדט איטאַליעניש, וויא מיר און, וויא עס ווייזט מיר אויס, פערשטעהט ער עפּעס.

— בא ! בא ! האט געלאכט דער קליינער בעפּא. מיין פאטער האט שוין געזעהן אזעלכע קלוגע יונגען. ער וועט איהם שוין בייקומען. — יעצט זייט געזונד, ליעבע מוהמע. פערגעסט ניט, אז מיר קומט אויך א טהייל, ווייל איך געה דאך אין אזא רעגען צו וויסען טהאן מיין פאטער.

מיט דיעזע ווערטער איז ער פערשוואונדען. וויא א קאַץ איז ער געקראָכען גאנץ שטיל צווישען דיא ביימער אין וואלד, ער האט שוין געוואוסט דעם וועג, וואו צו טרעפען זיינע קאמעראדען.

— א גאנץ גוטער יונגע, דער בעפּא ! האט דער אלטער געזאָגט. איך שווער ביי דער הייליגער פּולכעריא, אז אין צעהן יאהר ארום וועט ער איבערטרעפען זיין פאטער און וועט זיין דער ערשטער קאַפּיטאַן אין איטאַליען. —

אין דרויסען האט מען געהערט דיא טריט פון פערד. דיא ענגלענדער זיינע אנגעקומען. מאַרזיני האט זיי דערצעהלט אלעס, וואס ער האט געזעהן. ער האט זיי געזאָגט דיא גאנצע וואהרהייט, אז ער האט קיין צוטרויען צום ווירטה און צום הויז.

וואָלט ניט געווען אזא שלעכטעס וועטער, וואָלט ער אויף קיין פאל ניט געראטהען צו נעכטיגען אין דיעזעס הויז. אין זייער לאגע אבער מוז מען זיך אויף אלעס ענטשליעסען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טויער, איז דער אלטער זיי ענטגעגען געקומען מיט זיין לאנטערנע, האט זיך צעהן מאל פערנייגט פאר יעדען בעזונדער און האט זיי געבעטען אריינצוגעהן צו זיך אין הויז. מאדזיני איז יעצט געווארען זייער אנפיהרער. ער האט געזאָגט, אז דער טויער זאל באלד גוט פערשלאָסען ווערן. דיא פערד האט ער געהייסען אריינפיהרען אין שטאל און זיי געבען היי און האבער. דעם באגאזש האט ער געהייסען אראָפּנעהמען און אריינטראגען אין אונטערסטען שטאָק, וואו דיא קיך איז געווען. דיא פיער יונגע אפיציערען און דער גובערנאטאר פון באמביי האבען זיך געשטעלט ווארעמען ביים פייער. זיי זיינען געווען דורכגענעצט ביז צום העמד און האבע געציטערט פאר קעלט. באלד אבער איז סער ברייטאן הערעספאָרד ארויסגעפּאהרען צו זיין פריינד, מיט איהם נאך איבער אייניגע זאכען איבער צו רעדען. דיא יונגע לייט האבען אנגעהויבען צו שפּאסען מיט'ן אלטען פּאר פּאָלק און ווען דער אלטער האט געבראכט וויין, האבען זיי אנגעהויבען צו טרינקען שטארק און זיי וואָלטען געוויס באלד שיכור געוואָרען, ווען דער גובערנאטאר זאל ניט געווען באלד אריינקומען מיט זיין פריינד.

ער האט באלד געהייסען דיא יונגע לייט זאלען אויפהערן צו טרינקען, ווייל זיי קענען נאך היינט האבען זעהר פיעל צו טהאן. עס איז זעהר מעגליך, אז היינטיגע נאכט וועלען זיי גאר ניט שלאפען. אלענפאלס וועט איינער פון זיי מוזען שטעהן אויף דער וואך. ער האט געהייסען דיא דיענער מאכען א שטארקען טהעע. ווען מען טרינקט שטארקען טהעע, קען מען ניט שלאָפען. דיא יונגע לייט אבער האט ער געהייסען רייניגען זייערע ביקסען און זייערע רעוואָלווערס. און זעהן, אז אלע זאלען זיין שארף געלאדען.

אין א קורצע צייט ארום איז געשטאנען אויפ'ן גרויסען טיש אין קיך ברויט, קעז, מילך און בוטער. ערשט יעצט האט מאדזיני בעמערקט, אז דאס קליינע אינגעל איז ניטא אין הויז. ער האט איהם געזוכט אין הויף — ער איז אין הויף אויך ניטא. ער האט געפרעגט דיא אלטע, וואו איז אהינגעקומען דאס אינגעל?

— איך האב איהם געשיקט דא ניט וויט צו א נאכבאר קויפען מילך און פרישע בוטער אויף מארגען אויף פריהשטיק פאר דיא הערען ענגלענדער.

מאדזיני איז עס שטארק ניט געפעלען. ער האט זיך געווענדעט צום אלטען און האט איהם געזאגט שארף:

— זעהסט דוא, אלטער, דיעזען רעוואָלווער? ביים ערשטען צייכען, אז דוא האָסט אונז פערראטהען, דערשיעס איך דיך און דיא אלטע, וויא הינט.

דער אלטער און דיא אלטע האבען וויעדער געשוואָרען ביי אלע הייליגע פונ'ם קאטוילישען קאלענדאר, אז זיי זיינען עהרליכע לייט און עס איז א בעליידיגונג פאר זיי, אז מען זאל זיי גאר חושד זיין, אז זיי האבען עפּעס שלעכטעס אין זינען.

מאדזיני און דער גובערנאטאר פון באמביי האבען איינער דעם אנדערן געגעבען א ווינק, אז מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג. דיא יונגע לייט האבען אבער דעם ווינק ניט

פערשטאנען זיי האבען געגעסען און געטרונקען, גלייך וויא זיי וואָלטען געווען ביי זיך אין דער היים, און ווען דער גובערנאטאר פון באָמביי אין ארויסגעגאנגען מיט מאדזיני זעהן אויב דער טויער איז גוט פערשלאָסען, האבען זיי זיך ווייטער צו געחאַפּט צום שטארקען וויין, וואס דער אלטער האט געשטעלט אויפ'ן טיש און האבען אזוי פיעל געטרונקען, אז זיי האבען זיך געמוזט געהן לעגען שלאפען.

דער אלטער האט זיי ארויפגעפיהרט אויפ'ן צווייטען שטאָק, וואו ער האט פאר זיי געמאכט א געלעגער פון היי און דעקען. מאדזיני און סער ברייטאן הערעספאָרד האבען אָפּגערעדט, אז איינער פון זיי זאל האלטען וואך אויבען אין צווייטען שטאָק און איינער פון דיא דיענער זאל האלטען וואך אין אונטערסטען עטאזש. עס וואָלט געווים פיעל בעסער געווען, ווען איינער פון דיא יונגע אפיציערען זאל האלטען וואך אין הויף. דאס איז אבער געווען אונמעגליך. דיא יונגע לייט זיינען געווען שיכור און האבען זיך נים געקענט ריהרען.

אום עלף אוהר איז אין גאנצען הויז געווען אלעס שטיל. אלע זיינען געשלאפען, נור דער גובערנאטאר פון באָמביי איז נים געשלאפען אין צווייטען שטאָק. ער האט געהאלטען דיא וואך. פלוצלונג האט ער געהערט, וויא א ראָב האט דריי מאל אויס־געשריען: קראַק — קראַק — קראַ! א קלאפּ ערגעץ אין א פענסטער האט געענטפערט אויפ'ן געשריי פון'ם ראָב. דער ענגלענדער איז געווארען אויפמערקזאם און איז צוגע־גאנגען צום פענסטער, וועלכעס האט זיך געעפענט אין וואלד אריין.

— ווער איז דאָרט? האט געפרעגט א גאנץ שטילע שטימען. דעם ענגלענדער האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס איז דיא שטימע פון זייער אלטען ווירטה.

— דערקענסט דוא נים דיא ראָבען פון דיא בערג? האט אנאנדער שטימע געענטפערט. לאז מיך אריין, אלטער פערד, דערקענסט דוא נים דיא שטימע פון דאנילאָ פעטראָוויטש?

— פערדאמט! האט אויסגערופען דער אלטער. דער שעהנער דאנילאָ וועט מאכען אזא ליארם, אז ער וועט זיי אלע אויפוועקען. — וואַרט א וויילע, דאנילאָ! איך מוז זעהן פריהער, אויב מיינע פיינעלעך שלאפען, עס זיינען דא צווישען זיי א פאר אויגען, וועלכע קוקען מיר צו ווייט.

דער ענגלענדער האט דייטליך געהערט, וויא דער פרעמדער האט געזאגט א פאר ווערטער אויף א שפראכע, וועלכע ער האט נים פערשטאנען. ער האט פערמאכט דאס פענסטער און האט דייטליך געהערט שטילע שריטע, וויא פון א קאַץ אויף דיא טרעפּ צו זייער צימער. ער האט זיך באלד אניעדער געלעגט לעבען זיינע קאמעראדען און האט אנגעהויבען צו חראָפּען, אז דער אלטער זאל מיינען, אז אלע שלאפען געשמאק. באלד איז אויך אריינגעקומען דער אלטער מיט א בלענד־לאנטערנע אין דער האנד. ער איז שטילערהייט צוגעגאנגען צו זיינע געסט און האט לאנגזאם געעפענט דיא לאנטערנע. א שטראהל פון ליכט איז געפאלען אויף זייערע געזיכטער. — אלע זיינען געשלאפען געשמאק, ער איז לאנגזאם און שטיל, וויא א קאַץ, ארויס פון צימער, האט פערמאכט דיא טהיר און האט זיא פערריגעלט פון דרויסען.

דעם גובערנאטאר פון באָמביי הזזט אנגעהויבען צו קלאפּען דאס הערץ. ער האט יעצט גאנץ דייטליך איינגעזעהן, אז זיי זיינען אריינגעפאלען אין דיא הענד פון א רויבער באנדע. ער איז צוואר געווען זעהר מוטהיג און ענטשלאָסען צו קעמפּפען ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט. עס האט איהם אבער באנג געטהאן דאס לעבען פון פון דיא פיער בליהענדע און לעבענסלוסטינע יונגע לייט, וועלכע זיינען געשלאָפען אזוי געשמאק און האבען גאר ניט געוואוסט, וואס פאר א געפאהר עס דראָהעט זיי. ער האט אריינגעשטעקטביידע רעוואָלווערס אין גארטעל אונטער זיין ראָק און האט געוואלט שטילערהייט אראָפּגעהן זעהן, וואס עס הערט זיך אין אונטערסטען צימער. דיא טהיר איז געווען פֿערריגעלט. צום גליק, איז אין אויבערשטען שטאָק געווען נאך צוויי צימער. דער רויבער האט ניט געהאלטען פאר נייטיג צו פעררייגלען דיא טהיר פון איין צימער, ווייל ער האט פעסט גערעכענט, אז דיא ענגלענדער וועלען זיא ניט בעמערקען. שטיל און פּאָרזיכטיג איז ער דורכגעגאנגען דורך איינעם פון דיא צימער, איז אראָפּגעגאנגען פון דיא טרעפּ און איז אריינגעגאנגען אין קיך. דארט איז געווען אלעס שטיל און רוהיג, נור פון איין קעמעריל האט זיך געוויעזען א פּאָס ליכט. דער ענגלענדער איז שטילערהייט צוגעגאנגען צום קעמטריל. דארט האט ער דערהערט שטילע שטימען. ער האט צוגעלעגט דעם אויער צו דער טהיר און האט געהערט אלעס, וואס מען האט גערעדט.

— פאר וואס איז אנטאניא אליין ניט געקומען? פארוואס האט ער געשיקט א פרעמדען? האט דיא אלטע געזאגט מיט איהר בייזער, הייזעריגער שטימע.

— וואס ווייס איך? האט געענטפערט א שטארקע מענער שטימע. ער לויפט ארום אין דיא בערג צונויפזוכען זיינע קאמעראדען. ער האט מיך געשיקט, איך זאל אייך זאגען, אז ער קען ערשט זיין דא אום איינס אוהר אום צו פערזארגען דיא ענגלענדער. דער טייפעל זאל זיי האלען! זיי האבען ביי מיר צוגענומען איינע פון מיינע בעסטע קליינע שיפען.

— מיר מאבען יעצט שלעכטע געשעפטען, סיניאָר, האט דיא אלטע געזאגט. אין דער לעצטער צייט קוקט מען אויף אונז פון אלע זייטען. דיא עסטעררייבער מיט זייערע זשאנדארען און דיא איטאליענער מיט זייערע סבירען (א סארט איטאליענישע זשאנדארען) לאזען אונז, עהרליכע לייט, גאר ניט לעבען. עס איז נאך א גליק, וואס דיא היילינע מערעזא האט אונז היינט צוגעשיקט דיעזע אינגלעזי, פיעללייכט וועלען מיר פון זיי מאבען עטליכע סקודי (פראנקס). אייער געשעפט אבער געהט גוט. איהר זיים דאך א שמוגלער אויפ'ן מעער. איהר פיהרט אריין פערבאָטענע סחורות צו אונז אין לאנד און פערגעסט זיי דורכצופיהרען דורך דאס צאלאמט (טאמאזשנע). דאס דארף זיין א געשעפט אין היינטיגע צייטען. רעבענט איהר באלד וויעדער אוועקצופאהרען אויף אייער טארטינע? (א מין שיף).

— אלטער נארר! האט געזאגט דיא מענער שטימע. מיינסט דוא, אז איך וואלט געבליעבען אין אייער פערדאמטעם לאנד, ווען איך זאל ניט האבען א וויכטיגעס געשעפט דא? איך וואלט קיין מאל ניט געשלאסען קיין ברידערשאפט מיט דיין פער-

דאמטען נעפען (פלעמיאניק) ווען ער זאל מיר ניט נייטיג זיין צו מיין געשעפט. איך מוז איהם אמאל העלפען, בעזאנדערס ווען ער פאלט אן אויף ענגלענדער, ווייל איך האס דיא ענגלענדער. זיי האבען ביי מיר צוגענומען איינע פון מיינע בעסטע טארטי־נען. — ווייסט דוא ניט, אלטע, זיינען דיינע פייגעלעך פעט? איך מיין פעט מיט רויטע גאלד שטיקע.

— ווען דער בראַוועד אנטאניא אליין האט זיך ביי זיי פערדונגען אלס וועג־ווייזער, זיינען זיי געוויס זעהר פעט. אנטאניא ווייס שוין, וואס ער טהוט. איך האף, אז יעדער פון אונז וועט שוין עפּעס פערדיענען דערביי. — זאג מיר אבער, פריינד, דאנילא, וואס פאר א וויכטיגעס געשעפט האסט דוא, וואס דוא בלייבסט אזוי לאנג אין לאנד? איך וואלט אייך געהאלפען, ווען עס זאל זיין דערביי עפּעס צופערדיענען.

— שטיל, דוא אלטער נארר! דוא וועסט מיר העלפען? וואס קען אזא אלטע מיר העלפען? איך זוך דא א מענשען, וועלכער בעהאלט זיך ערגעץ אין דיא בערג. דוא וועסט איהם געוויס ניט געפינען, דוא אלטע גאנז. — עס איז אבער שפּעט, איך מוז געהן צוריק, — אדדיא! (אדיע אויף איטאליעניש.) האלט דיא פייגעל בערייט צום שלאכטען. אום איין אוהר קומען מיר אלע.

— זיי שלאפען אלע זעהר געשמאק, האט דער אלטער געזאגט. אום איינס אוהר זאלט איהר שטילערהייט צוקומען צום טויער. איך וועל אייך ארייגלאזען און איהר וועט זיי אלע אויסשניידען, וויא דיא שעפּסען. קיין האהן וועט זאגאר ניט קרעהן.

דער ענגלענדער האט דייטליך געהערט, אז א טהיר האט זיך ערגעץ געעפענט און איינער איז ארויסגעגאנגען.

— אלזא, האט ער זיך געטראכט, איז דאך דא ערגעץ נאך א געהיימע טהיר? עס וועט אונז גאר ניט העלפען, וואס דער טויער איז פערמאכט. עס העלפט ניט! ער מוז עפּעס טהאן! ער טאר ניט שווייגען!

מיט שטארקער האנד האט ער אויפגעריסען דיא טהיר פון׳ם קעמעריל, וואו דיא רויבער האבען גערעדעט און איז אהין אריינגעגאנגען מיט א געשריי:

— צו הילף, מיינע קאמעראדען! צו הילף, סטעפענס, סאנדערס, גראף דע מאנטעבעללא! צו הילף!

יעצט ערשט האט ער געזעהן, וויא אזוי דער קליינער בעפּא האט געקענט ארויס־געהן און וויא אזוי דער נייער רויבער האט געקענט אריינגעהן און קיינער זאל זיי ניט בעמערקען. אין׳ם באדען פון׳ם קעמעריל איז געוועזן א טהיר אין א קעלער. פון׳ם קעלער האט מען געקענט ארויס אין וואלד. וואהרשיינליך, האבען דיא רויבער אפגערעדט, זיי זאלען אריינקומען דורך דיעזע טהיר. אין דער מינוט, וואס דער ענגלענדער איז אריינ־געקומען, האט דער אלטער געהאלטען דיא טהיר און דער יונגער רויבער האט נור וואס געוואלט אראפּגעהן אין קעלער. קוים האט דער יונגער רויבער דערהערט דיא שטימע פון׳ם ענגלענדער, איז ער ארויסגעשפּרונגען פון קעלער, האט פערמאכט דיא טהיר און האט זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען, וויא א טיגער שפּרינגט ארויף אויף אן אָקס. דער ענגלענדער איז געוועזן א שטארקער מענש און האט זיך אנגעהויבען מיט איהם צו ראנגלען און צו רופען זיינע קאמעראדען. עס האט איהם אבער וועהר

ווייניג געהאלפען, דער יונגער רויבער האט איהם אנגעחאפט מיט זיינע צוויי אייזערנע הענד ביים האלז און האט איהם באלד אניעדער געווארפען אויף דער ערד. מיט א קניע האט ער איהם צוגעפרעסט צו דער ערד און האט שוין ארויסגענומען זיין שארפען סטילעט אום איהם אריינצושטעכען אין דער ברוסט פון'ם ענגלענדער, ווען א שטארקע, דונערנדע שטימע האט א געשריי געטהאן:

— האלט איין, דאנילא פעטראוויטש! וואס טהוסט דוא? שאנדע צו טוידטען א מענשען, וועלכער ליעגט אויף דער ערד בעזיעגט און קען זיך ניט וועהרען!

וויא א צויבער האבען דיעזע ווערטער געווירקט אויפ'ן יונגען רויבער. ער איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא ער וואלט געוועזן געמאכט אויף שפראנזינעס (שפרינגפעדערן) און האט א שליידער געטהאן דעם סטילעט אין א ווינקעל, אז עס איז געבליעבען שטעקען אין דער וואנט.

— מאדזיני! דשוזעפע מאדזיני! דוא ביסט עס? דוא רעדסט עס צו מיר? דיך זוך איך דאך שוין זייט צוויי מאנאטע!

ער האט געוואלט אננעהמען מאדזיני'ס האנד און זיא דריקען. מאדזיני אבער האט אויסגעריסען זיין האנד און האט ווייטער געזאגט מיט זיין הויכער, דאנערענדער שטימע:

— דאנילא פעטראוויטש! דער פריינד פון מיכאאיל באקונין, דאנילא פעטראַוויטש, וועלכער האט ניט איינמאל געקעמפפט אויף דיא באריקאדען פון רוים, פאריז און ווענעדיג פאר דיא פרייהייט פון אונטערדריקטע פעלקער,— דיעזער דאנילא פעטראוויטש זאל יעצט זיין א מיטהעלפער פון רויבער און מערדער? דאס קען ניט זיין! דאס פערשטעה איך ניט!

דער יונגער רויבער איז געשטאנען איבערראשט און צומישט. זיינע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין שרעקליכע פויסטען, ער האט געביסען דיא ליפען ביז אין בלוט און זיינע אויגען האבען געשפריצט פייער.

— דיאוואלאָ (טייפעל)! האט ער ענדליך אויסגערופען. אזוי מעג צו מיר רעדען נור דשוזעפע מאדזיני. ווייסט דוא דען ניט, אז איך האלט מיך דא אויף נור פון דיינעטוועגען? איך האב געמאכט בעקאנטשאפט מיט דיא רויבער און מערדער נור אום דיך אויסצוזוכען? דיינע פיינד זיינען מיינע פיינד. דיא ענגלענדער האבען געזעצט א פרייז פון פינף הונדערט פונט סטערלינג אויף דיין קאפ. זיי האבען ביי מיר אוועקגערויבט מיינע א טארטינע (אזא שיף) איך מוז מיך אן זיי נוקם זיין, וואו איך קען זיי נור טרעפען.

— הייסט דאס זיך נוקם זיין, ווען דוא פאלסט אן אויף אונשולדיגע רייזענדע? דאס טהוט א רויבער, א באנדיט, ניט קיין עהרליכער קעמפפער. זיך נוקם זיין הייסט: שטעהן געגען דעם פיינד ברוסט געגען ברוסט און מיט איהם עהרליך קעמפפען, וויא מיר האבען עס געטהאן אויף דיא באריקאדען פון ווענעדיג געגען דיא עסטערייך. דאמאלס, ווען דער 84סטע קארל לודוויגס הוזארען רעגימענט איז אנטלאפען פאר אונז, וויא דיא היהנער אנטלויפען, ווען זיי דערזעהן דעם אדלער, דאמאלס האט עס געהייסען זיך נוקם זיין!

אויף דעם געשריי פון'ם ענגלענדער און פון מאדזיני זיינען זיך צונויפגעלאפען אלע דיענער. מען האט אויפגעריסען פון'ם שלאף דיא יונגע אפיציערען און זיי זיינען אויך געקומען צו לויפען. אלע זיינען געוועזען ערשטוינט און האבען געקוקט פערוואונדערט אויף דיעזע זאנדערבארע סצענע. — וואס קומט דא פאר? האט זיך יעדער געפרעגט.

מאדזיני האט געוויעזען אויף דיא פערזאמעלטע און האט געזאגט:

— דיעזע לייטע שטעהן אונטער מיין שוץ. איך וועל זיי פערטהיידיגען ביז אין לעצטען טראפען בלוט. געדענק עס, דאנילא!

ער איז דאן צוגעגאנגען צו סער בריטאן הערעספארד און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— עס איז גוט, וואס איך בין געקומען צור רעכטער צייט אום דיך צו רעטען. איך קען דאנילא פעטראוויטש שוין לאנג. ער איז א רוסישער ניהיליסט און האט זעהר פיינד דיא ענגלענדער. ער איז אָבער א גוטער מענש. איך וועל דיר שפעטער דערצעהלען זיין געשיכטע.

דער וויל מוזען מיר זעהן זיך בעווארענען געגען דיא אנדערע רויבער. דאס ערשטע מוזען מיר בינדען דעם אלטען מיט דער אלטער און זיי בעווארענען, אז זיי זאלען אונז ניט שאדען. דאן מוזען מיר זעהן, וואוהין דיא טהיר אין קעלער פיהרט און זיא גוט פערשליעסען, אז דיא רויבער זאלען ניט קענען אריינקומען דורכ'ן קעלער. דאס לאז איך אייך איבער.

אין איינינע מינוטען איז דער אלטער און דיא אלטע געלעגען אין א ווינקעלע געבונדען, וויא דיא שעפסען. סער הערעספארד מיט דיא יונגע אפיציערען זיינען אראפגעגאנגען אין קעלער און האבען אויסגעפונען, אז דיא טהיר פיהרט ווירקליך אין וואלד אריין. זיי האבען זיא פערריעגעלט און פערשלאסען, וויא ווייט זיי האבען געקענט.

אונטערדעסען האט מאדזיני אוועקגעפיהרט זיין אלטען בעקאנטען, דאנילא פעטראוויטש אין קיך און האט איהם געפרעגט:

— דוא האסט געזאגט, אז דוא זוכסט מיך. פון וואנען ווייסט דוא, אז איך בין דא?

— איך האב ערהאלטען א בעפעהל פון'ם געהיים־בונד, קארבאָנאריא, אז איך זאל דיך אויסזוכען דא ערגעץ אין דיא בערג און זאל דיך מיטנעהמען אויף מיין טארטינע קיין פראנקרייך. דוא ביסט אין דיעזע בערג ניט זיכער. עסטעררייכישע און ענגלישע שפיאנען זוכען דיך איבעראל. דוא מוזט אנטלויפען פון דאנען. — זייט איינינע טעג האלט איך מיך אויף ביי דער רויבער באנדע פון'ם בעריהמטען רויבער קאפיטאן, פעפע מאמיאני. איך האב צווישען זיי פיעלע בעקאנטע פון אלטע צייטען. איך האב גערעכענט, אז דורך זיי וועל איך אויסגעפינען, וואו דוא האלטסט זיך אויף.

מיר מוזען געבען אונזערע לעזער א קורצע ערקלערונג איבער דיא געהיימע געזעלשאפט „קארבאָנארי" אין איטאליען.

דיא „קארבאָנארי" איז א געהיימע געזעלשאפט, וועלכע האט זיך געבילדעט אין איטאליען נאך אין 1797. דער צוועק פון דיעזער געהיימער געזעלשאפט איז געווען צו

בעפרייען איטאליען פון דיא פיעלע פירסטען און קעניגע, וועלכע האבען דאמאלס דארט געהעררשט, און איינצופיהרען א פרייע רעפובליק. דיא גרעסטע מענער פון איטאליען, דיא עדעלסטע און געלערנסטע מענשען האבען געהערט צום געהיים־בונד פון דיא „קארבאָנארי“. דער נאמען „קארבאָנארי“ בעדייטעט א מענש, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט ברענען קוילען. דיא מיטגליעדער פלעגען זיך צונויפקומען אויף דיא געהיימע פערזאמלונגען אויסגעשמירט און מיט שווארצע געזיכטער, וויא קוילען ברענער. דיא קארבאָנארי איז געווען א שטארקע געזעלשאפט און האט געשפיעלט דיא גרעסטע ראלע אין אלע רעוואלוציאנען פון 1814 ביז 1871. מיר קענען זאגען פאר געוויס, אז דיא קארבאנארי איז דיא מוטער פון דיא רוסישע ניהיליסטען. דיא רוסישע ניהיליסטען האבען אין אלע זאכען נאכגעטהאן דיא „קארבאנארי“. דאס אויפנעהמען פון מיט־גליעדער, דיא געזעצע און אויפפיהרונג פון דיא רוסישע ניהיליסטען — אלעס האבען זיי גענומען פון דיא „קארבאנארי“. ווען דיא הויפט אנפיהרער פון דיא „קארבאנארי“ האבען געגעבען א מיטגליעד א בעפעהל, ער זאל טוידטען א מענשען, איז זיין לעבען שוין ניט ווערטה געווען קיין גראשען. ניט איינער פון דיא איטאליענישע פירסטען און קעניגע זיינען געפאלען אונטערן סטילעט פון דיא „קארבאנארי“.

אין אונזער ערצעהלונג וועלען מיר נאך אפט האבען דיא געלעגענהייט בעקאנט צו מאכען אונזערע לעזער מיט דיא „קארבאנארי“ און זיי צו וויזען, וויא דער רוסישער געהיים־בונד איז געווען ענג פערבונדען מיט דיא „קארבאנארי“.

— ווער האט דיר געגעבען דעם בעפעהל, דוא זאלסט מיך זוכען?

— דער רוסישער אָפיציער, וועלכער פאהרט ארום איבער גאנץ איטאליען.

מאדזיני איז ארומגעגאנגען אין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען און האט ניט בעמערקט, אז דיא ענגלענדער קוקען אויף איהם קרום. ער האט ניט בעמערקט, אז דיא יונגע אָפיציערן האבען צונויפגעלעגט זייערע הענד אין שטארקע פויסטען און זיינען בערייט יעדע מינוט אויף איהם אנצופאלען. זיי האבען ביז אהער געמיינט, אז ער איז ווירקליך דער גראף מאנטעבעללא. ווען זיי האבען אבער דערהערט, אז דאס איז נאר דער בעריהמטער פערשווערער מאדזיני, האבען זיי איהם געוואלט פאנגען און איבערגעבען דער ענגלישען רעגיערונג.

— וואו איז יעצט דער רוסישער אפיציער? האט מאדזיני ווייטער געפרעגט.

— ער האלט זיך יעצט אויף ביים רויבער קאפיטאן פעפע מאמיאני אין דיא בערג. איך האב איהם דארט געלאזען און אליין בין איך געגאנגען מיט אנטאניא פעסקארע דיך זוכען.

אין דיעזע מינוט איז איינער פון דיא ענגלישע אפיציערען צוגעגאנגען צו מאדזיני און האט איהם געזאגט:

— ענטשולדינט, הערר, וואס מיר אונטערברעכען אייער געשפרעך מיט דיעזען עהרליכען און פיינען מענשען. איך וויל אייך פרעגען נור איין פראגע. סער ברייטאן הערעספארד האט אייך פארגעשטעלט אלס גראף דע מאנטעבעללא. דיעזער עהרלי־כער מענש אבער רופט אייך נאר מאדזיני?

— אלזא, וואס ווילט איהר? האט מאדזיני געפרעגט גאנץ רוהיג.

— מיין פריינד, דער ליעטענאנט סאנדערס, זאגט, אז מאדזיני איז דער נאמען פון א פערברעכער, וועלכען דיא ענגלישע, דיא עסטעררייכישע און דיא איטאליענישע רעגיערונגען פערפאלגען און האבען געזעצט א הויכען פרייז אויף זיין קאפ. מיר מוזען וויסען, מיט וועמען מיר האבען דיא עהרע צו זייזען צו זאמען. דער וויל זעהן מיר, אז איהר זייט אביסעל בעקאנט מיט רויבער און באנדיטען.

איידער מאדזיני האט נאך געקענט ענטפערן, איז דער גובערנאטאר פון באמביי צוגעקומען צו זיי און האט געפרעגט:

— פארוואס זייט איהר אזוי אויפגערעגט, מיינע הערדען?

— דיעזע יונגע לייט, האט מאדזיני געענטפערט רוהיג, געפינען, אז איך האב ניט קיין רעכט צו טראגען דעם הויכען טיטעל, גראף דע מאנטעבעללא. איך מוז זיי ענטפערן, אז נור דיא אלטע פריינדשאפט פון סער ברייטאן הערעספארד האט מיר געגעבען דיעזען טיטעל. אין דער ווירקליכקייט בין איך דשוזעפע מאדזיני, וועלכען דיא ענגלישע רעגיערונג פערפאלגט נור דערפאר, וואס איך האב ליעב מיין ארימעס, אונ־גליקליכעס פאטערלאנד, דאס בערויבטע און אונטערדריקטע איטאליען.

— אזוי? זייט איהר ווירקליך מאדזיני? האט דער יונגער ליעטענאנט סאנדערס אויסגערופען. דאן ארעסטיר איך אייך אים נאמען פון דער קעניגען וויקטאריא!

— דשיימס! ביסט דוא אראפ פון זינען? האט געפרעגט שטרענג דער גובער־נאטאר פון באמביי. וואס פאר א רעכט האסט דוא צו ארעסטירען דיעזען מאן? ביסט דוא א זשאנדארם, א דעטעקטיוו אדער אן אגענט פון דער געהיים־פאָליציי?

— ער איז א פעררעטהער און א רעוואָלוציאָנער! האט דער יונגער ליעטענאנט אויסגערופען. דערצו איז ער נאך א פריינד פון רויבער און באנדיטען. איך האב אליין געלעזען אין דיא צייטונגען, אז מען האט געזעצט א הויכען פרייז אויף זיין קאפ. איך בין אן ענגלישער אפיציער, וואו איך טרעף א פעררעטהער נעגען מיין רעגיערונג, מוז איך איהם ארעסטירען.

— סער ברייטאן הערעספארד, האט מאדזיני געזאגט קאלט בלוטיג, איך מוז אייך פערלאזען. איך וועל בעסער געהן צוברענגען דיא נאכט מיט דיא וועלף אין וואלד, אלס מיט מענשען, וועלכע פערגעסען, אין וואס פאר א געפאהר מיר אלע געפינען זיך און שטעלען זיך אלס שפיאנען און זשאנדארען פון דער טיראנייַ. — קום, דאנילא פעטראָוויטש!

ער איז צוגעגאנגען ביז צו דער טהיר. דיא יונגע אפיציערען אבער האבען איהם פערשטעלט דעם וועג. ליעטענאנט סאנדערס האט איהם אנגעהאפט ביים קראגען.

— ניט פון'ם ארט! איהר זייט מיין געפאנגענער!

דאנילא פעטראָוויטש האט ארויסגעהאפט א געלאָדענעם רעוואָלווער פון'ם גארטעל און וואלט געוויס געוועזען אויסגעשאסען אויפ'ן יונגען ענגלענדער, ווען סער ברייטאן הערעספארד זאל זיך ניט געוועזען אריינמישען. ער האט זיך געשטעלט צווישען מאדזיני און דיא יונגע אפיציערען און האט געזאגט מיט זיין פעסטער, רוהיגער שטימע:

— איך בעט אייך, מאדזיני, הערט ניט, וואס דיעזע נאררישע יונגע לייט זאגען. זיי זיינען נאך יונג און קענען נאך דיא וועלט ניט. זיי וויסען ניט, וואס זיי רעדען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו דיא יונגע לייט.

— פערגעסט ניט, אז איך בין עלטער פון אייך. איך בעפעהל אייך, איהר זאלט דיעזע צוויי מענער מיט קיין ווארט, מיט קיין מינע ניט בעליידיגען. הערט איהר?

— סער ברייטאן הערעספארד! האט אויסגערופען דער ליעטענאנט סאנדערס. איהר מיינט, אז מיר זיינען שוין אין אינדיען און איהר זייט אונזער גובערנאטאָר. איהר האט א גרויסען טעות. דער וויל זייט איהר נאך ניט קיין גובערנאטאר און איהר קענט אונז נאך ניט בעפעהלען. איך אבער בין אפיציער פון איהרע קעניגליכע מאיעס־טעט, דיא קעניגין וויקטאריא. מארגען פריה וועל איך איבערגעבען דיעזע צוויי מענער דער פאליציי אלס ארעסטאנטען.

— נאררישער יונגערמאן, האט סער ברייטאן הערעספארד געזאגט גרויעריג, ווייסט דוא דען, אויב דוא מיט דיינע קאמעראדען וועלען דערלעבען ביז מארגען? ווייסט דוא דען, אויב מיר אלע וועלען ארויס לעבעדיג פון דיעזעם הויז?

— איך פערשטעה אייך ניט. וואס מיינט איהר?

— איך מיין, אז אין א שטונדע ארום וועט אנקומען דיא רויבערבאנדע פון'ם בעריהמטען רויבער פעפע מאמיאני און וועט אויף אונז אנפאלען. זיין באנדע איז זעהר שטארק און איך וויים ניט, אויב מיר וועלען קענען בעשטעהן געגען איהם.

— אזוי? האט ער אונז טאקע פערפיהרט אומיסטען! האט אויסגערופען דער יונגער ליעטענאנט.

— שעהמט אייך, סאנדערס! שעהמט אייך פאנד! האט סער הערעספארד געזאגט מיט א פאַרוואורף. אלזא, גלויבט איהר, אז איך האב אייך אויך פערפיהרט? ווען איך האב אייך רעקאמאנדירט א מענשען, מעגט איהר זיכער זיין, אז דער מענש איז ווערטה, מען זאל איהם רופען פריינד. איך זאג אייך נאך א מאל, אויב עס איז נור דא א מעגליכקייט אונז צו רעטען, קען עס נור דיעזער מאן טהאן.

דיעזע ערנסטע ווערטער האבען געווירקט אויף דיא יונגעלייט. זיי האבען צו ביסלעכווייס אנגעהויבען צו פערשטעהן זייער לאגע; זיי האבען אנגעהויבען צו פער־שטעהן, אז דיא געפאהר איז פיעל גרעסער, וויא זיי האבען זיך פארגעשטעלט.

— אלזא, וואס זאלען מיר טהאן? האט דער היציגער סאנדערס געזאגט. מיר קענען דא ניט בלייבען. מיר מוזען ארויס פון דיעזעם פערדאמטע הויז; מיר מוזען אונז דורכשלאגען דורך דיא רויבערבאנדע.

— ארויסגעהן פון דאנען הייסט אריינפאלען צו דיא רויבער אין דיא הענד, האט דער גובערנאטאר פון באמביי געענטפערט. אין דרויסען איז פינסטער. מיר קע־נען ניט דיא געגענד, מיר ווייסען ניט דעם וועג. מען וועט אויף אונז אנפאלען פון אלע זייטען און מען וועט אונז טוידטען איינעם נאכ'ן אנדערן. דא זיינען מיר וועניג־סטענס געשיצט פון דיא דיקע מויערן. — וואס איז אייער מיינונג, מאדזיני? אויף אייך ליעגט יעצט אונזער לעצטער האפנונג. איהר זייט בעקאנט מיט דער געגענד, איהר קענט דעם כאראקטער פון דיא איטאליענישע רויבער און איהר אליין קענט אונז ראטהען, וואס מיר זאלען יעצט טהאן.

מאדזיני האט רוהיג אויסגעהערט אלעס, וואס זיי האבען גערעדט און האט זיך געווענדעט צו דאנילא פעטראָוויטש.

— וויא שטארק איז פעפע מאמיאני׳ס באנדע?

— זיא צעהלט אן ערך פון זעכציג מאן. איין העלפט געהט ארום מיט זיין ליעטענאנט אנטאניאָ פעסקארע און דיא אנדערע העלפט געפינט זיך יעצט אין מאנטע וויטארע.

— אזוי? האבען מיר ניט געהאט צו טהאן מיט פעפע מאמיאני אליין, זאנדערן מיט זיין ליעטענאנט? האט מאדזיני געפרעגט.

— פעפע מאמיאני אליין האט נעכטען אפגעטהאן אנאנדער שטיק ארבייט. ער האט געפאנגען גענומען צוויי רייכע פרויען.

— קענען מיר ערגעץ ארויסגעהן פון דאנען און אפנארען פעסקארע? האט מאדזיני ווייטער געפרעגט.

— וואס קימערן דיך דיא ענגלענדער? האט דאנילא פעטראוויטש געפרעגט מיט פערדרוס. דוא ביסט זיכער, דיך וועט קיינער ניט אנריהרען. דער נאמען מאדזיני איז גוט בעקאנט אין דיא איטאליענישע בערג. פאר מאדזיני׳ן וועט זיך יעדער איטאליענער לאזען דיא האנד אפשניידען.

— דאנילאָ פעטראָוויטש! האט מאדזיני אויסגערופען. ענטפער מיר אויף מיין פראגע! וואס מיט דיעזע מענשען וועט געשעהן, דאס וועט מיר געשעהן. איך וועל אנטלויפען מיט זיי, אדער שטארבען מיט זיי!

דיעזעס הויז איז צוואר גאר ניט ווייט פון אמאנדראלא, א שטעדטעל אין ארטאליען און סאלפערינא, א שטעדטעל אין עסטעררייך, וואו עס שטעהט יעצט אן עסטעררייכישער רעגימענט הוסארען. מען היט אייך אבער זעהר שטארק. קוים וועט איהר ארויסגעהן פון דאנען, וועט מען אויף אייך אנפאלען און אייך איינציגוויים אויסהרגענען.

— סאלפערינא? סאלפערינא? האט דער גובערנאטאר פון באמביי אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו זוכען אין זיינע קעשינעס.

— אלזא, האב איך ריכטיג בעמערקט, האט מאדזיני ווייטער געזאגט, אז דיא וועגווייזער זיינען געוועזען איינינע פון דיא רויבער און זיי האבען אונז אומיסטען אראפגעפיהרט פון׳ם רעכטען וועג?

— אנטאניא פעסקארע אליין איז געוועזען אייער וועגווייזער, האט דאנילאָ פעטראָוויטש געלאכט. ער האט נאכגעשפירט דיא ענגלענדער זייט זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון רוים. ער האט זיך פערדונגען אלס וועגווייזער אין שטעדטעל פאלינא. דער פאליצמייסטער פון פאלינאָ איז זיינער א גוטער פריינד און בעקומט זיין טהייל, ווען מען בערויבט איינעם. ער האט אייך גוט פערפיהרט און פון אייך וואָלט שוין לאנג קיינער ניט געבליעבען, ווען ניט דער שרעקליכער רעגען. דער איטאליענישער רויבער איז אבערגלויביש. ער שווערט ביי דער הייליגער מוטער גאָטעס אין דער מינוט, ווען ער שטעכט א מענשען. אין דער צייט פון א שטורם, ווען עס דונערט און בליצט, האט ער מורא און בעהאלט זיך ערגעץ אין א קירכע אדער לעבען א קרייץ. דער

רעגען וואָלט אייך געווען אין גאנצען גערעטעט, ווען איהר זאלט ניט געווען קומען אהער צו פעסקאַרע׳ס עלטערן. א קליינער יונגע מיט׳ן נאמען בעפּאָ, פעסקארע׳ס זוהן, איז געקומען צולויפען אין רעגען און האט איהם געמעלדעט, אז איהר געפינט זיך דא. פעסקארע האט מיך געבעטען, איך זאל געהן זאגען זיינע עלטערן, אז ער וועט באלד קומען. אזוי וויא איך האב געשוואָרען א בלוטיגען האס געגען אלע ענגלענדער, האב איך איהם צוליעב געטהאן און בין געקומען אהער.—

— ענדליך! ענדליך! איך האב איהם! האט אין דיעזע מינוט אויסגערופען סער ברייטאן הערעספּאָרד.

אלע האבען זיך אומגעקוקט צו איהם. יעדער האט געוואלט וויסען, וואס האט ער ענדליך געפונען און וואס בעדייטעט דער בריעף וואס ער האט געהאלטען אין דער האנד.

— וויא אזוי האט איהר אנגערופען דאס שטעדטעל, וואו עס שטעהט יעצט א רעגימענט עסטערדייכישע הוסאָרען? האט ער געפרעגט דאנילאָ פעטראָוויטשין.

— סאָלפערינא.

— גאנץ ריכטיג. מיין פריינד. דער עסטעררייכישער געזאנדעטער אין רוים, האט מיר פאר דער אבריזע געגעבען א בריעף צום קאמאנדיר פון דיא הוסאַרען אין אין סאָלפערינא. דער קאמאנדיר איז זיינער אן אנפערוואנדטער. ווען מיר זאלען קענען איבערשיקען דיעזען בריעף צום קאמאנדיר פון דיא הוסארען, וואלט ער באלד אנגעקומען מיט זיין רעגימענט און וואָלט אונז בעפרייט.

אלע האבען געשוויעגען. יעדער האט איינגעזעהן, אז דער גובערנאטאר פון באָמביי האט אויסגעפונען דעם איינציגען וועג זיי צו רעטען. אבער וויא אזוי קען מען איבערשיקען דעם בריעף קיין סאָלפערינא? ווער ווייס דעם וועג אהין אין אזא פינסטערע נאכט?

פּלוצלונג האט זיך מאדזיני אויפגעהויבען און האט זיך געווענדעט צו זיין בעקאנטען.

— דאנילאָ פעטראָוויטש! לעג אניעדער אלע דיינע וואפען; דיינע פיסטאָלעטען, דיינע מעסערס און אלעס, וואס דוא האָסט אויף דיר.

דאנילאָ פעטראָוויטש האט ניט געזאגט קיין וואָרט. ער האט באלד ארויסגענומען פון׳ם גארטעל זיינע פיסטאָלעטען און זיינע מעסערס און האט זיי אניעדער געלעגט אויפ׳ן טיש.

— יעצט, סער ברייטאן הערעספּאָרד, בעפעהלט איינעם פון אייערע אפיציערען, ער זאל געהן מיט דאנילאָ פעטראָוויטש קיין סאָלפערינא און זאל איבערגעבען דעם בריעף דעם קאמאנדיר פון דיא עסטעררייכישע הוסארען. — טהוט עס זא שנעל, וויא נור מעגליך. דאס איז אונזער איינציגע רעטונג. מיר וועלען דערוויל קעמפּפען מיט דיא רויבער און וועלען זיך האלטען, וויא לאנג מיר וועלען נור קענען, ביז דער קאמאנדיר פון דיא הוסארען וועט אנקומען און אונז בעפרייען.

דיא יונגע ענגלישע אפיציערען האבען אראָפּגעלאזען דיא אויגען. זיי האבען זיך געשעהמט פאר זיך אליין. זיי האבען יעצט ארויסגעזעהן, וויא עדעל און וויא

גראָסמוטהיג מאַדזיני האנדעלט געגען זיי און וויא נאַרריש זיי זיינען געוועזען, וואס זיי האבען איהם געוואָלט ארעטירען. זיי האבען יעצט איינגעזעהען, אז זיי האבען גער האנדעלט, וויא נאַררישע קינדער.

— אנדערש קען עס ניט זיין, האט דער גובערנאטאר געזאגט. דאס איז דאס איינציגע מיטעל אונז צו רעטען. איך דאנק אייך, פריינד מאַדזיני, פאר אייער גוטען ראטה. איך וויל נאך צו שרייבען א פאר ווערטער צום קאמאנדיר.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען זיין נאָטיץ־בוך, האט ארויסגעריסען א בלעטעל און האט געוואלט עפעס שרייבען, יעצט אבער האט ער געזעהן, אז ער האט ערגעץ פערלאָרען זיין בליישטיפט.

— מיט וואס שרייבט מען? האט ער געזאגט צו זיינע קאמעראדען. פיעללייכט האט איינער פון אייך א בליישטיפט?

— אָט שטעהט א שרייבגעצייג אויפ׳ן מענטלפיס, האט איינער פון די יונגע לייט געזאגט.

ער איז צוגעגאנגען צום מענטלפיס נעהמען דאס אלטע פערשמיערטע שרייב־געצייג. קוים האט ער עס אויפגעהויבען, האט ער אויסגערופען:

— א בריעף! אונטען ליגט א בריעף!

ער האט גענומען א ליכט פון׳ם טיש זעהן, וואס דאס איז פאר א בריעף.

— ביי גאָט! וואס איז דאס? דער בריעף איז אדרעסירט צו אייך, סער ברייטאן הערעספאָרד! וויא קומט אזא בריעף אהער?

אלע האבען זיך ארומגעשטעלט ארום דעם יונגען מאן. יעדער איז געוועזען נייגעריג צו וויסען, וויא אזוי עס קומט אהער א בריעף, וועלכער איז אדרעסירט צום גובערנאטאר פון באמביי. דער גובערנאטאר האט ארויסגעריסען דעם בריעף פון דער האנד פון׳ם יונגען מאן און האט איהם האסטיג געעפענט. קוים האט ער דערזעהן די אונטערשריפט פון׳ם בריעף, האט ער א געשריי געטהאן ניט מיט זיין קול:

— מיין ליעבע, מיין טהייערע מארגערעטא! און איז געפאלען אין אהנמאכט.

מאַדזיני איז צו איהם צוגעלאָפען און האט איהם אנגעהויבען צו מינטערן. אין א פאָר מינוטען ארום האט ער געעפענט די אויגען.

— וואס איז דיר מיין פריינד? וואס איז געשעהן? האט מאַדזיני געפרעגט.

— לעזען זיא, לעזען זיא! האט דער גובערנאטאר געקרעכצט און האט דער־לאנגט מאַדזיני׳ן דעם בריעף.

מאַדזיני האט געלעזען פאָלגענדעס:

מיין ליעבער פריינד!

„א רויבער באנדע איז אנגעפאלען אויף דער ווילא סאָרענטי, וואו איך האב „מיך ביז אהער אויפגעהאלטען און האבען מיך מיט מיין קאמערמעדכען גענומען „געפאנגען. עס קימערט מיך ניט, וואס זיי פאָרדערן פון מיר זעהר פיעל אויס־ „קויפ׳ס געלד. דער קאפיטאן פון די רויבער פערפאָלגט מיך. ער זאגט, אז ער „איז פערליעבט אין מיר. דא אין דיעזען הויז האב איך גענעכטיגט. ביים שיין

„פון׳ם מאַנד האב איך אנגעשריעבען דיעזע עטליכע ווערטער. איך זאג צו טויזענד
„פונט סטערלינג יעדען, ווער עס וועט איבערברענגען דיעזען בריעף דעם ענגלישען
„קאָנסול אין רוים אדער אין נעאפּאָל. פּיעללייכט וועט זיך געפינען איינער פון
„דיא רויבער, וועלכער וועט וועלען פערדיענען אזוי פיעל געלד און וועט איבער־
„ברענגען דיעזען בריעף. ווען ניט — וועל איך וויסען, וויא אזוי צו שטאַרבען.

מאַרגאַרעטע גרענוויל.

וויא פון א דאָנערשלאג געטראָפען זיינען אלע געבליעבען שטעהן. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוט. קיינער האט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. מאַדזיני האט געציטערט וויא אין א פיעבער. סער בריטאָן הערעספאָרד איז געוועזן אזוי ניעדער געשלאגען, אז צוויי יונגע לייט האבען איהם געמוזט אונטערהאלטען. דיא איבעריגע זיינען געוועזן אויסער זיך פאר שרעק און פאר פערצווייפלונג. ענדליך האט זיך דער ליעטענאנט סאנדערס דערמאנט.

— מיר מוזען רעטען מיס גרענוויל! האט ער אויסגערופען. מיר מוזען אויפ־ריהרען דיא גאנצע וועלט. דיא ענגלישע רעגיערונג וועט מוזען שיקען איהר גאנצע פלאָטע קיין איטאליען. יעצט, מוזען מיר שיקען מעלדען דעם קאמאנדיר פון דיא עסטערייכישע הוסאַרען אין סאָלפערינא.

— אך! טהוט אלעס מעגליכע! האט סער בריטאָן אויסגערופען אין פער־צווייפלונג. רעטעט מיין בראוט! רעטעט מיין ליעבע טהייערע מאַרגאַרעטע!

עס איז לייכט צו זאגען, אבער וויא אזוי קען מען זיא רעטען, אז מען ווייס גאר ניט, וואו זיא איז? וואס קען מען טהאן פון איהרעט וועגען, ווען זיי אליין זיינען יעצט געפאנגען און מוזען פריהער זוכען מיטעל, וויא אזוי זיך אליין צו רעטען?

## 2טעס קאפּיטעל.

## דער באַלל ביים מיניסטער.

מיר זיינען אין וויען, דיא הויפּשטאדט פון עסטערייך. עס איז דער 30טער מאי 1861. הינטער דעם קייזערליכען פּאַלאַץ, אדער וויא מען רופט עס אין וויען, דיא האָף־בורג, שטעהט א גרויסעס און שעהנעס הויז, אדער ריכטיגער געזאגט, א פּאַלאַץ. דאס איז דאס מיניסטעריום. דארט וואוינט דער עסטערייכישער ערשטער מיניסטער. פון דאָרט פיהרט א געהיימער קארידאר גלייך צום קייסער׳ם קאבינעט. דער קייסער דאַרף נור א קוועטש טהאן א קנעפּעל אין זיין שרייב טיש, וועט דער ערשטער מיניסטער באלד קומען צו איהם.

היינט איז דאס מיניסטעריום שטארק בעלייכטעט. דער ערשטער עסטער־רייכישער מיניסטער גראף מענסדאָרף, אדער ריכטיגער דיא גרעפין מענסדאָרף, מאכט היינט א באַלל.

איינע נאך דער אנדערער קומען אן רייכע עקיפּאַזשען מיט לאקייען אנגעטהאן אין גאָלד און אין זילבער. דיא לאקייען עפענען דיא טהירליך פון דיא קארעטעס און נעהמען ארויס רייכגעקליידעטע, עלעגאנטע דאַמען. אויף שעהנע לייכטע דראשקעס קומען צופאהרען אפיציערען, גענעראלען און מאַגנאטען. אלע געהן ארויף אויף דיא

ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ, וועלכע פיהרען אין גרויסען פון טויזענדער ליכטער און גאַז רעהרען בעלייכטעטען זאַל פון מיניסטעריום.

אין איינער פון דיא שעהנע, לייכטע דראָשקעס מיט א פּאר פייערדינע פערד איז צוגעפאהרען א יונגער מאַן פון א יאהר דריי און צוואַנציג אנגעטהאן אין דער גאַנצער אוניפאָרם פון אן אולאנער אפיציער. דיא ווייסע שניר אויף זיין גרינעם מונדיר זיינען געווען געפלאָכטען מיט פעדים פון ריינעם זילבער, דיא קנעפּ זיינען געווען פון ריין זילבער, דער גריף פון זיין לאַנגען דעגען איז געווען א גאָלדענער. אלעס אויף איהם האט געגלענצט און געפונקעלט. מען האט געזעהן, אז דאס איז איינער פון דיא רייכסטע און גלענצענדע אפּיציערען אין וויען. ער איז שטאָלץ צוגעפאהרען צו דער גרויסער טהיר, האט אראָפּגעוואָרפען פון זיך זיין ברייטען מאַנטעל און האט געזאגט דעם קוטשער:

— וואַרט אויף מיר לעבען בורג־טהעאטער.

מיט דיעזע ווערטער איז ער שטאָלץ און פלינק ארויפגעגאַנגען אויף דיא ברייטע טרעפּ, וואס פיהרען אין גרויסען בעלייכטעטען זאַל. איידער ער איז אריינגעגאַנגען, האט ער זיך אומגעקוקט אין גרויסען שפּיעגעל אין קארידאר, זעהן, אויב זיין מונדיר און זיינע קליידער זיינען אין אָרדנונג. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויעזען א שמייכעל, ער איז געווען צופריעדען מיט זיך.

דיעזער יונגער אפיציער האט געהייסען באראָן פאָן שטילאוו. ער אליין איז געוועזען פון מעקלענבורג, ער האט אבער געדיענט אין דער עסטעררייכישער ארמעע אלס ליעטענאַנט פון אן אולאנער רעגימענט. ער אליין איז געווען זעהר רייך. זיינע עלטערן זיינען געשטאָרבען און האבען איהם איבערגעלאזען א גרויס פערמעגען און ערשט מיט א יאהר צוריק איז געשטארבען זיינער אן אָנקעל, וועלכער האט איהם איבערגעלאזען א פערמעגען פון א מיליאָן טהאלער. עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס דער יונגער מאַן איז געווען אזוי שטאָלץ. מען פלעגט איהם איינלאדען אומעדום, יעדער אריסטאקראט, יעדער מאַגנאט האט בעטראַכט דעם יונגען באראָן פאָן שטילאוו אלס דיא בעסטע פּארטיע פאר זיין טאכטער.

באראָן פאָן שטילאוו איז אריינגעגאַנגען אין העל בעלייכטעטען זאַל און איז גלייך צוגעגאַנגען צו דער ווירטהין, דיא גרעפין פאָן מענסדאָרף. זיינע אויגען אבער זיינען ארומגעפלויגען אין זאַל, ער האט וועמען געזוכט.

— וואס מאַכט איהר, ליעבער באראָן? האט איהם דיא גרעפין געפרעגט און האט איהם געגעבען דיא האנד.

דער באראָן האט זיך איינגעבויגען און האט איהר א קוש געטהאן אין דער האנד.

— אימער פרעהליך, אימער מונטער? האט דיא גרעפין ווייטער געזאגט.

— יא, גרעפין, מען לעבט נור איין מאל אויף דער וועלט, ווארום זאלען מיר ניט געניעסען דאס לעבען?

א שטילער זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון דער גרעפינ'ס ברוסט. אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען צו איהר אן אלטער מאַן פון א יאהר עטליכע און זעכציג מיט

א גרייז גראָען קאָפּ. ער איז געגאַנגען אנגעטהאַן, וויא א גענעראל און זיין גאנצע ברוסט איז געווען בעהאַנגען מיט אָרדענס און מעדאַילען. ער האט געפיהרט צוויי דאַמען אונטערביידע ארימס, האט זיי דערצעהלט עפּעס פרעהליכעס און דיא דאַמען האבען געלאכט.

— באראָן פאָן ריישאך, האט איהם דיא גרעפין מענסדאָרף געזאגט, דערצעהלט מיר אויך עפּעס פרעהליכעס. איך זעה, אז דיא ערנסטע פירסטין אברענאוויטש לאכט. וואהרשיינליך, איז דא פון וואס צו לאכען.

— פון וואס איז דען ניטא וואס צו לאַכען? האט דער אלטער גענעראל גע־שפּאַסט. אונזער גאנצעס לעבען איז א געלעכטער. איך האב דערצעהלט דער פירסטין, אז דער יונגער באראָן פאָן שטילאוו איז היינט געזעסען זעהר לאנג אין דער לאָזשע פון דער גרעפין פראנקענשטיין אין בורג־טהעאַטער. דאס האט פערדראָסען דער—

דער אלטער גענעראל האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן דעם באַראָן פאָן שטילאוו, וועלכען ער האט ביז אהער ניט בעמערקט. ער איז געבליעבען שטעהן א סעקונדע, האט זיך אבער באלד דערמאַנט און האט געזאגט דעם באַראָן.

— מען זאגט, אז איהר האט דיא גאַלמאַיער (א בעריהמטע אקטריסא אין וויען) ניט גענוג אפּלאדירט. זיא האט געשפּיעלט פאָרטרעפליך און איהר האט איהר זאגאר ניט צוגעוואָרפען ניט איין בוקעט.

דער יונגער מאַן איז רויט געוואָרען. עס איז איהם געווען אונאנגענעהם, וואס מען רעדט פון איהם אזוי פיעל.

— אייערע עקסעלענץ איז א שאַרפער בעאָבאכטער, האט ער געזאגט. איך בין געווען אין טהעאַטער נור א גאנץ קורצע צייט, איך בין אריינגעגאַנגען צו איינינע בעקאַנטע אין זייערע לאָזשען און בין באלד אוועקגעפאהרען:

אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען צו דער ווירטהין א הויכער מאַן אין א מונדיר פון א גענעראל. אונטערן ארים האט ער געפיהרט א דאַמע, וועלכע איז געווען זעהר עהנליך צו דער ווירטהין. דאס איז געווען דער גראַף קלאַם־גאַלאַס, דער גרעפינס א שוואָגער. ער איז געווען פערהייראַטהעט מיט דער גרעפין מענסדאָרף׳ס עלטערע שוועסטער. יעצט האבען זיך אלע צוריקגעצויגען, קיינער האט ניט געוואָלט שטערן דעם שוואָגער און שוועגערין. פיעללייט ווילען זיי רעדען פון זייער פריוואַט אנגעלע־גענהייטען.

— וואו איז מענסדאָרף? האט גראַף קלאַם־גאַלאַס געפרעגט זיין שוועגערין. איז ער שוין ווידער קראַנק?

— דער קייסער האט איהם געשיקט רופען, ווען דער באַלל האט זיך אנגעהויבען האט דיא גרעפין געענטפערט.

— אזוי שפּעט האט איהם דער קייסער געשיקט רופען?

— שווערע צייטען, מיין ליעבער שוואָגער, האט דיא גרעפין געזאגט טרויעריג.

— וויא עס ווייזט אויס, איז דער קריעג מיט פּרייסען שוין בעשלאָסען, האט געפאָרשט דער גראַף.

— איך קען ניט וויסען, וואס דאָרט קומט פאָר, האט דיא גרעפין געענטפערט.

זיא האט ניט געוואָלט, אז מען זאל ביי איהר אויפ'ן באלל רעדען פון פּאָליטיק. נייע געסט זיינען אנגעקומען, דיא גרעפין האט זיי געמוזט עמפּפאנגען. דער גראף איז אוועקגעגאנגען.

אין דער מיט זאל איז געשטאנען א הויכער, שעהנער און עלעגאנטער הערר. אויף זיין שווארצען פראק איז געלעגען זעהר שעהן א ברייטער רויטער באנד, פון וועלכער עס איז אראָפּגעהאנגען א גרויסער זילבערנער קרייץ. דאס איז געוועזען דער הערצאָג דע גראמאָן, דער פראנצויזישער געזאנדעטער. צו איהם איז צוגעגאנגען א שטארקער מאן מיט שעהנע בלאָנדע האר, אויך אין א שווארצען פראק מיט א געלען באנד אויף דער ברוסט. דאס איז געוועזען דער פּרייסישער געזאנדעטער, גענעראל פאן ווערטהער.

— ענדליך האב איך געפונען א געלעגענהייט אייך צו ווינשען : גוטען אבענד, הערר הערצאָג, האט דער פּרייסישער געזאנדעטער צו איהם געזאגט. וואס מאכט דיא פרוי הערצאָגין ? וויא קומט עס, וואס מען זעהט זיא ניט אויפ'ן באלל ?

— דאנקע, דאנקע ! זיא האט זיך ערקעלטעט און דער דאקטאר האט איהר געהייסען זיצען אין דער היים, האט דער הערצאָג דע גראמאָן געענטפערט. — וואס מאכט מאדאם פאן ווערטהער ? איך זעה זיא אויך ניט דא אויפ'ן באלל ?

— מיין פרוי איז קראנק, האט דער פּרייסישער געזאנדעטער געענטפערט. איך אליין בין אויך עפּעס ניט געזונד און וואָלט געוויס ניט געוועזען געקומען. אבער, איהר ווייסט דאך, ליעבער הערצאָג, אז א געזאנדעטער מוז זיין אומעדום אום צו זאמלען נייעס.

— האט איהר געהערט עפּעס נייעס ? דערצעהלט מיר אויך, האט דער פראנ־צויזישער געזאנדעטער געבעטען.

— מענסדאָרף איז יעצט ביים קייסער. מיר שיינט, אז קייסער פראנץ יאָזעף איז ניט אין גאנצען איינפערשטאנדען מיט קעניג ווילהעלם.

— איך האב געהערט, אז אין דער לופט וועהט א קריעג צווישען פּרייסען און עסטעררייך. עס וואָלט זעהר ווינשענסווערטה געוועזען, אז דיעזער קריעג זאל ניט שטאטפינדען.

— מען קוקט אויף אונז שטארק, האט גענעראל פאן ווערטהער געזאגט. לאמיר אוועקגעהן פון דאנען.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו א פענסטער און האבען דאָרט גערעדט איינינע מינוט, ד'אן האבען זיי זיך פערניינט און זיינען זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע זייטען.

— ער ווייס נאר ניט, וואס דא טהוט זיך, האט געזאגט גענעראל פאן ווערטהער צו זיך אליין, ווען ער איז אוועקגעגאנגען פונ'ם פראנצויזישען געזאנדעטען.

ער האט בעגעגענט אן אלטען, שטארקען מאן אין א מונדיר פון א גענעראל און האט זיך געווענדעט צו איהם.

— גוטען אבענד, גענעראל קנעזעבעק ! וואס הערט זיך עפּעס אין האנאָווער ?

— איך ווייס נאר ניט, וואס דארט טהוט זיך. מיין ברודער לעבט יעצט אויף זיינע גיטער און פאהרט אין ערגעץ ניט ארויס.

— איך האב געהערט, אז גראף פלאטען איז געווען אין בערלין און מען האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, האט דער פרייסישער געזאנדטער געזאגט.

— איך וואלט געווען גליקליך, האט גענעראל קנעזעבעק געענטפערט, אלעס זאל בלייבען שטיל און רוהיג. איך ווינש פאר מיין פאטערלאנד, האנאווער, גליק און פרידען.

אין דערזעלבער צייט, ווען דיא דיפלאמאטען און מיניסטארען האבען גערעדט צווישען זיך איבער פאליטיק, איבער קריעג און פריעדען, איבער ארמעען און קאנאנען, איז אין א קליינעם זאל געזעסען דער יונגער באראן פאן שטילאוו מיט א יונגער, בילד שעהנער דאמע און האט מיט איהר גערעדט איבער גאנץ אנדערע זאכען. דיעזע יונגע דאמע איז געווען דיא יונגע גרעפין פאן פראנקענשטיין, פון וועלכע דער אלטער גענע־ראל ריישאך האט פריהער דערצעהלט דער גרעפין מענסדארף. זיא איז געווען דיא איינציגע טאכטער פון דער גרעפין פראנקענשטיין, א רייכע אריסטאקראטין אין וויען. זייט א געוויסער צייט האט דער יונגער באראן אנגעהויבען אריינצוקאמען זעהר אפט צו דער גרעפין פון פראנקענשטיין און פלעגט זיא זעהר אפט בעגלייטען, וואוהין זיא איז געגאנגען מיט איהר טאכטער, קלארא.

— אזוי בלייבט עס, גרעפין, האט דער באראן פאן שטילאוו געזאגט. ווען איהר וועט פאהרען מיט אייער מוטער אין דער שווייץ, וועט איהר מיך מיטנעהמען א ס רייזע בעגלייטער. איך קען דיא שווייץ זעהר גוט און וועל אייך ווייזען אלע שעה־נע זאכען, וואס דארט איז דא צו זעהן.

— איך קען איבער אונזער רייזע גאר ניט בעשטימען, האט דיא יונגע דאמע געענטפערט. איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז ווען מיר וועלען זיך טרעפען אין דער שווייץ, וועט עס מיין מוטער זעהר אנגענעהם זיין, ווען איהר וועט אונז פיהרען און ווייזען אלע מערקווירדיגע זאכען אין דער שווייץ.

— דאס איז א העפליכע אנטווארט, האט דער באראן געזאגט. פאר מיר איז זיא זאגאר אביסעל צו העפליך. איך ווייס עס אויך, אז ווען אייער מוטער וועט מיך פלוצלונג טרעפען אין דער שווייץ, וועט זיא מיר געוויס ערלויבען אייך אומעדום ארום צופיהרען, אבער —

— ווילט איהר דען בעסער, איך זאל אייך געבען אן אונהעפליכע אנטווארט? האט דיא יונגע גרעפין געזאגט מיט א שמייכעל.

דער יונגער באראן האט זיך געביסען דיא ליפען.

— גרעפין קלארא! האט ער געזאגט גאנץ ערנסט. איהר ווייסט גאנץ גוט, אז איך האב פיינט דיא שעהנע און גלאטע רעדע, איך האב אייך יעצט געשטעלט קיין העפליבקייטס פראגע, איך האב אייך געשטעלט א וויכטיגע לעבענספראגע. איך ווייס, אז איהר האט ליעב צו רייזען, אנקוקען שעהנע געגענדען, לעבען אין דער נאטור און ניט דערשטיקט ווערן אין דעם ענגען, דומפיגען וויען —

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך לאנגווייליג מיך דא אין וויען? האט דיא גרעפין געפרעגט פריינדליך.

— איך ווייס עס, גרעפין קלארא, האט דער יונגער מאן געענטפערט. איך ווייס עס געוויס. איך ווייס, אז איהר ווילט זיך ארויסרייסען פון דאנען. ווען איהר ווילט מיך ווירקליך מיטנעהמען —

— אבער באראן פאן שטילאָוו, איז איהם דיא גרעפין ארייננעפאלען אין דיא רעד, מיר מאכען דא פלאנען פאר א רייזע אין דער שווייץ און דיא וועלט רעדט געשמאק פון קריעג. ווען דער קריעג וועט אויסברעכען, וועלען פון אלע אונזערע פלאנען גאר ניט ווערן.

— יא, געוויס! ווען דער קריעג וועט אויסברעכען, דאמאלס איז עטוואס אנדעריש. מיר קענען אבער מאכען פלאנען, פאלס עס וועט ניט זיין קיין קריעג. — קלארא!....

דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט.

— באראן פאן שטילאוו, האט זיא איהם געזאגט פריינדליך און מיט א ביטענדער שטימע, מיר וועלען זיך געוויס באלד זעהן ביי אונז אין דער היים. איהר וועט מיר דערצעהלען, אויב מיר האבען קריעג אדער פריעדען; מעגליך, אז מיר וועלען דאן מאכען א פלאן פאר אונזער רייזע אין דער שווייץ.

— ווען עס וועט אבער זיין פריעדען, וועט איהר מיך מיטנעהמען אויף אייער רייזע? האט דער באראן געפרעגט מיט א ביטענדער שטימע. — גרעפין קלארא! ניט מיר קיין העפליכע אנטווארט, זאנדערן אן ערנסטע, אָפענהערציגע אנטווארט.

דיא יונגע גרעפין האט איהם געקוקט א פאר סעקונדען גלייך אין דיא אויגען, דאן האט זיא געזאגט גאנץ שטיל און איז רויט געווארען.

— יא, איך וועל אייך מיטנעהמען, ווען איהר.... וועט נור קענען.... פערגעסען וויען.... מיט זיינע פערגניגונגען....

לייכט און פלינק, וויא א יונגער הירש, איז זיא דורכגעגאנגען דורך דיא פערשידענע גרופען פון העררען און דאמען, וועלכע זיינען געשטאנען און געזעסען אין גרויסען, העלבעלייכטעטען זאל, ביז זיא איז צוגעקומען צו איהר מוטער, וועלכע איז געזעסען און האט גערעדט מיט איינינע דאמען.

באראן פאן שטילאוו איז געשטאנען איינינע מינוט, וויא בעצויבערט, און האט איהר נאכגעקוקט, ביז זיא איז פערשוואונדען געווארען אין דער מענגע, דאן איז ער שטילערהייט ארויסגעגאנגען פון זאל. ער איז אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ, האט אויסגעזוכט זיין קוטשער, האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין דראשקע און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען ערגעץ אין א ווייטע, שטילע גאס. ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון דיא רוישענדע גאסען, האט באראן פאן שטילאוו געזאגט צו זיך אליין:

— וואס האט זיא געקענט מיינען מיט דיא ווערטער: „אויב איך וועל נור קענען פערגעסען וויען מיט זיינע פערגניגונגען?“ — זאל זיא אויך וויסען? זאל מען איהר האבען אפגעטראגען? — עס איז זעהר מעגליך. איך לעב גאנץ פריי און גאנץ וויען וויים, אז איך האב.... אך! ווען זיא זאל מיך ליעבען, וואלט איך אוועקגעווארפען אלע נאררישקייטען.... וועט זיא מיך אבער ליעבען?....

ער האט געטראכט איינינע מינוט, דאן האט ער פלוצלונג אויסגערופען:

— זיא ליעבט מיך! זיא וועט מיך ליעבען! זיא וועט זיין מיין ליכטיגער שטערן!.... און דאך איז יענע אויך שעהן און רייצענד....

אין דיעזע מינוט איז דיא דראשקע געבליעבען שטעהן פאר אן איינזאמעס, אבער שעהנעס הויז. באראן פאן שטילאוו איז אראפגעשפּרונגען פון דער דראשקע און האט געזאגט צום קוטשער:

— היינט דארף איך דיך מעהר ניט. פאהר א היים.

ווען דער קוטשער איז אוועקגעפאהרען, איז דער יונגער באראן צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט אנגעהויבען צו קלינגען. א שעהן געקליידעטעס קאמער־מעדכען האט געעפענט דיא טהיר און איז באלד פערשוואונדען. דער באראן האט מיט איהר ניט גערעדט, האט זיא גאר ניט געפרעגט. ער איז אריין אין קארידאר, האט פון זיך אראפגעווארפען דעם מאנטעל און דעם הוט און איז גלייך אריינגעגאנגען אין זאל.

דיא זאל איז געווען אויסגעציערט און פערפוצט מיט אלמעגליכער רייכקייט, און א פירסטין האט דארט געמענט וואינען. א הענג־לאמפּ מיט א ראזע שירם האט האלב בעלייכטעט דעם גרויסען זאל. לעבען א פענסטער איז געלעגען אויף א רייכען, זיידענעם דיוואן א בילד שעהנע יונגע פרוי. איהר געזיכט איז געווען קלאר וויים, וויא געפאלענער שנעע. איהרע רויטע באקען האבען געבליהעט, וויא צוויי ראזען. א גאנצער וואלד פון שעהנעס, גלענצענדעס שווארצעס האר האט בעדעקט איהר קאפּ און איז אראפּגעפאלען אויף איהרע מארמאר וויסע שולטערן. — א בילד פון שעהנהייט און פון לוסט. איהרע פולע, רויטע ליפּען האבען זיך געבעטען, אז מען זאל זיי א קוש טהאן. קוים איז דער יונגער באראן אריינגעקומען אין זאל, איז זיא אויפגעשפּרונגען פון'ם דיוואן, וויא א קאץ, איז צוגעלאפען צו איהם, האט איהם ארומגענומען מיט איהרע ווארעמע, ווייכע הענד און האט איהם געזאגט מיט א פארוואורף אין איהר שטימע:

— ענדליך, ענדליך ביסט דוא געקומען, מיין טהייערער, זיסער פריינד! אך! דוא האסט מיך געלאזען אזוי לאנג ווארטען.

און פעסטער און ענגער האט זיא איהם ארומגענומען און צוגעצויגען צום דיוואן, וואו זיא האט איהם אניעדער געזעצט לעבען זיך.

דעם באראנס געזיכט איז אנפאנגס געווען גאנץ קאלט. ער האט פיעללייכט געוואלט איהר זאגען א הארטעס ווארט, אבער א געהיימעס פייער האט זיך פערברייטעט פון דער יונגער פרוי און האט אויפגעקאכט זיין יונגעס בלוט. אין דיעזע מינוט האט ער פערגעסען אלעס אין דער וועלט, זאגאר דיא יונגע גרעפין פאן פראנקענשטיין — דיא נאררייסקיים האט געזיעגט!

— — — — — — — — — — — — — —

דער באלל ביים מיניסטער מענסדארף איז אונטערדעסען געגאנגען זיין וועג. מע האט גערעדט, געפלוידערט, געלאכט און געטאנצט. אלע זיינען געווען פרעהליך און צופריעדען, אדער האבען נור געוויזען, אז זיי זיינען פרעהליך און צופריעדען. יעדער האט געזעהן, אז דער ווירטה, דער מיניסטער אליין, איז נאך אלץ ניטא.

וואו איז אבער ווירקליך געווען דער מיניסטער? איז ער נאך אלץ געווען ביים קייסער? — ניין, ער איז שוין לאנג צוריקגעקומען פון'ם קייזער. יעצט איז ער געזעסע אין זיין קאבינעט מיט אנדערע צוויי מיניסטארען און האט אפּגעהאלטען א געהיימע בעראטהונג.

— עס איז בעשלאסען, האט מענסדארף געזאגט צו זיינע צוויי קאמעראדען, דער קייזער וויל ניט נאכגעבען פרייסען ניט אויף א האר. מיר האבען קריעג. איך האב מיר געגעבען אלע מיה אבצוראטהען דעם קייזער פון קריעג. אונזערע ארמעע איז נאך ניט פערטיג, אויסערדעם פיהרען מיר דאך יעצט קריעג מיט'ן קעניג פון סארדיניען, וויקטאר עמנואל, אין איטאליען. פיהרען קריעג אויף צוויי פלעצער מיט אמאל איז זעהר שווער. פרייסען איז יעצט זעהר שטארק, זיא האט א גוטע ארמעע. עס וואלט פיעל גלייכער און בעסער געווען, מיר זאלען יעצט אלע אונזערע ארמעען אוועקשיקען קיין איטאליען. ווען מיר וועלען שלאגען דעם קעניג וויקטאר עמנואל און וועלען זיין זיכער מיט אונזערע לענדער אין איטאליען, דאן קענען מיר טראכטען, וויא אזוי אנצו־לערנען דאס שטאלצע פרייסען.

— איך מיין, אז עס איז גאר ניט אזוי שלעכט, וויא איהר דענקט, האט געזאגט דער קריעגס־מיניסטער. מיר קענען ארויסשטעלען געגען פרייסען אכט הונדערט טויזענד מאן. דאס איז א מאכט, וועלכע עס איז ניט אזוי לייכט צו בעזיעגען. אלע אונזערע גענעראלען און אפיציערען זיינען בעגייסטערט פארן קריעג. מיר וועלען פיהרען דעם קריעג און מיר וועלען זיעגען.

— וואס הערט זיך אין אנדערע דייטשע לענדער? האט געפרעגט דער מיניסטער דער אויסווערטיגען אנגעלעגענהייטען. וואס שרייבט מען אייך פון זאקסען, פון בייערן, פון האנאווער? דיא הויפט זאכע פון האנאווער? האנאווער איז זעהר וויכטיג פאר אונז. וואס זאגט דער קעניג, געארג V פון האנאווער?

— דער קעניג פון האנאווער איז א רוהיגער מענש. ער וויל קיין קריעג ניט פיהרען. ער זאגט, ווען עס וועט אויסברעכען א קריעג צווישען פרייסען און עסטערריך, וועט ער בלייבען נייטראל, ער וועט זיך ניט מישען. ער וועט אויסשטעלען זיין ארמעע ביי דער גרענעץ און וועט אפהיטען זיינע גרענעצען.

— נו, און זאקסאן? וואס זאגט דער קעניג יאהאן פון זאקסען?

— קעניג יאהאן וועט שטענדיג האלטען מיט עסטערריך. דאס פאלק אין זאקסען איז געגען קריעג,

— און בייערן?

— אויף בייערן קענען מיר זיך אויך פערלאזען. אין בייערן האט מען פיינט דעם פאלשען גראף ביסמארק, וויא א שפין.

— אלזא. האבען מיר דאך אלע דייטשע קעניגע אויף אונזער זייט, האט אויס־גערופען דער קריעגס מיניסטער.

— מיינט איהר, אז מען קען זיך אויף זיי פערלאזען? האט מיניסטער מענסדארף געזאגט טרויעריג. דייטשלאנד האט שוין לאנג קיין קריעג ניט געפיהרט. דיא דייטשע קעניגע האלטען זייערע ארמעען נור פאר א פאראד. אין דער ווארהייט האט נור פרייסען א גוטע ארמעע. אויסער דעם קענט איהר ניט דעם פוקס ביסמארק, נאך אין דער לעצטער מינוט וועט ער אונז ארויסווארפען א שטיקעלע, אז מיר וועלען איהם האבען צו געדענקען.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געזאגט צו זיינע קאמעראדען.

— איהר ווייסט יעצט אלעס. געהט יעדער צו זיין ארבייט. וואהרשיינליך, וועלע׳ מיר זיך נאך היינט זעהן ביי דער גרעפין אויפ׳ן באלל.

דיא מיניסטארען האבען זיך פערניינט און זיינען ארויסגעגאנגען. גראף מענסדארף איז געבליעבען אליין. ער האט זיך אומגעקוקט אין קאבינעט און האט דערזעהן אויף דער וואנד דיא בילדער פון דיא גרעסטע דיפלאמאטען און מיניסטארען פון עסטעררייך פון דיא אלטע צייטען. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז זיי קוקען אויף איהם ערנסט און טרויעריג.

— אך! איהר גרויסע מענער, וועלכע האבען א מאל געפיהרט עסטעררייך צו עהרען און גליק, לערנט מיך, וואס איך זאל טהאן! אונטערשטיצט מיך! גיט מיר מוטה און קראפט איבערצוטראגען דיא שווערע משא, וואס מען האט מיר ארויפגעלעגט אויף דיא פלייצעס. איך זעה, אז עסטעררייך וועט פערליערען דעם קריעג; איך זעה, אז עסטעררייך קען יעצט קיין קריעג ניט פיהרען און דארף יעצט קיין קריעג פיהרען. איך זעה אלעס. איך האב געזאגט דעם קייסער אלעס. ער הערט מיך אבער נים. איך האב איהם געבעטען, ער זאל מיך בעפרייען פון מיין אמט, ער זאל מיר ערלויבען צו געהן אין קריעג אלס גענעראל און שטארבען אויפ׳ן שלאכטפעלד פאר מיין פאטערלאנד. ער וויל עס מיר ניט ערלויבען.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט אויף זיין שטוהל און האט געקוקט אויף דאס בילד פון׳ם בעריהמטען עסטעררייכישען מיניסטער, פירסט קויניץ, וועלכער האט אזוי גליקליך געפיהרט דיא עסטעררייכישע פאליטיק אין דער צייט פון דער גרויסער קייזערין, מאריא טהערעזא. אין דיעזע מינוט האט מען גאנץ שטיל אנגעקלאפט אין דער טהיר. דער מיניסטער האט ניט געענטפערט. דיא טהיר האט זיך געעפענט גאנץ שטיל און צוויי אינגלעך פון א יאהר זעקס און א יאהר אכט זיינען אריין שטילערהייט אין צימער. גראף מענסדארף האט זיך אויפגעחאפט, וויא איינער וואכט אויף פון א טיעפען שלאף. ער האט בעטראכט זיינע קינדער און א פרעהליכער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע געשלאסענע ליפען. דיא קינדער זיינען צוגעגאנגען צו איהם. ער האט ארויפגעלעגט זיינע הענד אויף זייערע בלאנדע קעפליך.

— פאפא, ליעבער פאפא! האט געזאגט דאס עלטערע קינד, מיר האבען דיך נאך היינט ניט געזעהן. מיר האבען געווארט ביז אהער אום דיר צו זאגען א גוטע נאכט.

— גוטע נאכט, ליעבער פאפא! האבען געזאגטביידע קינדער מיט א מאל. שלאף געשמאק, ליעבער פאפא! מיר דארפען אויך שוין געהן שלאפען. עס איז שוין שפעט און מיר זיינען שוין שלעפריג.

גראף מענסדארף האט ארומגענומען ביידע קינדער, האט זיי צוגעפרעסט צו דער ברוסט און האט זיי געקושט אין קאפ.

— גוטע נאכט, מיינע טהייערע קינדער, האט ער זיי געזאגט. איך דאנק אייך,

וואס איהר האט געוואָרט אזוי שפּעט אויף מיר. איך בין זיכער, אז איהר זיינט היינט געוועזן פלייסיג און האט זיך גוט אויפגעפיהרט.

— יא, פּאפּא! האבען דיא קינדער געענטפערט. ווען מיר וואָלטען ניט געווען ארטיג און פלייסיג, וואלט מען אונז ניט געוועזן ערלויבט צו ווארטען אזוי שפּעט.

דער גראף האט גענומען ביידע קינדער צו זיך אויף דער קניע און האט זיי געהאלזט און געקושט. ווען איינער וואָלט איהם געזעהן אין דיעזע מינוט, וויא ער האלט זיך מיט דיא קינדער, וואָלט ער אויף קיין פאל ניט געגלויבט, אז דאס איז דער מאן, וועלכער האלט אין דיא הענד דאס שיקזאל פון גאנץ עסטערךייך. ענדליך, האט ער זיי אראפּגעלאָזען פון זיינע קניע.

— גוטע נאכט, מיינע ליעבע, טהייערע קינדער! האט ער געזאגט און האט זיי נאך א מאל געקושט.

דיא קינדער זיינען ארויסגעגאנגען שטילערהייט און האבען פערמאכט דיא טהיר.

— זיי זיינען גליקליך, האט דער מיניסטער געזאגט, ווען ער איז וויעדער געבליעבען אליין. זיי קענען נאך שלאָפען רוהיג; זיי ווייסען נאך ניט פון דיא שווערע זאָרגען, וועלכע רויבען ביי אונז עלטערע מענשען אוועק דעם שלאָף. זיי זיינען גליקליך, וואס זיי זיינען ניט קיין מיניסטאָרען!

ער איז נאך געזעסען אייניגע מינוט, דאן האט ער א קלונג געטהאן מיט'ן זילבערנעם גלעקעל, וואס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש. א דיענער איז אריינגעקומען.

— זיינען דא פיעל געסט ביי דער גרעפין? האט ער געפרעגט.

— זעהר פיעל. ביידע גרויסע זאלען פול מיט געסט, האט דער דיענער גע־ענטפערט.

דער מיניסטער האט א מאך געטהאן מיט דער האנד. דער דיענער איז ארויס־געגאנגען.

— איך מוז געהן צו דיא געסט, האט דער מיניסטער געזאגט. עס וועט זיי זיין א וואונדער, וואס איך בין אזוי שפּעט ניטא. יעדער וועט זיך עס ערקלערן אויף אנאנדער ארט. מען וועט רעדען, מען וועט פּלוידערן, מען וועט דערצעהלען, גאָט ווייס וואס.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, האט זיך אומגעקוקט אין שפּיעגעל, אויף זיין מונדיר און זיינע גרויסע, שווערע גאָלדענע עפּאלעטען, אויב זיי זיינען אין גוטער אָרדנונג. ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז אלעס איז אין אָרדנונג, איז ער געגאנגען דורך א בעזונדערע טהיר אין גרויסען זאַל.

— גראף מענסדאָרף איז געקומען! גראף מענסדאָרף איז שוין דא!

דיעזע ווערטער זיינען דורכגעלאָפען פון מויל צו מויל אין ביידע גרויסע זאלען, וואו דיא הויכע שעהנע געשטאַלט פון'ם ערשטען עסטערךייכישען מיניסטער האט זיך געוויעזען אויף דער שוועל. דער ערשטער, וועלכער איז צוגעגאנגען צו איהם, איז געוועזן זיין שוואגער, גראף קלאם־גאלאס.

— מיר וועלען זיך שלאָגען פאר דיא עהרע פון אונזער ליעבעס, אלטעס עסטער־

רייך! האט ער איהם געזאגט גאנץ שטיל, אז קיינער זאל ניט הערן. מיר וועלען ארויסנעהמען דיא אלטע פערראָסטעטע שווערדען און מיר וועלען געהן אין מונטערן, פרעהליכען קריעג.

— וויא גליקליך וואלט איך געוועזן, איך זאל אויך קענען געהן מיט אייך אין קריעג! האט גראף מענסדאָרף געזאגט מיט א שטילען זיפץ. ארומלויפען אויף א פייערינעם פערד אויפ'ן שלאכט פעלד, ווען דאס בלוט קאָכט, דאס הארץ קלאפט און אלע געדאנקען זיינען געריכטעט נור אויפ'ן פיינד, איז פיעל בעסער, אלס צו זיצען דא, אין אן ענגען קאבינעט און ציטערן ווארטענדיג אויף א טעלעגראמע, אויף א נאַכריכט פון קריעגסטהעאטער. ליידער, לאָזט מיך דער קייסער ניט אָפּ. ער פאָרדערט, איך זאל בלייבען מיניסטער.

— האט דער קייסער שוין בעשלאָסען דעם קריעג?

— ער האט נאך ניט בעשלאָסען. ער וויל אבער ניט נאכגעבען פרייסען אויף א האָר. ער איז דער דייטשער קייסער און וויל בלייבען דער דייטשער קייסער. דאס וועט פיהרען צום קריעג. ביסמארק האט שוין לאנג פערטיג זיינע פלאנען צום קריעג.

אונטערדעסען איז צוגעקומען דער רוסישער געזאנדטער, פירסט לאָבאנאָוו־ראסטאָווסקי. גראף מענסדאָרף האט איהם נעגעבען דיא האנד, האט איהם גענומען אונטערן ארים און איז מיט איהם ארומשפאַציערט אין זאל. זיי האבען בעגעגענט דעם פראַנצויזישען געזאנדטען, הערצאָג דע גראמאָן און אלע דריי האבען זיך געשטעלט רעדען לעבען א פענסטער.

וויא דורך א צויבער איז דער פרייסישער געזאנדטער געבליעבען אליין. צו וועמען ער האט געוואָלט צוגעהן, דער האט זיך אויסגעדרעהט און איז אויסגעקומען פון דער אנדערער זייט זאל. האט ער געוואָלט צוגעהן צו א גרופע מענשען, וועלכע האבען דאָרט זיך אזוי ערנסט גערעדט צווישען זיך און זיינען געוועזן שטארק פערטיעפט אין זייער געשפרעך, האט מען פלוצלונג אנגעהויבען צו דערצעהלען פרעהליכע אנעקדאָטען און מען האט געלאכט. דער פרייסישער געזאנדטער, גענעראל פאן ווערטהער, האט געפיהלט, אז ארום איהם האט זיך געבילדעט א קאלטע לופט, וועלכע פערטרייבט פון איהם יעדען מענשען. דאכט זיך, קיינער האט ניט גערעדט פון פאָליטיק, קיינער האט ניט גערעדט פון קריעג און דאך האט מען געפיהלט דעם רויך פון פולווער אין גלענצענדען זאל.

ער האט זיך נאך ארומגעדרעהט איינינע צייט גאנץ אליין, איז ענדליך צוגעגאנגען צו דער גרעפין מענסדאָרף, דיא ווירטהין פון'ם באלל, און האט פון איהר אבשיעד גענומען.

— עס איז נאך פריה, האט דיא גרעפין מענסדאָרף געזאגט. וואס איילט איהר זיך אזוי, גענעראל?

— עס איז מיר העכסט אנגענעהם אין אייער געזעלשאפט, האט דער גענעראל געענטפערט. ליידער, פיהל איך מיך זעהר שלעכט. מיר האבען געהאט א קאלטען מאַי הייִנטיגעס יאהר און איך האב מיך ערקעלטעט.

ער האט זיך נאך א מאל פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

## 3טעס קאפיטעל.

# אין קעניגליכע פאלאצען.

איך וויל ארומפיהרען מיינע לעזער איבעל איבער אייראפא און איהם בעקאנט מאכען מיט אלעמען, וואס איז אין יענער מערקווירדיגער צייט פאָרגעקומען אין דיא פאלאצען פון דיא קעניגע און פירסטען. איך האף, אז דער לעזער וועט צופריעדען זיין. איך וועל פאר איהם עפענען א נייע וועלט, וועל איהם פאָרשטעלען נייע מענשען און נייע אינטערעסען. איך וועל איהם ווייזען אנדערע פייגעל און אנדערע ליעדער.

מיר זיינען אין בערלין דעמזעלבען 30טען מאי 1866. אין דער שעהנער, ברייטער גאס „אונטער דען לינדען" ניט ווייט פון'ם קעניגס שלאס, שטעהט א גרויסעס הויז. דאס איז דאס מיניסטעריום דער אייסערן אנגעלעגענהייטען. דארט וואינט דער ערשטער פרייסישער מיניסטער, גראף ביסמארק־שעהנהויזען.

אין איינעם פון דיא גרויסע און העלע צימער פון אונטערשטען עטאזש זיצען צוויי פרויען, אן עלטערע און א איינגערע. דיא עלטערע לעזט אין א בוך און דיא אינ־גערע זיצט ביי דער פארטעפיאנאָ. אין דער מיט שטוב שטעהט א טיש, אויף וועלכען עס זיעדעט און קאכט א סאמאוואר. ארום סאמאוואר שטעהן גלעזער און שאלען. אויף א גרויסער זילבענער טאץ ליעגט צוויבאק און ביסקוויט.

דיא צוויי פרויען זיינען דיא גרעפין ביסמארק און איהר טאכטער, פריילין ביס־מארק. ביידע פרויען זיינען פערטראכט. דיא גרעפין לעזט ניט איהר בוך און דאס פריילין שפיעלט ניט אויף דער פיאנאָ.

— דער פאטער איז נאך ניטא, האט ענדליך געזאגט דיא גרעפין. עס איז שוין אזוי שפעט און ער האט נאך הייגט ניט געגעסען. אך, דיא פערדאמטע פאָליטיק! ער לעגט אוועק זיינע כוחות אויף דער פאָליטיק! טאג און נאכט בעראטהונגען, טאג און נאכט אוידיענצען און שרייבעכצען. ער וועט קראנק ווערן פון אזא שווערע ארבייט. וואס ווילען זיי פון איהם האבען מיט זייער פאָליטיק?

— וואס ווילסט דוא, מוטער? דוא זעהסט דאך, אז דיא פאָליטיק מאכט דעם פאטער פערגניגען. ער לעבט נור מיט דער פאָליטיק. ער איז געווארען גרויס און בע־ריהמט אין דער גאנצער וועלט נור דורך זיין קלוגע פאָליטיק. דער נאמען ביסמארק קלינגט יעצט פון איין עק וועלט אין דער אנדערער, אלץ צוליעב דער פאָליטיק.

— מיט דער פאליטיק אבער קען מען ניט לעבען, האט זיך געבייזערט דיא גרעפין ביסמארק. א מענש מוז עסען, ער מוז זיך אויסרוהען, זאנסט האט ער קיין כח ניט צו ארבייטען.

— דער פאטער ווייס שוין, וואס ער טהוט, ליעבער מוטער, האט פריילין ביס־מארק געזאגט שטאלץ. ווען דער פאטער האט הייגט ניט געגעסען, ווייס ער וואהר־שיינליך, אז ער דארף הייגט ניט עסען. זיין ארבייט, זיינע הויכע געדאנקען גיבען איהם מוטה און קראפט.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א קלאפ אין דער טהיר. גרעפין ביסמארק האט געזאגט דאס געוועהנליכע — הערײן!

אין צימער איז אריין א הויכער, שעהנער יונגערמאן מיט בלאנדע האאר און מיט א גאלדענער ברילע אויף דער נאז. ער האט זיך העפליך פערנייגט און האט געזאגט דיא דאמען:

— גוטען אבענד!

— גוטען אבענד, ליעבער באראן, האט דיא גרעפין ביסמארק געענטפערט. וועצט אייך, ליעבער קיידעל. איז נאך אימיצער דא ביי מיין מאן אין קאבינעט?

— דער גענעראל מאנטייפעל זיצט ביי איהם.

באראן פאן קיידעל איז געווען ביסמארקס סעקרעטער. ער איז געווען גאנץ היימיש ביי ביסמארקען אין שטוב. (שפעטער האט ער אויך געהייראטהעט ביסמארקס טאכטער. יעצט איז ער געזאנדעטער פון דייטשלאנד אין רוים).

— זיצט דער גענעראל מאנטייפעל שוין לאנג ביי מיין מאן אין קאבינעט? האט דיא גרעפין ביסמארק געפרעגט.

— ער זיצט שוין לאנג ביי איהם, האט דער באראן געענטפערט. איך מיין, אז ער וועט שוין באלד אוועקגעהן.

מען האט גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען, פון דיא נייעסטע שטיק, וואס מען שפיעלט אין בערליענער טהעאטערע, פון דיא נייעס פון דער שטאדט, פון ארויס־פאהרען אויפ'ן זומער ערגעץ אין א דארף און דערגלייכען. פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט גאנץ שטיל און דיא הויכע, שטארקע געשטאלט פון גראף ביסמארק האט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל. ער איז צוגעגאנגען צו זיין טאכטער און האט איהר א קוש געטהאן אין קאפ, זיין פרוי האט ער געזאגט א פריינדליכען: גוטען אבענד. דעם בא־ראן פאן קיידעל האט ער גאר ניט געזאגט, ווייל ער האט זיך ערשט ניט לאנג מיט איהם געזעהן.

אלע האבען זיך געזעצט ארום טיש. פריילין ביסמארק האט געזעהן, אז דער טהעע זאל זיין פערטיג און האט אנגעהויבען אנצוגיעסען דיא גלעזער. א דיענער איז אריינגעקומען און האט אניעדער געשטעלט פארן ערשטען פרייסישען מיניסטער א גרויסע גלאז ביער. דער מיניסטער האט זיא אויסגעטרונקען מיט איין מאל.

— דער גענעראל פעלדמארשאל װראנגעל איז היינט ביי מיר געװען, האט דיא גרעפין ביסמארק געזאגט צו איהר מאן. ער האט זעהר געוואלט מיט דיר רעד'ען. איך האב איהם אבער געזאגט, אז דוא ביזט זעהר בעשעפטיגט און האב איהם געבעטען, ער זאל אפלעגען זיין בעזוך אויף אנאנדער מאל.

— איך דאנק דיר, ליעבע פרוי, וואס דוא האסט איהם אפגעלעגט אויף אנאנ־דער מאל. איך בין ווירקליך היינט אזוי בעשעפטיגט, אז איך קען ניט אויפנעהמען קיין בעזוך פון מיינע פריינד. דיא פאליטיק ווערט אלע מאל אלץ מעהר פערוויקעלט און פערפלאנטעט, אז איך האב ווירקליך קיין צייט ניט אויפצונעהמען וויזיטען.

— דער גענעראל װראנגעל האט מיר געבראכט א שעהנע זאך, האט דיא גרעפין ביסמארק געזאגט און האט ארויסגענומען פון א שובלאדע א קאנווערט. מיר האבען זיך גענוג אנגעלאכט איבער דיעזען זאנדערבארען איינפאל.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא לאנגזאם געעפענט דעם קאנווערט, האט ארויס־

געגומען פון איהם א פאָטאָגראַפישע קארטע און האט עס דערלאַנגט איהר מאַן. ביסמארק האט בעטראכט דאס בילד און האט זיך צולאכט מיט א געזונדען, פרעה־ליכען געלעכטער. פרייליין ביסמארק איז געווארען נייגיעריג און האט גענומען דאס בילד פון איהר פאטערס האנד. זיא האט אויך געלאכט און האט עס דערלאַנגט דעם באראן פאַן קיידעל.

דאס איז געוועזן א פאָטאָגראַפישעס בילד פון גראף ביסמארק און פון דאמאלס א זעהר בעריהמטע אקטריסע מיט׳ן נאמען לוקא.

— אזוי? האט געלאכט גראף ביסמארק. מען פערק׳יפט עס שוין אין דיא גאַ־סען? גוט! איך בין צופריעדען, איך האב מיך ניט וואס צו שעהמען מיט דער לוקא.

ער האט נאך אמאל בעטראכט דאס בילד איינינע סעקונדען און האט געזאגט מיט א שמייכעל.

— מיט איינינע טעג צוריק בין איך געגאנגען גאנץ פריה „אונטער דען לינדען" און האב בעגעגענט דיא לוקא. זיא האט זיך בעקלאגט, אז זיא לאנגווייל׳עט זיך און האט ניט מיט וואס צו פערטרייבען דיא צייט. — ווייסט איהר וואס? האט זיא זיך פלוצלונג געווענדעט צו מיר, קומט לאמיר זיך ביידע פאָטאָגראַפירען. מיך הערט א האלבע וועלט און אייך הערט א האלבע וועלט, וועט אונז הערן דיא גאנצע וועלט. איהר איינפאל איז מיר געפעלען און מיר זיינען ביידע אריינגעגאנגען אין דער קעניג־ליכער פאטאגראפיע און האבען זיך געלאזט פאָטאָגראַפירען. — דאס איז דיא געשיכ־טע פון דיעזעס בילד. איך האב ניט גערעכענט, אז עס וועט אזוי גיך ארויסקומען און מען וועט עס ארומטראגען אין דיא גאסען. מען וועט שוין פלוידערן, וואס מען וועט אליין וועלען. — לאז מען פלוידערן!

דיא גרעפין ביסמארק האט נאך אמאל בעטראכט דאס בילד און האט ווידער געלאכט. ענדליך האט זיא עס צוריק אריינגעלעגט אין קאנווערט און האט עס פער־שלאסען ביי זיך אין קאמאד.

פרייליין ביסמארק האט יעצט געשטעלט פאר יעדען א גלאז טהעע. אלע האבען געטרונקען שטילערהייט. גראף ביסמארק האט זיך ווידער פערטראכט. ער איז וויע־דער געווארען גאנץ ערנסט. אויף זיין ברייטען שטערן האבען זיך ווידער אויסגעלעגט טיעפע קנייטשען. מען האט אפגעטרונקען דעם טהעע. גראף ביסמא־ק האט זיך אויפ־געהויבען און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. קיינער האט ניט געוואגט איהם צו שטערן. אלע האבען געזעהן, אז זיינע געדאנקען ארבייטען שווער. פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו זיין טאכטער.

— אביסעל מוזיק, ליעבע טאכטער! שפיעל מיר עפּעס, אבער אזוי — עפּעס א קלינגענדעס, א רוישענדעס! דאס בעסטע פון אונזערע אלטע דייטשע העלדען ליעדער.

פרייליין ביסמארק האט זיך געזעצט צו דער פארטאפיאנא און האט אנגעהויבען צו שפיעלען א שטיק פון דעם דייטשען ליעד „דיא ניעבלונגען". גראף ביסמארק האט ניט געוואלט שטערן. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט אנגעשפארט זיין קאפ אן דיא הענד און האט צוגעהערט אויפמערקזאם, גלייך, וויא ער וואלט געשעפט

פרישע קראפט פון דער מוזיק. אימער העלער, אימער בעגייסטערטער, אימער בערושענדער האבען זיך געגאסען דיא טענער פון דער פארטעפיאנא. פריילין ביסמארק איז בעגייסטערט געווארען פון איהר שפיעלען. איהרע לאנגע, ווייסע פינגער זיינען ארומגעלאפען און האבען געטאנצט אויף דיא ווייסע און שווארצע טאסטען פון דער פארטעפיאנא. אימער רוישענדער איז געווארען דיא מוזיק. דיא קנייטשען אויף ביסמארקס בריטען שטערן האבען זיך אויסגעגלייכט, אויף זיינע ליפען האט זיך געוויזען א צופריעדענער שמייכעל. ער האט אנגעהויבען צו רעדען צו זיך אליין, צו ערשט גאנץ שטיל, באלד אבער האט ער אנגעהויבען צו רעדען הויך, אז אלע האבען איהם געהערט.

— עס מוז זיין! איך מוז עס אונטערנעהמען! איך מוז פעראייניגען דאס צושטיקעלטע און צוברעקעלטע דייטשלאנד. זעקס און דרייסיג קעניגע און פירסטען אין אזא קליין שטיקעל לאנד איז צופיעל. דייטשלאנד מוז זיין איין פאלק און האבען איין אבערהויפט!

ער איז צוגעגאנגען צו זיין טאכטער און האט איהר א קוש געטהאן אין קאפ.

— איך דאנק דיר, ליעבע טאכטער, פאר דיין מוזיק! האט ער איהר געזאגט. דוא האסט אין מיר אריינגעגאסען א נייע קראפט, א נייען מוטה.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען אין זיין קאבינעט און האט זיך געזעצט שרייבען. דיא גרעפין ביסמארק האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון איהר מאן דיא גאנצע צייט, וואס איהר טאכטער האט געשפיעלט. זיא האט געזעהן, אז איהר מאן איז זעהר אויפגערעגט. זיא האט געהערט, אז ער האט עפעס גערעדט צו זיך אליין. זיא האט צוואר ניט געהערט, וואס ער האט גערעדט; זיא האט אבער געוואוסט, אז ער טהוט עס קיין מאל ניט. זיא איז געווארען אונרוהיג. — ער איז ווירקליך קראנק, האט זיא זיך געטראכט. ער איז אויפגערעגט. איך האב איהם נאך קיין מאל אזוי ניט געזעהן. זיא האט זיך געווענדעט צו באראן פאן קיידעל:

— געהט איהם נאך, ליעבער באראן, לאזט איהם ניט אזוי פיעל ארבייטען. ער קען נאך קראנק ווערן.

— איהר ווייסט דאך, גרעפין, וויא שווער עס איז מיט איהם צו רעדען, ווען עס קומט צו דער פאליטיק. ער הערט קיינעם ניט און וויל פון קיין זאך ניט וויסען. איך האב איהם שוין עטליכע מאל געבעטען, ער זאל ווייניגער ארבייטען, ער הערט מיך אבער ניט.

— איך וועל געהן בעטען דעם פאטער, ער זאל זיך אויסרוהען, האט פריילין ביסמארק געזאגט.

אין דיעזע מינוטע האט מען געהערט קלינגען אין ביסמארק'ס קאבינעט. א דיענער איז אריינגעקומען און איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר.

— איז דער באראן פאן קיידעל נאך ניט אוועקגעגאנגען?

— ער איז נאך ביי דער גרעפין, האט דער דיענער געענטפערט.

— בעט איהם, ער זאל קומען צו מיר אויף א פאר מינוט.

באלד איז דער באראן פאן קיידעל אריינגעקומען אין קאבינעט.

— ליעבער קיידעל, האט איהם ביסמארק געזאגט. איך האב דא אנגעשריעבען

א פאר ווערטער צו דיא פרייסישע געזאנדטע אין וויען, פאריז און פעטערבורג. זייט אזוי גוט, שרייבט עס איבער און שיקט עס גלייך אוועק מיט דער פאָסט.

דער באראן פאן קיידעל האט זיך אניעדער געזעצט און האט אנגעהויבען צו לעזען, וואס ביסמארק האט אנגעשריעבען. ער איז געוואָרען בלייך און האט א ציטער געטהאן.

— אבער גראף, איהר ערקלערט דאך עסטערריידך קריעג? האט ער געפרעגט ערשטוינט.

— שרייבען זיא, שרייבען זיא, ליעבער קיידעל. עס איז קריעג!

אייניגע סעקונדען האבעןביידע געשוויגען.

— נון, יעצט גוטע נאכט, ליעבער באראָן. איך בין מיעד איך מוז געהן מיך אויסרוהען. מאָרגען וועל איך געווים האבען פיעל ארבייט.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. דער באראן פאן קיידעל האט זיך אניעדער געזעצט און האט באלד אנגעשריעבען דיא דריי גאַנץ קורצע בריוועלעך. אין א האלבע שטונדע ארום איז אין גאנצען הויז געווען שטיל און רוהיג. אלע לאָמפּען זיינען געווען אויסגעלאָשען און דיא טהירען פערשלאסען.

— — — — — — — — — — — — —

שעהן איז דיא געגענד ארום דער שטאדט האנאָווער, דיא הויפט שטאדט פון׳ם קעניגרייך האנאָווער. דאס אויג זעהט מיט פערגניגען שעהן בעארבייטעטע פעלדער און גרינע וועלדער. וואוהין מען גיט א קוק, זעהט מען לעבען און בעוועגונג. דער דייטשער בויער איז א גוטער און פלייסיגער ארבייטער. ווען מען לאזט איהם צו רוה; ווען זיינע קעניגע און פירסטען דריקען איהם ניט מיט שטייערן און מיט וועהר פפליכט (צו זיין א סאָלדאט) קען ער פון יעדע געגענד מאכען א גן־עדן.

פון דער שטאדט האנאָווער ביז אין שלאָס הערענהויזען, וואו דער קעניג וואָינט, ציהט זיך א לאַנגע אלעע בעפלאַנצט מיט שעהנע אלטע בוימער. אויף דיעזער אלעע איז שטענדיג לעבעדיג. מענשען געהן, פאהרען און רייטען פון דער שטאדט צום קעניג׳ס שלאָס און צוריק.

עס איז אום עלף אין דער פריה. א לייכטע דראָשקע פאהרט אין דיעזער אלעע און איז צוגעקומען גלייך צו דיא פערגאָלדעטע טויערן פון׳ם קעניגס שלאָס. א יונגער מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג אין א שווארצען ראָק איז אראפּגעשפרונגען פון דער דראָשקע און איז גלייך אריין אין גרויסען, שעהנעם מיט בלומען בעוואקסענעם הויף. ער איז אריינגעגאנגען אין שלאס, איז דורך געגאנגען דעם לאַנגען קאָררידאָר און איז געבליעבען שטעהן פאר א רייך געקליידעטען דיענער.

— איז זיינע מאיעסטעט אליין? קענט איהר מיך מעלדען? האט ער געפרעגט דעם קאמער־דיענער.

— זיינע מאיעסטעט ארבייט מיט זיין סעקרעטער, הערר לעקס. איך וועל אייך מעלדען.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט גאנץ לייכט א קלאפּ געטהאָן.

— קאָם־אין! האט מען געהערט די פעסטע קלינגענדע שטימע פון געאָרג דעם פינפטען, קעניג פון האנאָווער.

דער קאמער־דיענער איז אריינגעגאנגען אין צימער, האט זיך דאָרט געזאמט איינעגע מינוטען און איז באלד ארויסגעקומען.

— זיינע מאיעסטעט בעט דעם באראן מעדינג, ער זאל ווארטען איינעגע מינוטען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געעפענט דעם ווארטסאלאָן. באראָן מעדינג איז אריין אין ווארטזאל און האט זיך אניעדער געזעצט אויף א דיוואן. אין ווארטזאל איז קיינער ניט געווען, באלד אבער האט זיך די טהיר געעפענט און א הויכער, אלטער מאן פון א יאהר זעבציג איז אריין אין זאל. ער האט געטראגען א מונדיר פון א גענעראל. זיין ברוסט איז געווען בעהאנגען מיט אָרדענס און מעדאילען. אויף זיינע ברייטע פלייצעס האבען געציטערט שווערע גאָלדענע עפּאָלעטען. דאס איז געווען גענעראל אדיוטאנט פאן טשירניץ, דעם קעניגס רעכטע האנד אין אלע זאכען, וואס געהערט דער אַרמעע. דער באראָן מעדינג איז אויפגעשטאנען און האט איהם בעגריסט.

— גוטען מאָרגען, גענעראל פאן טשירניץ!

— גוטען מארגען, גוטען מאָרגען! האט דער גענעראל געענטפערט מיט א באס שטימע. וועלען מיר האבען לאנג צו ווארטען? וויא קומט איהר אזוי פריה אהער? האט איהר פיעל צו טהאן ביי זיינע מאַיעסטעט?

— דער קעניג ארבייט מיט זיין פריוואט סעקרעטער. וואהרשיינליך, שרייבט ער יעצט בריעף, האט באראן מעדינג געזאגט. וויא לאנג עס וועט דויערן, קען איך אייך ניט זאגען. איך אליין האב זעהר ווענינ צו טהאן און וועל אייך ניט לאזען לאנג ווארטען.

דער גענעראל האט א זיפץ געטהאן און האט זיך א ווארף געטהאן אויפן דיוואן.

— ווייסט איהר, ליעבער באראן, וויפיעל צייט איך האב אין מיין לעבען געווארט אין די פאָרצימער פון קעניגע און פירסטען?

דער באראן מעדינג האט פערצויגען די אקסלען, גלייך וויא ער האט געוואָלט זאגען: וויא קען איך דאס וויסען?

— אכט יאהר, זיבען מאנאטע, דריי וואכען און פיער טאג, האט געזאגט דער גענעראל מיט פערדרוס.

— אבער פון וואנען ווייסט איהר עס, גענעראל? האט דער באראן מעדינג געפרעגט מיט א געלעכטער.

— איך האב א בוך, אין וועלכען איך פערשרייב יעדע מינוט, וואס איך ווארט אין פאָרצימער פון די גרויסע און פאָרנעהמע. זייט איך לעב, האב איך פערבראכט אכט יאהר, זיבען מאנאטע, דריי וואָכען און פיער טאג אין ווארטען. איך בין יעצט אכט און זעבציג יאהר אלט. איך מוז אראָפּרעכענען פון מיין לעבען די יאהרען, וואס איך האב פערבראַכט אין ווארט צימער פון די קעניגע און פירסטען: אין דיזע יאהרען האב איך דאך געוויס ניט געלעבט. אלזא, בין איך יעצט אלט נור ניין און פופציג

יאהר, פינף מאנאטע, איין וואָך און דריי טאג, דיא איבעריגע צייט פון מיין לעבען האב איך ערוואַרטעט.

— איך מוז אייך זאגען, גענעראל, אז איך האב קיין מאל ניט געדאכט דאראן איינצופיהרען אזא בוך. וויא אָפט, אך, וויא אָפט זוכען מיר מיטעל צו פערטרייבע דיא צייט, צו טייטען דיא צייט, צו פערברענגען דיא צייט? וויא אָפט ווייסען מיר ניט וואס צו טהאן מיט אונזער צייט? זאלען מיר נאך פיהרען ביכער, וויא אזוי מיר פערשווענדען דיא צייט? — דאס איז מיר קיין מאל ניט איינגעפאלען.

דער גענעראל האט געוואלט עפעס ענטפערן, אין דיעזע מינוטע אבער האט מען געהערט דעם העלען קלאנג פון א זילבערנעם גלעקעל. דער קאמערדיענער איז אריינגעקומען און האט געזאגט:

— באראן פאן מעדינג, זיינע מאַיעסטעט, דער קעניג, בעט אייך אין קאבינעט.

דער באראן האט זיך פערנייגט פארן גענעראל און איז אריינגעגאנגען אין קאַבינעט. דאס איז געווען א גרויסעס און העלעס צימער. אין דערמיט איז געשטאנען א גרויסער שרייב־טיש, אויף וועלכען עס זיינען געווען אנגעלעגט בריעף און פאפיערען. דער קעניג, געאָרג דער פינפטע, איז געזעסען לעבען שרייב־טיש.

דאס איז געווען א שעהנער מאַן מיט בלאָנדע האר און מיט א שעהנעם, רונדען בלאָנדען בארד. ער האט געהאלטען אָפען דיא אויגען און האט, דאכט זיך, געקוקט גלייך אויפ'ן באראן. ווער עס האט איהם ניט געקענט, וואָלט געמיינט, אז ער זעהט איהם, אין דער ווארהייט אבער זיינען דיעזע אויגען געווען בעדעקט מיט פינסטערער נאכט. — קעניג געאָרג דער פינפטער פון האנאָווער איז געווען בלינד.

— גוטען מאָרגען, מיין ליעבער מעדינג! האט דער קעניג געזאגט מיט זיין פריינדליכער שטימע. עס פרעהט מיך זעהר אייך צו זעהן. ועצט אייך און דערצעהלט מיר, וואס עס הערט זיך עפעס אין מיין קעניגרייך.

— אונטערטהעניגסט, גוטען מארגען, אייערע מאַיעסטעט! האט דער באראן פאן מעדינג געענטפערט און האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען שרייב־טיש. —

— און וואס זאגען מיינע טרייע אונטערטהאנען?

— אלע זיינען אויפגערעגט געגען פרייסען. אלע זאגען, אז פרייסען וויל פערשלינגען גאנץ דייטשלאנד. מען רעדט פון דיא מאגערע קיה, וועלכע פערשלינגען דיא פעטע.

— איך וויל האבען רוה, מיין ליעבער מעדינג, האט דער קעניג געזאגט טרויעריג. האנאָווער איז א קליינעס קעניגרייך. איך וויל מיך ניט מישען אין קריעג און איך האָף, אז אייראָפּא וועט מיר געבען רעכט און וועט מיך פערטהיידיגען. איך בין א פרייער הערשער אין מיין לאנד. קיינער קען ביי מיר ניט אוועקרויבען דאס רעכט צו טהאן, וויא איך וויל.

— געוויס, מאַיעסטעט! האט דער באראן געענטפערט. דיא פאָליטיק אבער וויל ניט וויסען פון רעכט און פון גערעכטיגקייט. ווער קען וויסען, צו וואס דער קריעג קען פיהרען? אין דער צייט פון א קריעג קוקט מען ניט אויף קיינעם, מען אכטעט ניט אויף קיינעם. צווישען צוויי גרויסע און שווערע מיהל־שטיינער ווערט דער גוטע

און שטילע ווייץ צומאָלען איוף מעהל. קען דער ווייץ זאגען צום מיהל־שטיין: וואס האָסט דוא צו מיר? וואס האב איך דיר געטהאן? האב איך דען ניט אזא רעכט, ויא דוא צו לעבען? פאר וואס זאלסט דוא מיך קוועטשען און דריקען?

— אויפ׳ן שעהנעם געזיכט פון קעניג געאָרג האט זיך געוויזען א פינסטערער וואָלקען. ער איז געוואָרען גאנץ ערנסט און האט געזאגט מיט א וויבער שטימע.

קען איך עס דען גלויבען, אז מיין פעטער, דער קעניג פון פרייסען, זאל טראכטען צו צונעהמען ביי מיר מיין לאנד? קען איך עס דען צולאזען, אז דער גוטער און גערעכטער קייסער פראנץ יאָזעף זאל דענקען אפצונעהמען דאס קליינע האנאָווער?

— וואס איז דען דער קריעג, ווען ניט רויב און מאָרד? האט דער באראן זיך אפגערופען. ווען עס וועט אויסברעכען א קריעג צווישען עסטעררייך און פרייסען, צוויי דייטשע לענדער, וועט דען ניט אויסקומען, אז א ברודער וועט וועלען טויטען א ברודער, א פאטער — א זוהן, א זוהן — א פאטער? דייטשען וועלען זיך שלאגען מיט דייטשען, ברידער וועלען מאָרדען ברידער. — ווער וועט דען אין אזא צייט רעדען פון פריינדשאפט, פון גערעכטינקייט, פון פערוואנדשאפט?

— אלזא, וואס דענקט איהר, דארף איך טהאן? האט דער קעניג געפרעגט אונרוהיג.

— איך דענק, אז אייערע מאיעסטעט און דער גראָסהערצאָג פון העססען — קאַסעל זאל אפשליעסען מיט פרייסען א פערטראג, מאכען א קאנטראקט, אז מען זאל אייערע לענדער ניט אנריהרען, וויל איהר ווילט זיך ניט מישען אין קריעג.

— מוז מען אונבעדינגט מאכען א געשריעבענעם קאנטראקט? האט דער קעניג געפרעגט פערוואונדערט. איז עס דען ניט גענוג, ווען איך וועל עס ערקלערען אָפען, פאר דער גאנצער וועלט און פרייסען וועט עס אויך ערקלערען אָפען?

— ניין, מאיעסטעט! עס וועט ניט גענוג זיין! ווען עס וועט זיין אנגעשריעבען, וועט עס פרייסען האלטען; קוים אבער וועט עס נור זיין אפגערעדט, האט עס קיי ווערטה ניט.

קעניג געאָרג האט געטראכט איינינע מינוט. ער האט נאך אלץ ניט געגלויבט אז פרייסען קען זיין אזוי שלעכט צו צו נעהמען ביי איהם זיין לאנד. אין א גאנץ קורצע צייט איז ער געוואָהר געווארען, וואס פרייסען קען טהאן.

— ליעבער מעדינג, האט ער זיך פלוצלונג געווענדעט צום באראן, זייט אזוי גוט און שרייבט אן דאס פאָרמוליאר פון אזא פערטראג (קאנטראקט) איך וויל עס לעזען.

— צו בעפעהל, מאיעסטעט! האט געזאגט דער באראן און איז ארויסגעגאנגען.

קעניג געאָרג איז געבליעבען אליין. א לאנגע צייט איז ער געזעסען איוף זיין שטוהל טרויעריג און פערטראכט. ענדליך איז ער אויפגעשטאנען.

— שווערע צייטען, האט ער געזאָגט צו זיך אליין, שווערע צייטען, דער קריעג מוז אויסברעכען צווישען דיא צוויי גרעסטע הערשער אין דייטשלאנד. עס וועט פליעסען בלוט — ברודער בלוט. דער איינציגער, וועלכער וואלט געקענט ארויפלעגען זיין אייזערנע האנד און זאגען: האלט איין! איך הייס ניט! דער איינציגער, וועלכער

וואלט עס געקענט טהאן — דער קייסער ניקאָלאַי I פון רוסלאַנד, ליעגט יעצט אין שלאָפט זיין אייביגען שלאָף. זיין זוהן, אלכסנדר II איז צו שוואך דערצו. ער קען קוים איינהאלטען זיין אייגענעם לאנד און מוז דאָרט איינפיהרען שפּיאָנען און א געהיים־פּאָליציי.

וואס זאל איך יעצט טהאן? אה, דאס וויים איך ניט! איין שווערער, אייזער־נער רינג שליעסט זיך אן דעם אנדערן, עס ווערט א שווערע קייט, וועלכע לעגט זיך ארום מיר און מיין ליעבעס, טהייערעס האנאווער. איך לעב רוהיג, איך לעב גליקליך מיט מיין גוטעס, ליעבעס פּאָלק. איך דארף קיינע שפּיאָנען, איך דארף קיין געהיים־פּאָליציי. מיין פּאָלק ליעבט מיך, איך בין פאר איהם א פאָטער, אן עלטערער ברודער. פּלוצלונג קומט דער קריעג און שטעלט מיר פאר זיין שרעקליכע, בלוטיגע געשטאלט. —

אין דיעזע מינוט איז עפּעס לעבען פענסטער אראָפּגעפאלען און האט זיך צו־בראָכען. דער קעניג האט א ציטער געטהאן און האט א קוועטש געטהאן א קנעפּעל אין זיין שרייב טיש. דער קאמער־דיענער איז באלד אריינגעקומען.

— וואס איז דאָרט אראפּגעפאלען אויף דער ערד? האט דער קעניג געפרעגט מיט א ציטערנדער שטימע.

דער קאמער־דיענער איז צוגעגאנגען צום אפענעם פענסטער און האט געזעהן, וואס דאָרט איז אראפּגעפאלען.

— עס איז אראָפּגעפאלען דער שעהנער ראזענשטאק, וועלכע איהרע מאַיעסטעט דיא קעניגין האט אליין געפלאנצט און געשטעלט דא לעבען פענסטער, האט דער קאמערדיענער געמעלדעט.

— איז דיא ראָזע בעשעדיגט?

— דיא ראָזע איז צובראָכען, האט געזאָגט דער קאמער־דיענער און האט צו־נויפגעקליעבען דיא שערבליך פון דער וואזאָנע.

קעניג גערארג האט א ציטער געטהאן און האט געגעבען דעם קאמער־דיענער א צייכען, ער זאל ארויסגעהן. ווען ער איז ווידער געבליעבען אליין, האט ער געזאָגט טרויעריג.

— דיא ראָזע, וועלכע מיינע גוטע, טהייערע מאריא האט געפלאנצט, איז צו־בראָכען. וואס הייסט עס? ער האט אויפגעהויבען זיינע בלינדע אויגען צום הימעל, גלייך וויא ער האט פון׳ם הימעל ערווארטעט אן ערקלערונג.

3טעם קאפּיטעל.

## אַננאַ באלצער.

אין דעמזעלבען זאל, אין וועלכען מיר האבען געלאזען דעם יונגען באראָן פאָן שטילאוו אין דעם אבענד, ווען עס איז געווען דער באל ביים ערשטען עסטעררייכישען מיניסטער מענסדארף, ליגט יעצט די שעהנע פרוי אויף דעמזעלבען סאמעטענעם דיוואן. עס איז ערשט עלף אוהר אין דער פריה. זיא טראגט א רייכעס און שעהנעס מארגענקלייד מיט ראָזא בענדער. יעצט אבער איז איהר געזיכט ניט אזוי פריינדליך און ניט אזוי ליעבליך, וויא דאמאלס, ווען מיר האבען זיא צום ערש׳ טן מאל געזעהן מיט׳ן יונגען באראָן. זיא איז אויפגער׳עגט און בייסט דיא ליפּען פאר צארן.

פאר איהר שטעהט א מאן פון א יאהר דרייסיג שעהן, אָבער עטוואס צו רייך נעקליידעט. אין דער קלאָר ווייסער מאַנישקע פון זיין העמד און אין זיין האלזטוך פונקעלן גרויסע בריליאַנטען, וועלכע מען קען זעהר לייכט דערקענען, אז זיי זיינען פאל־שע. דאס שווארצע האר פון זיין קאָפּ גלענצט פון צופיעל פּאָמאדע און זיין גאַנצעס בענעהמען אין רעדען וויזט, אז ער ברענגט צו זיין צייט ניט אין די פיינסטע ערטער פון וויען. ער האלט די הענד אין די קעשענעס און שטעהט פאר דער יונגער פרוי מיט אזא שטאָלצער און גראָבער מינע, וועלכע וואָלט אויף קיין פאל ניט מעגליך געווען צו ערקלערן, ווען מיר זאָלען ניט וויסען, אז ער איז איהר מאַן. ער איז אן אגענט אויף דער בירזע און הייסט באלצער.

— דוא קענסט מיך זעהר גוט, האט ער צו איהר געזאגט גראב און הארט, דוא ווייסט, אז איך קען דיך צווינגען צו טהאן, וואס איך וויל און וואס איך הייס. איך מוז האבען צוועלף הונדערט גולדען! ביז מארגען מוזען זיי בעשאפען ווערן!

ביי דיעזע ווערטער האט ער א קלאפּ געטהאן מיט זיין לאַקירטען שטיוועל אן דעם באדען, גלייך וויא ער האט געוואלט זאגען, אז זיא מוז איהם שאפען דאס געלד פון אונטער דער ערד.

— פערשפּיעל ניט דיין געלד אין קארטען, וועסט דוא שטענדיג האבען געלד, האט איהם דיא יונגע פרוי געענטפערט קאלט. ווען דוא פערשפּיעלסט אזוי פיעל, מוזט דוא דיר זוכען אנדערע קוועלען, וואו צו שעפּען געלד.

— הער מיך אויף צו בעליידיגען, האט ער אויסגערופען בייז. מיר קענען זיך זאגען איינער דעם אנדערן שעהנע זאכען. דאס קימערט מיך ווייניג. מיר האבען שוין אַמאל אפּגעמאכט, אז דוא זאלסט מיר געבען געלד און איך זאל פערקוקען אויף פיעלע זאכען, וועלכע א מאַן דארף ניט פערקוקען.

אויפ'ן שעהנעם געזיכט פון דער יונגער פרוי האט זיך געוויעזען א לייכטע רויט־קייט, וועלכע איז אבער באלד וויעדער פערשוואונדען. זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט איהם געזאָגט מיט פעראכטונג.

— דוא ווייסט גאנץ גוט, אז איך קען זעהר לייכט צורייסען מיינע קעטען. איך דארף מיך נור טויפען אויף א פּראָטעסטאנטין, דאן ווער איך פון דיר לויז. דאן מוזט דוא זיך מיט מיר שיידען און איך בין פריי.

— דערווייל ביסט דוא נאך ניט פריי, האט דער מאן געזאגט גראָב. איך מוז האבען ביז מארגען צוועלף הונדערט גולדען און דוא מוזט זיי מיר פערשאפען. ביי דיר איז עס דאך א קלייניגקייט. דיין יונגער אולאנען אָפיציער איז דאך א וואהרע שמאלץ גרוב, דוא קענסט שעפּען, וויאפיעל דוא ווילסט.

— עס טהוט מיר לייד, דוא וועסט מוזען זוכען אנאנדער שמאלץ גרוב, האט דיא פרוי געענטפערט פעסט.

— האסט דוא קיין מורא ניט פאר א סקאנדאל? האט דער מאן געפרעגט פרעך. נו, אז דיר איז רעכט, איז מיר אויך רעכט. ווען דיין יונגער אָפיציער וועט קומען, וועל איך אנמאכען אזא סקאנדאל, אז גאנץ וויען וועט דערמיט קלינגען.

— און דאס ענדע וועט וועט זיין, אז מען וועט דיך אראפּוואַרפען פון אלע טרעפּ און דוא וועסט מעהר ניט בעקומען פון מיר ניט איין קרייצער.

דיא לעצטע ווערטער האבען שטארק געווירקט אויף'ן בירזען אגענט. ער האט אייניגע מינוטען געשוויעגען. ער האט זיך איבערגעלעגט, וואס ער זאל איהר זאגען.

— דוא האסט רעכט, האט ער ענדליך געזאָגט און אויף זיינע ליפּען האט זיך געוויעזען א בייזער, אבשייליכער שמייכעל. פון אזא סקאנדאל וועט גאר ניט ווערן. אזוי וויא אבער דיין יונגער אָפיציער וויל קיין געלד ניט געבען, וועל איך שוין זעהן, אז דיא זאלסט פון איהם לויז ווערן. דוא מוזט געפינען איינעם, וועלכער זאל האבען א גרעסערן ביימעל און זאל איהם שטענדיג האלטען אפען.

זיא האט אויפגעהויבען איהרע שעהנע אויגען צו איהם און האט איהם געזאָגט שארף און פעסט.

— מעגסט טהאן, וואס דוא ווילסט. יעדער פון אונז איז פריי צו טהאן, וואס ער וויל.

— געוויס, איך וועל ווייזען דעם באראָן שטילאוו, וויא זיין זיסע געליעבטע קען אזוי שעהן שרייבען בריעף צו איהרע גוטע פריינד. ער וועט זיין ענטציקט צו זעהן, וויא שעהן זיין געליעבטע שרייבט.

דיא יונגע פרוי איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואלט זיא א ביס געטהאן.

— וואס מיינסט דוא דערמיט? האט זיא אויסגעשריען און איהרע אויגען האבען געשפריצט פלאמען.

— איך מיין דערמיט, אז איך וועל צו שיקען דעם באראָן שטילאָוו א בריעף פון'ם גראף דע ריווערא צו דיר און דיין פריינדליכע, ליעבענסווירדיגע אנטוואָרט אויף דיעזען בריעף. איך בין זיכער, אז דער באראָן וועט זיין זעהר נייגיעריג צו לעזען דיאביידע בריעף.

— וואו זיינען דען דיא בריעף, פון וועלכע דוא רעדסט?

— זיי רוהיג, איך האב זיי שוין גוט בעהאלטען.

— אבער וויא קומען זיי צו דיר? וואו האסט דוא גענומען דיא בריעף? האט זיא אויסגעשריען און האט געביסען דיא ליפּען פאר רציחה.

דער מאן האט זיך אויסגעדרעהט אויף דיא אבזעצע פון זיינע פיינע שטיוועלעך און האט געזאָגט מיט זיין ביטערן, שניידענדען געלעכטער.

— מיין ליעבע, טהייערע פרוי, דוא ווייסט נאך ניט, וויא אזוי א מענש דארף זיין פאָרזיכטיג. דוא האסט אניעדערגעלעגט דעם בריעף פון'ם גראף דע ריווערא און דיינע אנטוואָרט אויף דיין שרייב-טיש און האסט פערגעסען זיי אויפצוראמען. איך בין געקומען נגעוואהר ווערן, וואס דוא מאכסט, מיין ליעבע, און האב געפונען דיא בריעף ליעגען. איך ווייס אבער, אז מען דארף זיין פארזיכטיג און האב זיי בעהאלטען ביי [illegible] אין פּאָרטפעל. — דוא זעהסט, מיין ליעבע פרוי, האט ער ווייטער געזאגט מיט געלעכטער, אז פאר א מאן קען מען זיך ניט בעהאלטען. דוא דארפסט מיר יעצט

געבען דיא צוועלף הונדערט גולדען, ווען ניט, קענען דיא בריעף אנקומען צו מענשען, וועלכע וועלען זיין נייגיעריג זיי צו לעזען.

— דוא האסט געגנבעט מיינע בריעף? האט דיא פרוי אויסגעשריען אויסער זיך. אזוי ניעדעריג ביסט דוא שוין געפאלען, אז דוא שעהמסט זיך שוין ניט צו גנבענען?

— בייזער דיך ניט, מיין טהייערע, האט דער מאן געענטפערט קאלטבליטיג. איך האב געמאכט א פערברעכען געגען דאס זעקסטע געבאָט (לא תגנב) דוא בעגעהסט פערברעכען געגען דאס זיעבעטע געבאָט (לא תנאף) מיר פאסען איינער צום אנדערן. איך בין א גנב, דוא ביסט א....

איינינע מינוטען האט דיא פרוי געשוויעגען. אין איהר געזיכט האבען זיך געביט־טען אלערליי פארבען. פלוצלונג האט זיא זיך געוועגדעט צו איהר מאן און האט איהם געזאגט קאלט און מיט א שרעקליכער פעראכטונג.

— איך בין געוועזן אונפארזיכטיג און איך וויל פאר מיינע אונפארזיכטיגקייט בעצאהלען. מארגען וועסט דוא בעקומען דיא צוועלף הונדערט גולדען, ווען דוא וועסט מיר צוריקגעבען מיינע בריעף.

— יעצט רעדסט דוא, וויא א גוטע, געליעבטע פרוי דארף רעדען, האט ער געענטפערט מיט זיין ווילדען, גראָבען געלעכטער. איך וועל מאָרגען אין דיעזעלבע צייט פונקטליך קומען.

ער האָט א פאר מינוטען געשוויעגען, דאן האט ער זיך געוועגדעט צו איהר.

— האט מיין גוטע, שעהנע פרוי נאך בעפעהלע פאר מיר?

זיא האט איהם געוויעזען אויף דיא טהיר. אין דיעזע מינוט האט מען געהערט קלינגען אין דרויסען. דאס קאמער־מעדכען איז אריינגעלאָפען און האט געזאָגט:

— דער באראָן פאָן שטילאָוו.

אין קארידאָר האט מען געהערט דאס קלינגען פון שפּארען.

— איך וויל ניט שטערן, האט געזאגט הערר באלצער. איך ווינש אייך א גוטעס געשעפט און פיעל פערגניגען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויס דורך א זייטען טהיר. דיא שעהנע פרוי איז געבליעבען אליין. אין א סעקונדע האט זיך איהר גאנצעס געזיכט פערענדערט: די בייזע, ניפטיגע, פערביסענע מינע איז פערשוואונדען, אויף איהר געזיכט האט זיך געוויעזען א פריינדליכער, ליעבליכער שמייכעל. זיא האט אויסגעוויעזען, וויא א יונגעס אונשול־דיגעס מעדכען, וועלכע ערוואַרטעט אונגעדולדיג איהר געליעבטען. ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער יונגער בארא איז אריינגעטרעטען, פריש, מונטער, עלע־גאנט, וויא זיין שטייגער איז געוועזן, איז זיא איהם ענטגעגען געלאפען, האט איהם ארומגענומען און האט ארויסגערעדט גאנץ שטיל, וויא א האוך:— מיין זיסער פריינד!

דער יונגען בארא איז געוועזן, וויא בעצויבערט. ער האט איהר א קוש געטהאן אויף איהרע רויטע באקען און האט זיא צוגעפיהרט צום רייכען דיוואן. ער האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען איהר.—ענגער, פעסטער האט זיא איהם ארומגענומען, וויא דיא ריעזען שלאנג באַא קאנסטריקטאָר דרעהט זיך ארום דיא אונגליקליכע אנטעלאָפע, וועלכע זיא וויל פערשלינגען. זיא האט גענומען זיינע הענד און זיי צוגעלעגט צום הארצען.

— אזוי, אזוי, מיין פריינד, האט זיא געזאגט גאנץ שטיל. יעצט בין איך גליקליך!

עס איז געווען א שעהנעס בילד זיי אנצוקוקען, וויא זיי זיינען געזעסען איינער לעבען אנדערן, זייערע הענד ארומגעפלאכטען, איהר שעהנער קאפּ אויף זיין ברייטער ברוסט, — א בילד פון וואהרע, גליקליכע ליעבע! אזוי וואלט געוויס געמיינט א פרעמדער, וועלכער וואלט זיי געזעהן אזוי זיצען. אין דער וואהרהייט אבער איז דאס געווען א וואהרעס בילד פון היינטיגער צייט, פון היינטיגער וועלט, פון היינטיגע מענשען. — יערער וויל נור געניעסען דעם אויגען בליק, דיא מינוט. מען וויל ניט וויסען, וואס עס איז געווען, מען קלערט ניט, וואס עס וועט זיין. מען דענקט ניט, מען טראכט ניט, מען קלערט ניט — מען געניעסט. דאס איז געווען א בילד פון יענער געזעלשאפט, וואו עס זיינען ניטא קיין מאן, קיין פרוי, קיין פאטער, קיין מוטער, קיין וויעגעלע, קיין קינד — עס איז דא נור אן ע ר און א ז י א.

איינינע מינוטען זיינען פערגאנגען אין טיעפעס שווייגען. מען האט נור געהערט, וויא זייערע הערצער האבען געקלאפּט. פּלוצלונג האט דיא יונגע פרוי געגעבען א שטילען זיפץ.

— וואס זיפצסט דוא, מיין ליעבע אננא? ביסט דוא ניט גליקליך? פעהלט דיר עפּעס, דוא, מיין ליעבע, זיסע אננא?

— אך, מיין געליעבטער! האט דיא שעהנע פרוי געענטפערט און א צווייטער זיפץ האט געציטערט פון איהרע ליפּען. איך בין ניט אימער אזוי גליקליך, וויא יעצט, ווען דוא ביסט דא לעבען מיר — ערשט ניט לאנג —

זיא האט ניט ארויסגערעדט, וואס זיא האט געוואלט זאגען.

— וואס איז געווען ערשט ניט לאנג? האט דער יונגער מאן געפרעגט אונרוהיג. ווער האט עס געוואגט צו בעאונרוהיגען מיין שעהנע אננא און זיא צווינגען צו זיפצען?

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפּ, האט איהר א קוק געטהאן אין דיא אויגען און האט צוגעפּרעסט זיין מויל צו איהרע ליפּען.

— אך! האט געזאגט דיא שעהנע פרוי טרויעריג, מיין מאן איז דא ערשט ניט לאנג געווען.

— וואס האט ער געוואלט, דער טויגעניכטס? ווייס ער דען ניט, אז ער איז ניט ווערטה דיעזע שעהנע בלומע? ער פערשטעהט ניט, וויא צו שעצען אזא פּערל.

— איך בין אונגליקליך, האט ווייטער געזאגט דיא שעהנע פרוי. ער לאזט מיך ניט צו רוה. ער איז ווילד, ער איז פערדארבען, ער איז שלעכט און פערביטערט מיין לעבען. צווישען אונזביידען איז אלעס אויס. איך קען איהם ניט ליעבען, ניט שעצען, ניט אכטען אלס מיין מאן. ער ווייס עס זעהר גוט און דאך קומט ער אפט צו מיר. און פלאגט מיך און קוועלט מיך מיט פאָרווירפע, מיט אייפערזוכט —

זיא האט אבערמאלס ניט געענדיגט איהר רעדע, האט זיך אפּגערוקט פון איהם און האט ווייטער געזאגט מיט איהר טרויעריגער שטימע:

— זעהסט דוא, מיין טייערער פריינד. א מאל, ווען ער פלעגט מיך פלאגען און שרייען, ווען איך האב א שמייכעל געטהאן צו א פרעמדען הערן, פלעגט עס מיך ניט הארען. איך פלעג איהם אויסהערן גלייכגילטיג און פלעג לאכען פון איהם. יעצט אבער,

יעצט ציטער איך, ווען ער קומט, עס רייסט מיר דאס הערץ, מיין בלוט קומט מיר אין געזיכט — וויל....

זיא האט זיך ווייטער צוגערוקט צו איהם, האט אנגעהאפט זיין קאפ מיט ביידע הענד און האט איהם געגעבען א הייסען, ברענענדיגען קוש.

— וויל יעצט בין איך שולדיג! האט זיא ארויסגעזאגט און איז צוריק געפאלען אויפ'ן סאמעטענעם ק'שעלע פון'ם דיוואן.

— בערייעסט דוא עס? האט ער געפרעגט אונרוהיג.

— ניין! האט זיא אויסגערופען. איך בערייע עס ניט. עס קרענקט מיך נור, ער איז דאך מיין מאן. איך בין פון איהם אפהענגיג אין געלד זאכען. ער לאזט עס מיר זייער אפט שטארק פיהלען. —

— ווארום זאלסט דוא פון איהם אבהענגיגנג זיין? ווארום זאלסט דוא דארפען אנקומען צו איהם, איך וואלט דאך גליקליך געוועזן, דוא זאלסט מיר נור זאגען, וואס דוא פערלאנגסט, וואס דוא ווינשט?

— איך דארף אייגענטליך זעהר ווייניג, ער וויל מיר אבער שוין גאר ניט געבען.

— ארימע אננא! האט דער באראן געזאגט. וואס האסט דוא ביי איהם געבעטען און ער האט דיר ענטזאגט?

— אך, לאז זיין! רעד ניט דערפון! איך האב עס שוין פערגעסען, לאמיר דיא זיסע שטונדען פון אונזער ליעבע ניט פערברענגען מיט אזעלכע נארישקייטען.

—אך, ניין, ניין! האט אויסגערופען דער באראן. איך קען עס ניט פערגעסען. איך קען עס ניט דערלאָזען, אז מיין זיסע אננא זאל ליידען נויט און מאנגעל. זאג מיר ליעבע, טהייערע אננא, וואס פעהלט דיר? ווען דוא ליעבסט מיך, מוזט דוא מיר זאגען אלעס.

— וואס זאל איך דיר זאגען, געליעבטער? עס איז ניט ווערט דעריבער צו רעדען. נעכטען האט מיר מיין שניידערין צוגעשיקט א רעכנונג. איך האב איהם היינט געבעטען, ער זאל בעצאהלען דיא רעכנונג. ער האט זיך אויסגעבייזערט אויף מיר און האט מיר ניט געגעבען א קרייצער. — אזעלכע קלייניגקייטען פלאגען מיך אזוי שטארק, אז איך קען עס דיר ניט ארויסזאגען. אזעלכע זאָרגען פאסען ניט פאר מיין הערץ, וואו עס הערשט נור איין געדאנק, נור איין געפיהל, נור איין וואונש —

— נאך איין וואָרט, געליעבטע, האט אויסגערופען דער באראן. וויפיעל בעטרעפט דיעזע רעכנונג, וועלכע מאכט דיין שעהנעם קאָפּ אזוי פיעל זארגען?

— צוויי טויזענד גולדען, האט אננא באלצער געזאגט גאנץ שטיל.

— צוויי טויזענד גולדען? איבער אזא קלייניגקייט דארף זיך מיין שעהנע אננא מאכען אזוי פיעל זאָרגען? איך בעט דיך, טהייערע אננא, ערלויב מיר צו פערטרייבען דיעזע ניעדעריגע זארגען פון דיין שעהנעם געזיכט.

ער האט איהר נאך א מאל א קוש געטהאן אויף ביידע באקען.

— אך, וויא אונגליקליך בין איך! האט זיא אויסגערופען, אז איך דארף אנקומען צו יענעם, מוז נעהמען ביי יענעם. איך וואָלט בעסער געוואלט זיין א גרויסע און שטאָלצע קעניגין און דוא זאלסט זיין אן ארימער פאסטוך. איך זאל דיך ארויספיהרען

צו מיין טראהן און ווייזען דער גאנצער וועלט: דאס איז מיין געליעבטער! דאמאלס וואָלט איך גליקליך געווען. — יעצט אבער האב איך גאר ניט צו געבען, אויסער מיין ליעבע.

— איך פערלאנג דאך ניט מעהר, אלס דיין ליעבע, מיינע שעהנע, שטאָלצע קעניגין! האט דער באראן געזאגט. ער האט זיא נאך פעסטער ארומגענומען און האט איהר אריינגעלעגט אין דיא הענד א פּאָרטמאנע מיט געלד.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט שטארק קלינגען אין דער טהיר. דאס קאמער־מעדכען איז אריינגעלאָפען דערשראָקען און האט אויסגערופען:

— דער גראף דע ריווערא!

דיא יונגע פרוי האט א ציטער געטהאן און איז אפּגעשפּרונגען פון איהר געליעבטען. דער באראן האט א וואָרף געטהאן מיט כעם דעם ניעדריגען שטוהל, וועלכער איז געשטאנען פארן דיוואן, און האט זיך אליין געזעצט אין א ווינקעל.

— זאג איהם, אז דוא ביסט ניטא אין דער היים! האט ער געבעטען. וואס טויג דיר דיעזער גאסט, וועלכער איז געקומען אונז שטערן.

— איך קען עס ניט טהאן, האט געזאגט דיא יונגע פרוי. אין איז געווארען בלייך וויא קאלך. ער איז אן אלטער בעקאנטער, וועלכען איך האב שוין לאנג ניט געזעהן. איך מוז איהם אויפנעאמען. דאס איז —

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר פון זאל געעפענט און אין צימער איז אריינגעקומען א הויכער, שטארקער מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג. דיא דונקעלע פארבע פון זיין געזיכט און זיינע גלענצענדע שווארצע האר האבען געצייגט, אז ער איז א שפּאַניער, אדער אן איטאליענער. ער איז געווען ניט רייך, אבער עלעגאנט געקליידעט.

ער איז אריינגעקומען, וויא צו אן אלטער בעקאנטער, איז באלד צוגעגאנגען צו דער יונגער פרוי און האט איהר געגעבען דיא האנד. זיא האט אריינגעלעגט איהר קליינע ווייסע האנד אין זיינע. ער האט זיך אנגעבויגען און האט צוגעפרעסט זיינע ליפּען צו איהר האנד.

זיין מינע, זיין גאנג, און זיין גאנצעס בענעהמען האבען געוויעזען, אז דאס איז א מענש, וועלכער איז געוואוינט צו לעבען אין דער העכערער געזעלשאפט. באראן פאן שטילאָוו האט באלד בעמערקט, אז פאר איהם שטעהט א מאן, וועלכער קען בעסער דיא וועלט פון איהם און איז דא אין שטוב היימישער פון איהם. ער איז געווען העכסט אונצופריעדען פון דיעזען בעזוך.

— דורך א צופאל בין איך געקומען קיין וויען פריהער, וויא איך האב גערעכענט, האט גראף דע ריווערא געזאגט מיט א פעסטער, קלינגענדער שטימע. איך בין העכסט צופריעדען וויעדער צו זעהן מיינע וויענער בעקאנטע. זעלבסט פערשטענדליך, האב איך גערעכענט פאר מיין פפליכט מיין ערשטען בעזוך צו מאכען דער שעהנסטען פרוי פון גאנץ וויען.

ער האט נאך א מאל צוגעלעגט זיינע ליפּען צו דער האנד פון דער שעהנער פרוי און האט מיט דיא אויגען געפרעגט, ווער איז דער יונגער מאן, וועלכער זיצט

דאָרט אויפֿן דיוואן. אננא באלצער האט זיך אונטערדעסען בערוהיגט און האט געפּאסט מוטה.

— אה! איהר זייט ניט בעקאנט? האט זיא נזאגט מיט דער מינע פון א ווירטהין, וועלכע געפינט זיך פעפפליכטעט צו בעקענען איהרע געסט. — דאס איז באראן פאן שטילאוו. זיין מונדיר זאגט אייך דאס איבעריגע. ער איז מיין בעקאנטער און ברענגט מיר אלע נייעס פון דער גרויסער שטאדט וויען.

דאן האט זיא זיך געווענדעט צום באראן.

— דאס איז גראף דע ריווערא — א רייזענדער, געלערנטער און דיפּלאָמאט — וויא אזוי עס קומט איהם אויס. ער קומט יעצט פון רוים און וועט אונז געוויס דער־צעהלען פיעל נייעס פון איטאליען.

דער באראן און דער גראף האבען זיך פערניינט איינער געגען דעם אנדערן. דער באראן איז געווען בייז און אויפגערעגט, דער גראף — קאלט און רוהיג.

— איהר זייט שוין לאנג ניט געווען אין וויען? האט דער באראן געפרעגט קאלט. ער האט געמוזט עפּעס זאגען דער העפליכקייט וועגען.

— שוין זייט א יאהר האבען מיך מיינע געשעפטען געצוואונגען צו בלייבען אין רוים, האט גראף דע ריווערא געענטפערט העפליך. איך וואלט דארט נאך לענגער געבליעבען, ווען גאנץ דרינגענדע געשעפטע וואלטען מיך ניט צוריקגערופען קיין וויען.

ער האט זיך געווענדעט צו אננא באלצער און האט געזאגט מיט א פריינדליכען טאָן.

— איך בין העכסט צופריעדען, וואס איך בין צוריק געקומען אין דעם שעהנעם, פרעהליכען וויען. איך האב דא אזוי פיעל בעקאנטע, אזוי פיעל פריינד....

דיא יונגע פרוי האט א קוק געטאהן אויפֿן באראן און האט געזעהן מיט פער־דרוס, אז ער בייסט זיך דיא ליפּען ביי יעדעס וואָרט, וואס דער גראף האט ארויס געזאגט. זיא האט געוואָלט פערגלעטען דעם שלעכטען איינדרוק, וואס דער גראף האט געמאכט אויף איהר יונגען פריינד.

— דערצעהלט אונז ליעבער עפּעס נייעס פון רוים, האט זיא געבעטען דעם גראף. רוים איז אזא וואונדערשטאדט. דארט געפינען זיך אלע קינסטלער, אלע זינגער, דארט מוז שטענדיג זיין עפּעס נייעס.

— וואס קען איך אייך דערצעהלען פון רוים? דאָרט געפינען זיך נור אלטע בילדער, אלטע שטיינערנע פיגורען, ווען אין וויען אבער האבען מיר אלעס לעבעדיג און יונג פאר זיך האטדער גראף געזאגט.

— געוויס! האט אויסגערופען דער באראן. אין וויען האבען מיר פיינט דיא שטיינערנע פיגורען און בילדער אויסגעמאלט אויף לייוואנט. מיר ווילען לעבען און געניעסען דאס לעבען. מיר ווילען ניט קיין שטיינער, מיר דארפען לעבעדיגע מענשען. אין רוים לעבט מען אין דער פערגאנגענהייט — א מאל איז רוים געווען גרויס און שטארק — אין וויען לעבען מיר אין דער געגענוואַרט. מיר ווילען נור וויסען, וואס איצט איז.

— דיא וואס דענקען אזוי, האבען אונרעכט, האט דער גראף דע ריווערא געזאגט.

וואס מיר קענען, וואס מיר ווייסען און וואס מיר פערשטעהן — אלעס האבען מיר צו פערדאנקען דיא פערגאנגענהייט. זיא איז אונזער לעהרער, אונזער פיהרער, אונזער וועג ווייזער און אונזער ריכטער. וואס האבען מיר פון דער געגענוואַרט? גאר נישט.

דער באראן פאן שטילאוו האט זיך געביסען דיא ליפען. ער האט פערשטאנען, אז דאס איז א ווינק אויף איהם. דיא יונגע פרוי האט איהם געבעטען מיט דיא אויגען, ער זאל פערשוויינען דעם געלערנטען און זאל איהם בעסער גאר ניט ענטפערן. דער יונגער, שטאָלצער אולאנען אָפיציער אבער האט ניט געוואָלט נאכגעבען.

— דיא פערגאנגענהייט איז אָפט לאנגווייליג, האט ער געזאגט שארף.

— און דיא געגענוואַרט איז אָפט זעהר דום, זעהר נארריש, האט דער גראַף געענטפערט קורץ.

דער באראן האט זיך אויפגעהויבען פון׳ם דיוואן. ער האט זיך געפיהלט בעליידיגט.

— מיינע שעהנע פריינדין, האט פלוצלונג געזאגט דער גראַף צו דער יונגער פרוי, עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך האב אייך ווידער געפונען אזוי שעהן און אזוי בליהענד. איך וועל אייך נאך ווידער זעהן און האָף, אז איך וועל געפינען אזא צייט, ווען איך וועל קענען רעדען מיט אייך גאנץ אליין און קיינער זאל זיך דערביי ניט לאנגווייל׳ען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר א קוש געטהאן אין האנד, האט זיך פער־פערניינט פאר׳ן באראן און איז שטאָלץ און רוהיג ארויסגעגאנגען פון צימער. דער באראן האט געוואָלט איהם נאכגעהן. אין איהם האט זיך אנגעצונדען א פייער. ער האט געפיהלט, וויא טיעף דער גראַף האט איהם בעליידיגט. דיא יונגע פרוי האט פערשטאנען, אז צווישען דיעזע ביידע מענער קען ארויסקומען עפעס אונאנגענעהמעס. זיא האט איהם ארומגענומען און האט איהם געבעטען.

— וואו געהסט דוא, קארל? איך בעט דיך, לאז איהם לויפען, דעם האלב־וואהנזיניגען געלערנטען!

דער באראן האט אבער ניט געוואָלט הערען. ער האט זיך אויסגעריסען פון איהרע הענד און איז נאכגעלאפען דעם גראַף. אנפאנגס האט זיא איהם געוואָלט נאכלויפען, באלד אבער האט זיא זיך איבערלעגט און איז געבליעבען שטעהן אין דער מיט זאל. איהר ברוסט האט זיך שווער אויפגעהויבען, זיא האט געציטערט מיט׳ן גאנצען קערפער.

— איך האב געטהאן אלעס מעגליכע, אום איהם צוריקצוהאלטען, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. עס האט ניט געהאלפען. זיי וועלען זיך ארויסרופען אויף א דועל און וועלען זיך שלאגען. איינעם וועל איך געוויס פערליערען. מעגליך, אז איך וועל ביידע פערליערען.... וואס זאל איך טהאן? איך האב געזוכט אויסצומיידען, אז זיי זאלען ביידע זיך ניט צוזאמען טרעפען ביי מיר אין שטוב. איך בין געוועזען זיכער, אז דער גראַף איז יעצט אין רוים. ער איז פלוצלונג געקומען.... דער גראַף איז מיר ניצליך. ער ליעבט מיך ניט, ער דארף מיך נור פאר זיינע פלענער. ער איז א יעזואיט און האט שטענדיג זעהר פיעל געלד. דורך איהם וועל איך דערגרייכען אלעס, וואס איך וויל — רייכקייט, מאכט, הערשאפט. — דיא יעזואיטען בעהערשען דאך דיא וועלט.... הייגט דארף ער מיך, אין וויען, מאָרגען וועט ער מיך דארפען אין פאריז.

בערלין, לאנדאָן אדער פעטערבורג. איך מוז דעם גראף האבען. דער אפיציער אבער איז שעהן.... אך, וויא שעהן ער איז! אך, וויא זיס, וויא אנגענעהם פיהל איך, ווען איך נעהם איהם ארום, ווען איך האלט זיין שעהנעם קאָפּ פעסט אין מיינע הענד! מיין בלוט הייבט אן צו קאכען, איך ציטער מיט אלע גליעדער — איך ליעב איהם! אך, איך ליעב איהם!

זיא איז געשטאַנען אייניגע מינוט פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. פּלוצלונג האט זיא אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, וויא א טיגערין.

— קיין ליעבע! איך דארף קיין ליעבע! איך דארף רייכקייט, מאכט, הערר־שאפט! פירסטען, קעניגע זאלען ליעגען פאר מיינע פיס און איך זאל אויף זיי טרעטען. דיא מענשליכע געזעלשאפט פעראכטעט מיך. מען רופט מיך א געפאלענע פרוי. גוט! איך וועל זיי ווייזען, וואס א פרוי קען! מיין גראף וועט מיר שוין ווייזען דעם ריכטיגען וועג. — איך וויל ניט זיין דיא שקלאווין פון דיא מענער, איך וויל זיין זייער קעניגין!

זיא איז צוגעגאנגען צום דיוואָן, האט זיך אניעדערגעזעצט אויף איהר ארט און האט זיך פערטראכט. מיר קענען דער וייל ניט וויסען, וואס זיא האט געטראכט מיר וועלען אבער שפּעטער זעהן, וויא זיא האט געהאלטען ווארט.

אונטערדעסען האט דער בארָאן דערגרייכט דעם גראף און האט איהם געזאגט שארף.

— הערר גראף, איך האב אויף אייער לעצטע בעמערקונג ניט געענטפערט, וויל מיר זיינען געוועזן אין א פרעמדער שטוב און נאך ביי א דאמע. וויא עס ווייזט מיר אויס, האט איהר מיר געוואָלט געבען א לעקציאָן, מיך אנלערנען, איך זאל ווייטער ויסען. אזא בעליידיגונג קען איך ניט פערשווייגען. דער נאמען פון מיינע עלטערן און דער מונדיר, וועלכען איך טראג, ערלויבען עס מיר ניט.

דער גראף האט איהם אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם און האט איהם געזאגט רוהיג און קאלט:

— וויא עס ווייזט אויס, ווילט איהר זיך מיט מיר קריעגען.

— און ווען יא? האט אויסגערופען דער אויפגערעגטער בארָאן מיט כעס.

— ווענ איהר געווים זיין אונגערעכט, האט דער גראף געענטפערט געלאסען.

— איך בין קיין מאל ניט אונגערעכט, ווען איך וויל מיך רעכען פאר א בעליי־דיגונג און נאך פון איינעם, וואָס מען קען איהם ניט און מען ווייס איהם ניט, האט זיך געבייזערט דער בארָאן.

איהם האט עס נאך מעהר פערדראסען, וואס דער גראף איז אזוי רוהיג, אזוי געלאסען. — דער גראף האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט געזאגט אבערמאלס מיט אן אייז קאלטער שטימע:

— מיין הערר, אויב אזוי, האבען מיר ניט פיעל וואס צו רעדען. שיקט מיר אייערע סעקונדאנטען (דיא עדות ביי א דועל) און לאזען זיי מיר מעלדען, וואו און וויא אזוי איהר ווילט זיך מיט מיר שלאָגען. איך בין שטענדיג בערייט.

— אין אזעלכע פעלע האב איך ליעב שנעלינקייט און פּינקטליכקייט, האט דער בארָאן ארויסגעפּלאצט און האט דערלאנגט דעם גראף זיין וויזיט קארטע.

— שנעל, וויא איהר ווילט און פּינקטליך, וויא איך פאַרשטעה, האט דער גראַף געזאגט גאנץ רוהיג. איך וואָין אין האָטעל דע רוססיא, שיקט מיר אהין אייערע סע־קונדאנטען. ווען איהר ווילט, קענען מיר דיעזע זאכע אין א שטונדע ארום אפּמאכען.

בּיידע האבען זיך פערנייגט און זיינען זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע זייטען. אין א שטונדע ארום זיינען געקומען דעם באַראָנ׳ס סעקונדאַנטען צום גראַף דע ריוועראַ. ער איז געווען צו פּריעדען מיט אלעמען, וואס זיי האבען איהם נור פאָרגעשלאָגען. ער האט קיין ווארט ניט נערעדט געגען זייערע. איינארדנונגען פון׳ם דועל.

דעם אנדערן טאג גאנץ פּריה זיינען דריי קארעטעס ארויסגעפאהרען פון וויען און זיינען געפאהרען אין א וועלדעל ניט וויט פון פעסלוי. אין איין קארעטע איז גע־זעסען דער באַראָן פאָן שטילאָוו. ער איז געווען בלייך און אויפגערעגט. יעדעס מאל, ווען דיא רעדער פון דער קארעטע האבען זיך אן עפּעס אנגעשלאגען, האט ער א ציטער געטהאן און זיינע הענד האבען זיך אונווילענדיג פערמאכט. אין דער אנדערער קארעטע איז געזעסען דער גראַף דע ריוועראַ. ער איז געווען רוהיג, געלאסען און געפּאסט, גלייך וויא ער פאהרט אויף א באלל. אין דער דריטער קארעטע זיינען גע־זעסען דיא סעקונדאנטען מיט א דאָקטאָר.

אין א שטונדע ארום איז מען צוגעקומען צום וועלדעל. דיא זון איז נור וואס אויפגעגאנגען. דער פרישער טהוי איז נאך געלעגען אויפ׳ן גראָז און אויף דיא בלעטער פון דיא ביימער און האט געפונקעלט און געגלענצט, וויא בריליאנטען. אלע זיינען ארויסגעגאנגען פון זייערע קארעטעס. דיא סעקונדאנטען האבען באלד אלעס איינגע־אָרדענט, וויא מען האט אפּגערעדט. אויף א פרייען פּלאץ האט מען אריינגעשטעקט אין דער ערד צוויי שווערדען. פון דיא צוויי שווערדען האט מען אפּגעצעהלט צו צעהן שריט איןביידע זייטען. יעדער פון דיא געגנער האט זיך געשטעלט צעהן שריט ווייט פון דיא שווערדען. ביידע געגנער זיינען געשטאנען אויף צוואנציג שריט ווייט איינער פון׳ם אנדערן.

ווען דיא געגנער האבען זיך געשטעלט איינער געגען אנדערן, האבען דיא סע־קונדאנטען ארויסגענומען א פּאָר פיסטאָלעטען, האבען זיי גוט בעטראכט, אויב זיי זיינען אין גוטער ארדנונג און ריכטיג אנגעלאדען און האבען דערלאנגט יעדען א פּיס־טאָלעט. דעם באַראָנ׳ס סעקונדאנט איז געווען אן אפיציער פון זיין רעגימענט.

— יעצט האסט דוא נאך צייט, האט ער איהם געזאגט, ווען ער האט איהם געגעבען דעם פּיסטאָלעט אין דער האנד. איין ווארט, אז דוא ענטשולדינסט זיך און דוא קענסט פערמיידען אן אונגליק.

— א באַראָן פאָן שטילאָוו ענטשולדיגט זיך קיין מאל ניט, האט געזאגט דער באַראָן שטאָלץ. יעצט, ווען מיר שטעהן איינער געגען דעם אנדערן, זאל איך בעטען אום ענטשולדיגונג? דאס טהו איך ניט! איבעריגענס, מעגסט דוא זיכער זיין, פון מיין זייט וועט קיין אונגליק ניט געשעהן.

דער גראַף איז געשטאנען רוהיג און געלאסען, גלייך וויא עס איז איהם גאָר ניט אנגעגאנגען. ניט איהם מיינט מען. ער האט גענומען דעם פּיסטאָלעט אין דער האנד און האט איהם זאגאר ניט בעטראכט. וויא מען האט אפּגערעדט, האט ער

נעדארפט שיעסען דער ערשטער און האט געהאט דאס רעכט צו צועהן פינף שריט צו דער באריערע. ער האט אבער, וויא צופֿליים אפגעטרעטען אויף איינינע שריט נאך ווייטער און האט געווארט, אז דיא סעקונדאנטען זאלען געבען דעם צייכען צו שיעסען.

— איינס, צוויי, דריי! האט געצעהלט לאנגזאם איינער פֿון דיא סעקונדאנטען.

דער גראף דע ריווערא האט זיך, וויא געשפּיעלט מיט זיין פּיסטאָלעט. ער האט זיך ניט געציעלט, דער פּיסטאָלעט האט נאר אליין אויסגעשאָסען. דיא קוגעל האט געטראפֿען אין שפּיץ פֿון דעם בּאראָנ׳ס קעפּי און האט זיא איהם אראפּגעריסען פֿון קאפּ. באראן פֿאן שטילאוו איז געבליעבען שטעהן אהן א הוטעל.

יעצט איז געקומען דיא רייהע צום באראן. דער גראף איז צוגעגאנגען מיט איינינע שריט נעהנטער צו דיא שווערדען, גלייך וויא ער וואלט געווינשט, אז דער באראן זאל איהם בעסער טרעפֿען. — דער באראָן האט צוואר געציעלט, אבער וויא דיא סעקונדאנטען האבען בעמערקט, האט ער געציעלט צו הויך. ער האט אויסגע־שאסען. דיא קוגעל איז אריבער געפֿלויגען ווייט איבער דעם גראפֿ׳ס קאפּ. יעצט האט ער א שליידער געטהאן דעם פּיסטאלעט ווייט פֿון זיך און איז צוגעגאנגען צום גראף.

— העדר גראף, האט ער איהם געזאגט, עס איז געשעהן, וואס דיא עהרע פֿון אן עדעלמאן און אן אפֿיציער פֿאָרדערט. יעצט בעט איך אייך אום ענטשולדיגונג פֿאר דיא הארטע ווערטער, וועלכע איך האב נעכטען איבעראיילט געזאגט. איך בין איננער און דארף בעטען אום ענטשולדיגונג.

א צופֿריעדענער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויפֿ׳ן גראפֿ׳ס רוהיגעס געזיכט. ער האט גענומען דיא האנד, וועלכע דער באראן האט איהם געגעבען און האט געזאגט פֿעסט און געלאסען.

— לאָמיר דערפֿון מעהר ניט רעדען. וואס עס איז געשעהן און געזאגט געוואָ־רען, דאס האט דער ווינד פֿערוועהט.

— איך דאנק אייך, העדר גראף. איך האב אבער נאך א ביטע צו אייך, וועלכע איך קען אייך זאגען נור אונטער פֿיער אויגען.

דער גראף האט זיך פֿערנייגט און איז געגאנגען מיט׳ן באראָן אין וועלדעל צווישען דיא בוימער, וואו קיינער זאל זיי ניט הערן.

— העדר גראף, האט דער באראן געזאגט, ווען זיי זיינען געבליעבען גאנץ אליין, מיין ביטע קען אייך פֿארקומען זאנדערבאר, פֿאר מיר אבער איז זיא זעהר וויכטיג. ווען איך וואלט זיא אייך געזאגט, איידער דער דועל האט שטאטגעפֿונען, וואלט זיא געווען א נייע בעליידיגונג. יעצט, נאָכ׳ן דועל, און נאך דעם וויא איהר האט זיך אויפֿגעפֿיהרט אויפֿ׳ן דועל, האב איך צו אייך דאס פֿאלע צוטרויען און וויל אייך פֿרעג־גען, וויא איין עהרען מאן פֿרעגט דעם אנדערן, אויף זיין געוויסען.

דער גראף האט בעטראכט דעם יונגען מאן פֿערוואונדערט. ער האט ניט גע־וואוסט, וואס ער וויל פֿון איהם.

— אין וועלכער בעציעהונג שטעהט איהר צו יענער דאמע? האט דער באראָן געפֿרעגט. — איהר האט דאס רעכט מיר אויף דיעזע פֿראגע ניט צו אנטוואָרטען. — ווען איהר ענטפֿערט מיר אבער, וועט איהר מיר טהאן אזא געפֿעליגקייט, וועלכע איך

װעל אין מיין לעבען ניט פערגעסען. איך װעל אייך אייביג דאנקבאר זיין. איך —

דער גראף האט געטראכט א פאר אויגענבליקע און האט געזאגט הערצליך:

— איך וויל אייך אנטװארטען.

ער האט צושפיעלעט זיין ראק, האט ארויסגענומען א זעהר רייכען און שעהנעם פארטפעל, האט דארט געזוכט א פאר מינוטען, ביז ער האט געפונען א בריעף. ער האט גענומען דיעזען בריעף און האט איהם דערלאנגט דעם באראן אהנע צו רעדען א װארט. דער באראן האט דורכגעלעזען דעם בריעף מיט דיא אויגען. א זאנדערבארער שמייכעל האט זיך געװיעזען אויף זיינע ליפען. דער גראף האט אין דער גאנצער צייט פון איהם קיין אויג ניט אראפגעלאזען.

— איך האב נאך א ביטע צו אייך, האט זיך דער באראן געװענדעט צו גראף דע ריװערא. דער בריעף אין זיין האנד האט נאך אלץ געציטערט. — אין אנאנדערער צייט װאלט איך מיך ניט געװענדעט צו אייך מיט אזא ביטע. יעצט אבער געפין איך מיך אין א גאנץ בעזאנדערע לאגע.

דער גראף האט זיך פערנייגט.

— אויב עס איז מעגליך, גיט מיר דעם בריעף. איך גיב אייך מיין עהרענװארט, אז איך װעל איהם האלטען ביי זיך נור איין שטונדע און קיין פרעמדער, אויסער יענע דאמע, װעט איהם ביי מיר ניט זעהן.

— איך װעל אייך דאס אויך צוליעב טהאן, האט דער גראף געזאגט פריינדליך, איהר האט דא דעם בעסטען בעװייז, אז איך האב צו אייך א פאלעס צוטרויען.

— אהּ, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, הערר גראף!

— יעצט, מיין הערר, האט געזאגט דער גראף מיט זיין קלינגענדער, ריינער ברוסט־שטימע, יעצט בעט איך אייך, זייט מיין פריינד. איך בין עלטער פון אייך, איך האב מעהר דורכגעלעבט פון אייך. עס זיינען דא פיעלע זאכען אין מענשליכען לעבען, װעלכע ליעגען פאר מיר קלאר און דייטליך. איך לעז דאס לעבען, װיא פון אן אפענעם בוך. דאס לעבען איז פול מיט ליידען, דאס לעבען איז א שװערער, ביטערער קאמפף. א פריינד קען שטענדיג ניצען. װען איהר װעט אמאל דארפען אין לעבען א פריינד, קומט צו מיר.

מיט דיעזע װערטער האט ער דערלאנגט דעם יונגען אפיציער דיא האנד. דער באראן האט אנגענומען זיין האנד און האט זיא צוגעלעגט צום הארצען.

— איך האב געהאנדעלט געסטערן נעגען אייך, װיא א קינד, האט ער געזאגט, װיא א נארריש קינד. איך האב אייך זעהר פיעל צו פערדאנקען. איך האב אייך צו פערדאנקען א גאנצע ענדערונג אין מיין לעבען. איך האף, אז דיעזע ענדערונג װעט זיין צום בעסערן.

זיי זיינען צוריקגעגאנגען צו זייערע סעקונדאנטען און אלע האבען זיך אריינגעזעצט אין זייערע קארעטעס און זיינען פרעהליך און צופריעדען געפאהרען צוריק קיין װיען.

װען דער באראן פאן שטילאװ איז געקומען אהיים, האט ער זיך באלד געזעצט לעבען זיין שרייב טיש, האט אנגעשריעבען א בריעף, האט אין איהם אריינגעלעגט

פינף באנק בילעטען צו טויזענד גולדען א יעדער און האט צוגעלעגט דעם בריעף, וואס גראף דע ריוועראַ האט איהם געגעבען. אלעס האט ער אריינגעלעגט אין א גרויסען קאנווערט, האט איהם פערזיעגעלט און האט אנגעקלונגען. זיין דיענער איז אריינגעקומען.

— טראָג אוועק דיעזען בריעף צו מאדאם אננא באלצער, רינג שטראסע נומער 415. אפגעבען איהר אין דיא הענדע, קיין אנדערען.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען. דער באראָן האט אויפגעאטהעמט און האט זיך געוואָרפען אויפ'ן דיוואן.

— מען מוז פארט אוועקווארפען דיא נארישקייטען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דארט לייכט און שיינט אזא שעהנער, העלער שטערן. דער וועט מיך פיהרען אין מיין לעבען. מיט דיר, קלארא פאן פראנקענשטיין וועל איך גליקליך זיין, ביי דיר וועל איך געפינען וואהרע ליעבע, וואהרעס גליק!

## 4טעס קאפיטעל.

## דער קאַמפף מיט דיא רויבער.

— מיר טארען יעצט ניט פערליערען קיין איינציגע מינוט, האט מאדזיני געזאגט צו סער ברייטאן הערעספארד. איך שווער אייך ביים גראב פון מיין מוטער, אז איך וועל טהאן אלעס מעגליכע אום מיס מארגארעטע גרענוויל צו בעפרייען. עס מעג מיך קאסטען מיין לעבען.

ער האט זיך אומגעקוקט אין זאל און האט דערזעהן דעם יונגען רוסען.

— דאנילא פעטראָוויטש! האט ער איהם געזאגט. ווען דוא האסט גערעדט מיט'ן אלטען, האסט דוא איהם דערצעהלט, אז דער רויבער קאפיטאן פעפע מאמיאַני האט געפאנגען גענומען צוויי פרויען. דערצעהל מיר שנעל אלעס, וואס דוא ווייסט פון דיעזער געשיכטע.

— ברענג ארויף דעם אלטען און קוועטש איהם אביסעל צו, וועט ער דיר אלעס דערצעהלען. ער ווייס מעהר פון מיר פון דיעזע געשיכטע. איך בין דאך נור א גאסט אין דיעזע געגענד.

מאדזיני האט געהייסען ברענגען דעם אלטען, וועלכער איז געלעגען געבונדען אין זיין קעמעריל.

— שווין איהם ניכט, דעם אלטען טייפעל, האט דאנילא פעטראָוויטש געזאגט. לעג צו א געלאָדענעם רעוואָלווער צו זיין שטערן, זאג איהם, אז דוא וועסט שניידען פון איהם שטיקער און ער וועט דיר אלעס זאגען.

ביים אנבליק פונ'ם אלטען רויבער האט זיך סער ברייטאן ניט געקענט איינ־האלטען. ער איז צוגעלאפען צו איהם און האט געשריען אויסער זיך:

— זאָג, אלטער באנדיט! רעד, דערצעהל! וואו איז אהינגעקומען דיא יונגע דאמע, וועלכע איז דא געוועזען היינט אין דער פריה און וועלכע דער רויבער מאמיאַני האט געפאנגען?

— הייליגע מוטער גאטעס! האט געקרעכצט דער אלטער. הייליגע טהערעזא! הייליגע פולכעריא! איך ווייס ניט פון וואָס פאר א דאמע איהר רעדט. דער טויגע־

ניכטס, דער רוסע, דער קאנטראבאנדיסט האט אייך אנדערצעהלט ליגענס און איהר גלויבט איהם. וואס וויס איך, אלטער, שוואכער מאן פון דאמען, וועלכע דער רויבער מאמיאני האט געפאנגען?

דער אלטער האט געקרעכצט און געשווארען ביי אלע הייליגע, אז ער וויס פון גאר נישט, אז ער איז א גוטער און פרומער מענש, וועלכער רעדט נור פון גאט און פון זיינע הייליגע. מאדזיני האט פערשטאנען, אז דער אלטער זוכט נור צו געווינען צייט, ביז מאמיאני'ס באנדע וועט אנקומען. ער איז דאהער צוגעגאנגען צום אלטען און האט גאנץ לייכט אוועקגערוקט סער בריטאן אין א זייט.

— לאזט מיך נור מיט איהם רעדען, סער בריטאן. איך בין איטאליענער און וויים שוין, וויא אזוי צו רעדען מיט מיינע לאנדסלייט.

ער האט גענומען מיט גרענווילס בריעף און האט איהם געוויזען דעם אלטען.

— זעהסט דוא, מיין גוטער און פרומער אלטער מאן, האט ער איהם געזאגט, דיא הייליגע טהערעזא און דיא הייליגע פולכעריא אליין האבען עס אזוי איינגעריכטעט אז דיא דאמע וועלכע האט געגעכטיגט ביי דיר אין הויז, האט אנגעשריעבען א בריעף און האט איהם אניעדערגעלעגט ביי דיר אונטערן שר־יבגעצייג. דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז דיא דאמע געפינט זיך ביים רויבער־קאפיטאן מאמיאני און אז זיא האט גענעכטיגט דא אין דיין הויז. — יעצט איז דיא פראגע, ווען איז זיא אוועקגעפאהרען פון דאנען?

— איהר פרעגט מיך איבער זאכען, פון וועלכע איך הייב ניט אן צו וויסען, מיין הערר, האט דער אלטער געזאגט און האט פערגלאצט מיט דיא אויגען. דיא הייליגע מוטער גאטעס איז מיין עדות, אז איך וויים פון קיין אנדערער דאמע אויסער מיין אלטע, וועלכע ליגענט נעביך געבונדען דארט אין קעמעריל.

מאדזיני איז אויפגעשפרונגען. ער האט יעצט איינגעזעהן, אז מיט גוטען קען מען מיט דעם אלטען גאר ניט מאכען. דאנילא פעטראוויטש האט רעכט, מען מוז איהם איבערשרעקען, זאנסט וועט מען פון איהם גאר ניט וויסען. ער האט ארויסגע־נומען זיין רעוואלווער, האט איהם אויפגעצוויגען און האט געזאגט צו אלע אנוועזענדע:

— נעהמט נור אוועק אין א זייט, איהר זאלט ניט בעשמוצט ווערן פון דעם בלוט פון דיעזער אלטער בעסטיע.

דאן האט ער זיך אנגעבויגען צום אלטען, האט איהם צוגעלעגט דעם רעוואלווער צום שטערן און האט איהם געזאגט שטרענג.

— הער נור, אלטער, ווען דוא וועסט מיר ניט דערצעהלען אלעס, שיעס איך דיר אריין א קוגעל אין קאפ. איך גיב דיר נור אזוי פיעל צייט, ביז איך וועל אפצעה־לען דריי. — איינס.... צוויי....

— האלט איין, גנעדיגער הערר! האט דער אלטער געקרעכצט. איך וועל דיר אלעס דערצעהלען, — אלעס, וואס איך וויים. — איך שווער אבער נאך אמאל ביי אלע הייליגע, אז אי־ך בין אונשולדיג, אז איך וויים ניט....

— זאג, וואס דוא ווייסט! האט געדאנערט אויף איהם מאדזיני.

— היינט אין דער פריה אום אכט אוהר איז דיא דאמע אוועקגעפאהרען פון ראנע.

— איז זיא געוועזען אליין? האט זיא ניט געהאט קיין קאמער־מעדכען מיט זיך?

— זיא איז געוועזען גאנץ אליין. מען האט זיא געפיהרט אין דיא בערג. מאמיא־ניס לאגער געפינט זיך יעצט אויפ'ן בארג מאנטע וויטארע. פון דיא פענסטער פון'ם אויבערסטען שטאק קען מען זעהן דעם בערג.

— ווייסט דוא נאך עפעס פון דיעזער דאמע? האט מאדזיני וויטער געפרעגט. האבען זיא דיא מענער גוט בעהאנדעלט? האבען זיי זיא ניט בעליידיגט?

— ניין, מיין הערר, דיא דאמע איז אזוי שטאלץ און ווייס אזוי גוט, וויא מיט זיי צו רעדען, אז זיי האבען מורא געהאט פאר איהר. זאגאר דער קאפיטאן, פעפע מאמיאני, האט געהאט פאר איהר דעם גרעסטען רעספעקט. — אך! איך זאל געוועזען וויסען, אז דיעזע דאמע איז דיא בראוט פון יענעם הערךן....

— גענוג! האט מאדזיני אויסגערופען. דאס איז אלעס, וואס איך האב געוואלט וויסען.

ער האט זיך געווענדעט צו דיא דיענער און האט זיי געזאגט:

— שלעפט אוועק דעם אלטען שופט צוריק אין זיין קעמעריל. פערשטאפט איהם דאס מויל, ער זאל ניט שרייען און ווארפט איהם צו זיין אלטער מכשפה.

דער אלטער האט אנגעהויבען צו קרעכצען און צו בעטען, מען זאל איהם אפ־לאזען. עס האט איהם אבער ניט געהאלפען. מען האט איהם פערשטאפט דאס מויל און אוועקגעשלעפט אין זיין קעמעריל.

— יעצט, מיינע פריינדע, האט מאדזיני געזאגט, איז מיין פלאן פערטיג. איינער פון אונז מוז געהן אין דיא בערג און זוכען א מיטעל, וויא אזוי צו קומען אין מאמיא־ניס לאגער, אום מיט גרענוויל צו בעשיצען, ביז וואנען עס וועט אנקומען הילף. ווען עס וועט מעגליך זיין, זאל ער איהר העלפען צו אנטלויפען, אדער ער זאל פערפיהרען דיא רויבער אין אזא ארט, וואו מען זאל זיי קענען פאנגען. — איך נעהם מיך אונטער צו געהן צום לאגער פון דיא רויבער. איך קען דיא געגענד, איך קען זייער שפראכע, מיין נאמען איז זיי בעקאנט. מיר וועלען זיי גאר ניט טהאן. —

— וואס רעדסט דוא, פריינד? האט אויסגערופען סער בריטאן. דוא ווילסט איינשטעלען דיין לעבען אום מיינע בראוט צו רעטען?

— קיין ווארט מעהר דאריבער! האט מאדזיני געזאגט ענטשלאסען. קיינער פון אייך קען ניט געהן אין פעפע מאמיאניס לאגער, אויסער מיר. — יעצט קום איך צו אייך. איהר מוזט שיקען א מענשען קיין סאלפערינא צום קאמאנדיר פון דיא עסטער־רייכישע הוסארען און א הם בעטען, אז ער זאל עס מעלדען דער איטאליענישער רע־גיערונג, דיא זאל אויך ארויסשיקען סאלדאטען. ווען דיא סאלדאטען וועלען אנקומען, זאלט איהר זיי פיהרען אין דער אסטעריא — פעלד קרעטשמע — דער ווירטה איז גוט בעקאנט מיט אלע וועגען אין דיא בערג. ער וועט שוין אויסזוכען, וואו דיא רויבער האלטען זיך אויף, בעזאנדערס ווען איהר וועט איהם זאגען, אז איך בין אין געפאהר. וועט מיר געראטהען צו אנטלויפען מיט מיס גרענוויל, וועל איך קומען אין דיא

אָסטעריא. װעל איך בין איבערמאָרגען ניט קומען, איז עס אַ בעװײז, אז מיר האָט געטראָפען אן אונגליק און איהר מוזט זעהן אױפצוזוכען דיא רױבער אין דיא בערג.

דער ענגלענדער האט איהם ארומגענומען.

— װיא זאל איך אײך דאנקען, גוטער אלטער פרײנד, פאר אלעס, װאס איהר האט אין דיעזע קורצע צײט געטהאן פאר מיר? איהר האט מיר געראטעװעט דאס לעבען אױפ'ן װעג און יעצט ריסקירט איהר מיט אײער לעבען אום מײנע בראַוט צו רעטען. װיא זאל איך אײך דאנקען און מיט װאָס זאָל איך אײך דאנקען? —

— װער װעט אבער געהן קײן סאלפערינא צום קאָמאנדיר פון דיא עסטערדײכישע הוסארען? האט אײנער פון דיא יונגע אָפיציערען געפרעגט.

— גוט, װאס איהר האט מיך דערמאנט, האט מאדזיני געזאגט, דאס איז װירקליך זעהר א װיכטיגע פראגע. ניט יעדער קען אהין געהן. איך האב שױן געזאגט, אז דאנילאָ פעטראָװיטש װעט אײך װײזען דעם װעג. אײנער פון אײך מוז אבער געהן מיט איהם. ער קען זיך ניט װײזען פארן עסטערדײכישען אָפיציער. אױסער דעם זעה איך דאָך, אז איהר האט קײן גרױסעס צוטרױען צו איהם. — אלזאָ, װער פון אײך װיל געהן מיט איהם?

קײנער האט ניט געענטפערט. קײנער האט ניט געװאָגט צוגעהן אין אזא פינ־סטערע נאַכט אין אזא װילדע געגענד מיט אן אונבעקאנטען מענשען.

— אלזאָ, װעל איך אלײן מוזען געהן מיט דעם רוסע קײן סאלפערינא, האט סער ברײטאן געזאגט.

אין דיעזע מינוטע איז צו איהם צוגעגאנגען זײן דיענער מעק אללען.

— נײן, סער! איהר דארפט אונז ניט פערלאזען. מיר קענען דא ניט בלײבען אלײן אהן אײך. גיט מיר דעם בריעף, איך װעל איהם אפּטראגען קײן סאלפערינא. װען דיעזער מענש — ער האט געװיעזען אױף דאנילא פעטראָװיטש — מײנט עס עהרליך מיט אונז און װעט טהאן אלעס, װאס דיעזער הערר הײסט איהם, װעל איך ריכטיג אפּגעבען דעם בריעף אין דיא הענד פון'ם עסטערדײכישען אָפיציער.

מאדזיני האט זיך געװענדעט צום רוסען.

— דאנילאָ פעטראָװיטש!

— װאס פערלאנגט איהר פון מיר?

— גיב דיעזען מאן דײנע פּיסטאָלעטען און דײן מעסער.

— פלוך איבער דיעזע ענגלענדער! האט געקריצט מיט דיא צעהנער דאנילאָ פּעטראָװיטש. זײ האבען צו קײנעם קײן צוטרױען ניט. זײ גלױבען זיך אלײן ניט.

מיט דיעזע װערטער האט ער א װאָרף געטהאָן זײנע פּיסטאָלעטען און זײ יאטאגאן (א לאנגעם מעסער) צו דיא פיס פון'ם ענגלענדער.

— נעהמט דיעזע װאפען, האט מאדזיני געזאגט צו מעק אללען. יעצט האט איהר פאר איהם ניט װאס מורא צו האבען. איהר האט װאפען און ער האט ניט. קוים װעט איהר זעהן, אז ער האט אײך פערפיהרט, דערשיעסט איהם אױפ'ן ארט; קוים אבער װעט ער אײך צופיהרען צום ערשטען עסטערדײכישען סאָל־דאט, זאָלט איהר איהם זײנע װאפען צוריקגעבען.

יעצט האט ער זיך געווענדעט צום רוסען.

— און דוא, דאנילא פעטראָוויטש, ווען דוא ווערסט צופיהרען דיעזען מאן קיין סאלפערינא און וועסט ביי איהם אָפּנעהמען דיינע וואפען, זאָלסט דוא שנעל קומען מיר צו הילף אין לאגער פון דיא רויבער אין מאנטע־וויטאר. — יעצט האב איך נאך א פאר ווערטער מיט דיר צו רעדען. איך וואָלט גענאָרפט רעדען מיט דיר אונטער פיער אויגען, דיעזע הערען אבער וועלען מיינען, אז מיר האבען געהיימניסע פון זיי. אלזא, זאג מיר דא פאר אלעמען, וויא אזוי מען קען בעסער צוקומען צום לאגער פון פעפע מאמיאני און דאס פאסיר־וואָרט פון דיא רויבער.

דאנילא פעטראָוויטש האט איהם איבערגעגעבען דאס פאסיר־וואָרט פון דיא רויבער און האט איהם אנגעוויעזען דעם בעסטען און זיכערסטען וועג צו זייער לאגער. אין אייניגע מינוטען זיינען אלע דריי פערטיג געווען צו געהן. מען האט גענאָרפט אבשיעד נעהמען. מאדזיני האט זיך אניעדער געשטעלט אין דער מיט צווישען דיא ענגלענדער און האט געזאגט ערנסט און שארף:

— מיינע הערען! דורך א צופאל זייט איהר געוואָהר געוואָרען, ווער איך בין. — איך ווייס, אז איהר קוקט אויף מיר, וויא אויף א פעררעטער, א פיינד. איך בעט אייך נור איין זאך — איהר זאָלט שווייגען און ניט זאגען ווער איך בין, ביז מיס גרענוויל ועט זיין פריי. איך בין זיכער, אז אין צוויי טאג ארום וועט אונז צושיידען דאס מעער אדער דער טויט.

יעצט וויל איך רעדען פון אייער לאגע. איהר האט נאך אנדערהאלבען שטונדען צייט. ווען אלעס וועט אפּלויפען גלאט, קענען דיא הוסארען דא זיין אום איין אוהר און איהר זייט גערעטעט. איהר טאָרט זיך אבער דארויף ניט פערלאזען. איהר מוזט זעהן זיך צו פערטהיידיגען. פערשליעסט דיא טהירען, מאכט צו דיא פענסטער. שטעלט אויס וואכען. ווען איהר וועט זיין מוטהיג און פאָרזיכטיג, קענט איהר זיך האלטען ביז אין טאג. אלענפאלס קעמפפט ביז צום לעצטען טראָפּען בלוט. דיא איטאליענישע רויבער ווייסען ניט פון רחמנות, ניט פון מיטלייד.

יעצט, סער ברייטאן, לעבען זיא וואָהל! איך האָף, אז איך וועל אייך ברענגען אייער בראוט — זייט גליקליך מיט איהר! מאכט זיא גליקליך! איך וואָלט געזאגט: אויף וויעדערזעהן! איך מיין אבער, אז אויף דער וועלט וועלען מיר זיך ניט וויעדער־זעהן. זייט געזונד! — פאָרווערטס!

ער האט ארומגענומען דעם צוקינפטיגען גובערנאטאר פון באָמביי און האט זיך פערנייגט פאר דיא יונגע לייט. אלע דריי זיינען ארויסגעגאנגען דורכ'ן קעללער אין וואלד אריין. דא זיינען זיי זיך צוגאנגען. דאנילא פעטראָוויטש מיט'ן ענגלענדער אין איין זייט און מאדזיני אין אנאנדער זייט.

דיא ענגלענדער זיינען יעצט געבליעבען און האבען זיך גענומען צו דער ארבייט. זיי האבען פערשלאָסען אלע טהירען, פערמאכט אלע פענסטער. דיעזע ארבייט האט פערנומען גענוג צייט. סער ברייטאן האט א קוק געטהאן אויף זיין אוהר — זיא האט געוויעזען א פיערטעל נאך צוועלף. אלזא, נאך דריי פערטעל שטונדע איז זיי געבליעבען. קומט ניט קיין הילף אין דיעזע קורצע צייט, וועלען זיי האבען צו פיהרען א בלוטיגען

קריעג מיט דער גאנצער באנדע פון פעפע מאמיאני.

מיט יעדער מינוט זיינען דיא געזיכטער פון אונזערע רייזענדע געווארען אלץ בלייכער. דער רעגען האט אויפגעהערט, דיא וואָלקען האבען זיך צערשטרייט. דער העלע מאָנד איז ארויס און האט בעלייכטעט דיא געגענד ארום. עס איז געוואָרען שטיל, רוהיג און טרויעריג. לאנגזאם, זעהר לאנגזאם האט זיך געשלעפט דיא צייט. ענדליך האט דיא אוהר געוויעזען פונקט איינס. — קיינער איז ניטא, אלעס איז שטיל.

— הערט! וואס איז דאָרט? — מען פייפט — עס איז ערגעץ וייט, מען הערט עס אבער דייטליך.

דאס האט געזאגט סער בריטאן, דער צוקינפטיגע גובערנאטאר פון באָמביי צום ליעטענאנט סאנדערס.ביידע זיינען געשטאנען אין אויבערשטען שטאָק ביים פענסטער און האבען געקוקט אין וואלד אריין. דאָרט האבען זיך געוויעזען דונקעלע געשטאלטען צווישען דיא ביימער.

— דאס זיינען דיא רויבער, האט דער יונגע אפיציער געזאגט. קיין הילף איז נאך ניטא. מיר וועלען מוזען זיך אליין פערטהיידיגען, וויא וייט מיר וועלען קענען. וויא וייט וועלען מיר אבער קענען זיך פערטהיידיגען?

יעצט האט מען שוין געזעהן גאנץ דייטליך, וויא פון'ם וואלד זיינען ארויסגעקומען איין באנדע נאך דער אנדערער און זיינען געגאנגען צום הויז, אלץ נעהנטער און נעהנטער. סער בריטאן האט זיי אנגעהויבען צו צעהלען. ער האט אָפגעצעהלט עטליכע און צוואנציג. אלע געזונדע, שטארקע מענשען. — באלד האט מען געהערט דעם צייכען. קרא — קרא — קרא! האט מען געהערט דריי מאל שרייען, וויא א ראָב. לאנגזאם און שטיל זיינען דיא רויבער צוגעגאנגען צום טהירעל אין טויער. — זיא האט זיך ניט געעפענט. דיא רויבער זיינען געשטאנען איינוגע מינוט, וויא צומישט. זיי האבען ניט פעשטאנען, פאר וואס מען עפענט זיי ניט. איינער פון זיי איז געגאנגען אין וואלד, צום טהירעל פון'ם קעלער. ער האט זיך געזאמט איינוגע מינוט און איז באלד צוריקגעקומען און האט געמעלדט, אז דאס טהירל איז אויך פערמאכט.

סער בריטאן הערעספאָרד האט געזעהן זעהר דייטליך, וויא דיא רויבער האבען זיך פערזאמעלט ארום איינעם פון זיי — וואהרשיינליך, זייער אנפיהרער, און האבען איינוגע מינוטען גערעדט און געמאכט מיט דיא הענד.

— מאכט פערטיג אייער געווער, האט סער בריטאן געזאגט צו זיינע קאמעראדען, איהר זאָלט ניט שיעסען, ביז איך וועל אייך געבען א צייכען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אראָפּגעלאָפען אין אונטערסטען שטאָק און האט געהייסען אלעמען ארויסגעהן. זיין פלאן איז געוועזען אן איינפאכער, ווען דיא רויבער וועלען צוטרעטען צום טויער אדער צו א טהיר און וועלען פראָבירען זיא אויסברעכען, זאלען אלע מיט א מאל אויסשיעסען אין געדיכטען הויפען פון דיא רויבער. אלע זיינען ארויפגעגאנגען און האבען זיך אויסגעשטעלט ביי דיא פענסטער מיט דיא רעוואלווערס אין דיא הענד.

איינער פון דיא רויבער איז יעצט צוגעגאנגען צום טהירעל אין טויער און האט אנגעהויבען צו קלאפען מיט זיינע אייזערנע הענד.

— עפען אויף, דוא אלטער טויגעניכטס! האט ער געשריען מיט זיין גראָבער שטימע. עפען אויף אדער מיר ברעכען אויס דעם טויער!

דיא יונגע אפיציערען האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיי האבען געוואלט שיעסען אויף איהם. סער ברייטאן האט זיי קוים איינגעהאלטען.

— וואס וועט אונז ארויסקומען, ווען מיר וועלען שיעסען איינעם? האט ער זיי געזאגט. דיא רויבער וועלען געוואהר ווערען, אז מיר זיינען אויף דער וואך און וועלען זוכען אנאנדער וועג, וויא אזוי אריינצוקומען אין הויף. מיר קענען דאך נאך ניט דאס הויז מיט אלע זיינע געהיימע טהירען. לאמיר בעססער אפּווארטען, ביז זיי וועלען זיך פערזאמלען ארום טויער אלע מיט אמאל. דאן וועלען מיר אלע אויסשיעסען. דיא רויבער וועלען זיך דערשרעקען, און מעגליך, אז זיי וועלען אנטלויפען.

— דער שופט וויל אונז ניט אריינלאָזען, האט אין דיעזע מינוט אויסגערופען דער קאפּיטאן פון דיא רויבער, — קלעטערט ארויף אויף דער מויער! שפּרינגט אריין אין הויף, קאמעראדען! מיר וועלען איהם שוין אנלערנען, מיר וועלען איהם שוין ווייזען!

אין א פּאָר מינוטען ארום איז איינער פון דער באנדע שוין געווען אין הויף, פינף — צעהן אנדערע זיינען געזעסען אויף דער מויער און האבען נור וואס געוואלט אראפּשפּרינגען אין הויף. יעצט איז געקומען דיא וויכטיגע מינוט.

— פייער! האט קאמאנדירט דער צוקינפטיגער גובערנאטאר פון באמביי.

ניין רעוואלווערס האבען אויסגעשאסען מיט אמאל. ניין קוגעלן האבען געראוישט אין דער לופט. דער ליעטענאנט סאנדערס האט זעהר גוט געציעלט. ער האט געטראָפען דעם רויבער, וועלכער איז געשטאנען אין הויף, גלייך אין קאפּ אריין. פון דיא וועלכע זיינען געזעסען אויף דעם מויער, האבען צוויי פערוואָרפען דיא הענד אין דער הויך און זיינען אראפּגעפאלען טוידט אדער פערוואונדעט. דיא איבעריגע זיינען אראפּגעשפּרונגען פון דער מויער. מען האט ניט געקענט וויסען, אויב זיי זיינען געווען פערוואונדעט אדער ניט.

צווישען דיא רייבער איז געווארען א שרעקליכער ליארם. זיי האבען געשאלטען, זיך געזידעלט, געדרעהט און געקריצט מיט דיא צעהנער.

— פייער! האט קאמאנדירט דער קאפּיטאן פון דיא רויבער.

עטליכע און צוואנציג קוגעלן האבען געטראָפען אין דיא פענסטער פון'ם צווייטען שטאָק. דיא ווענט האבען צוואר געשיצט דיא ענגלענדער און דיא קוגעלן האבען זיי ניט געטראָפען. זייער לאַגע איז אבער געוואָרען פיעל שלימער. זיי האבען געמוזט אוועקגעהן פון דיא פענסטער און האבען ניט געקענט זעהן, וואס דיא רויבער ווילען ווייטער טהאָן.

דיא רויבער האבען עס פערשטאנען און אין דער צייט, וואס איינינע האבען געשאָסען, זיינען אנדערע צוגעגאנגען צום טויער און האבען איהם געוואָלט אויסברעכען. דיא ענגלענדער האבען איבערגעלאזען א וואך אויפ'ן צווייטען שטאָק און זיינען אראָפּגעגאנגען אונטען אין הויף אום צו שיעסען יעדען, ווער עס וועט זיך ווייזען אויף דער מויער. באלד האט זיך געוויעזען א ווילדער קאָפּ אויף דער מויער. ליעטענאָנט סאנדערס האט אויסגעשאָסען. דער קאָפּ איז פערשוואונדען. פלוצלונג האט סער ברייטאן

דערהערט א שרעקליכען געשריי פון'ם אונטערסטען שטאָק. ער איז געלאָפען אהין מיט די יונגע אפיציערען דאָרט האט ער דערזעהן מיט שרעק און מיט שטוינען, אז די רויבער האבען אויסגעבראָכען דאס קליינע פענסטעריל און ווילען דורך דיזע עפנונג אריינגעהן אין הויז.

אין אונטערסטען שטאָק זיינען געשטאנען אויף דער וואך נור צוויי איטאַליענער, וועלכע סער ברייטאן האט מיטגעבראכט פון רוים אלס זיינע בעדיענטע. אויף זיי האט ער געמיינט, קען ער זיך ניט שטארק פערלאזען. זיי זיינען דאך איטאַליענער און וועלען געווים האַלטען מיט זייערע לאַנדסלייט. וויא ערשטוינט איז ער דאהער געווען, ווען ער האט דערזעהן, וויא מוטהיג דיזע צוויי איטאַליענער האבען פערטהיידיגט דאס פענסטער. ליידער, זיינען אין דיזע מינוט אנגעקומען מעהר רויבער און האבען מיט א מאָל אויסגעשאָסען אין פענסטער. די'ם צימער איז געוואָרען פול מיט רויך און מיט'ן געשטאַנק פון פולווער. די ענגלענדער האבען אויך ניט געשוויעגען. זיי האבען געענטפערט און האבען זיך בעמיהט צו פערשטעלען דאס פענסטער מיט'ן טיש און מיט אנדערע שטיקער מעבעל, וואס זיי האבען געפונען.

אין דיזע מינוטע האט סער ברייטאן געהערט לעבען זיך א געשריי און א שווערער קערפער איז איהם געפאלען צו די פיס. ער האט זיך אומגעקוקט און זיין בלוט איז איהם פערקיהלט געוואָרען אין זיינע אָדערן. דער יונגער בליהענדער אפיציער פאנד איז געלעגען טויט לעבען זיינע פיס און פאר איהם איז געשטאַנען א ווילדער רויבער מיט א סטילעט אין האנד, בערייט איהם אריינצושטעכען אין פלייצע. שנעל וויא דער בליץ, האט ער אויסגעשאסען און געטראָפען דעם רויבער גלייך אין הארצען.

אין דער צייט וואס די ענגלענדער זיינען געווען אין אונטערסטען שטאָק אָפּ האבען פערשטעלט דאס פענסטער, זיינען אייניגע רויבער אריבערגעקראָכען איבער די מויער. איינער פון זיי איז אריין אין שטוב, האט געשאָסען דעם יונגען פאנד און האט געוואלט שטעכען סער ברייטאן.

די לאַגע פון די ענגלענדער איז מיט יעדער מינוט געווארען שרעקליכער, פערצווייפעלטער און האפנונגסלאזער. זיי האבען זיך יעצט געמוזט צוטהיילען אין צווייא פארטייען. איין פארטיע זאל פערטהיידיגען דאס פענסטער און די אנדערע זאל פערטהיידיגען די טהיר. באלד זיינען אנגעקומען עטליכע רויבער און האבען געוואָלט מיט געוואלד אריינגעהן אין שטוב. א קוגעל האט געטראָפען סער ברייטאַן און ארים. יעצט האבען די ענגלענדער געעפענט די טהיר און האבען מיט אמאל אויסגעשאָסען. אייניגע פערבלוטיגטע קערפער זיינען געבליעבען ליעגען פאר דער טהיר. זיי האָבען זיך נאך געצאַפּעלט און געקרימט אין זייער אגאָניע (גסיסה).

צווישען די רויבער האט זיך וויעדער אויפגעהויבען א שרעקליכער געשריי. פלוצלונג איז אלעס געווארען שטיל. די רויבער זיינען פערשוואונדען. ליעטענאַנט סאנדערס האט א געשריי געטאהן: הוראה! מיר האבען געזיעגט, די רויבער אנטלויפען. סער ברייטאן האט איהם צוריקגעהאלטען.

— דוא קענסט ניט די איטאַליענישע רויבער, האט ער איהם געזאגט טרויעריג. ווען זיי זיינען פערשוואונדען געווארען, איז עס נור דערפאר ווייל זיי האבען

אויסגעפונען א נייעם פלאן, וויא אזוי אויף אונז אנצופאלען. מיר מוזען זיך יעצט פארבערייטען אויף דאס אייסערסטע. מיר מוזען בענוצען דיא קורצע צייט, וואס זיי האבען אונז געגעבען אום אנצרוועגדען אלע מעגליכע מיטעל צו אונזער פערטהיידיגונג.

זיי האבען אנגעהויבען איבערצוקוקען זייער ארמעע. דער אפיציער פאנד איז טויט. דיא צווייא איטאליענער זיינען פערוואונדעט, אבער זעהר לייכט. זיי קענען נאך שיעסען. סער בריימאן איז פערוואונדעט אין לינקען ארים. איינער פון דיא דיענער איז פערוואונדעט אין א פוס.

— צוערשט מוזען מיר פערבינדען אונזערע וואונדען, האט סער בריימאן געזאגט. ווען ניט, קענען אונזערע פערוואונדעטע אפגעהן מיט בלוט.

ליעטענאנט סאנדערס איז געווארען א דאקטאר. ער האט אמאל געזעהן, וויא מען פערבינדעט וואונדען אין א מיליטערישען האספיטאל. אזוי וויא זיי האבען אבער ניט געהאט קיין בינדען און קיין שארפיע (קארפיע) האט דער יונגער אפיציער אנגע־הויבען צו רייסען פאסען פון זיין העמד און האט מיט זיי פערבונדען דיא וואונדען איינעם נאכ'ן אנדערן.

ווען אלע פערוואונדעטע זיינען געווען פערבונדען, האט מען זיך צוגעקוקט צום געוועהר. רעוואלווערס און מעססער האבען זיי נעהאט גענוג, פולווער אבער האבען זיי ניט געהאט גענוג. עס איז זיי ניט איינגעפאלען אין קאפ, ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון רוים, אז זיי וועלען דארפען אויסהאלטען אזא שרעקליכען קאמפף.

— דער אלטער האט געווים פולווער, האט געזאגט איינער פון דיא איטאליענישע דיענער. ער מוז אונז זאגען, וואו דער פולווער געפינט זיך.

ליעטענאנט סאנדערס האט אויף זיך גענומען אויסצופרעסען ביים אלטען, וואו דער פולווער ליעגט. דער אלטער האט געמוזט אויסזאגען, אז אין קעללער שטעהט א גאנץ פעסעל מיט פולווער. באלד האט מען עס ארויפגעבראכט און מען האט עס גע־שטעלט אין א ווינקעל. יעצט האט מען וויעדער אנגעלאדען אלע רעוואלווערס און מען אנגעהייבען אויסצושטעלען דיא וואכען. סער בריימאן איז ארויפגעגאנגען אויפן צוויי־טען שטאק זעהן, וואו דיא רויבער זיינען און וואס זיי טהוען.

איניגע מינוטען האט ער קיינעם ניט געזעהן. ער האט שוין געוואלט אראפ־געהן צו זיינע קאמעראדען, ווען ער האט בעמערקט, אז פון'ם וואלד זיינען ארויסגע־גאנגען איינינע געשטאלטען, וועלכע האבען געשלעפט עפעס א שווערע זאך. זיי זיינען צוגעקומען אויף אזא שטרעקע צום הויז, אז א קוגעל פון א רעוואלווער זאל זיי ניט קענען טרעפען. דא זיינען זיי געבליעבען שטעהן. איינינע האבען זיך ארומגעשטעלט ארום דער זאך, וואס זיי האבען געבראכט, אנדערע זיינען זיך צוגאנגען ארום דעם הויז, אבער גאנץ פון ווייטען.

— וואס ווילען זיי ווייטער עפעס טהאן? האט דער יונגער פלינטאן געפרעגט. זיי האבען שוין געווים אויסגעטראכט עפעס נייעס.

סער בריימאן האט ניט געענטפערט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— איך זעה פונקען פייער, האט דער יונגער אפיציער ווייטער געזאגט. זיי מא־כען פייער. וואס ווילען זיי טהאן?

— גאָדדעם! האט אויסגערופען דער ליעטענאנט סאנדערס. זיי ווילען אונטער־צינדען דאס הויז! זיי ווילען אונז פערברענען! זיי ווילען אונז צווינגען, מיר זאלען ארויסגעהן פון דאנען אויפ'ן פרייען פעלד, וואו זיי וועלען אונז זעהר לייכט קענען ביי־קומען.

ער האט געחאפט זיין רעוואלווער און האט געציעלט אין דעם ארט, וואו דיא רויבער זיינען געשטאנען. סער ברייטאן האט איהם צוריקגעהאלטען.

— איך ווייס ניט, וואס זיי ווילען טהאן האט ער איהם געזאגט. איך בין אבער זיכער, אז זיי האבען אויסגעטראכט א שרעקליכען טייפעלישען פלאן. מיר מוזען זיך פערהאלטען רוהיג, ביז זיי וועלען צוקומען נעהנטער, מיר זאלען קענען אויסשיעסען אויף זיי אלע מיט אמאל. איהר זעהט דאך, אז מיר האבען צו טהאן מיט דער געפעהר־ליכסטער רויבער באנדע אין איטאליען. — גנעהט, רופט צונויף אלעמען אהער, נור איינער זאל האלטען דיא וואך אין אונטערסטען שטאק און איינער אין הויף. —

איידער ער האט נאך אויסגערעדט דיא לעצטע ווערטער, זיינען עטליכע קוגעלן געפלויגען גלייך אין דיא פענסטער פון אויבערסטען שטאק. צום גליק, האבען זיי קיינעם ניט געטראפען. דיא ענגלענדער זיינען געווען זעהר פארזיכטיג און האבען זיך אזוי אויסגעשטעלט, אז דיא קוגלען האבען זיי ניט געקענט טרעפען. זיי האבען זיך אבער געמוזט אפרוקען פון דיא פענסטער און האבען ניט געקענט זעהן אלעס, וואס דיא רויבער טהוען.

באלד איז דיא גאנצע געגענד ארום בעלייכטעט געווארען. יעצט האבען זיי שוין דייטליך געזעהן, וואס פאר א פלאן דיא באנדיטען האבען געמאכט. זיי האבען געבראכט א דארען בוים, האבען איהם צוהאקט אויף דינע שטיקלעך האלץ און האבען צולעגט א פייער פאר'ן טויער. זיי האבען געוואלט אונטערצינדען דעם טויער.

— פייער! האט סער ברייטאן קאמאנדירט. יעצט איז צייט צו שיעסען. יעצט שטעהן זיי אלע ארום טויער. שיעסט!

נור אכט רעוואָלווערס האבען אויסגעשאסען. ליידער, האבען זיי ניט געקענט זעהן, אויב זיי האבען געטראפען.

— איך האב נור מורא, זיי זאלען ניט ארויפוואַרפען קיין פייער אויפ'ן דאך, האט ליעטענאנט סאנדערס געזאגט, דאס הויז וועט זיך אנצינדען. מיר וועלען זיך מוזען רעטען אויפ'ן הויף. דער טויער וועט אומפאלען, דאן זיינען מיר פערלאָרען.

— דער דאך איז נאך נאס פון'ם נעכטיגען רעגען, האט סער ברייטאן געענט־פערט. ער וועט זיך אזוי גיך ניט אנצינדען. ווען דער טויער וועט אפגעברענט ווערן און וועט אומפאלען, וועלען מיר זיך אויסשטעלען אלע פאר איהם און וועלען איהם פערטהיידיגען, וויא ווייט מיר וועלען קענען. — אלענפאלס האבען מיר שוין דא ניט וואס צו טהאן. דיא רויבער זיינען אוועקגעגאנגען פון'ם טויער און האבען זיך געשיצט אונטער דער מויער. קומט אראפ.

זיי זיינען אראפגעגאנגען אין הויף און האבען זיך אומגעקוקט. אלעס איז געווען שטיל, נור פארן טויער האט מען געהערט דאס קנאקען פון'ם ברענענדען פייער פלוצ־לונג האט זיך געוויזען א פייער איבער זייערע קעפ. זיי האבען דערזעהן מיט שרעק,

אז דער דאך פון'ם הויז ברענט. אין דער צייט וואס זיי זיינען געשטאנען אויבען און האבען זיך בעראטהען וואס צו טהאן, איז עס איינעם פון דיא רויבער געלונגען ארויפ־צו־ווארפען א ברענענדיג שטיק האלץ אויפ'ן דאך. ער האט זיך אנגעצונדען.

— אך, גאט! האט אויסגערופען סער ברייטאן. זיי האבען דערגרייכט זייער ציעל. דאס הויז ברענט. מיר זיינען פערלארען! קיינע הילפע, קיינע רעטונג!

אין דערזעלבער צייט האט מען געהערט דאס שרעקליכע געלעכטער פון דיא רויבער און זייער פריידענגעשריי. יעצט זיינען זיי געוועזען זיכער, אז זיי האבען דיא ענגלענדער אין זייערע הענד. יעצט האבען זיי שוין ניט, וואו זיך צו רעטען. באלד האט מען געהערט, וויא דיא רויבער האבען אנגעהויבען צו ברעכען דעם טויער מיט דעם שווערן קלאץ, וועלכען זיי האבען געבראכט פון וואלד.

— אזוי? דאס האבען זיי געוואלט? האט געזאגט מיט פערצווייפלונג אין זיין שטימע סער ברייטאן. זיי האבען צולעגט א פייער פארן טויער אום אונז אפצונאררען. זייער הויפט צוועק איז געוועזן דאס הויז אונטער צו צינדען און דאן אויסצוברעכען דעם טויער.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. דער דאך האט שוין געברענט פון אלע זייטען. דיא רויטע פלאמען האבען בעלייכטעט דעם הויף, וויא אים העלען טאג און האט געציינט, וויא בלייך און פערצווייפעלט דיא ענגלענדער זיינען. וואוהין זיי גיבען א קוק — זעהן זיי פאר זיך דעם טוידט, דעם שרעקליכען טוידט דורך פייער אדער פון דיא הענד פון אן איטאליענישען רויבער.

דער גובערנאטאר פון באמביי האט מיט א ציטערענדער האנד אנגעחאפט זיין שווערד און האט זיך געווענדעט צו זיינע קאמעראדען.

— מיינע פריינד! האט ער זיי געזאגט. קוים וועט ניט אנקומען באלד קיין הילף, מוזען מיר שטארבען. מיר קענען פון דיא רויבער קיין מיטלייד, קיינע שוינונג ניט ערווארטען. איהר האט געזעהן, מיט וואס פאר א רציחה זיי פאלען אויף אונז אן. זיי האבען זאגאר אונטערגעצונדען זייער אייגען הויז, זיי צוברעכען זייער אייגענעם טויער. מיר קענען פון זיי אלזא גאר ניט ערווארטען. אונז בלייבט יעצט איין מיטעל איבעריג. מיר מוזען צוגעהן צום שטאל, וואו אונזערע פערד שטעהן, זיי זאטלען און זיך אויפ־זעצען אויף זיי. ווען דער טויער וועט אומפאלען, וועלען מיר מיט דעם שווערד אין דער האנד זעהן דורכברעכען דורך זיי. פיעלע פון זיי זיינען געפאלען. זיי זיינען שוין שוואך. מיר וועלען קעמפפען דעם לעצטען קאמפף פאר אונזער לעבען. פיעללייכט וועט עס אונז געראטהען, אז אייניגע פון אונז וועלען זיך דאך רעטען און וועלען וועניגסטענס דערצעהלען דער וועלט, וואס עס קען פארקומען אין איטאליען.

אלע האבען געשוויעגען. קיינער האט ניט געוואוסט קיין אנדערן, בעסערן ראטה. זייער לאגע איז פערצווייפעלט. דיא מינוטען פון זייער לעבען זיינען געצעהלט. זיי וועלען וועניגסטענס פערקויפען זייער לעבען טהייער.

— נאך איינס האב איך אייך צו זאגען. לאמיר ניט לאזען דיא לייבע פון'ם אונגליקליכען פאנד אין דיא הענד פון דיא רויבער. איינער פון אייך זאל צובינדען דיא לייבע צו זיין פערד. — לאמיר זיך האלטען פעסט צוזאמען. שיעסט נור דאן, ווען איך

וועל אייך הייסען, אדער דארט, וואו איהר וועט זעהן א געדיכטען הויפען פון דיא רויבער.

זיי האבען נור וואס געוואלט געהן צום שטאל, וואו זייערע פערד זיינען געשטאַנען. פלוצלונג האבען זיי געהערט א שרעקליכען קראך — דער טויער איז אומגעפאלען. וויא דיא הונגעריגע וועלף זיינען דיא באנדיטען ארייגעלאפען אין דער ברייטער עפענונג, וואו דער טויער איז געשטאנען. פאראוים איז געגאנגען אנטאניא פעסקארע, וועלכער איז ערשט ביי טאג געווען זייער וועגווייזער און האט זיי פערפיהרט אין דיא בערג.

איין סעקונדע זיינען דיא ענגלענדער געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. דאס האט אבער געדויערט נור איין סעקונדע. זיי זיינען באלד געקומען צו זיך און האבען זיך ארויפגעווארפען אויף דיא רויבער. עס האט זיך געבילדעט א שרעקליכער קנויל פון מענשען. דיא רעוואלווערס האבען געקנאקט, קוגעלן זיינען געפלויגען אין אלע זייטען. שווערדען און שטילעטען האבען געגלענצט אין דער לופט, פון זיי האט געטריעפט בלוט. דער ווילדער געשריי פון דיא רויבער האט זיך פערמישט מיט דיא „גאָדדעם׳ס“ פון דיא ענגלענדער, דאס קרעכצען פון דיא פערוואונדעטע און דאס רעכעלן פון דיא שטערבענדע. — דיא פלאמען פון׳ם ברענענדען הויז האבען בעלייכטעט מיט זייער רויטער פארב דיעזע שרעקליכע סצענע.

דער אנפיהרער פון דיא רויבער, אנטאניא פעסקארע, האט געזוכט סער ברייטאן. ער האט געוואוסט, אז ער איז דער עלטערער פון דיא ענגלענדער און, קוים וועט ער איהם טוידטען, וועלען זיך דיא איבעריגע מוזען אונטערגעבען. באלד האט ער איהם געטראפען. ער איז געשטאנען צו נאהענט, אום ער זאל קענען אויף איהם שיעסען. ער האט דאהער ארויסגעחאפט זיין סטילעט און האט איהם געוואלט שטעכען. סער ברייטאן אבער איז געווען א גוטער פעכטער, וויא אלע ענגלענדער. ער האט איהם ענטגעגענגעשטעלט זיין שווערד, מיט וועלכען ער האט אפגעווענדעט דעם סטילעט. דער באנדיט איז געקומען אין אזא רציחה, אז ער האט אוועקגעווארפען זיין סטילעט, האט זיך אנגעבויגען און זיך ארויפגעווארפען אויף סער ברייטאן. אין א סעקונדע זיינען זיי ביידע געלעגען אויף דער ערד און האבען זיך געראנגעלט. וויא פיעל דאס ראנגלען זיך האט געדויערט, האט סער ברייטאן ניט געקענט געדענקען, ער האט געפיהלט, אז ער קייקעלט זיך אין בלוט, אין פרישעס, ווארעמעס בלוט. — וועמעס בלוט איז עס? דאס האט ער ניט געקענט וויסען. זיינע קרעפטע האבען איהם פערלאזען — עס איז איהם פינסטער געווארען אין דיא אויגען — ער האט מעהר ניט געפיהלט. — ער איז געבליעבען ליעגען — טוידט....

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט פויקען און דיא טריט פון פיעלע פערד. דיא עסטעררייכישע הוסארען זיינען אנגעקומען. — דיא רעטונג איז דא! דיא הילף! איז זיא ניט צו שפעט?

— — — — — — — — — — — — —

העל און שעהן האט געלייכט דיא איטאליענישע זון, ווען סער ברייטאן האט געעפענט דיא אויגען. ער האט זיך אומגעקוקט ווילד ארום און האט דערזעהן דאס

פריינדליכע געזיכט פון זיין טרייען דיענער, מעק אללען. ער איז געלעגען אונטער א בוים אין ווייכען גראָז, זיינע וואונדען זיינען געווען פערבונדען פון א גוטען דאקטאר און ארום איהם זיינען געשטאנען עטליכע עסטעררייכישע הוסארען.

— וואו בין איך? האט ער קוים אויסגערעדט. — וואסער!

— איך בין לעבען אייך, האט מעק אללען געענטפערט. איהר זייט צווישען פריינד. איהר זייט גערעטעט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דערלאנגט א בעכער וואסער. סער ברייטאן האט געטרונקען דאס וואסער מיט א בעזונדערן פערגניגען. דאס האט איהם דערפרישט און ער האט געבעטען, אז מען זאל איהם אביסעל אויפהויבען דעם קאָפּ. מעק אללען האט איהם אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט איהם צוגעשפּארט צום בוים. באלד איז צוגעקומען דער דאקטאר און האט איהם גגעבען א לעפעל מעדיצין. סער ברייטאן האט זיך געפיהלט געשטארקט און האט בעטראכט דיא שרעקליכע סצענע ארום זיך. זיינע קאמעראדען זיינען אלע געזעסען און געלעגען מיט פערבונדענע קעפּ, הענד, פיס, ניט איינער פון זיי איז געבליעבען גאנץ. ניט ווייט זיינען געליעגען דיא לייכען פון'ם יונגען פאנד, איינעם פון זייערע ענגלישע דיענער און איינעם פון זייערע צוויי איטאליענישע דיענער. — אלזא, דרייא פון זיי זיינע דאך געבליעבען טויט.

ווייטער זיינען געלעגען אויף א הויפען דיא טויטע קערפּער פון דיא רויבער און נאך ווייטער זיינען געשטאנען, דיא הענד אויפ'ן רוקען געבונד זעקס רויבער. מעהר האט מען ניט געקענט חאפּען. דאס הויז האט זיך נאך געררייכערט. קיינער האט עס ניט געלאָשען. דער אלטער רויבער מיט זיין פרוי, וועלכע זיינען געלעגען געבונדען אין קעמער'ל, זיינען געווים פארברענט געווארען אין זייער לאך.

באלד איז צוגעקומען דער קאמאנדיר פון דיא הוסארען, גראף שטערנבערג. ער האט זיך געזעצט אויף א קלאָץ לעבען סער ברייטאן און האט איהם געזאגט, אז ער איז גליקליך, וואס עס איז איהם דאך געלונגען זיי צו רעטען. ער האט ווייטער דערצעהלט, פאר וואס ער איז געקומען אזוי שפּעט.

מעק אללען און דאנילא פּעטראוויטש האבען ניט געקענט געהן גלייך קיין סאלפּערינא. זיי האבען געמוזט אנלענען זעהר פיעל וועג, ווייל דיא רויבער האבען אויסגעשטעלט וואכען ארום און נור איין דאנילא פּעטראוויטש האט געוואוסט דיא געהיימע וועגען, וויא אזוי זיי אפּצונארען. ווען זיי זיינען אנגעקומען קיין סאלפּערינא און האבען דערזעהן דעם סאלדאט, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, איז דאנילא פּעטראוויטש זיך אוועקגעגאנגען, אזוי וויא מען האט אפּגערעדט. צום אונגליק איז דיעזער סאָלדאט געווען אן אונגאר, וועלכער האט ניט פערשטאנען קיין ווארט איטאליעניש און קיין ווארט דייטש. לעזען דיא אדרעס אויפ'ן בריעף האט דער אונגאר אויך ניט געקענט. מעק אללען האט זיך מיט איהם אויף קיין פאל ניט געקענט צונויפרעדען. דער סאלדאט האט איהם ניט געלאזען ווייטער געהן, ביז עס איז אנגעקומען אן אונטער אפיציער מיט נאך א סאלדאט צו בייטען דיא וואך. דער אונטער אפיציער האט איבערגעלעזען דיא אדרעסע און האט געפרעגט מעק אללען, וואס דארט איז. האלב איטאליעניש, האלב ענגליש האט איהם מעק אללען ערקלערט, אין וואס

פאר א געפאהר זיי געפינען זיך. דער אונטער אפיציער האט עס באלד מיר געמעל־
דעט. איך האב באלד געהייסען בויקען אלארם (טרעוואגא), מיין רעגימענט איז זיך
צונויפגעקומען. איין העלפט האב איך געמוזט לאזען אין שטעדטעל. מיט דער אנדע־
רער העלפט בין איך געפאהרען אייך צו הילף. ליידער האט מעק אללען ניט גוט גע־
וואוסט דעם וועג. מיר האבען פערלארען צו פיעל צייט. צום גליק האבען מיר דערזעהן
דאס פייער פון'ם הויז און מיר זיינען אנגעקומען אין דער מינוט, ווען איהר האט זיך
אלע געשלאגען מיט דיא רויבער אין טויער פון'ם הויז.

— אייערע קאמעראדען, האט ווי טער געזאגט דער קאמאנדיר פון דיא עסטער־
רייכישע הוסארען. — אייערע קאמעראדען האבען מיר שוין אלעם דערצעהלט. ליעטע־
נאנט סאנדערס איז זעהר לייכט פערוואונדעט אין א האנד. ער האט מיר דערצעהלט
דיא גאנצע געשיכטע פון אייער רייזע פון רום ביז אהער. פון אייערע קאמעראדען
זיינען פיער אים שטאנד ווייטער צו פאהרען, איהר און נאך צוויא זיינען עטוואס
שווערער פערוואונדעט. דער דאקטאר אבער זאגט, אז איהר זייט אויך לייכט פער־
וואונדעט, נור איהר האט געהאפט א שטארקען זעץ אין קאפ, דער פון זייט איהר
געפאלען אין אהנמאכט. ער האפט, אז אין א פאר שטונדען וועט איהר אזוי ווייט
קומען צו זיך, אז איהר וועט זיין אים שטאנד צו פאהרען מיט אונז. איך האב שוין
געשיקט ברענגען א לייכטע און ווייכע דראשקע פון סאלפערינא.

סער ברייטאן האט נאך א מאל געדאנקט דעם קאמאנדיר פון דיא הוסארען
און דעם דאקטאר פאר זייער הילף. אזוי וויא ער האט זיך געפיהלט אזוי ווייט גע־
שטארקט, אז ווען צווייא מענשען זאלען איהם אונטערהאלטען, וואלט ער געקענט געהן
איינינע שריט, האט ער געבעטען מעק אללען און איינעם פון דיא הוסארען, זיי זאלען
איהם צופיהרען צום אבגעברענטען הויז. ער וויל נאך אמאל בעטראכטען דעם ארט,
וואו ער האט צוגעבראכט אזא שרעקליכע נאכט. דאס האט ער נור געזאגט אזוי, אין
דער ווארהייט אבער האט ער געוואלט נאך אמאל זעהן דיא לייבע פון'ם יונגען פאנד.
ער האט געזעהן, וויא דיא הוסארען גראבען א טיעפע גרוב פאר דיא טויטע. ער האט
געוואוסט, אז מען וועט זיי אלעמען דא ארייןווארפען און בעגראבען. דיא טרערען
האבען איהם געווארגען. ער האט געוואלט זיך נאך א ביסעל אויסוויינען אויפ'ן טויטען
קערפער פון'ם יונגען מאן, וועלכער איז געשטארבען אזא פלוצלונגען אומצייטינגען טויט.

מעק אללען און איינער פון דיא הוסארען האבען איהם גענומען אונטער דיא
ארימ'ס און האבען איהם געפיהרט צו דעם ארט, וואו דיא לייבען זיינען געלעגען. אין
איין זייט זיינען געלעגען צוועלף טויטע קערפער פון דיא רויבער, צווישען זיי איז געלע־
גען דער קערפער פון אנטאניא פעסקארע, דער אנפיהרער פון דיא רויבער, זיין וועג־
ווייזער, דער זעלבער, וועלכער האט זיי פערפיהרט. אויף זיין ברוסט האט מען געזעהן
א שרעקליכע וואונד פון א שווערד אדער א מעסער, אויף וועלכע דאס בלוט איז פער־
באקען געווארען פון דער היץ און האט אויסגעזעהן, וויא א שווארץ שטיק לעבער.
זיין געזיכט איז פערגליווערט געווארען מיט א שרעקליכער, אבשייליכער, דראהענדער
גרימאסע. זיינע פערגלעזערטע אויגען, זיינע צונויפגעפרעסטע צעהנער, דיא שרעקליכע
וואונד אויף זיין ברוסט און דיא מיאוסע, שוידערהאפטע גרימאסע פון זיין געזיכט

האבען געמאכט א טרויעריגען, שווערן איינדרוק אויף מער ברייטאן. ער האט א ציטער געטאהן מיט זיין גאנצען קערפער און האט זיך געוואלט אוועק קעהרן, ווען ער האט דערזעהן, אז צו קאפענס פון'ם טויטען זיצט א יונגע פון א יאהר עלף־צוועלף און האט געהאלטען דעם קאפ אויף זיינע קניע. מער ברייטאן האט איהם באלד דערקענט. דאס איז געווען בעפא, דער יונגע, וועלכען זיי האבען געטראפען, ווען זיי זיינען געכטען ביי נאכט געקומען צום אלטען רויבער אין הויז. איהם האט עס דיא אלטע געשיקט, ער זאל מעלדען דיא רויבער, אז דיא ענגלענדער זיינען דא אין הויז. ער איז געווען אנטא־ניא פעסקארע'ס קינד.

פון אין דער פריזה אן איז ער אזוי געזעסען לעבען זיין טויטען פאטער. ער האט ניט געוויינט, ער האט ניט געקלאגט. קיין טרער האט זיך אויף זיין ברוינעס געזיכט ניט געוויזען, נור זיינע אויגען האבען געפונקעלט מיט א העליש־פייער און זיינע צונויפגעפרעסטע ליפען האבען געזאגט דייטליך: ווארט! איך וועל עלטער ווערן און וועל מיך נוקם זיין פאר מיין פאטער!—דיא הוסארען האבען זיך אויף איהם ניט אומר געקוקט. וואס וועלען זיי טהאן מיט אזא קינד? זיי האבען איהם געלאזען זיצען לעבען דיא טויטע.

מער ברייטאן האט זיך אוועקגעקעהרט פון דיעזער שרעקליכער סצענע און איז צוגעגאנגען צו דעם ארט, וואו עס זיינען געלעגען דיא לייכען פון'ם יונגען פאנד און פון זיינע צווייא דיענער. ער האט זיך אראפגעלאזען אויף דיא קניע און האט געוויינט אויף דיא טויטע קערפער פון זיינע געטרייע פריינד. מעק אללען האט איהם ניט גע־לאזען לאנג שטעהן אויף דיא קניע. ער איז נאך צו שוואך און דאס שרעקליכע אויס־זעה פון דיא טויטע קען איהם אויפרעגען. באלד איז אויך צוגעקומען דער דאקטאר און האט איהם געגעבען א גלאז גוטען רויטען וויין. מער ברייטאן האט ניט געוואלט טרינקען.

-- טרינקט, פריינד, האט דער דאקטאר איהם געזאגט. איהר האט פערלארען פיעל בלוט, דאס איינציגע מיטעל וויעדער צו בעקומען דאס פערלארענע בלוט, איז גוטער רויטער וויין. רויטעס איז ארויס פון'ם קערפער, רויטעס מוזען מיר איהם צוגעבען.

מער ברייטאן האט אויסגעטרונקען דעם וויין און האט זיך געפיהלט געקרעפ־טיגט. דער דאקטאר האט איהם געהייסען זיך א ביסעל צו לעגען, ביז עס וועט אנקומען דיא דראשקע פון סאלפערינא. מער ברייטאן האט איהם געפאלגט, ער האט אבער ניט געקענט שלאפען. ער האט זיך דערמאנט, אז זיין בראוט, מיס גרענוויל איז געפאנגען און געפינט זיך אין דיא הענד פון דערזעלבער באנדע. ער האט געשיקט רופען דעם קאמאנדיר פון דיא הוסארען און האט איהם דערצעהלט, אז זיין בראוט געפינט זיך אין דיא הענד פון'ם רויבער קאפיטאן פעפע מאמיני.

— איך האב נאך נעכטען געהערט, אז דיא רויבער זיינען אנגעפאלען אויף דער וויללא (דאטשא) סארענטי און האבען געפאנגען גענומען צווייא פרויען. מיר האבען עס שוין געמעלדעט אין איטאליען. דיא פאליציי פון נעאפאל שיקט אונז א ראטע זשאנדארען. דיא רעגיערונג פון'ם פאפס אין רוים (אין יענער צייט איז דער פאפס געווען הערשער אין רוים און אין דער געגענד ארום) האט ארויסגעשיקט א ראטע

סבירען (א סאָרט ושאנדארען). איך האב גערעכענט היינט אין דער פריה ארויסצופאָהרען זוכען דיא רויבער און בעפרייען דיא פרויען. אייער דיענער האט מיך געבראכט אהער. יעצט, אז איך וויס, אז איינע פון דיא פרויען איז אייער בראוט, מיס גרענוויל, וויל איך געוויס טאהן אלעס, וואס איז נור מעגליך אום זיא צו בעפרייען. קוים וועט אנקומען דיא דראָשקע פון סאלפערינא, וועלען מיר באלד פאהרען צו דער קרעטשמע, וואו איהר האט זיך נעכטען אפגערוהט. אייער דיענער האט מיר שוין אלעס דערצעהלט. ער האט מיר דערצעהלט, אז מיט אייך איז געפאהרען אן איטאליענישער גראף, וועלכער האט אייך געהייסען קומען צו דער קרעטשמע. דער ווירטה קען גוט דיא וועגען און וועט אונז פיהרען אין דיא בערג. איך וועל זיי שוין אויפזוכען! איך וועל פערניכטען דיעזע רויבער באנדע, וועלכע מאכט גאנץ איטאליען אונזיכער. ווען ניט, זאל איך ניט הייסען גראף שטערנבערג.

— חא, חא, חא! האט מען געהערט פון הינטער א בוים. ער וועט פערניכטען דיא באנדע פון פעפע מאמיאני? האט עס געקלונגען מיט א שרעקליכען, ביטערן געלעכטער.

גראף שטערנבערג און סער בריטאן זיינען געבליבען א פאָר סעקונדען, וויא פערשטיינערט. באלד האבען זיי זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן הינטער א בוים צונויפגעקארטשעט דעם קליינעם בעפא.

— איהר וועט פערניכטען דיא פרייע מענער פון איטאליען? האט זיי געלאכט אינ'ס געזיכט דער קליינער יונגע. דער איז נאך ניט געבוירען געווארען, ווער עס וועט זיך איינשטעלען צו קומען אין אונזערע בערג. פריי, וויא דיא בערג, איז דער איטאליענער!

גראף שטערנבערג איז געוועזן אויסער זיך. ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט, וויא א גערייצטער טיגער, און האט געהייסען זיינע הוסארען, זיי זאָלען חאפען דעם קליינעם באנדיט. איידער איינער פון דיא הוסארען האט זיך געריהרט, איז דער קליינער באנדיט שוין פערשוואונדען. פלינק, וויא א קאץ, האט ער געקלעטערט אויף דיא שטיינער, אויף דיא בערג, ביז ער איז צוגעקומען צו א גאנץ הויכען שטיין ווייט פון'ם לאגער. דארט האט ער זיך געשטעלט אין דער הויך און האט צונויפגעלעגט זיינע קליינע הענטליך אין שטארקע פויסטען, מיט וועלכע ער האט געדראָהעט דיא הוסארען. גראף שטערנבערג האט געהייסען שיעסען אויף איהם. דיא קוגעל האט איהם אבער ניט געטראפען. ער איז שוין געוועזן צו ווייט און דער שטיין האט איהם געשיצט. גראף שטערנבערג איז געוועזן אויסער זיך. דיעזער קליינער, עלף יעהריגער באנדיט האט איהם שרעקליך אויפגערעגט.

— יעצט טארען מיר קיין מינוט ניט פערליערען, האט ער געזאגט צו סער בריטאן. דער קליינער שפיאן וועט לויפען אוןווארענען דיא רויבער. זיי קענען נאך ערגעץ אנטלויפען. מיר מוזען זעהן ארומצורינגלען דעם בארג מאנטע וויטארע, וואו זיי האלטען זיך יעצט אויף פון אלע זייטען.

ער איז געוועזן אן ענערגישער מענש און האט געוואלט העלפען דעם ענגלענדער מיט'ן גאנצען הארצען. ער האט ארויסגענומען זיין נאָטיץ בוך, האט ארויסגעריסען

א פּאָר בלעטער און האט אנגעשריעבען דריי טעלעגראַמען אין פערשיעדענע ערטער, אז מען זאל באלד ארויסשיקען סאָלדאטען און זשאנדארען צו דער אָסטעריא, וואו דיא ענגלענדער האבען זיך נעבטען אפּגערוהט.

באלד איז אנגעקומען דיא דראָשקע. מען האט שנעל בעגראבען דיא טוידטע. דיא זעקס געפאנגענע מערדער האט מען צוגעבונדען צו דיא פערד און מען האט זיי אוועקגעשיקט קיין סאלפּערינא. סער ברייטאן און דיא שווער פערוואונדעטע האבען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע פערד. באלד זיינען אלע אוועקגעפאהרען פון דיעזען שרעקענסאָרט.

5טעס קאַפּיטעל.

## אַ געהיימע פערזאמלונג.

עס איז נאכט. א שטילע, רוהיגע, ווארמע איטאליענישע נאכט. דער מאנד איז פערשוואונדען, נור איהרע יונגע, פרעהליכע קינדער — דיא שטערן — פונקעלן, גלענצען, לייכטען און בעשיינען א פערווילדעטע געגענד ניט ווייט פון דער אלטער, אייביגער שטאדט, רוים. אלעס איז שטיל, אלעס איז רוהיג, אלעס שלאפט, אלעס רוהט זיך אויס פון זיין שווערער ארבייט פון א גאנצען טאג. נור דער מענש רוהט ניט. נור ער בענוצט ניט דיא נאכט צו וואס זיא איז בעשטימט — צום שלאפען.

מיר געפינען זיך לעבען אן אלטען איינגעפאלענעם שלאָס. ארום און ארום ליעגען צו ווארפען און צו בראכען טהירען, טויערן, פענסטער, געזימסען און שטיקער מארמארנע זיילען. אמאל, שוין גאנץ לאנג, האט אין דיעזען שלאס געוואוינט א שטאלצער רוימישער קייסער, וועלכער האט בעהעררשט דיא גאנצע וועלט און האט פון דיעזען שלאס ארויסגעשיקט זיינע שטרענגע בעפעהלע אויף דער גאנצער וועלט. דאס איז אבער געווען שוין לאנג, גאנץ לאנג. דעם שטאלצען קייסער האבען זיינע איינענע סאלדאטען געטוידטעט. דער שלאס איז געבליעבען איינזאם און פערנאכלעסיגט. דיא שארפע, אייזערנע צעהנער פון דער צייט האבען איהם צערשטערט, פער־ניכטעט און געמאכט פון איהם א הויפען טוידטע, צובראכענע, צוריסענע און צו ברעקעלטע שטיינער. ווילדע גראזען, קראפּיווע און דערנער האבען מיטלייד געהאט מיט דיעזע שטיינער און האבען זיי פערדעקט מיט זייערע גרינע בלעטער.

דיעזע רואינען (חורבות) זיינען פערגעסען און פערנאכלעסיגט, דאכט זיך, פון גאט און מענשען. קיינער קומט ניט אהין, קיינער געהט ניט אהין, קיינער וויל זיי ניט זעהן, קיינער וויל זיי ניט בעזוכען. אין איטאליען זיינען דא גרעסערע וואונדער פון אלטע צייטען, וועלכע קיינער וויל ניט אנקוקען. — טוידט, שטיל, פערנאכלעסיגט און פערגעסען ליעגען זיי זייט הונדערטער יאהרען, שטומע צייגען פון אנאנדער צייט, פון אנאנדערער וועלט, פון אנדערע מענשען און פון אנאנדער לעבען.

ווייט אויפ'ן פעלד האט זיך געוויעזען א מענשען געשטאלט. זיא בעוועגט זיך לאנגזאם און פארזיכטיג. זיא געהט צום איינגעפאלענעם שלאָס. באלד האט זיך גע־וויעזען אנאנדער געשטאלט, פון אנאנדערער זייט. אויך דיעזע געשטאלט געהט לאנג־זאם צום איינגעפאלענעם שלאס. עס איז שווער צו דערקענען אין דער פינסטערניס, ווער עס געהט, א יונגער אדער אן אלטער, א מאן אדער א פרוי. יעדע געשטאלט

איז איינגעהילט אין א ברייטען מאנטעל. דאס געזיכט פערדעקט און אויסגעשמיערט מיט סאזשע אדער מיט קוילען.

נעהנטער און נעהנטער איז דיא ערשטע געשטאלט צוגעקומען צו דיא רואינען (חורבות) פון'ם שלאס. זיא איז שוין געווען ניט ווייטער אלס פופציג שריט פון איהם. פלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען פון אונטער דיא שטיינער אאנדערע מענשליכע פיגור, איז געגאנגען אייניגע שריט געגען דער ערשטער און האט געזאגט גאנץ דייטליך דאס ווארט.

— טעררא (לאנד).

— ע ליבערטא (און פרייהייט) האט דער אנגעקומענער נאסט נעענטפערט.

— ענאליטא (גלייכהייט) האט דיא דריטע געשטאלט צוגעזעצט.

עס איז געווען דייטליך, אז דער מענש, וועלכער האט זיך אויפגעהויבען פון אונטער א שטיין, איז דארט געשטאנען אויף דער וואך און האט געפאדערט פון יעדען דאס פאסיר ווארט. דאס איז איהם אבער ניט געווען גענוג. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דיא געסט און האט ארויסגעלעגט זיין האנד אויפ'ן ארים פון'ם גאסט. דער גלאנץ פון א שארפען, פאלירטען שווערד אדער סטילעט האט א בליץ געטהאן אין דער לופט.

— איהר זייט ווילקאמען! האט דאן דער, וואס איז געשטאנען אויף דער וואך נעענטפערט. — ווייסט איהר, וויא אזוי ארייצוגעהן?

— ניין, האבען דיא פרעמדע נעענטפערט. מיר זיינען דא צום ערשטען מאל.

דיא וואך האט ארייגעלעגט א פינגער אין מויל און האט נאכגעמאכט דעם געשריי פון א נאכט פויגעל. וויא פון דער ערד ארויס איז ארויסגעקומען א מענש און איז צוגעקומען צו דער וואך.

— פיהר אריין דיא פרעמדע אין גרויסען זאל, האט דיא וואך געזאגט. דוא ווייסט דיא רעגעלן.

דער מאן האט אנגענומען ביידע פרעמדע ביי דיא הענט און האט זיי געפיהרט צווישען דיא אנגעווארפענע שטיינער. מען האט געמוזט זיין גוט בעקאנט מיט'ן וועג, אדער זעהר פארזיכטיג צו געהן ביי נאכט צווישען דיעזע אין א שרעקליכער אונארדנונג צו ווארפענע שטיינער.

ער האט זיי צוגעפיהרט צו א גאנץ גלייכער און גלאטער וואנד. עס איז צוואר געווען פינסטער, אבער אויך אין מיטען העלען טאג וואלט מען דארט ניט געקענט געפינען קיין שפור פון א טהיר אדער אן עפענונג. ער האט זיך אנגעשפארט אן דער וואנד מיט זיין גאנצער קראפט. א גרויסער פיער עקיגער שטיין האט זיך אפגערוקט און עס האט זיך געעפענט אן ענגער פינסטערער גאנג אדער קארידאר.

— נעהמט אייך אן אן מיין גארטעל, האט דער פיהרער געזאגט צו דיא פרעמדע. בייגט אייך דעם קאפ, דיא טהיר איז דא זעהר ניעדעריג, ווייטער ווערט דער גאנג העכער און ברייטער.

דיא צוויי פרעמדע האבען זיך אנגענומען אן דעם פיהרערס גארטעל, האבען איינגעבויגען זייערע קעפ און זיינען איהם נאכגעגאנגען. אין קארידאר איז געווען פינסטער

און שטיל, וויא אין א קבר. דיא דריי מענער זיינען געגאנגען אייניגע מינוט און זיינען, ערגעץ געבליעבען שטעהן אין דער פינסטער. דער פיהרער האט א קלאפ געטהאן דריי מאל מיט דער האנד.

— ווער קומט עס צו אונז אין דער שווארצער שטונדע פון דער נאכט? האט מען געפרעגט מיט א ווילדער, פערשטעלטער שטימע.

— מענשען, וועלכע זוכען דיא ליכטיגקייט. האט דער פיהרער פאר זיי געענטפערט.

— ווייסט איהר ניט דעם וועג צום ליכט, וואס איהר דארפט האבען א פיהרער?

— מיר קומען פון א ווייט לאנד, וואו עס הערשט פינסטערניס און קנעכט־שאפט, האבען דיא פרעמדע געענטפערט.

— פינסטערניס און קנעכטשאפט הערשען אין פיעלע ווייטע און נאהענטע לענדער, האט דיא שטימע ווייטער געזאגט, גיט אונז דעם צייכען פון ליכט און פרייהייט.

דיא צוויי פרעמדע האבען ארויסגענומען פון זייערע מאנטלען סטילעטען און האבען זיי אריינגעשטעקט אין דער וואנד. ערגעץ פון דער הויך האט זיך געוויעזען א שוואכער שיין פון א ליכט.

— ווער קען אייך פון דיא מענער דעם ליכטעס? האט דיעזעלבע שטימע געפרעגט.

— מאדזיני און גאריבאלדי, האבען דיא צוויי פרעמדע געענטפערט.

דאס ליכט איז פערשוואונדען. דיא צוויי מענער זיינען געבליעבען אין דער פינ־סטער. עס זיינען פערגאנגען א פאר מינוטען. פלוצלונג האבען זיי געפיהלט, אז שטארקע הענד האבען זיי ארומגענומען, האבען זיי פערבונדען דיא אויגען און האבען זיי אנגע־הויבען צו פיהרען אויף טרעפ, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א צווייטער טהיר. דארט האבען דיא פיהרער וויעדער אנגעקלאפט.

— ווער זייט איהר און וואס ווילט איהר? האט געפרעגט א שטרענגע שטימע פון אינעוועניג.

— מיר זיינען אונטערדריקטע און פערפאלגטע און מיר ווילען ליכט און פרייהייט, האבען דיא פרעמדע געענטפערט.

— פון וואנען קומט איהר?

— מיר קומען פון א לאנד פון פינסטערניס און אונטערדריקונג; מיר קומען פון רוסלאנד.

— וויא הייסט איהר?

— מיכאאיל באקונין און דוד דייטש.

דיא טהיר האט זיך געעפענט אזוי שטיל, אז דיא פרעמדע האבען קוים געהערט און דיא פיהרער האבען זיי אריינגעפיהרט אין א גרויסען, פון הונדערטער ליכט און לאמפען העל בעלייכטעטען זאל. דא האבען דיא פיהרער אראפגענומען דעם באנד פון זייערע אויגען און דיא פרעמדע האבען דערזעהן, אז זיי געפינען זיך אין א גרויסען זאל מיט א געוועלב אלס דאך. דער זאל האט ניט געהאט קיין פענסטער און, וויא עס האט זיך זיי אויסגעוויעזען, אויך קיינע טהיערען. אין דער מיט זאל איז געשטאנען א גרויסער טיש. ארום טיש זיינען געשטאנען לאנגע הילצערנע בענק. אויפן טיש זיינען געלעגען צוויי טאדטען קעפ און לעבען זיי צוויי שווערדען איינער אויף דעם אנדערן

וויא א קרייץ. ארום טיש זיינען געזעסען מענשען, מיט פערשמיערטע געזיכטער. קיינער האט ניט גערעדט קיין וואָרט. אַלע זיינען געזעסען ערנסט און פערטראַכט, וויא דיא שטיינערנע געטער אין א קאַטאָלישער קירכע.

מיר ווילען ניט פיעל שפּאַנען דיא נייגיערדע פון אונזערע לעזער און וועלען זיי באלד אויסזאגען, אז מיר געפינען זיך אויף א פערזאמלונג פון דער וועלט בעריהמטער געזעלשאפט דיא „קאַרבאָנאַרי״.

דאס איז איינע פון דיא מערקווירדיגסטע און בעריהמטעסטע געהיימע געזעלשאַפטען, וועלכע האבען עקסיסטירט אויף דער וועלט. דיא „קאַרבאָנאַרי״ האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אין גאנץ אייראפּא. צווישען דיא מיטגליעדער פון דער „קאַרבאָנאַרי״ געפינען מיר העלדען, וויא גאריבאלדי און לודוויג קאשוט: אניטאטארס, וויא מאַדזיני; געלעהרנטע, וויא לאַפּארזש, שרייבער און פּאָעטען און זאגאר געקרוינטע קעפּ. דער פראנצויזישער קייסער, נאפּאָלעאָן דער דריטער, איז געווען א מיטגליעד פון דיא „קאַרבאָנאַרי״. דורך דיא קאַרבאָנאַרי איז ער געוואָרען קייסער אין פראנקרייך. דורך דיא קאַרבאנאַרי האט זיך איטאליען פעראייניגט און האט זיך בעפרייעט פון דער הערשאַפט פון׳ם פּאַפּסט. פיעלע קריעג אין אייראפּא זיינען ענטשטאנדען דורך דיא „קאַרבאָנאַרי״.

דער אונטערשיעד צווישען דיא „קאַרבאָנאַרי״ און דיא רוסישע ניהיליסטען בעשטעהט אין דעם, אז דיא ניהיליסטען האבען געדאַכט נור אן רוסלאנד, האבען גע־שטרעבט צו בעפרייען נור רוסלאנד אליין; דיא קאַרבאָנאַרי אבער האבען געפּאסט א ווייטערן פּלאַן, זיי האבען געדאַכט אן גאנץ אייראפּא. זיי האבען געשטרעבט איינ־צופיהרען אין גאנץ אייראפּא אנאנדערע געזעלשאפט, אנאנדער סיסטעם צו לעבען און אלגעמיינע פרייהייט און גלייכהייט.

— אלע זיינען שוין דא, האט געזאגט איינער פון דיא מענער ביים טיש, איך מיין, אז מיר קענען עפענען דיא פערזאמלונג. מיר האבען היינט זעהר פיעלעס און זעהר וויכטיגעס צו פערהאנדלען.

— דיא עסטערר״כער זיינען נאך ניטא, האט איינער געענטפערט.

דיא צוויי פרעמדע האבען דערוויל געהאט צייט זיך ארומצוקוקען. באקונין האט זיך געקענט מיט פיעלע פון דיא פערזאמעלטע און האט זיי שטילערהייט געגריסט. ער איז שוין ניט איין מאל געווען אויף א פערזאמלונג פון דיא „קאַרבאָנאַרי״, נור דא, אין רוים, איז ער געווען צום ערשטען מאל. דייטש אבער האט קיינעם ניט געקענט. ער איז אריינגעטרעטען אין דיא קאַרבאָנאַרי געזעלשאַפט אין פּאַריז, איז געווען בעקענט נור מיט איינינע פּאַריזער מיטגליעדער. דיא הויפּט אנפיהרער אבער האט ער נאך ניט געקענט. ביי איהם איז נאך אלעס געווען ניי. ער האט יעדעס מאל געפרעגט באקונינען שטילערהייט: ווער איז דער? און ווער איז דער?

— דער, וואס זיצט לעבען דיא שווערדען, איז גאריבאלדי, דער העלד פון צוויי וועלטען. דער מאן וועלכער האט געקעמפּפט אין אמעריקא, אז ארגענטיניען זאל זיך בעפרייען פון׳ם יאָך פון שפּאניען און פון דיא יעזואיטען. אין איטאליען, אז איטאליען

זאל פריי ווערן פוןם יאך פון זיינע הערשער און פירסטען, הויפטזעכליך אבער פוןם פאפסט אין רוים.

— און ווער איז דער, וואס זיצט אין זיין רעכטער האנד? האט דייטש ווייטער געפרעגט.

— דאס איז דער פראנצויז פעלעטיע, דער העלד פון 1848. ער האט געבויט באריקאדען אין דיא גאסען פון פאריז און האט מיט זיינע פייעריגע רעדען אויפגערעגט דאס פראנצויזישע פאלק, עס זאל פערטרייבען דעם קעניג לואי פיליפ.

— און ווער איז דארט אין א זייט? א זאנדערבארע געשטאלט. מיר שיינט, אז דאס איז א פרוי.

— דאס איז ווירקליך א פרוי, דיא גרעפין דעלא טארע. זיא האט געאפפערט א פערמעגען פון עטליכע מיליאן פראנק פאר דיא רעוואלוציאנערען פון דער גאנצער וועלט. ביי איהר אין פאלאץ אין רוים פלעגען זיך פערזאמלען אלע רעוואלוציאנערן. איהר פאלאץ איז געוועזען א צופלוכטס ארט — עיר מקלט — פאר יעדען פאליטישען פערברעכער, ער האט געמעגט זיין פון וואנען עס איז. ווען גאריבאלדי האט זיך געשלאגען אין דיא גאסען פון רוים און דיא סאלדאטען פוןם פאפסט צוזאמען מיט דיא עסטערייכער האבען איהם ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, האט דיא גרעפין אויפגעפענט איהר פאלאץ און האט איהם מיט דעם קליינעם הייפעלע פון זיינע מענשען אויפגענומען און בעהאלטען ביי זיך, ביז זיא האט זיי ארויסגעפיהרט פון רוים דורך א געהיימען וועג אין איהר פאלאץ.

אונטערדעסען זיינען אנגעקומען נייע מענשען. איינינע זיינען אריינגעקומען גלייך, וויא צו זיך אהיים; אנדערע, וועלכע זיינען ניט אזוי גוט בעקענט געוועזען, האט מען אריינגעפיהרט מיט פערבונדענע אויגען, וויא אונזערע צוויי בעקאנטע רוסישע ניהיליסטען. איינינע זיינען אוועקגעגאנגען אן א זייט און האבען גערעדט שטילערהייט צווישען זיך; אנדערע האבען זיך באלד געזעצט צום טיש און האבען געשוויעגען. פלוצלונג האט דער פארזיצענדער א קלאפ געטהאן מיט זיין שטילעט אן טיש. אלע זיינען געבליעבען שטיל און האבען זיך געזעצט אויף זייערע ערטער.

מענער פון ליכט און פרייהייט! האט געזאגט גאריבאלדי מיט זיין שטארקער, קלינגענדער שטימע. איך ערעפען דיא פערזאמלונג. איך וויל אבער צוערשט ערקלערן דעם צוועק פון אונזער היינטיגער פערזאמלונג.

אין אייראפא הייבט זיך יעצט אן א שרעקליכע קריעג. פון איין זייט פיהרט קריעג עסטערייך מיט איטאליען, פון דער אנדערער זייט — עסטערייך און דייטשלאנד געגען פרייסען. אלע קעניגע און הערשער פון אייראפא זיינען פעראינטערעסירט אין דיעזען קריעג. וואלט דען ניט גלייך געוועזען, אז יעצט ווען דיא קעניגע און פירסטען פיהרען קריעג פאר זייערע קרוינען, אז מיר זאלען ארויסטרעטען מיט אונזערע ארמען — מיטן פאלק — און ערקלערן גאנץ אייראפא אלס איין פאמיליע פון פרייע און גלייכע מענשען? יעצט איז דיא בעסטע צייט ארויסצוטרעטען מיט אן עפענטליכער רעוואלוציאן. איך פערלאנג, אז יעדער זאל ארויסזאגען זיין מיינונג, וויא אזוי עס

שטעהט ביי איהם אין לאנד און אויב דארטען איז אלעס פארבערייטעט צו איינער רעוואלוציאן.

דער ערשטער האט זיך אויפגעהויבען דער פראנצויז פעלעטיע. ער האט אנגעהויבען צו ריידען שנעל און צו מאכען מיט דיא הענד, וויא אן עכטער פראנצויז.

— מיר, פראנצויזען, זיינען שטענדיג בערייט צו קעמפפען פאר אונזער פרייהייט, האט ער געזאגט. שוין מעהר אלס פופציג יאהר געפינען מיר זיך אין א שטענדיגען קאמפף. איך קען זאגען, אז מיר שלאפען מיט דיא וואפען אין דיא הענד. איין אויפרוף, איין ווינק — און דאס פראנצייזישע פאלק איז בערייט אויפצוהויבען דיא רויטע פאהן און צו קעמפפען פאר דיא בעפרייאונג פון דער גאנצער מענשהייט. מיר ערווארטען נור דעם סיגנאל צום קריעג.

ער האט נאך לאנג גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא בעגייסטערונג, אז דיא גאנצע פערזאמלונג האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. אלע זיינען אויפגעשטאנען פון זייערע פלעצער און האבען אויסגערופען מיט איהם:

— מיר ווילען ליכט און פרייהייט!

ווען דער פראנצויז האט געענדיגט זיין רעדע און האט זיך אניעדערגעזעצט, איז אויפגעשטאנען א דייטש, אן עסטעררייכער מיט'ן נאמען ראבערט בלום און האט אנגעהויבען צו רעדען רוהיג און געלאסען, וויא א דייטשער פראפעסאר.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען אייך יעצט זעהר וועניג מיטטהיילען איבער עסטעררייך, האט ער אנגעהויבען זיין רעדע. דער איינציגער מענש, וועלכער איז איםשטאנד צו ווירקען אויף דאס פאלק, איז דער יונגער, פייעריגער רעוואלוציאנער, יאהאן מאסט. ער איז אבער יעצט ארעסטירט אין איינע פון דיא פעסטונגען. ער איז דער איינציגער, וועלכער וואלט אימשטאנד געווען אויפצוהייבען דיא שלעפעריגע, בלייענע דייטשען. זיינע רעדען צינדען, וויא דיא בליצען: דאס פאלק הערט איהם צו מיט פערגניגען און וועט איהם נאכגעהן אין פייער און וואסער.

ער האט געהאלטען א לאנגע רעדע, אין וועלכע ער האט בעוויזען, אז אין עסטעררייך איז מען נאך ניט פארבערייטעט. גאריבאלדי האט טרויעריג געשאקעלט מיט'ן קאפ. נאך איהם האט גערעדט אן אנדער דייטש פון פרייסען מיט'ן נאמען היידעל. דאס איז געווען דערזעלבער היידעל, וועלכער האט מיט איינינע יאהר שפעטער געשאסען אויפ'ן דייטשען קייזער, ווילהעלם I, ווען ער האט זיך געבאדען אין דער שטאדט עמס.

ער האט בעוויעזען, אז אין דייטשלאנד זיינען אלע בערייט צו פערטרייבען זייערע קעניגע און זייערע פירסטען און צו ערקלערען א רעפובליק פון פרייע און גלייכע מענשען. ער האט גערעדט זעהר לאנג. עס איז אבער געווען דייטליך פון זיינע רייד, אז אין דייטשלאנד געפינען זיך נאך דערווייל וועניג מענשען, וואס דענקען, וויא ער און וועלכע זיינען בערייט צו אפפערן זייער לעבען פאר דיא פרייהייט.

נאך איהם האט גערעדט א גרעק. ער האט בעוויעזען, אז דיא גרעקען זיינען פון אייביג אן רעוואלוציאנערן. זיי האבען זיך בעפרייט פון'ם טערקישען יאך און זיי

זיינען צו יעדער צייט בערייט אויפצוהויבען דיא פאהן פון דער רעוואלוציאן און צו בעפרייען זיך פון זייער קעניג.

שפעטער פון אלעמען האט זיך אויפגעהויבען מיכאאיל באקונין.

— רוסלאנד, האט ער געזאגט, איז א זאנדערבארעס לאנד. רוסלאנד איז שטענדיג בערייט צו א רעוואלוציאן און איז קיין מאל ניט בערייט. דאס פאלק אין רוסלאנד איז נאך אזוי פערגרעבט, אזוי פערווילדעט, אז ער האט נאך גאר קיין בעגריעף ניט פון פרייהייט. דאס רוסישע פאלק וועט קיין מאל ניט זיין אים שטאנד זיך אליין צו בעפרייען. מען מוז עס בעפרייען מיט געוואלד! מען מוז פערניכטען דיא הערשער פון רוסלאנד, דיא פאמיליע ראמאנאוו מוז פערשווינדען, דאן וועט ערשט דאס רוסישע פאלק עפענען דיא אויגען, וויא איינער, וואס חאפט זיך אויף פון א לאנגען הארטען שלאף און דערזעהט, אז דיא זון שיינט אריין אין זיין צימער העל און שעהן צום דערקוויקען. א קליין הייפעלע מענשען מוז עס טהאן, ניט דאס גאנצע פאלק. איך וויל בעטען, אז דיא קארבאנארי זאל אונז אונטערשטיצען. זיא זאל אונז שיקען אייניגע פעהיגע מענשען, וועלכע זאלען ארבייטען אין רוסלאנד. ביי אונז דארף מען ניט קיין באריקאדען אין דיא גאסען, ביי אונז דארף מען נור גרינדען געזעלשאפטען, וועלכע זאלען זיך לערנען, וויא צו מאכען דינאמיט און וויא איהם צו געברויכען. צוויי — דריי טיכטיגע מענשען, וויא מאדזיני, וואלטען אין רוסלאנד מעהר געווירקט וויא אן ארמעע סאלדאטען. — רוסלאנד מוז בעפרייט ווערן מיט א מאל, מיט איין קלאפ, וויא דורך א צויבער.

— גוט, וואס איהר האט מיך דערמאנט, האט איהם גאריבאלדי אונטערבראכען. עס וואונדערט מיך, וואס איך זעה דא ניט אונזער פראפעט, מאדזיני, וויא קומט עס, וואס ער איז היינט ניט געקומען צו דער פערזאמלונג?

מאדזיני'ן פלעגען אלע רופען — דער נביא — וויל ער פלעגט געוועהנליך פאראויסזאגען, וואס עס וועט ווערן פון א בעשלוס, וואס מען האט געפאסט, אדער פון א פלאן, וועלכען מען האט געמאכט. זאגאר ווען צוויא לענדער האבען געפיהרט קריעג, פלעגט מאדזיני פאראויסזאגען, ווער עס וועט זיעגען. און, זאנדערבאר, ער פלעגט כמעט שטענדיג טרעפען. דערפאר האבען איהם זיינע פריינדע און בעקאנטע א נאמען געגעבען, דער פראפעט.

— איהר האט דאך געוויס געלעזען אין דיא צייטונגען, אז דיא ענגלישע רעגיערונג, דיא עסטערריייכישע רעגיערונג און זאגאר דער יעזואיט, דער פאפסט, האבען געזעצט א פרייז פון טויזענדער פראנקס אויף זיין קאפ, האט געזאגט דיא גרעפין דעלאטאררע, וויא האט ער געקענט קומען אהער, ווען ער ווערט אזוי פערפאלגט פון אלע זייטען?

גאריבאלדי אבער האט זיך ניט געקענט גלויבען, אז דאס זאל איהם אפהאלטען. ער האט גוט געקענט מאדזיני'ן און האט געוואוסט, אז דא מוז עפעס זיין, וואס מאדזיני איז ניט געקומען אויף דער פערזאמלונג. ער האט נעגעבען א געוויסען צייכען. א מאן איז צו איהם צוגעגאנגען.

— איז דער רוסע, דאנילא פעטראָוויטש, שוין צוריקגעקומען? האט גאריבאַלדי געפרעגט.

— נאך ניט, האט דער מאן געענטפערט.

גאריבאַלדי האט פערביסען דיא ליפען. — עפּעס איז געשעהן, האט ער זיך געטראכט, עפּעס איז דא פארגעקומען. ניט אומזיסט איז ער ניט געקומען. ער ווייס ניט פון דער היינטיגער פערזאמלונג. מען האט איהם ניט געמעלדעט. ער האט אבער ניט געקענט אויפהאלטען דיא פערזאמלונג. ער האט זיך דאהער געווענדעט צו דיא פערזאמעלטע און האט זיי געזאגט:

— איך זעה מיט בעדויערן, אז נור צוויא פעלקער זיינען בערייט צום קאמפף — פראנקרייך און איטאליען. דיא איבעריגע זיינען נאך ניט פערטיג. דיא ענגלענדער ריהרען זיך גאר ניט. זיי זיינען צופריעדען, וואס דיא מיניסטאָרען רעגיערען אונטערן נאמען פון דער קעניגין וויקטאריא און טהוען, וואס זיי ווילען. אין רוסלאנד הערשט נאך א שרעקליכע פינסטערניס. מען מוז ערשט שיקען אהין מענשען, וועלכע זאָלען ארבייטען, זאלען אלעם פאָרבערייטען. דיא צוויי גרעסטע לענדער אין דער וועלט — רוסלאנד און ענגלאנד — זיינען נאך ניט פאָרבערייטעט. דאס איז טרויעריג.

ער האט געענדיגט זיין רעדע, אז עס איז נאך פריה, אז דיא צייט איז נאך ניט געקומען, אז גאנץ אייראָפּא זאָל זיך מיט א מאל בעפרייען. מען מוז נאָך ווארטען, מען מוז נאך ארבייטען, מען מוז נאך פאָרבערייטען. ווען ער האט געענדיגט זיין רעדע, האט ער צוגערופען צו זיך באקונין און האט מיט איהם לאנג גערעדט און זיך בעראטהען, וואס דיא קארבאנארי קענען טהאן פאר רוסלאנד.

— וואס הערט זיך מיט אייער גראָספירסט קאָנסטאנטין? האט ער איהם געפרעגט. ער איז א מאל געווען אין פאריז און האט זיך פאר איינעם פערטרויט, אז ער וויל אריינטרעטען אין אונזער געזעלשאפט. וואס האט איהם אפגעהאלטען? פאר וואס איז ער צוריק געטרעטען?

— דער גראָספירסט קאנסטאנטין האט גענוג זיינע איינענע ליידען. ער איז ניט צופריעדען מיט זיין ברודער, דעם קייזער. ער וועט אבער קיין מאל ניט ארויסטרעטען געגען איהם. ער איז אויך א ראָמאַנאָוו. פון איהם קען מען נור אזוי פיעל ערווארטען, אז ווען אין רוסלאנד זאל היינט ווערן א רעפּובליק, וועט ער זיין דער ערשטער, וועלכער וועט שווערן, אז ער וועט טריי זיין דער רעפּובליק. ער וועט זיין דער ערשטער, וועלכער וועט אראפּווארפען פון זיך דעם שטאלץ און דעם טיטול גראספירסט.

— דאס איז שוין גענוג פאר א ראמאנאוו, האט גאריבאלדי געזאָגט. מיר פאָרדערן ניט מעהר, אלס דאס אונזערע קעניגע און פירסטען זאלען פון זיך אראפּווארפען זייער שטאלץ און זייערע טיטולען און זאלען בעקענען, אז זיי זיינען מענשען גלייך, וויא אלע.

— געוויס וואלט עס גענוג געווען, ווען ער זאל וועלען עפּעס טהאָן, האט באקונין געענטפערט. ער ליעגט אבער בעהאלטען ביי זיך אין פּאלאץ און דענקט נור פון א געליעבטער פרוי און א געליעבטעס קינד, וועלכע זיין ברודער האט ביי איהם אוועק

נערויבט. — נײן! דער גראַספירסט קאָנסטאַנטין איז נאָך ניט דאס שוואַלבעלע, וועלכע ברענגט מיט זיך דעם זומער. איך האָף פיעל מעהר פון זײן זוהן, וולאַדימיר, דעם זוהן פון זײן געליעבטער, א געוויסע גרעפין פאַהלען. דיעזער וולאַדימיר האט שוין געליטען נויט און עלענד. ער ווייס שוין, אויף וואס דיא ראָמאַנאָווס זיינען פערטיג. ער וועט קענען אויפטרעטען אלס רעכער פאר זיין מוטער. זיין נאָמען, דיא טרויעריגע געשיכטע פון זיין מוטער, דיא ליידען, וועלכע ער האט איבערגעטראָגען דורך דעם איצטיגען הערשער פון רוסלאנד און זיין הויכע שטאַלצע געשטאַלט וועלען ווירקען וויא א צויבער אויף דאס רוסישע פאָלק. — דער בויער, דער ארבייטער, דער מעשטשאַנין (קליינבירגער) און דער קויפמאַן וועט איהם בעטראַכטען אלס א ראָמאַנאָוו. דער געבילדעטער, דער עדעלמאַן (דוואָריאַנין) און דער הויכער בעאַמטער וועט איהם בעטראַכטען אלס קעמפּפער פיר דיא פרייהייט, אלס בעפרייער, אלס העלד. וולאַדימיר פאַסט אונז יעצט פאר אונזערע צוועקע אם בעסטען. ער איז דער איינציגער ראָמאַנאָוו, וועלכער קען אויפטרעטען אין רוסלאנד און ערקלערן קריעג דיא ראָמאַנאָווס.

דוד דייטש איז דיא גאנצע צייט געשטאַנען אין א זייט און האט ניט גערעדט א וואָרט. גאַריבאַלדי האט עס בעמערקט און האט איהם צוגערופען צו זיך.

— איהר זייט דאך אויך א רוסע, וואס שוויינט איהר? וואס וועט איהר אונז מיטטהיילען פון רוסלאנד?

— איך בין א שטיף קינד פון רוסלאנד, האט דייטש געענטפערט טרויעריג, איך בין געבאָרען געוואָרען אין רוסלאנד, דערצויגען געוואָרען אין רוסלאנד, איך האָב געלערנט אין א רוסישער שולע, צוזאמען מיט רוסישע קינדער און דאך בין איך געבליעבען א פרעמדער אין רוסלאנד. מיין איינציגע זינדע, מיין איינציגעס פערברעכען איז געוועזן, וואס איך בין געבאָרען געוואָרען פון אידישע עלטערן.—אין רוסלאנד בין איך א שטיף קינד, אין אן אנדער לאנד בין איך א פרעמדער. איך קען מיך אינטערעסירען מיט דער גאנצער מענשהייט, ניט מיט איין לאנד אדער מיט איין פאָלק. איך בין א וועלט בירגער, ריכטיגער נאָך, א וועלט סאָלדאט. יעדעס מאָל, ווען דיא גרויסע פויק דער פרייהייט וועט צונויפרופען זיינע קריעגער, וועל איך זיין דער ערשטער צו שטעלען זיך אין דער רייהע און קעמפּפען פאר דיא אלגעמיינע פרייהייט.

דיא גרויסע דונקעלע אויגען גאַריבאַלדי'ס האבען בעטראַכט דעם יונגען מאַן מיט בעוואונדערונג. ער האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געזאָגט:

— איהר האט רעכט, מיין וועלט בירגער. ווען מיר זעהן, וויא איינער טרינקט זיך, טאָרען מיר זיך ניט שטעלען פרעגען: ווער ער איז און פון וואנען ער איז. מיר מוזען לויפען איהם ארויסשלעפּען פון וואסער, איהם אפּטריקענען און דאן ערשט פרעגען, ווער ער איז. —

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א לאנגען, אונטערבראָכענעם פייף. אלע האבען זיך אומגעקוקט. אויף א צייכען פון גאַריבאַלדי האט זיך געעפענט א טהיר אין דער וואנד פון דער אנדערער זייט. אלע אנוועזענדע זיינען ארויסגעגאנגען דורך דער טהיר. דיא ליכט האבען זיך פארלאָשען איינע נאָך דער אנדערער. אין זאל איז געוואָ־

רען פינסטער. צוויא שטארקע הענד האבען אנגענומען דיא פרעמדע און האבען זיי ערגעץ געפיהרט.

— מאלאדעטא! (פערדאמט!) האט מען געשריען הינטער זיי.

דאס זיינען געווען דיא זשאנדארמען פון'ם פאפסט. זיי זיינען געוואהר געוואָרען אז דיא רעוואָלוציאנערען פערזאַמלען זיך אין דעם איינגעפאלענעם שלאס און זיינען געקומען זיי ארעסטירען. זיי האבען אבער קיינעם ניט געפונען. דער איינגעפאלענער שלאס איז געשטאנען לעדיג, איינזאם און טרויעריג. קיין שפור פון א מענשען איז ניט געווען צו טרעפען. דיא רעוואלוציאָנערע זיינען ארויסגעגאנגען דורך א געהיימען גאנג אונטער דער ערד אויף אן אינזעל אין טייך טיבער. פון דארט זיינען זיי זיך צוגאנ־גען אין פערשיעדענע זייטען. גאריבאלדי האט גענומען באקונין ביי דער האנד און האט איהם צוגעפיהרט אונטער א בוים.

— איך האב נאך מיט אייך וואס צו רעדען. וויא איך האב פערשטאנען פון אייערע רעד, דארפט איהר האבען אין רוסלאנד מענשען, וועלכע זאלען אייך מיטהעל־פען אין אייער שווערער ארבייט. ערקלערט מיר דייטליכער, וואס פאר א סארט מענ־שען איהר דארפט און איך וועל זעהן, וויא וויית דיא „קארבאנארי" קענען אייך מיט־העלפען.

— מיר דארפען צווייערליי מענשען. מיר דארפען א רעדנער, אן אגיטאטאָר, אן אָרגאניזאטאָר, וויא מאדזיני. ער זאל פריי ארומפאהרען איבער רוסלאנד און זאָל אין יעדער שטאָדט גרינדען פעראיינע און געהיימע געזעלשאפטען און זאל ווענינ מורא האבען פאר דער רוסישער פאָליציי. זיין פאספאָרט אלס פרעמדער זאל איהם אזוי וויית שיצען, אז מען וועט איהם שוין חאפען, זאל מען איהם ניט קענען ארעסטירען, זאנדערן העכסטענס ארויסשיקען פון רוסלאנד. — וויטער דארפען מיר נאך א סארט מענשען, וויא דיא איטאליענישע בראוואָס, אדער באנדיטען. מענשען, וועלכע זאָלען קענען שטילערהייט צו געהן צו איינעם און איהם קאלטבלוטיג אריינשטעכען א סטי־לעט אין הארצען. אונזערע רוסען זיינען דארויף ניט פעהיג. זיי האבען מורא. זיי זיינען ניט געוואוינט ארומצוגעהן און צו געברויכען א סטילעט. מיר מוזען עס אין רוסלאנד האבען. א לאנד, וועלכעס ווערט בעהעררשט דורך שטרענגע און שרעק, מוז מען בע־הערשען מיט שרעק — טעראָר. מיר מוזען איבערשרעקען דיא שפיאָנען דער טיראניי. ווען צוויא־דרייא פון זיי וועלען געטייטעט ווערן אין דער גאס אין מיטען העלען טאָג וועלען דיא איבעריגע פאר אונז ציטערן.

גאריבאלדי האט געטראכט אייניג מינוט.

— איך קען א געוויסען רויבער קאפיטאן, פעפע מאמיאני, וועלכער וועט אייך פערזארגען מיט א פאר טיכטיגע מענער. איך מוז אבער ווארטען, ביז אייער דאנילא פעטראוויטש וועט צוריקקומען. ער אליין ווייס, וואו איהם צו געפינען. — קענט איהר קומען מארגען צו מיר, אויף דער אינזעל קאפרי?

— איך וועל געוויס קומען, האט באקונין געענטפערט.

— אלזא, קומט מארגען, וועלען מיר רוהיג בעשפרעכען, וואס מיר זאלען טהאן. יעצט איז שוין שפעט. אין אָסטען (מזרח) האט זיך געוויזען א רויטער פלעק. דיא

קורצע נאכט האט אנגעהויבען צו ווייכען פארן לאנגען טאָג. אלע דריי זיינען צוגעגאנ־גען צום וואסער האבען זיך אפגעוואשען זייערע געזיכטער און זיינען צוגעגאנגען צו א קליין שיפעל, אין וועלכער א מאן איז געשלאפען. גאריבאלדי האט איהם אויפגעוועקט. דער מאן האט זיך אויפגעחאפט און האט ארויסגענומען קליידער פון פישער. דיא דריי מענער האבען זיך אנגעטהאן דיא קליידער פון איטאליענישע פישער און זיינען אוועקגעשוואומען אויף דיא טריבע וואסערן פון׳ם אלטען טייך טיבער.

6טעם קאפיטעל.

## פאַמיליען גליק.

ניט ווייט פון דער שטאדט ליבאוו אין קעניגרייך האנאווער ליעגט א גרויסעס, שעהנער, בליהענדער טהאל. וואוהין מען בליקט, זעהט מען בליהענדע פעלדער, גרינע וועלדער, שטילע קלארע טייכען און גוט בעארבייטעטע גערטנער. פרעהליכע, גליקליכע מענשען געהן, פאהרען און רייטען אויף דיא וועגען. צו פריעדענע פלייסיגע הענד אר־בייטען אויף דיא פעלדער און אין דיא גערטנער. אויף א קליין בערגעל אין דער מיט פון דיעזער שעהנער געגענד שטעהט אן אלטעס, שטיינערנעס הויז און פון דיעזעס הויז ציעהען זיך צוויי לאנגע רייהען הייזער. דאס איז דאס דארף עמענטהאל. דיעזע גאנצע געגענד געהערט דעם קעניג פון האנאווער. עס איז זיין פריוואט פערמעגען. דיא בויערן פון׳ם דארף דינגען ביי איהם דאס לאנד. אין דעם גרויסען שטיינערנעם הויז וואינט דער פערוואלטער (מענעדזשער, אופראוולאיושטשי) הערר פאן וועגדענשטיין, אן אלטער מאן פון עטליכע און זעכציג יאהר.

עס איז פינסטער געווארען. אין דעם גרויסען שטיינערנעם הויז שטעהן טישען געדעקט מיט שנעעווייסע טישטיכער. אלע לאמפען ברענען און בעלייכטען דאס הויז, וויא דאס שעהנע, גלענצענדע געשירר אויף דיא טישען. דער אלטער וועגדענשטיין זיצט אויבען אן אין זיין גרויסען ווייכען פאטער־שטוהל. לעבען איהם זיצט זיינע פרוי אין אן איינפאכער שנעעווייסער הויב. זיא איז נור מיט א פאר יאהר אינגער פון איהר מאן. איהר פריינדליכקייט און הערצענסגוטסקייט ליעגט אין יעדער מינע, אין יעדען אויסדרוק פון איהר געזיכט. לעבען איהר זיצען איהרע צוויי טעכטער, מעדכען פון 15 און 18 יאהר. לעבען פאטער אין דער לינקער האנד זיצט זיין עלטערער זוהן, א בע־אמטער אין האנאווער ביים קעניג, לעבען איהם שטעהט לעדיג א שטוהל פארן אינגערן זוהן, אן אפיציער אין דער האנאווערישער ארמעע.

היינט איז דעם אלטען וועגדענשטיינס אכט און זעכציגסטער געבורטס טאג. עס איז אזוי געווען איינגעפיהרט אין דער פאמיליע, אז צום געבורטס טאָג פון׳ם פאטער פלעגען זיך אלע קינדער פערזאמלען ארום איהם און צו ברענגען דעם טאג אין דער פאמיליע. איינינע גאנץ נאהענטע פריינד און בעקאנטע פלעגען קומען בעגריסען דעם אלטען מאן, וועלכען אלע האבען געליעבט און געשעצט, און איהם ווינשען גליק צו זיין געבורטס טאג.

אלע זיצען און ווארטען. דיא אלטע דאמע קוקט יעדעס מאל אונרוהיג אין פענסטער און צו דער טהיר. עס איז דייטליך, אז זיא ערווארטעט וועמען און איז זעהר בעאונרוהיגט, וואס ער קומט ניט. דיא טהיר האט זיך געעפענט און אן אלטער מאן מיט א יונגעס, בילד שעהנעס מעדכען זיינען אריינגעקומען אין גרויסען זאל. דאס איז געוועזן דער פאסטאר פון׳ם דארף, מיט׳ן נאמען בערגער און זיין טאכטער העלענא. דער פאסטאר איז צוגעגאנגען צום אלטען וועגדענשטיין, דאס מעדכען איז צוגעגאנגען צו דיא דאמען.

— מיר זיינען געקומען, האט פאסטאר בערגער געזאגט צום אלטען וועגדענשטיין, אום צו פרעהן זיך מיט אייך פיר דאס פערגאנגענע יאהר פון אייער לעבען און אייך צו ווינשען, איהר זאלט דאס קינפטיגע יאהר עבענפאלס פערברענגען אין גליק און צופריעדענהייט. — מיר ברענגען אייך נאך איינע איבערראשונג, אייער זוהן, דעם אפיציער. מיר האבען איהם געטראפען אין וואלד און האבען איהם מיטגעבראכט. ער האט אריינגעפיהרט זיין פערד אין שטאל און וועט באלד דא זיין.

— זא? ער איז דאך געקומען! האט אויסגערופען דיא אלטע מיט פרייד. איך האב שוין געמיינט, אז מען וועט איהם היינט ניט ערלויבען צו קומען.

באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און א הויכער, שעהנער יונגער אפיציער אין דעם רויטען מונדיר פון האנאווערישע קיראסירען איז אריין אין צימער. ער איז צו געלאפען צו זיין מוטער, האט זיא ארומגענומען און זיא געקושט אויףביידע באקען. דאן איז ער צוגעגאנגען צום פאטער, האט איהם א קוש געטהאן און געוואונשען גליק צו זיין געבורטס טאג. ער האט נאך געגעבען זיין ברודער דיא האנד און האט זיך געגריסט מיט זיינע צוויי שוועסטער.

— איך בין געקומען שפעט, האט ער געזאגט מיט זיין העלער, קלינגענדער שטימע, ווייל מיר האבען היינט זעהר פיעל צו טהאן. מיר האבען פלוצלונג ערהאלטען א בעפעהל, אז מיר זאלען יעדע מינוט בערייט זיין צום מארש. איהר קענט אייך פאָר־שטעלען, וואס פאר אן ארבייט מיר האבען געהאט א גאנצען טאג אום אלעס פערטיג צו מאכען.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו זיינע שוועסטער און צום פאסטאר׳ס טאכטער און האט מיט זיי אנגעהויבען צו רעדען. באלד האט זייער פרישער, קינדישער געלעכ־טער פערהילכט דעם זאל. דיא עלטערן האבען געקוקט מיט שמאלץ און מיט פרייד אויף זייערע פרישע, געזונדע און פרעהליכע קינדער.

— וואס זאל דאס הייסען, האט דער אלטער וועגדענשטיין געפרעגט זיין עלטערן זוהן, וואס זיי האבען פלוצלונג ערהאלטען א בעפעהל, זיי זאלען צו יעדע מינוט זיין בערייט צום מארש?

— צווישען עסטערררייך און פרייסען קען צו יעדע מינוט אויסברעכען א קריעג, האט איהם זיין עלטערער זוהן געענטפערט. אלע קעניגע און פירסטען פון דייטשלאנד מוזען זיין פארבערייטעט צום קריעג. מען קען ניט וויסען, וואס מארגען וועט זיין. אמאל פלעגט אוועקגעהן מאנאטע, איידער א קריעג פלעגט אויסברעכען צווישען צוויי

קעניגע. היינט לעבען מיר מיט דאַמפּף, וואס אמאל פלעגט געדויערן וואכען און מאָ־
נאטע, דאס ווערט היינט אפגעטהאַן אין איינגע שטונדען.

— איך פערשטעהע נאך אלץ ניט, האט דער אלטער ווייטער געזאגט. מיר
לעבען שטיל און רוהיג אין אונזער ליעבע היים. מיר דארפען קיין קריעג ניט פיהרען
צו וואס זאל אונזער ארמעע זיין יעדע מינוט בערייט צום מארש? וואוהין וועלען מיר
מארשירען? לאז עסטעררייך מיט פרייסען זיך שלאגען, לאזען זיי זיך אפּדרעהן איינע
דיא אנדערע דיא קעפּ, וואס געהט עס אונז אן?

— ליעבער פאַטער, אזוי איז שוין דיא וועלט, אזוי וועט זיא שוין בלייבען. דער
גרויסער, דער שטארקער פערשלינגט דעם קליינעם, דעם שוואכען. דער שוואכער מוז
זיך פערטהיידיגען, ווען ער וויל ניט זיך לאזען פערשלינגען. וואס טהוט ער? ער פער־
איינגט זיך מיט נאך א שוואכען, מיט נאך א דריטען שוואכען. דריי שוואכע זיינען
שוין שטארק. דאס איז יעצט דיא לאגע פון אונזער געליעבטעס פאטערלאנד. מיר
מוזען זיך פערטהיידיגען, מיר מוזען זיך פעראייניגען מיט אנדערע דייטשע קעניגע און
פירסטען. דאן ווען מיר זיין שטארק און דיא צוויי בערן, פרייסען און עסטעררייך
ווען אונז ניט קענען צו קוועטשען אין זייערע אייזערנע לאפּעס.

— איך בעט נאס, אז עס זאל בעסער זיין פריעדען, האט פאסטאר בערנער
געזאגט. דער קריעג איז דאס גרעסטע אונגליק און דיא גרעסטע אונגערעכטיגקייט
וואס דיא מענשען האבען געקענט אויסקלערן.

— איך בעט אויך, אז עס זאל זיין פריעדען, האט געזאגט דיא אלטע וועגדענ־
שטיין. איך געדענק נאך דעם קריעג מיט דיא פראנצויזען. וויאפיעל נויט, וויאפיעל
עלענד, וויאפיעל טרערין האט ער געקאסט! — דערביי האט זיא א קוק געטהאן אויף
איהר זוהן, וועלכער איז געשטאנען לעבען פענסטער און האט גערעדט מיט דיא מעד־
כען — און וואס האט מען געוואונען פון'ם קריעג? הונדערטער פרויען זיינען געבליעבען
אהן מענער, טויזענדער קינדער זיינען געבליעבען אהן עלטערן. דיא פעלדער זיינען ניט
געוועזן בעארבייטעט, דיא גערטנער זיינען פערווילדעט געווארען. עס איז געווארען א
הונגער און דיא מענשען האבען נאך מעהר געליטען. אך! ווען ווען ווען שוין אמאל דיא
מענשען ווערן קלוג און אין גאנצען אבשאפען דעם קריעג? לאז יעדער לעבען רוהיג
און צופריעדען אין זיין היים און זיך בעשעפטיגען מיט זיין ארבייט!

— בראוואָ, אלטע! האט געלאכט דער אלטער וועגדענשטיין. ווען מען זאל
איהר פאלגען, וואלט מען אפגעשאפט דיא גאנצע פאָליטיק און דיא גאנצע וועלט
וואלט געלעבט, וויא א גרויסע פאמיליע, וואו יעדער וואלט זיך נור געזארגט, עס זאל
זיין וואס צו קאכען אין קיך און וואס צו טרינקען אין קעלער.

— האט זיא דען ניט רעכט? האט דער פאסטאָר געזאָגט. זיינען מיר דען ניט
אלע ברידער? פאר וואס זאלען מיר פיהרען קריעג און פערגיעסען אונשולדיגעס בלוט?
האט דען דער מענש ניט גענוג לײדען אהן דעם קריעג? עס זיינען דא גענוג צרות און
קראנקהייטען, וועלכע פערקירצען דעם מענשענס לעבען. דארף מען נאך אויסטראכטען
א קריעג אום טויזענדע מענשען צו טוידטען?

— איהר האט געוויס רעכט, האט דער אלטער געענטפערט. מיר ווען אבער

דיא וועלט שוין ניט ארסבעסערן. זיא וועט זיך שוין פיהרען, אזוי וויא זיא פיהרט זיך. דער לייב וועט צו רייסען דאס לעמעלע, דער וואלף דיא ציעג און דער שטארקער מענש וועט וועלען פערשלינגען דעם שוואכען. — לאמיר עס לאזען. לאמיר בעסער זעהן, וואס מיין גוטע אלטע האט אונז עפּעס אנגעגרייט פיר הייטע אבענד.

מען האט אויפגעגעבען אויפ'ן טיש און דיא גאנצע נעזעלשאפט האט זיך געזעצט עסען. אין דער צייט, וואס דיא פאמיליע ווענדענשטיין איז נעזעסען און נעגעסען, האבען זיך פערזאמעלט דיא יונגע לייט און דיא יונגע מעדכען פונ'ם דארף פארן הויז פונ'ם שולץ (סטאראסטא). זיי האבען נעוואָלט נעהן בעגריסען און ווינשען גליק דעם אלטען פערוואלטער. צווישען דיא יונגע לייט איז נעוועזן בעזאנדערס בעשעפטיגט דער זוהן פונ'ם שולץ, פראנץ דייעק. ער איז אויפגעוואקסען מיט'ן יונגען אפיציער ווענדענשטיין צוזאמען. זיי האבען זיך געשפיעלט צוזאמען אלס קינדער, זיינען צוזאמען ארומגעלאפען אין דיא פעלדער און דיא וועלדער און האבען שפּעטער געלערנט צוזאמען אין איין שולע. ער האט יעצט איינגעארדענט, אז דיא יונגע מעדכען זאלען אויספלעכטען קרענץ פון בלומען און דיא יונגע לייט זאלען אנצינדען פאקעלן. אזוי זאלען זיי אלע קומען מיט אמאל בעגריסען דעם אלטען ווענדענשטיין.

דיא נעזעלשאפט ביי דיא ווענדענשטיינ'ס איז זיך נעזעסען רוהיג ביים טיש און האבען זיך אונטערהאלטען איבער פערשיעדענע זאכען. אין דרויסען איז נעוועזן שטארק פינסטער. פלוצלונג איז נעווארען ליכטיג ארום הויז און הונדערט נעזונדע שטימען האבען אויסגעשריען מיט א מאל. מיר ווינשען גליק און לאנגעס לעבען אונזער גוטען אלטען פאָן ווענדענשטיין.

דער אלטער ווענדענשטיין האט זיך אָנפאנגס דערשראָקען. ער האט ניט נעוואוסט, וואס דאס בעדייטעט. באלד אבער איז ארייננעקומען דער שולץ און האט איהם דערצעהלט, אז דיא יונגע לייט פונ'ם דארף האבען איהם געוואָלט מאכען אן איבערראשונג און זיי בעטען, מען זאָל זיי ארייגלאזען. דער אלטער האט נעהייסען עפענען דיא טהיר און זיי אלעמען ארייגלאָזען.

— איך דאנק אייך, מיינע פריינדע, פאר דאס פערגניגען, וואס איהר האט מיר פערשאפט, האט ער זיי נעזאָגט און האָט נעהייסען זיין פרוי, זיא זאָל זיי נעבען זיסע זאכען און ווין.

— אבער וואו איז פראנץ, מיין אלטער קאמעראד? האט דער ליעטענאנט ווענדענשטיין נעפרענט.

— אט בין איך, אלטער פריינד, האט דער יונגער מאן נעזאָגט.

דער ליעטענאנט האט נענעבען דיא האנד זיין אלטען פריינד און קאמעראדען און האט מיט איהם אוועקגערעדט א צייט לאנג. זיין ברודער אבער, דער בעאמטער, האט זיך נעוויעזען זעהר שטאָלץ. ער האט צוואר גערעדט מיט דיא בויערן, אבער וויא א שטאָלצער בעאמטער רעדט צו א ניעדערינען בויער. ביי יעדעסווארט האט ער זיי נענעבען צו פערשטעהן, אז ער מאכט זיי דיא גרעסטע עהרע, ווען ער רעדט מיט זיי.

דיא יונגע מעדכען און דיא יונגע לייט זיינען באלד ארויסנעגאנגען און האָבען זיך געשטעלט טאַנצען און זינגען אויף דעם פרייען פלאץ פארן הויז. דיא פריילין

וועגדענשטיין און דעם פאסטארס טאָכטער זיינען אויך ארויסגעגאנגען זעהן, וויא זיי טאנצען. אין שטוב זיינען געבליעבען נור דער אלטער וועגדענשטיין, דער פאסטאָר און דער עלטערער זוהן וועגדענשטיין. דער אָפיציער האט זיך ארומגעדרעהט אייניגע צייט אין צימער און איז אויך באלד ארויסגעגאנגען. ער איז ארומגעגאנגען אין דעם קליינען גארטען פאר דער שטוב און האט עפּעס געזוכט. באלד האט ער געפונען דעם פאסטארס טאָכטער, העלענא, אנגעשפּארט אן א בוים טרויעריג און פערטראַכט.

— ווארום אזוי אליין, העלענא? האט ער איהר געפרעגט. און ווארום אזוי פערטראכט? אן וואס דענקט איהר יעצט, ווען אלע זיינען אזוי פרעהליך?

— איך האב מיך פערטראַכט אויף דיא וואלקען, האט דאס יונגע מעדכען געענטפערט. — זעהט איהר, דער הימעל איז דאכט זיך קלאר און ריין, אבער דארט וויט, וואו דיא זון איז פערגאנגען, וויזט זיך א וואלקען. ווער וויס, וואס דער וואָל-קען וועט אונז ברענגען? מעגליך, אז ער וועט אונז ברענגען א שטילען ערפרישענדען רעגען; מעגליך, אז ער וועט אונז ברענגען א שטורם מיט דונערן און בליצען. — איז דען ניט דיעזער וואלקען א בילד פון אונזער לעבען? מיר האבען ביז אהער געלעבט אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אזוי גליקליך דא, אין אונזער שטילען עמענטהאל. ווען מיר האבען זיך געלעגט שלאפען, האבען מיר געוואוסט נור איין זאָרג: מארגען זאל זיין א שעהנער טאָג, מיר זאלען קענען טאהן אונזער ארבייט. יעצט וויזט זיך א וואלקען — דער קריעג. ווער וויס וואס ער וועט ברענגען?

— פון וואנען קומען צו אייך אזעלכע טרויעריגע געדאנקען? האט דער יונגער אפיציער איהר געזאָגט. איהר וויסט, איהר האט מיך טרויעריג געמאַכט. איך בין א סאָלדאט. מיין בעשעפטיגונג איז קריעג. מיר אלע פרעהען זיך, וואס עס וועט באלד אויסברעכען א קריעג און מיר וועלען האבען א געלעגענהייט זיך אויסצוצייכענען, צו וויזען וואס מיר קענען. — וויא איהר אבער זאָגט, זיינען מיר גאר דער שווארצער וואלקען, וועלכער קומט צערשטערן און פערניכטען אלעס?

— איך בין אן אייגפאכעס מעדכען, האט העלענא געזאגט טרויעריג. איך וויס ניט, אויב איהר זייט דער שווארצער וואלקען, אדער אויב איהר זייט דער בליץ, וועל-כען דער וואלקען שליידערט אויף דער ערד און טייטעט און פע ניכטעט. איך וויס נור, אז איך וואלט געוועז גליקליך, ווען עס זאל ניט זיין, ניט קיין שווארצער וואלקען ניט קיין בליץ.

דער יונגער אפיציער האט זיא אנגענומען ביי דער האנד.

— איך דאנק, ליעבע העלענא, פאר אייער גוטעס הערץ און אייערע ווינשע. —

— אָט זיינען זיי! אָט זיינען זיי! האבען אויסגערופען צוויא פרעהליכע מעד-כענשטימען.

דאס זיינען געווען דעם אפיציערס שוועסטער, וועלכע זיינען ארומגעלאפען זוכען פריילין העלענא.

— וואס שטעהט איהר דא, ווען אלע זיינען אזוי פרעהליך, טאנצען און זינגען? קומט מיט אונז! קומט צו דיא דארפ'ס מעדכען.

זיי האבען זיי אוועקגעפיהרט אויפ׳ן פרייען פּלאַץ פאַרן הויז, וואו דיא מעדכען און דיא יונגע לייט האבען געטאנצט און געזונגען.

פאר דער טהיר פון זיין הויז איז געשטאנען דער אלטער וועגדענשטיין מיט זיין פרוי און האבען בעטראכט דיזע שעהנע סצענע פון פאמיליען גליק און צופריעדענ־הייט. — דאס איז געווען דער לעצטער טאג פון זייער גליק און זייער פרייד. זיי האבען עס אלע געפיהלט. יעדען האט געפּרעסט דאס הערץ. יעדער האט געזעהן דעם שוואר־צען וואלקען, וועלכער האט זיך געוויעזען ערגעץ ווייט און האט געדראָהעט צו פאר־דעקען דעם גאנצען הימעל. מיר ווילען שפּעטער זעהן אין דעם זעלבען פרעהליכען דארף אנדערע בילדער, אנדערע סצענען, אדער וויא דאס דייטשע שפּריכוואָרט זאָגט: „אנדערע פייגעל און אנדערע ליעדער.“

— — — — — — — — — — — — — — — —

דיא זון שיינט, לייכט און גיעסט אויס אלע איהרע ווארעמע שטראהלען אויף עמענטהאל. דיא ראזען בליהען אין דיא גערטנער פאר דיא הייזער, פרעהליכע פייגע־לעך זינגען און שלעפערן איין זייערע קינדער אין דיא נעסטען. אלעס איז גרין, אלעס בליהט, אלעס לעבט און איז גליקליך.

אונטער אן אלטען בוים פאר זיין הויז זיצט דער אלטער פּאסטאר בערגער אויף אן איינפאכער הילצערנער באנק. לעבען איהם זיצט א יונגער מאן פון א יאהר עטליכע און צוואנציג אין שווארצען ראק צונעשפּילעט ביז׳ן האלז. דאס איז דער קאנדידאט אויף פּאסטאָר בעהרמאן. ער איז דעם אלטען בערגער׳ס נעפע (פּלעמיאניק) און האט שטודירט אויף א גייסטליכען אין האנאווער. אזוי וויא פּאסטאר בערגער איז שוין זעהר אלט, איז ער געקומען צו איהם דערוויילע אלס זיין געהילפע און ווען ער וועט שטארבען, זאל ער איבערנעהמען זיין שטעלע אלס פּאסטאר אין עמענטהאל.

העלענא האט זיך בעשעפטיגט מיט דערווירטשאפט. זיא איז געווען דיא גאנ־צע ווירטהין ביים פּאסטאָר אין הויז. איהר מוטער איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאהר צוריק.

— איך וועל מארגען פאהרען קיין האנאווער און וועל בעטען דעם קעניג, ער זאל מיך בעשטעטיגען אלס אייער געהילפע, האט דער יונגער מאן געזאגט. עס איז שטענדיג בעסער זיך צו ווענדען גלייך צום קאפּ. אונזער קעניג איז א גוטער מענש, יעדער קען צו איהם צוטרעטען. ער הערט אויס יעדען, רעדט מיט יעדען און טהוט פאר יעדען, וואס ער קען. אונטער אזא קעניג איז בעסער צו לעבען, וויא אין א רע־פּובליק. ווער הערשט אין א רעפּובליק? דיא קאלטע אונוויסענדע מאיאָריטעט. זיא מאכט געזעצע, וועלכע זיא פארשטעהט ניט, וויים ניט, אויב זיי זיינען גוט אדער שלעכט. הייבט דיא הענד און וויים ניט אויף וואס, שרייט: יא! ווען יעדער וויים, אז ניין איז בעסער. דאס זיינען אונזערע רעפּובליקען. ביי אונז איז עס אנדערש. מיר געהן צו אונזער קעניג, זאגען איהם, וואס מיר דארפען און ער ענטפערט אונז גלייך: יא, אדער ניין.

העלענא האט געבראכט קאפפע און האט אניעדערגעשטעלט פאר דיא צווייא מענער. זיא אליין איז אריינגעגאנגען אין שטוב זיך בעשעפטיגען מיט דער ווירטה־

שאפט. דער יונגער מאן האט אויף איהר געווארפען א פייעריגען, ליידענשאפטליכען בליק. ווען זיי האבען אפגעטרונקען זייער קאפע, האט דער יונגער גייסטליכער געזאָגט מיט גלאטען און שארפען צינגעלע.

— מיין זעליגע מוטער פלעגט זעהר אפט זאגען, אז זיא וואלט געוועזן גליקליך, ווען מיר זאלען זיין פערבונדען נאך דורך אנאנדער בונד, אלס אונזערע פערוואנדשאפט, איך אליין האב אויך שטענדיג געבעטען גאָט, אז איך זאל דיך אמאל רופען פאָטער.

דער אלטער מאן האט פערווירט זיין פייפע און האט געשוויגען.

— מיין זעליגע מוטער, פלעגט אפט זאגען צו מיר, אז זיא האט נור נאך איין וואונש אויף דער וועלט — זיא זאל מיך זעהן אלס דער גליקליכער מאן פון דיין העלענא, וועלכע זיא האט שטארק געליעבט. מיין מוטערס וואונש איז מיר הייליג. איך זעה יעצט, אז העלענא איז ווירקליך דיא פרוי, וועלכע פאסט פאר מיין בערוף אלס גייסטליכער. זיא איז א גוטע ווירטהין, א שטילע, א רוהיגע און א גוטע. איך בעט דיך דאהער, ליעבער אנקעל אום דיא ערלויבניס צו ווערבען אום דיא האנד פון דיין טאָכטער.

— עס איז עהרליך און אנשטענדיג פון דיר, וואס דוא האסט מיר אזוי פריי ארויסגעזאגט דיין וואונש. איך וועל דיר אויך ענטפערן עהרליך און אפענהערציג. וואס מיין זעליגע שוועסטער פלעגט זאגען, איז מיר ניט איין מאל געקומען אין דיא געדאנקען. עס וועט מיר געוויס זיין זעהר אנגענעהם צו זעהן מיין איינציגעס קינד גליקליך מיט'ן זוהן פון מיין שוועסטער. איך ווער מיט יעדען טאג שוואכער. מיינע טעג זיינען געצעהלט. איך וועל שוין לאנג ניט לעבען און ווען איך וועל לעבען, וועל איך מיך אפזאגען פון מיין שטעלע אום זיא דיר איבערצוגעבען. דוא מוזט אבער פריהער רעדען מיט העלענא'ן. דוא מוזט זעהן צו געווינען איהר ליעבע. איך מוז דיר זאגען, אז העלענא איז א גאנץ אנדערער כאראקטער. זיא דערשרעקט זיך פאר יעדע נייע זאך, זיא האט ליעב צו טהאן, וואס זיא וויל און וואס זיא פערשטעהט. איהר האט נאך צייט, ווערט בעססער בעקאנט, ווערט געוואינט איינער צום אנדערן. ווען העלענא וועט נור איינווי־ליגען אין אייער פעראייניגונג, וועל איך מיט פערגניגען אייך געבען מיין זעגען (ברכה).

דער יונגער גייסטליכער האט געגעבען דעם אלטען דיא האנד.

— איך דאנק דיר, אנקעל, פיר דיין ערלויבניס. איך ווייס, אז מיר האבען נאך צייט. איך וועל מיר געבען אלע מעגליכע מיה צו געווינען דאס הערץ פון דער גוטער און שטילער העלענא. —

א געוויין האט אונטערבראָכען דיא רעד פון'ם יונגען גייסטליכען. א קליינעס מעדכען פון א יאהר צעהן איז געקומען צו לויפען מיט א געוויין צום אלטען פאסטאָר.

— קומט שנעל, ליעבער פאסטאָר, האט דאס קינד געוויינט. דער פאטער איז ווידער קראנק.

— וואס איז איהם? וואס פעהלט איהם שוין ווידער?

— ער האט זיך געסטערן פערקיהלט און הוסט זעהר שטארק.

דער אלטער פאסטאר איז אויפגעשטאנען און איז אריינגעגאנגען צו זיך אין שטוב. דארט האט ער גענומען א קליינע הויז אפטעקעל. ער האט אויסגעזוכט א פאָר

פלעשעלעך, וועלכע ער האט אריינגעלעגט אין קעשענע און איז ארויסגעגאנגען צום יונגען מאן.

— אין דארף מוז מען זיין א שטיקעל דאקטאר, האט ער איהם געזאגט. מען מוז האבען אייניגע הויז מיטעל, אייניגע אפטהעק מיטעל און מען מוז אביסעל פערשטעהן דיא מעדיצין. איך מיין, אז איך האב שוין ניט איין מענשענלעבען גערעטעט מיט מיין קליינער הויז אפטעקעל.

— לאזט מיך געהן, אנקעל. זאגט מיר, וואס איך זאל געבען דעם קראנקען, ועל איך עס איהם געבען. צו וואס זאלט איהר געהן אין אזא היץ?

— ניין ליעבער נעפע. איך וועל בעסער אליין געהן. דערווייל האט מען דיך נאך ניט בעשטעטיג אין דיין אמט. דוא ביסט נאך ניט בעקאנט מיט אלע איינוואינער. דוא ביסט ערשט צעהן טאג דא. — איך קום באלד צוריק, עס איז ניט וויט.

ער האט גענומען דאס קליינע מיידעלע ביי דער האנד און איז מיט איהר אוועקגעגאנגען צו איהר קראנקען פאטער. דער יונגער גייסטליכער האט זיך אויפגעהויבען פון דער באנק און איז צוגעגאנגען צום אפענעם פענסטער, וואו העלענא איז געזעסען און האט זיך בעשעפטיגט מיט א הייזליכע ארבייט.

— עס איז דא ווירקליך גאנץ שעהן, האט ער געזאגט. זומער איז דא געוויס זעהר אנגענעהם צו וואינען.

— געוויס, איז דא שעהן, האט העלענא געענטפערט פריינדליך. דוא קענסט נאך ניט דיא גאנצע געגענד. עס זיינען דא ערטער, וואס זיינען ווירקליך א פאראדיז (גן עדן).

— אבער ווינטער דארף דא געוויס זיין לאנגווייליג. עס איז דאך ניט מעהר, וויא א דארף. צו וועמען געהט מען? מיר דאכט, אז דא איז ניטא זאגאר צו וועמען אריינצוקומען אמאל צו פערברענגען א שטונדע.

— וואס רעדסט דוא, בעהרמאן? האט דאס מעדכען געזאגט. מיר לעבען זעהר פריינדליך מיט דער פאמיליע וועגדענשטיין. מיר קומען זייער אפט אהין. מיר אונטערהאלטען זיך זעהר גוט דארט. פאריגען ווינטער האבען מיר זאגאר געטאנצט ביי זיי.

— ווער זיינען דען דארט דא אין דער פאמיליע וועגדענשטיין? דער אנקעל האט מיר געזאגט, אז ער וועט מיך היינט בעקאנט מאכען מיט דיעזער פאמיליע.

— דער פערוואלטער, זיין פרוי. צוויי טעכטער און זיין געהילפע, זיין שרייבער פאן בערנענפעלד.

דער גייסטליכער האט געווארפען אן אונרוהיגען בליק אויף זיין קוזינע.

— ווער איז דער פאן בערנענפעלד? איז ער שוין לאנג דא אין עמענטהאל?

— ער איז שוין היע א יאהר. ער וועט אבער באלד אוועקפאהרען, ווייל ער האט ערהאלטען אנאנדערע שטעלע.

— האט דער פערוואלטער וועגדענשטיין נור טעכטער און קיינע זיהן?

— ער האט צוויי זיהן. זיי זיינען אבער קיין מאל ניטא אין דער היים. איינער איז א בעאמטער אין מיניסטעריום אין האנאווער און דער אנדערער איז אן אפיציער און שטעהט מיט זיין רעגימענט אין ליבאוו. ווען דוא וועסט געהן היינט צו זיי, וועסט

דואביידע נאך טרעפען אין דער היים. מען האט אונז היינט איינגעלאדען צו זיי אויף מיטאג. איך ווייס צוואר ניט, וואס פאר א שמחה עס איז היינט ביי זיי. — אבער, מיין גאט!

אויף דעם וועג צום גרויסען הויז האט זיך געוויעזען א רייטער אין א גלענצענדען רויטען מונדיר פון א קיראסיר. דאס איז געוועזן דער יונגער אפי־יער וועגדענשטיין. אויף העלענא׳ס פרישע באקען האט אנגעהויבען צו שפיעלען א בעזאנדערע רויטקייט. דער יונגער גייסטליכער האט עס בעמערקט. באלד איז דער אפיציער צוגעקומען צום הויז פון׳ם פאסטאר. ער האט דערזעהן העלענא׳ן שטעהן ביים פענסטער און האט זיא געגריסט.

— איהר וועט היינט זיין ביי אונז צום מיטאג, פריילין בערגער, האט ער איהר געזאגט.

העלענא איז רויט געוואָרען איבער דיא אויערן.

— געוויס, וועלען מיר זיין ביי אייך, האט זיא קוים ארויסגערעדט.

דער אָפיציער האט געגעבען זיין פערד דיא שפארען און איז אוועקגעפלויגען ווייטער.

— ווער איז דיעזער אָפיציער? האט דער יונגער גייסטליכער געפרעגט אונרוהיג.

— דאס איז דער יונגער וועגדענשטיין, האט העלענא געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען פון פענסטער.

בעהרמאן האט איהר נאכגעקוקט מיט א פינסטערער מינע. באלד איז דער אלטער פאסטאר צוריקגעקומען. העלענא איז איהם ענטגעגען געגאנגען און האט איהם געזאגט:

— דער ליעטענאנט וועגדענשטיין איז דא נור וואס געוועזן און האט נאך אמאל געבעטען מיר זאלען קומען היינט צו זיי צום מיטאג.

— איך ווייס, איך האב איהם געזעהן אויפ׳ן וועג. ער קומט נור וואס פון האנאווער.

— אבער, פאטער, וויא קומט עס, וואס ער איז היינט געקומען צו פאהרען צו זיינע עלטערן? וואס איז דארט היינט פאר א שמחה?

— ליעבע טאָכטער, עס איז היינט גאר ניט קיין שמחה. דיא ארמעע האט ערהאלטען א בעפעהל ארויסצומארשירען. דער קעניג מיט זיינע מיניסטארען פאהרען ארויס. וועגדענשטיינ׳ס קינדער זיינען געקומען אבשיעד נעהמען פון זייערע עלטערן.

העלענא איז האסטיג אריינגעגאנגען אין שטוב.

— וואוהין לויפסט דוא אזוי, טאָכטער?

— מיר וועלען דאך היינט געהן צו דיא וועגדענשטיינ׳ס, האט העלענא געענטפערט, מוז איך מיך אביסעל פארבערייטען, האט זיא האסטיג געענטפערט און איז פערשוואונדען געווארען אין שטוב.

דער יונגער גייסטליכער האט זיך געביסען דיא ליפען. אין איינינע צייט ארום איז העלענא ארויסגעקומען אנגעטהאן איינפאך, אבער זעהר ריין מיט א ברייטען שטרויענעם הוט אויפ׳ן קאפ.

— איך בין פערטיג, פאפא, מיר קענען געהן, האט זיא געזאגט צום פאטער.

— גום, מיין קינד, לאז זיך דיין נעפע אנטהאן. ער געהט אויך מיט אונז, איך וויל איהם פאָרשטעלען פאר דיא ווענדענשטיינ׳ס.

דיא פאמיליע ווענדענשטיין איז ווידער פערזאמעלט אין גרויסען זאל. היינט אבער איז קיין שמחה, קיין יום־טוב. אלע זיינען ערנסט און פערטראכט. דער אלטער ווענדענשטיין געהט ארום אין צימער מיט׳ן קאפ אראפגעלאזען. דיא אלטע זיצט און נעהט עפּעס. פון צייט צו צייט פאלט אראפּ א גראבע טרעהר אויף איהר ארבייט. דער אלטער האט עס בעמערקט.

— וואס טהוסט דוא, האננא? ברומט ער, דוא מאכסט אונז שווער דאס הארץ. לאז ער פון אונז ווענינגסטענס ניט אוועקפאהרען טרויעריג. א סאלדאט מוז געהן אין קריעג פרעהליך און לעבעדיג. אין קריעג ווערט דער מענש שטארק און מוטהיג.

דיא אלטע האט אפגעווישט דיא אויגען און האט פּראבירט צו שמייכלען. עס איז איהר אבער ניט געראטהען. זיא האט זיך דאך ניט געקענט איינהאלטען. איהר מוטער הערץ האט דאך געוויינט אין איהר.

— ער וועט שוין ווידער פרעהליך זיין, האט זיא געזאגט. ער וועט זיך צונויפּ־קומען מיט בעקאנטע, מיט גוטע פריינד, מיט קאמעראדען. מען וועט טרינקען, מען וועט זינגען און פרעהליך זיין. מיר אבער איז וועה, איך וועל בלייבען דא אין דארף מיט מיינע שרעקליכע געדאנקען, ציטערן יעדע מינוט פאר איהם און אויסוויינען מיינע אויגען ווארטענדיג, עס זאל אנקומען א בריעף אדער א צייטונג, וועלכע זאל אונז מעלדען, וואס עס הערט זיך אויף דער וועלט, אין בלוטיגען קריעג. —

זיא האט אראפגעשלונגען איהרע טרערין און האט זיך געוועגדעט צו איהר זוהן.

— וויא שטעהט עס מיט דיין וועש? האסט דוא גענוג העמדער און אונטער וועש?

— איך האב אלעס גענוג, מוטער. איבעריגענס, קען איך ניט פיעל מיטנעהמען. מיר האבען א בעפעהל פון׳ם גענעראל, אז מיר זאלען ניט מיטנעהמען מיט זיך פיעל באגאזש. דיא ארמעע האט ניט פיעל פוהרען מיט זיך. — מיך וואונדערט, וואס דער פאסטאָר איז נאך ניטא, האט ער פלוצלונג געזאגט. מיר דאכט, אז ער וועט גאר ניט קומען. איך האב געזעהן ביי איהם א גאסט, עפּעס א יונגען מאן, וויא עס ווייזט אויס א גייסטליכער.

— דאס איז זיין נעפע, האט דער אלטער ווענדענשטיין געזאגט. ער וויל איהם יעצט מאכען פאר זיין געהילפע און שפּעטער זאל ער ווערן פאסטאָר אויף זיין ארט. עס קען זיך מאכען א גוטע פּארטיע פאר דעם פאסטאָר׳ס טאכטער, העלענא.

דער יונגער אפיציער איז געווארען בלייך און איז צוגעגאנגען צום פענסטער, דער פאטער זאל ניט זעהן, וואס פאר א מינע ער האט געמאכט.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען איינע פון זיינע שוועסטער און האט געזאגט:

— פראנץ דייעק איז געקומען. ער וויל דיך זעהן, ארנאָלד.

דער יונגער אפיציער האט זיך האסטיג אומגעקעהרט.

— רוף איהם אריין, מיין אלטען קאמעראד! וואס וויל ער?

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער יונגער בויער איז אריינגעקומען אין

צימער. דער אפיציער איז צו איהם צוגעלאפען, האט איהם אנגענומען בייביידע הענד און איהם געזאגט:

— נו, וואס מאכסט דוא, אלטער פריינד? וויא געהט עס? ביסט דוא אויך געקומען פון מיר אבשיעד נעהמען?

— איך האב א ביטע צו אייך, הערר ליעטענאנט.

— זאג, פריינד, וואס דוא ווילסט. איידער איך הער דיין ביטע, זאג איך דיר צו זיא צו ערפילען.

— הערר ליעטענאנט, מען דערצעהלט אין דארף, אז עס האט אויסגעבראכען א קריעג און דער קעניג ציהט מיט זיין ארמעע אין קריעג. איך וועל אויך מוזען געהן. איך בעט אייך דאהער, איהר זאלט מיך מיטנעהמען אין אייער רעגימענט. איך וועל זיין אייער דיענער, אייער דענשטשיק.

— גוטער, ליעבער פראנץ, האט דער ליעטענאנט געזאגט און האט איהם אנ־גענומען ביי דיא זהענד. דערוויל ציהט נור דיא ארמעע, אבער ניט דאס לאנדוועהר — דוא געהערסט דאך צום לאנדוועהר — איך קען דיך דערוויל ניט מיטנעהמען אהן ערלויבניס פון׳ם גענעראל. קוים אבער וועט מען צונויפרופען דאס לאנדוועהר — דאן קום צו מיר, איך וועל דיך אויפנעהמען ניט אלס מיין דיענער, זאנדערן אלס מיין פריינד.

— אלזא, זאגט איהר מיר צו, איהר זאלט מיך אויפנעהמען אין אייער רעגימענט? האט דער יונגער מאן ווייטער געפרעגט.

— נא דיר מיין האנד, אז דוא וועסט שטענדיג רייטען לעבען מיר, ווען דיא דיסציפלין (דיא רעגעלען פון מיליטער דיענסט) וועט עס נור ערלויבען.

— אלזא, אויף באלדיגעד וויעדערזעהן אויפ׳ן שלאכטפעלד! האט דער יונגער בויער געזאגט און האט געגעבען דעם ליעטענאנט דיא האנד.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען פאסטער בערגער, זיין טאָכטער און דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן. דער פאסטאָר האט פאָרגעשטעלט דעם יונגען גייסט־ליכען דער פאמיליע וואנדערנשטיין. דער יונגער אפיציער האט איהם געגעבען דיא האנד און האט זיך באלד אפגעקעהרט פון איהם. ער האט זיך געוועגדעט צום פאסטאָר׳ס טאָכטער און האט איהר געזאָגט.

— עס ווערט ערנסט, פריילין העלענא. מיר ציהען אין קריעג. וועט איהר דענ־קען אן מיר? וועט איהר טראַכטען א מאל פון מיר?

זיא האט איהם א קוק געטאָהן גלייך אין דיא אויגען און האט געזאָגט מיט א ציטערענדער שטימע.

— געוויס, וועל איך טראַכטען פון אייך און וועל בעטען גאט פאר אייך, ער זאל אייך אָפּהיטען און בעשיצען אין קריעג.

דער ליעטענאנט האט א ציטער געטאָהן. דיעזע איינפאַכע ווערטער, וועלכע זיינען ארויס פון הארצען, האבען אויף איהם געמאַכט א טיעפען איינדרוק.

— קומט צום טיש! האט אין דיעזע מינוט געזאָגט דיא אלטע וואנדערנשטיין.

מען האט זיך געזעצט צום טיש. ארנאלד וואנדערנשטיין האט זיך געזעצט לעבען פריילין העלענא. דער יונגער גייסטליכער איז זיי געזעסען געגען איבער און האט

יעדעס מאל געווארפען אויף זיי פייערינגע צארניגע בליקע. מען האט געגעסען שטיל, קיינער האט ניט גערעדט. דער אלטער וועגדענשטיין האט פראבירט שפאסען. קיינער אבער האט ניט געלאכט. דיא אלטע האט זעהר אָפט געקנייטשט איהר טאַשענטוך און האט זיך געריעבען דיא באקען. דיא טעלער זיינען געבליעבען פול, ווי מען האט זיי אויפגעגעבען. ווען דיא גרויסע אלטע וואנד אוהר האט געשלאגען פיער, האט זיך דער אפיציער אויפגעהויבען.

— מאמא, עס איז צייט, איך מוז פאהרען, האט ער געזאגט מיט א ווייכע שטימע.

— אלע זיינען אויפגעשטאנען פון׳ם טיש. דיא אלטע האט אנגעהויבען צונויפ־ צולעגען איהר זאכען.

— איך האב נאך א ביטע צו אייך, פריילין העלענא, האט דער יונגער אפיציער געזאגט. — זינגט מיר עפעס פאר! איך הער אייך שטענדיג זינגען מיט׳ן גרעסטען פערגניגען. עס וועט מיר בלייבען אן אנדענקען פארן אוועק פאהרען.

העלענא האט א ציטער געטאהן, זיא איז גראדע ניט געווען אויפגעלעגט צו זינגען.

— איך בעט אייך! האט דער אפיציער איהר געזאגט גאנץ שטיל.

העלענא איז צוגעגאנגען צו דער פארטאפיאנא, האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אנגעהויבען צו שפיעלען און צו זינגען אן אלטעס דייטשעס ליעד. אלע האבען זיא אויסגעהערט מיט פערגניגען. אנפאנגס האט זיא געגומען אונגערן און שוואך. באלד אבער איז זיא אליין בעגייסטערט געווארען פון איהר זינגען. ווייכע, טרויעריגע, זיסע טרעלען האבען זיך געלאזט הערען און זאל און האבען בערוישט און בעצויבערט אלעמען. דער אפיציער איז געשטאנען, וויא צוגעשמידט און האט ניט אראָפגעלאָזען קיין אויג פון׳ם שעהנעם מעדכען.

ווען זיא האט געענדיגט איהר ליעד, איז ער צו איהר צוגעגאנגען און האט איהר געגעבען דיא האנד.

— איך דאנק אייך, פריילין, פיר דיעזעס ליעד, האט ער איהר געזאגט. איך וועל עס אייביג ניט פערגעסען.

דאן איז ער צוגעגאנגען צו זיין מוטער, האט זיא ארומגענומען, האט זיא געקושט.

— אויף וויעדערזעהן, ליעבע מוטער! האט ער איהר געזאגט.

— אויף וויעדערזעהן, מיין קינד, האט דיא מוטער געענטפערט און האט איהם צוגעפרעסט צו איהר ברוסט.

דאן איז ער צוגעגאנגען צו העלענא׳ן, האט גענומען איהר האנד און האט זיא א קוש געטאהן.

אויף וויעדערזעהן! האט ער איהר געזאגט און איז ארויסגעלאפען אין דרויסען, וואו פראנץ׳ס דינער האט געהאלטען זיין געזאטעלטעס פערד.



7טעס קאפיטעל.

## אוים נארישקייטען! וואהרע, טרייע ליעבע!

אין א גרויסען און רייכען זאל אין דער הערדענגאסע אין וויען איז געזעסען אויף א ברייטען, ווייכען, סאמעטענעם שטוהל דיא גרעפין פאן פראנקענשטיין, א פארנעהמע, שטאלצע אריסטאקראטין פון דער אלטער וועלט, וועלכע איז נאך געוועזען פעסט איבערצייגט, אז נור דעם קען מען רופען מענש, וועך עס האט וועניגסטענס דעם טיטעל באראן. וועך עס האט גאר קיין טיטעל ניט, דער איז גאר קיין מענש ניט. — לעבען איהר איז געזעסען איהר טאכטער, קלארא. ביידע דאמען זיינען געוועזען רייך געקליידעט. עס איז געוועזען דייטליך, אז זיי האבען שוין געמאכט זייער אבענד טואלעט און ווילען ערגעץ געהן אין א געזעלשאפט. אין דיא האר פון דער אלטער דאמע האבען געפונקעלט ברילליאנטען און טהייערע שטיינער, וויא אין דיא פענסטער פון א דיאמאנטען הענדלער. דיא יונגע גרעפין איז אויך געוועזען זעהר עלעגאנט געקליידעט, אבער אהן ברילליאנטען און אהן פונקעלענדע שטיינער.

לעבען זיי איז געשטאנען גראף קלאם-גאלאס. מען האט גערעדט פון'ם קריעג. וועך עס וועט זיין אבערקאמאנדירענדער, וועך פון דיא דייטשע קעניגע וועט זיין מיט עסטעררייך און וועך וועט געהן מיט פרייסען. פלוצלונג האט זיך געעפענט דיא טהיר און דער לאקיי האט געמעלדעט:

— גענעראל פעלדמארשאל באראן פאן ריישאך!

באלד האט זיך אויך געוויעזען דיא אלטע, איינגעבויגענע געשטאלט פון'ם אלטען אויסגעדיענטען גענעראל. ער איז צוגעגאנגען צו דיא דאמען, האט געקושט דער אלטער גרעפין דיא האנד און האט זיך העפליך פערנייגט פאר דער יונגער גרעפין.

— איך וועט, אז איהר האט גערעדט פון דער פאליטיק און פון'ם קריעג, האט ער אויסגערופען.

— פון וואס דען זאל מען רעדען אין אזא שווערע צייט? האט דיא אלטע גרעפין געענטפערט. יעדער, וועלכער ליעבט נור דאס אלטע עסטעררייך, קען יעצט פון קיין אנדערע זאך ניט טראכטען און ניט רעדען אלס פון קריעג.

— און דאך רעדט גאנץ וויען יעצט פון עטוואס אנדערש, האט געלאכט דער באראן פאן ריישאך. מען האט פערגעסען אן קריעג, מען האט פערגעסען דיא פאליטיק, מען רעדט נור פון דער גראסער, וויכטיגער נייאינקייט.

אלע זיינען געווארען נייגיעריג און האבען געבעטען דעם אלטען גענעראל מיט דיא אויגען, ער זאל זיי שוין דערצעהלען דיא גרויסע, וויכטיגע נייאינקייט. דער אלטער אבער האט זיי געוואלט אביסעל קוועלען און האט געשוויעגען.

הערט שוין אויף אונז צו פלאגען, האט גראף קלאם-גאלאס געזאגט, האט מיטלייט מיט דיא דאמען. זאגט, וואס איז געשעהן?

— איך זעה שוין, אז איהר אליין וועט עס קיין מאל ניט דערראטהען און איך מוז אייך דערצעהלען. עס איז פארגעקומען א רעכט אינטערעסאנטער דועל.

— א דועל? און צווישען מענשען פון דער הויכער געזעלשאפט? האט דיא אלטע גרעפין פאן פראנקענשטיין געפרעגט.

זיא איז געווען זיכער, אז דער דועל איז פארגעקומען צווישען צוויי מענשען פון דער הויכער געזעלשאפט, ווייל זאנסט איז עס דאך ניט ווערטה, מען זאל דערפון רעדען. זיא האט אבער געוואוסט, אז דער אלטער גענעראל האט ליעב צו שפאסען. ער קען זיך נאך אמאל ערלויבען צו דערצעהלען פון א דועל צווישען צוויי ארבייטער אדער קויפלייטע — צווישען צוויי ניטמענשען.

— שטעלט אייך פאר, וואס פאר אן אינטערעסאנטער דועל דאס איז געווען! האט ווייטער געזאגט דער אלטער גענעראל.

ער האט זיי געוואלט פלאגען נאך אביסעל.

— אבער זאגט שוין אויס! האט זיך געבייזערט גראף קלאם.

— דער דועל איז פארגעקומען צווישען אונזער יונגען ליעטענאנט, באראן פאן שטילאוו און דעם איטאליענישען גראף דע ריוועראָ. איהר געדענקט געוויס דעם גראף דע ריוועראָ, גרעפין?

— גראף דע ריוועראָ? איז דאס ניט דערזעלבער, וועלכען דער קארדינאל לע־דאחאָווסקי האט אונז פאר א יאָהרען אדער פאר צוויי יאהרען פארגעשטעלט?

— דאס איז ער. ער איז אויפגענומען געווארען אין דער העכסטער געזעלשאפט פון וויען, האט דער אלטער גענעראל געזאגט.

ער האט זיך ערשט דערמאנט, אז דיא גרעפין פראנקענשטיין האט ניט ליעב צו רעדען פון מענשען, וועלכע זיינען ניט אויפגענומען אין דער הויכער געזעלשאפט.

— דאס איזווירקליך מערקווירדיג, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט, אבער גראף דע ריוועראָ איז דאך גאר אין וויען ניט געווען? וויא לאנג איז עס, זייט ער איז צוריקגעקומען?

— ער איז ערשט געסטערן צוריקגעקומען.

— און אין פיער און צוואנציג שטונדען האט ער שוין צייט געהאט זיך צו שלא־גען אויף א דועל?

— מען זאגט, אז זיי האבען זיך געשלאגען איבער א דאמע. — האט איהר אמאל געהערט פון דער שעהנער מאדאם באלצער?

דיא יונגע גרעפין האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל און איז צוגעגאנגען אין ווינקעל פון׳ם זאל, וואו עס איז געשטאנען א גרויסער בלומענטאפ. זיא האט זיך איינגעבויגען צו דיא בלומען און האט זיי אנגעהויבען צו רייניגען.

— איך האב קיין מאל אזא נאמען ניט געהערט, האט געזאגט דיא אלטע גרעפין מיט פעראכטונג.

— איך האב געהערט, אז באראן פאן שטילאוו איז גוט בעקאנט מיט דיעזער דאמע, האט גראף קלאם געזאגט. דיא אפיציערען האבען דערצעהלט פיעלע געשיכטען דאריבער.

— נו, יעצט קען מען שוין פערשטעהן דיא אורזאכע פון׳ם דועל, האט דער אלטער גענעראל געלאכט.

— וואס איז אבער געווען דאס ענדע פון׳ם דועל? האט דיא אלטע גרעפין געפרעגט נייגיעריג. איז ווער פון זיי פערוואונדעט?

— איך ווייס ניט, האט דער אלטער גענעראל געזאגט. מען וויל ניט אויסזאגען, וואס עס איז געשעהען. — איך האב מורא פאר אונזער שטילאוו. דער גראף דע ריווערא איז א בעריהמטער שיעסער.

פלוצלונג האט ער זיך אומגעקוקט.

— אָבער וואו איז דיא יונגע גרעפין אהינגעקומען? האט ער געפרעגט.

גרעפין קלארא איז נאך אלץ געשטאנען איינגעבויגען אויף איהרע בלומען און האט זיא רעכט פלייסיג געריינינגט. דיא אלטע גרעפין האט איהר צוגעווארפען א זאנ־דערבארען בליק. גרעפין קלארא איז צוגעקומען צו איהר מוטער. זיא האט געהאלטען אין דיא הענד א ראָזע, וועלכע זיא האט נור וואס אפגעריעסען. איהר געזיכט איז געוועזען בלייך און איהרע ליפען זיינען געוועזען צונויפגעפרעסט.

— איך האב מיר אפגעשניטען א ראָזע, האט זיא געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע. איך וויל זיא מיר אנשטעקען אין דיא האר. עס איז היינט אין דער מאדע צוטראגען פרישע ראזען אין קאפ.

זיא האט זיא אבער ניט איינגעשטעקט אין קאפ, זאנדערן האט זיא געהאלטען אין דיא הענד און זיא געדרעהט אהין און אהער, גלייך וויא זיא האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט איהר. דיא אלטע גרעפין האט עס בעמערקט. זיא האט זיך אויפ־געהויבען פון איהר ארט און האט געזאגט צו איהרע געסט:

— גוט, קלארא, וואס דוא האסט מיך דערמאנט. מיר פאהרען דאך באלד צו דער גרעפין רייכענבאך. איך האב נאך איינינע זאכען צו רעכט צו מאכען אין מיין טואלעט. — איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מיינע הערערן, מיר וועלען זיך היינט נאך זעהן ביי דער גרעפין. איהר וועט דארט געוויס זיין היימע אבענד.

דיא הערערן האבען זיך פערנייגט און זיינען ארויסגעגאנגען. מוטער און טאכטער זיינען געבליעבען אליין. איינינע מינוטען האבעןביידע געשוויעגען.

— מאמא! האט פלוצלונג געזאגט גרעפין קלארא. איך פיהל מיך עפעס זעהר שלעכט. איך וועל ניט געהן צו דער גרעפין. איך וועל בעסער בלייבען אין דער היים.

דיא מוטער האט געווארפען אויף איהר טאכטער א בליק פול מיט זארג און מיטלייד.

— קום, טאכטער, איך בעט דיך. בעדענק, וואס מען וועט זאגען און רעדען, ווען דוא וועסט היינט ניט זיין ביי דער גרעפין. דער אלטער שפאססמאכער — באראן רייזאך — וועט דאך דערצעהלען בלויע וואונדער.

גרעפין קלארא האט אראפגעלאזען דעם קאפ אויף דער ברוסט און האט זיך פערשטעלט מיט דער האנד. אין זאל האט מען געהערט א שטילעס וויינען. טרערין האבען זיך געגאסען פון איהרע אויגען און זיינען אראפגעפאלען אויף דער ראזע אין איהרע הענד.

אין דיעזע מינוט האט דער לאקיי געעפענט דיא טהיר און האט געמעלדעט:

— דער הערר באראן פאן שטילאָוו.

דיא אלטע גרעפין איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט. קלארא איז געוואָ־רען רויט, האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט, גלייך וויא זיא האט געוואלט ערגענץ

אנטלויפען, איז אבער באלד צוריקגעפאלען אין איהר זיץ. דער לאקיי האט געזעהן, אז דיא גרעפין שווייגט און האט גערעכענט, אז ער דארף אריינלאזען דעם גאסט.

באראָן פאָן שטילאוו איז באלד אריין אין זאַל. ער איז געוועזן פריש און מונטער, וויא אימער און איז גלייך צוגעגאנגען צו דיא דאמען.

— מיר האבען אייך שוין א לאנגע צייט ניט געזעהן, האט דיא אלטע איהם געזאגט. וואו זייט איהר עס פערפאלען געוואָרען?

— דער דיענסט איז היינט זעהר שטרענג, האט דער באראן געענטפערט. מען מוז זיך פארבערייטען צום קריעג און מיר, אָפיציערען, האבען זעהר פיעל צו טהאן. מיר מוזען איינאיבען אונזערע סאלדאטען.

— דער אלטער גענעראל ריישאך האט אונז ערשט ניט לאנג עפּעס דערצעהלט פון אייך, האט דיא אלטע געזאגט.

— אה! דער אלטער שפּאססמאכער האט געוויס דערצעהלט פון מיר א בייזע געשיכטע, האט דער יונגער באראן געזאגט האסטיג און האט א קוק געטהאן אויף דער יונגע גרעפין, וועלכע איז נאך אלץ געזעסען אויף איהר ארט, דיא אויגען אראפּ־געלאזען צו דער ערד, מיט דער ראזע אין דער האנד.

— ער האט אונז געמאכט א שרעק, האט דיא אלטע געענטפערט. מיר האבען מורא געהאט—אונזער שרעק איז אבער געוועזן אומזיסט, וויא עס ווייזט אויס.—

אויפ'ן געזיכט פון'ם באראן האט זיך געוויזען א שמייכעל, וועלכער איז באלד פערשוואונדען. ער איז געווארען פינסטער און ערנסט.

— דער באראן ריישאך זארגט זיך צופיעל פאר מיר, האט ער געזאגט. אויב ער ערווארטעט פון מיר א דאנק, וואלט איך איהם זעהר דאנקבאר געוועזן, ער זאל זיך וועניגער זארגען פון מיינעטוועגען.

דיא גרעפין פראנקענשטיין האט א קוק געטהאן אויף איהר טאכטער. קלארא האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט געקוקט פרייער און פרעהליכער.

— וועט איהר זיין הייטע אבענד ביי דער גרעפין פאָן רייכענבאך? האט דיא אלטע געפרעגט דעם באראָן.

— איך בין נאך ניט פארגעשטעלט געווארען פאר דער גרעפין, האט דער באראן געענטפערט, און איך בעדויערע עס זעהר.

— אלענפאלס וועט איהר אונז בעגלייטען ביז אהין, האט דיא אלטע געזאגט און האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל. — איך האב נאך איינינע זאכען צו ענדערן אין מיין טואלעט. איך לאז אייך דערווייל דא אליין מיט מיין טאכטער.

מיט דיעזע ווערטער איז זיא ארויסגעגאנגען פון זאל. זיא האט זיך ניט אומגע־קוקט און האט ניט געזעהן, וויא איהר טאכטער בעט זיא מיט דיא אויגען, זיא זאל ניט אוועקגעהן. דיא יונגע לייט זיינען געבליעבען אליין. איינינע מינוטען האט געהערשט אין זאל א טיעפע שטילקייט.

— גרעפין קלארא! האט פלוצלונג געזאגט דער באראָן.

קלארא האט אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט א קוק געטהאן אויפ'ן באראן

מיט שטוינען, גלייך וויא זיא האט איהם געוואלט זאגען: וואס ווילט איהר פון מיר? געהט אייך צו אייערע....

— מיין גאט! האט אויסגערופען דער באראָן. איהר האט געוויינט? וואס איז געשעהן?

— עס איז גאר ניט געשעהן, האט קלארא געענטפערט און איהר שטימע האט געציטערט. איך האב ניט געוויינט. איך פיהל מיך היינט זעהר שלעכט, דער קאָפּ טהוט מיר שטארק וועה. איך האב געבעטען מאמא, זיא זאל מיך לאזען אין דער היים. —

— גרעפין קלארא, האט געבעטען דער באראָן, ערלויבט מיר אייך צו דערמאנען, וואס מיר האבען גערעדט אויפן באל ביים מיניסטער מענסדארף. — איהר האט מיר דאמאלס געגעבען עפּעס אנצוהערען. איך האב געוואלט עס אייך ערקלערן; ליידער, האב איך זייט דאמאלס ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו רעדען מיט אייך אליין.

— עס איז ניט יעצט דיא צייט צו רעדען איבער זאכען, וועלכע — איך האב שוין — פערגעסען.

— אבער איך האב זיי ניט פערגעסען, האט דער יונגער מאן אויסגערופען האסטיג, און איך וויל אייך יעצט ערקלערן. —

גרעפין קלארא האט אמאך געטהאן מיט דער האנד. זיא פערלאנגט קיינע ערקלערונג.

— ווען איהר מיר גלויבען, ווען איך וועל אייך שווערן ביי מיין עהרענוואָרט אלס עדעלמאן? האט ער געבעטען.

זיא האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האט איהם א קוק געטהאן גלייך אין דיא אויגען און האט געזאגט:

— יא!

— איך דאנק אייך פאר דיעזעס צוטרויען, האט ער געזאגט, און איך גיב אייך מיין עהרענווארט, אז איך בין פריי פון יעדע קייט, פריי, וויא דיא לופט, — פריי, וויא דאס ליכט.

איהר געזיכט האט זיך אויפגעהייטערט, איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקעלן און א לייכטע רויטקייט האט זיך געוויזען אויף איהרע באקען.

— איך פארשטעה אייך ניט, האט זיא געזאגט.

— איהר פארשטעהט מיך, איהר וועט מיך באלד פערשטעהן, האט דער יונגער מאן אויסגערופען געריהרט. איך בין פריי פון דיא קייטען, וועלכע זיינען ניט ווירדיג פאר מיר. איך זוך א קייט, וועלכע איך זאל קענען טראָגען פריי און אָפען פאר דער גאנצער וועלט, א קייט, מיט וועלכע איך זאָל קענען שטאָלצירען פאר דער גאנצער וועלט.

— איך פערשטעה אייך דאך ניט, האט זיא געזאגט גאנץ שטיל. איהר מוזט עס מיר ערקלערן —

— ערקלערן, דערצעהלען קען איך עס א פרעמדע דאמע ניט, איז ער איהר אריינגעפאלען אין דיא רעד. איך קען עס ערקלערן און דערצעהלען נור דער דאמע, וועלבע וועט מיר געבען דאס רעכט, איך זאָל פאר איהר קיין געהיימניסע ניט האָבען.

איך קען עס דערצעהלען נור דער דאמע, וועלכער מיין גאנצעס לעבען וועט געהערן.

— מיין גאָט! הערר פאַן שטילאָוו! האט זיא אויסגערופען. ערקלערט מיר דאָך — איך ווייםווירקליך נים —

— אלזא, ניט איהר מיר דאס רעכט, אייך אלעס צו ערקלערן?

— דאס האב איך נים געזאגט, האט זיא אויסגערופען און האט זיך אויפגע-הויבען פון איהר שטוהל.

זיא האט געוואלט צוגעהן צו דער טהיר, וואו איהר מוטער איז ערשט נים לאנג ארויסגעגאנגען, און האט שוין געמאכט א פאר שריטע. דער יונגער מאן האט איהר פארשטעלט דעם וועג.

— גרעפין קלארא, איינע אנטווארט! האט ער געבעטען.

זיא איז געבליעבען שטעהן און האט געשוויענען.

— גרעפין קלארא, האט דער יונגער מאן געזאגט, איהר טראָגט אויף אייער בחים א פריש אפגעריסענע ראזע. אין דיא אלטע צייטען איז דיא ראזע געווען א צייכען פון ליעבע און טרייע. ווען א דאמע האט געגעבען איינעם א ראזע, איז דאס געווען א צייכען, אז דאס איז איהר אויסגעוועהלטער, איהר בעשיצער און איהר טרייער, ערגעבענער דיענער. — דיא ראזע איז אן עדעלע בלום, פאר וועמען זיא בליהט איין מאל, פאר דעם בליהט זיא אויף אייביג. — קלארא, גיט מיר דיא ראזע!

— דיא ראזע איז ווירקליך אן עדעלע, טהייערע בלומע, האט דיא גרעפין געענט-פערט לאנגזאם. זיא איז א צייכען פון ריינהייט און וואהרהייט.

— אלזא, א צייכען דערפון, וואס איך פיהל און וואס איך וועל אייביג פיהלען פאר אייך. — קלארא, איך בין ווערטה דיא ראזע. גיט מיר דיא ראזע!

זיא האט איהם געקוקט אייניגע סעקונדען גלייך אין דיא אויגען, גלייך וויא זיא האט געוואָלט לעזען דיא געדאנקען אין זיין טיעפען הערצען. דאן האט זיא אויפגע-הויבען דיא האנד און האט לאנגזאם ארויסגענומען דיא ראזע פון איהר בוזים, האט זיא א פאָאר סעקונדען געהאלטען אין דער הויך, גלייך וויא זיא קען זיך נים ענטשליעסן וואס צו טאָהן מים איהר.

דער יונגער מאן איז צוגעלאפען צו איהר, האט גענומען דיא ראזע מיט דער שעהנער האנד, וועלכע האט זיא געהאלטען און האט בעדעקט דיזע האנד מיט לאנגע, הייסע קושען.

— קלארא, האט ער געזאגט געריהרט און פרייד און גליק האבען געבליצט אין זיינע אויגען. — קלארא, דיזע ראזע וועט באלד פערוועלקען און פערדארט ווערן, אבער דאס גליק, וועלכעס איהר גיט מיר מיט דיעזער ראזע וועט בליהען און דופטען אין מיין הערץ, זא לאנג עס וועט זיך נאך געפינען אין איהם א טראָפען בלוט, זא לאנג אין מיר וועט זיך נאך ריהרען אן אבר. — אה! איך דאנק דיר, גוטער, העלער, לייב-טענדער הימעל! — איך האב ענדליך געפונען דעם ליכטיגען שטערן, וועלכער וועט מיר לייכטען און מיך פיהרען אין מיין לעבען!

ער האט זיא לאנגזאם צוגעצויגען צו זיך. זיא האט זיך נים וויעדערזעצט, האָט אנגעשפארט איהר שעהנעם קאפ אויף זיין שולטער, פון איהרע אויגען האבען זיך

געגאסען טרערין — העלע, קלארע טרערין פון פרייד און גליק.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דיא אלטע גרעפין. קלארא איז צוגעלאָפען צו איהר און האט זיא ארומגענומען. דער באראן פאן שטילאוו איז צוגעגאנגען צו זיי.

— גנעדיגע גרעפין, האט ער געזאגט צו דער אלטער דאמע, איך קען אייך נור ווידערהאלען, וואס איך האב נור וואס געזאגט צו אייער טאָכטער: איך האב ענדליך געפונען דעם הערץ, קלארען שטערן, וועלכער וועט מיך פיהרען אין מיין לעבען. דארף איך עס האפען?

דיא גרעפין איז געשטאנען א פאר מינוט, וויא צומישט. עס איז אבער געווען דייטליך, אז זיא איז געווען צופריעדען, אז זיא האט שוין לאנג ערווארטעט דיעזע מינוט.

— דיא אנטווארט אויף אייער פראגע קען אייך געבען מיין טאָכטער, האט זיא ענדליך געזאגט. איך קען אייך נור זאגען, אז איך וועל איינוויליגען אין איהר אנטוואָרט.

— וואס פאר אן אנטווארט גיט איהר מיר, גרעפין קלארא? האט דער באראן געפרעגט.

גרעפין קלארא האט איהם געגעבען דיא האנד.

— אלזא, האב איך ניכטס דאגעגען, האט געזאגט דיא אלטע דאמע און האט זיי ביידע אנגענומען ביי דיא הענד. גאט זאָל אייך זעגענען און געבען גליק און פרייד אייער לעבען לאנג!

דער יונגער מאן האט איהר א קוש געטאָהן אין דער האנד.

— עס איז שוין אבער שפעט, האט זיך דיא אלטע דערמאנט. מיר מוזען געהן צו דער גרעפין רייכענבאך. געה, קלארא, טהו זיך אן. מיר מוזען שוין געהן. — מארגען, הערר פאן שטילאוו, ערווארטען מיר אייך צום מיטאָג. היינט וועט איהר אונז בעגלייטען צו דער גרעפין.

— אך, מאמא, לאמיר בעסער בלייבען אין דער היים, האט קלארא געבעטען. איך בין יעצט ניט אים שטאנד צו געהן אין א געזעלשאפט.

— ניין, טאָכטער, מיר קענען ניט בלייבען אין דער היים, מיר מוזען געהן. ווען מיר קומען ניט הייטע אבענד, וועט מען דארט רעדען און יעדער וועט דערצעהלען אנאנדערע געשיכטע. דוא וויסט טאָכטער, וויא איך האב פיינט, אז מען רעדט פון מיר.

— אלזא, ביז מאָרגען, מיין העלער שטערן! האט דער באראן געזאגט.

ער האט נאך אלץ געהאלטען דיא ראזע אין זיין האנד. יעצט האט ער זיא א קוש געטאהן און האט זיא בעהאלטען אויף זיין ברוסט אונטער זיין מונדיר.

דיא גרעפין האט אנגעקלונגען. א לאקיי איז אריינגעקומען. זיא האט איהם געהייסען ברענגען זייערע מענטעל. אין איינינע מינוט ארום זיינען זיי געווען בערייט. זיי זיינען ארויסגעגאנגען. אין דרויסען איז געשטאנען א קארעטע מיט דעם צייכען פון דער גרעפין פאן פראנקענשטיין. באראן פאן שטילאוו האט אריינגעזעצט דיא דאמען אין דער קארעטע, האט זיך געזעצט לעבען זיי און שנעל איז געלאפען דיא קארעטע איבער דיא העל בעלייכטעטע גאסען פון דער אלטער קייזער שטאָדט — וויען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאלאץ פון דער גרעפין רייכענבאך, האט דער באראן ארויסגענומען דיא דאמען פון דער קארעטע, האט פון זיי אבשיעד גענומען און

איז אליין אויפגענומען שפאציערען אהן א צוועק און אהן א ציעל אין דיא פרעה־ליכע לעבעדיגע גאסען.

וויא פיעל צייט ער איז אזוי ארומגעגאנגען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, האט ער ניט געקענט וויסען. ער איז געבליעבען שטעהן לעבען רינג טהעאטער און האט געקוקט אויף דיא מענשען, וועלכע האבען זיך געדרענגט אין טהעאטער אריין.

— הערר באראן! האט ער פלוצלונג געהערט א שטימע הינטער זיך. איך זוך אייך שוין זייט א שטונדע און קען אייך אין ערגעץ ניט געפינען. א בעפעהל פון'ם גענעראל.

באראן פאן שטילאוו האט א ציטער געטאהן און האט זיך אומגעקוקט. פאר איהם איז געשטאנען א קאפראל אין מונדיר פון אן אולאנער. דאס איז געוועזען זיין אונטער אפיציער. ער האט איהם דערלאנגט א פערזיינגעלטען בריעף און האט געזאגט:

— דער גענעראל האט געבעטען, איהר זאלט באלד צו איהם קומען.

— איך געה באלד, האט דער באראן געענטפערט. איך וויל נור איבערלעזען דעם בעפעהל.

ער האט געעפענט דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען.

— איך בין ערנאנט אלס ארדאנאנץ אפיציער ביים גענעראל גאבלענץ, האט ער אויסגערופען מיט א פרעהליכער שטימע. דאס איז דער בעסטער עסטערייכישער גענעראל. איך וועל האבען א געלעגענהייט מיך אויסצוצייכענען. — דאס איז גוט! דערמיט בין איך צופריעדען.

ער האט אנגעהויבען האסטיג צו געהן צו דער דאנוי, צו דער קווארטיר פון'ם גענעראל גאבלענץ. ער איז שנעל דורכגעגאנגען אייניגע גאסען, פלוצלונג איז ער גע־בליעבען שטעהן.

— אלזא, איז עס וואהר, האט ער געזאגט צו זיך אליין, מיר געהן אין בלוטיגען קריעג. איך וועל מוזען דא איבערלאזען א גליק, וועלכעס האט ערשט אנגעפאנגען צו בליעהען פאר מיר. — וועל איך עס ווידער געפינען?

ער האט זיך אומגעקוקט. ארום און ארום האבען געברענט און געפלאקערט טויזענדע ליכטער, טויזענדע גאז רעהרען און אונטען האט דיא דאנוי גערוישט און געקייקעלט איהרע שווארצע, טריבע וואסערן.

— אויבען איז לעבען און ליכט, אונטען אבער איז עס קאלט און טרויעריג. — דא איז ליעבע, פרייד און גליק, דארט — בלוט, נאכט און טויט.

ער איז געשטאנען אזוי א פאר מינוטען טרויעריג און פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. פלוצלונג האט ער זיך אפגעשאקעלט, וויא איינער, וואס חאפט זיך אויף פון א שרעקליכען טרוים.

— אין קריעג! אין קריעג! דיא ליעבע ווערט שטארקער, רייגער און פעסטער דורך שיידונג, דורך געפאהרען — אין קריעג!

און ער איז האסטיג צוגעלאפען צו דער קווארטיר פון'ם גענעראל.

8טעס קאפיטעל.

# דער קריעג.

אין דער שטילען, רוהיגען שטאדט האנאווער קאכט עס היינט און זיעדעט, וויא אין א קעסעל. פון אלע זייטען קומען אן באטאליאנען סאלדאטען. שעהנע, געזונדע, פרישע יונגע לייט פערזאמלען זיך ארום זייער קעניג, ער זאל זיי פיהרען אין בלוטיגען קריעג. אין אלע גאסען שטעהן פוהרען און פורגאנס אנגעלאדען מיט באגאזש און מיט קריעגס מאטעריאל. איבעראל הערט מען פויקען און טרומייטערן. דיא ליידינגעהר לויפען ארום פון איין גאס אין דער אנדערער קוקען אויף דיא סאלדאטען און זייערע גלענצענדע מונדירען. דיא ערנסטע בירגער, דיא קויפלייטע און דיא עלטערע ארבייטער שטעהן פאר זייערע טהירען פערזארגט און פערטראכט. זיי פיהלען, וויא שרעקליך, וויא טרויעריג דער קריעג איז. זיי ווייסען, אז ווען מען געווינט שוין דעם קריעג, האט מען ערשט פערלארען. מען האט פערלארען מענשען, געזונדע, פרישע, פרעהליכע מענשען, בירגער — ברידער. מען האט פערלארען צייט, ארבייט און קאפיטאל. דאס איז נאך, ווען מען וועט זיעגען. וואס וועט אבער זיין, ווען מען וועט פערליערען דעם קריעג? ווען דער פיינד וועט זיעגען? —

עס איז געגען ניין אוהר אבענדס. דער קעניגליכער שלאס איז היינט שוואך בעלייכטעט. פיעלע פענסטער זיינען אין גאנצען פינסטער, נור אין איינינע זעהט מען ליכט. אין הויף שטעהן וואגענס אנגעלאדען מיט באגאזש און מיט קאסטענס. דער קעניג פאהרט היינט ארויס מיט זיין ארמעע אין קריעג געגען פרייסען.

אין'ם גרויסען קארידאר איז אריינגעגאנגען אונזער בעקאנטער, באראן פאן מעדינג ער איז דורכגעגאנגען דעם לאנגען קארידאר און איז האסטיג צוגעגאנגען צום קעניגס קאמערדיענער.

— איז זיינע מאיעסטעט ביי זיך אין קאבינעט? האט ער געפרעגט.

— ניין, ער איז ביי דער קעניגין.

— איז ער דארט אליין?

— דער קראנפרינץ און דיא פרינצעסינען זיינען אויך דארט.

— אלזא, מעלדעט מיך באלד זיינער מאיעסטעט, האט דער באראן געזאגט האסטיג און אונרוהיג.

— פערצייהען זיא, הערר באראן, האט דער אלטער קאמערדיענער געזאגט. האבען מיר ווירקליך א קריעג? איז עס ערנסט?

— עס איז ערנסט, ליעבער מאהלמאן, האט דער באראן געענטפערט. מיר האבען א קריעג. — אבער מעלדעט מיך שנעל. איך האב קיין צייט.

דער קאמערדיענער האט אנגעקלאפט אין דער טהיר און איז אריינגעגאנגען. באלד דארויף האט ער אריינגעפיהרט דעם באראן אין זאל, וואו דער קעניג איז געזעסען מיט זיין פאמיליע.

דער קעניג איז געזעסען אנגעטהאן אין א מונדיר פון א גענעראל. ער איז געווען ערנסט, אבער רוהיג. דיא קעניגין דאגעגען איז געווען זעהר טרויעריג. אויף איהר

שעהנעס געזיכט זיינען פערטריקענט געוועזען דיא טרערין, וועלכע זיא האט היינט פער־נאסען. זיא האט זיך נעגעבען אלע מיה אראפצושלינגען דיא טרערין, וועלכע זיינען אלע מאל צוגעקומען איהר צום האלז און האבען זיא געווארגען. לעבען דער קעניגין איז געזעסען דיא פרינצעסין פריעדעריקא און האט געהאלטען איהר טאשען טוך פאר דיא אויגען. לעבען קעניג איז געזעסען דער קראנפרינץ אין א מונדיר פון א הוזארען אפיציער. ער איז אויך געווען אונרוהיג און האט זיך געביסען דיא נענעל פון דיא פינגער. אויפ'ן טיש זיינען געשטאנען פיינע פארצעלאנענע שאלען מיט טהעע.

דאס איז געווען דאס בילד, וואס האט זיך פארגעשטעלט דעם באראן מעדינג, ווען ער איז אריינגעקומען אין זאל.

— נוטען אבענד, באראן מעדינג! האט דער קעניג, געארג דער פינפטער, געזאגט מיט זיין פריינדליכער שטימע. איהר ברענגט מיר דיא אנטווארט צום פריי־סי'שען קעניג צום אונטערשרייבען.

— יא, מאיעסטעט, איך האב אנגעשריעבען, וואס איהר האט מיר געהייסען.

— ווילסט דוא, מיר זאלען דיך לאזען אליין מיט'ן באראן? האט דיא קעניגין געפרעגט.

— ניין! איהר מעגט דא בלייבען, איהר מעגט אויך הערן, וואס איך ענטפער פרייסען. זעצט אייך, באראן, און לעזט מיר פאר, וואס איהר האט אנגעשריעבען.

דער באראן האט זיך אניעדערגעזעצט און האט איבערגעלעזען, וואס ער האט אנגעשריעבען. אלע האבען איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם.

— גוט, מיין ליעבער מעדינג, האט דער קעניג געזאגט, ווען דער באראן האט געענדיגט. איהר האט מיך פערשטאנען און האט ריכטיג אויסגעדריקט מיינע געדאנ־קען. און דענאך וויל איך אייך בעטען, איהר זאלט עס מיר נאך אמאל פערלאזען. — ענטשולדיגט מיר, וואס איך בעמיה אייך אזוי פיעל. עס איז זעהר א וויכטיגער דאקר מענט. מען מוז איבערלעגען יעדעס ווארט, וואס מען שרייבט.

דער באראן האט איבערגעלעזען נאך א מאל לאנגזאם יעדעס ווארט בעזונדער.

— נו, וואס זאגסט דוא, מיין קעניגין? האט קעניג געארג געפרעגט. האסט עפעס צו בעמערקען געגען מיינע אנטווארט אן פרייסען?

— וואס זאל איך בעמערקען? האט געזאגט דיא קעניגין טרויעריג, עס מוז זיין אזוי, עס קען אנדערש ניט זיין.

— האסט דוא עפעס צו בעמערקען, מיין זוהן?

— ניין, האט דער קראנפרינץ געענטפערט.

— אלזא, גיט מיר דיא פעדער און איך וועל מיך אונטערשרייבען, האט דער קעניג געזאגט.

בארא מעדינג האט גענומען א שרייב־געצייג פון דער קעניגין'ס שרייב־טיש, האט דערלאנגט דעם קעניג דיא פעדער און האט אניעדער געלעגט זיין האנד אויף דעם ארט, וואו ער האט געדארפט אונטערשרייבען זיין נאמען. — מיר האבען שוין פריהער געשריעבען, אז קעניג געארג דער פינפטער איז געווען א בלינדער. — דער

קעניג האט אונטערגעשריעבען מיט א פעסטער, שעהנער האנדשריפט Georg Rex (*.

דער באראן האט גענומען דאס פאפיער, האט עס צונויפגעלעגט און אריינגע־לעגט אין א גרויסען קאָנווערט מיט׳ן קעניג׳ס בלויען זיעגעל.

— מיין ליעבער מעדינג, האט זיך פלוצלונג צו איהם געווענדעט דער קעניג. איך פאהר היינט ארויס צו דער ארמעע. איך וויל, איהר זאלט מיך בעגלייטען אין קריעג. איהר וועט פאהרען מיט׳ן קריעגס מיניסטער, גענעראל בראנדיס.

— צו בעפעהל, מאַיעסטעט! האט דער באראן געענטפערט.

ער איז אויפגעשטאַנען און האט זיך פערנייגט.

— יעצט, ערלויבט מיר, מאַיעסטעט, אוועקצוגעהן. איך וויל נאך היינט איבער־געבען דיעזעס פאפיער דעם פריסישען געזאנדטען.

אין א שטונדע ארום איז קעניג געאָרג מיט זיין סוויטע געשטאַנען אין באהנהאָף פון האנאָווער. דאס איז געווען דאס לעצטע מאל, וואס ער איז געווען אין זיין לאַנד, אין זיין הויפטשטאדט, אין זיין היים.

אין דרויסען פארן באהנהאָף האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מענגע מענשען. אלע איינוואינער פון האנאָווער זיינען געקומען אבשיעד נעהמען פון זייער קעניג. איינינע פון דיא עלטערע קויפלייטע, וויא דער בעריהמטער אידישער קויפמאן, זאנטאג, און דער באנקיר בעקמאן, זיינען געווען זעהר אונרוהיג.

דער קעניג ווארפט אונז אוועק! האבען זיי געשריען אין דער הויך. ער לאָזט איבער זיין רעזידענץ אליין.

מען האט עס געמעלדעט דעם קעניג, וועלכער איז געשטאַנען בערייט אריינצו־געהן אין וואגאָן. ער האט זיך אומגעקעהרט צום פאָלק און האט געזאגט מיט זיין העלער, ריינער שטימע:

— איך זאגע לעבע וואָהל מיינע געטרייע בירגער פון האנאָווער. איך געה מיט מיין ארמעע אין קריעג און פערטרויע אייך דיא קעניגין מיט דיא פרינצעסינען. גאָט איז מיט אונז!

— עס לעבע דער קעניג! אויף וויעדערזעהן! האבען אויסגעשריען טויזענדער מיילער.

שנופפטיכער און היטע האבען געוועהט אין דער לופט. דער קעניג האט נאך אמאל געגריסט און איז אריין אין וואגאָן. איינינע מינוט שפעטער איז דער צוג פער־שוואונדען מיט איהם איז פערשוואונדען דיא קעניגליכע פאמיליע פון האנאווער. קעניג געאָרג איז שוין קיין מאל ניט צוריקגעקומען אין זיין הויפשטאדט.

אבער לאמיר זיך ניט איילען און פאָראויסזאגען, וואס עס איז געשעהן. פיעלע פון מיינע לעזער געדענקען יענע צייט, פיעלע האבען זיך פעראינטערעסירט מיט דעם קריעג. זיי האבען אבער ניט געוואוסט, פון וואס פאר א וויכטיגקייט יענער קריעג איז געווען פאר גאנץ אייראפא און פאר רוסלאנד, וויא מיר וועלען עס שפעטער זעהן אין אונזער ערצעהלונג.

*) דיעזע גאַנצע סצענע האט בעשריעבען דעם קעניג געאָרג׳ס געהיים סעקרעטער. דיא פאַקטען זיינען היסטאָריש וואָהר און ריכטיג.

— — — — — — — — — — — — —

עס איז נאכט דיא שטערן גלענצען, פונקעלן און חינקען צו דיא מענשען, וויא דיא אויגען פון א געליעבטע, אז זיי זאלען אויף זיי קוקען און בעטראכטען דעם ברייטען און טיעפען הימעל, וואו עס הערשט אייביגע רוהע, אייביגע שטילקייט און אייביגע צופריעדענהייט. דיא ניעדעריגע מענשען אבער ווילען דערפון ניט וויסען. זיי ווילען ניט רוהיג לעבען, זיי זוכען דעם קריעג, זיי דורשטען נאך בלוט; זיי בעשאפען זיך אליין נויט און ליידען.

עס איז א שעהנע, הערליכע געגענד ארום דעם דייטשען דערפעל לאנגענזאלצא. קארן און ווייץ וואקסען אויף דיא פעלדער. דיא וועלדער זיינען גרין און דופטען (שמעקען) מיט אלערליי גערוכען פון׳ם ליעבען זומער. אויף דיעזע שעהנע פעלדער אבער געפינען זיך יעצט ניט דיא בויערן, וועלכע האבען זיי געאקערט און פערזעעט מיט׳ן שוויים פון זייער אנגעזיכט. אויף זיי פלאקערן יעצט פייערן און ארום דיא פייערן ליעגען און זיצען סאלדאטען. זיי קאָכען זייער אבענד עסען, רעדען פון׳ם קריעג, לאכען, שפאסען און זינגען. אָפט הערט מען א שטילען זיפץ צווישען דעם געלעכטער און געזאנג. א שטילע טרעהר פאלט אראָפּ אויף דער פייכטער קאלטער ערד. קיינער אבער קוקט זיך ניט אום דארויף. דיא אלטע פרעסערין, דיא ערד, וועלכע פערשלינגט און פערניכטעט אלעס, זויגט איין דיא שטילע טרעהרין. דיא לופט נעהמט אויף דעם זיפץ און טראגט איהם אוועק ערגעץ וויים, וויים — צו דיא אייביגע, שטילע שטערן.

לעבען איינעם פון דיא פייערן זיינען געלעגען אויף א ביסעל פרישעם היי איינגעהילט אין זייערע מאנטלען צוויי יונגע אָפיציערען. אונזער בעקאנטער, דער ליעטענאנט פון וועגדענשטיין און דער מאיאר פאן שטאלצענבערג. אין א קעסעלע אויפ׳ן פייער האט זיך עפּעס געקאָכט. א יונגער סאָלדאט איז געשטאנען לעבען קעסעלע און האט אכטונג געגעבען, ער זאל ניט אויסלויפען.

— איך מיין, אז דער פאנש איז שוין פערטיג, האט דער סאלדאט געזאגט צו דיא אפיציערען.

מאיאר פאן שטאָלצענבערג האט זיך אויפגעהויבען, האט פון ערגעץ ארויסגענומען צוויי בלעכענע בעכער און האט זיי אנגעגאָסען פול מיט פּאָנש.

— שטעה אויף, וועגדענשטיין, מיר האבען א גוטען פּאָנש, לאָמיר טרינקען. איך וויים ניט, וואס מיט מיר איז. איך וויל היינט בעזאנדערס טרינקען עפּעס א שטארקע זאך — זיך בערוישען, זיך אנטרינקען, זיך פערגעסען.

ליעטענאנט וועגדענשטיין איז אויפגעשטאנען און האט זיך געזעצט לעבען זיין פריינד.

— טרינקען איז שטענדיג א גוטע זאך, האט ער געלאכט, בעזאָנדערס ווען מען האט א גוטען וויין און א שטארקען פאנש.

— לאך ניט, וועגדענשטיין, איך וויל היינט בעזאנדערס טרינקען.

— נו, טרינק, וויפיעל דוא ווילסט. איך קען דיר מיין טהייל אויך אוועקגעבען.

— הער נור, וועגדענשטיין, האט פּלוצלונג געזאגט דער מאיאר. גלויבסט דוא, אז דאס הערץ זאגט אונז, אז עס וועט אונז טרעפען אן אונגליק? גלויבסט דוא, אז

דער מענש פיהלט פאָראויס, וואס מיט איהם וועט פאסירען? איך מיין, גלויבסט דוא אין דעם, וואָס דיא דייטשען רופען אהנונגען — דיא רוסען פרעדטשו־וסטוויע — דיא פראנצויזען און דיא ענגלענדער — פרעסענטעמיענט?

— איך וויים עס ניט, האט געענטפערט אונשולדיג דער ליעטענאנט וועגדענשטיין. איך מוז דיר זאגען דיא ווארהייט, איך האב דערפון קיין מאל ניט געדאכט. — עס איז מיר קיין מאל ניט געקומען אויף דיא געדאנקען אזא פראגע. איך קען נור זאגען, אז איך פיהל מיך זעהר גוט. איך בין העכסט צופריעדען מיט'ן קריעג. צו וואס זיינען מיר דען סאָלדאטען? מיר זאלען געהן אויף א פאראד און קלינגען מיט דיא שווערדען איבער דיא טראָטואַרען פון דער שטאדט? — אין קריעג איז עס פרעהליך לעבעדיג און לוסטיג.— איך וויים ניט, איך האב קיינע אהנונג, קיין פאָרגעפיהל. האסט דוא עפּעס געהאט א פאָרגעפיהל?

דער מאיאָר שטאָלצענבערג האט אויסגעטרונקען מיט א מאל א פולען בעכער פונש און האט געזאגט ערנסט און טרויעריג.

— יא.

— עפּעס האָסט דוא מיר ארויסגעזאגט דיין „יא“ מיט אזא זאנדערבארעם שטימע. — טרינק ליעבער פריינד, דאס וועט דיר העלפען. ווען דער מאגען איז פול מיט גוטען ווין אדער מיט שטארקען פאנש, פערגעסט מען אן אלע פארגעפילען און אהנונגען.

— איך וויים ניט, וויא אזוי איך זאל עס דיר בעשרייבען, האט אנגעהויבען צו רעדען דער מאיאר. עס איז קיין טרוים, עס איז קיין געשטאלט, עס איז קיינע פאָר־שטעלונג — איך וויים ניט, וואס דאס איז געוועזן. — ווען איך בין געסטערין אין דער פריה ארויסגעגאנגען זיך אויפזועצען אויף מיין פערד, איז מיר פלוצלונג געוואָרען שרעקליך קאלט. איך האב א שטארקען ציטער געטהאן און בין געבליעבען שטעהן, וויא פערגליווערט. עפּעס האט זיך גערירט אין מיר און א שטימע האט מיר געזאגט: „דוא וועסט ניט צוריק קומען פון דיעזען קריעג“. אין א סעקונדע ארום איז עס פער־שוואונדען און איך בין געקומען צו זיך, גלייך וויא עס וואָלט גאר ניט געשעהן.

— דומהייטען! האט אויסגערופען וועגדענשטיין. — נארישקייטען! — דאס קומט דערפון, וואס דוא האסט פאָרינג נאכט געטרונקען נור וואסער. דיין מאגען האט זיך צוגעקיהלט. דוא מוזט דערפאר היינט טרינקען א דאָפּעלע פּאָרציאָן פאנש. —

— עה, פראנץ! שטעל אויף נאך א מאל דאס קעסעלע. דער דאקטאר האט געהייסען דעם מאיאר אויסטרינקען צעהן גלעזער פאנש.

— איך וואָלט אויך דאס ערשטע מאל מיך ניט אומגעקוקט אויף דיעזען פאל, האט ווייטער געזאגט דער מאיאר טרויעריג. עס האט מיר אבער שוין פאסירט דאס צווייטע מאל. ווען מיר זיינען היינט פארביי געפאהרען פארן קעניג און איך האב פאר איהם אויפגעהויבען מיין שווערד, איז מיר ווידער געוואָרען שרעקליך קאלט. איך בין געבליעבען, וויא פערפראָרען און האב ניט געקענט אראָפּלאָזען דעם שווערד. עפּעס האט זיך ווידער גערירט אין מיר און געזאגט: „דוא וועסט ניט צוריקקומען פון דיעזען קריעג — און דער קעניג וועט אויך ניט צוריקקומען“.

— דוא ביסט וואהנזיניג, שטאָלצענבערג! האט אויסגערופען װענדרענשטיין. איך בעט דיך, דערצעהל עס קיינעם ניט. מען װעט לאכען פון דיר. אלענפאלס, לאָז דעם קעניג צורות. דוא מעגסט זיך זיין וואהנזיניג אויף אייגענער רעכנונג.

— עס הארט מיך ניט דאס שטארבען, האט דער מאיאר ווייטער געזאגט, גלייך וויא ער האט ניט געהערט דיא ווערטער פון זיין פריינד. — שטארבען מוז יעדער פריהער אדער שפּעטער. וואס איז מיר דער אונטערשיעד צו שטארבען אויף א בעט אדער צו שטארבען אויף א פעלד אויפ'ן פרישען, גרינעם גראז. איך האב נור מורא, איך זאל ניט ווערן א קריפּעל (א קאליקע).

— לאָז מיך שוין צורה מיט דיינע נאררישקייטען! האט אויסגעשריען ווענ־דענשטיין. איך וויל מעהר ניט רעדען פון אזעלכע זאכען. לאמיר בעסער רעדען פון פרעהליכערע זאכען. — ווען דוא ווילסט, וועל איך דיר עפּעס דערצעהלען.

דער מאיאָר האט ניט געענטפערט. ער איז געזעסען פערטיעפט אין זיינע פינסטערע געדאנקען.

— ווייסט דוא, שטאָלצענבערג? איך בין פערליעבט, האט ווייטער געזאגט ווענ־דענשטיין.

— צום ערשטען מאל? האט געפרעגט דער מאיאָר, וועלכער האט געוואוסט, אז ווענדענשטיין האט זיך שוין ניט איינמאל פערליעבט און ניט איין מאל פערגעסען זיין געליעבטע.

— דוא לאַכסט פון מיר, פריינד, האט ווענדענשטיין געענטפערט. דאס מאל איז עס גאנץ ערנסט. דאס מאל האב איך מיך ווירקליך פערליעבט. איך ליעבע מיט דער גאנצער קראפט פון מיין זעעלע, מיט מיין גאנצען הערצען.

— דוא האָסט אויסגעקליעבען זעהר א שלעכטע צייט זיך צו פערליעבען. א גוטער סאָלדאט איז א שלעכטער פערליעבטער און א גוטער פערליעבטער איז א שלעכטער סאָלדאט.

— אים געגענטהייל, ווען מען נעהט אין קריעג און מען זעהט פאר זיך יעדע מינוטע דעם טויט אין דיא אויגען, איז גוט צו וויסען, אז אין דער היים װארט אויף דיר איינע און ציטערט צו הערען נאכריכטען פון דיר.

— ניין, פריינד, איך בלייב ביי מיין מיינונג: דיא ליעבע איז א קראנקהייט, בעזאָנדערס ווען מען געהט אין קריעג.

זיי האבען נאך גערעדט א לאנגע צייט צווישען זיך ביז דער פּאָנש און זייער יונגע קרעפטיגע נאטור האט געפאָדערט דאס איהריגע — זיי זיינען אנטשלאפען געוואָרען.

גאָנץ פריה האט דער פויקען שלאג זיי אויפגעוועקט. דיא גאנצע ארמעע, פופצעהן טויזענד מאן שטארק, האט זיך פערזאמעלט אין איין אָרט, אום פאָרביי צו מארשירען פארן קעניג און דאן זיך דורכצושלאגען קיין בייערן אום זיך צו פעראייניגען מיט דער בייערישער ארמעע. דער קעניג איז געריטען אויף א ווייסעס פערד, וועלכעס זיין פליגעל אדיוטאנט האט געפיהרט אויף א גאנץ פיינעם, זיידענעם שנור. דער בלינדער קעניג האט אליין ניט געקענט קירעווען זיין פערד. —

איין רעגימענט נאכ'ן אנדערן זיינען פארבייגעגאנגען פאר איהם, האָבען איהם נעגריסט, האבען געשריעען: הורראַ! עס לעבע דער קעניג! און האָבען זיך אויפגעשטעלט אויף א באַרג הינטער דעם דערפעל לאַנגעזאַלצאָ. פּלוצלונג האבען דיא גענעראַלען און אָפיציערען פון דער סוויטע דערזעהן, וויא פון דער ווייטענס פאהרט א קאַרעטע, בעשפּאנט מיט פיער פערד. דיא פערד זיינען געלאָפען פייל אויסען בויגען, דער קוטשער האט דארויף ניט געקוקט און האט זיי געשלאָגען אונבאַרעמהערציג, גלייך וויא ער וואָלט זיי געוואָלט שלאָגען צום טויט. מען האט עס באַלד געמעלדעט דעם קעניג.

— ווער זאָל עס זיין? האט ער געפרעגט. ווער זאל עס קומען צו אונז יעצט, ווען מיר זיינען יעדע מינוט בערייט צום קריעג?

א גענעראַל פון דער סוויטע האט ארויסגענומען זיין פעלד גלאז (א סאָרט ספּעקטיוו) און האט א קוק געטאהן אויף דער קארעטע.

— איך זעה דיא רוסישע פארבען, האט ער געזאָגט.

— דיא רוסישע פארבען, האט דער קעניג אויסגערופען און זיין געזיכט האָט זיך אויפגעהייטערט. איז דער קייסער אלכסנדר דער צווייטער ענדליך ארויסגעטרעטען מיט זיין מאכט וואָרט און וויל ניט דערלאזען דעם בלוטיגען קריעג? האט ער ענדליך פערשטאנען, אז דיעזער קריעג קען ניט ברענגען קיין גוטעס פאר רוסלאנד? ווען פרייסען זיעגען, וועט פרייסען ווערן שטאַרק און זיין א געפעהרליכער נאכבאַר פאַר רוסלאנד. וועט עסטערייך זיעגען, וועט אויך זיין דאס זעלבע אדער נאָך ערגער. אין עסטערייך האט מען פיינד רוסלאנד. אין עסטערייך קוקט מען אויף דיא ראָמאַנאָווס, וויא אויף האלב ווילדע מענשען.

ער האט געהייסען זיין פליעגעל אדיוטאנט קאמאַנדירען, אז דיא איבעריגע רעגימענטע זאלען געהן זיך אויפשטעלען אויף א בארג פון דער אנדערער זייט שטעדטעל. אונטערדעסען איז דיא קארעטע געקומען אלץ נעהנטער. יעצט האט שוין יעדער געזעהן, אז אויף דער קאַרעטע איז אויפגעהאנגען א פלאג מיט דיא רוסישע פאַרבען. באלד איז אויך דיא קארעטע געבליעבען שטעהן. איין פערד איז געפאלען און קרעפּירט אויפ'ן אָרט. פון דער קארעטע איז קוים ארויסגעקראָכען אן אלטער מאן מיט גרויע האָר אין א מונדיר פון א רוסישען גענעראַל.

— וואו איז דער קעניג? האט ער געפרעגט מיט א שוואכער שטימע.

קעניג געאָרג האט ניט געוואָלט אויפנעהמען דעם רוסישען געזאנדטען אויפ'ן פרייען פעלד. מעגליך, אז ער האט איהם וואס צו זאגען אין געהיים. ער איז דאהער צוגעפאָהרען צו זיין קווארטיר, ביים פּאסטאָר פון'ם דאָרף און דאָרט האט ער אויף איהם געווארט.

— דער קעניג ערווארטעט זיי אין זיין קווארטיר, האט דעם קעניגס פליעגעל אדיוטאנט געענטפערט. קומט, איך וועל אייך פיהרען צו איהם.

— ווער איז דער? האבען געפרעגט דיא גענעראַלען פון דער סוויטע איינער דעם אנדערן.

— דאס איז גענעראל קראשעווסקי, דעם רוסישען קייסערס רעכטע האנד.

אַלעקסאַנדער דער צווייטער טהוט ניט קיין זאַך אָהן איהם פריהער צו פרעגען. ער האָט געווים געבּראַכט וויכטיגע נייעס.

דיא לומפּעריי פון דער רוסישער פּאָליטיק אדער דיפּלאָמאַטיע, וואָס קומט אַרויס פון קייזערליכען הויף, איז שוין לאַנג בּעקאַנט פאַר דער וועלט.

יעדעס לאַנד, וויא בּעקאַנט, האָט זיינע דיפּלאָמאַטען, וואָס אַרבּייטען פאַר דיא אינטערעסען פון זייער רעגיערונגען. אַ דיפּלאָמאַט איז אַמאָל אַליין ניט קיין אמת־זאָגער, און אַמאָל רעפּרעזענטירט ער אַליגען אין נאָמען פון זיין לאַנד.

דאָך מוז מען מודה זיין, אַז קיין מדינה איז אַזוי אונפערשעהמט וויא רוסלאַנד.

רוסלאַנד שיקט אָפּט אַרויס דיפּלאָמאַטען אין פרעמדע הויפען, איינפאַך מיט דער אַבזיכט צו זיין שפּיאָנען. מען ווייסט דאָס, און וויל רוסלאַנד האָט אַמאָל געשפּיעלט דיא ראָלע אַלס דער מעכטיגער בער פון איירָאָפּאַ, האָט מען זיך פאַר איהר געשראָקען און ניט געוואַגט אויפצוטרעטען געגען איהר געמיינעם שפּיאָנען סיסטעם.

אָבער אויסער דער שפּיאָנסטווע, שפּיעלען איהרע געזאַנדטע איין אַב־שייליכע ראָלע פון פּוסטע שמייכלער, אָהן אַ שום צוועק און אָהן אַ פּראַק־טישען ציעל.

גענעראַל קראַשעווסקי׳ס אַנקונפט, אין הויף פון דעם אונגליקליכען קעניג, איז געווען, אויסדריקליך, ניט מעהר וויא אַ פאָרמע, אַ שטיק עטיקעטע, אָהן אַ מאַטעריעלען ווערטה.

עס איז געווען אוננעפעהר, וויא אַ דאָקטאָר זאָל אַריינגעהן צו אַ חולה. וועלכער האַלט בּיים שטאַרבּען, און אָבוואָהל דער דאָקטאָר קען ראַטעווען דעם שטאַרבּענדען, זאָל ער פון דעסטוועגען זאָגען, אַז ער איז איהם געקו־מען בּלויז מבקר חולה זיין, אָבער קיין מעדיצין קען ער איהם ניט פערשרייבּען.

אָט דאָס האָט בּעדייטעט גענעראַל קראַשעווסקי׳ס שליחות אין הויף פון דעם קעניג, וועמעס קעניגרייך האָט געהאַלטען בּיים צושמעטערט ווערען און אונטערגעהן.

צו וואָס האָט איהם אַלעקסאַנדער געשיקט? וואָס זאָל ער דורכפיהרען? דער ענטפער איז: גאָר נים!

בּלויז מבקר חולה זיין, שטעהן דערבּיי וויא דער חולה גוסס׳ט, בּיוואָה־נען יציאת נשמה, און מעהר גאָר ניט טאָהן.

גענעראַל קראַשעווסקי איז קוים נאָכגעגאַנגען נאָכ׳ן קעניגס פליגעל־אַדיוטאַנט ער איז געווען מיעד, און צובּראָכען. שוין זייט פינף טאָג אַז ער איז ניט געשלאָפען

אין קיין בעט. ער איז ארויסגעפאהרען פון פעטערבורג קיין בערלין מיט דעם באהן. אין בערלין האט ער פערווײלט א גאנץ קורצע צייט און האט איבערגעגעבען דעם קעניג ווילהעלם א בריעף אייגענהענדיג געשריעבען פון אלכסנדר II. פון בערלין האט ער ווידער געוואָלט פאהרען מיט דער באהן קיין האנאווער צום קעניג געארג. עס זיינען אבער דאמאלס קיין פאסאזשיר ציגע ניט געגאנגען. אלע וואגאנעס זיינען געוועזען פער־נומען מיט מיליטער. ער האט געמוזט דינגען א קארעטע און פאהרען. ווארטען האט מען ניט געקענט. יעדע מינוט איז געווען טהייער. ווען ער איז אנגעקומען קיין האנא־ווער, איז ער געוואהר געוואָרען, אז דער קעניג איז ארויסגעפאהרען מיט דער ארמעע. ער איז איהם נאכגעפאהרען ביז ער האט איהם געטראָפען אין דערפעל לאנגענזאלצא.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא גענעראל קראשעווסקי איז געווען מיעד. פינף טאג נאכאנאנד איז ער געזעסען ענטוועדער אין וואגאָן פון אייזענבאהן אדער אין קא־רעטע, ווען דיא פערד זיינען געפלויגען פייל אויס׳ן בויגען. ער האט געזאגט דעם קוט־שער, אז ער בעצאהלט איהם פאר זיינע פערד, ווען זיי וועלען קרעפירען.

דער פליגעל אדיוטאנט האט איהם אריינגעפיהרט צום קעניג אין פארצימער און איז געגאנגען איהם מעלדען. גענעראל קראשעווסקי איז אניעדערגעפאלען אויפ׳ן דיוואן, וועלכער איז דארט געשטאנען. ער איז געווען אין גאנצען ערשעפּט און האָט זיך ניט געקענט ריהרען. ווען דער פליגעל אדיוטאנט איז ארויסגעקומען און האט איהם געזאגט, אז דער קעניג ערווארטעט איהם, האט זיך קראשעווסקי ניט געקענט אויפ־הייבען פון׳ם ארט. דער קעניג האט דערהערט און איז ארויסגעקומען אין פאָרצימער.

— וואס איז מיט אייך, גענעראל? האט ער געפרעגט אונרוהיג.

— עס איז גאר נישט, מאיעסטעט, האט גענעראל קראשעווסקי געענטפערט. איך בין זעהר מיעד פון דער רייזע. עס וועט באלד פאראיבערגעהן.

— ברענג א גלאז וויין, האט דער קעניג געזאגט צו זיין אדיוטאנט.

מען האט געבראכט א גלאָז וויין. גענעראל קראשעווסקי האט זיא אויסגעטרונ־קען מיט אמאל און האט זיך געפיהלט עטוואס געקרעפטיגט. ער האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון׳ם דיוואן און האט געזאגט:

— איך שטעה צו בעפעהל, קעניגליכע מאיעסטעט.

דער קעניג האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין קאבינעט, א קליין צימעריל, וואו עס איז געשטאנען דעם פאסטאָר׳ס שרייב־טיש. גענעראל קראשעווסקי איז געשטאנען, וויא ער איז עס געוואינט געווען אין ווינטער פאלאץ אין פעטערבורג.

— זעצט אייך, גענעראל, האט דער קעניג געזאגט פריינדליך, און זאגט מיר, מיט וואס האט אייך געשיקט מיין ברודער, דער קייסער אלכסנדר II פון רוסלאנד.

(צווישען קיסריים און קעניגע איז איינגעפיהרט, אז איינער דעם אנדערן רופט ברודער. זאגאר ווען איינער שרייבט דעם אנדערן א בריעף, שרייבט ער איהם אויך: צו מיין ברודער אזוי און אזוי).

— מיין גנעדיגער הערר און קייסער בעט אייער קעניגליכע מאיעסטעט זיך אנצושליעסען צו פרייסען, האט געזאגט גענעראל קראשעווסקי. מיין גנעדיגער הערר

און קייסער קען ניט פערגעסען דיא צייט, ווען ער און אייער קעניגליכע מאיעסטעט האבען זיך געשפּיעלט צו זאמען אלס קינדער אין הויף פון דער ענגלישער קעניגין וויקטאריא. ער האט מורא פאר דיא טרויעריגע פאלגען פון דיזען קריעג.

— איך דאנק מיין ברודער, דעם קייסער אלכסנדר, פאר זיין פריינדליכקייט, האט געזאגט דער קעניג טרויעריג. לײדער, איז עס שוין צו שפּעט.

— מיין גאט! האט אויסגערופען גענעראל קראשעווסקי און איז צוריקגעפאלען אויף זיין שטוהל. איך בין דאך געקומען צו שפּעט! איך האב מיך אזוי אנגעשטרענגט, איך האב ניט געגעסען, האב ניט געשלאפען און בין דאך געקומען צו שפּעט! —

ער האט ווייטער ניט געקענט רעדען. ער איז געווען אזוי מיעד און אזוי אויפ־גערעגט, אז ער איז ווידער געבליעבען ליעגען אויסער זיך. דער בלינדער קעניג האט עס בעמערקט. ער האט געפיהלט, אז דער גענעראל איז שטארק מיעד.

— מיין ליעבער גענעראל קראשעווסקי, האט ער איהם געזאגט. איך זעה, אז איהר זייט יעצט זעהר מיעד. איהר מוזט זיך אויסרוהען א פּאָר שטונדען. ווען איהר וועט זיך פיהלען בעסער, וועלען מיר רעדען.

ער האט געעפענט דיא טהיר און האט א ווינק געגעבען צו זיין פליגעל־אדיוטאנט.

— ליעבער פלאטען, זארגט, אז דער גענעראל זאל זיך אויסרוהען א פּאָר שטונ־דען. ווען ער וועט זיך פיהלען בעסער, זאלט איהר איהם ברענגען צו מיר.

— איך דאנקע, איך דאנקע, האט קראשעווסקי געזאגט, איך מוז מיך ווירקליך אביסעל אויסרוהען.

דער פליגעל־אדיוטאנט האט איהם אוועקגעפיהרט אויף זיין קוואַרטיר און האט איהם געבעטען, ער זאל זיך לעגען אויף זיין פעלד־בעט.

קעניג געאָרג איז געבליעבען אליין אין זיין צימער. ער איז געזעסען איינינע מינוט פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, דאן האט ער געזאגט צו זיך אליין.

— איך האב עס געוואוסט, איך האב עס ערוואַרטעט פון קייסער אלכסנדר. טרייבען אן אלטען מאן, יאגען איהם וויא א פערד און מיט וואס? — מיט א גוטען ראטה. הילף דארף איך, אבער ניט קיין ראטה! רוסלאנד האט געקענט זיך שטעלען פעסט און זאגען: מען דארף ניט קיין קריעג! מען וואלט איהם געמוזט פאלגען. דאס ווארט פון א העררישער פון מעהר אלס הונדערט מיליאָן מענשען מוז האבען א ווערטה, מוז האבען א מאכט. קייסער אלכסנדר קען ניט זיין מאכט, ער וויים ניט זיין ווערטה.

ער האט געטראכט איינינע מינוט און האט א לאך געטהאן מיט א טרויעריגען, בימערן געלעכטער.

— ער גיט מיר א גוטען ראטה! ניט אומזיסט האבען דיא דייטשען א שפּריכ־וואָרט: „מיט גוטע אבזיכטען איז העללע אויסגעפּלאסטערט". וויא לייכט איז עס צו זאגען דעם, וואס טרענקט זיך: האלט זיך פעסט! חאפּ זיך אן אן א קלאָץ! — ניין! איך וועל קעמפּפען מיט פרייסען און וועל זיעגען אדער אונטערגעהן!

אין דערזעלבער צייט, וואס גענעראל קראשעווסקי איז געווען ביים קעניג, זיינען איינינע גענעראלען פון׳ם קעניגס סוויטע געשטאנען אין דרויסען און האבען גערעדט צווישען זיך.

— וואס וויל דער רוסע? האט געזאגט איינער. וואס איז ער געקומען? ווער האט איהם געבעטען?

— מעגליך, אז ער ברענגט אונז דען פריעדען, האט אנאנדערער געענטפערט. רוסלאנד איז א מאכט. פאר רוסלאנד האט מען מורא. מעגליך, אז רוסלאנד האט זיך געשטעלט און געצוואונגען פרייסען מיט עסטערייך, זיי זאלען שליעסען פריעדען.

— דאס גלויב איך נים. דער קייסער אלכסנדר II איז ניט דער ענערגישער מענש, וועלכער זאל בעפעהלען אין אייראפא.

— — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געוועזן דער 27טע יוני. דיא זון איז אויפגעגאנגען קלאר און העל און האט בעלייכטעט א שעהנע, בליעהענדע געגענד. רוהע און פריעדען האט דאכט זיך, געהערשט ארום און ארום. קיינער וואלט נים געגלויבט, אז גענען אבענד וועלען דיעזע טהאלען זיין בעדעקט מיט טוידטע און פערוואונדעטע, פון דיעזע בערגלעך וועט פליעסען בלוט און דיעזע שעהנע, בליהענדע פעלדער וועלען זיין צוטרעטען און פערוויסטעט פון דיא פערד און פון דיא קאנאנען.

דער קעניג איז נאך געשלאפען. ער האט געארבייט מיט זיינע גענעראלען ביז פינף אוהר פארטאג. אונטער א גרויסען בוים זיינען געשטאנען אייניגע גענעראלען און אפיציערען און האבען געפריהשטיקט. א יונגער אפיציער איז אריינגעקראכען צו א בויער אין שפייכער און האט ביי איהם ארויסגענבעט וואורשט און שינקען. ער האט געבראכט זיין גניבה אין לאגער און האט אלעמען געטהיילט. אלע האבען געגעסען מיט אפעטים. נאכ׳ן עסען האט מען געדארפט מיט עפעס פערטרינקען. עס איז אבער נים געוועזן וואס. גענעראל אינגעלהיים האט ארויסגענומען א קעסעל פון דער פאסטארין׳ס קיך און האט זיך געשטעלט קאכען טהעע.

— וואס טויג אייך דאס וואסער? האט געפרעגט גענעראל בראנדים. שטעלט אייך פאר, וויא אונאנגענעהם עס איז, ווען עס קומט אריין וואסער אין דיא שיך, וויא פיעל אונאנגענעהמער איז שוין, ווען עס קומט אריין וואסער אין מאגען?

— געוויס, האט זיך אנגערופען א יונגער אפיציער. וויא קומט וואסער צו א סאלדאט? מיר דארפען געהן אין פייער און מיר מוזען טרינקען עפעס פייעריגעס.

בום! בום! האט מען געהערט אין דיעזע מינוט. אלע זיינען געבליעבען שטיל. אייניגע זיינען געווארען בלייך, וויא קאלך.

— עס האט זיך אנגעהויבען, האט געזאגט גענעראל בראנדים. מען מוז אויפוועקען דעם קעניג!

דיא שטילע, רוהיגע געגענד האט זיך אין איין מינוט אין גאנצען פערענדערט. פון אלע זייטען האט מען געהערט פויקען, פייפען און טרומייטערן. העכער אבער פון אלעמען האבען געדאנערט דיא קאנאנען. — דיא שלאכט האט זיך אנגעהויבען. ערגעץ גאנץ וויים זיינען זיך צונויפגעקומען פריסישע רעגימענטער מיט האנאווערישע און האבען אנגעהויבען זיך צו שלאגען.

אין דיעזע מינוט איז דער קעניג ארויס פון׳ם פאסטאר׳ס הויז. אלע זיינען צו געגאנגען צו איהם.

— מאיעסטעט, האט געזאגט דער אלטער גענעראל בראנדים, איך הער מיט פערגניגען דיא שטארקע שטימע פון דיא אייזערנע מיילער. איך דערמאן מיך אן דיא אלטע צייטען, ווען מיר האבען געזיעגט דורך דיעזע הויכע שטימען.

— איך הער דיעזע ערנסטע שטימען צום ערשטען מאל, האט דער קעניג גע־ענטפערט, און דאך פיהל איך, אז זיי פליסען מיר איין מוטה. גאט איז מיט אונז!

באלד האט מען געבראכט דיא פערד. דער קעניג מיט זיין סוויטע האבען זיך געזעצט אויף זייערע פערד און זיינען געפאהרען זעהן, וואו דוא שלאכט האט זיך אנ־געהויבען. זיי זיינען אוועקגעפאהרען נור איינינע שריטע, ווען דער קראָנפרינץ איז אנגעלאפען.

— פאפא, האט ער געזאגט, איך האב דיר געבראכט א פריש אבגעזאנטענעס איי.

דער אלטער גענעראל בראנדים האט אפגעשעלט דאס איי און האט עס דער־לאנגט דעם קעניג.

— נעהמען זיא עס, מאיעסטעט, האט ער געזאגט. אין אזא טאג קען מען ניט וויסען, אויב מיר וועלען נאך עפעס עסען.

דער קעניג האט שנעל אויפגעגעסען דאס איי פאהרענדיג.

אימער העכער האבען געדאנערט דיא קאנאנען, אימער שטארקער האבען גע־פלאצט דיא גראנאטען.

— לאזט מיך רייטען פאראויס, האט געבעטען דער בלינדער קעניג, לאזען מיך מיינע סאלדאטען זעהן. לאזען זיי וויסען, אז איך טהייל דיא געפאהר גלייך מיט זיי.

דער ארט, אויף וועלכען זיי זיינען יעצט געשטאנען, איז מיט יעדער מינוט געווארען געפעהרליכער.

הוש! הו—ש! האט עס געזשעט אין דער לופט און א גראנאטע האט געפלאצט איינינע שריט פונ׳ם קעניג. גענעראל בראנדים האט געגעבען א ווינק, אז מען זאל אוועקפאהרען פון דארט.

— וואוהין רייטען מיר? האט דער קעניג געפרעגט. איך וויל שטעהן לעבען מיינע סאלדאטען. איך וויל טהיילען זייערע געפאהרען. — אך! איך זאל אליין קענען זיך שטעלען אן זייער שפיצע און זיי פיהרען אין קאמפף צום זיעג!

— מאיעסטעט, האט געזאגט דער אלטער גענעראל. דיא שלאכט האט זיך געווענדעט אין אנאנדער זייט און איך מיין, אז עס איז גלייכער, מיר זאלען זיך שטעלען דארט אויפ׳ן בערגעל, וועלען אייך דיא סאלדאטען בעסער קענען זעהן.

— איז עס געוויס? האט דער קעניג געפרעגט.

— עס איז געוויס, אז אייער מאיעסטעט וועט דארט בעסער שטעהן, אלס דא, האט דער אלטער גענעראל געענטפערט.

זיי זיינען צוגעפאהרען אויפ׳ן בערגעל און האבען זיך אניעדערגעשטעלט. פון דארט האט מען דייטליך געזעהן, וויא דיא פרייסען שטעלען אויף א באטעריע פון דער אנדערער זייט. אין טהאל האט געפלאסען א קליין טייכעל. דיא פרייסען זיינען געשטאנען פון אנדערן זייט טייך און האבען אויפגעשטעלט זייערע קאנאנען אום צו שיעסען אויף דעם בערגעל, וואו דער קעניג איז געשטאנען. זיי האבען בעמערקט, אז

דארט געפינט זיך דיא הויפט קווארטיר פון'ם קעניג געארג און האבען געוואלט ציעלען גלייך אין הויפט קווארטיר.

ניט ווייט פון'ם בערגעל, וואו דער קעניג איז געשטאנען מיט זיין סוויטע, איז געשטאנען א רעגימענט קיראסירען. בעראן פאן שטאלצענבערג האט עס קאמאנדירט און דער יונגער וועגדענשטיין איז געווען זיין ליעטענאנט. זיי האבען נאך ניט ערהאל-טען קיין בעפעהל ארויסצוטרעטען.ביידע אפיציערען זיינען געשטאנען לעבען זייערע פערד מיט ספעקטיוווען אין דיא הענד און האבען בעטראכט דאס שלאכט-פעלד.

— קוק נור אהין, שטאלצענבערג. מיר דאכט, אז דאס זיינען פרייסען. זיי שטעלען אויף זייערע קאנאנען. זיי ווילען אויף אונז שיעסען. זאלען מיר עס דערלאזען?

— איך האב נאך קיין בעפעהל צו מארשירען, האט דער מאיאר געענטפערט.

— דארפען מיר דען ווארטען אויף א בעפעהל, ווען מיר זעהן דעם פיינד אנקומען? האט זיך געהיצט דער יונגער וועגדענשטיין.

דיא פרייסען האבען רוהיג געארבייט און האבען זיך גאנץ בעקוועם אויפגע-שטעלט זייערע קאנאנען. ענדליך, האט וועגדענשטיין ניט געקענט אויסהאלטען. ער איז געלאפען צום גענעראל און האט עס איהם געמעלדעט. דער גענעראל אבער איז געווען בעשעפטיגט אין אנאנדער זייט און האט איהם גאר ניט געענטפערט. וועגדענשטיין איז געווען אויסער זיך.

— איך האלט עס ניט אויס! האט ער געשריען און האט געשווימט פאר פערדרוס. קום, לאמיר געהן! לאמיר ווייזען דיא פרייסען, אז מיר זיינען סאלדאטען!

שטאלצענבערג האט עס ענדליך אויך ניט געקענט אויסהאלטען.

— פראנט געגען פיינד! האט ער קאמאנדירט.

אין א מינוט זיינען זיינע קיראסירען געזעסען אויף זייערע פערד. וויא א שטורם-ווינד זיינען זיי אראפגעלאפען פון בערגעל. זיי איז נאכגעלאפען א רעגימענט גרענאדירען. ביים טייכעל זיינען זיי געבליעבען שטעהן. דיא פערד האבען זיך געגעבען צוריק, זיי האבען זיך דערשראקען פארן וואסער.

— פארווערטס! האט קאמאנדירט שטאלצענבערג.

— פארווערטס! האט אויסגערופען דער קאמאנדיר פון דיא גרענאדירען.

יעדער האט געגעבען זיין פערד דיא שפארען. באלד זיינען זיי אריבערגעריטען דאס קליינע טייכעל. וועגדענשטיין איז געריטען לעבען זיין קאמעראד. פלוצלונג האט שטאלצענבערג אויפגעהאלטען זיין פערד.

— מיין פארגעפיהל! מיינע אהנונג! האט ער קוים ארויסגעקייכט. לעבט וואהל, מיין פריינד!

יעצט איז אבער קיין צייט ניט געווען צו רעדען. דיא פרייסען האבען ניט גע-שוויגען. זיי האבען בעגעגענט זייערע פיינד און האבען זיי טראקטירט מיט הייס געבראטענע קוגעלן. אבער אלץ ווייטער און ווייטער זיינען געלאפען דיא קיראסירען, ביז זיא זיינען צוגעקומען צו דער פרייסישער באטעריע. דא האט זיך אנגעהויבען א בלוטיגע, שרעקליכע שלאכט. עס איז געווארען פינסטער פון'ם רויך פון פולווער. איינער האט דעם אנדערן ניט געזעהן. מען האט געשאסען און געשטאכען, וואו מען

האט געטראפען. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס ער טהוט. יעדער האָט געהאט נור איין געדאנק אפצונעהמען דיא באַטערעע. דרייא מאל זיינען דיא קיראַסירען ארויפגעריטען אויפ'ן בערגעל, וואו דיא פרייסישע קאנאנען זיינען געשטאנען און דריי מאל האבען זיי דיא פרייסען צוריק געטריעבען. דער מאַיאָר פאָן שטאָלצענבערג האָט זיך שוין געהאַט אנגעחאַפּט אן דיא רעדער פון א קאנאנע. א פרייסישער סאָלדאַט האט איהם ארייגעשטאָכען זיין שווערד אין בויך. ער איז געבליעבען ליעגען טויט. מיט זיינע פערגליווערטע הענד האט ער נאך געהאלטען ארומגענומען דעם ראָד פון דער קאנאנע.

הויפענסוויים זיינען געלעגען טויטע און פערוואונדעטע אויפ'ן בערגעל און ארום איהם. דיא טויטע פערד זיינען געלעגען צוזאמען מיט דיא טויטע מענשען. זייער בלוט האט זיך אויסגעמישט מיט'ן שטויב און עס איז געווארען דערפון א שרעקליכע שוידער־האפטע רויטע קאשא. דיא טויטע האבען זיך נאך געוואָרפען, דיא פערוואונדעטע האבען געקרעכצט, דיא לעבעדיגע האבען געשריען, געליארמט, געשאָסען און געשטאָכען.

פוּן'ם בערגעל, וואו דער קעניג איז געשטאנען, האט מען געזעהן אלעס, וואָס איז פאָרגעקומען פון דער אנדערער זייט טייכעל. דער קעניג, וועלכען מען האָט אלעס געמעלדעט, האט געהייסען שיקען אהין א רעגימענט פון זיין גוואַרדיע. ווען זיי זיינען אנגעקומען, האט מען געזעהן, וויא א ווייסע טוך האט זיך אויפגעהויבען אויף דער באטעריעע. גענעראל בראנדיס, וועלכער האט ניט אָפגעטרעטען פוּן'ם קעניג, האָט עס בעמערקט און האָט געהייסען געבען אַ סיגנאַל, אז מען זאָל אויפהערען צו שיעסען.

דאס שיעסען האט אויפגעהערט. דער ווינד האט צוטריעבען דעם רויך און דעם דאמפף. א רייטער איז געקומען צולויפען פוּן'ס בערגעל, וואו דער קעניג איז געשטא־נען, און איז צוגעריטען צו דער איינגענומענער באַטערעע.

— איך קאַפּיטולירע (איך גיב מיך אונטער) האט געזאגט א פרייסישער אפי־ציער, דער איינציגער אפיציער, וועלכער איז געבליעבען לעבען פון אלע אפיציערען פון דער באַטערעע.

זיין מונדיר איז געוועזען צוריסען, זיין געזיכט און זיינע הענד זיינען געוועזען שוואַרץ, וויא קויל פון פולווער דאַמפף. פון דער רעכטער האנד האט געגאסען דאס בלוט פון איינער שרעקליכען וואונד. אין דער לינקער האנד האט ער געהאלטען א ווייסען טאַשענטוך.

— גיט מיר אייער שווערד און הייסט אייערע סאלדאטען אניעדערלעגען זייערע ביקסען, האט געזאגט דער האנאווערישער אפיציער.

מיט ציטערענדער האנד האט ער אפגעשפיעלעט זיין שווערד און האט עס דערלאנגט דעם זיעגער.

— לעגט אוועק אייער געוועהר, האט ער געזאגט מיט א הייזעריגער שטימע צו עטליכע סאלדאטען, וועלכע זיינען געשטאנען לעבען איהם.

דיא סאלדאטען האבען אוועקגעוואָרפען זייער געוועהר אין שמוץ, קויט און בלוט אויף דער ערד. דיא האנאווערישע סאָלדאַטען האבען זיי ארומגערינגעלט, האבען

ארויסגענומען זייערע בלעכענע פלעשער מיט שנאפּס און האבען זיך געטהיילט מיט זיי ברידערליך.

באלד האט זיך געהערט דער סיגנאל, אז מען זאָל זיך ווידער פערזאמלען אין דיא רעגימענטער. אלע האבען זיך אויסגעשטעלט. ערשט דאמאלס האט מען דערזעהן, אז אין גאנצען רעגימענט קיראסירען איז ניט געבליעבען ניט איין אפיציער. דער אפיציער, וואס איז אנגעקומען פון דער הויפט קווארטיר, האט גענומען איבערנעהמען דאס קאמאנדא איבער דיעזען רעגיעמענט. ער האט אויך באלד קאָמאַנדירט:

— מארש! צוריק אויפן בערגעל, וואו זיי זיינען געשטאַנען.

אין דיעזע מינוט איז ארויסגעטרעטען פון דער רייהע א יונגער סאָלדאט און איז צוגעגאנגען צום קאָמאַנדיר.

— העררר אבערסטליעטענאנט, האט ער איהם געזאָגט, קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו זיינען אונזערע אפיציערען?

— דארט, לעבען דיא קאנאנען, ליעגען זיי אלע טויט, האט דער נייער קאָמאַנ־דיר געענטפערט טרויעריג.

— איז דער ליעטענאנט פאן װענדענשטיין אויך טויט? האט דער סאָלדאט געפרעגט אונרוהיג.

— איך זעה איהם ניט צווישען דיא לעבעדיגע, האט דער קאָמאַנדיר געענטפערט.

— העררר אבערסטליעטענאנט, האט דער סאלדאט געבעטען, איך בין אויך פערוואונדעט, צוואר זעהר לייכט, אבער איך בין דאך פערוואונדעט — ער האט איהם געוויעזען א שניט פון א שווערד אין דער פּלייצע — קענט איהר מיר ניט ערלויבען איינינע פרייע שטונדען?

דער אפיציער האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט פערשטאַנען, וואס ער וויל.

— העררר אבערסטליעטענאנט, האט געזאגט דער סאלדאט מיט טרערין אין דיא אויגען. איך בין אויפגעוואקסען געווארען מיט'ן ליעטענאנט װענדענשטיין צוזאמען. מיר האבען זיך געשפּיעלט צוזאמען אלס קינדער. ווען איך בין געגאנגען אין קריעג, איז געקומען צו מיר זיין אלטע מוטער און האט געוויינט און געבעטען, איך זאָל אכטונג געבען אויף איהר זוהן. איך האב עס איהר פערשפּראָכען. — קען איך איהם יעצט לאזען ליעגען דארט? קען איך עס דערלאזען, אז מען זאָל זאגען: פראנץ דייעק האָט זיין ווארט ניט געהאלטען?

דער אפיציער איז געוועזן גערירט.

— איך גיב דיר היינט דעם גאנצען טאג ביז מארגען פריי, האט ער איהם גע־זאגט פריינדליך. קום אבער צוריק, ווען דיין ליעטענאנט וועט דיך מעהר ניט דארפען.

— איך דאנקע, איך דאנקע! האט געזאגט דער יונגער סאלדאט און האט געהאלטען דיא האנד ביים הוט.

דיא פויקען האבען אנגעהויבען צו קלאפּען, דאס רעגיעמענט האט זיך געריהרט. אין איינינע מינוטען ארום איז אויף דיעזען ארט פון טויט, בלוט און שרעקען געבלי־בען נור איין מענש — פראנץ דייעק. ער איז אראָפּגעגאנגען פון זיין פערד, האט עס

אנגענומען ביי דיא צינעל און איז צונעקומען צום בערגעל, וואו עס זיינען נאך געלעגען אנגעווארפען הויפענסווייס אין שרעקליכער אונארדנונג טויטע, שטארבענדע, אנאנ־ דערנדע און פערוואונדעטע.

דאס בילד איז געוועזן א שרעקליכעס, שוידערהאפטעס. דארט האט זיך אויפ־ געהויבען א האנד, האט א ציטער געטאהן און איז באלד צוריקגעפאלען. דא האט געציטערט א פוס פון אונטער דעם טויטען קערפער פון א פערד. דארט איז געליגען א בלייבעס געזיכט, דיא אויגען פערגלעזערט, און האט דאכט זיך, געקוקט צום העלען, בלויען הימעל. דארט איז געלעגען איינער און זיינע קאלטע, פערשטארטשעטע, פער־ גליווערטע הענד האבען געהאלטען פעסט דיא ביקס, גלייך וויא האנד און ביקס זיינען צונויפגעוואקסען. דארט האט מען געהערט א שוואכען קרעכץ: וואסער! און דארט האט איינער געשריען: פייער!

פראנץ דייעק האט א ציטער געטאהן. דאס בלוט אין זיינע אדערן איז פער־ קיהלט געווארען. ער האט ניט געקענט ווייטער געהן. ער האט גענומען זיין פעלד פלאש, האט אויסגעטרונקען דיא העלפט און געקרעפטיגט דורך דיעזען טרונק, איז ער צוגעגאנגען צום בערגעל, וואו עס איז געלעגען דער גרעסטער הויפען טויטע.

— עס זיינען געוויס נאך דא פיעלע, וועלכע לעבען נאך, וועלכע מען קען נאך רעטען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. פאר וואס זאל מען זיי אזוי איבערלאזען? — וואס זאל איך טאהן? קען איך דען אלעמען העלפען? — איך מוז דאך עפעס טהאן!

ער האט אויפגעהויבען פון דער ערד צווייא קיווערס, איז צוגעלאפען צום טייך, האט אנגעשעפט אין זיי וואסער און איז ארומגעגאנגען אויפ'ן שלאכט פעלד. וואו ער האט געהערט א קרעכץ, דארט איז ער צוגעקומען מיט זיינע קיווערס מיט וואסער.

ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו דער באטערעע. יעצט האט זיך אנגעהויבען א שווערע ארבייט — צונעהמען דעם הויפען טויטע. איין טויטען קערפער נאכ'ן אנדערן האט ער אוועקגעקייקעלט פונ'ם הויפען, ביז ער איז צוגעקומען צו איינעם.

— דער מאיאר שטאלצענבערג! האט ער אויסגערופען. — ער איז טויט. איך קען איהם גאר ניט העלפען.

ער האט אוועקגעקייקעלט דעם טויטען קערפער פונ'ם מאיאר מיט שוידערן. דער גאנצער בויך איז איהם געווען אויפגעשניטען און דיא געדערים זיינען ארויס. ווי־ טער און ווייטער האט ער געזוכט צווישען דיא טויטע.

— הא! אט איז ער! איך האב איהם!

ליעטענאנט פאן וואנדענשטיין איז געלעגען אונטער א פרייסישען אולאנער. אין דער רעכטער האנד האט ער געהאלטען זיין שווערד, זיינע אויגען זיינען געווען אפען און האבען געקוקט גלייך צום הימעל.

— ער איז טויט! מיין גוטער אלטער פריינד איז ווירקליך טויט! — איך דארף איהם אבער ניט לאזען דא. איך דארף ניט דערלאזען, ער זאל ליעגען אין איין גרוב מיט אלעמען צוזאמען. לאזען זיינע עלטערן וועניגסטענס וויסען, וואו ער איז בעגראבען.

ער האט זיך איינגעבויגען איבערן קערפער פון זיין טויטען פריינד און האט איהם אנגעהויבען צו בעטראכטען.

— וואו איז ער פערוואונדעט? האט ער ווייטער געזאגט צו זיך אליין. דער קאפ איז גאנץ. — אה! דא אין דער ברוסט! ער האלט נאך דיא האנד אויף דער ברוסט.

ער האט איהם אנגענומען ביים קאפ, ער זאל איהם ארויסשלעפען פון דיא איבעריגע טויטע.

— גרויסער גאט! האט ער אויסגערופען. ער לעבט נאך! ער איז נאך ווארם!

ער האט אויפגעהויבען זיין קאפ און האט איהם אניעדער געלעגט אויפ'ן טויטען קערפער פון'ם פרייסישען סאלדאט. דיא אויגען פון'ם יונגען וועגדענשטיין האבען זיך לאנגזאם געעפענט און האבען זיך באלד ווידער פערשלאסען.

— העלף מיר, גאט אין הימעל! העלף מיר אין דיעזע מינוט! האט געוויינט פראנץ דייעק.

ער האט ארויסגענומען זיין פעלד-פלאש, האט לאנגזאם און פארזיכטיג געעפענט דאס מויל פון זיין יונגען פריינד און האט איהם אריינגעגאסען א פאר טראפען שנאפס אין מויל אריין. עס זיינען פערגאנגען א פאר מינוטען, און וועלכע ער האט ניט געקענט וויסען, אויב דער פערוואונדעטער האט אראפגעשלונגען דעם שנאפס אדער ניט. פלוצלונג האט וועגדענשטיין'ס קערפער א לייכטען ציטער געטהאן, זיינע ליפען האבען זיך עטוואס געעפענט, א רויטער שוים האט זיך געוויזען אויף זיי און דיא ברוסט האט זיך קוים, קוים אויפגעהויבען.

— אין שטאדט אריין! האט געשריען פראנץ דייעק. אין שטאדט אריין! ער וועט נאך לעבען!

מיט זיין גאנצער קראפט האט ער אויפגעהויבען דעם קערפער פון זיין פריינד און האט איהם צו געטראגען צו זיין פערד. מיט שווערער מיה איז עס איהם געלונגען איהם צו צו בינדען צום זאטעל. באלד האט ער זיך אויך אויפגעזעצט און האט גענומען דעם יונגען אפיציער אין זיינע ארעמס. מיט דער רעכטער האנד האט ער איהם ארומ־גענומען אין מיט דער לינקער האט ער אנגענומען דיא ציגעל פון'ם פערד און שנעל וויא א בליץ, איז ער געפלויגען צו דער שטאדט גאטהא, דיא נאהענטסטע שטאדט אין יענער געגענד.

ווען ער איז אריינגעקומען קיין גאטהא, האט זיך איהם פארגעשטעלט אנאנדער טרויעריגעס בילד. דיא גאסען זיינען געווען לעדיג. מען האט ניט געזעהן קיין לעבעדיגען מענשען. דיא לאדען זיינען געווען פערמאכט, דיא טהירען פערשלאסען, דיא טויערן פערשפארט. דיא שטאדט האט אויסגעוויזען, וויא אויסגעשטארבען. היגטער דער שטאדט און זאגאר אין איינינע גאסען פון דער שטאדט האבען זיך די פרייסען געשלאגען מיט דיא האנאווערער. דיא האנאווערער האבען דא אויך געזיעגט און פעריאגט דיא פרייסען. דיא איינוואינער האבען זיך דערשראקען און האבען זיך בעהאלטען אין דיא קעלערס אדער זיינען זיך צולאפען אין דיא וועלדער. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס דיא שטאדט איז געווען אזוי לעער און מען האט קיין מענשען ניט געזעהן.

— וואו נעהמט מען א קווארטיר פאר מיין קראנקען? האט דער יונגער סאלדאט געזאגט.

ער איז צוגעקומען צו איין טהיר און האט אנגעהויבען צו קלאפען מיט זיין שווערד. — קיינער ענטפערט נים. צו דער אנדערער טהיר. ער קלאפט, — קיינער ענטפערט נים. ענדליך האט ער דערזעהן א שעהנעם הויז.

— דא מוזען זיין מענשען, האט ער געזאגט און האט אנגעהויבען אזוי שטארק צו קלאפען, אז דיא פענסטער האבען אנגעהויבען צו ציטערן.

— עפענט! האט ער געשריען. איך ברענג א שווער פערוואונדעטען אפיציער! עפענט, אום גאטעס ווילען!

אויפ'ן צווייטען שטאק האט זיך געעפענט א פענסטעריל און א בלאנדער מעדכען קאפ האט זיך געוויעזען. א פאר שעהנע, בלויע אויגען האבען אראפגעקוקט און דערזעהן דעם בלייכען, האלב טויטען פערוואונדעטען.

— אלזא, עפענט, אדער איך זעץ אוים דיא טהיר! האט פראנץ דייעק געשריען.

אויף דיא טרעפ האט מען געהערט שווערע טריט. דיא טהיר האט זיך באלד געעפענט און אן אלטער מאן האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ.

— קווארטיר מוז איך אייך געבען, אבוואהל איהר זייט מיינע פיינד, איהר האט זיך געשלאגען נעגען פרייסען, האט ער געזאגט בייז. עסען אבער האבען מיר אליין נים. מען האט שוין ביי מיר אלעם צוגענומען.

— איך וועל אליין פאר אלדינגס זארגען, האט איהם פראנץ געענטפערט. העלפט מיר נור אריינטראגען דעם פערוואונדעטען אין שטוב.

דער אלטער מאן איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם געהאלפען אראפ־נעהמען דעם האלב טויטען וועגדענשטיין פון פערד. זיי האבען איהם אריינגעטראגען אין שטוב. דאס יונגע מעדכען האט אונטערדעסען אויסגעבעט א בעט פאר'ן קראנקען אין א צימער מיט צוויי גרויסע העלע פענסטער.

לאנגזאם און פארזיכטיג האבען זיי אניעדערגעלעגט דעם קראנקען אויפ'ן בעט.

יעצט איז אייער אפיציער זיכער, האט דער אלטער מאן געזאגט. איהר קענט אריינפיהרען אייער פערד אין שטאל. וואס עס געפינט זיך אין מיין שטוב, וועל איך אייך געווים געבען. איך וויל נים, אז מען זאל זאגען, אז דער אלטער ביערברויער, אבערמייער, האט געלאזען א קראנקען מענשען פערשמאכטען אין זיין שטוב. — איין זאך בעט איך אייך: זעהט, אז קיין אנדערע סאלדאטען זאלען אהער נים קומען.

— דאס וועל איך שוין טהאן, האט פראנץ דייעק געענטפערט. גיט מיר נור א שטיקעל קרייד.

דער אלטער האט איהם געבראכט א שטיקעל קרייד. פראנץ איז ארויסגעגאנגען און האט אנגעשריעבען אויף דער טהיר מיט גרויסע בוכשטאבען:

„שווער פערוואונדעטע אפיציערען. מען דארף קיין ליארם מאכען".

— איך דאנק אייך, האט דער אלטער געזאגט.

— יעצט מוז איך געהן רופען א דאקטאר, האט פראנץ געזאגט. איך וויים נים וואו איך וועל יעצט קריעגען איינעם. זיי האבען אלע גענוג צו טהאן.

— ווארט, האט דער אלטער געענטפערט. אייער פערוואונדעטער איז געפעהרליך.

דאס האב איך שוין געזעהן. מען טאר קיין צייט ניט פערליערען. איך וועל געהן רופען מיין הויז דאקטאר. ער וואָינט דא ניט וויים.

ער האט ניט געוואַרט אויף קיין אנטוואָרט, איז באלד אוועקגעגאנגען און אין איינינע מינוטען ארום איז ער צוריקגעקומען מיט'ן דאקטאר, אן אלטער, פריינדליכער מאַן מיט א גרויסער גאָלדענער ברילע אויף דער נאָז. דער דאקטאר האט בעטראכט דעם פערוואונדעטען, וועלכער איז געלעגען און האט פון זיך קיין לעבענסצייכען ניט געגעבען.

— דאס לעבען איז נאך ניט אויסגלאָשען, האט ער געזאגט און האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אויב עס וועט מיר געלינגען איהם צו רעטען, ווייס איך ניט. — צוערשט מוז איך בעטראכטען דיא וואונד. — ליעבע מאַרגערעטהע, ברענג מיר ווארים וואסער, און א גלאז וויין, — איהר, מיינע הערערן העלפט מיר אויסטהאן דעם קראנקען.

— דער דאקטאר און פראַנץ האבען צושניטען דעם מונדיר און דיא איבעריגע קליידער אויפ'ן קראנקען. פראנץ האט זיי פאָרזיכטיג ארויסגעשלעפט. דער גאנצער אבערקערפּער איז געבליעבען נאקעט. ערשט יעצט האבען זיי דערזעהן, אז וועגדענשטיין האט צוויי וואונדען; איינע אין דער ברוסט און איינע אין דער לינקער פּלייצע.

— דיעזע, אין דער פּלייצע איז גאר ניט, האט דער דאקטאר געזאגט. דאס איז א שטאָך מיט א באַיאָנעט (דער שפּיעז אויף דער ביקס), דיא אנדערע וואונד איז פון א קוגעל. —

אין דיעזע מיוט איז אריינגעקומען דאס מעדכען מיט ווארים וואסער און מיט א פלאש רויטען וויין. דער דאקטאר האט פאָרזיכטיג ארומגעוואַשען דיא וואונד, האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א זילבערנע זאָנדע און האט זיא אריינגעשטעלט אין דער וואונד.

— דיא קוגעל איז געבליעבען שטעקען אין דיא ריפּען, האט ער געזאָגט. עס איז דא האָפנונג, ער זאל לעבען בלייבען. ער איז אבער יעצט זעהר שוואך. איך קען גאר ניט טהאן, ביז ער וועט ניט קומען א ביסעל צו זיך.

ער האט אנגעגאסען א קליין לעפּעלע וויין און האט עס אריינגעגאסען דעם קראנקען אין מויל אריין. דיא בלייכע ליפּען האבען זיך אנגעהויבען קוים, קוים צו ריהרען. דיא ברוסט האט זיך עטוואס אויפגעהויבען. דיא אויגען האבען זיך לאַנגזאם געעפענט. דיא ליפען האבען עפּעס געזאגט, אדער געהויכט, ווייל עס איז געווען אונ־מעגליך צו פערשטעהן, וואס זיי האבען געזאגט. אויפ'ן דאקטארס געזיכט האט זיך געוויעזען א שטראַהל פון פרייד און צופריעדענהייט: עס איז נאך דא א האָפנונג! מען קען נאך רעטען דיעזעס יונגע לעבען! פראנץ האט אנגעכאַפּט דעם דאקטארס האנד און האט זיא אנגעהויבען צו קושען. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן פאר גרויס פרייד.

— שוין גוט! שוין גוט! האט געזאגט דער דאקטאר און האט ארויסגעריסען פון איהם זיין האנד. — יעצט מוז דער קראנקער האבען פאָלשטענדיגע רוהע, נור פון צייט צו צייט זאל מען איהם געבען א לעפּעלע רויטען וויין. מאָרגען וועל איך קומען און זעהן, וואס איך קען ווייטער טהאן פאר איהם.

דער דאקטאר איז אוועקגעגאנגען מיט׳ן אלטען ביער ברויער. פראנץ דייעק איז געבליעבען מיט׳ן יונגען מעדכען לעבען קראנקען.

— איהר זייט א גוטעס מעדכען, האט איהר פראנץ געזאגט. וויא דאנקבאר וועט אייך זיין דיא מוטער פון מיין קראנקען ליעטענאנט!

— אַך, דיא ארימע מוטער! האט אויסגערופען דאס מעדכען. וויא וועט זיא עס איבערטראגען, ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז איהר זוהן איז אזוי געפעהרליך פערוואונדעט?

באלד איז דער אלטער צוריקגעקומען. ער האט געבראכט ברויט, קעז און א שטיק קאלטעס פלייש און האט עס אניעדערגעלעגט אויפ׳ן טיש.

— עסט, פריינד, האט ער געזאגט צו פראנץ דייעק. איהר האט געוויס נאך היינט ניט געגעסען און איהר וועט דאך מוזען א גאנצע נאכט וואכען לעבען אייער קראנקען.

— איך וועל וואכען לעבען קראנקען! האט מארגארעטהא געזאגט. מען דארף דאך נור איהם געבען אלע מאל א לעפעל וויין.

— ניין, מארגארעטהא, דוא געה לעג דיך שלאפען. איך וועל בלייבען לעבען קראנקען.

— לאז מיך, פאטער, האט דאס מעדכען געבעטען, לאז מיך וואכען לעבען קראנקען. איך בין יונג, פאר מיר איז עס א קלייניגקייט צו וואכען א נאכט.

זיא האט אזוי לאנג געבעטען, ביז דער אלטער האט איהר געמוזט נאכגעבען.

— — — — — — — — — — — — —

אין דרויסען האט מען געהערט פרעהליכע שטימען. קעניג געארגס ארמעע האט געזיעגט איבעראל. דער קעניג איז געשטאנען א גאנצען טאג אויפ׳ן בערגעל, וואו מיר האבען איהם געלאזען אין דער פריה און האט פון צייט צו צייט געפרעגט:

— וואס מאכט מיין ארמעע? קענען מיך זעהן מיינע סאלדאטען?

זיין געזיכט האט געשטראהלט פאר פרייד און גליק, ווען מען האט איהם פאר נאכט געמעלדעט, אז זיי האבען איבעראל געזיעגט און צוריגעטריעבען דיא פרייסען.

— נון, מיר האבען געזיעגט, האט ער זיך געווענדעט צום גענעראל בראנדיס, וואס זאלען מיר ווייטער טהאן?

דער אלטער גענעראל האט זיך פערטראכט. ער האט גוט געוואוסט, אז דער גאנצער זיעג האט קיין ווערטה ניט. מארגען וועלען דיא פרייסען ארויסשיקען געגען זיי א שטארקע ארמעע און זיי וועלען זיך מוזען אונטערגעבען.

— איז דער רוסישער געזאנדטער נאך דא אין לאגער? האט ער געפרעגט דעם קעניג.

— וואס דארפען מיר יעצט דעם רוסישען געזאנדטען? האט דער קעניג גע- פרעגט פערוואונדערט.

— יעצט קען ער פאר אונז עפעס טהאן, האט דער גענעראל געענטפערט. יעצט, ווען מיר האבען געזיעגט, וועט פרייסען מוזען נאכגעבען.

— אזוי? האט געזאגט דער קעניג טרויעריג. איז אזוי פיעל בלוט געפלאסש

אומזיסט? האבען אזוי פיעל פרישע, געזונדע, עדעלע מענשען זייער לעבען פערלארען אום איך זאל מיך יעצט בעטען ביי פרייסען און זאל בענוצען דיא פערמיטלונג פון רוסלאנד? — דאך.... שיקט מיך דעם גענעראל קראשעווסקי. —

ער איז צוריקגעריטען צו זיין קווארטיר, איז אראפּ פון׳ם פערד און האט געהייסען זיך אריינפיהרען אין זיין קאבינעט. אין אייניגע מינוטען ארום איז גענעראל קראשעווסקי געשטאנען פאר איהם.

— נו, וואס זאגט איהר יעצט, גענעראל? האט איהם דער קעניג געפרעגט. מיר האבען איבעראל געזיעגט און פערטריעבען דיא פרייסען פון זייערע פּאָזיציאָן.

— קעניגליכע מאיעסטעט! האט געזאגט גענעראל קראשעווסקי. מיר, רוסען, זיינען א זאנדערבארעס פאלק. מען רופט אונז האלבווילדע מענשען, אזיאטען, טאטארען און נאך אזעלכע שעהנע נעמען. מעגליך, אז דיא, וואס גיבען אונז דיעזע נעמען, האבען רעכט. מיר זיינען נאך ניט רעכט ציוויליזירט. מיר זיינען נאך ניט גענוג אָבלאָקירט; מיר זיינען ניט געוואינט צו שעהנע, גלאטע רעד; מיר זאגען ארויס אלעס, וואס מיר ווייסען פריי און אפענהערציג. דאס איז דער כאראקטער פון׳ם רוסישען פאלק. — איך מוז אויך יעצט ארויסזאגען פריי און אפענהערציג מיינע מיינונג. איך בעט אייערע קעניגליכע מאיעסטעט אום פערצייהונג, ווען איך וועל זיא ארויסזאגען ניט אזוי שעהן און ניט אזוי גלאט, וויא עס וואלט עס געזאגט א פראנצויזישער אדער אן ענגלישער דיפּלאמאט. — דיא ארמעע פון אייער קעניגליכע מאיעסטעט האט געזיעגט. דיעזער זיעג אבער האט קיין גרויסען ווערטה, ווען דיא עסטערייכישע ארמעע וועט ניט זיעגען. פרייסען האט א גוטע ארמעע און גוטע גענעראלען. וויא איך האב געהערט, קומט אן דער פרייסישער גענעראל פאָגעל פאן פאָלקענשטיין מיט זיין קאָרפּוס פון זעכציג טויזענד מאן. ער שטעהט שוין אין האנאווער און קען מארגען דא זיין. —

— איך ווייס עס, האט איהם אונטערבראכען דער קעניג און איך האב אייך געוואלט בעטען, איהר זאלט פאהרען קיין האנאווער. דארט געפינט זיך דיא קעניגין מיט דיא פּרינצעסינען. איך בין זיכער, אז דער פערטרעטער פון רוסלאנד וועט דארט קענען ניצליך זיין פאר מיר. — איך האב אייך נור געוואלט פרעגען איין זאך און איך האף, אז איהר וועט מיר ענטפערן פריי און אפענהערציג, וויא איהר האט ערשט בעשריעבען דעם כאראקטער פון׳ם רוסישען פאלק. — האט מיין ברודער, קייסער אלכסנדר, אייך געגעבען א פעסטע אינטרוסקציאן, וויא אזוי איהר זאלט פערהאנדלען צווישען מיר און פרייסען?

— איך וועל ענטפערן אייער קעניגליכע מאיעסטעט פריי און אפענהערציג. מיין גנעדיגער הערר און קייסער האט מיר בעפוילען, איך זאל טהאן אלעס מעגליכע אום צו פערמיידען בלוט פערגיעסען. ער איז זעהר ניט צופריעדען מיט דיעזען קריעג. ער האט ליעב דעם פריעדען. — ער האט מיר ווייטער בעפוילען, איך זאל מיך געפינען לעבען אייער קעניגליכע מאיעסטעט און זאל טהאן פון אייערט וועגען, וואס איך וועל נור קענען. ווען אייער קעניגליכע מאיעסטעט שיקט מיך קיין האנאווער, שטעה איך צו דיענסטען.

— יא, פאהרט קיין האנאווער, מיין ליעבער גענעראל, און טהוט דארט, וואס

איהר וועט קענען. איך זעה איין, אז איך וועל מוזען אונטערהאנדלען מיט'ן גענעראל גאנעל פאן פאלקענשטיין.

ער האט אנגעקלונגען. זיין פליגעל־אדיוטאנט איז אריינגעקומען און האט געזאגט:

— צו בעפעהל, מאיעסטעט!

— פערזארגט א קארעטע מיט פערד פארן רוסישען געזאנדטען.

דער פליגעל אדיוטאנט איז ארויסגעגאנגען.

— איך האף, אז איהר וועט מיר מיטטהיילען דורך א קוריער, וואס איהר וועט פערהאנדלען מיט'ן פרייסישען גענעראל, האט דער קעניג געזאגט פערטראכט.

— געוויס, קעניגליכע מאיעסטעט, האט קראשעווסקי געענטפערט.

— אלזא, גליק אויף דיא רייזע!

דער קעניג האט איהם געגעבען דיא האנד. אין דעמזעלבען אבענד איז גענעראל קראשעווסקי, אוועקגעפאהרען קיין האנאווער.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט דיא זון וויעדער געשיינט אזוי העל און אזוי פרעהליך, וויא נעכטען. מען האט אויסגעגראבען גריבער צו בעגראבען דיא טוידטע. דער קעניג האט אנגעזאגט, אז מען זאל איהם מעלדען, ווען מען וועט זיי בעערדיגען. ער וויל זיין דערביי. ווען דיא גריבער זיינען געווען אויסגעגראבען און דיא טוידטע זיינען געווען אויסגעלעגט רייהענווייס, מען האט זיי נור געדארפט פערשיטען, האט מען גע־מעלדעט דעם קעניג. ער איז צוגעקומען צום טרויער ארט, האט זיך איינגעבויגען, האט אנגענומען א הויפען ערד און האט אריינגעווארפען אין גרוב.

— איך בין פעראנטווארטליך פאר אייער טוידט, האט ער געזאגט גאנץ שטיל. אבער וואיל אייך, איהר רוהט יעצט אין פריעדען און זייט לויז געווארען פון דיעזער פאלשער, שלעכטער וועלט! —

אין דיעזע מינוט איז צו איהם צוגעקומען גענעראל בראנדיס און האט איהם געזאגט גאנץ שטיל:

— דיא פרייסען זיינען אנגעקומען, מיר זיינען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. מיר מוזען זיך שלאגען אדער זיך אונטערגעבען.

— זיך שלאגען! האט געזאגט דער קעניג פעסט און ענטשלאסען. — שנעל אין מיין הויפטקווארטיר! רופט צונויף אלע גענעראלען.

אנגעשפארט אויפ'ן ארים פון'ם קראנפרינץ איז ער געגאנגען צו זיין קווארטיר. באלד זיינען זיך צונויפגעקומען אלע גענעראלען און דיא עלטערע אפיציערען.

— מיר מוזען זיך ווייטער שלאגען, האט דער קעניג געזאגט.

— ליידער איז עס אונמעגליך, האט דער אבערקאמאנדירענדער געענטפערט. דיא ארמעע איז אפגעשוואכט פון נעכטען און מיר האבען זעהר וועניג קריעגס־מא־טעריאל.

יעצט ערשט האט מען דערצעהלט דעם קעניג דיא גאנצע וואהרהייט. זיין ארמעע איז ניט געווען פארבערייטעט צום קריעג. זיא האט ניט געהאט ניט קיין פולווער נענוג, ניט קיין קוגעלן, ניט אנדערע קריעגס מאטעריאל. — דיא לאגע איז פערצווייפעלט. זיי מוזען זיך אונטערגעבען.

אין איינ׳גע שטונדען שפּעטער איז דיא ארמעע געשטאנען פערזאמעלט פאר דער שטאדט גאטהא. מען האט זיי פארגעלעזען דיא בעדינגונגען, אויף וועלכע קעניג געארג האט זיך אונטערגעגעבען.

דיא אפיציערען דארפען שווערען, אז אין דיעזען קריעג וועלען זיי ניט אויפטרעטען געגען פּרייסען. דיא סאלדאטען זאלען אפּגעבען זייער געוועהר און יעדער זאל זיך געהן א היים. קעניג געאָרג זאל ניט קומען קיין האנאווער, ביז דער קריעג וועט זיך ענדיגען.

דעם אנדערן טאג איז דער קעניג מיט זיין סוויטע אוועקגעפאהרען קיין וויען.

9טעם קאַפּיטעל.

## אין דער הייל פון׳ם וואָלף.

א ווילדע געגענד. הויכע בערג, צוריסענע, צושפּאלטענע און צרוואָרפענע שטיינער, איינ׳גע בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער, אנדערע זיינען גאנץ נאקעט און וויסט. נור זעלטען, זעהר זעלטען דרעהט זיך, וויא א שלאנג א קליין שטעגעלע צווישען דיעזע ווילדע, אונפריינדליכע פעלזען (סקאלעס).

אין א טיעפען טהאל פון הויכע, ווילדע בערג ארומגערינגעלט, זעהן מיר א זאנדערבארעס בילד. אין דערמיט ברענט א גרויס פייער און עפּעס קאכט זיך אדער בראט זיך אויף איהם. ארום פייער זיצען, ליעגען און שטעהן מענער מיט ווילדע, פערוואקסענע געזיכטער. איינ׳גע פוצען זייער געוועהר, אנדערע ליעגען אויף דער ערד אדער אויף א שטיקעל טעפּיך (קארפּעט) און שפּיעלען אין קארטען אדער אין ווירפעל. וויעדער אנדערע הערן אוים עפּעס א ווילדע געשיכטע. צוויי הויבע, שטארקע קערלען שטעהן און קאכען און בראטען. — א געשריי, א געלעכטער, א געזיעדלעריי, א געקריעגעריי צום פערטויבט ווערן. פלעשער מיט שנאפּס און לאגלען (פעל פון יונגע ציעגען) מיט וויין געהן ארום פון איין הייפעלע צום אנדערן. זיי ווערן שנעל אויסגעלעדיגט און אנדערע ווערן געבראכט. דיא קארקען שפּרינגען ארוים און זיי ווערן באלד לעדיג.

אין איין ווינקעל פון׳ם טהאל, דארט וואו דיא בערג קומען זיך צונויף, זעהט מען צוויי שווערע, אייזערנע טהירען. מען זעהט קיין דאך, קיינע פענסטער, נור צוויי טהירען, — וואוהין פיהרען דיעזע טהירען? וואס געפינט זיך הינטער דיעזע טהירען? וועלכער אונגליקליכער ליעגט פערשפּארט און זיפצט און קרעכצט הינטער דיעזע טהירען? — מיר וועלען עס באלד וויסען.

מיר געפינען זיך אין לאנגער פון׳ם בעריהמטען רויבער קאפּיטאן פּעפּע מאמיאני מיט זיין באנדע. ניט ווייט פון דיא ביידע טהירען זיצען פיער מענער אויף א טהייערן פּערזישען טעפּיך (קארפּעט). דער ערשטער איז פּעפּע מאמיאני אליין, א ניעדעריגער, אבער שטארקער מאן פון א יאהר פערציג מיט שווארצע האר און א שווארצען רונדען באַרד. זיין אויסזעהן איז ווילד, זיינע אויגען ברענען, זיינע גראבע, פליישיגע ליפּען ציגען פון ווילדע ליידענשאפטען און זיין גאנצעם וועזען פליסט איין שרעקען. פאר אזא געזיכט דערשרעקט מען זיך, ווען מען בעגעגענט עס זאגאר אין דער בעלעבטעסטער גאס פון א גרויסער שטאדט אין מיטען העלען טאג. עס זיינען דא געזיכטער, אויף

וועלכע דיא נאטור אליין האט ארויפגעלעגט א שטעמפעל מיט א דייטליכער שריפט · אנטלויפט ! ווייכט איהם אויס !

לעבען דעם רויבער זיצט א זאנדערבארע פיגור. א מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט ברוינע האר, אנגעטהאן אין א פעס און אין א מונדיר פון א רוסישען אפיציער. זיין געזיכט איז עדעל, זיינע הענד זיינען ריין און וויס. זיינע פינגער וויזען, אז זיי פאסען מעהר צו פיהרען דיא פעדער אלס דעם סטילעט. זיין גאנצע פיגור צייגט אז ער פאסט ניט צו דיעזער קאמפאניע, ער געהערט ניט צו דיעזע מענשען און ער איז דא נור א גאסט אויף א ווילע. ער איז ווירקליך א רוסע און איז געקומען צו גאסט צו פעפע מאמיאני.

נעבען דיעזע צוויי מענער זיצען אנדערע צוויי, געמיינע רייבער, פעפע מאמיאני׳ס אפיציערען. מען שפיעלט אין ווירפעל. דער רוסע האט אראפגענומען פון זיין לייב א לעדערנעם בייגארטעל, אין וועלכען עס קלינגען גאלדענע מטבעות. מען שפיעלט. פעפע מאמיאני פערשפיעלט. דער רוסע געווינט.

— הונדערט נאפאלעאנס! האט אויסגעשריען פעפע מאמיאני. איך שטעל הונ־דערט נאפאלעאנס!.... ניין, צוויי הונדערט! ווילט איהר?

— איך וואלט אייך ניט געראטהען צו שפיעלען אזוי הויך, האט דער רוסישער אפיציער געזאגט רוהיג. איהר האט היינט קיין גליק אין שפיעלען, קאפיטאן.

ער האט ארויסגענומען פון זיין לעדערנעם בייגארטעל צוויי הונדערט נאפאלעאנס און האט זיי אניעדערגעלעגט אויפ׳ן קארפעט גלייכגילטיג, גלייך וויא עס וואלט געווען שפענדליך. דער רויבער קאפיטאן האט אניעדערגעלעגט צוויי הונדערט טערקישע לירעס.

— עס איז דא א שפריכווארט: „ווען מען איז אונגליקליך אין שפיעלען, איז מען גליקליך אין ליעבע“, האט דער רוסע געזאגט מיט א זאנדערבארען שמייכעל. וויא עס וויזט אויס, זייט איהר גליקליך אין ליעבע, וויא איך האב געזעהן דיא צוויי שעהנהייטען, וועלכע מען האט היינט אין דער פריה געבראכט.

דער רויבער קאפיטאן האט אויף איהם געווארפען א פינסטערן בליק פול מיט גיפט. דער רוסישער אפיציער האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג און האט אנגעהויבען צו שאקלען דעם זילבערנעם בעכער, אין וועלכען עס זיינען דיא ווירפעל.

אין דיעזער מינוט איז צוגעקומען צו זיי א יונגעס מעדכען פון א זעכצעהן־זיעב־בעצעהן יאהר אנגעטאהן, וויא אן איטאליענערין. זיא איז צוגעגאנגען פארזיכטיג, וויא א קאץ, אויף איהר געזיכט האט זיך אויסגעמאלט שרעק און עקעל. זיא האט זיך געשטעלט הינטער דעם רויבער קאפיטאן און האט געקוקט, וויא ער שפיעלט. דער רויבער קאפיטאן האט זיא ניט בעמערקט. ער איז געווען צופיעל פערטיעפט אין שפיעל. דער רוסישער אפיציער דאגעגען האט ווייניג געקוקט אויף דאס שפיעל און האט באלד בעמערקט דאס יונגע מעדכען.

— אט שטעהט דאס קאמערמעדכען פון דער יונגער דאמע, וועלכע איהר האט היינט געבראכט, האט ער געזאגט צום רויבער קאפיטאן. זיא וועט אייך ברענגען גליק, קאפיטאן.

דער רויבער הויפטמאן האט געווארפען א בייזען פינסטערן בליק אויף דאס

יונגע מעדכען און האט ווייטער געשאָקעלט דעם בעכער מיט דיא ווירפעל. דאן האט ער איהם האסטיג אויסגעשאָטען. אלע פיער האבען זיך איינגעבויגען צו צעהלען, וויא פיעל אויגען עס זיינען געפאלען.

— פערצעהן אויגען! האט אויסגערופען מיט פרייד דער רויבער הויפטמאן. — יעצט האט איהר פערשפּיעלט. איהר וועט ניט מאכען אזוי פיעל.

דער רוסישער אפיציער האט גאר ניט געענטפערט. ער האט גענומען קאלט־בליטיג דעם בעכער, האט צוריק אריינגעליינט דיא ווירפעל, האט איהם א פּאָר מאל דורכגעשאָקעלט און האט ארויסגעוואָרפען דיא ווירפעל. ער האט זיך זאגאר ניט אומגעקוקט, וויא פיעל אויגען עס זיינען געפאלען.

— זעכצעהן! האט געצעהלט איינער פון דיא רויבער.

— נו, זעהט איהר קאפּיטאן, האט דער רוסע געזאָגט, איהר האט פערשפּיעלט, איך האב אייך געזאגט, אז איהר שפּיעלט זעהר אונגליקליך.

— מאלדאַטעטא! (פערדאמט!) האט אויסגערופען דער רויבער הויפטמאן. דאס קען ניט זיין! איהר האט פאלש געשפּיעלט!

אין דיא אויגען פון'ם פערשטעלטען רוסישען אפיציער האט זיך אנגעצונדען א העליש פייער. ער האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויפ'ן גריף פון זיין רעוואָלווער, וועל־בער האט געשטעקט ביי איהם אין גארטעל.

— איך האב פאלש געשפּיעלט? האט ער געזאָגט שטיל, אבער מיט א שטימע, וועלכע האט געשניטען, וויא א מעסער. — זאגט עס נור נאך א מאל! יא טעבע דאס!

דער רויבער הויפטמאן איז פלוצלונג שטיל געבליעבען. דיא שטילע, אבער שארפע ווערטער פון'ם רוסע האבען אויף איהם געווירקט, גלייך וויא זיי וואָלטען איהם אפּגעגאסען מיט אן עמער קאלטע וואסער.

— ענטשולדיגען זיא, סיניאָר, האט ער געזאגט. איך האב אייך ניט געוואָלט בעליידיגען. איך האב נור געשפּאסט.

פּלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צום מעדכען, וועלכע איז נאך אלץ געשטא־נען הינטער איהם און האט געוואַרט.

— וואס ווילסט דוא? וואס דארפסט דוא דא? איבער דיר האב איך יעצט פערשפּיעלט.

דאס מעדכען איז געוואָרען בלייך און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— מיינע העררין האט מיך געשיקט, איך זאל אייך פרעגען, אויב איהר האט שוין געשיקט א מענשען קיין רום נאכ'ן אויסקויף געלד? פיעללייכט איז דער מענש שוין דא צוריק?

דער רויבער הויפטמאן האט אנגעהויבען צו לאכען מיט א ווילדען, העלישען געלעכטער.

— דאס נארישע פיינעלע גלויבט נאך אלץ, אז מיר שפּאַסען, האט ער גע־לאכט. איך וועל איהר באלד ערקלערן, וויא אזוי מען בעהאנדעלט ביי אונז פרויען, וועז מיר קענען זיי נור קריגען. מיט דיר וועל איך מאכען דעם אנפאנג.

מיט זיינע שטארקע אייזערנע הענד האט ער אנגעהאפּט דאס ציטערנדע מעד־

בען און האט זיא צוגעשלעפּט צו זיך. דאס מעדכען האט זיך געוואָרפען און געצאַפּעלט אין זיינע אייזערנע הענד.

— לאָסט מיך אָפּ! האט זיא געשריעען מיט אלע קרעפטע. לאָזט מיך! צו הילפע! געוואלד! ניקאָלאַ, קום העלף מיר! — געוואלד!

דער רויבער הויפּטמאן האט זיך וועניג געקימערט אום איהר געשריי. ער האָט זיא צוגעפּרעסט נאך פעסטער צו זיך און האט זיא אנגעהויבען צו קושען. זיינע גראָבע, פערוואקסענע הענד האבען ארומגענומען איהר האלז און זיא צוגעלענט צו זיין ברוסט. פּלוצלונג האבען צוויא הענד א שטארקען זעץ געגעבען דעם רויבער הויפּטמאן און אויסגעריסען דאס אונגליקליכע מעדכען פון זיינע הענד.

דאס האט געטאהן א יונגער רויבער, וועלכער איז געזעסען ביים פייער און האט גערויכט א סיגארעט. ער האט דערהערט דאס געשריי פון'ם מעדכען און איז באלד געקומען איהר העלפען. ער האט געגעבען דעם רויבער הויפּטמאן א שטארקען זעץ איבער דיא הענד און האט אויסגעריסען פון איהם דאס וויינענדע און ציטערענדע מעדכען. אין דער ערשטער מינוט איז פּעפּע מאמיאני געווען אזוי איבערראשט, אז ער האט ניט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. באלד אבער איז ער געקומען צו זיך און איז אויפגעשפּרונגען, וויא א גערייצטער טיגער.

— דוא ביסט פערריקט, ניקאָלאַ! האט ער אויסגעשריען ווילד. וויא וואגסט דוא עס צו שטעלען זיך געגען דיין קאַפּיטאַן? ווייסט דוא, וואס עס קומט דיר דערפאַר?

— קאפּיטאן, האט ניקאָלאַ געענטפערט ענטשלאָסען, דיזעס מעדכען איז מיין בראוט. איך וועל קיינעם ניט ערלויבען זיא אנצוריהרען. קיינעם! הערט איהר עס, קאַפּיטאן? זאגאר פּעפּע מאמיאני טאר מיינע בראוט ניט אנריהרען!

— נעה צום טייפעל מיט דיין בראוט און מיט אלע צערעמאניען פון'ם הייליגען פאטער, דעם פּאַפּסט! מיר, פרייע מענער פון דיא בערג, וויסען ניט פון קיין בראוט און פון קיין הייליגער צערעמאניע. — ווייסט דוא ניט אונזער געזעץ? געדענקסט דוא ניט, וואס דוא האסט געשוואוירען?

ער האט געציטערט פאר רציחה. זיין געזיכט איז געוואָרען רויט, זיינע אויגען האבען זיך אנגעגאָסען מיט בלוט און זיינע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין צוויי אייזערנע פויסטען.

— פּעפּע מאמיאני, האט דער יונגער מאן אנגעהויבען צו בעטען. איהר אליין האט דאך מיך געשיקט אויף דער ווילאַ סארענטי, איך זאל מיך בעקענען מיט'ן קאמער־מעדכען פון דער ענגלענדערין, זאָל מיך אין איהר פערליעבען, זאל דארט ווערן אן אפּטער אריינגעהער, ביז איך וועל ביי איהר בעקומען דיא שליסלען צום טויער און צום הויז. איך האב אייך געפאָלגט און איך האב מיך פערליעבט אין דיזעס מעדכען. איך ליעבע זיא מיט מיין גאנצען הארצען, מיט מיין גאנצער זעעלע; זיא איז מיין, זיא געהערט מיר. נעהמט אייך דיא שעהנע ענגלענדערין און לאָזט מיר מיין לעבען, מיין ליעבע!

דער רויבער הויפּטמאן האט זיך צולאַכט נאך העכער, נאך ווילדער, נאך שרעקליכער.

— איך האב דיר נעהייסען, אז דוא זאלסט זיך פערשטעלען, אז דוא ליעבסט זיא. איך האב דיר קיין מאל ניט נעהייסען, דוא זאלסט זיין א נארר און זיך ווירקליך אין איהר פערליעבען.

— איז דען דיא ליעבע א זאך, וואס מען נעהמט זיך אליין ? האט דער יונגער מאן נעפרעגט. איז עס דען א ראָק, וועלכען מען קען אנטהאן, אויסטהאן און ווידער אנטהאן ? דיא ליעבע איז א געפיהל, וועלכע ערגרייפט אונז און האלט אונז געגען אונזער ווילען, געגען אונזער ווילען. דער ווילדעסטער מענש מוז איינביינגען זיין קאָפּ פאר דער ליעבע און זאגען : איך גיב מיך אונטער !—איך ליעבע ! דער שטאַרקסטער מענש, דער אייזערנער כאראקטער, וועלכער לאכט פון אלעמען, און פערשפּאָטעט אלעס אין דער וועלט, ווערט ווייך, וויא א טייג, ווען דער העלע, ווארעמע שטראהל פון ליעבע בעשיינט איהם. — איך האב אנפאנגס מיך פערשטעלט, אז איך ליעבע דיעזעס מעדכען; באלד אבער בין איך געוואָהר געוואָרען, אז ביי מיר אין הארצען ברענט דיא וואהרע, ריינע ליעבע.

דיא גאנצע באנדע רויבער האט זיך אונטערדעסען פערזאמעלט ארום זיי. דער רויבער הויפּטמאן האט נעקענט זיינע מענשען. ער האט געוואוסט, וויא אזוי צו ווירקען אויף זיי.

— קוקט איהם נור אן, דעם פערליעבטען רויבער ! דוא פיהלסט א וואהרע, ריינע ליעבע צו דיעזעס מעדכען, זאָגסט דוא. גוט ! דוא מעגסט זיא ליעבען. צוערשט מוזען מיר אויספּאָלגען אונזער געזעץ. זיא מוז געהערן צו אונז אלעמען. דערנאך וועסט דוא זיא מעגען ליעבען, וויפיעל דוא וועסט וועלען.

ביי דיא לעצטע ווערטער איז דער יונגער מאן אויפגעשפּרונגען, וויא א לייב, ביי וועלכען מען וויל אוועקרויבען זיינע קינדער.

— דיעזעס מעדכען איז ניט אייער געפאנגענע ! האט ער אויסגערופען. זיא איז פרייוויליג נעקומען אהער אין לאגער, ווייל זיא ליעבט מיך. איהר האט קיין רעכט אויף דיעזעס מעדכען.

— דאס איז א ליגען ! האט זיך נעבייזערט פעפּע מאמיאני. קומט נור אהער אלע, וועלכע האבען טהיילגענומען אין דעם רויב פון דער ווילא סארענטי און זאגט, וואו האט איהר נעטראָפען דיעזעס מעדכען ?

צוויי באנדיטען זיינען ארויסגעטרעטען פון׳ם רעדעל און האבען געזאגט.

— מיר האבען זיא נעטראָפען אין גארטען פון דער ווילא. זיא איז אנטלאָפען. מיר זיינען איהר נאכגעלאָפען און האבען זיא געכאַפּט. ערשט אויפ׳ן וועג איז אונז ניקאָלא ענטגעגען געקומען און האט געזאגט, אז זיא איז זיין בראוט.

— זיא איז אנטלאָפען געוואָרען, ווייל איך בין ניט געוועזען דערביי, ווען מען האט בערויבט דיא ווילא. מען האט דאך מיך געשיקט אלס שפּיאָן אין דיא בערג, האט געשריען מיט טרעהרען אין דיא אויגען דער יונגער מאן.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען דיר ניט העלפען, האט פעפּע מאמיאני געזאגט. דוא האָסט מיך בעליידיגט און דיר זאל רעכט געשעהן. — קאמעראדען ! אלע אהער. בילדעט א קרייז.

אלע רויבער האבען זיך ארומגעשטעלט ארום פעפע מאַמיאַני, ניקאָלא און דאס יונגע מעדכען. נור דער רוסע איז געשטאַנען פון דער ווייטען.

— וואס קענען מיר מאכען מיט אזעלכע ווילדע מענשען? האט ער געזאגט צו זיך אליין. זיי זיינען שוין אזוי וויט פערדאָרבען, אזוי וויט פערשטיינערט, אז איך ווייס ניט, אויב איך וועל געפינען פינף צווישען זיי, וועלכע זאלען פאסען פאר מיינע צוועקע. דער איינציגער וועלכער וואלט עפעס געטויגט, איז דער ניקאָלא. אין איהם איז נאך דא א פונק פון א מענשען. דיא איבעריגע —

ער האט ניט געקענט ווייטער רעדען, ווייל אין דיעזע מינוט האט פעפע מאַמיאַני זיך געווענדעט צו דער גאנצער באנדע.

— קאמעראדען! האט ער געזאגט, איהר האט געהערט, וואס ניקאָלא זאגט און וואס דיא אנדערע זאגען. ענטשיידעט: איז דיעזעס מעדכען אונזער געפאנגענע אדער זיא איז ניקאָלא'ס בראוט?

— זיא איז אונזער געפאנגענע! האבען אויסגערופען מעהרערע שטימען. נור איינינע האבען געשוויעגען.

— נו, ווען זיא איז אונזער געפאנגענע, זעץ איך אויף איהר א פרייז פון פינף הונדערט נאפּאָלעאָנס, האט פעפע מאַמיאַני געזאגט. — האסט דוא געלד מעדכען? ברענג אונז פינף הונדערט נאפּאָלעאָנס און דוא ביסט פריי.

— מיין מוטער איז ארים, האט דאס מעדכען געוויינט. איך בין געוועזען א דיענסט־מעדכען ביי דער ענגלענדערין.

— נו, ווער וויל בעצאהלען דאס אויסקויפס געלד? האט פעפע מאַמיאַני ווייטער געפרעגט. — ווילסט דוא בעצאהלען, ניקאלא?

ניקאלא האט אנגעהויבען צו זוכען אין אלע קעשינעס און האט ארויסגענומען א בייטעל מיט געלד.

— איך האב דא פערציג נאפּאָלעאָנס. איך גיב נאך מיין גאלדענע אוהר און מיין טהייל אין דעם רויב אין דער ווילא.

— דאס איז אלץ ווענינ! האט פעפע מאַמיאַני אויסגערופען. זיא איז אונזער געפאנגענע, קיין געלד זיך אויסצוקויפען האט זיא ניט. קיינער וויל זיא ניט אויס־קויפען. — קום נור אהער, לואידזשי, דוא ביסט דער עלטסטער פון אונז, זאג אונז, וויא אזוי זיינען אונזערע געזעצע אין אזא פאל?

— אונזער געזעצע זאגען, אז צוערשט געהערט אזא פרוי דעם קאפּיטאן, דאן געהערט זיא יעדען פון אונז אויף פיער און צוואנציג שטונדען, ווענען זיא זאל צוערשט געהערן נאכ'ן קאפּיטאן, דאס בעשטימט א גורל.

— אלזא, נעהמט דאס מעדכען און פיהרט זיא אריין אין מיין וואָינונג, האט פעפע מאַמיאַני בעפוילען.

צעהן שטארקע הענד האבען זיא אנגענומען און האבען זיא געוואָלט אוועק־פיהרען צו איינע פון דיא טהירען, וועלכע מיר האבען פריהער געזעהן אין ווינקעל. דאס מעדכען האט זיך אויפגעהאנגען אויף איהר געליעבטען, ניקאָלא האט געוויינט און געבעטען, אז ער זאל זיא פערטהיידיגען.

— אוועק פון איהר! האט ניקאָלאַ געשריען ניט מיט זיין קול און זיין סטילעט האט געגלענצט אין דער לופט. ווער עס וועט זיא אנריהרען, דעם שטעק איך אריין מיין סטילעט אין האַרצען.

פעפע מאַמיאַני איז געוואָרען רויט פאר רציחה. דיא אָדערן אויף זיין שטערן זיינען אנגעשוואָלען געוואָרען, וויא שטריקלעך. ער איז צוגעגאנגען צו ניקאָלאַ און האט איהם געזאגט שאַרף און שניידענד:

— ניקאָלאַ, דוא קענסט פעפע מאַמיאַני; דוא ווייסט, וויא שטרענג אונזערע געזעצע זיינען און וויא איך וויים, וויא אזוי צו מאכען אז מיינע מענשען זאלען מיר פאָלגען?

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעחאַפט דאס מעדכען, גלייך וויא זיא וואָלט געווען א שטיק האָלץ און האט זיא א וואָרף געטהאָן צו דיא רויבער.

— אין א שטונדע ארום וועל איך זיא אייך צוריקגעבען. איהר מעגט שוין וואַרפען גורל, וועמען זיא זאל געהערן פאר דיא ערשטע פיער און צוואנציג שטונדען.

צוויי פון דער באנדע האבען אוועקגעטראגען דאס מעדכען אין איינע פון דיא היילען, וועלכע זיינען אויסגעהאקט אין שטיין און וועלכע זיינען פערמאכט מיט שווערע טהירען. דיא איבעריגע האבען אוועקגעשלעפט ניקאָלאַ מיט זיך צום פייער, זיי זאָלען דאָרט וואַרפען גורל. ניקאָלאַ איז געווען ניט טויט, ניט לעבעדיג און האט געלאָזען טהאָן מיט זיך, וואס זיינע קאמעראדען האבען געוואָלט. ער איז געווען בלייך, וויא קאַלך. זיינע ליפען האבען געציטערט, זיינע פיס זיינען געווען, וויא אונטערגעהאַקט, זיינע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין צוויי שטאַרקע פויסטען און זיינע אויגען האבען געגליהט מיט א זאָנדערבאַרען פייער.

פעפע מאַמיאַני האט זיך אומגעקוקט. ער האט געזוכט דעם רוסישען אפיציער. אזוי וויא ער האט איהם אבער אין ערגעץ ניט געזעהן, האט ער א מאַך געטהאָן מיט דער האנד.

— צום טייפעל מיט דיעזע קאַרבאָנאַרי! האט ער געזאגט. איך וואָלט שוין אביסעל אויסגעקוועטשט דיעזען רוסע. ער האט געלד אין זיין לעדערנעם גאַרטעל. איך קען עס אבער ניט טהאָן, ער האט מיר געבראַכט דעם צייכען. ער וויל מיר פאָרלעגען א געשעפט און, ווען איך זייב אן מיט איהם צו רעדען פון'ם געשעפט, וואס ער וויל מיר פאָרלעגען, גליטשט ער זיך ארויס, ווי א פיש און פערפיהרט מיך, איך זאל מיט איהם שפיעלען. — אבער גענוג! מאָרגען מוז עס אן ענדע נעהמען. ער מוז מיר זאגען, וואס ער וויל, אדער ער מוז זיך געהן פון דאנען. איך קען אזעלכע מענשען ניט האלטען ביי מיר אין לאַגער.

ער האט איהם נאכגעזוכט א פאר מינוטען מיט דיא אויגען און איז אוועקגע־גאנגען צו זיך אין הייל....

דיא באַנדע רויבער האט זיך אונטערדעסען פערזאַמעלט ארום פייער. מען האט גערעדט, געשריען, געליארמט, געלאַכט, זיך געשאָלטען, זיך געזיעדעלט. פלעשער שנאַפס זיינען געפלויגען פון האנד צו האנד. צוויי שטאַרקע מענער זיינען געשטאַנען לעבען ניקאָלאַ און האבען אויף איהם אכטונג געגעבען, ער זאל ניט אוועקגעהן.

— טרינק, זאג איך דיר, האט איהם איינער צוגערופען און האט איהם געגעבען א פלאַש שנאַפּס. טרינק, דוא נאַרר. דאס מערבען איז שעהן. דוא וועסט אבער גע-פינען טויזענד שעהנערע פון איהר און וועסט זיא באלד פערגעסען. — טרינק, זאג איך דיר. מיר ווייסען ניט, וואס מאָרגען וועט מיט אונז זיין. מעגליך, אז מאָרגען הענגען מיר ביידע ערגעץ אויף א גאַלגען. לאָמיר, אלזא, היינט לעבען.

ניקאָלא האט געשוויעגען און האט דיא פלאַש ניט גענומען.

— שלאג זיא דיר ארויס פון'ם קאָפּ, האט איהם אנאנדערער געזאגט. דיין גליק איז נאך, ואס דער ווילדער אנטאניא פעסקאַרע איז נאך ניט געקומען מיט זיינע מענשען. דוא ווייסט דאך, אז ער איז פיעל ערגער פון'ם קאַפּיטאַן.

ניקאָלא איז געשטאַנען, וויא פערשטיינערט. ער האט ניט געוואוסט, וואס מען רעדט צו איהם. אין זיין קאָפּ האט זיך אויסגעארבייט א שרעקליכער, שווידערהאַפטער פּלאַן.

— איך זאג דיר, טרינק! האט אויסגערופען א דריטער און האט איהם געוואלט אריינגיעסען מיט געוואלד א בעכער שנאַפּס אין מויל אריין. — וואס מאכסט דוא זיך נאַרריש? דוא וועסט שטענדיג געפינען א פרומען גייסטליכען, וועלכער וועט דיך פער-בינדען מיט איהר מיט אלע צערעמאָניען פון דער הייליגער קירכע.

— וואס רעדט איהר מיט איהם? ווארפט גורל! עס ווערט שפּעט. האט זיך אנגערופען א הויכער, שטאַרקער רויבער. אט זיינען דיא קאַרטען. — מאכט פּלאַץ, לאָמיר ווארפען גורל. — דוא, ניקאָלא, זאלסט ארויסציעהען דיא ערשטע קאַרט. דוא ביסט דאך איהר ברייטיגאַם און דוא האסט זיא דאך פערפיהרט צו אונז.

דיא רויבער האבען זיך אביסעל צורוקט. איינער האט זיך געשטעלט אין דער מיט און האט געהאלטען אין דיא הענד א צונויפגעלעגטע טאַליע קאַרטען.

— ווילט איהר ציעהען דיא קאַרטען פון מיין האנד, אדער זאל איך זיי צולעגען אויף דער ערד פאר יעדען א קאַרט?

— מיר וועלען זיך אניעדערזעצען, איינער וועט אויסמישען דיא קאַרטען און אנאנדערער וועט לעגען פאר יעדען פון אונז א קאַרט, האָבען זיך אפּגערופען מעהרערע שטימען.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט פון איינער פון דיא היילען א לאַנגען, שרעקליכען, הערצרייסענדען געשריי פון א מענשען, וועלכען מען ווארגט. — צוויי מאל — דריי מאל האט געהילכט דאס געשריי אין דיא בערג. — צו הילף! צו הילף! רעטעט! רעטעט! — שוואכער און שוואכער איז געווארען דאס שרייען, ביז עס איז פערשטומט געוואָרען.

ניקאלא איז אויפגעשפּרונגען, גלייך וויא א שלאנג האט איהם א ביס געטהאַן, זיינע אויגען האבען געברענט, זיינע ליפּען האבען עטוואס געזאגט. ער האט געוואוסט, פון וואנען דאס געשריי קומט. ער האט געפיהלט, וואס עס בעדייטעט. ער האט ארויסגעהאַפּט זיין רעוואָלווער —

— זיי א מאן, ניקאלא, האט איהם געזאגט איינער פון דער באנדע, זיין פריינד. זיי א מאן. דוא קענסט דאך גאר גיט העלפען. דוא האסט דאך געשווארען, אז דוא

זאלסט פאלגען דעם קאפּיטאן — נור איין געדאנק קען דיך טרייסטען. —

ער האט זיך איינגעבויגען צו איהם און האט איהם געזאגט אויפ'ן אויער:

— וועגדעטא! (דיא ראכע!)

ניקאָלא האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. דער באנדיט האט א ניעדער-געלעגט דיא האנד אויפ'ן גריף פון זיין סטילעט. ניקאלאי האט איהם פערשטאנען. — אלזא, ער האט א פריינד, וועלכער וועט איהם העלפען אין דער נויט זיך נוקם צו זיין אן זיין פיינד, אן פעפע מאמיאני. פון דיעזער מינוט אן האט ער זיך בערוהיגט. ער האט זיך געזעצט אויף דער ערד לעבען זיינע קאמעראדען רוהיג און ענטשלאפען. ער האט מעהר נים געקוקט אין דער זייט, וואו עס האבען זיך געפונען דיא פערשלאסענע טהירען. ער האט פעסט און קאלטבלוטיג געקוקט, וויא מען האט געמישט דיא קארטען.

— זאל מען דיר אויך געבען א קאָרט? האט געפרעגט דער עלטסטער פון דיא רויבער, וועלכער האט אויסגעטהיילט דיא קארטען.

— גיב אהער, האט ניקאלא געענטפערט פעסט.

מען האט אויסגעטהיילט דיא קארטען. דיא רעגעל איז ביי זיי געווען, אז דיא רויטע פארבען פון דיא קארטען זיינען דיא עלטערע, דיא שווארצע פארבען זיינען דיא קלענערע. ווען מען האט צוטהיילט דיא קארטע און יעדער האט בעקומען זיין קארט, האט דער עלטסטער געזאגט:

— דעקט אויף אייערע קארטען.

יעדער האט אויפגעדעקט זיין קארט. ניקאלא האט געהאט דאס צווייטעל הערצען.

— פערדאמט! האט אויסגעשריען לעבען איהם א באנדיט. איך האב טויז הערצען. איך בין דער ערשטער. איך מוז אבער היינט ביי נאכט שטעהן אויף דער וואך אויבען אויפ'ן שטיין.

— בייט זיך מיט ניקאלא! האבען אויסגערופען אייניגע שטימען. ער וועט דיר נאך דאנקען, ווען דוא וועסט זיך מיט איהם בייטען.

ניקאלא איז נאך אלץ געזעסען בלייך, אבער רוהיג. ווען ער האט דערהערט דעם פארשלאג, אז ער זאל זיך בייטען מיט זיין קאמעראד, האט ער ארויסגענומען זיין בייטעל מיט געלד און האט איהם געוויעזען.

— איך האב דא פערציג נאפּאָלעאָנס. איך גיב זיי דיר, ווען דוא ווילסט זיך מיט מיר בייטען. איך שווער דיר, אז אום האלבע נאכט וועל איך קומען צו דיר און וועל מיך שטעלען אויף דער וואך פאר דיר. דאס מעדכען וועט דאמאלס דיר געהערן אויף פיער און צוואנציג שטונדען.

דיא אויגען פון'ם באנדיט, וועלכער האט געהאט דיא טויז הערצען, האבען אנגעהויבען צו פונקעלן, ווען ער האט דערזעהן דעם שווערן בייטעל מיט געלד.

— צוגעשלאגען! האט ער אויסגערופען און האט אויסגעשטרעקט דיא האנד נאכ'ן געלד.

ניקאלא האט איהם דערלאנגט דעם בייטעל מיט'ן געלד און דער באנדיט האט איהם געגעבען דיא טויז הערצען. דאן האט ער גענומען א פלאש שנאפּס, האט אויס-געטרונקען דיא העלפט, האט גענומען זיין ביקס און איז אוועקגעגאנגען זיך שטעלען

אויף דער וואך אויפ׳ן שטיין, פון וואנען מען האט געקענט איבערקוקען דיא גאנצע געגענד.

ניקאלאי איז געבליעבען זיצען רוהיג אויף זיין ארט. דיא באנדע ארום איהם האט געגעסען, געטרונקען און געליארמט. דער רוסע איז וויא פערשוואונדען, קיינער האט איהם מעהר ניט געזעהן און קיינער האט זיך ניט געקימערט אום איהם.

עס איז געווארען שפעט אין דער נאכט. איינער פון דיא באנדיטען האט ארויס־גענומען א גאָלדענע אוהר, וועלכע ער האט ערגעץ אוועקגערויבט און האט א קוק געטהאן. עס איז געוועזן עלף אוהר.

— עס איז צייט צו געהן שלאפען, האט ער געזאגט מיט א געגעץ.

אין דיעזע מינוט איז צו זיי צוגעקומען פעפע מאמיאני.

— נעהמט צו פון מיר דיעזע פערדאמטע בעסטיע! האט ער געזאגט גראב. זיא האט מיר שוין פערוויינט דעם קאפּ. ווען געהערט זיא מארגען?

— מיר, האט ניקאָלא געענטפערט רוהיג.

פעפע מאמיאני האט פערביסען מיט דיא ליפען. וויא ווילד ער איז געוועזן, האט ער דאך אין דיעזע מינוטע געפיהלט, אז ער האט צערשטערט א מענשענלעבען און האט זיך געמאכט א פיינד צווישען זיין אייגענע באנדע. דיעזעס געפיהל האט אבער געדויערט נור איין סעקונדע. באלד האט זיין געזיכט אנגענומען דעמזעלבען ווילדען, הארטען אויסדרוק, וויא פריהער.

— נעהם זיא! האט ער געזאגט, און געה מיט איהר צום טייפעל.

— צום טייפעל וועל איך זיא אויך נעהמען, פעפע מאמיאני, האט דער יונגער מאן געענטפערט רוהיג און קאלט.

— ניט מיר וויין, האט דער רויבער־הויפּטמאן געשריען.

מען האט איהם געבראכט א קרוג וויין און ער האט זיך געזעצט טרינקען מיט א פּאָר פון זיינע קאמעראדען. דיא איבעריגע האבען זיך איינער נאכ׳ן אנדערן געלעגט שלאפען.

מיט איינינע מינוטען שפעטער האט מען געזעהן, וויא ניקאלא איז צוגעגאנגען צו איינע פון דיא היילען און האט געעפענט דיא שווערע טהיר. ער איז אריין און האט ארויסגעפיהרט, אדער ריכטיגער געזאגט, ארויסגעטראגען א מענשענגעשטאלט. דיא רויבער, וועלכע זיינען געזעסען ביים פייער, האבען געהערט דאס שטילע, אבער הערצ־רייסענדע וויינען און כליפּען פונ׳ם אונגליקליכען מעדכען. ער האט זיא געפיהרט ערגעץ אויף א שטיין, ווייטער פונ׳ם פייער. באלד איז ער מיט איהר פערשוואונדען.

אין לאנגער איז געווארען אלץ שטילער און רוהיגער. דער ריינע, העלע מאנד איז אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא סצענע פון אזא ווילדעס אונמענשליכעס לעבען. יעצט איז אבער אלעס געוועזן שטיל, אלעס רוהיג, אלעס איז געלעגען פערטיעפט אין שלאף. — האָרך! וואס איז דאס? — א געשריי?.... א טאָדעס געשריי? — יא! דאס איז דער לעצטער געשריי פון א יונגעס, אונגליקליכעס לעבען!

— — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין ניט וויט צו טאג. דער באנדיט, וועלכער איז געשטאנען אויף

דער וואך, איז מיעד געווארען, האט זיך אניעדער געזעצט אויפ׳ן שטיין און איז אנטשלאפען געוואָרען. פלוצלונג האט זיך א שווערע האנד ארויפגעלעגט אויף זיין פלייצע.

— שטעה אויף, טאַנקרעד, איך האלט מיין ווארט. איך בין געקומען זיך שטעלען אויף דער וואך פאר דיר.

דיא פארשלאפענע וואך איז אויפגעשפרונגען און האט זיך געחאפט צו זיין ביקס. ווען ער האט אבער דערזעהן, אז ניקאָלאָ שטעהט פאר איהם, האט ער זיך בערוהיגט.

— דוא ביסט ווירקליך א גוטער קאמעראַד, האט ער איהם געזאָגט. דוא ביסט ווערט, אז מען זאל עפּעס טהאן פון דיינעטוועגען.

— איך בין געקומען דיך איבערבייטען. איך האלט מיין רויבער וואָרט, האט ניקאָלאָ געזאָגט פינסטער. — דוא קענסט זיא יעצט נעהמען. זיא געפינט זיך ניט ווייט פון דאנען אונטערן גרויסען שטיין.

— ניין, פריינד, איך טרעט זיא דיר אפּ, האט דער באנדיט געזאגט. זיא איז דאך דיין בראוט. אונזער קאפּיטאן האט אונרעכט געהאט, וואס ער האט זיא ביי דיר צוגענומען. איך וועל איבעררעדען מיט דיא אנדערע, אז זיי זאלען זיך אויך אפּזאגען פון איהר.

— נעה, קאמעראַד! האט ניקאָלאָ געזאָגט מיט א זאנדערבאַרע שטימע. נעה! זיא איז אייערע.

ערשט יעצט האט זיך דער באַנדיט צוגעקוקט צו ניקאָלאָ און האט זיך אנגעחאַפּט ביים קאָפּ.

— וואס איז דיר, קאמעראַד? דוא זעהסט אזוי שרעקליך אויס. וואס האסט דוא געטאָהן?

— לאז מיך, פריינד, אליין. איך מוז זיין אליין, האט ניקאָלאָ געבעטען.

דער באנדיט האט איהם איינגע מינוט בעטראַכט מיט שטוינען. דאן האט ער ארויפגעווארפען דיא ביקס אויף דיא פלייצעס און איז לאנגזאם אראפּגעגאנגען אין טהאל צו זיינע קאמעראדען.

ווען ניקאלא איז געבליעבען אליין, האט ער זיך אניעדערגעזעצט אויפ׳ן שטיין, אויף וועלכען זיין קאמעראד איז נור וואס געזעסען, האט אניעדערגעשטעלט זיין ביקס לעבען זיך און האט ארויסגענומען פון׳ם מאנטעל א סטילעט, פון וועלכען עס האט נאך געטריפט פרישעס, ווארעמעס רויטעס בלוט. ער האט בעטראַכט דעם סטילעט, האט איהם געהאלטען הויך אין דער לופט. זיין געזיכט איז געווארען אלעס פינסטערער און שרעקליכער. עס איז געווען אונמעגליך צו דערקענען אין איהם א מענשענגעזיכט.

ער איז אזוי געזעסען א געראַומע צייט מיט׳ן בלוטיגען סטילעט אין דער האנד. דיא פינסטערע נאכט איז פערשוואונדען, אין אסטען (מזרח זייט) האט זיך געוויעזען א העלער ראַזענשיין. באַלד האט דער ערשטער שטראהל פון דער אויפגעהענדער זון געציטערט אויף דיא שפּיצען פון דיא הויכע בוימער. ער איז אויפגעשפּרונגען, האט א קוש געטהאן דעם פערבלוטיגטען סטילעט, האט איהם אוועקגעלעגט אויפ׳ן שטיין און האט ארויסגענומען פון׳ם גארטעל זיין פּיסטאָלעט. ער האט איהם גוט בעטראַכט, האט זיך צוגעקוקט, אויב ער איז שארף געלאַדען, דאן האט ער צוגויפגעלעגט דיא

הענד, גלייך וויא ער האט געוואָלט בעטען גאָט. זיינע ליפּען האבען ווירקליך עטוואָס געמורמעלט. ער האט זיך נאך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט צוגעלענט דעם פּיסטאָלעט זיך צום שטערן.

— איין אויגענבליק —

דער פּיסטאָלעט איז אוועקגעפלויגען ערגעץ וויים און האט דארט אויסגעשאָסען. א פרעמדער מאן איז געשטאנען הינטער איהם.

— זיך אליין נעהמען דאס לעבען טהוט נור א פייגלינג, א שוואכער מענש, וועלכער קען ניט איבערטראָגען דעם שווערן קאמפּף פון לעבען און גיט זיך אונטער, — האט געזאגט הינטער איהם א שטארקע מענער שטימע. — דער שטאַרקער מענש מוז ווייזען, אז ער איז שטארקער פון דער נויט, העכער פון עלענד און גרעסער פון זיינע ליידען. ער מוז אויסקעמפּפען דעם לעבענסקאמפּף ביז צו לעצט. שטאָלץ מוז מען זיין! זיך ניט אונטערגעבען!

ניקאָלאָ איז געבליעבען שטעהן צומישט. ער האט ניט געוואוסט ניט וואס צו זאגען, ניט וואס צו ענטפערן דעם פרעמדען. פּלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז ער שטעהט דא אויף דער וואך. ער האט אויפגעהויבען זיין ביקס און האט אויסגערופען:

— ווער זיים איהר? — נים מיר דאס פּאסיר וואָרט, אָדער איך שיס אויף אייך!

— נארר, וואס דוא ביסט! האט דער מאן געלאכט, ווען איך זאל זיין א פיינד, וואלט איך דאך דערלאזען, אז דוא זאלסט זיך דערשיעסען און איך וואָלט מיר רוהיג ווייטער געגאנגען. — דוא זעהסט דאך, אז איך האב נים דערלאזען, דוא זאָלסט זיך טייטען. — דוא ווילסט דאס פּאסיר וואָרט? — נא, אט האסט דוא עס: „סארענטי און דיא ברידער פון סטילעטט“.

ניקאָלאָ האט אניעדערגעשטעלט זיין ביקס. דאס פּאסיר וואָרט איז געווען ריכטיג. ער האט א פּאר מינוטען בעטראַכט דעם פרעמדען. דאן האט ער איהם געפרעגט:

— איהר מוזט מיר דאך זאגען: ווער זיים איהר? און וואס ווילט איהר דא, אין מאנטע וויטארע?

— ווער איך בין? — אן אונגליקליכער, וועלכען דיא מענשען פערפאָלגען, ניט ווייל איך האב זיי עפּעס שלעכטעס געטאהן, זאנדערן, ווייל איך קען ניט צוזעהן דאס שלעכטע, וואס מען טהוט זיי. — וואס איך וויל אויפ׳ן מאנטע וויטארע? — איך וויל זוכען שוץ און זיכערהיים ביים בעריהמטען קאפּיטאן פּעפּע מאמיאני.

— שוץ, זיכערהיים ווילט איהר זוכען ביי פּעפּע מאמיאני? האט געלאכט מיט א שרעקליכען, ביטערן געלעכטער ניקאָלאָ. שוץ ווילט איהר זוכען אין דער הייל פון א וואָלף? זיכערהיים — אין דיא צעהנער פון א טיגער? — פרעמדער! איך ווייס ניט, אויב איך זאָל אייך דאנקען, וואָס איהר האט מיר ניט דערלאזען מיט א מאל לויז ווערן פון דיעזען פערדאממטען לעבען, אדער איך זאל אייך שילטען דערפאר, — אלענפאלס וועל איך אייך ראטהען און ווארנען: געהט ניט צו פּעפּע מאמיאני!

מאדזיני — דאס איז געווען דער פרעמדער — האט געפיהלט מיטלייד מיט דיעזען זאנדערבארען באנדיט, וועלכער האט אזוי פיינט זיין פּראפעסיאָן. ער האט

פערשטאנען, אז דיזער מענש קען איהם ניצליך זיין אין דאס שווערעס אונטערנעהמען צו בעפרייען מיס גרענוויל. ער איז געווען א גוטער מענשענקענער און האט געוואוסט, אז דורך צוטרויען קען מען זיך ערווערבען צוטרויען און דורך פרייע אפענהערציגקייט קען מען געווינען פרייע אפענהערציגקייט. ער האט זיך דאהער ענטשלאסען צו רעדען אפענ־הערציג מיט'ן יונגען מאן. ער האט זיך אניעדערגעזעצט לעבען יונגען מאן און האט איהם דערצעהלט דעם צוועק פון זיין קומען. ער האט גערעדט אזוי לאנג און אזוי הערצליך, אז ניקאָלאָ איז געוואָרען גערירהרט און האט איהם דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע. וויא ער האט זיך בעקענט מיט דעם מעדכען, וויא ער האט זיא אנגעהויבען צו ליעבען, וויא זיי האבען אפגערעדט, זיי זאלען הייראטהען, זיך קויפען ערגעץ א שטיקעל לאנד און זיך בעזעצען. וויא אזוי דיא רויבער זיינען אנגעפאלען אויף דער ווילא סארענטי און איהם האט מען אוועקגעשיקט ערגעץ שטעהן אויף דער וואך וויא מען האט געבראכט דאס מעדכען צוזאמען מיט מיס גרענוויל אין לאגער און וואס פעפע מאמיאני האט געטאהן.

— און וואס איז געווארען פון דעם אונגליקליכען מעדכען? האט מאדזיני גע־פרעגט.

— איך האב זיא בעפרייט פון שאַנדע, האט ניקאָלאָ געענטפערט פינסטער. — פרעגט מיך ניט, וויא אזוי איך האב זיא בעפרייט. איהר וועט עס באלד געוואהר ווערן, ווען איהר וועט קומען אין לאגער.

מאדזיני האט גענומען זיין האנד און האט געזאגט ערנסט און צוטרויליך.

— דוא האסט מיר געשענקט דיין צוטרויען און האסט מיר דערצעהלט דיין גע־שיכטע. איך וועל דיר אויך שענקען מיין צוטרויען און וועל דיר אויסזאגען דיא וואר־הייט. איך קום אויסשליעסליך אום צו בעפרייען דיא ענגלישע דאמע, וועלכע פעפע מאמיאני האט דורך דיר אוועקגערויבט פון דער ווילא סארענטי.

ניקאָלאָ האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט און דערשראָקען.

— אבער ווער זייט איהר? האט ער געפרעגט איבערראשט. — וויא הייסט איהר?

— איך בין קיין שפיאן און קיין זשאנדארם. איך בין אויך איינער פון דיא אויסגעשטויסענע און פערטריבענע פון דער מענשליכער געזעלשאפט. איך ליעב אבער יענע דאמע, וויא דוא האסט געליעבט דיין מעדכען. איך וויל זיא רעטען. איך וויל ווייזען דעם ווילדען פעפע מאמיאני, וויא אזוי צו רויבען אונשולדיגע פרויען. ווילסט דוא, גיב מיר דיין האנד. מיר וועלען ביידע זיך רעכען אן דעם ווילדען רויבער.

ער האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד. ניקאָלאָ האט אנגענומען דיא אויס־געשטרעקטע האנד און האט געזאָגט מיט א פרייליכער שטימע:

— איך שווער אייך ביי אלע הייליגע, אז איך וועל אייך העלפען און שטיצען ביז אין מיין לעצטען טראָפען בלוט. וואס איהר האט מיר געזאגט וועט בלייבען בע־גראבען ביי מיר אין הארצען. — איך וואלט אייך שוין געלאזען דורכגעהן, איך טאר עס אבער ניט. מיר האבען א בעפעהל, אז זאגאר דעם, וועלכער וויים דאס פאסיר וואָרט, טאָר איהם דיא וואך ניט דורכלאזען, ביז עס קומט אן נאך איינער. — אָבער הארך! — שריטע — מען קומט! — עס איז נאך ניט דיא צייט!

באלד איז ווירקליך אנגעקומען איינער פון פעפע מאמיאניס ליעטענאנטען מיט נאך א רויבער.

— דוא ביסט נאך דא, ניקאָלאָ? האט ער איהם צוגערופען פון דערווייטען. מיר האבען אלע געמיינט, אז דוא ביסט שוין ערגעץ אנטלאפען. — וואס האסט דוא געטאָהן? פאר וואס האסט דוא דערשטאכען דאס מעדכען? טאנקרעד איז זיא געגאנגען זוכען און האט זיא געפונען אין א טייך מיט בלוט. ער האט זיך אזוי דער-שראקען, אז ער איז געקומען צו לויפען ניט טויט, ניט לעבעדיג אין לאגער. דער קאַ-פיטאן איז אויסער זיך.

— וואס האט דער קאפיטאן בייז צו זיין? האט ניקאָלאָ געענטפערט פינסטער. ער האט געפאָדערט דאס געזעץ פון דיא רויבער. איך האב געמוזט נאכגעבען. דאס געזעץ זאגט מיר, אז אויף פיער און צוואנציג שטונדען געהערט זיא צו מיר. איך האב בענוצט מיין רעכט. יעצט געהערט זיא צו דער גאנצער באנדע.

— דוא ווערסט זיך שוין אויסטענהן מיט'ן קאפיטאן, האט דער ליעטע-נאנט געזאגט און איז צוגעגאנגען נעהנטער. אלענפאלס האט דער קאפיטאן געשיקט אנאנדער וואך. קום מיט מיר. —

אין דיעזער מינוט האט ער דערזעהן דעם פרעמדען זיצען אויפ'ן שטיין.

— ווער איז דער? האט ער געפרעגט פערוואונדערט.

— דער מאן האט מיר געגעבען דאס פאסיר וואָרט. אזוי וויא אבער איך קען איהם ניט, האב איך איהם אויפגעהאלטען, ביז איינער וועט צו קומען.

— דאס איז גוט, דוא ביסט דאך א גוטער מענש. שאדע, וואס עס איז געשטערן פארגעקומען.

ער האט זיך געווענדעט צום פרעמדען.

— ווילט איהר פיעללייכט איינטרעטען אין אונזער באנדע, הערר? האט ער איהם געפרעגט

— איך בין א פריינד פון דאנילא פעטראוויטש. איך וויל ביי אייך ווארטען, ביז ער וועט צוריק קומען. ער האט מיר געגעבען דאס פאסיר ווארט און דעם צייכען.

— דאנילא פעטראוויטש איז ניט פארזיכטיג, האט דער רויבער געזאגט. ביי אונז אין לאגער איז שוין דא א פרעמדער גאסט. איינער איז גענוג. צווייא זיינען צו פיעל. — דאס איז אבער ניט מיין זאך. דאס געהערט צום קאפיטאן, ווען ער וועט אייך ערלויבען צו בלייבען, וועט איהר מוזען בלייבען אין לאגער. — קומט מיט מיר. קום דוא אויך, ניקאָלאָ! איך ווינש, אז דוא זאלסט ניט ליידען פון קאפיטאן. ער איז שרעקליך אויפגערעגט.

— ווער עס האט געטאהן, וואס איך האב געטהאן, דער קימערט זיך ווייניג, וואס א קאפיטאן איז אויפגערעגט, האָט ניקאָלאָ געענטפערט.

ער האט שטאלץ ארויפגעלעגט זיין ביקס אויף דיא פלייצעס און איז געגאנגען מיט דיא צווייא מענער אין לאגער.

---

## 10טעס קאפיטעל.

# גראף דע ריוועראַ.

**דער קריעג האט אויסגעבראָכען.** דיא אלטע קייזער־שטאָדט וויען איז אונרוהיג און אויפגערעגט. אלע געשעפטען שטעהן שטיל, נור דיא צייטונגען מאכען גוטע געשעפטען. יעדער לעזט, יעדער וויל וויסען, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן שלאכט פעלד. יעדער איז בעזארגט, יעדער איז נייגיעריג. אָפיציערען, גענעראלען און קוריערן קומען אין דיא האפבורג, דעם קייזערליכען פאלאץ אין וויען, געהן, לויפען און פאהרען.

אין איהר הויז אין דער רינגגאססע ליעגט אננא באלצער אויף איהר ווייכען, זיי־דענעם דיוואן. און טראכט, זיא וויזט אויס טרויעריג און אונצופריעדען. פארן דיוואן אויף א קליין טישעלע ליעגען אנגעלעגט בריעף און דעפעשען. דיא שעהנע פרוי קוקט זיך אויף זיי ניט אום, זיא האט איינעם ניט געעפענט.

— איך האב מיך געשטארקט, האט זיא ענדליך געזאגט צו זיך, איך קען עס אבער מעהר ניט אויסהאלטען. איך קען איהם ניט פערגעסען — איך ליעב איהם דאך....

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון'ם דיוואן, איז זיך דורכגעגאנגען אביסעל אין צימער, האט א קוק געטהאן אויף דעם הויפען בריעף און דעפעשען, וואס איז געלעגען ביי איהר אויפ'ן טיש און האט ווייטער געזאגט:

— איך האב געוואלט האבען מאכט און הערשען איבער דיא מענער. איך האב שוין מיין ציעל באלד דערגרייכט. איך ווייס געהיימניסע, פאר וועלכע א קייסער וואלט מיר אוועקגעגעבען זיין קרוין. איך קען יעצט טרעטען מיט דיא פיס דיא העכסטע און דיא גרעסטע. — וואס העלפט עס מיר אבער? איך ליעב איהם דאך.... איך קען איהם ניט פערגעסען.... ער איז דאך אזוי שעהן! — ווער איז ער? א קינד.... ער שטעהט פיעל ניעדעריגער פון מיר. ער ווייס גאר ניט, וואס עס טהוט זיך ארום איהם; איך ליעב איהם אבער. איך דענק נור פון איהם, איך טרוימע נור פון איהם. ווען דער זיסער שלאף פערמאכט מיינע אויגען און פערדונקעלט מיינע געדאנקען, שטרעק איך אויס מיינע הענד צו איהם — איך מוז איהם האבען! איך קען ניט לעבען אחן איהם!

זיא איז צוריקגעגאנגען צו איהר ווייכען דיוואן און האט זיך אניעדערגעזעצט. איינינע מינוטען איז זיא געזעסען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. פלוצלונג האט זיא גענעבען א ציטער, גלייך וויא זיא האט געוואלט פון זיך אראפשאקלען איהרע טרוי־עריגע געדאנקען.

— ווער האט איהם דען אוועקגערויבט פון מיר? — זיא? דיא פאָרנעהמע גרעפין, וועלכע איז פון קינדווייס אן געוואינט געווארען צו גליק און צו אלע פריידען און פערגניגונגען אין לעבען. זיא האט איהם ביי מיר אוועקגערויבט. עס איז איהר ווענינ איהר הויכער טיטול, איהר רייכקייט און איהר גליק. זיא האט נאך ביי מיר געמוזט צונעהמען מיין איינציגע פרייד, מיין איינציגעס גליק — מיין ליעבע? — איז עס רעכט אזוי? איינע זאל האבען אלעס און דיא אנדערע גאר ניט?

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב=טיש, האט געעפענט א שובלאדע און האט ארויסגענומען א קאנווערט, אין וועלכען עס איז געלעגען א פאָטאָגראפישע קארטע.

דאס איז געווען דאס פאָטאָגראַפישע בילד פון דער גרעפין קלארא פאן פראנקענשטיין. זיא האט בעטראַכט דאס בילד פון אלע זייטען.

— איך זעה גאר ניט, מיט וואס זיא האט איהם געקענט צוציעהען, דיעזע שטאלצע גרעפין, האט זיא ווייטער געזאגט. זיא איז גאר ניט אזוי שעהן. איהרע אויגען ווייזען אויס קאלט און לאנגוויילינג. — איהר ליעבע דארף זיין אזוי קאלט און אזוי לאנג־וויילינג, וויא איהר געזיכט. —

איהרע פינגער האבען געציטערט און האבען צוקנייטש דאס בילד אין איהר האנד. — אין דיעזע מינוט האט מען אנגעקלונגען אן דער טהיר. זיא האט געחאפט דאס צוקנייטשטע בילד און האט עס אריינגעווארפען אין דער שובלאדע. אין א סעקונדע האט זיך איהר געזיכט פערענדערט. זיא איז ווידער געווארען רוהיג און גלייכגילטיג.

דאס קאמער־מעדכען איז אריינגעקומען מעלדען, אז גראף דע ריווערא איז געקומען און באלד נאך איהר איז גראף דע ריווערא אריין אין צימער. ער איז געווען עלעגאנט געקליידעט, וויא אימער. אויף זיינע ליפען האט געשפיעלט א זאנדערבארער שמייכעל. ער איז צוגעגאנגען צו דער יונגער פרוי, האט גענומען איהר שעהנע, שנעע־ווייסע האנד און האט צוגעלעגט צו איהר זיינע ליפען, ניט אלס געליעבטער, זאנדערן אלס העפליכער קאוואליער געגען א שטאלצע דאמע. זיא האט עס געפיהלט און האט געווארפען א בייזען בליק אויף איהר גאסט.

— נו, וויא האבען זיא געשלאפען? האט ער געפרעגט העפליך. איך מיין, אז דיעזעס הויז איז גאנץ רוהיג און זיכער. דיא גאס איז שטיל, קיין רעש, קיין ליארם. דיא גאנצע וועלט איז אויפגערעגט און פערזארגט, נור זיא, מיין פריינדין, זיינען רוהיג און צופריעדען.

— עס זיינען אנגעקומען פיעל בריעף און דעפעשען, האט זיא געזאגט גלייכגילטיג און האט איהם געוויעזען אויף דעם הויפען, וואס איז געלעגען אויף איהר טישעלע.

— זיים איהר זיכער, טהייערע פריינדין, אז עס פאלט קיינעם ניט אויף, וואס עס קומען אייך אן אזוי פיעל בריעף? האט ער געפרעגט.

— אהז מען איז שוין געוואינט דערמיט, אז איך זאל בעקומען יעדען טאג פיעל בריעף; עס וועט קיינעם ניט איינפאלען, אז צו מיר זאלען אנקומען בריעף פון אזא וויכטיגען אינהאלט.

גראף דע ריווערא האט צוגערוקט דאס טישעלע צום פענסטער, האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אנגעהויבען צו עפענען איין בריעף נאכן אנדערן. איינינע האט ער איבערגעלעזען און אוועקגעלעגט אן א זייט. אויף אנדערע האט ער זיך פער־טראכט. ווען ער איז געקומען צו דיא דעפעשען, האט ער ארויסגענומען פון בוזים־קעשינע א לעדערנעם פארטפעל. דארט איז געלעגען א ביינעלע פאפיער, אין וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשניטען פענסטערליך, קעסטעלעך און רעדעלעך. דיעזעס ביינעלע פאפיער האט ער ארויפגעלעגט אויף דיא דעפעשען און האט זיי געלעזען. — דיא דעפעשען זיינען געווען שיפרירט, געשריעבען פערשטעלט, אז קיינער זאל זיי ניט פערשטעהן.

איך וועל געבען מיינע לעזער א קורצע ערקלערונג איבער שיפרירטע דעפעשען,

אדער וויא אזוי מען שרייבט פאָליטישע דעפּעשען, אז קיינער זאל זיי אויף קיין פאל נים קענען פערשטעהן.

אין אזא פאל מוז מען פריהער אָפּריידען, וויא אזוי צו שרייבען דיא דעפּעשען. עס זיינען דא פערשיעדענע ארטען, וויא אזוי צו שרייבען אזעלכע דעפּעשען. איך וויל דא בעשרייבען נור איין ארט. אלעס בעשרייבען איז אונמעגליך. עס וועט פערנעהמען צופיעל פּלאַץ.

דיא צוויי מענשען, וועלכע פיהרען דיא געהיימע קאָרעספּאָנדענץ רעדען אָפּ צווישען זיך, אז ווען ער וועט איהם וועלען טעלעגראפירען: ער איז היינט אנגעקומען, זאל ער שרייבען עטוואס אנדערש. צוםביישפּיעל. דער בארא[ן] פאָן שטיין איז היינט אוועקגעפאהרען און באלד אנגקומען קיין פאריז. אום דער אנדערער זאל אבער וויסען, וועלכע ווערטער זיינען נעטהיג און וועלכע נים, שניידעט מען אויס אין א ביינעלע פּאַפּיער לעכער. דער, וואס ערהאַלט דיא דעפּעשע, לעגט ארויף דאס ביינעלע פּאַפּיער אויף דער דעפּעשע. דאס וואָרט וואס איז נעטהיג, קומט אויס אין פענסטעריל, אין לאך פון'ם ביינעלע פּאַפּיער. דאס וואָרט, וואס איז נים נעטהיג, בלייבט פערדעקט. דאס ביינעלע פּאַפּיער הייסט דער שליעסעל.ביידע מענשען, וועלכע פיהרען דיא געהיימע קאָרעספּאָנדענץ, מוזען האבען א שליעסעל. דער, וואס שרייבט, מוז זעהן, אז דיא נעטהיגע ווערטער זאלען פּאסען צו דיא פענסטערליך אין ביינעלע פּאַפּיער — צום שליעסעל. ווען איינער זאל פערליערען אזא שליעסעל און מען זאל עס געפינען, וועט קיינעם נים איינפאלען, אז אזא צולעכערט און צוריסענעס ביינעלע פּאַפּיער זאל זיין אזוי וויכטיג און זאָל זיין א שליעסעל צו א געהיימער קאָרעספּאָנדענץ. ווען מען נעהמט איבער דיא דעפּעשע, קען אויך פון איהר קיינער נים קלוג ווערן, וואס זיא בעדייטעט, ווייל זיא איז געוועהנליך געשריעבען אזוי קלאר און אזוי דייטליך פון גאנץ אנדערע זאכען, אז קיינעם קען נים איינפאלען, אז דא דארף ער ארויסוואַרפען א גאנץ וואָרט, דאָרט דאַרף ער ארויסוואַרפען א האלב וואָרט און דא דאַרף ער ארויסוואַרפען צוויי אדער דריי ווערטער.

איך וואָלט דא פאָרגעשטעלט א ביישפּיעל פון אזא דעפּעשע, וועלכע מען האט איבערגענומען אין פראנצויזיש־דייטשען קריעג, זיא איז בעמערקענסווערטה, זעהר קלוג און זעהר וויציג. ליידער איז זיא געשריעבען אויף פראַנצויזיש און איך וויים, אז איינינע פון מיינע לעזער פערשטעהן נים קיין פראַנצויזיש. אויף אידיש אבער פערליערט זיא דעם גאנצען חיין.

יעצט וועלען מיינע לעזער פערשטעהן, וואס גראף דע ריווערא האט געטהאן ווען ער האט געלעזען זיינע דעפּעשען. ער האט געטראגען דעם שליעסעל אין זיין פּאָרטמאָנע, האט איהם ארויפגעלעגט אויף דיא דעפּעשען און האט זיי געלעזען. וואס ווייטער ער האט געלעזען, איז זיין געזיכט געוואָרען אימער פרעהליכער, אימער צו־פריעדענער. ווען ער האט איבערגעלעזען אלע דעפּעשען, האט ער אויפגעהויבען זיין קאָפּ הויך און שטאָלץ.

— איך זעה מיט פערגניגען, אז איך האב באלד געענדיגט מיין שווערע אויפגאבע, האט ער געזאגט אין דער הויך, אז דיא שעהנע פרוי זאל עס הערן. באלד וועט פער־

שוואונדען ווערן דער לינען און די פאלשקייט. די וואהרהייט וועט זיגען. דער היילינער פאטער אין רוים — דער פאבסט וועט ווייטער בעהערשען דיא וועלט און אלע וועלען איינבייגען זייערע קעפּ פאר דער היילינער קירכע.

— און וואס וועט פון מיר ווערן? האט דיא שעהנע פרוי געפרעגט און געקוקט דעם גראף גלייך אין דיא אויגען.

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, איז צוגעגאנגען צו דער שעהנער פרוי, האט זיך געזעצט לעבען איהר, האט גענומען איהרע הענד און האט זיי אנגעהויבען צו קושען.

— איהר, מיינע שעהנע פריינדין, האט ער געזאגט — איהר האט געטהאן זעהר פיעל פאר אונזער הייליגע זאכע. דורך אייערע הענד איז דורכגעגאנגען אונזער גאנצע קאָרעספּאָנדענץ. מיט אייער הילף בין איך געבליעבען פערשטעלט און קיינער האט ניט געוואוסט, ווער איך בין. — וואס איהר האט געטהאן פאר אונז, מוז בעלוינט ווערן. — איך פערשפּרעך אייך רייכקייט און א גלענצענדע שטעלע אין דער העכסטער געזעלשאפט. — וויא אזוי איך וועל עס מאכען און ווען איך וועל עס מאכען, קען איך אייך אין דיעזע מינוט ניט זאגען. — איך האָף, אז איהר האט אזוי פיעל צוטרויען צו מיר, אז איהר גלויבט מיר אויפ'ן וואָרט.

זיא האט איהם אנגעקועט שארף אין דיא אויגען און האט איהם געזאגט:

— איך צווייפעל ניט, אז איהר קענט האלטען אייער פערשפּרעכען און איך גלויב, אז איהר וועט עס געוויס האלטען. —

— אונזער ארבייט, שעהנע פריינדין, איז נאך ניט געענדיגט. עס עפענט זיך יעצט אויף א נייעס פעלד פאר אונז. יעצט ערשט וועט איהר האבען דיא געלעגענהייט ארויסצרווייזען אייער קראפט און אייער געשיקליכקייטען; יעצט ערשט וועט איהר אונז קענען ניצליך זיין. איך וועל אייך ארויפשטעלען אזוי הויך, אז קעניגע און קיסריים וועלען שטעהן ניעדעריגער פון אייך. — זעלבסט פערשטענדליך, ווען איהר וועט נור וועלען פערבלייבען אויף ווייטער מיין געהילפין און מיין טריע פריינדין.

— איך וויל פערבלייבען אויף ווייטער אייער געהילפין, האָט זיא מעזאָגט. — איך האב אבער א וואונש און איך וויל, אז איהר זאָלט מיין וואונש ערפילען.

— זאגט מיר נור ארויס אייער וואונש, האט דער גראף געענטפערט. ווען איך וועל נור קענען, ווען עס שטעהט נור אין מיין מאכט, וועל איך איהם געוויס ערפילען.

— איהר וועט עס געוויס קענען. אייער מאכט איז גרויס. איך האב שוין גענוג געזעהן, וואס איהר קענט און וויא גרויס אייער מאכט איז. איהר קענט ערפילען מיין וואונש.

— לאמיך הערן, האט דער גראף געזאָגט רוהיג.

זיא האט אראפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד און האט געשוויגען א פּאָר מינוטען. דער גראף האט געקוקט אויף איהר איבערראשט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס זיא וויל.

— ניט מיר צוריק מיין באראן שטילאָוו! האט זיא ארויסגעזאָגט האסטיג.

דער גראף האט זיא אנגעקוקט מיט שטוינען.

— אזא וואונש האב איך פון אייך ניט ערוואַרטעט, האט ער געזאָגט שאַ'ף און קאַלט. איך בין געווען זיכער, אז איהר האט שוין לאנג פערגעסען דיעזען קאַפּריז. — אויסער דעם שטעהט אייער וואונש ניט אין מיין מאַכט. איך קען אייך אין דיעזער בעציהונג גאר ניט פערשפּרעכען.

— איך גלויב אייך ניט, גראַף! האט דיא יונגע פרוי אויסגערופען, ער איז א קינד, איהם איז זעהר לייכט צו פיהרען, וואוהין מען וויל. איהר זייט אים שטאַנד ארומצופיהרען עלטערע און קליגערע מענשען פון איהם. אייך וועט עס זיין זעהר לייכט איהם צוריקצוברענגען צו מיר.

— איהר פערגעסט אבער — האט ער געזאָגט — אז — ער —

— איך פערגעס גאר ניט! האט זיא אויסגערופען און איהרע אויגען האבען געגלאַנצט מיט א זאנדערבארען פייער. איך פערגעס ניט, אז ער מיינט, אז ער איז פערליעבט אין א פּופּע, — א דאל — א קאַלטע און לאַנגווייליגע גרעפין. — איך וויים עס. איך וויל אייך העלפען אין אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען. איך וועל אנווענדען מיין גאַנצע קראַפט, מיין גאַנצען פערשטאַנד, מיין גאַנצען גייסט אוּף אייך צו דיענען. איך וועל טהאָן אלעס פון אייערט וועגען — נור גיט מיר מיין שטילאַה צוריק. —

— עס שטעהט אייך פריי צו טהאָן, וואָס איהר ווילט, האט דער גראַף געזאָגט לעבהאַפט. קיינער קען אייך קיין דעה ניט זאגען. — וואס טויג אייך אבער דיעזער יונגער מאַן? — איהר זאגט דאך אליין, אז ער איז א קינד?

— איך ליעב איהם אבער! האט זיא אויסגערופען.

דער גראַף האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט.

— פערצייהען זיא. — אזא קינד, אזא יונגען מענשען, וועלכער —

— ווייל ער איז יונג, ווייל ער איז א קינד, ליעב איך איהם — ער איז אזוי ריין, אזוי שעהן! האט זיא ווייטער געזאָגט, וויא צו זיך אליין.

דער גראַף איז געווארען ערנסט. ער האט געזעהן, אז זיא שפּאַסט ניט.

— מיין טהייערע פריינדין, האט ער איהר געזאָגט שאַרף, ווייסט איהר, אז אזא ליעבע קען אייך צונעהמען דעם מוטה און דיא לוסט צו הערשען! ווייסט איהר, אז דורך אזא ליעבע, קענט איהר ניט זיין מיין געהילפין? ווער עס וויל הערשען, ווער עס וויל שטעהן אין דער הויך, דער מוז זיין שטארק און ניט הערן דיא אינערע שטימע פון זיין הערץ. ווער עס וויל זיין העכער פון אלע מענשען, דער מוז זיין שטארקער פון אלע מענשען. — אזוי איז אין דער וועלט. איינער האט ליעב פערד. זיין גאַנצעס גליק, זיין גאַנצע פרייד, זיין גאַנצעס לעבען הענגט אָפּ פון זיינע פערד. דער אנדערער האט ליעב דאס שפּיעל. דאס איז זיין ליידענשאַפט. א דריטער זוכט זיין גליק אין דער ליעבע; א פערטער וויל האבען מאַכט און הערשען. דאס איז זיין פערגניגען, זיין גליק. א פינפטער וויל רייכקייט. ער עסט ניט, טרינקט ניט, לעבט ניט און איז גליקליך, ווען ער זעהט ביי זיך אין קאַסטען דיא רויטע, קיילעכדיגע גאלד מינצען. צוויי זאכען צוזאמען, צוויי ליידענשאַפטען אויף א מאל קען ניט זיין, ווער עס דיענט צוויי הערען, דער דיענט קיינעם פון זיי ניט.

— ניין, ניין! האט דיא יונגע פרוי אויסגעשריען. — איך בין שטארק געגוג און בין פעהיג אויף אלעס. איך מוז אבער האבען דיעזע ליעבע. זיא וועט מיך מאכען שטארק, זיא וועט מיך דערפרישען און קרעפטיגען. איהר, מענער, פיהלט אייך אויך אמאל שוואך און מוזט נעהמען א גלאז וויין אום אייך צו קרעפטיגען. אונז, פרויען, קרעפטיגט דיא ליעבע. — גיט מיר מיין שטילאוו צוריק! האט זיא אויסגערופען ליידענשאפטליך.

— איהר זאלט עס מיר פריהער געוועזען זאגען, האט דער גראף געענט־פערט פערטראכט, וואלט פיעללייכט אנדערש געוועזען, — יעצט איז עס צו שפעט. — אזוי וויט רייכט מיין קראפט ניט. —

פלוצלונג האט ער זיך געוועגדעט צו איהר ערנסט און שטרענג.

— ווארפט ארויס פון אייער קאפ דיעזען קאפריז! פערגעסט דיעזע פאנטאזיע! יעגער יונגער מאן טאר ניט זיין אייער שפיעל־צייג.

אין א סעקונדע האט זיך איהר געזיכט פערענדערט. זיא איז געוואָרען שטרענג און קאלט, וויא א בילד פון מארמאָר.

— לאָמיר דערפון מעהר ניט רעדען! האט זיא געזאגט רוהיג און ערנסט.

דער גראף האט געווארפען אויף איהר א פארשענדען בליק.

— אלזא, דערקענט איהר, אז איך האב רעכט? האט ער זיא געפרעגט און האט איהר געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

איהרע אויגען אבער זיינען געבליעבען רוהיג און קאלט. זיא האט אויסגעהאלטען דעם גראפ׳ס בליק און האט קיין פינטעל מיט דיא אויגען ניט געטהאן.

— איך וויל פערגעסען דיעזע פאנטאזיע, האט זיא געזאגט רוהיג.

אין דיעזע מינוטע האט מען געהערט קלינגען אין דער טהיר.

— דאס איז נאלאָטי, האט גראף דע ריווערא געזאגט און איז אליין געגאנגען עפענען דיא טהיר פון׳ם זאל.

א מאן פון׳ם מיטעלן וואוקס, מיט א פיינעם, עדעלען, אריסטאָקראטישען גע־זיכט, אין רייכער, עלעגאנטער קליידונג איז אריין אין זאל.

— אלעס געהט פאָרטרעפליך! האט איהם געזאגט פריידיג גראף דע ריווערא, אלעס איז פערטיג. איין פונק נאך און דער הייליגער פאטער — דער פאפסט — אין הערשער און דיא הייליגע קירכע וועט ווידער פאָרשרייבען געזעצע דער גאנצער וועלט. מאדזיני, גאריבאלדי, דיא גרעפין דעלא טאררע און דיא אלע רוסישע, פראנ־צויזישע און דייטשע ניהיליסטען און סאָציאליסטען וועלען פערשווינדען און זיך בע־האלטען אין בערג, אין דיא שטיינער און וועלען מורא האבען ארויסצו־ווייזען דעם קאָפּ.

גראף דע ריווערא האט גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא בעגייסטערונג, אז דיא יונגע פרוי האט אויף איהם געקוקט מיט בעוואונדערונג.

— איך האב אויך גוטע נאכריכטען, האט דער פרעמדער געזאגט. דער פירסט פארנעזע און דער גראף מאנטעבעלא זיינען געפאהרען צום הייליגען פאטער אום צו ארגאניזירען זיין ארמעע. —

ער האט אנגעהויבען צו רעדען מיטן גראף שטילערהייט, אז דיא יונגע פרוי

זאל עס ניט הערן. אננא באלצער האט געזעהן, אז מען וויל דא רעדען עפּעס וויכטי־נעס. זיא האט זיך געווענדעט צום גראף דע ריווערא.

— מיינע הערדען, איך וועל אייך לאזען דא אליין אויף א קורצע צייט. איך וועל געהן מאכען פאר אייך א פריהשטיק אין עס־צימער.

גראף דע ריווערא האט איהר א קוש געטהאן אין האנד. דער פרעמדער האט זיך זעהר העפליך פערנייגט.

— וועט דער קעניג פון נעאפּאָל ארויסטרעטען מיט זיין ארמעע? האט דער גראף געפרעגט, ווען דיא יונגע פרוי איז ארויסגעגאנגען.

— ער ווארט נור א ווינק פון היע, האט דער פרעמדער געענטפערט. דער בע־ריהמטער רויבער קאפּיטאן פּעפּע מאמיאני מיט זיין באנדע, אטאנאסאָ מיט זיין באנדע און צעהן באטאליאָנען פון דער אלטער גווארדיע שטעהן בערייט צו צוטרעטען צו איהם. אלעס איז פערטיג, אלעס ווארט נור אויף דיא לעצטע בעפעהלע.

— געפינט איהר, אז יעצט איז שוין געקומען דיא צייט ארייגצו־ווארפען דעם פונק אין פאס פּולווער?

— איך בין זיכער, אז קיין גינסטיגערע מינוט קען גאר ניט זיין. מיט איין שלאג וועלען מיר אומענדערן גאנץ אייראפּא.

— אלזאָ, מוזען מיר ארויסשיקען דריי טעלעגראמען, האט גראף דע ריווערא געזאגט. — נאט אייך דריי קארטען און שרייבט אן דיא טעלעגראמען. איהר מעגט שרייבען, וואס איהר ווילט אין דיא טעלעגראמען, נור אין דער צווייטער ציילע מוזען שטעהן, צו ווארפען ניט בייזאמען, דיא ווערטער —

ער האט זיך איינגעבויגען און האט איהם געזאגט א פאר ווערטער אויפ׳ן אויער.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און אננא באלצער איז ארייג־געלאפען פערסאָפּעט.

— האט איהר געהערט נייעס, גראף? דיא פּרייסען האבען צו שלאגען דיא עסטעררייבישע ארמעע לעבען דער שטאדט סאדאָווא אין בעהמען. דער קעניג געאָרג פון האנאווער האט זיך אונטערגעגעבען. מען רעדט, אז דיא פּרייסען וועלען באלד אנקומען קיין וויען. גאנץ וויען קאכט, וויא א קעסעל. מענשען לויפען ארום, וויא דיא וואהנזיניגע. — מיין קאמער־מעדכען האט עס מיר ערשט דערצעהלט. זיא איז געגאנגען אין א וויינהאנדלונג קויפען וויין צום פריהשטיק און האט עס דארט געהערט.

דער גראף איז געבליעבען שטעהן, וויא א דערשלאגענער. זיינע אויגען האבען זיך אויפגעעפענט זעהר וויים, זיינע פינגער האבען זיך צוזאמענגעצויגען, וויא פון קראמפּף, זיינע ליפּען זיינען געווארען בלוי און האבען עפּעס געדעדט.

— עס קען ניט זיין! האט ער ענדליך ארויסגעקייכט און האט געכאפּט זיין הוט.

— איך גלויב עס ניט! האט געזאגט דער פרעמדער. איך האב דאך ערשט געהערט, אז דער קעניג פון האנאווער האט געזיגט. דער גענעראל גאבלענץ האט אויך געשלאגען דיא פּרייסען אין פערשיעדענע שלאכטען — מיר מוזען געוואהר ווערן פון א זיכערער קוועלע, וואס עס איז געשעהן. איך גלויב נאך ניט, וואס א דיענסט מיידעל האט געהערט אין א וויינהאנדלונג. מיר מוזען זיך איבערצייגען.

ביידע מענער האבען גענומען זייערע היטע און האבען געוואָלט ארויסגעהן. אין דיעזע מינוטע האט מען שטארק געקלונגען אין דער טהיר. גראף דע ריווערא איז געלאפען עפענען דיא טהיר און איז באלד צוריקגעקומען מיט א יונגען מאַן, אין וועלכען מען האט גלייך דערקענט א קאטהאלישען גייסטליכען.

— גאט זיי דאנק, וואס איך האב אייך ביידען געטראפען! האט דער גייסטליכער געזאָגט מיט א פרומע מינע. — א שרעקליכעס אונגליק איז געשעהן. דיא גאנצע עסטעררייכישע ארמעע איז געשלאגען. זיי אנטלויפען פון אלע זייטען. דיא פרייסען יאגען זיי נאך. מען האט מורא, אז זיי זאָלען ניט אנפאלען אויף וויען.

גראף דע ריווערא איז געשטאנען שטום און אונבעוועגליך, וויא א בילד פון מראַמאָר. אויף זיין געזיכט האט מען געקענט לעזען דעם טיעפסטען שמערץ און דיא גרעסטע פערצווייפלונג.

— יעצט ערשט מוזען מיר עפּעס טאהן! האט אויסגערופען דער פרעמדער, וועלכער האט געהאלטען דיא טעלעגראמען אין דיא הענד. יעצט מוזען מיר פערהאַפען, אדער מיר זיינען פערלארען. דער וואהנזיניגער גאריבאלדי וועט אונז שפּיעלען א בייזען שטרייך, ווען ער וועט עס געוואהר ווערן.

ער האט געוואָלט זיך זעצען צום טיש און אנשרייבען דיא טעלעגראמען. גראף דע ריווערא האט א מאך געטאהן מיט דער האנד, ער זאל ניט שרייבען.

— פון וואנען האט איהר דיעזע נאכריכטען, אבאט? האט ער געפרעגט דעם יונגען גייסטליכען.

— פון'ם קייזערליכען פּאלאץ, פון דער האפבורג. אונזער אלגעמיינער פריינד האט עס אונז געבראַכט. דיא נאכריכטען זיינען זיכער. מיר קענען ניט צווייפלען אין זיי.

— דאן איז פערלארען אונזערע שווערע מיה און אונזער ארבייט פון לאנגע יאהרען, האט גראף דע ריווערא געזאגט טרויעריג.

— קייזער פראַנץ יאזעף איז אזוי דערשלאגען, אז ער וויל קיינעם ניט עמפּפאַנגען און מיט קיינעם ניט רעדען, האט ווייטער דערצעהלט דער יונגער גייסטליכער. — מען רעכענט, אז מען זאָל בעטען הילף ביי רוסלאנד אדער ביי פראַנקרייך.

גראף דע ריווערא האט געטראַכט איינינע מינוט. פּלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו זיינע געסט.

— איך מוז אלעס וויסען קלאר און גענוי, דאן וועלען מיר זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טאָהן. — גיט מיר דיא קאַרטען צוריק, גאלאָטי.

גאלאָטי האָט איהם צוריקגעגעבען זיינע קארטען. גראף דע ריווערא האט אנגעטהאן זיין הוט, איז צוגעגאנגען צו דער יונגער דאַמע, וועלכע איז דיא גאנצע צייט געשטאנען און האט אלעס אויסגעהערט. ער האט גענומען איהר האנד און האט זיא א קוש געטהאן.

— אויף וויעדערזעהן, ליעבע פריינדין! האט ער איהר געזאגט און האט זיא אוועקגעפיהרט אן א זייט. — יעצט, שעהנע פּריינדין, הייבט זיך ערשט אן אונזער ארבייט. יעצט וועל איך אייך געבען דיא געלעגענהייט צו הערשען און צו זיעגען. איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין און פארגעסען אלע אייערע קאפּריזען און פאנטאזיען.

זיא האט אויף איהם געווארפען א האסטיגען בליק און האט גאר ניט געענטפערט.

דיא אנדערע צווייא העררען האבען זיך פאר איהר העפליך פערנייגט. אלע דריי זיינען ארויסגעגאנגען. דיא שעהנע פרוי איז געבליעבען אליין.

— אזוי? האט זיא געזאגט, ווען זיא האט געהערט, אז דיא טהיר פון קארי־דאר האט זיך פערמאכט הינטער דיא דרייא מענער. — אזוי? דאס ווילסט דוא? דוא ווילסט מיך בענוצען פיר דיינע פלענער, גיסט מיר געלד און מאכט, נור אום דיך צו דיענען? דוא ווילסט פערגאלדען מיין שקלאפעריי. — און מיין הערץ? מיין לעבען? מיין ליעבע? דאס איז ביי דיר א קאפריז, א פאנטאזיע! — דוא נאררסט זיך, נראף דע ריוועראו! דוא קענסט מיך ניט! — דיין הערץ איז אזוי פערשטיינערט געווארען אונטער דיין שווערן, געלדענעם יעזואיטען קרייץ, אז דוא פערשטעהסט ניט, קענסט ניט פערשטעהן, וואס א פרוי קען, וויא זיא ליעבט. —ווארט, דוא יעזואיט! איך בין קלינער פון דיר. אויף דיינע פלייצעס וועל איך ארויפקלעטערן הויך... הויך און דאן, וועל איך אראפווארפען דיא לייטער. דוא וועסט זיין א ווערקצייג אין מיין האנד, ניט איך אין דיינער.

זיא האט זיך געווארפען אויף איהר דיוואן און האט זיך פערטראכט. אייניגע מינוטען האט זיא געשוויעגען. פלוצלונג האט זיא זיך אויפגעהאפט.

— איך ליעב איהם אבער דאך! איך וויל איהם אבער דאך צוריק האבען. — אך, נאט! איך האב גאר פארגעסען. ער איז דאך אין קריעג. פיעללייכט ליעגט ער שוין ערגעץ בלייך, פערבלוטיגט, טויט? — וואלט עס שוין געווען, וואלט פיעללייכט פאר מיר בעסער געווען. — א טויטען פארגעסט מען. — דער גראף האט רעכט. דורך אזא ליעבע ווערט מען שוואך, מען דענקט נור אן דער ליעבע און מען פארגעסט אלעס אין דער וועלט. — געשטארבען, בעגראבען — פארגעסען, — פערשוואונדען. — ווען ער לעבט אבער? — זאל איך עס דערלאזען, אז דיעזע נאררישע, לאנגווייליגע, דומע און זאגאר ניט שעהנע גרעפין זאל איהם ליעבען? וועל איך עס קענען צו זעהן? — וועל איך עס אויסהאלטען? —

זיא איז אויפגעשפרונגען, וויא א גערייצטע טיגערין, און איז ארומגעלאפען אין צימער, וויא א וואהנזיניגע. איהרע אויגען האבען געפלאמט, איהר ברוסט האט זיך אויפגעהויבען און אראפגעלאזען ווילד און אונרעגעלמעסיג. איהר שעהנעס געזיכט איז געווארען ווילד, בייז און שרעקליך.

— ניין, ניין! האבען איהרע ליפען געצישששט, וויא עס צישט א שלאנג, ווען א מענש קומט צו צו איהר. — ניין! דאס וועל איך ניט דערלאזען. — איך וועל איהם ניט האבען, אבער זיא זאל איהם אויך ניט האבען!...

זיא האט זיך וויעדער געלעגט אויפ'ן דיוואן און האט זיך אנגעהאפט ביים קאפ, גלייך וויא זיא וואלט געוואלט ארויסקוועטשען פו'ם קאפ עפעס א געדאנק.

— פערגיפטען?.... פערגיפטען? האט זיא געזאגט נאך אמאל צו זיך אליין.— אמאל איז עס געווען לייכט. אמאל האט מען געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט גיפט. היינט וויסען אונזערע אפאטהעקער און אונזערע דאקטארען גאר נישט. — אמאל האט מען געוואוסט, וויא אזוי צו מאכען דעם בעריהמטען גיפט אקווא טאפאני

**Aqua Tophani**, וועלכער האט געטייטעט א מענשען שטיל, רוהיג, פיין, אנשטענדיג, אז דער טייפעל אליין האט ניט געקענט וויסען, פון וואס ער איז געשטארבען. — ניט איין פאפסט, ניט איין פירסט, ניט איין קעניג איז געשטארבען פון דיעזען גיפט. וואו נעהמט מען איהם אבער היינט? — אונזערע פילען דרעהר, וועלכע רופען זיך אפא־טהעקער און אונזערע רעצעפטען שרייבער, וועלכע רופען זיך דאקטארען, וויסען פון אזא נוטען מיטעל ניט....

איז אבער דען ניטא קיין אנדערע מיטעל אום איינעם צו פערניכטען? מוז מען דען נור געברויכען גיפט און אייזען?

זיא איז אויפגעשפרונגען. אויף איהר געזיכט האט זיך געוויזען א צופריעדענער אבער העלישער שמייכעל.

— אין דיא אלטע צייטען זיינען דיא מענשען געווען נאררען, האט זיא אויסגע־רופען פריידיג. אום צו פערניכטען א פיינד האבען זיי בענוצט גיפט און אייזען. מיר זיינען היינט קלינער. מיר בענוצען — טינט. איין שווארצער טראפען טינט קען מעהר פערניכטען, אלס הונדערט פלעשלעך גיפט. — טינט! טינט און פאפיער זיינען אונ־זערע וואפען.

זיא איז צוגעגאנגען צו איהר שרייב טיש און האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא שובלאדען. דארט זיינען געלעגען פעקלעך מיט בריעף. אייניגע האט זיא מיט פער־אכטונג אוועקגעווארפען, אנדערע האט זיא גאר צוריסען, ביז זיא האט אויסגעפונען א קליין פעקעלע בריעף פערבונדען מיט א ראזא באנד.

— דאס זיינען זיינע בריעף. איך מוז נור אויסזוכען איינעם, וועלכער פאסט מיר געראדע, יעצט. — אט איז ער! דער וועט פאסען. ער האט קיין דאטום אויך ניט. דיעזען בריעף האט ער מיר געשריעבען פאר א יאהרען, ווען ער איז געווען אויף דער מאנעוור.

זיא האט איהם אנגעהויבען צו לעזען.

„ליעבע, טהייערע פריינדין!

„איך האב ניט קיין ווערטער דיר ארויסצושרייבען, וויא איך בענק נאך „דיר. דעם גאנצען טאג בין איך בעשעפטיג מיטן דיענסט, מיר מארשירען „און קאמאנדירען. איך לאנגווייליג מיך שרעקליך. ווען עס קומט דיא נאכט „און איך לעג מיך אויפן פרייען פעלד איינגעהילט אין מיין מאנטעל, דענק איך „אן דיר. איך שטרעק אויס מיינע הענד צו דיר. לײדער, חאפען זיי נור דעם „קיהלען נאכט ווינד. איך בין גליקליך, ווען איך ווער אנטשלאפען און טרוימע „פון דיר. אך! וואלטען נור דיעזע זיסע טרוימע אייביג געדויערט. באלד „אבער וועקט מיך דיא פויק און רייסט מיך ארויס פון מיינע זיסע טרוימע. „איך מוז אויפשטעהן און ווייטער געהן מארשירען. — ווען וועט עס שוין אן „ענדע נעהמען, איך זאל ווידער קענען זיין ביי דיר!

„איך קוש דיעזעס שטיקעל פאפיער טויזענד מאל, ווייל איך ווייס, אז „דיינע ליעבע הענד וועלען עס בעריהרען.

איך ליעב דיך, אויף אייביג, דיין שטילאו."

— דיעזער בריעף פאסט פארטרעפליך, האט זיא געזאגט. עס פעהלט דער דאטום, דאס איז אבער בעסער.

זיא האט גענומען א פעדער און האט אונטער געשריעבען.

דען 30טען יוני 1866. דערביי האט זיא זיך בעמיהט נאכצומאכען זיין האנדשריפט.

זיא האט זיך נאך א מאל צוגעקוקט צו דער שריפט און האט געזאגט צופריעדען.

— עס פאסט פאלקאמען. קיינער וועט ניט דערקענען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא אנגעהויבען צו קלינגען מיט א זילבערנעם גלעקעל אויף איהר שרייב־טיש. איהר קאמער־מעדכען איז אריינגעקומען.

— נעה, זוך אויס מיין מאן און זאג איהם, ער זאל באלד קומען. איך האב מיט איהם צו רעדען עטוואס וויכטיגעס.

דאס קאמער־מעדכען איז ארויסגעגאנגען. אננא באלצער איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט אויסגעדרוקט דעם פארהאנג און האט זיך געשטעלט קוקען אויף דער גאס. אויף איהרע ליפען האט געשפיעלט א פרעהליכער שמייכעל, זיא איז געווען צו פריעדען.

## 11טעס קאפיטעל.

## קייזער פראנץ יאזעף.

שטיל און טרויעריג איז געווען אין דער האף־בורג. דיא קאמער־דיענער, דיא לאקייען, דיא גענעראלע און אפיציערען זיינען געגאנגען אויף דיא שפיצפינגער און קיינער האט ניט געוואגט ארויסצורעדען א ווארט. דיא לעצטע טרויעריגע נאכריכטען פונ'ם קריעג האבען אלעמען געטראפען, וויא א בליץ פון א וואלקענלאזען הימעל. הויפענס פון נייגיעריגע מענשען האבען זיך פערזאמעלט ארום דער האף־בורג, זיינען געשטאנען איינצע צייט און זיינען זיך צוגאנגען. דיא אלטע האפבורג האט געשוויעגען. דיא וואכען לעבען קייזערליכען פאלאץ האבען געשוויעגען. אלע האבען געפיהלט, אז עס איז געשעהן עטוואס שרעקליכעס.

אין פארציממער פארן קייסערס קאבינעט איז געזעסען זיין פליגעל אדיוטאנט, דער פירסט ליכטענשטיין, אויף א פענסטער און האט געקוקט טרויעריג אין הויף. ער האט ניט בעמערקט, אז צוויי מענער זיינען אריינגעקומען אין ציממער. איינער איז גלייך צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם אנגעריהרט ביי דער פלייצע. פירסט ליכטענשטיין האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן פאר זיך דעם גענעראל גראף קרענוויל.

— שווערע צייטען, האט געזיפצט דער גענעראל. — קענט איהר מיך מעלדען ביים קייסער?

פירסט ליכטענשטיין איז באלד אויפגעשטאנען און איז אריינגעגאנגען אין קייסערס קאבינעט, אין א פאר מינוטען ארום איז ער ארויסגעקומען און האט געגעבען דעם גענעראל א ווינק, אז ער מעג אריינגעהן. דער קייסער ערווארטעט איהם. גראף קרענוויל איז אריין אין קייזערס קאבינעט.

קייזער פראנץ יאזעף איז געווען אנגעטהאן אין אן איינפאכען גרויען מיליטער ראק. ער איז געזעסען איינגעבויגען און צונויפגעקארטשעט פאר זיין גרויסען שרייב־טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען אנגעווארפען בריעף, דעפעשען און פאפיערען. דער

קייסער האט זיך צו זיי ניט צוגעריהרט. אלעס איז געלעגען אין אָרדנונג. דער קייסער אליין איז געווען א בילד פון טרויער און פערצווייפלונג.

— איך ביטע אייער קייזערליכע מאיעסטעט זיך ניט אזוי אונטערגעבען דעם שווערן איינדרוק פון דיא לעצטע טרויעריגע נאכריכטען, האט גראף קרענוויל געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. וויא שלעכט דיא לאגע זאל ניט זיין, קען מען זיא דורך מוטה און פעסטען ווילען דאך גוט מאכען. — ווען אייער קייזערליכע מאיעסטעט פער־צווייפלען אזוי, — וואס זאל שוין דיא ארמעע — וואס זאל שוין דאס פאָלק טהאָן?

קייסער פראנץ יאָזעף האט אויפגעהויבען לאנגזאם זיין קאָפּ און האט צוגעלעגט דיא האנד צו זיין שטערן, גלייך וויא ער האט געוואָלט אוועקטרייבען פון דאָרט דיא שווארצע געדאנקען.

— איהר האט רעכט, גראף! האט ער איהם געזאגט. עסטעררייך ערווארטעט פון מיר מוטה און א פעסטען ענטשלוס. — מוטה האב איך גענוג. איך בין בערייט צו שטעלען זיך אין דער שפּיצע פון מיין ארמעע און קעמפּפען פאר עסטעררייך'ס עהרע. — איך האב אלעס געטהאן אום צו זיכערן דעם זיעג און יעצט — האט מען מיין ארמעע געשלאגען! — בעזיעגט, פערניכטעט!.... און ווער האט מיך געשלאגען? — פּרייסען! — דער פיינד פון דער פאמיליע האבסבורג*) זייט הונדערטער יאהרען. — פּרייסען האט פערביטערט דאס לעבען פון מיין עלטער מוטער, דיא גרויסע קייזערין מאריא טהערעזיא. פּרייסען איז שטענדיג געווען אונזער גרעסטער פיינד און דיעזער פיינד האט מיך יעצט בעזיעגט און האט מיין ארמע צושלאגען! —

ער האט אנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף ביידע הענד און האט געגעבען א טיעפען קרעכץ.

— קייזערליכע מאיעסטעט, האט דער גראף געזאגט, עס איז נאך ניט אלעס פערלאָרען. דיא שלאכט האט געקאָסט פּרייסען זעהר פיעל. דער מיניסטער מענסדאָרף איז געפאהרען צו דער ארמעע. מעגליך, אז מען קען נאך אלעס גוט מאכען. מעגליך, אז אין דעם ערשטען שרעק, האט מען אנגעשריעבען ניט קיין ריכטיגען ראפּאָרט.

קייזער פראנץ יאָזעף האט אראָפּגעלאָזען דיא הענד און האט געקוקט דעם גראף קרענוויל גלייך אין דיא אויגען.

— איהר האט וויעדער רעכט, ליעבער גראף! האט ער געזאגט און האט זיך אויפגעהויבען. — פערגעסט אז איהר האט מיר געזעהן אזוי שוואך. — וויא גרויס דאס אונגליק זאל נים זיין, דער מענש מוז זיין גרעסער אלס דאס אונגליק. מיט מוטה און פעסטען ווילען קען מען בעהערשען יעדעס אונגליק.

— א גוטען ביישפּיעל ווייזט אונז דער קעניג פון האנאָווער, האט דער גראף געזאגט. ער טראגט איבער זיין אונגליק מוטהיג און שטאָלץ. — אין פאָרצימער שטעהט זיין געזאנדטער, דער גענעראל קנעזבעק און בעט אן אודיענץ ביי אייערע קייזערליכע מאיעסטעט.

— אך, דער ארמע קעניג! האט קייזער פראנץ יאָזעף אויסגערופען. ער האט זיך טאַפּפער און מוטהיג געשלאגען. ער האט זיך פערטהיידיגט ביז צו לעצט. יעצט

*) דער פאמיליע נאמען פון דיא עסטערייכישע קיסרים איז האבסבורג.

קומט ער צו מיר בעטען שוץ און הילפע. — וואס קען איך טהאן פאר איהם? וויא אזוי זאָל איך איהם העלפען? —

ער האט זיך ווייטער פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען. דאס אונגליק פוּם קעניג פון האנאָווער האט איהם געריסען דאס הערץ. עס זיינען פערגאנגען א פּאָר מינוטען אין טיעפעס שווייגען.

— קייזערליכע מאַיעסטעט! האט געזאגט דער גראף מיט א שטילער, ביטענדער שטימע.

דער קייסער איז אויפגעשטאנען און האט געמאכט א פּאָר שריטע אין צימער.

— פיהרט מיר אריין דעם געזאנדטען פון האנאָווער.

גענעראל קנעזעבעק איז אריינגעקומען און האט זיך טיעף פער־נייגט פארן קייסער. דער קייסער האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געזאגט:

— איך וויים, אז איהר ברענגט טרויעריגע נאכריכטען. לײדער, געפינט איהר דא אויך וועניג פרעהליכעס. —

— קייזערליכע מאיסטעט, האט געזאגט דער געזאנדטער פון האנאָווער, איך האב דיא עהרע צו ברענגען א בריעף פון מיין גנעדיגען הערן און קעניג. דער אויפטראג לויטעט, אז איך זאל איהם איבערגעבען פערזענליך אייער קייזערליכען מאיעסטעט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א בריעף פון זיין בוזים־קעשענע און און האט עס דערלאנגט דעם קייסער. דער קייכע־ האט צוגענומען דעם בריעף און איז איהם דורכגעלאָפען מיט דיא אויגען.

— מיין ברודער, קעניג געאָרג, שרייבט מיר, אז איהר וועט מיר מיטטהיילען זיין וואונש, האט דער קייסער געזאגט.

— מיין גנעדיגער הער און קעניג האט מיר געגעבען דעם אויפטראג צו בעטען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט אום דיא ערלויבניס צו קומען קיין וויען. — אין דער לאגע, וואס ער געפינט זיך יעצט; נאכדעם וויא פּרייסען האט איהם פערבאָטען, ער זאל ניט קומען אין זיין קעניגרייך. געפינט ער זיך געצוואונגען צו בעטען אום גאסט פריינד־שאפט ביי זיין בונדעס גענאָסע. —

— און זיין פריינד, האט דער קייסער אויסגערופען. — זאגט מיין ברודער, דעם קעניג געאָרג, אז איך ערוואַרט איהם מיט אונגעדולד. ער האט געקעמפּפט, וויא א העלד. איך בעוואונדערע זיין מוטה, זיין ענערגיע און זיין קראפט. ווען ער וועט זיך ניט ענטזאגען צו טראגען דעם גרעסטען עהרענצייכען פון עסטערייך — דעם מאַריא טהערעזא אָרדען — וועל איך אייך באלד צושיקען דיא צייכענס פון דיעזען אָרדען.

— מיין גנעדינער הערר און קעניג וועט עס שטענדיג בעטראכטען אלס דיא גרעסטע עהרע צו טראגען אזא אָרדען אויף דער ברוסט....

ער איז פּלוצלונג געבליעבען שטיל. ער האט ניט געוואָלט קרענקען דעם אונ־גליקליכען קייזער און איהם זאגען: וואס ווערט פון דעם אָרדען, ווען פּרייסען וויל צו־נעהמען ביים קעניג געאָרג זיין לאנד און זיין קרוין?.... ער האט שוין געוואוסט, אז פּרייסען וויל צונעהמען דאס גראסהערצאָגטהום העסען קאסעל, דאס קעניגרייך האנאָווער, דאס קעניגרייך זאקסען און דיא פרייע שטאדט פראנקפורט אם מיין. קייסער פראַנץ

אָזוּף האט נאך דערפון ניט געוואוסט. ער האט נאך אלץ געהאָפט, אז פרייסען וועט ניט וואגען בערויבען דייטשע קעניגע און פירסטען.

דער קייסער האט געזעהן, אז דער גענעראל איז פלוצלונג שטיל געבליעבען און האט פערשטאנען, אז ער קען עפּעס ניט ארויסזאגען.

— האט איהר נאך עפּעס מיר מיטצוטהיילען, גענעראל? האט ער געפרעגט.

דער רוסישער קייסער, אלעקסאנדער, האט געשיקט זיין געזאנדעטען צו מיין גנעדיגען העררן און קעניג. ער האט אונז אנגעבאטען צו זיין א פערמיטלער צווישען פרייסען און האנאווער. —

— רוסלאנד — רוסלאנד — האט געזאגט קייסער פראנץ יאָזוף לאנגזאם, רוסלאנד קען זעהר פיעל, עס טהוט אבער זעהר ווענינ. רוסלאנד וואלט געקענט ניט דערלאזען דיעזען קריעג. קייסער אלעקסאנדער'ס ראטהגעבער אבער פערשטעהן עס ניט אדער ווילען ניט פערשטעהן, אז וואס שטארקער פרייסען ווערט, איז עס אלץ געפעהרליכער פאר רוסלאנד. — קייסער אלעקסאנדער פיהרט א זאָנדערבארע פּאָליטיק. ער איז צופיעל בעשעפטיגט אין זיין לאנד מיט זיינע בויערן און מיט זיינע ניהיליסטען און קוקט זיך ניט אום, וואס עס טהוט זיך ארום איהם אין אייראפּא. קייסער אלעק־סאנדער וויל ניט פערשטעהן, אז אזא רויבערשער נאכבאר, וויא פרייסען, וועלכער זוכט נור קריעג אום צו רויבען און צו צונעהמען פרעמדע לענדער, וועט מיט דער צייט איהם ווייזען דיא שפּיצע פון זיין שווערד. — פון'ם יעצטיגען הערשער פון רוסלאנד קען מען ניט ערווארטען פיעלע זאכען. —

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער פירסט ליכטענשטיין און האט געזאגט דעם קייזער א פּאָר ווערטער. דער קייזער איז געווארען עטוואס בלייכער.

— פיהר איהם אריין אין מיין פּריוואט צימער, האט ער געזאגט גאנץ שטיל.

פירסט ליכטענשטיין איז ארויסגעגאנגען. דיא ביידע גענעראלען האבען פער־שטאנען, אז דער קייזער האט א וויכטיגען בעזוך און האבען זיך פערנייגט.

— ווארט א ווײלע אין פּאַרצימער, האט דער קייזער געזאגט. איך האב נאך מיט אייך וואס צו רעדען, גראף קרענוויל. — אייך, גענעראל קנעזעבעק, בעט איך נאך אמאל: מעלדעט מיין ברודער, דעם קעניג געארג, אז איך וועל טהאן פאר איהם אלעס וואס עס ליעגט נור אין מיין מאכט. איך וועל איהם עמפּפאנגען מיט פערגניגען און, ווען עס וועלען זיך אנהויבען דיא אונטערהאנדלונגען מיט פרייסען, וועט ער זיין דער ערשטער אויף דער רייהע.

ביידע מענער זיינען ארויסגעגאנגען. קייזער פראנץ יאָזוף איז געבליעבען אליין.

— וואס זאל גראף דע ריווערא יעצט פון מיר פערלאנגען? האט ער געזאגט צו זיך אליין. קען דען דער פּאפּסט יעצט מיר העלפען, ווען איך דארף סאָלדאטען און קאנאנען? — איך מוז איהם דאך אויסהערן.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר פון זיין פּריוואט־צימער און האט זיא געעפענט. גראף דע ריווערא איז אריינגעקומען. ער איז געוועזן ערנסט און רוהיג.

— איהר קומט אין אן ערנסטער צייט, גראף, האט איהם דער קייזער געזאגט.

אין דיא לעצטע עטליכע טעג האט זיך פיעלעס געענדערט. פיעלע האפנונגען זיינען אָפּגעשטאָרבען.

— היילינע האפנונגען שטארבען קיין מאל ניט אפּ, האט דער גראף געענטפערט. דער היילינער גלויבען שטעהט העכער פון אלע האפנונגען. ווען מיר שטעהן שוין מיט איין פוס אין גראב, ווען דיא וועלט מיט איהרע פריידען פערשליעסט זיך שוין פאר אונז אויף אייביג — דאן ווענדען מיר זיך צום היילינען גלויבען און מיר הייבען אויף אונזערע אויגען צו גאט און זיין פערטרעטער אויף דער ערד, דעם היילינען פאָטער אין רוים.

דער קייזער האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען. ער האט געוואלט דורכ־דרינגען דיא אינערע געדאנקען פון דיעזען מענשען, וועלכער רעדט נור פון גאט און פון'ם היילינען פאטער אין רוים.

— קייזערליכע מאיעסטעט, האט גראף דע ריווערא ווייטער געזאגט, איך האב נור געהערט רעדען פון'ם אונגליק אויפ'ן שלאכט פעלד. איך וויים אבער ניט, וויא ווייט עס איז וואהר, וואס מען רעדט אין דיא גאסען. —

— מיין ליעבער גראף, איך קען אייך זאגען אין קורצע ווערטער, וואס עס איז געשעהן. מיין ארמעע איז בעזיעגט און דיא פרייסען האבען ערקלערט, אז קוים וועט מען ניט שליעסען מיט זיי קיין פריעדען, וועלען זיי געהן קיין וויען.

— דאן איז נאך ניט אלעס פערלארען, האט געזאגט דער גראף. אייער קייזער־ליכע מאיעסטעט האט א גרויסע ארמעע אין איטאליען. דיעזע ארמעע האט געזיעגט. איין ווארט פון אייך און דער היילינער פאָטער איז הערשער איבער גאנץ איטאליען. זיין גאנצע ארמעע שטעהט דאן אייך צו דיענען. זיינע היילינע ווערטער וועלען אנצינדען א פייער אין גאנץ אייראפּא. אין פרייסען אליין געפינען זיך צעהן מיליאָן קאטהאליקען. זיי וועלען אויפשטעהן אלע, וויא איין מאן געגען פרייסען, ווען דער היילינער פאָטער וועט זיי הייסען. דער היילינער גלויבען וועט וויזען וואונדער, וויא אמאל. פרייסען און אלע פראטעסטאנטען וועלען ליעגען צו דיא פיס פון אייער קייזערליכער מאיעסטעט. דער היילינער גלויבען וועט זיעגען.

— דער וויל וועט דער פרייסישער קעניג מיט זיין ארמעע קומען קיין וויען און איך וועל מוזען אנטלויפען, האט דער קייזער געזאגט טרויעריג.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט זיך אפּגערופען גראף דע ריווערא, אייערע עלטערן זיינען ניט איין מאל אנטלאָפען פון וויען און יעדעס מאל זיינען זיי צוריקגע־קומען מיט מעהר גלאנץ און מיט גרעסערע עהרע. דער רוסישער קייסער אלכסנדר דער ערשטער איז אויך אמאל ענטלאפען פון מאסקווא און האט זיא איבערגעלאזען דיא פראנצויזען. דער פרייסישער קעניג פרידריך ווילהעלם דער דריטער איז אויך אמאל ענטלאפען פון בערלין. אלע זיינען צוריקגעקומען מיט גרעסערן גלאנץ און מיט גרעסערע עהרע. — מיר האבען אלעס איינגעריכטעט, אז גאנץ איטאליען זאל געהערן צו אייער קייזערליכע מאיעסטעט. דארט ליעגט יעצט דיא קרוין פון עסטערררייך. דער היילינער גלויבען מוז זיין עסטערריידכ'ס מאכט. דער גייסט פון דער היילינער קירכע, דאס ווארט

פוּם הייליגען פאטער ווירקען מעחר, חיא אַרמעען. — ווען פולווער אָח בלייַ קענען נים צו ברעכען אַ שטיין, צו ברעכט איהם אַ טראָפּען וואַסער.

דער קייזער האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג.

— איך דאנק אייך, גראף, וואס איהר האט מיר ארויסגעזאגט אייער מיינונג. מיין בעשלוס אבער איז שוין געפאסט. איך רוף צוריק מיין ארמעע פון איטאליען אום צו קעמפפען געגען פרייסען.

— און איטאליען? און דעם הייליגען פאטער? זיי ווילט איהר איבערלאזען פאר גאריבאלדי מיט זיינע גענאסען?

— איך קען ניט אנדערש, מיין ליעבער גראף. איך ווייס, וואס איהר ווילט. איך קען אייערע פּלענער און ווייס צו וואס איהר שטרעבט. לאמיר האפען, אז אין דער צוקונפט וועט אלעס זיך טרעפען, וויא איהר פערלאנגט. — איינסטווייילען פיהר איך קריעג מיט פרייסען. איך פיהר קריעג מיט סאלדאטען און מיט קאנאנען — ניט מיט'ן הייליגען גלויבען און ניט מיט'ן הייליגען ווארט. — איך וועל שטענדיג מיך בע־שטרעבען ניצליך צו זיין דער קירכע און דעם הייליגען פאטער. יעצט אבער איז עס מיר אונמעגליך.

גראף דע ריווערא האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. זיין געזיכט האט זיך פערפינסטערט. אין זיינע אויגען האט זיך געוויעזען אַן אונהיימליכעס פייער. דער קייזער האט געשוויעגען.

— האט אייערע קייזערליכע מאיעסטעט נאך בעפעהלע פאר מיר? האט גראף דע ריווערא געפרעגט.

— לעבען זיא וואהל, גראף! זייט זיכער, אז איך וועל שטענדיג בלייבען אַ א טרייער דיענער פון דער קאטהאלישער קירכע. איך האף אין דער צוקונפט נאך פיעלעס צו טהאן פאר איהר.

— אויך מיר האפען אויף דיא צוקונפט, האט גראף דע ריווערא געענטפערט. דיא צוקונפט געהערט דאך גאט און דעם הייליגען גלויבען. עס וועט דאך קומען אַ צייט, ווען אלע וועלען איינבויגען דעם קאפּ פאר אונזער הייליגער רעליגיאָן.

ער האט זיך טיעף פערניינגט און איז ארויסגעגאנגען דורך דער טהיר, פון וואנען ער איז געקומען. קייזער פראנץ יאָזעף האט איהם נאכגעקוקט ביז ער איז פערשוואונדען.

— איהר נאררט אייך, איהר יעזואיטען, האט ער געזאגט. איהר מיינט, אז איהר לעבט נאך אין דיא אלטע צייטען, ווען דיא יעזואיטען האבען בעהערשט דיא גאנצע וועלט. אייער צייט איז פאראיבער. איהר טויגט נור אויף קליינע אינטריגען. מען מוז אייך האלטען אין יעדער הויף, וויא יעדער בויער מוז האלטען אַ בייזען הונד ביי זיך אין שטוב. בעהערשען אבער וועט איהר מיך ניט. יעצט שטעהט דיא עהרע פון עסטערייך איינגעשטעלט. איך מוז קעמפּפען פיר עסטערייך, ניט פארן הייליגען פאָטער.

ער האט אנגעקלונגען. דער גענעראל קערנוויל איז ווידער אריינגעקומען.

— וואס הערט זיך עפּעס אין וויען? האט דער קייזער געפרעגט. וואס זאגט

מיין פאלק? וויא אזוי דערטראגט עס דאס אונגליק, וואס האט אונז געטראפען?

— איך קימער מיך וועניג צו וויסען, וואס דאס פאלק זאגט, האט דער גענע־ראל געענטפערט. — וואס איז דאס פאלק? א שטילעס וואסער, וועלכעס דער ווינד קען טרייבען, וואוהין ער וויל. צייגט איהם א פריינדליכעס געזיכט, גיט איהם א גלעט איבערן קאפ און עס וועט אייך פארגעטערן. עס וועט באלד פערגעסען אלעס פון'ם קריעג און וועט שרייען: עס לעבע דער קייזער! —

— דאך האט דיא עפענטליכע מיינונג א גרויסען ווערטה, האט דער קייזער געזאגט. איך וויל זעהר, אז דאס פאלק זאל ניט מוררען (וואָרטשען).

— דאן וואלט גלייך געוועזען, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל זיך ווייזען פארן פאלק. דאס וועט איהם בערוהיגען. דאס וועט אויף איהם ווירקען.

— זאל איך מיך דורכפאהרען שפאציערן אין אן אפענער קארעטע אן פראטער? (א גארטען אין וויען).

דער גענעראל האט געטראכט איינע אויגענבליקע.

— מען האט אנגעבראכט פיעלע פערוואונדעטע אפיציערען, האט ער ענדליך געזאגט. מען האט זיי דערוויל א ניעדערגעלעגט אין האטעל „צום גאָלדענעם לאם“ אין לעאָפאלד שטאדט. אויף א קורצע צייט האט מען געמאכט פון'ם האטעל א לאזארעט. עס איז ערגעץ אנדערש קיין פלאץ ניט געוועזען. — איך מיין, אז עס וואלט גלייך געוועזען, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל זיך דורכפאהרען אין אן אפענער קארעטע גאנץ אליין נור מיט צוויי לאקייען בעזוכען דיא פערוואונדעטע אפיציערען. דאס וועט ווירקען אויפ'ן פאלק, וויא א צויבער.

— איהר האט רעכט, גענעראל! האט געזאגט דער קייזער. איך פאהר באלד, שוין!

ער האט האסטיג געחאפט דאס זילבערנע גלעקעל אויפ'ן טיש און האט צוויי מאל אנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען.

— באלד איינשפאנען מיין קארעטע נור מיט צוויי פערדע, האט ער בעפוילען.

אין א האלבע שטונדע ארום איז אן איינפאכע קארעטע ארויסגעפאהרען פון דער האפבורג. אין איהר איז געזעסען קייזער פראנץ יאזעף און דער גענעראל, גראף קערנוויל. מאסען פאלק האבען זיך פערזאמעלט און האבען צוואר בעגריסט דעם קייזער, אבער שוואך און שלעפעריג. קיינער האט ניט געוואוסט, וואוהין ער פאהרט. וואס נעהנטער אבער ער איז צוגעקומען צום האטעל, וואו דיא פערוואונדעטע זיינען געלעגען, אלץ גרעסער איז געווארען דיא מעננע, אלץ העכער און ווילדער האט מען געהערט שרייען: עס לעבע דער קייזער!

ווען ער איז צוגעקומען צום האטעל, איז דיא מעננע געווארען אזוי גרויס, אז דער גענעראל קערנוויל האט געמוזט מאכען פאר איהם פלאץ. ער איז אריינגעגאנגען אין לאזארעט, האט בעזוכט דיא פערוואונדעטע, האט יעדען געזאגט א פאָר פריינד־ליכע ווערטער. אייניגע האט ער אויסגעלויבט פאר זייער טאפפערקייט, אנדערע האט ער געפרעגט, ווער זיי זיינען. פיעלען האט ער אויסגעטהיילט מעדאליען. — אלע זיינען

געוועז ענטציקט. אלע זיינען געוועזן היגגעריסען פון זיין פריינדליכקייט און פון דיין איינפאכהייט.

ווען ער איז צוריקגעפאהרען פון לאזארעט, האבען דיא פערד געמוזט געהן טריט ביי טריט. טויזענדער מענשען האבען פערשפארט דעם וועג. מען האט געשריען און געריסען דיא גארגלען: „עס לעבע דער קייזער!" עליען! — עס איז נאך גאר ניט אזוי שלעכט. דער קייזער ווייזט אויס רוהיג!

ער האט געגריסט אין אלע זייטען, ביז ער איז צוריקגעקומען צו דערהאפבורג.

— קומט, גענעראל, איך האב נאך מיט אייך צו רעדען, האט ער געזאגט דעם גענעראל קרענוויל, ווען ער איז ארויס פון דער קארעטע.

ער איז ווידער אריין צו זיך אין קאבינעט. דער גענעראל איז איהם נאכגעגאנגען.

— איך דאנק אייך נאך אמאל פאר אייער גוטען ראטה, האט איהם דער קייזער געזאגט, ווען זיי זיינען ווידער געבליעבען אליין. — דאס פאלק איז בערוהיגט, דיא עפענטליכע מיינונג איז צופריעדען געשטעלט. — יעצט קומט פאר דיא וויכטיגסטע פראגע: ווען עס וועט קומען צו שליעסען פריעדען מיט פרייסען, אויף וועמען זאל איך מיך פערלאזען אלס פערמיטלער. אויף רוסלאנד אדער אויף פראנקרייך?

— קייזערליכע מאיעסטעט וועט מיר ערלויבען ארויסצוזאגען מיין מיינונג.

— זאגט גענעראל, זאגט אפענהערציג, וואס איהר דענקט.

— רוסלאנד איז פאלש. רוסלאנד פיהרט שטענדיג א פאלשע פאליטיק, ניט נור געגען עסטעררייך אליין, זאנדערן געגען יעדען. רוסלאנד האט ניט דיא פיין גע־שליפענע דיפלאמאטען וויא אנדערע לענדער האבען. דיא בעסטע רוסישע דיפלאמא־טען זיינען ניט אים שטאנד צו אונטערהאנדלען מיט דעם דורכגעטריעבענעם ביסמארק. אויסערדעם איז רוסלאנד בייז אויף אונז, פאר וואס עסטעררייך איז איהם ניט געגאנ־גען צו הילף ביים סעוואסטאפאלער קריעג.

נאך מיין מיינונג, איז דער איינציגער פערמיטלער דער קייסער נאפאלעאן דער דריטער. ער איז אזוי קלוג, וויא ביסמארק און נאך דורכגעטריבענער פון איהם. אויף איהם קען מען זיך פערלאזען.

דער קייזער האט געטראכט איינינע מינוט. דאן האט ער געזאגט:

— איך דאנק אייך, ליעבער גראף. איך וועל נאך איבעררעדען מיט'ן מיניסטער מענסדארף. איך ערווארטע יעדע מינוט, ער זאל צוריק קומען פון דער ארמעע. כאָ־מיר הערען, וואס דארט טהוט זיך, דאן וועלען מיר בעשליעסען וואס ווייטער צו טהאָן.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען פירסט ליכטענשטיין און האט געמעלדעט:

— מיניסטער גראף מענסדארף!

## 12טעס קאפיטעל.

## פ אַ ל ש ק י י ט א ו ן ל י ע ב ע.

רוהיג, שטיל און טרויעריג זעהט עס אויס אין דארף עמענטהאל. רוהיג, שטיל און טרויעריג זעהט עס אויס אין דעם פריעדליכען, שטענדיג צו פריעדענעם און פרעה־ליכען הויז פון'ם אלטען פערוואלטער, וועגדענשטיין. דיא יונגע לייט זיינען אוועק אין

קריעג, מען האט נאך דערוויל פון זיי קיין נאכריכט ניט ערהאלטען, ריכטיגער געזאגט, מען האט ערהאלטען אזוי פיעל נאכריכטען, אז מען וויים ניט, וועלכע צו גלויבען. איין נאכריכט ווידערשפּרעכט דיא אנדערע, איין נאכריכט לייקענט אפּ דיא אנדערע, איין נאכריכט פערגרעסערט און פערבעסערט דיא אנדערע אזוי וויט, אז עס איז אונמעגליך זיא צו דערקענען. יעדער לעגט צו א שטיקעל פון זיין פאנטאזיע; יעדער וויל זיין קלוג און עטוואס ערקלערן. מען לעגט צו און ערקלערט אזוי לאנג, אז פון א פליעג ווערט מיט דער צייט א גרויסער העלפאנט, אז דער ערשטער, וועלכער האט ארויסגעלאזען דיא פליעג, קען זיא שוין מעהר ניט דערקענען.

מען האט דערצעהלט, אז דער קעניג האט געזיעגט און האט פעריאגט דיא פּרייסען קיין בערלין. מען האט ווידער דערצעהלט, אז דיא פּרייסען האבען צושלאָגען דיא ארמעע פון׳ם קעניג פון האנאווער און האבען דעם קעניג געפאנגען גענומען און איהם אוועקגעפיהרט קיין בערלין. מען האט ווידער דערצעהלט, אז עס איז נאך גאר קיין שלאכט ניט געווען און עס וועט באלד ווערן פריעדען. וועלבע נאכריכט זאל מען גלויבען?

שטיל, רוהיג און טרויעריג איז געווען אין עמענטהאל. ניט איין מוטער האט פערגאסען שטילע, ביטערע טרערן, ווען זיא איז געשטאנען ביים טאפּ און האט געקאָכט איהר איינפאכען מיטאג. — איהר זוהן איז אין קריעג. וואס טהוט ער דאָרט? לעבט ער נאך? איז ער אפט ניט פערוואונדעט און וואלגערט זיך ערגעץ אין א לאַזארעט? — ניט איין יונגע פרוי וויעגט איהר קינד מיט א טרויעריגעס, הערצרייסענדעם ליעד. ניט איין פאָטער זיצט איינגעבויגען איבער זיין ארבייט און זיינע געדאנקען זיינען ערגעץ וויט, וויט אויפ׳ן שלאכט פעלד, וואו דער טויט האלט זיין ערנטע.

דיא אלטע פרוי וועגדענשטיין ווירטהשאפטעט אין איהר הויז, וויא געוועהנליך. אלעס איז ריין, אלעס איז שעהן, אלעס אויפגערואמט, אלעס אויסגעפוצט. יעדע זאך ליעגט אויף זיין אָרט. זיא וויינט ניט, זיא זיפצט ניט, זיא קרעכצט ניט. נור פון צייט צו צייט בלייבט זיא פלוצלונג שטעהן, גלייך וויא דער קראמפּף וואָלט זיא בעפאלען, שטעהט אזוי א פּאר מינוטען און נעהמט זיך דאן ווידער צו איהר ארבייט.

עבען זא שטיל און טרויעריג איז עס אין הויז פון׳ם אלטען פּאסטאר בערגנער. ער האט צוואר קיין זוהן אין קריעג, אבער דיא איינפאכע איינוואינער פון׳ם דאָרף מיינען, אז דער פּאסטאָר דארף אלעס וויסען און קומען יעדעס מאל צו איהם פרעגען, וואס עס הערט זיך פון׳ם קריעג. דערביי דערצעהלט איהם יעדער זיינע ליידען, שיט אויס פאר איהם זיינע ביטערע צרות און זוכט ביי איהם טרייסט און לינדערונג. דער אלטער מאן האט געטרייסט און געהאָלפען, וויא ער האט געקענט.

אין׳ם קליינעם גערטענדל פארן פּאסטאָרס הויז זיצט זיין טאכטער, העלענא און דער יונגער גייסטליכער, בערמאן און רעדען — פון קריעג.

— עס איז דאָך שעהן און אנגענעהם אין דיעזען שטילען דאָרף, האט פלוצלונג דער יונגער גייסטליכער צו איהר געזאגט. איך וואלט געוועזן גליקליך צו וויסען, אז איך בלייב דאָ אויף אייביג.

— זעהסט דוא, הערמאן, האט דאס יונגע מעדכען געענטפערט. יעצט געפעהלט

דיר שוין אונזער שטילעס, רוהינעס דארף. פריהער אבער פלעגסט דוא זאגען, אז א געבילדעטער מענש מוז וואינען אין א גרויסער שטאדט, וואו דאס לעבען קאָכט, דער פערשטאַנד ווערט געשליפען, דאס הערץ פיהלט און דער קאָפּ ארבייטעט. — אין דארף — פלעגסט דוא זאגען — ווערט דער מענש פארשלעפערט, פערנאכלאסיגט, פערגרעבט און פערשטיינערט. וויא קומט עס, וואס דוא האסט אזוי פּלוצלונג געענ־דערט דיין מיינונג און געפינסט שוין, אז דא אין דארף איז שעהן און אנגענעהם?

— איך האב מיין מיינונג ניט געענדערט, האט געענטפערט דער יונגער גייסט־ליכער. איך זאג נאך יעצט אויך, אז דער געבילדעטער מענש מוז וואינען אין א גרוי־סער שטאָדט. דאס רוישענדע, ליארמענדע, פערענדערליכע לעבען פון דער גרויסער שטאדט. דיא רייכע, גלענצענדע, פערנאלדעטע פּאלאצען פון איין זייט און דיא ארימע, איינגעפאלענע שטיבלעך פון דער אנדערער זייט. דיא גרעסטע רייכקייט, וועלכע שליידערט מיט טויזענדער פאר דיא קלענסטע קאפּריזען און דיא ביטערע אָרימקייט, וועלכע ראנגעלט זיך מיט נויט און עלענד. דיא קלוב הייזער, ביער הייזער, רעסטאָ־ראַנס און טהעאטערע, וואו דיא זינדע פערדעקט זיך מיט סאמעט און זייד און שווינ־דעל און פאלשקייט שטאָלצירען אין גאָלדענע קארעטעס — דאס אלעס רעגט אויף דעם געבילדעטען מענשען, רייצט איהם צו דענקען און צווינגט זיין קאָפּ צו ארבייטען און זיינע געדאנקען צו קלערן. אין דאָרף זיינען אלע גלייך, דאָ איז אלעס שטיל און רוהיג. דער קאָפּ בלייבט רוהיג, דיא געדאנקען שטעהן שטיל און דער געבילדעטער מענש לאזט זיך אראפּ צום בויער און ווערט מיט דער צייט א בויער. — דיעזע מיינונג האב איך ניט געענדערט. איך בין אבער א גייסטליכער. איך האב געלערנט און גע־שטרעבט צו לעבען אין א דארף צווישען בויערן. איך מוז מיך אראפּלאזען צו זיי און מוז ווערן גלייך מיט זיי. אין דער ערשטער צייט, וואָס איך בין געקומען, בין איך נאך ניט געוועזען קיין גייסטליכער. איך בין נאך געוועזען א געבילדעטער מענש. — יעצט — זייט איך בין נעהנטער בעקאנט געווארען מיט מיין אנקעל און — מיט זיין פאמיליע — בין איך געווארען א גייסטליכער. —

ביי דיעזע ווערטער האט ער געווארפען א געהיימען בליק אויף דאס יונגע מעדכען. זיא איז אבער געזעסען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען און האט זיך גאר ניט צוגעהערט, וואס ער האט איהר געזאגט. זיין געזיכט איז געווארען פינסטער.

— אך, איז עס היינט הייס! שרעקליך הייס! האט ער פּלוצלונ אויסגערופען אום צו רעדען פון עפּעס אנדערש.

— וויא שרעקליך וועלען ליידען אונזערע ארימע סאלדאטען פון אזא היץ, האט העלענא געזיפצט. שלאגען זיך אין אזא היץ איז שווידערהאפט!

דער יונגער גייסטליכער האט אויף איהר געווארפען א בייזען פינסטערן בליק.

— איך בין גליקליך, האט ער געזאגט, וואס איך האב מיר געוועהלט א פּראָ־פעסיאן פון פריעדען. מיין פּראָפעסיאָן בעפרייט מיך פון קריעג און פון אלע זיינע שרעקען און ליידען. איך דארף מיך ניט פּלאגען, וויא דער סאלדאט אומזיסט אהן א ציעל און אהן א צוועק.

— אבער נעפע! האט העלענא אויסגערופען. דער סאלדאט קעמפפט פאר זיין פאטערלאנד!

— נעהמט מען דען ביי איהם צו זיין פאטערלאנד? האט דער גייסטליכער נעפרעגט. מען פיהרט קריעג, ווער עס זאל זיין קעניג דא אין לאנד. וואס איז אונז דער אונטערשיעד, ווער עס וועט איבער אונז הערשען?

— ניין, נעפע! האט העלענא געזאגט. דא האסט דוא אונרעכט. מיר האבען געשווארען טריי צו דיענען אונזער קעניג און מיר מוזען האלטען אונזער שבועה. דוא זאלסט געווען הערן, וויא וועגדענשטיין האט ערקלערט אונזערע פפליכטען צו אונזער קעניג, וואלסט דוא אנדערש גערעדט.

דיא לעצטע ווערטער העלענא׳ס האבען דעם יונגען גייסטליכען געשטאָכען, וויא מיט א מעסער.

— נעווים, נעווים! מיין ליעבע קוזינע, קען איך ניט רעדען אזוי שעהן, וויא יונגע אפיציערן.

העלענא איז געווארען רויט. זיא האט פערשטאנען דעם גיפט, וואס איז געלעגען אין דיעזע ווערטער. זיא איז אויפגעשטאַנען און האט געוואלט אריינגעהן אין צימער. אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען פון דער ווייטען איהר פאטער.

— דא קומט דער פאטער! האט זיא אויסגערופען פריידיג. לאמיר איהם ענטגעגען געהן. ער געהט עפּעס צו האסטיג. עס מוז זיין עפּעס נייעס.

דער יונגערמאן האט זיך אויפגעהויבען און גלייך, וויא עס וואלט גאר ניט פאָרגעקומען צווישען זיי, זיינען זיי ביידע איהם ענטגעגען געגאנגען.

— קינדער! האט זיי געזאגט דער אלטער פאסטאָר, ווען זייא זיינען צוגעקומען צו איהם. מען דערצעהלט זיך אין דארף שרעקליכע נייאיגקייטען. מען זאגט, אז א גרויסע שלאכט האט שטאטגעפונען צווישען אונזער ארמעע און פרייסען. — עס איז פערגאסען געווארען פיעל — פיעל בלוט. —

העלענא איז ביי דיעזע ווערטער געווארען בלייך.

— ווייסט מען שוין, ווער עס איז געפאלען און ווער עס איז לעבען געבליעבען? האט זיא געפרעגט מיט א ציטערענדער שטימע.

— מען ווייס נאך דערוויייל גארנישט, האט דער אלטער געענטפערט. יעדער דערצעהלט עטוואס אנדערש. איך וויל געהן צו דיא וועגדענשטיינס, זיי פרעגען, פיעללייכט האבען זיי נענויערע נאכריכטען. — ווילט איהר געהן מיט מיר קינדער?

— נעווים, פאפא! האט העלענא געזאגט.

אלע דריי זיינען געגאנגען צום הויז פון׳ם פערוואלטער. עס איז געוועזן ניט ווייט און זיי זיינען באלד אנגעקומען. דיא טהירען פון׳ם גרויסען הויז זיינען געשטאנען אפען. זיי זיינען גלייך אריין אין זאל. דארט איז דער אלטער וועגדענשטיין ארומגעגאנגען הין און צוריק טרויעריג און פערטראַכט. ער האט בעמערקט זיינע געסט, איז צוגעגאנגען צום פאסטאר און האט איהם שטילערהייט געגעבען דיא האנד, צו דיא צוויי יונגע לייט האט ער א שאָקעל געטהאן מיט׳ן קאָפּ.

— מען דערצעהלט אין דארף פון א גרויסער שלאכט, האט דער פאסטאָר

נעזאגט, און איך בין געקומען געוואהר ווערן, פיעללייכט ווייסט איהר נענויערע און זיכערערע נאכריכטען.

— איך האב נאר קיינע נאכריכטען, האט דער אלטער וועגדענשטיין געזאגט. איך וויים פון גאר נישט.

אין דיעזע מינוט איז זיין פרוי ארויס פון׳ם אנדערן צימער, וואו זיא איז געווען בעשעפטיגט. זיא האט איהם געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס עס הערט זיך?

— וואונדערבאר! האט ער געזאגט. אין א רוהיגער צייט האבען מיר פאָסטען, און טעלעגראפען, וועלכע טראגען ארום אין א מינוט יעדע קלייניגקייט, יעדע נארישע נאכריכט פון איין עק וועלט צום אנדערן. יעצט, אין קריעגסצייט, ווען טויזענדער הערצער ווערן פערברענט פון אונגעדולד צו וויסען, וואס עס הערט זיך, שווייגען דיא טעלעגראפען און דיא פאָסטען. מיר מוזען זיך צו הערן, וואס יעדער בויער דערצעהלט.

דיא אלטע פרוי האט זיך אוועקגעקעהרט. אויף איהרע אויגען האבען זיך גע-וויעזען טרערן.

— גיב עפּעס דיא געסט, האט דער אלטער צו איהר געזאגט. עס איז היינט זעהר הייס, גיב זיי עפּעס אן ערפרישונג.

דיא אלטע איז ארויסגעגאנגען.

אין דרויסען האט מען געהערט שנעלע שריטע. האסטיג איז אריינגעקומען וועגדענשטיינס שרייבער. ער איז געקומען פון דער שטאדט.

— נו? וואס הערט זיך נייעס? האט דער אלטער וועגדענשטיין געפרעגט.

— עס איז וואהר, האט דער שרייבער געענטפערט. עס האט שטאטגעפונען א גרויסע שלאכט. עס זיינען דא פיעל פערוואונדעטע. עס בילדען זיך קאמיטעען אין אלע שטעדט צו זאמלען ליינוואנד, שארפּיע און שפּיטאל מאַטעריאַלען. אונזער ארמעע איז נים געווען פערטיג צום קריעג. מען האט קיין זאך נים אנגעגרייט.

— מאריא! מאריא! האט דער אלטער גערופען זיין פרוי. — הייס פערפּאקען אלעס, וואס דוא וועסט געפינען אין שטוב: וועש, ליינוואנד, שארפּיע, טיכער, ברויט און פלייש און וויין. דיא פערוואונדעטע טאָרען נים פערשמאכטען. זיי מוזען מיר אוועקגעבען דאס בעסטע.

— איך וועל אליין אפּפיהרען דיא זאכען אין שטאדט, האט דיא אלטע געזאגט און האט זיך געמווט אנהאלטען אן טיש, זיא זאל נים אומפאלען. — לאז מיך פאהרען אין שטאדט אריין!

— וואס קענסט דוא דארט מאכען? האט דער אלטער געזאגט אויפגערעגט. בלייב אין דער הוים, ווען אונזער זוהן וועט קומען....

— ווען ער וועט קומען! האט דיא אלטע ארויסגעלאזען א געוויין און איז געפאלען אויפ׳ן שטוהל, לעבען וועלכען זיא איז געשטאנען.

דער אלטער וועגדענשטיין האט זיך געביסען דיא ליפּען. דיא טרערן האבען איהם געווארגען. דאס הערץ האט איהם געריסען. ער האט זיך אבער געשטארקט און האט זיך איינגעהאלטען. ער האט אויפגעהויבען זיין פרוי און האט איהר געהייסען געהן אלעס צונויפפּאקען. דאן איז ער געגאנגען רופען זיינע טעכטער, וועלכע זיינען

ערנעץ אין גארטען און האט זיי געהייסען געהן העלפען דער מוטער.

ותען ער איז צוריקגעקומען פון גארטען, האט ער געטראפען ביי זיך אין שטוב א נייען גאסט. דאס איז געווען דער אלטער דייעק, פראנץ דייעקס פאטער.

— נו, וואס מאכט איהר, דייעק? האט ער איהם געפרעגט. איהר האט געוויס געהערט דיא לעצטע נאכריכטען און זייט געקומען צו מיר איבעררעדען, וואס מיר זאלען שיקען אונזערע בראווע סאלדאטען?

— איך האב ערהאלטען א בריעף פון מיין זוהן, פראנץ, האט דייעק געענט־פערט ערנסט.

— נו, וואס שרייבט ער? וויא געהט עס איהם? האט דער אלטער געפרעגט.

— האט ער געזעהן מיין זוהן? וואס שרייבט ער פון מיין זוהן? האט אויס־גערופען דיא אלטע וועגדענשטיין אויסער זיך פאר אונגעדולד.

זיא האט דערהערט, אז דייעק איז געקומען און איז אריינגעגאנגען אין זאל אין דער מינוט, ווען דער בויער דייעק האט ארויסגענומען דעם בריעף פון זיין ראק.

— מיין זוהן שרייבט, אז ער האט דעם ליעטענאנט געפונען, האט דייעק געענט־פערט מיט א ציטערענדער שטימע.

— אלזא, לעבט מיין זוהן! האט דיא אלטע אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו ציטערן.

— ער לעבט! האט דייעק געענטפערט און האט זיך געווענדעט צום אלטען וועגדענשטיין.

— איך האב צו רעדען מיט אייך עטליכע ווערטער, אבער אונטער פיער אויגען.

— ניין! האט געשריען נים מיט איהר קול דיא אלטע. — נים אונטער פיער אויגען! ווען איהר האט עפעס צו זאגען, זאגט עס ארויס! איך וויל עס וויסען. עס מעג זיין דאס ערגסטע. איך בין שטארק, איך קען אלעס איבערטראגען. זאגט מיר! דיא אונגעוויסהייט קען מיך טוידטען!

זיא האט זיך געווענדעט צו איהר מאן און האט אנגעהויבען צו בעטען.

— איך בעט דיך, לאמיך אויך הערן, וואס ער האט דיר צו זאגען.

דער אלטער וועגדענשטיין איז געשטאנען צו מישט. ער האט זיך קיין ראטה נים געקענט געפינען, וואס ער זאל טהאן. דער פאסטאר איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געזאגט.

— לאזט אייער פרוי הערן, וואס דייעק האט צו דערצעהלען. דיא הויפטזאכע איז, וואס אייער זוהן לעבט. דאן קען זיא דאך אלעס הערן.

פרוי וועגדענשטיין האט געווארפען א בליק פון דאנקבארקייט אויפ'ן פאסטאר.

— פיעללייכט וואלט גלייכער געווען, איהר זאלט אליין לעזען מיין זוהנס בריעף. ער איז צוואר געשריעבען צו מיר, איהר מעגט איהם אבער אלע לעזען. מיר זיינען דאך אלע אלטע גוטע פריינד האט דייק געזאגט.

דער אלטער וועגדענשטיין האט גענומען דעם בריעף. זיינע הענד אבער האבען געציטערט, זיינע ליפען זיינען געווען צוזאמענגעפרעסט—ער האט איהם נים געקענט לעזן.

— נימ מיר דעם בריעף, האט דער פּאסטאָר געזאגט. איך וועל איהם אייך פּאָרלעזען.

ער האט גענומען דעם בריעף און איז צוגעגאנגען צום פענסטער, וואו עס איז געווען ליכטיגער. העלענא און דיא אלטע ווענדערנשטיין זיינען געשטאנען הארט לעבען איהם און האבען אויפגעהאפּט יעדעס וואָרט.

דער פּאסטאָר האט געלעזען:

ליעבער פּאָטער!

„איך האב טהייל גענומען אין דער גרויסער שלאכט ביי לאַנגענזאלצא. מיר „האבען געזיעגט און גענומען צוויי קאנאנען און פיעלע געפאנגענע. דעם אנדער „טאָג אבער האט מען אונז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען. דער קעניג האט זיך „געמוזט אונטערגעבען. מען האט ביי אונז צוגענומען דיא ביקסען און מען האט „אונז געהייסען געהן א היים, וויא דיא בעטלער. עס האט מיר געריסען דאס „הערץ צו זעהן, וויא אלע בראווע סאָלדאטען האבען אפּגעבראכען צווייגען פון „ביימער און זיך געמאכט שטעקענס א היים צו געהן.

„יעצט, ליעבער פּאָטער, וועל איך אייך דערצעהלען פון אונזער ליעטענאנט „פאן ווענדערנשטיין. איך האב איהם געפונען אויפ'ן שלאכט פעלד און האב גע־ „מיינט, אז ער איז טוידט, אָבער גאָט זיי דאנק, ער לעבט. ער איז נור שווער „פערוואונדעט. איך האב איהם געבראכט קיין גאָטהא. ער געפינט זיך יעצט ביי „א גוטען מענשען, ביי דעם ביערברויער אָבערמייער. דער דאקטאר זאגט, אז ווען „ער וועט נור אויסהאלטען דאס שווערע פיעבער, וועט ער לעבען. —

„איך בין געזונד און שטארק. איך וואלט געקומען א היים. איך קען אבער „ניט איבערלאָזען אליין דעם קראנקען ליעטענאנט. געהט צום פערוואלטער ווענ־ „דערנשטיין און מעלדעט איהם אלעס.

„פאר מיר זארגט זיך ניט, מיר געהט עס דא גאנץ גוט.

אייער זוהן פראַנץ“.

ווען דער פּאסטאָר האט געענדיגט לעזען דעם בריעף, איז דער אלטער ווענדערנ־ שטיין צוגעגאנגען צו זיין פרוי, האט איהר א קוש געטהאן אין גרויען קאפּ און האט געזאגט:

— ער לעבט! גאָט אין הימעל, איך דאנק דיר!

דיא טרערין האבען זיך געגאסען איבער דיא צוקנייטשטע באקען פון דער אלטער מוטער. איינינע מינוטען האט זיא קיין וואָרט ניט געקענט ארויסרעדען. פּלוצ־ לונג האבען זיך ארויסגעריסען פון איהרע ליפּען דיא עטליכע ווערטער:

— איך מוז פאהרען צו איהם!

— איך אויך! האט געזאגט איהר עלטערע טאָכטער.

— איך אויך! האט זיך אפּגערופען דיא אינגערע.

— איך אויך! האט געזאגט דער אלטער ווענדערנשטיין, וואס וועלען מיר דארט אבער אלע טהאן? מיר קענען דאך ניט קומען א גאנצע פאמיליע און אנווארפען זיך אויף א פרעמדען מענשען.

אין דיעזע מינוט איז העלענא צוגעגאנגען צום אלטען.

— לאזט מיך פאהרען מיט מאדאם וועגדענשטיין. מיר ביידע זיינען געגוג אום ארומצוגעהן ארום קראנקען. דיא פריילין וועגדענשטיין דארפען בלייבען אין דער היים און בעזארגען דיא ווירטהשאפט.

— דוא, העלענא? האט איהר פאטער געפרעגט פערוואונדערט. דוא ווילסט פאהרען?

— פאָטער! האט העלענא געזאגט, דוא אליין האסט מיך געלערנט, אז מיר מוזען העלפען א נויטליידענדען. וואס קען שוין זיין א גרעסערע נויט, ווען א מענש ליענט קראנק, פערוואונדעט אין א פרעמדער שטאָדט צווישען פרעמדע מענשען, וואו עס איז ניטא קיינער, ווער עס זאל איהם דערלאנגען א טראפען וואסער צו בענעצען זיינע ברענענדע ליפען?

דער פאָטער האט געקוקט אייניגע מינוטען אויף זיין טאכטער. ער האט זעהר ניט געוואלט לאזען זיא פאהרען. זיא האט איהם אבער געחאפט ביי זיינע ווערטער און ער האט געמוזט נאכגעבען.

— אלזא, פאהר און גאט זאל דיר העלפען! האט ער געזאגט.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו פרוי וועגדענשטיין און האט איהר געזאגט.

— איך בין זיכער, אז איהר וועט נעהמען מיין טאָכטער אונטער אייער שוץ.

— מיט'ן גאנצען הארצען, האט געזאגט דיא אלטע פרוי און האט צוגעפרעסט העלענאַ'ן צו איהר ברוסט.

דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן האט בעטראכט דיא גאנצע סצענע מיט א בייזען, פינסטערן בליק. ער האט זיך געביסען דיא ליפען ביזן בלוט, ווען העלענא האט ארויסגעזאגט, אז זיא וויל פאהרען צום קראנקען. ער האט גערעכענט, אז דער פאטער אדער דער אלטער וועגדענשטיין וועלען עס ניט דערלאזען. יעצט אבער, ווען ער האט געזעהן, אז עס איז פערפאלען, אז זיא פאהרט צו איהם דאך, איז ער אויפ־געשטאנען און איז צוגעגאנגען צו מאדאם וועגדענשטיין און האט געזאגט:

— איך בעט אום דיא ערלויבניס אייך צו בעגלייטען. אלענפאלס זייט איהר דאך נור צוויי פרויען און דארפט האבען א מאן, וועלכער זאל אייך בעשיצען. אויסער דעם מיין איך, אז איך וועל דארט קענען ניצליך זיין דיא קראנקע. דא האב איך ניט וואס צו טהאן. מיין אנקעל בעזארגט אלעס. דארט אבער, וואו עס געפינען זיך אזוי פיעל קראנקע, אזוי פיעל נאטהליידענדע, וועל איך אויך קענען עפעס נוצען ברענגען.

ער האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד, האט אבער גוט אכטונג גע־געבען, וואס פאר אן איינדרוק זיינע ווערטער האבען געמאכט אויף זיינע צוהערער.

— דאס איז א גוטער געדאנק פון דיר, מיין זוהן, האט דער פאסטאָר געזאָגט. מיר לעבען אין א שווערער צייט, יעדער מוז עפעס בייטראגען פאר דיא ליידענדע. וואלט איך ניט געווען אזוי אלט, וואלט איך אליין געגאנגען מיט אייך.

העלענא איז געוואָרען זעהר אונרוהיג, ווען דער יונגער מאן האט ארויסגעזאגט, אז ער וויל זיי בעגלייטען. זיא האט זיך אבער געשטארקט און האט ניט ארויסגעוויעזען אז זיא איז אונצופריעדען.

יעצט האט זיך אנגעהויבען א נייעס לעבען און א נייע טהעטיגקייט אין אלטען הויז, מאדאם וועגדענשטיין איז ארומגעלאָפען פון איין צימער אין אנדערן און האט צונויפגעלעגט און צונויפגעפּאקט: פלעשער וויין, ברויט צוקער, איינגעמאכטע פריכטע, וועש, ליינוואנד, קליידער — אלעס, וואס איז איהר געקומען צו דער האנד; אלעס, וואס זיא האט נור געפונען אלס פּאסענד און ניצליך פאר א קראנקען, האט זיא צו־נויפגעלעגט אין קערב, אין זעק, אין פּעקליך.

דאס גאנצע דאָרף האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען און צו קאָכען. יעדער בויער, זאגאר דער ארימסטער, האט געבראכט עפּעס פאר דיא פערוואונדעטע סאָלדאטען. באלד איז פאר וועגדענשטיין'ס הויז געשטאנען א גרויסער וואגען בעשפּאנט מיט צוויי שטארקע פערד און אויפ'ן וואגען איז געווען אנגעלעגט פּעקלעך, קעסטלעך און קערבלעך.

העלענא מיט'ן יונגען גייסטליכען זיינען געגאנגען אהיים זיך פאָרבערייטען אויף דער רייזע. אויפ'ן וועג האבען זיי קיין וואָרט ניט גערעדט. זיי האבען ניט געהאט פיעל זיך פאָרצובערייטען. העלענא האט מיטגענומען נור א פּאר קליידלעך און וועש. באלד איז אלעס געווען פערטיג צו דער רייזע. דיא אלטע וועגדענשטיין האט ארומגענומען איהר מאן און האט געוויינט. — זייט פיעלע, פיעלע יאהרען האבען זיי זיך צום ערשטען מאל צושיידט אויף א לענגערע צייט. דער אלטער האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף איהר קאָפּ און האט געזאגט מיט טרעהרין אין דיא אויגען:

— גאָט זאָל דיך צוריק ברענגען מיט אונזער זוהן!

ער האט מעהר ניט געקענט רעדען און איז אוועקגעלאָפען צו זיך אין קאבינעט. פיעלע בויערן פון'ם דאָרף האבען זיך פערזאמעלט ארום דעם וואגען אום אבשיעד צו נעהמען פון דער אלטער פרוי. ווער פון זיי עס האט געהאט א זוהן, א ברודער, א פאטער אין קריעג, דער האט געוויינט שטילערהייט. ער האט געציטערט: וואס מאכט ער דאָרט? לעבט ער? איז ער געזונד?

זיי האבען נאך ניט געוואוסט, דיא אונגליקליכע, אז דיא פּרייסען האבען שוין אפּגענומען זייער לאנד און האבען פערבאָטען דיא צייטונגען, דיא טעלעגראפען און זאגאר דיא פּאָסטען, אז מען זאל ניט שרייבען איבערן קריעג, איבער דיא פערוואונ־דעטע, איבער דיא געפאנגענע. זיי האבען ניט געוואוסט, אז זיי אליין זיינען יעצט גע־פאנגען און פּרייסענס שווערע, טיראנישע האנד דריקט זיי. דאס איז געווען דער לעצטער טאג פון זייער פרייעס, רוהיגעס לעבען. באלד זיינען געקומען שווערע, טרויעריגע צייטען.

אין א קורצע צייט ארום איז דער וואגען מיט זיינע דריי פּאסאזשירען אוועק־געפאהרען. דער אלטער וועגדענשטיין איז געבליעבען אליין. ער האט זיך אומגעקוקט אין גרויסען זאָל — ער איז געווען לעדיג. דיא ווירטהין, דיא הויזמוטער איז ניטא. ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. צוויי שווערע, הייסע טראָפּען האבען זיך אראָפּ־געקייקעלט פון זיינע אלטע באקען. ער האט זיי געוואָלט אָפּווישען.

— שעהמט אייך ניט מיט דיעזע טרעהרין, האט איהם דער אלטער פאסטאר געזאגט. אין אזעלכע שווערע צייטען דאָרף דער שטארקסטער מענש זיך ניט שעהמען

מיט טרעהרין. — אבער דיזע צייטען ווערען אויך פאראיבערגעהן. מיר וועלען נאך רעדען פון זיי אין פריעדען.

— אך! מיין זוהן זאל נור בלייבען לעבען! האט קוים ארויסגערעדט דער אלטער מאן און האט אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קליין קינד.

— — — — — — — — — — — — — —

דער קריעג האט אויפגעהערט ארום דער שטאדט גאטהא. מען זעהט שוין ניט מעהר קיינע סאלדאטען, קיינע ביקסען, קיינע קאנאנען און קיינע באטערעען. מען הערט שוין ניט מעהר קיין פויקען שלאג, קיין טראמפעטען רוף, קיין קאמאנדא געשריי. דיא טויטע שלאפען רוהיג אין שוים פון דער מוטער ערד. דער רעגען האט אפגעוואשען דאס פערנאסענע מענשענבלוט. דער ווינד האט פערוועהט דאס קרעבצען און זיפצען פון דיא פערוואונדעטע. דיא זון האט אויסגעטריקענט דיא טרעהרין פון דיא ליידענדע. אלעס, דאכט זיך, האט זיך גענומען צו זיין אלטער בעשעפטיגונג. דיא זון שיינט ווידער קלאר און העל. דיא ראזען בליהען, דיא פייגעלעך זינגען ווידער פרעהליכע ליעדער. אלעס לעבט און פרעהט זיך מיטן לעבען. — דאס דאכט זיך אבער נור, דאס קען נור מיינען איינער, וועלכער פאהרט נור דורך דיא שטאדט. ווער עס וואינט אבער אין שטאדט דער וויים, וואס פאר א טרויעריגעס אנדענקען דער מערדער קריעג האט איבערגעלאזען. נור איין טאג האט געדויערט דער קריעג, נור איין שלאכט האט שטאט־געפונען, נור א גאנץ קליינער טהייל פון דער פרייסישער ארמעע האט זיך געשלאגען נור מיט איין טהייל פון דער ארמעע פון׳ם קעניג פון האנאווער. און דאך איז זיי גע־בליעבען אן אנדענקען אויף מאנאטע לאנג.

ניט איינער איז געווען אזוי קלוג, וויא פראנץ דייעק און האט געבראכט א שווער פערוואונדעטען אין שטאדט. ניט איינער איז געפאלען אויף דעם שכל, אז פאר א פערוואונדעטען איז בעסער צו ליעגען אין א שטוב אין שטאדט, אלס אין א פעלד לאזארעט. עס איז ניט געווען ניט איין שטוב אין דער גאנצער שטאדט, עס זאל אין איהר ניט ליעגען א קראנקער. ווער עס האט ניט געוואלט מיט גוטען אריינלאזען, ביי דעם האט מען אויסגעבראכען דיא טהיר מיט געוואלד און מען האט אריינגעטראגען דעם פערוואונדעטען.

איינינע טעג נאך דער שלאכט האט מען אין יעדער שטוב געהערט פערשטיקטע זיפצען און שטילעס וויינען. ברידער, שוועסטער, מוטערס זיינען געקומען צו דיא קראנקע, זיי העלפען, זיי שטיצען, זיי דערקוויקען, זיי דערפרישען. דיא גאנצע שטאדט איז געווען איין האספיטאל. אין דער פריה און פארנאכט האט מען געזעהן מעדכען און פרויען אין איינפאכע קליידער, מיט פערוויינטע אויגען, פערזארגטע געזיכטער, בלייך און מיעד פון ניט דערשלאפען ביי נאכט, ארויסגעהן אויף א קורצע צייט אין א גארטען, שעפען פרישע לופט און זאמלען נייע קרעפטע צו וואכען לעבען זייערע קראנקע.

מאדאם וועגדענשטיין, העלענא און דער יונגער גייסטליכער בעהרמאן זיינען אנגעקומען קיין גאטהא און זיינען פערפאהרען צום ביער ברויער, אבערמייער. זיין טאכטער, מארגארעטהא האט זיי פריינדליך אויפגענומען, זיא האט ניט דערלאזען,

אז זיי זאלען נעהמען צימער אין א האטעל און האט זיי אפגעגעבען צימער לעבען צימער וואו דער קראנקער איז געלעגען.

די ערשטע זאך, וואס מאדאם װענדענשטיין האט געטהאן, ווען זיא איז נעקומען, איז געװען — זעהן איהר קראנקעס קינד. זיא האט געציטערט, וויא אין א פיעבער, פון איהרע אויגען האבען זיך געגאסען טייכען טרעהרין, ווען זיא איז צוגעקומען צום בעט, וואו איהר זוהן איז געלעגען. — ער האט זיך ניט געריהרט, זיינע אויגען זיינען געװען פערמאכט. נור דאס לייכטע אטהעמען האט געוויעזען, אז דער לעצטער לעבענספונק איז נאך ניט אויסגעלאָשען. זיא איז געפאלען אויף די קניע פאר זיין בעט, האט אנגענומען זיין קאלטע האנד און האט זיא בעדעקט מיט הייסע, פייערינע קושען — קושען, וועלכע נור א מוטער קען געבען איהר קינד.

וויא א מאגנעט ווירקט אויף אייזען, אזוי האבען געווירקט דיזע טרייע, עהרליכע, הייסע קושען אויף דעם קראנקען. ער האט לאנגזאם און מיעד געעפענט זיינע אויגען, האט זיך ווילד ארומגעקוקט אין אלע זייטען און א שוואכער, בלייכער קוים בעמערק־בארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע בלייכע, בלוטלאָזע ליפּען. — ער האט דערקענט זיין מוטער. זיין קאלטע האנד, וועלכע זיא האט נאך אלץ געהאלטען, האט געגעבען א לייכטען, קוים בעמערקבארען ציטער.

הינטער דער אלטער דאמע איז געשטאנען העלענא. מיט ברענענדע אויגען, די הענד צונויפגעלעגט, וויא אין א געבעט, איז זיא געשטאנען און בעטראכט דעם בלייכען, האלב טויטען יונגען מאן, וועלכער איז ערשט מיט עטליכע טעג צוריק, אוועקגעפאהרען אזוי שטארק, אזוי פריש, אזוי מונטער. דער יונגער װענדענשטיין האט זיא אויף דער־קענט. א העלער, פריינדליכער גלאנץ האט זיך געוויעזען אין זיינע אויגען. זיינע ליפּען האבען זיך געעפענט — ער האט שווער אויפגעאטהעמט. א רויטליכער שוים האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפּען. זיינע אויגען האבען זיך ווידער פערמאכט און ער איז גע־בליעבען ליגען בלייך, וויא טויט, אויפ'ן ווייסען קישען.

באלד איז געקומען דער דאקטאר. ער האט איבער געבונדען די וואונד, האט אריינגעגאָסען דעם קראנקען א לעפעל מעדיצין אין מויל און האט ערקלערט מאדאם װענדענשטיין און העלענאַ'ן, וואס זיי האבען צו טהאן און וויא אזוי זיי זאלען ארומגעהן ארום קראנקען. ער האט ניט פערבאָרגען פון זיי, אז די געפאהר איז נאך זעהר גרויס, אז מען מוז איהם שטארק אפּהיטען, אז יעדע קלענסטע שטערונג אדער אויפרעגונג פון'ם קראנקען קען ווערן לעבענסגעפעהרליך. דער קראנקער מוז האבען די פאָלשטענ־דיגסטע רוהע. קיין זאך טאָר איהם ניט שטערן. מען טאָר איהם ניט פרעגען. מען טאָר צו איהם ניט רעדען.

פון דאמאלס אן איז די אלטע מוטער און העלענא געבליעבען ביי זיין לאגער. זיי האבען ניט אפּגעטרעטען פון איהם ניט אויף איין מינוט. גערעדט האבען זיי מיט איהם נור מיט די אויגען. אבער וואס פאר א גרויסארטיגע געפיהלפאָלע שפּראכע דאס איז געװען! יעדעס מאל, ווען דער בליק פון'ם קראנקען האט זיך בעגעגענט מיט די בליקען פון'ם יונגען מעדכען, פלעגען דיזע בליקען אויסדריקען אזוי פיעל ליעבע,

אזוי פיעל טרייע, אזוי פיעל געפיהל, אז מען וואָלט עס אויף קיין פאל ניט קענען אויסדריקען מיט ווערטער.

מאדאם וועגדענשטיין האט בעמערקט דיעזע וואונדערבארע שפּראַכע. זיא האט זיא פערשטאנען. — וועלכע פרוי פערשטעהט עס ניט דיא שפּראַכע פון וואהרע, טרייע ליעבע ? — זיא האט געזעהן, וויא איין מאל, ווען העלענא האט איהם געגעבען א לעפעל מעדיצין, האט דער קראַנקער לאנגזאם און שוואך אנגענומען איהר האנד און האט זיא געהאלטען פעסט — וויא אזא קראַנקער האט עס געקענט — און האט געקוקט אויף איהר מיט אזא ליעבע, מיט אזוי פיעל גליק, אז דאס יונגע מעדכען איז געוואָרען רויט, וויא פייער. זיא האט געזעהן, אז פון דאמאלס אן פלעגט דער קראַנקער אָפט צוציעהען העלענא׳ס האנד צו זיינע ברענענדע ליפּען.

דאס הערץ פון דער אלטער מוטער איז נעשפּרונגען ביי איהר אין לייב פאר פרייד אויסגעמישט מיט לייד. זיא האט הערצליך ליעב בעקומען דאס יונגע מעדכען. זיא וואָלט געוועז גליקליך, ווען איהר זוהן זאל קומען צו איהר און זאגען: „מוטער, דיעזעס מעדכען האב איך אויסגעוועהלט. זיא וועט זיין מיין לעבענסגעפּעהרטין!“ — דערוויילע אבער איז ער נאך געלעגען בלייך אויסגעשטרעקט, וויא א קלאָץ. זיא האט נאך פון איהם קיין וואָרט ניט געהערט און האט אויך ניט געוואָלט הערן.

דער יונגער גייסטליכער האט זיך באלד געפונען א בעשעפטיגונג אין שטאדט. ער איז ארומגעהן א גאנצען טאג — צווישען דיא קראַנקע, פלעגט ער זאגען — און פלעגט קומען אהיים נור אבענדס. מיט העלענא׳ן האט ער דיא גאנצע צייט ווייניג גע־רעדט. זיא האט זיך בעמיהט צו האלטען זיך וויים פון איהם און פלעגט מיט איהם רעדען נור דאס נאָטהוועגדיגסטע. ער איז געוועזען רוהיג, פלעגט רעדען נור פון פרומקייט און פון וואָהלטהעטיגקייט. ניט מיט איין וואָרט, ניט מיט איין מינע האט ער געוויזען, אז ער בעמערקט אלעס, וואס דא קומט פאר און אז דאס קרענקט איהם זעהר טיעף.

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טאג. איין מאל איז מאדאם וועגדענשטיין געזעסען פארן אָפענעם פענסטער. דער טאג איז געוועזען זעהר א הייסער און אלע פענסטער אין שטוב זיינען געוועזען אָפען. דער יונגער גייסטליכער איז אריינגעקומען און האט זיך געזעצט לעבען איהר. העלענא איז געזעסען לעבען קראַנקען. מען האט ערווארטעט דעם דאקטאר.

— איהר האט היע א גרויס פעלד פאר אייער טהעטיגקייט, האט מאדאם וועגדענשטיין געזאגט צום גייסטליכען. אין אזעלכע שווערע צייטען ווירקט א מאל א גוטעס וואָרט, א וואָרט פון מיטלייד און וואהרע מענשענליעבע, מעהר וויא א מעדיצין. איך מיין, אז איהר דארפט זיך פיהלען גליקליך צו ווירקען און צו ארבייטען אין אזעלכע צייטען.

— געוויס, פיהל איך מיך גליקליך, וואס איך האב אויסגעקליעבען א פּראָ־פעסיאָן, וועלכע האט צום צוועק מענשענליעבע, האט געענטפערט דער פרומער גייסטליכער. אין אזעלכע צייטען דערקענען ערשט דיא מענשען, וויא שטאַרק דער גלויבען איז. אז איבער אונז איז דא א גרויסער גאט, וועלכער ניט אכטונג אויף אונז. מיר זיינען אלע אין זיינע הענד.

— וויפיעל פאמיליען וועלען אייך דאנקבאר זיין, וואס איהר ברענגט זייערע קינדער טרייסט און האָפנונג! האט געזאגט מאדאם וועדענשטיין.

— נים מיר האבען זיי צו דאנקען, האט געזאגט דער גייסטליכער און האט פערגלאצט דיא אויגען צום הימעל. איך בין נור א ניעדעריגער דיענער פון גאָט.

אונטערדעסען איז געקומען דער דאקטאר. ער האט זיך לייכט פערנייגט פאר מאדאם וועדענשטיין און פארן גייסטליכען און איז גלייך אריינגעגאנגען אין קראנקען צימער, וואו העלענא איז געזעסען. שטילער הייט איז ער צוגעגאנגען צום בעט, האט פאָרזיכטיג איבערגעבונדען דיא וואונד, האט געזאגט העלענאַ'ן א פּאר ווערטער, וואס זיא זאל טהאן ביי נאכט און וואס זיא זאל געבען דעם קראנקען, ווען ער וועט זיך אויפחאפּען. ווען ער האט אלעס פערארדענט, איז ער ארויסגעגאנגען צו מאדאם וועדענשטיין.

— איך בין מיט'ן קראנקען צופריעדען, האט ער איהר געזאגט. דיא געפאהר איז צוואר נאך נים פאָראיבער, איך קען שוין אבער פעסט ארויסזאגען, אז ווען מען וועט איהם אָפּהיטען, וויא ביז אהער און מען וועט איהם לאזען אין פאָלשטענדיגער רוהע, בין איך זיכער איהם צו רעטען.

מאדאם וועדענשטיין האט געדאנקט דעם דאקטאר מיט טרעהרין אין דיא אויגען.

— נור רוהע, נור קיינע אויפרעגונג, קיין שטערונג! האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט און אלעס וועט שוין גוט זיין. יעצט, מיינע דאמען, האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט, ווענדע איך מיך צו דיא געזונדע. זיי, דיא געזונדע, מחען אויך פאָלגען, וואס דער דאקטאר הייסט זיי, פונקט, וויא דיא קראנקע. איך הייס אייך דאהער אלס דאקטאר, איהר זאָלט אייך אביסעל דורכגעהן אויף דער פרישער לופט. דאס מעדכען וועלכע איך מרעף בעשטענדיג ביים קראנקען, איז שוין אין גאנצען ערשעפּפט. איהר מוזט מיט איהר געהן אביסעל שפּאַציערען. איך הייס אזוי!

— איך וויל אין ערגעץ נים געהן, האט געזאגט העלענא, וועלכע איז געשטאנען אויף דער טהיר און האט אויסגעהערט אלעס, וואס דער דאקטאר האט געזאגט. — איך וויל בלייבען אין דער היים. —

— געה אביסעל שפּאַציערען, ליעבע העלענא, האט פלוצלונג געזאגט דער יונגער גייסטליכער. — געהט מיט איהר שפּאַציערען, מאדאם, — איך וועל בלייבען דערוויייל ביים קראנקען. דער דאקטאר וועט מיר נור זאגען, וואס איך זאל טהאן און איך וועל אָפּהיטען דעם קראנקען אזוי גוט, וויא איהר. — געהט, איך בעט אייך. איהר זייט אלע זעהר מיעד.

— איך וועל אייך אין דריי ווערטער זאגען, וואס איהר האט צו טהאן ביים קראנקען, האט דער דאקטאר געזאגט.

ער האט איהם באלד ערקלערט, אז אלע צעהן מינוט דארף מען בייטען דיא קאלטע קאָמפּרעסען און ווען דער קראנקער חאפּט זיך אויף, דארף מען איהם געבען א לעפעל מעדיצין.

— יעצט, מיינע דאמען, קומט מיט מיר! האט דער דאקטאר ווייטער געזאגט.

איך וועל אייך געבען דיא בעסטע מעדיצין, וואס א דאקטאר קען נור געבען — פרישע לופט. איך וועל אייך אליין פיהרען אין א גארטען מיט אלטע ביימער, וואו איהר וועט זיך דערקוויקען. איהר וועט זעהן, וויא גוט עס ווירקט דיעזעס מיטעל, וועלכע דיא נאטור גיט אלעמען פריי פון איהר אייגענער אפטהעק.

דער דאקטאר איז געוועזען איינער פון יענע אלטע, עהרליכע נאטורען, וועלכע, ווען זיי נעהמען זיך צו עפּעס, גיבען זיי זיך אָפּ צו זייער זאך מיט לייב און זעעלע. ער האט שוין איבערגעזעהן אין זיין לעבען גענוג ליידען, שמערצען און טויט. קוים אבער האט ער זיך אונטערגענומען צו בעהאנדלען דעם קראנקען וועגדענשטיין, האט ער מיט לייב און זעעלע געוואלט איהם העלפען. ליידער, שטאַרבט דיעזע סאָרטע דאָק־טוירים צו ביסלעך ווייס אויס. אויף זייער אָרט וואקסען אויס האנדווערקער, וועלכע בעטראַכטען זייערע פּאציענטען אלס א צובראָכענע כלי, וועלכע מען דאַרף פערגלע־טען, פארשמירען און אוועק פון דיא אויגען!

מאדאם וועגדענשטיין האט אויף זיך ארויפגעווארפען א שאַל. העלענא איז נאָך א מאל אריינגעלאפען אין קראַנקענצימער, זעהן, וואס דער קראַנקער טהוט. באַלד איז זיא געקומען צוריק, האט אויף זיך געחאַפּט א מאַנטיליע און דיאביידע דאמען מיט'ן דאקטאר זיינען אַרויסגעגאַנגען.

דער יונגער גייסטליכער האט זיי נאכגעקוקט פינסטער. אין זיינע אויגען האט אנגעהויבען צו לייכטען א בייזער, העלישער פייער. קוים זיינען ביידע פרויען ארויסגע־גאַנגען פון שטוב, איז ער אריינגעגאַנגען אין קראנקען צימער און האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל לעבען בעט, אויף וועלכען העלענא פלעגט שטענדיג זיצען, און האט גע־ווארפען אויפ'ן קראנקען א בייזען, ווילדען בליק. דער קראנקער איז געשלאפען. איינינע מאל האט ער קוים געריהרט דעם קאפּ. גלייך וויא ער האט זיך געוואָלט אוועקקעה־רען פון'ם בייזען בליק פון'ם גייסטליכען. עס איז פערגאַנגען א געראומע צייט. פּלוצלונג האט דער קראנקער געעפענט דיא אויגען און האט געקוקט פערוואונדערט אויפ'ן יונגען גייסטליכען. ער האט געפרעגט מיט דיא אויגען: ווער ביסט דוא? און וויא קומסט דוא אהער? דער יונגער גייסטליכער האט איהם פערשטאַנען.

— ווינשט איהר עטוואס, העדר וועגדענשטיין? האט ער געפרעגט מיט א הייכלערישער שטימע. — דיא דאמען זיינען ארויסגעגאנגען א ביסעל שפּאַציערען. דער ד'אקטאר האט זיי געהייסען געהן אויף דער פרייער לופט.

דער קראנקער האט געוויעזען מיט דיא אויגען אויפ'ן טישעל, וואס איז געשטאַ־נען ביי איהם צו קאָפּענס. דארט איז געשטאַנען א גרויסע פלאַש מיט וואסער און א קליין פלעשעלע מעדיצין.

דער גייסטליכער האט אנגענאסען א לעפעלע מעדיצין און האט עס דערלאנגט דעם קראנקען, וועלכער האט עס אויסגעטרונקען און האט זיך געפיהלט געשטאַרקט. זיינע אויגען האבען דייטליך געזאגט: איך דאנק אייך. דער גייסטליכער האט אניע־דערגעלעגט דעם לעפעל און האט צונויפגעלעגט דיא הענד, גלייך וויא ער האט גע־וואָלט בעטען גאָט. איינינע מינוטען האט אין צימער געהערשט טיעפע שטילקייט. דער קראנקער האט געהאלטען אפען דיא אויגען און האט געקוקט צום דאך.

— הערר װענדענשטײן, האט פלוצלונג געזאגט דער גײסטליכער מיט א פרומער, גײסטליכער מינע, — הערר װענדענשטײן, האט איהר א מאל געטראכט פון'ם הײלינגען גלויבען, פון גאט און פון זײן קירכע? — האט איהר א מאל נאכגעדאכט, אז אײער זעעלע דארף אויך האבען מעדיצין, װיא אײער קערפער? מיר זײנען אלע בײ גאָט אין דיא הענד, ער קען אונז רופען צו זיך אין יעדע מינוט. מיר מוזען זײן פארבערײטעט צו קומען פארן אײביגען ריכטער און איהם אפגעבען חשבון פון אלעמען, װאס מיר האבען געטהאן אויף דער װעלט.

דיא אויגען פון'ם קראנקען האבען זיך געװענדעט צום גײסטליכען. זײ האבען געקוקט װילד, דערשראָקען און האבען באלד פערלארען זײער גלאנץ. — זײן מוטער און העלענא פלעגען רעדען מיט איהם נור דורך בליקען. װען זײ פלעגען דארפען רעדען צװישען זיך, פלעגען זײ רעדען אזוי שטיל, אז ער האט קוים געהערט, װאס זײ זײ רעדען. פלוצלונג זיצט פאר איהם א גײסטליכער און רעדט צו איהם הארט און שארף פון'ם טויט. ער שטעהט שוין געװיס אזוי שמאל, אז מען האט שוין צו איהם געשיקט א גײסטליכען. — אנדערש האט ער זיך ניט געקענט ערקלערן, װאס דער גײסטליכער זיצט לעבען זײן בעט און רעדט צו איהם. ער האט געגעבען א לײכטען ציטער און האט גאנץ שװאך א מאך געטאהן מיט דער האנד.

— בעדענקט, האט װײטער געזאגט דער גײסטליכער מיט א שארפער, שנײדענדער, אײז קאלטער שטימע. — בעדענקט, אז יעדע מינוט קען זײן פאר אײך דיא לעצטע. דער קערפער װעט זיך אומקעהרן צו דער קאלטער ערד און דיא זעעלע װעט קומען פאר גאט. אין דיזע מינוט דארף דער מענש פערגעסען אן דער װעלט און דענקען אן גאט. נור דער הײליגער גלויבען קען איהם רעטען פון דער העללע.

דיא אויגען פון'ם קראנקען האבען זיך װײט אויפגעעפענט. זײן געזיכט איז פלוצלונג געװארען רויט, װיא פײער. זײנע ליפען האבען אנגעהויבען צו ציטערן. דער גײסטליכער האט עם אלעס געזעהן און האט װײטער געזאגט:

— יעדער מענש האט זינדען. יעצט איז דיא צײט, איהר זאלט זיך דערמאָנען אן אײערע זינד און זאלט בעטען אום פערצײהונג דעם גרויסען גאט פון ליעבע און ערבארמען.

דער גאנצער קערפער פון'ם קראנקען האט אנגעהויבען לײכט צו ציטערן. זײנע אויגען האבען זיך געעפענט און געשלאָסען, װיא אין דער אַגאָניע (גסיסה) זײנע הענד האבען זיך געװארפען, גלײך װיא זײא װאלטען זיך צוזאמענגעצױגען פון א שרעקליכען קראמפף. — דער גײסטליכער האט זיך אײנגעבױגען איבער זײן בעט, װיא א שלאנג בײגט זיך צו צו דעם ארימען פײגעלע, װעלכע זיא װיל פערשלינגען, און האט גערעדט אלץ הארטער, אלץ שארפער, אלץ שטרענגער פון'ם טויט, פון דער קאלטער ערד, פון דער העללע און פון אלע מענליכע שרעקען נאכ'ן טויט.

— װ — א — ס — ע — ר! האט קוים אויסגעהויכט דער קראנקער.

דער גײסטליכער האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט װײטער גערעדט און דערצעהלט, אז אין אזא מינוט דארף א מענש טראכטען נור פון גאָט און פון

יענער וועלט. ער האט זיך איינגעבריגען נאך מיעפער צו איהם און האט איהם גערעדט אין אויער אריין.

אימער שוואכער האט געציטערט דער קערפער פון׳ם קראנקען. אויף זיינע ליפען האט זיך געוויעזען א רויטער שוים. פון זיין האלז האט מען געהערט א גאנץ שטילעס רעבעלן. נאך א מאל האט זיך אויפגעהויבען זיין ברוסט, נאך א מאל האט ער טיעף אויפגעאטהעמט, א שטראם שווארצעס בלוט איז ארויסגעקוואלען פון זיין מויל. ער האט זיך נאך א מאל אויסגעשטרעקט און איז געבליעבען ליעגען — טויט.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר גאנץ שטיל געעפענט און פראנץ דייעק איז אריינגעקומען. ער איז נור וואס געקומען צו רייטען פון עמענטהאל און האט גע־בראכט איינינע זאכען, וועלכע מאדאם וועגדענשטיין האט איהם געבעטען, ער זאל בר.. גען. — זייט דיא דאמען זיינען געוועזען לעבען קראנקען, איז פראנץ דייעק געווארען זייער פאסטיליאן, זייער קאמיסיאנער און זייער משולח. זיי האבען איהם א פאר מאל געשיקט קיין עמענטהאל, ער זאל דערצעהלען דעם אלטען וועגדענשטיין, וואס זיין זוהן מאכט און זאל זיי ברענגען איינינע קליידער און איינינע ארטיקלעל פאר דער קיך. היינט אין דער פריה האבען זיי איהם וויעדער געשיקט קיין עמענטהאל און ער איז יעצט צוריקגעקומען.

— אה, הערר בעהרמאן, איהר זייט דא! האט ער אויסגערופען. וואו זיינען דיא דאמען?

פלוצלונג האט ער א קוק געטהאן צום קראנקען און האט זיך אנגעהאפט ביים קאפ.

— מיין גאט! האט ער אויסגערופען, דער ליעטענאנט שטארבט! מארגא־רעטהא! הערר אבערמייער! רופט דעם דאקטאר! רופט זיין מוטער! וואו איז פריילין העלענא?

— ער האט בעקומען א בלוטשטורץ, האט געזאגט דער גייסטליכער ערנסט, אין דער צייט, ווען איך האב גערעדט צו איהם פון אונזער הייליגען גלויבען.

מארגארעטהא, דעם ווירטה׳ס טאכטער. איז אויך באלד געקומען צולויפען צו־מישט און דערשראקען.

— מארגארעטהא! האט פראנץ דייעק געשריען ניט מיט זיין קול. מיין ליעטע־נאנט שטארבט! רופט שנעל דעם דאקטאר!

ער אליין איז געפאלען אויף דיא קניע פארן בעט פון׳ם קראנקען און האט אנ־געהויבען אפצואווישען דאס בלוט פון׳ם קראנקענס מויל. דאן האט ער ווייטער צוגע־לעגט א קאלטען קאמפרעס צו דער וואונד. מעהר האט דער ארימער פראנץ ניט געקענט טהאן אין זיינען פערצווייפעלונג. דער גייסטליכער איז אונטערדעסען אריין אין זאל און האט אנגעטהאן זיין הוט. ער האט געוואלט אוועקגעהן. פלוצלונג האט ער זיך איבערלעגט, אז עס איז גלייכער, ער זאל בלייבען. ער האט אויסגעטהאן דעם הוט און האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א שטוהל לעבען פענסטער.

מארגארעטהא איז אונטערדעסען אוועקגעלאפען ברענגען דעם דאקטאר. זיא איז מיט איהם געווען גוט בעקאנט. ער איז שוין זייט לאנגע יאהרען געווען זייער

הויז דאקטאר און זיא האט שטענדיג געוואוסט, וואו איהם צו געפינען. זיא האט אויך ניט געדארפט איהם לאנג זוכען. זיא איז אוועקגעלאפען נור א פאר גאסען און האט איהם דערזעהן. ער איז געגאנגען לאנגזאם מיט דיא דאמען צוריק אהיים. פערסאָפּעט, דערשראָקען און אָטהעמלאז איז צו איהם צוגעלאפען דאס יונגע מעדכען און האט איהם אנגעכאַפּט ביי דער האנד.

— הערר דאקטאר, שנעל! דער קראנקער אפיציער — פיהלט זיך — שלעכט — זעהר שלעכט, האט זיא קוים ארויסגעקייכט.

— וואס איז געשעהן? רעד, דערצעהל! האט דער אלטער דאקטאר אויסגערופען דערשראקען.

— איך ווייס ניט. שנעל! קומט דאקטאר! דער אפיציער—

מאדאם װענדענשטיין האט זיך אנגעכאַפּט אן דאקטארס האנד. אלע פיער זיינען געלאָפען, וויא ווייט זיי האבען געקענט אהיים. העלענא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. זיא איז געלאָפען פאראויס, וויא א יונגער הירש. זיא איז ארויפגעשפרונגען אויף דיא טרעפּ, איז א מינוט געבליעבען שטעהן אום אטהעם צו האלטען און איז שטילערהייט אריינגעגאנגען אין קראנקען צימער. פראַנץ דייעק איז געשטאנען לעבען קראנקען און האט געהאלטען זיין קאלטע האנד, גלייך וויא ער האט געוואלט זיא אנוואַרעמען. ער האט זיא דערזעהן און האט זיך דערפרעהט.

— קומט נור אהער, פריילין העלענא. אויב איינער קען איהם נאך צוריק רופען צום לעבען, זיינט איהר עס.

זיא איז געפאלען אויף דיא קניע פאר'ן בעט פו'ם קראנקען, האט גענומען זיין קאלטע האנד און האט אנגעהויבען צו הויכען אויף איהר. איהרע אויגען זיינען גע-בליעבען טרוקען, נור איהרע ליפּען זיך האבען בעוועגט שטילערהייט און האבען געזאגט: אך! לאמיך שטארבען מיט איהם צוגלייך!

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט, ביז דער אלטער דאקטאָר און מאדאם וענדענשטיין זיינען אנגעקומען. דיא צוויי אלטע לייט האבען ניט געקענט לויפען אזוי שנעל, וויא דיא יונגע העלענא. מאדאם וענדענשטיין האט געוואלט אריינגעהן אין קראנקען צימער. דער דאקטאָר אבער האט זיך געשטעלט אויף דער טהיר און האט זיא צוריק געשטויסען גראָב.

— איך בין דער דאקטאָר! האט ער געזאגט מיט א ווילדער שטימע, אז מא-דאם וענדענשטיין האט זיך דערשראָקען פאר איהם. דער קראנקער געהערט מיר! דיא דאמען זאלען ארויס פון דאנען. — ווען איך וועל דארפען, וועל איך זיי רופען.

ער האט האסטיג פערמאכט דיא טהיר און איז צוגעקומען צום קראנקען. ער האט בעטראכט דעם קראנקען פון אלע זייטען, האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל לעבען ז'ין בעט, האט אנגעשפארט דעם קאפּ אן ביידע הענד און האט זיך פערטראכט.

אונטערדעסען איז דער גייסטליכער צוגעגאנגען צו מאדאם פאן וענדענשטיין און האט איהר געזאגט:

— עס איז נאך ניט אלע האפנונג פערלארען. גאט קען נאך העלפען. וואס קען זיין א דאָקטאָר? גאט איז דער איינציגער דאקטאר — נור ער קען העלפען.

מאדאם װענדענשטײן האט איהם ניט געענטפערט. זיא איז געזעסען מיטן קאָפּ אנגעשפּארט אן פענסטער און האט געװײנט.

דער דאָקטאָר האט געטראכט און געקלערט א גרױמע צײט. ער האט זיך אױפגעהױבען, האט װידער בעטראכט דעם קראנקען, האט צוגעלעגט זײן אױער צו זײן הערץ, האט איהם עפּעס אַרײנגעגאסען אין מױל און האט זיך װידער פערטראכט. ענדליך איז ער ארױסגעגאנגען צו דיא דאמען אין זאל.

— עס איז א שװערע קריזיס, האט ער געזאגט. איך קען מיר אױף קײן פאל ניט ערקלערן דיא אורזאכע פון אזא פּלוצלונגע ענדערונג, װעלכע גיט מיר אזױ װעניג האפנונג. — אבער דאס הערץ שלאגט נאך. דאס לעבען איז נאך ניט אין גאנצען אױסגעלאָשען און זא לאנג עס ריהרט זיך נאך אן אבר אין א מענשען, דארף דער דאָקטאָר נאך האפען. — צװאר קען איך יעצט גאר ניט טהאן. — אין אזא פאל מוז דיא נאטור אלײן העלפען. —

אבער פון װאנען קומט דיעזע ענדערונג? האט ער װײטער געזאגט, װיא צו זיך אלײן. איך האב איהם דאך געלאזען אזױ גוט, אז איך האב געהאט דיא בעסטע האפנונג. — װיא אזױ האט געקענט קומען אזא פּלוצלונגע קריזיס? — עפּעס האט דא געמוזט געשעהן אין דער צײט, װאס מיר זײנען ניט געװען אין דער הײם.

ער האט זיך אומגעקוקט אין זאל און האט דערזעהן דעם גײסטליכען.

— יונגער מאן, איהר זײט געבליעבען בײם קראנקען, װען מיר זײנען אװעקגע־גאנגען. איהר מוזט װיסען, װאס דא איז געשעהן. — האט אײנער געמאכט א ליארם? האט מען פּלוצלונג א געשרײ געטהאן: פײער! און דער קראנקער האט זיך דער־שראָקען? — איז עפּעס א שװערע זאך אראָפּגעפאלען לעבען איהם אדער איבער זײן קאָפּ? — עפּעס האט געמוזט געשעהן!

ער האט געקוקט דעם גײסטליכען גלײך אין דיא אױגען. ער האט איהם געװאלט דורכדרינגען מיט זײן בליק און איבערלעזען זײנע געהײמע געדאנקען.

— עס איז גאר ניט געשעהן, האט געזאגט דער גײסטליכער און האט אראָפּ־געלאזען דיא אױגען צו דער ערד. דער קראנקער האט זיך געפיהלט זעהר גוט. ער האט געעפענט דיא אױגען און געבעטען א טרונק. איך האב איהם געגעבען װאסער און א לעפעלע מעדיצין. — ער האט געקוקט גאנץ פרײ, אז איך האב געפונען פאר נײטיג איהם צו שטארקען מיט הײליגע װערטער פון אונזער הײליגען גלױבען. פּלוצלונג האט ער אנגעהױבען צו ציטערן און פּק׳ם מױל האט זיך געגאָסען בלוט.

דער דאקטאר האט איהם אױסגעהערט אױפמערקזאם. ער האט איבערלעגט יעדעס װאָרט, װאס דער גײסטליכער האט איהם געזאָגט.

— יעצט הײב איך אן עפּעס צו פערשטעהן, האט ער געזאגט און האט װײטער געװאָרפען א דורכדרינגענדען בליק אױפ׳ן גײסטליכען. — האט איהר פיעל צו איהם גערעדט?

— איך האב איהם געזאגט, װאס אלע גײסטליכע זאגען צו זײערע קראנקע. איך האב איהם געטרײסט מיט דיא װערטער פון אונזער הײליגען גלױבען.

דער אלטער דאקטאר איז אױפגעשפּרונגען, װיא פון א שלאנג געביסען.

— הערר פאסטאָר, הערר גייסטליכער אדער וויא איהר הייסט, האט ער איהם געזאגט שארף, אייער רעליגיאָן און אייער היילינער גלויבען זיינען גאנץ גוטע זאכען. אבער איך פערביעט אייך, איהר זאלט קומען צו מיינע פאציענטען מיט דיעזע גוטע זאכען. — איהר זייט נאך צו יונג אום צו רעדען צו געפעהרליכע קראנקע.

דער אלטער דאקטאָר האט אלעס פערשטאנען. ער האט צוואר ניט געוואוסט, וואס דער גייסטליכער קען האבען צום קראנקען אָפּיציער. ער איז אבער געווען איבער־צייגט, אז אונטער דעם שווארצען ראָק פון'ם פרומען גייסטליכען ליעגט פערבאָרגען א גיפטיגע שלאנג.

דער יונגער גייסטליכער האט זיך געפיהלט בעליידיגט.

— קיינער קען ניט פערוועהרען דעם דיענער פון גאט און פון זיין היילינער קירכע צו ברענגען א קראנקען טרייסט און האפנונג, האט ער געזאגט שארף.

— און איך פערוועהר אייך דאך! האט דער דאקטאר אויסגערופען שטאָלץ און געביעטעריש. אין קראנקען צימער בין איך דער בעל הבית!

ער האט ווייטער ניט געוואלט שטרייטען מיט'ן גייסטליכען. ער איז בעסער געגאנגען צום קראנקען. יעצט, אז ער וויס שוין דיא אורזאכע פון דער קריזיס, קען ער שוין זוכען מיטעל, וויא אזוי צו העלפען. ער האט ווידער בעטראכט דעם קראנ־קען, האט אפגעבונדען דיא וואונד, האט זיא נאך אמאל אנגעקוקט און האט זיך ווידער פערטראכט. דיעזעס מאל איז שוין העלענא געזעסען לעבען איהם. ער האט איהר ניט געוועהרט, ער האט זיא ניט ארויסגעטריבען, וויא פריהער. — ער האט גע־טראכט און געקלערט איינינע מינוט. פּלוצלונג האט ער איהר א ווינק געטהאן. ער האט אנגעשריעבען עפּעס אויף א שטיקעל פּאַפּיער, האט עס איהר דערלאנגט און האט געזאגט נור איין וואָרט: שנעל!

העלענא איז ארויסגעגאנגען און איז געלאפען אין דער אפטהעק, וועלכע איז געווען ניט ווייט, און האט באלד געבראכט דעם רעצעפּט. דער דאָקטאָר האט אליין געעפענט דאס פלעשעלע, האט אפגעצעהלט איינינע טראפען און האט עס אריינגע־גאָסען דעם קראנקען אין מויל.

העלענא האט זיך ווידער געזעצט אויף איהר אָרט און האט ניט אראפּגעלאזען קיין אויג פון'ם קראנקען. עס זיינען פערגאנגען איינינע שווערע מינוטען. דער דאקטאָר איז געשטאנען ביים בעט און האט בעאָבאכטעט, וואס פאר א ווירקונג זיין מעדיצין וועט מאכען.

— ער לעבט! ער האט געעפענט דיא אויגען! האט העלענא אויסגערופען פריידיג.

דער קראנקער האט ווירקליך געעפענט דיא אויגען און האט זיך אומגעקוקט ווילד און ערשטוינט. מאדאם וועגדענשטיין האט דערהערט העלענא'ס אויסרוף און איז אויך אריינגעקומען אין קראנקען צימער. יעצט האט איהר דער דאָקטאָר ניט געוועהרט. ער איז געווען גליקליך: זיין מעדיצין האט געווירקט! זיין געזיכט האט גע־שיינט מיט פרייד און פערגניגען.

— וואס איז מיט מיר געשעהן? האט געזאגט דער קראנקער גאנץ דייטליך. —

איך האב געהאט א בייזען טרוים. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך בין געשטאָרבען —

באלד האט ער אבער ווידער פערמאכט דיא אויגען. דער דאקטאר האט לאנגזאם זיין פּאָרזיכטיג אויפגעהויבען דאס קישען, אז דער קאפּ פון'ם קראנקען זאל אויסקומען העכער און האט קאָמאנדירט:

— א גלאָז רויטען וויין!

מען האט באלד געבראכט א גלאָז רויטען וויין. דער דאָקטאָר האט אנגענאָסען א לעפעל און האט עס געגעבען דעם קראנקען. אלע האבען געזעהן, וויא דער קראנקער האט אראָפּגעשלונגען דעם וויין. דער דאָקטאָר האט איהם געגעבען א צווייטען לעפעל, — א דריטען. — יעצט האט ער איהם אונטערגע'שפּארט דעם קאָפּ און האט איהם געלאזט ליעגען.

אין צימער איז געווען שטיל, אז מען האט געקענט הערען, וויא דאס הערץ קלאפּט. אלע האבען געקוקט אויפ'ן קראנקען. העלענא איז געווען בלייך, וויא קאלך. מאדאם וואנדענשטיין איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט. דער דאקטאָר האט פון'ם קראנקען קיין אויג ניט אראָפּגעלאזען. — אלע האבען געפיהלט, אז דאס איז דיא קריזיס. דיא וויכטיגסטע מינוט, ווען דיא קראנקהייט וועט זיך ענטשיידען — אהין אדער אהער. — עס זיינען פערגאנגען איינינע שרעקליכע מינוטען.

פּלוצלונג האט זיך געוויעזען א שוואכע רויטקייט אויפ'ן קראנקענס געזיכט. ער האט אריינגעצויגען דעם אטהעם און האט באלד געעפענט דיא אויגען. זיין בליק איז געפאלען אויף זיין מוטער און אויף העלענאַן.

— פּראָבירען זיא טיעף צו אטהעמען, האט איהם דער דאקטאָר געהייסען.

דער קראנקער האט טיעף איינגעאטהעמט.

— פיהלט איהר דערביי שמערץ אין דער וואונד? האט דער דאקטאָר געפרעגט.

דער קראנקער האט א שאָקעל געטהאן מיט'ן קאָפּ, ניין.

דער דאקטאר האט זיך געווענדעט צו מאדאם וואנדענשטיין.

— יעצט מעגט איהר דאנקען גאָט, אייער זוהן איז גערעטעטעט! — דאס איז איינער פון דיא זעלטענסטע פעלע אין מיין פּראקסיס. פון טויזענד אזעלכע פעלע בלייבט איינער אדער צוויי לעבען. איך בין שטאלץ אויף אזא פאל, אבוואהל איך מוז זאגען דיא וואהרהייט: ניט איך האָב דא געהאלפען, זאנדערן דיא קרעפטיגע נאטור פון'ם קראנקען, — יעצט אבער מוזט איהר ערשט אפּהיטען דעם קראנקען. — לאזט צו איהם קיינעם ניט צו, זאגאר ניט דיא דיענער פון דער הייליגער קירכע. לאזט דעם קראנקען אין פּאָלשטענדיגע רוהע. גיט איהם וויין. פון ציים צו צייט מעגט איהר איהם געבען א לעפעל זופּע, בייט אפּט דיא קאלטע קאמפּרעסען און אייער זוהן וועט זיין געזונד.

דיא אלטע מוטער איז געפאלען אויף דיא קניע פארן בעט פון איהר זוהן, האט איהם א קוש געטהאן אין שטערן, האט זיך באלד אויפגעהויבען און איז ארויסגעלאָפען אין זאל. דארט איז זיא געפאלען אויפ'ן דיוואן און האט ארויסגעלאזען א געוויין. קלאָרע, העלע, גליקליכע, פריידענטרערין האבען זיך געקייקעלט פון איהרע באַקען. העלענא איז געבליעבען זיצען ביים קראנקען. דער גייסטליכער איז אריינגעגאנגען אויף

א מינוט אין קראנקענצימער, אבער א בליק פון'ם דאָקטאָר האט איהם באַלד ארויס־געטריעבען. ער האט זיך באַלד דערמאָנט, אז ער האט נאך עפּעס צו טהאן און איז אוועקגעגאַנגען.

דער דאָקטאָר האט אנגעזאגט העלענאַ'ן, וואס זיא זאל טהאן און וויא אזוי זיא זאל ארומגעהן ארום קראַנקען און איז אויך אוועקגעגאַנגען. דיא דאמען זיינען געבליע־בען אליין. נור פראַנץ דייעק איז ניט אָפּגעטרעטען. ער האט געבעטען, מען זאל איהם לאָזען וואַכען ביים קראַנקען.

דיא נאכט איז פאָראיבער, דער מארגען האט געבראַכט גליק און פרייד אין הויז פון'ם ביערברויער, אבערמייער. דעם קראַנקען איז געגאַנגען בעסער און בעסער.

פראַנץ דייעק איז ניט אוועקגעפאהרען. ער פלעגט אפט רעדען מיט מארגא־רעטהא. וואס זיי האבען ביידע גערעדט, ווייס קיינער ניט. ווער עס האט זיי אבער געזעהן רעדען צוזאמען, דער האט געזאגט, אז דאס וואלט געווען א שעהן פּאָריל.

העלענאַ און מאדאם וועגדענשטיין האבען ניט אָפּגעטרעטען פון'ם קראַנקען, וועלכער איז שוין געווען אים שטאנד מיט זיי עטוואָס צו רעדען. דער יונגער גייסטלי־כער איז אין דער לעצטער צייט געווען שטאַרק בעשעפטיגט. ער פלעגט זעלטען קומען אין הויז פון'ם ביער ברויער.

## 18טעס קאַפּיטעל.

## פאַלשקייט און בעטרוג.

דיא גרעפין פראַנקענשטיין זיצט וויעדער אין איהר רייכעס הויז אין דער בורג־שטראסע. זיא האט געסט. מען רעדט פון פּאָליטיק, פון קריעג, פון האנאָווער און פון קעניג געאָרג.

— האט ווער פון אייך גערעדט מיט'ן קעניג? האט איינער פון דיא געסט גע־פרעגט.

— איך האב מיט איהם גערעדט, האט געענטפערט דער אלטער גענעראַל באראן פאן רייזאך.

— וויא טראגט ער איבער זיין אונגליק?

— העלדענמוטהיג, האט דער באראָן געענטפערט. ער איז גאנץ זיכער, אז פּרייסען וועט ביי איהם ניט אוועקרויבען זיין לאַנד און זיין קרוין.

— און וואס זאגט פּרייסען?

— פּרייסען וועט פערשלינגען עטליכע דייטשע פירסטען און דארונטער דעם קעניג פון האנאָווער. ווער וועט איהר עפּעס זאגען? פּרייסען האט געזיעגט און דער זיעגער מעג טהאָן, וואָס ער וויל.

— וועט דען רוסלאַנד שווייגען?

— קייסער אלכסנדר האט גענוג צו טהאָן ביי זיך אין דער היים. ער האָט צו טהאן מיט זיינע ניהיליסטען און וועט זיך ניט שטעלען פאר א פרעמדען קעניג.

מען האט נאך גערעדט א לענגערע צייט פון דער פּאָליטיק. דיא אלטע גרעפין איז געווען א פאַרברענטע פּאָליטיקערין און האט געוואָלט אלעס וויסען. איהר טאָכ־

מער, דיא גרעפין קלארא איז געזעסען לעבען איהר און האט זיך ניט אריינגעמישט אין געשפרעך. איהרע געדאנקען זיינען געווען בעשעפטיגט מיט עפּעס אנדערש. באַראן פאַן שטילאָוו איז צוריקגעקומען פון קריעג פריש און געזונד און זיא ערווארטעט איהם היינט צום מיטאַג. אין גאַנץ וויען איז שוין געווען בעקאַנט, אז זיא איז פערלאָבט מיט'ן באראָן און זיא איז שוין מיט איהם עפענטליך אויסגעפאָהרען. זיא האט געווארט מיט אונגעדולד, אז דיא געסט זאלען זיך שוין צונעהן און איהר מוטער זאָל הייסען מאכען פאַרבערייטונגען צום מיטאַג. עס האט זיא צוואר אויך אינטערעסירט דער קריעג, אבער נור אזוי ווייט, וויא פיעל עס האט בעטראָפען איהר געליעבטען.

ענדליך זיינען זיך דיא געסט צוגאנגען. מוטער און טאָכטער זיינען געבליעבען אליין. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען, ווען דער דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— אין פאָרהויז שטעהט א העדר און פערלאנגט צו שפרעכען מיט דער גרעפין פראנקענשטיין.

— ווער איז דער העדר? האט דיא גרעפין געפרעגט פערוואונדערט.

זיא האט געהאט זעהר וועניג געשעפטען און צו איהר פלעגען קומען זעהר זעלטען געשעפטס לייטע. זיא האט דאהער אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, ווער זאל עס פלוצלונג קומען אהער. ווען דאס זאל זיין איינער פון דער הויכער געזעלשאפט, וואלט ער זיך געמעלדעט אלס גראף אדער באראָן, אבער ניט אלס איינפאַכער „העדר."

— ער האט מיר געגעבען זיין וויזיט קארטע, האט דער דיענער געענטפערט. ער זאגט, אז ער האט מיט דער גרעפין צו רעדען זעהר וויכטיג.

גרעפין פראנקענשטיין האט גענומען דיא וויזיט קארטע און האט איבערגעלעזען: „ע. באלצער, אגענט פון דער בירזע." —

גרעפין קלארא איז געווארען רויט, וויא פייער. זיא האט געווארפען א בליק אויף איהר מוטער און האט זיך פערשטעלט דאס געזיכט מיט איהר טאשענטוך.

— איך ווייס ניט, וואס דיעזער מענש וויל פון מיר, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט. איך קען איהם ניט און ווייס איהם ניט. — אינדעסען — פיהר איהם אריין.

אין א מינוט ארום איז העדר באלצער געשטאנען פאר דיא דאמען. ער איז געווען עלעגאנט געקליידעט און איז געשטאנען פאר זיי מיט דעם שטאָלץ און דער פרעכהייט פון א לאקיי, ועלכער האט זיך אום זוטאג אויסגעפוצט און וויל ערגעץ אויספאָהרען מיט זיין געליעבטער. דיא גרעפין פראנקענשטיין האט איהם אנגעקוקט מיט פעראכטונג. זיא האט זיך איהם ניט געהייסען זעצען, האט איהם ניט געפרעגט, וואס ער וויל, נור איהר בליק האט געפרעגט: וואס דארפסט דוא? — העדר באלצער אבער האט געשוויעגען. ער האט געוואָלט, אז דיא שטאָלצע אריסטאָקראטין זאל צו איהם אנהייבען צו רעדען.

— איך האב איינגעווילינט יזייך צו עמפפאנגען, האט זיא ענדליך געזאגט שטאָלץ. זאגט שנעל, וואס איהר ארפט. איך האב וועניג צייט פאר אייך.

— עס איז א טרויעריגע אנגעלעגענהייט, וועלכע האט מיך געבראכט צו אייך, גנעדיגע גרעפין, האט ער געזאגט לאנגזאם. אייגענטליך, האבען נור איך און אייער טאכטער אינטערעס אין דיעזער אנגעלעגענהייט. —

דיא גרעפין קלארא איז געווארען בלייך. איהרע בליקען האבען געפרעגט: וואס געהער איך מיך אן מיט דיעזען מענשען? וואס פאר אן אינטערעסען קענען מירביידע האבען צוזאמען?

— זאגט נור קורץ, וואס איהר ווילט, האט דיא גרעפין געזאגט קאלט.

— א זעהר טרויעריגער און זעהר שמערצליכער פאל צווינגט מיך, איך זאל קומען צו אייך און אייך בעטען, איהר זאלט מיר העלפען אין אן אנגעלעגענהייט, וועלכע איז אונאנגענעהם פאר אייך, וויא פאר מיר. —

— וואצו דיעזע רעדען? האט זיך שוין געבייזערט דיא גרעפין, זאגט, וואס איהר ווילט!

— אייער פריילין טאכטער איז פערלאבט מיט'ן באראן פאן שטילאוו? האט פלוצלונג הערר באלצער געענטפערט.

דיא אלטע גרעפין האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. זיא האט מורא געהאט, אז פאר איהר שטעהט א וואהנזיניגער. קלארא האט אנגעהויבען צו ציטערן. זיא האט געפיהלט, אז דא וועט פארקומען עטוואס שרעקליכעס. הערר באלצער אבער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג און ניט הערענדיג. ער האט לאנגזאם און איבער־לעגט ארויסגענומען פון דער קעשענע א בריעף און האט איהם געהאלטען אין דיא הענד.

— איהר וועט באלד פערשטעהן, פרוי גרעפין, פאר וואס איך ווענד מיך צו אייך, האט ער געזאגט. איך זעה מיך געצוואונגען אייך צו פערטרויען א געהיימניס, וועלכעס איך וואלט עס קיינעם אין דער וועלט ניט געדארפט פערטרויען, אבער, נויט ברעכט אייזען, זאגט דאס שפריכווארט.

דיא גרעפין פראנקענשטיין איז געווארען אויסער זיך. זיא האט איהם געזאגט גראב:

— זאגט, וואס איהר דארפט, אדער איך קלינג אן מיינע דיענער, זיי —

הערר באלצער האט געזעהן, אז ער מוז אלעס ארויסזאגען, ווארום דיא גרעפין קען ווירקליך הייסען, מען זאל איהם אראפווארפען פון אלע טרעפ.

— דער באראן פאן שטילאוו, האט ער אנגעהויבען צו רעדען שטילערהייט, גלייך וויא ער האט מורא געהאט, מען זאל זיך ניט אונטערהערען. — דער באראן פאן שטילאוו, דיעזער לייכטזיניגער יונגער מאן, וועלכער האט אזא שעהנע און קלוגע בראוט, וויא אייער פריילין טאכטער — דיעזער לייכטזיניגער יונגער מאן זוכט צו צער־שטערן מיין פאמיליען לעבען, מיין גליק און מיין ליעבע צו מיין פרוי. — איך וויים, אז ער איז פערליעבט אין מיין פרוי און —

דיא גרעפין קלארא האט געגעבען א לייכטען געשריי און איז צוריקגעפאלען אויף איהר שטוהל. דיא אלטע גרעפין אבער איז אויפגעשטאנען פון איהר שטוהל, האט

געוואָרפען א בייזען בליק, פול פעראכטונג אויף העררן באלצער און האט איהם געזאגט שטרענג און קאלט:

— איך וויל ניט וויסען, וואס מען רעדט אין דיא גאסען! מיך קימערט ניט, וואס דאס פעבעל (געמיינס פאָלק) זאגט. איהר אליין ווייסט געוויס אויך ניט, אויב אלעס, וואס מען זאָגט, איז וואהר.

הערר באלצער האט געגעבען א טיעפען זיפץ.

— עס איז וואהר, גנעדיגע גרעפין, מען האט מיר שוין לאנג דערצעהלט דערפון, אז דער באראָן שטילאָוו איז פערליעבט אין מיין פרוי צום שטארבען. איך האב עס ניט געגלויבט. „וואס קימערט מיך, וואס דאס פעבעל, זאגט?" — האט ער זיך איהר נאכגעקרימט. — ליידער, האב איך מיך געסטערן איבערצייגט, אז מען מוז זיך אמאל צוהערן צו דעם, וואס דאס פעבעל זאגט. — איך האב געפונען אין שלאָף=צימער פון מיין פרוי — אט דיעזען בריעף, — וועלכער זאגט מיר דייטליך, וויא אונגליקליך איך בין.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר דערלאנגט דעם בריעף, וועלכען מיר האבען שוין געלעזען אין פאָריגען קאפיטעל. דיא אלטע גרעפין האט גענומען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. דאן האט זיא איהם א וואָרף געטהאן אויפ'ן טיש.

— נו? וואָס האט איהר געטהאן, ווען איהר האט געפונען דעם בריעף? האט זיא איהם געפרעגט. — וואס קען איך טהאן אין אזא פאל?

— גנעדיגע גרעפין, האט הערר באָלצער געזאגט. איך ליעב זעהר מיין פרוי, — עס איז וואהר, זיא האט בעגאנגען א פעהלער, — איך ליעב זיא אבער דאך. איך ליעב זיא אזוי שטארק, אז איך האב נאך ניט פערלארען דיא האָפנונג, אז זיא וועט באלד פערגעסען איהר ליעבע צום באראָן און וועט מיך ווידער ליעבען. ווען איהר וועט נור וועלען מיר העלפען און ערקלערן דעם באראָן, וואס פאר אן אונרעכט ער טהוט, אדער ווען ער זאל באלד הייראטהען אייער פריילין טאָכטער און מיט איהר אוועקפאהרען אויף זיינע גיטער. דאן וועט ער אהן מיין פרוי פערגעסען.

ער האט גערעדט לאנגזאם, גלייך וויא ער וואלט געצעהלט יעדעס ווארט, און האט דערביי געקוקט אמאל אויף איהר און א מאל אויף איהר טאָכטער. קלארא האט פערדעקט איהר געזיכט מיט איהר טאשענטוך און האט שטילערהייט געוויינט. דיא אלטע גרעפין איז געווען שרעקליך אויפגערעגט. זיא האט אבער געקענט זיך בעהערשען. איינינע מינוטען האט געהערשט טיעפע שטילע אין גרויסען זאל. פלוצלונג האט זיא זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט און האט געזאגט שטאָלץ:

— איך דאנק אייך פאר אייער מיטטהיילונג. איהר וואָלט אייך געקענט פער=שפאָרען דיא מיה צו מיר צו קומען. דיא גרעפין פראנקענשטיין דארף ניט וויסען און וויל ניט וויסען פון אייערע פאמיליען אנגעלעגענהייטען. וואס דער באראָן פאָן שטילאָוו טהוט, דאס איז זיין זאך און געהט מיך ניט אן.

הערר באלצער איז געוואָרען, וויא צו מישט און האט זיך אנגעהויבען צו שלאָגען אויף דער ברוסט.

— ענטשולדיגען זיא מיר, גנעדיגע גרעפין! האט ער געזאגט טרויעריג, איך בעט

איין טרויענד מאל אום פערצייהונג, וואס איך בין געקומען אייך צו בעאונרוהיגען. — אין מיין נויט, — אין מיין העכסטער אנגסט — האב איך ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן. איך האב געמיינט, אז — איהר וועט זיך — וועלען אננעהמען פאר אן ארימען מענשען, וויא איך בין — און וועט וועלען עפּעס טהאן פאר מיר. —

— איהר האט ניט געטראָפען, מיין הערר, האט דיא אלטע גרעפין געזאָגט. ניט דיא גרעפין פראַנקענשטיין מישט זיך איז אַזעלכע זאכען. — אונזער געשפּרעך איז געענדיגט. — איך האב אייך מעהר ניט וואס צו זאגען!

הערר באלצער האט אנגעהויבען צו ברעכען זיך דיא הענד און זיין פערצווייפלונג.

— אך, מיין גאָט! האט ער אויסגערופען מיט א פרומער מינע. — איך זעה יעצט איין, אז איך האב אייך און אייער פריילין טאכטער אומזיסט געקרענקט. — מיין גאָט! מיין גאָט! וואס האב איך געטהאן? — איך וואָלט געדארפט ליעבער שווייגען! — דאן וואלט אלעס פיעללייכט מיט דער צייט גוט געוואָרען. — יעצט אבער וועט איהר געוויס זיך ענטזאגען פוּ'ם באראָן און דיא גאנצע וועלט וועט געוואהר ווערן פון מיין פאמיליען לעבען. — עס וועט נאך ערגער זיין. — אך! מיינע הייסגעליעבטע פרוי וועט נאך אנטלויפען מיט'ן באראָן! — דאן איז מיין פאמיליען גליק אויף אייביג פערניכטעט!

ער איז געבליעבען שטיל א סעקונדע און האט זיך גוט צוגעקוקט, וואס פאר אן איינדרוק זיינע לעצטע ווערטער האבען געמאכט אויף דיא צוויי דאמען.

ער האט ערציעלט, וואס ער האט געוואלט. ביידע דאמען זיינען געזעסען, וויא פערשטיינערט. זיי האבען געמיינט, אז ער מיינט אלעס גאנץ ערנסט. ער האט אזוי גוט געשפּיעלט זיין קאָמעדיע, האט אזוי ריכטיג זיך פערשטעלט פאר אן אונגליקליכען מענשען, אז זיי האבען ווירקליך מיט איהם מיטלייד געהאט. ער האט עס גוט בעמערקט און האט ווייטער געזאגט מיט א וויינענדיגער, הערצרייסענדער שטימע:

— מיין גליק, מיין לעבען, מיין ליעבע — אלעס איז יעצט צושטערט און פערניכטעט! וואס וועל איך, ארימער מענש טהאן, ווען מיין פרוי וועט מיך פערלאָזען? — האט מיטלייד מיט מיר, עדעלע גרעפין! האט רחמנות! איך ווייס, אז איך בין ניט ווערטה אייך צו בעאונרוהיגען. איין גאט ווייס אבער, וויא גרויס מיינע לײדען זיינען. — וואס זאל איך טהאן? מען וועט דאך אויף מיר וויזען מיט דיא פינגער. גאנץ וויען וועט פון מיר רעדען. — אך! ענטשולדיגט! האט מיטלייד מיט מיר!

— מיין הערר, האט געזאגט דיא גרעפין מיט א מילדער, ווייכערער שטימע, זייט רוהיג. איך וועל טאָהן אלעס מעגליכע, אז קיין מענש זאל ניט וויסען אונזער איצטיגען געשפּרעך. — איך וועל שוין געפינען א מיטעל, וויא אזוי צו ענטזאגען דעם באראן. ניט ער, ניט קיינער אין דער וועלט וועט ניט וויסען דיא וואהרע אורזאכע, פאר וואס מיין טאָכטער איז זיך צוזאגען מיט'ן באראָן פאָן שטילאָוו. — מעהר קען איך פון אייערט וועגען גאר ניט טהאָן. — איך דאנק אייך נאך א מאל פאר אייער מיטטהיילונג. זיא איז מיר זעהר שמערצליך, אבער צו גלייכער צייט זעהר וויכטיג.

זיא האט א מאך געטהאן מיט דער האנד — א צייכען, אז ער מעג זיך שויין

נעהן. ער האט איינגעבויגען דעם קאָפּ נאך טיעפער, איז געוואָרען נאך ענסטער און האט געזאגט:

— איך דאנק אייך, גנעדיגע גרעפין! — איך בעט אייך נאך א מאל אום פערצייהונג. איך בעט אויך אום פערצייהונג אייער פריילין טאכטער, וואס איך האָב אייך פעראורזאכט אזוי פיעל אונאנגעהמליכקייטען. — אין מיין גרעסטער פערצווייפלונג האב איך בעגאנגען א גרויסעס אונרעכט — איך האב בעאונרוהיגט אזעלכע צוויי עדעלע דאמען. — פערצייהט מיר! — אך, איך אונגליקליכער, פערלאָרענער מענש! האט ער געענדיגט מיט א טיעפען זיפץ.

און גלייך, וויא ער קען זיך ניט איינהאלטען, וויל וויינען, שעהמט זיך אבער פאר דיא דאמען, האט ער ארויסגעכאַפּט זיין טאשען טוך, האט זיך פארדעקט דאס געזיכט און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

קוים איז ער געווען אויף דער גאס, האט זיך זיין געזיכט אין גאנצען פערענדערט. א ווילדער, בייזער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט און ער האָט געזאגט צו זיך אליין:

— איך האב מיין ראָלע גאנץ גוט געשפּיעלט. דיא נארען האבען מיר געגלויבט. איך האב גאַנץ עהרליך פערדיענט דיא טויזענד גולדען, וועלכע מיין ליעבע פרוי האָט מיר פערשפּראָכען. — עס איז דאך גוט צו האבען א שעהנע פרוי. מען קען דורך איהר פערדיענען געלד. עס קומט בעזאנדערס צו נוץ, ווען דיא געשעפטען געהן שלעכט אדער ווען מען פערשפּיעלט זעהר פיעל. — דער באראן איז זעהר רייך, ער איז א מיליאנער. ווען דיא גרעפין פראנקענשטיין וועט איהם ענטזאגען און ער וועט צוריק קומען צו מיין פרוי, וועל איך ערשט האבען א גאלד גרוב פון וואנען צו שעפּען מיטביידע הענד. —

ער איז האסטיג געגאנגען צו זיין פרוי, איהר מעלדען, אז אלעס איז איהם זעהר גוט געלונגען, אז דיא גרעפין פראַנקענשטיין וועט געוויס דעם באראן ענטזאגען און ער וועט מוזען קומען צו איהר צוריק.

קוים איז ער ארויסגעגאנגען און דיא ביידע דאמען זיינען ווידער געבליעבען אליין, האט זיך קלארא געווארפען איהר מוטער אויף דער ברוסט און האט אנגעהויבען שרעקליך צו וויינען.

— זיי שטארק, מיין טאָכטער! האט איהר דיא מוטער געטרייסט. איך פערשטעה דיין שמערץ, איך פיהל דיינע ליידען, — עס איז שווער, זעהר שווער זיי איבערצוטראגען. — מען מוז זיי אבער איבערטראָגען. — דוא זעהסט דאך שוין, אז דוא האסט געשענקט דיין ליעבע א מענשען, וועלכער איז דיך ניט ווערטה. — עס איז נאך גוט, וואס מיר זיינען אלעס געוואהר געווארען, ווען עס איז נאך דא צייט, ווען מען קען נאך אלעס גוט מאכען. — וואס וואלטען מיר געטהאן, ווען דאס וואלט זיך געטראפען שפּעטער, ווען עס וואלט שוין געווען צו שפּעט? —

— אך, מוטער! האט געוויינט קלארא. דיעזע ליעבע האט מיך גליקליך געמאכט! ער האט מיר אזוי פערזיכערט, אז ער איז פריי — פריי פון יעדע אנדערע צוניינונג — און יעצט —

זיא האט ווייטער אנגעהויבען ביטער צו וויינען. דער מוטער האט עס געריסען דאס הערץ. זיא האט ניט געוואוסט, וויא אזוי צו טרייסטען איהר אונגליקליכעס קינד. פלוצלונג האט זיא געהאפט דעם בריעף פון טיש און האט איהם דערלאנגט איהר טאכטער.

— נא, טאכטער, לעז אליין און זעה, וואס ער שרייבט. — זעה וועניגסטענס, אז ער איז דיך ניט ווערטה. זעה, אז ער איז ניט ווערטה, דוא זאלסט איבער איהם וויינען. ער איז א ניכטסווירדיגער, פערדארבענער מענש. דוא מוזט איהם פערגעסען.

גרעפין קלארא האט גענומען דעם בריעף, האט איבערגעלעזען דיא ערשטע צייל[ע]ן און האט איהם אוועקגעווארפען אונטערן שטוהל.

— נעה, מיין קינד, אין דיין ציהער, האט דיא מוטער געבעטען. רוה דיך אוים. — איך וועל דערווייל זיך איבערלעגען, וויא אזוי לויז צו ווערן פון דיעזען טויגעניכטס. — איך מיין, עס וואָלט גלייך געווען, מיר זאלען ווירקליך מאכען א רייזע אין דער שווייץ. — זיי שטארק מיין קינד! נור ניעדעריגע, געמיינע מענשען טראגען זייער שמערץ פאר דער גאנצער וועלט. אן עדעלער מענש טראגט זיינע ליידען פערבאָרגען. קיינער דארף ניט וויסען, וואס אין איהם געהט פאָר.

זיא האט אנגענומען איהר טאכטער ביי דער האנד און האט זיא אריינגעפיהרט אין איהר צימער. דער זאַל איז געווארען לעדיג. נור דיא גרויסע, אלטע פערגאָלדעטע וואנד אוהר האט געקלאפט, וויא צו זיך אליין: טיק — טאק! באלד אבער האט מען געהערט אין זאל א שווערן מענער טריט און דאס קלינגען פון א שווערד. — באראָן פאן שטילאָוו איז געזעסען אין זאל. דיא דיענער האבען שוין געוואוסט, אז ער איז א היימישער און איהם דארף מען שוין ניט מעלדען. עס איז שוין פאר קיינעם ניט געווען קיין געהיימניס, אז ער איז פערלאבט מיט דער יונגער גרעפין.

ער איז אריינגעקומען אין זאל און האט קיינעם ניט געפונען. דאס האט איהם געוואונדערט. ער האט געוואוסט, אז מען ערווארטעט איהם צו מיטאָג. ער האט דאהער נעפרעגט דעם דיענער, וואו דיא דאמען זיינען.

— זיי זיינען דא ערשט געווען, האט דער דיענער געענטפערט. עפעס אן אנגענט פון דער בירזע איז ביי זיי געווען און איז ערשט ניט לאנג ארויסגעגאנגען. — זאל איך פיעללייכט זאגען דעם קאמער מעדכען, אז זיא זאל אייך מעלדען.

— ניין, מען דארף ניט, האט באראָן פאָן שטילאָוו געענטפערט. זיי וועלען געוויס באלד קומען. איך וויל זיי מאכען א קליינע איבערראשונג.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען. באראן פאן שטילאוו האט זיך אויפגעהייבען און איז זיך דורכגעגאנגען עטליכע מאל אין זאל. ער האט אויפגעהויבען זיין שווערט, ער זאל ניט קלינגען, האט זיך אנגעקוקט אין שפיעגעל, אויב זיין מונדיר איז אין גוטער ארדנונג און האט זיך געזעצט אויף דעם שטוהל, אין וועלכען קלארא האט ליעב געהאט צו זיצען. ער האט זיך פערטראכט. ער האט געדאכט, אז ער זאל זיך באלד אפזאגען פון דער ארמעע, זאל הייראטהען זיין געליעבטע קלארא און זאל מיט איהר אוועקפאהרען אויף זיינע גיטער, וואו ער וועט לעבען מיט איהר גליקליך.

אונטערדעסען איז קלארא געזעסען אין איהר צימער און האט געוויינט.

— אך! דאס גליק איז געוועזן אזוי נאהענט, אזוי שעהן! — איך מוז מיך ענטזאגען. מיין הערץ וועט ברעכען, איך וועל עס ניט איבערטראָגען. — איך מוז מיך דאך ענטזאגען.

זיא איז צוגעגאנגען צו א שקאטולקע, וואו זיא האט געהאלטען דיא בריעף, וועלכע באראן פאן שטילאוו האט איהר צוגעשיקט, זייט ער איז געוועזן מיט איהר פערלאבט. זיי זיינען געלעגען ביי איהר אין ארדנונג נאכ'ן דאטום, ווען זיי זיינען גע־שריעבען געוועזן. צווישען דיא בריעף זיינען געוועזן אייניגע, וועלכע ער האט איהר געשריעבען פון שלאכט־פעלד, איינער איז געוועזן פון דעם זעלבען דאטום, פון וועלכען עס איז געוועזן דער בריעף, וועלכען באלצער האט זיי געבראכט.

— מיט דערזעלבען האנד און אין דעמזעלבען טאג האט ער געשריעבען מיר און — איהר! האט זיא געוויינט. וויא איז עס מעגליך? — וויא אזוי קען מען שוין גלויבען א מענשען? — ער אליין האט מיר געגעבען זיין עהרענווארט, אז ער איז פריי און צום סוף? —

איהר שמערץ איז געוועזן שרעקליך. דאס ארימע מעדכען איז שיער ניט וואהנ־זיניג געווארען. — פלוצלונג איז זיא אויפגעשפרונגען.

— מיין גאט! יענער אומגליקליכער בריעף ליעגט נאך אין זאל. איך האב איהם ניט פערברענט. איינער פון דיא דיענער קען איהם נאך געפינען און —

שנעל האט זיא געעפענט דיא טהיר און איז האסטיג אריינגעלאפען אין זאל, וואו זיא האט פריהער אוועקגעווארפען דעם אונגליקליכען בריעף. באראן פאָן שטילאָוו האט געהערט עפענען דיא טהיר. ער האט דערזעהן זיין געליעבטע און איז איהר ענט־געגענגעלאפען. ער האט אויסגעשטרעקט דיא הענדע, גלייך וויא ער האט זיא געוואָלט ארומנעמען, באלד אבער האט ער זיך איבערלעגט. ער האט עפעס ארויסגענומען פון זיין בוזים און האט איהר געוויזען.

מיין טהייערע ליעבע קלארא! האט ער אויסגערופען. אט איז דיא ראזע, וועל־כע דוא האסט מיר געגעבען אלס צייכען פון דיין ליעבע. איך האב זיא געטראָגען אויף מיין הארצען אין דיא גרעסטע געפאהרען פון'ם קריעג. איך האב שטענדיג געדאכט אן מיין ליעבע קלארא. איך ברענג דיר צוריק דיעזע ראזע, אלס צייכען פון ריינהייט און וואהרהייט.

ער האט אנגעכאפט איהרע הענד און האט זיי געוואלט קושען. זיא איז אָבער געשטאנען, וויא פערשטיינערט, און האט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. ער איז געוועזן אזוי איבערצייגט אין איהר ליעבע, אז ער האט ניט בעמערקט וויא זיא שטעהט אזוי צומישט און אויפגערעגט. באלד איז זיא געקומען צו זיך און האט ארויסגעריסען איהר האנד פון איהם.

— הערר באראן — איהר האָט מיך איבערראשט — האט זיא געשטאמעלט.

זיא האט מעהר ניט געקענט רעדען. איהרע ליפען האבען געציטערט. זיא האט שווער געאטהעמט און געזוכט ווערטער, וואס זיא זאל איהם זאָגען. אזוי וויא זיא האט אבער אין דיעזע מינוט ניט געקענט געפינען קיין פאסענדע ווערטער, וויא אזוי איהם אפצוזאגען, האט זיא זיך אויסגעדרעהט און געוואלט אנטלויפען אין איהר צימער.

יעצט ערשט האט דער יונגער מאן בעמערקט, אז דא איז עפּעס פאָרגעקומען, אז צווישען איהם און זיין געליעבטער האט זיך פּלוצלונג אויפגעשטעלט א וואנט, געבויט פון פאלשקייט און ליגען. ער האט נאך ניט געוואוסט, וואָס דאס איז און פון וואנען עס קומט — אזוי פיעל אבער האט ער פערשטאנען, אז א בייזע, גיפטיגע שלאנג האט זיך דא אריינגעמישט און האט אריינגעגאָסען גיפט און גאל אין בעכער פון זיין פרייד און גליק.

— קלאַרא! איז געווען דאס איינציגע וואָרט, וואס ער האט געקענט ארויסזאגען.

ער האט עס ארויסגעזאגט מיט אזא געפיהל און מיט אזוי פיעל ליעבע, אז זיא האט א ציטער געטהאן און איז שיער ניט אומגעפאלען.

— קלאַרא! האט ער געבעטען, זאג מיר, וואָס איז דא געשעהן! — אים נאָמען פון אונזער ליעבע בעט איך דיך, ערקלער מיר, וואָס איז דא פאָרגעקומען.

זיא האט געהאלטען איהר טאשענטוך פאר דיא אויגען און האט געוויינט שטילערהייט. זיא האט נאך ניט געקענט ארויסזאגען א וואָרט.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און דיא אלטע גרעפין איז אריינגעקומען אין צימער. זיא האט דערזעהן דיא יונגע לייט שטעהן אזוי נאהענט איינער לעבען אנדערן און איז אין דער ערשטער מינוט געווען זעהר איבערראשט. דער באראָן איז צו איהר צוגעגאנגען און האט איהר געזאגט האסטיג:

— פרוי גרעפין, פיעללייכט קענט איהר מיר ערקלערן דאס רעטעניש: וואס איז געשעהן מיט קלאַרא? וואס איז דא פאָרגעקומען?

זיא האט איהם בעטראכט איינינע מינוטען פערוואונדערט, דאן האט זיא איהם געזאָגט:

— הערר באראָן, איך האב זיא היינט ניט ערווארטעט און האב פערגעסען צו שיקען אייך זאָגען, אז קלאַרא איז ניט געזונד און מיר זיינען אין בעגריף ארויסצו־פאָהרען פון ווין. מעגליך, אז מיר וועלען ערגעץ פאהרען קיין איטאליען אדער אין דיא שווייץ.

זיא האט ניט געוואַרט אויף זיין אנטוואָרט, האט זיך געווענדעט צו איהר טאָכטער און האט איהר געזאגט:

— געה, מיין קינד, אין דיין צימער.

— קלאַרא איז קראנק? האט אויסגערופען דער באראָן ערשטוינט, — זייט ווען איז זיא קראנק? — ניין, פרוי גרעפין! דא איז עטוואָס פאָרגעקומען. — איך בעט אייך, זאגט עס מיר! ערקלערט עס מיר! — עפּעס איז דא געשעהן....

דיא אלטע גרעפין האט געשוויעגען. זיא איז געווען איבערראשט און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן. פּלוצלוצלונג האט זיך קלאַרא אויפגעהויבען שטאָלץ, איז צוגעגאנגען צום שטוהל, האט גענומען דעם בריעף און האט איהם דערלאנגט. באראָן פאָן שטילאָוו האט גענומען דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. ער איז געוואָרען רויט און האט אראפּגעלאָזען דיא אויגען. באלד אבער איז ער גע־קומען צו זיך און האט געזאגט רוהיג:

— איך ווייס ניט, וויא אזוי דיעזער בריעף איז געקומען צו אייך. איך ווייס

אבער, אז קלארא האט געוואוסט, אז איך אלס יונגער מאַן, האָב אמאָל געמאכט א פעהלער. דאָס איז אבער געווען שוין לאנג, נאך איידער איך האב מיך בעקענט מיט איהר. איך האב עס איהר דערצעהלט.

— געוויס, האב איך דערפון געוואוסט, האט קלאַרא אויסגערופען. איהר האט מיר אבער פערזיכערט אויף אייער ווארט אלס עדעלמאַן, אז איהר זייט פריי — און יעצט דיעזער בריעף —

— איז אן אלטער בריעף, וועלכען איך האב איהר געשריעבען מיט א יאָהר צוריק! האט דער באראָן געענטפערט.

— אן אלטער בריעף? האט געפרעגט דיא אלטע גרעפין מיט א ביטערן געלעכטער. — ער איז דאך ערשט אכט טאָג אלט! קוקט אייך נור צו צום דאטום, הערר באראָן. ער איז געשריעבען דעם 30טען יוני 1866.

דער באראָן האט זיך צוגעקוקט צום בריעף און זיין געזיכט איז געוואָרען פון אלערליי פארבען. ער איז געווען אויסער זיך.

— וועלכער טייפעל טרייבט דא זיין שפיעל מיט מיר? האט ער אויסגערופען טרויעריג. וועלכע שלאנג האט זיך דא אריינגעמישט און וויל מיך פערטרייבען פון מיין פאראדיז (גן־עדן) פון מיין גליק, פון מיין ליעבע? — וואס איז דא? וואס קומט דאָ פאָר? —

ער האט זיך געווענדעט צו דער אלטער גרעפין.

— פרוי גרעפין! איהר מוזט מיר זאגען דיא וואהרהייט. ווער האט אייך געגעבען דיעזען בריעף? איהר זייט מיר נאך שולדיג אזוי פיעל אכטונג, איך האב נאך אזוי פיעל א ווערטה, אז איך האב דאס רעכט צו בעטען ביי אייך, זאגאר צו פאָרדערן פון אייך, איהר זאלט מיר געבען א פאָלשטענדיגע אויפקלערונג איבער אלעס וואס דא איז היינט געשעהן.

ער האט געזאגט דיעזע ווערטער אזוי שטאָלץ און מיט אזא געפיהל, אז דיא אלטע איז געבליעבען שטעהן וויא צו מישט. קלאַרא דאגעגען האט איהם געקוקט גלייך אין מויל אריין און האט ערוואַרטעט יעדע מינוט, אז ער זאל אלעס אויפקלערען און דיא שווארצע וואָלקענס, וועלכע האבען אזוי פלוצלונג פערדונקעלט איהר ליעבע, זאלען זיך צערשטרייען.

— ניט מיר אייער עהרענוואָרט, אז איהר וועט קיינעם ניט דערצעהלען, וואָס איך וועל אייך זאגען, וועל איך איין מאל פאר אלע מאל מאכען אן ענדע צו אלע אייערע פראגען און פערוואונדערונג.

— איך גיב אייך מיין עהרענוואָרט, אז, וואָס איהר וועט מיר זאגען, וועט בלייבען א געהיימניס.

— נו, וועל איך אייך אלעס דערצעהלען. — דער מאן פון יענער דאמע איז געקומען, האט געוויינט און געבעטען, אז מיר זאלען זעהן, אז זיין פאמיליען לעבען זאל ניט צערשטערט ווערן. — ער האט אונז געבראכט דיעזען בריעף. —

— שווינדעל און בעטרוג! האט אויסגעשריען דער באראָן פאָן שטילאָוו. יעצט פערשטעה איך אלעס! יעצט זעה איך, וואס פאר א טייפלישען פלאן ניעדערטרעכ־

טינע מענשען האבען געמאכט אום פון מיר אדער פון אייך געלד צו ציעהען.

ער האט זיך אנגעהאפט מיטביידע הענד ביים קאָפּ.

— מיין גאָט! איך האב מיר קיין מאל ניט פאָרגעשטעלט, אז דיא וועלט איז אזוי שלעכט, אז עס קענען זיך געפינען אזעלכע שלעכטע מענשען אויף דער וועלט!— פרוי גרעפין! — קלארא! — קוקט אייך צו צום בריעף! זעהט! דאס דאטום איז א פאלשער! — עס איז געשריעבען פון אנאנדער האנדשריפט! דיא טינט איז נאך פריש! — קוקט אייך צו! בעטראכט! זעהט, וואס פאר א פאלשע, ניעדערטרעכטיגע אינטריגע מען האט געשפיעלט צווישען אייך און מיר! — איך בעשולדיגע אייך ניט. איהר זייט געווען איבערראשט, ערשטוינט, בעטראָגען, בעשווינדעלט, פערפיהרט און פערנאררט! —

ער האט אויסגעשטרעקט דעם בריעף צו דער אלטער גרעפין און צו קלאראַן. דיא אלטע האט דעם בריעף ניט געוואָלט נעהמען. אין קלארא׳ס אויגען אבער האט געלייכטעט א שטראהל פון האפנונג און פון ליעבע. דער באראָן איז געווען שטארק איבערראשט, וואס דיא אלטע האט דעם בריעף ניט געוואָלט נעהמען. עס האט איהם טיעף געקרענקט, וואָס זיא האט זיך זאגאר ניט געוואָלט צוקוקען צו איהם און זעהן, אז דאס דאטום איז געשריעבען פון אנאנדער האנד און דיא טינט איז נאך גאנץ פריש.

— איהר האט רעכט, פרוי גרעפין! האט ער געזאגט. דאס אלעס זיינען בעד־ וויזע פיר אדוואָקאטען. פאר א ריכטער וואלט מען געקענט ברענגען אזעלכע בעווייזע. אין הייליגען טעמפעל אבער פון דער ליעבע מוז מען האבען אנדערע בעווייזע.

ער איז צוגעגאנגען צו קלארא׳ן, האט ארויסגענומען דיא פערוועלקטע ראָזע, וועלכע ער האט נאך אימער געהאלטען ביי זיך אויף דער ברוסט, און איז געפאלען פאר איהר אויף דיא קניע.

— קלארא! האט ער געזאגט מיט א ציטערנדער שטימע. — קלארא! ביי דיעד זען הייליגען אנדענקען פון אונזער ליעבע שווער איך דיר, אז דער בריעף איז אן אלטער.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט אנגעריהרט איהר ווייסעס קלייד.

— איך שווער דיר ביי דיעזער ריינער, ווייסער פארב פון אונשולד, אז איך בין אונשולדיג און ריין פון יעדען שלעכטען געדאנקען. זייט איך קען דיך, זייט איך האב דיר געשוואָרען ליעבע און טרייע, זיינען מיינע געדאנקען ריין און פריי פון יעדע אנדערע פרוי. — איך שווער דיר ווייטער, אז איך וועל דיר בלייבען טריי ביז אין מיין טוידט.

ער האט זיך געווענדעט צו דער אלטער און האט איהר געזאגט רוהיג און ערנסט.

— פרוי גרעפין! איך שווער אייך ביי מיין עהרענוואָרט אלס עדעלמאַן, אז דאס דאטום פון׳ם בריעף איז א פאלשער. — זייט איך בין פערלאבט מיט אייער טאָכטער, האב איך יענע פרוי ניט געזעהן, איך האב מיט איהר ניט גערעדט און אין האב איהר ניט געשריעבען. — מעגליך, אז איהר גלויבט מיר נאָך אלץ ניט. איך האף אבער, אז קלארא גלויבט מיר, אז זיא פערשטעהט מיך, אז זיא האט איינגעזעהן,

וואס פאר א פאלשעס, ניעדערטרעכטיגעס שפיעל מען האט מיט אונז געטריעבען.

ער איז צוגענאנגען נעהנטער צו איהר און האט געווארט אויף אן אנטוואָרט. קלאָרא האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האנד. ער האט זיא גענומען און הייסע, ברענענדע קושען האבען זיך געשאָטען אויף דער ווייסער, ציטערנדע'ער האנד. דיא אלטע גרעפין האט עס צוגעזעהן און א פרעהליכער שמייכעל האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפען. אין זאל איז געווען גאנץ שטיל. מען האט געהערט, וויא דיא אלטע וואנד אוהר האט געקלאפט: טיק — טאק! טיק — טאק! דיא וואהרהייט האט געזיעגט! שווינדעל און בעטרוג מוזען קריעכען צוריק, פערשעהמט אין זייערע פינסטערע היילען.

שפעט, שפעט אין דער נאכט, ווען קלארא איז געגאנגען שלאָפען, האט זיא גענומען דיא פערוועלקטע ראָזע, האט זיא אריינגעלעגט אין בינטעל מיט בריעף און האט זיי צוזאמען געבונד מיט א נייען פרישען ראָזא באנד פון ליעבע און גליק.

14טעס קאפיטעל.

## קייסער אלכסנדר און גראף דע ריווערא.

זעקס אוהר אין דער פריה. אין דיא רייכע גאסען פון פעטערבורג איז נאָך אלץ רוהיג. פאר דיא פאלאצען פון דיא גראפען און דיא פירסטען שטעהן דיא דוואָרניקעס (הויזקיפערס) וויא דיא אנגעבונדענע הינט, און האלטען וואך, אז מען זאָל ניט שטערן דעם זיסען מאָרגען שלאף פון דיא שטאָלצע אריסטאָקראַטען. — אלעס שלאפט, אלעס איז רוהיג. נור אין איין פאלאסט שטעהן דריי פענסטער אפען. דארט וואינט דער רוסישער ערשטער מיניסטער, פירסט אלכסנדר גאָרטשאקאָוו. דיא דריי אפענע פענ־סטער זיינען פון זיין קאבינעט.

פירסט גארטשאקאָוו שלאפט שוין ניט. ער איז שוין אין גאנצען אנגעטהאן אין א קלאָרען, שנעע ווייסען זומער קאסטיום. ער זיצט אין זיין קאבינעט און ארבייט. פון דער אנדערער זייט פון זיין גרויסען שרייב טיש זיצט אונזער אלטער בעקאנטער, דעם קייסערס פריוואט סעקרעטער, האמבורגער מיט א דיקער מאפע פול מיט פאַ־פיערען און דאָקומענטען. ער נעהמט ארויס איין פאפיער נאכ'ן אנדערן און דערלאנגט עס דעם פירסטען. דער פירסט לעזט עס דורך, מאכט דארויף איינינע נאָטיצען און ניט עס איהם צוריק, אדער לעגט עס אן א זייט.

— איך בין פערטיג, האט האמבורגער געזאָגט, ווען ער האָט איהם דערלאנגט א פאפיער. דאס איבעריגע וועלען מיר לאָזען אויף מאָרגען.

— איך זעה נאָך ביי אייך פיעל פאפיערען, האט איהם פירסט גארטשאקאָוו געזאָגט. ווארום זאלען מיר עס לאזען אויף מאָרגען? מיר האבען נאָך גענוג צייט. פאר צעהן אוהר קען איך צום קייסער ניט פאָהרען. ביז דאמאָלס וועט איהר נאָך צייט האבען דיעזע איינינע פאפיערען צו רעכט צו מאכען און זיי פארלעגען דעם קייסער.

דער קלוגער דורכגעטריעבענער האמבורגער, וועלכער האָט בעסער געקענט רוסלאנד מיט זיין פאָליטיק, אלס דער פירסט גאָרטשאקאָוו און קייסער אלכסנדר, האט רוהיג בעטראכט דעם פירסט, גלייך וויא ער האט איהם געוואָלט דורכדרינגען מיט זיין בליק און אויספאָרשען זיינע געהיימע געדאנקען.

— דורכלויכט! האט ער געזאָגט לאנגזאַם. איך זעה, אז איהר האט דיעזע נאכט שלעכט געשלאָפען. איהר זייט ניט אויפגעלעגט. איך האב דא פאפיערען, וועלכע מען מוז לעזען נור, ווען מען איז אויפגעלעגט. עס זיינען דא פעלע, ווען דער דיפּלאָמאַט דארף זיך דערמאָנען, אז ער איז א מענש און דארף טהאָן, וואָס דיא גערעכטיגקייט און מענשליכקייט פאָרדערט. איך בין זיכער, אז ווען איהר פאסט היינט אייערע בעשליסע און איך בין זיכער, אז דער קייסער וועט זיי בעשטעטיגען, וועט איהר זיי מאָרגען בערייען. דאס איז דיא אורזאכע, פאר וואָס איך וויל זיי אייך היינט ניט פאָרלעגען.

— האמבורגער, האט פירסט גאָרטשאַקאָוו געזאָגט מיט א שמייכעל, איהר האט זעהר שלעכט געטהאָן, וואס איהר זייט געווארען א דיפּלאָמאַט, — איהר האט געדארפט ווערן א דאקטאר. איהר וואָלט געוועזן דער גרעסטער דאקטאר אין רוסלאנד און, מעגליך, אז איך וואָלט אייך געמאַכט פאר מיין לייב דאקטאָר. איהר דערקענט אז איך האב דיעזע נאכט שלעכט געשלאָפען און איך מוז אייך זאָגען דיא וואהרהייט: איהר האט רעכט. ווען איהר זאלט געוועזן ווערן א דאקטאר, וואָלט איך געמוזט פאָלגען, וואס איהר וואָלט מיר געהייסען. אזוי וויא איהר זייט אבער ניט קיין דאָקטאר, דארפט איהר זיך ניט קימערן, אויב איך בין אויפגעלעגט אדער ניט.

— דורכלויכט, האט האמבורגער געענטפערט, איך בין קיין דאָקטאָר, איך ווייס אבער, אז אין דער פּאָליטיק, וויא אין געוועהנליכען לעבען זיינען דא זאכען, וועלכע מען מוז בעטראכטען און זיי איבערקלערען, נור ווען מען איז אויפגעלעגט דערצו. ווען דער מענש איז אויפגערעגט, ווען ער האט זיך ניט אויסגעשלאָפען, ווען עס איז איהם עפּעס ניט גוט אויפ'ן הארצען, קוקט ער אויף אלעם דורך א דונקעלער בריל און קען אפט טהאָן אזעלכעס, וועלכעס ער וועט מאָרגען בערייען. איך ווייס, אז אייער דורכלויכט וועט מיר דאנקבאר זיין, ווען איך וועל איהם פאָרלעגען דיעזע פּאַפּיערע אנאנדער מאל.

— וואס ווילט איהר, האמבורגער? וויא קען איך זיין אויפגעלעגט, ווען ארום אונז ציטערט אלעס און קראכט. אין אייראָפּא ווערט א גאנץ איבערקערעניש. איך בין צופריעדען, וואס מען האט עסטערייך א ביסעל געבראכען דיא ביינער. עסטעררייך איז פאלש, עס האלט קיין מאל ניט קיין וואָרט. אין סעוואסטאָפּאָלער קריעג האט עס אונז געדארפט העלפען. מיר האבען פערדיענט, אז עס זאָל אונז העלפען דאס פאלשע עסטעררייך אבער איז געשטאנען פון דער וויטען און האט זיך געפרעהט, וואס מען האט אונז געשלאָגען. דאס וואָלט מיך ניט געהארט. איך קען אבער ניט צוזעהן גלייכגילטיג, וויא פּרייסען ווערט שטארק און פערגרייסט דיא נאָז. איך קען ניט צוזעהן גלייכגילטיג, וויא פּרייסען וויל בערויבען דייטשע קעניגע און פירסטען און ביי זיי צונעהמען זייערע לענדער און זייערע קרוינען. איך האב נעכטען גערעדט מיט'ן גענעראל קנעזעבעק פון האנאווער. פּרייסען וויל בערויבען זיין קעניג און ביי איהם צו נעהמען אלעס.

איך בין א רוסישער מיניסטער. מען רופט רוסלאנד: „דער זשאנדארם פון אייראָפּא.“ דאס איז וואהר. רוסלאנד שטעלט פאָר דעם פּרינציפּ פון הערשאפט

און מאכט. רוסלאנד קעמפפט געגען אלע נייע אידעען פון פרייהייט און גלייכהייט. וויא טאר עס רוסלאנד ערלויבען, אז מען זאל צונעהמען ביי א קעניג זיין לאנד און זיין קרוין, ווענבע ער האט פון גאט אליין?

— מיר מוזען דאך אבער צוערשט אויסהערן, וואס דער פרייסישער גענעראל מאנטייפעל וועט אונז זאגען, האט האמבורגער אריינגעוואָרפען א וואָרט.

— וואס וועט ער אונז זאגען? האט זיך געבייזערט פירסט גארטשאקאָוו. ער וועט אונז דערצעהלען דיא אלטע געשיכטע פון'ם ווילדען קעניג ברענוס.

א מאל איז אויף רוים אנגעפאלען א ווילדער קעניג ברענוס מיט א גרויסע ארמעע פון האלב ווילדע מענשען. ער האט איינגענומען דיא שטאָדט און האט געוואלט אויסהרגענען אלע איינוואוינער. דיא גרעסטע מענער פון רוים זיינען ארויסגעגאנגען אין זיין לאגער אין צוריסענע קליידער מיט אש אויף דיא קעפּ און האבען איהם געבעטען, ער זאל זיי שענקען דאס לעבען און זאל זיך אוועקגעהן פון זייער שטאדט. זיי וועלען איהם געבען, וואס ער פערלאנגט.

— ניט מיר פיער הונדערט פונט גאָלד, האט דער ווילדער ברענוס זיי געזאגט, וועל איך אוועקגעהן פון אייך.

דיא אונגליקליכע רוימער האבען געמוזט איינוויליגען. דאס לעבען איז ביי יעדען טהייער. יעדער מענש וועט אוועקגעבען אלעס, וואס ער האט אום צו רעטען זיין לעבען. מען האט צונויפגענומען דאס גאנצע גאלד וואָס האט זיך געפונען אין רוים און מען האט ארויסגעטראָגען אין לאגער פון'ם זיגער. מען האט אויפגעשטעלט גרויסע וואגשאָלען און מען האט זיך גענומען וועגען דאס גאָלד. — עס האט געוואויגען פונקט פיער הונדערט פונט.

— אייער וואג איז ניט ריכטיג! האט אויסגערופען דער ווילדער ברענוס.

דיא עלטסטע פון רוים האבען איהם געוויזען, אז דיא וואָגשאָלען זיינען ריכטיג און עס איז דא פונקט פיער הונדערט פונט גאלד. דער ווילדער ברענוס אבער האָט ארויפגעלעגט אויף דער וואגשאל, וואו עס איז געלעגען דאס געוויכט, זיין גרויסען און שווערען אייזערנעם שווערד. דיא וואגשאָל מיט'ן געוויכט איז אראפּגעפאלען.

— זעהט איהר, אז אייער וואג איז פאלש! האט אויסגערופען דער ווילדער זיעגער.

— אונזער וואג איז ריכטיג האבען זיך געבעטען דיא רוימער. עס איז דאָ פיער הונדערט פונט גאלד, אבער אהן אייער שווערד.

— וועה איז דעם בעזיעגטען! Vae Victis! האט אויסגערופען דער ווילדער זיעגער. איהר מוזט קוקען אויף מיין וואָג, ניט אויף אייערע. איך בין דער זיעגער!

דיא ארעמע רוימער האבען געמוזט נאכגעבען און צולעגען אזוי פיעל גאָלד, וויא פיעל זיין שווערד האט געוואויגען

דאס וויל יעצט פרייסען. זיא וויל פון קיין זאך ניט וויסען. זיא וויל ניט וויסען, אז דער קעניג פון האנאָווער איז אויך אזא הערשער, וויא דער קעניג פון פרייסען. קיינער האט קיין רעכט ניט ביי איהם צו צו נעהמען זיין קרוין. רוסלאנד טאר אבער ניט דערלאָזען, אז מען זאל בערויבען א געקרוינטען קאָפּ. עס קען מאכען א שלעכטען

איינדרוק אויפ'ן פאָלק. דאס קען פערשטאַרקען אונזערע ניהיליסטען. זיי וועלען דערמיט בעווייזען, אז דיא קעניגע און הערשער זיינען רויבער. איינער רויבט ביים אנדערן, וואס ער קען. איך האב שוין דעריבער גערעדט מיט'ן קייסער. ער האט געהייסען, אז מען זאָל דעם גענעראל קנעזעבעק אָפּגעבען א קוואַרטיר אין צאַרסקאָיע סעלאָ. היינט וועט ער איהם עמפּפאנגען און דער גענעראל וועט איהם פּערזענליך איבערגעבען א בריעף פון'ם קעניג פון האנאָווער.

— איך האב אנדערש גערעכענט, האט האַמבורגער געזאגט לאנגזאם. אייער דורכלויכט וועט מיר ערלויבען ארויסצוזאגען מיין מיינונג.

ער האט געקוקט דעם פירסט גלייך אין דיא אויגען און האט ערוואַרט אן ענטפער. פירסט גאָרטשאַקאָוו האט א נייג געטהאן מיט'ן קאָפּ.

— איך האב גערעכענט, אז רוסלאנד דאַרף בענוצען דיא איצטיגע לאגע פון אייראפּא צו איהרע צוועקע, האט האַמבורגער געזאגט לאנגזאם. מיר לעבען אין א צייט פון אריינחאַפּען. ווער עס חאַפּט עפּעס אריין, דער האט עס און בעהאלט עס פאר זיך. פּרייסען וויל איינשלינגען איינינגע דייטשע פירסטען און קעניגע. פאר וואס זאָל ניט רוסלאנד וועלען צונעהמען א שטיקעל פון פּרייסען? צום ביישפּיעל, דאס שטיקעלע פּוילען, וועלכעס ליעגט נאָהענט צו ווארשוי און געהערט יעצט צו פּרייסען?

— האַמבורגער! האט פירסט גאָרטשאַקאָוו אויסגערופען. — איך האב פריהער געזאגט, אז איהר וואָלט געדאַרפט ווערן א דאקטאר, יעצט זעה איך אז איהר זייט א פּאָרטרעפליכער פּאָליטיקער.

— נעוויס! האט האַמבורגער געענטפערט, ביי אזא גוטען לעהרער, וויא אייער דורכלויכט, קען מען שוין עפּעס לערנען. —

לאָמיר עס יעצט לאָזען. איך מוז פריהער איבעררעדען דאריבער מיט'ן קייסער.

ער האט זיך פערטראַכט איינינגע מינוטען. פּלוצלונג האט ער א פרעג געטהאן:

— האט איהר גערעדט מיט דעם איטאַליענישען גראַף, דע ריווערא?

— איך האב מיט איהם גערעדט, האט האַמבורגער געענטפערט, איך קען אבער פון איהם ניט קלוג ווערן. איך וויים ניט, וואס דאס איז פאר א מענש: א דיפּלאָמאַט, א שווינדלער, א יעזואיט אדער א שפּיאָן. ער האט מיר געזאגט, אז ער האט א בריעף פון קייסער נאַפּאָלעאָן, וועלכען ער וויל איבערגעבען אייער דורכלויכט אין דיא הענד. איך בין נייגיעריג צו וויסען אייער מיינונג איבער דיעזען מענשען.

— ער האט מיר ווירקליך איבערגעגעבען א רעקאָמענדאַציאָנס בריעף פון קייסער נאַפּאָלעאָן, האט פירסט גאָרטשאַקאָוו געזאגט פערטראַכט. ער וויל האבען אן אוידיענץ ביים קייסער. איך האב עס איהם צוגעזאגט. איך האב עס שוין געמעלדעט דעם קייסער און ער האט איהם בעשטימט אויף היינט צוועלף אוהר.

— דיעזער מענש איז מיר א רעטעניש, זהאט האַמבורגער געזאגט ערנסט. איך האב גערעכענט, איך זאָל פריהער פּראָבירען איהם דורכצובייסען, איהם צו פערשטעהן און דאן איהם פאָרשטעלען פארן קייסער. מען קען ניט וויסען, וואס פאר א מענש דאס איז און וואס ער וויל. אייער דורכלויכט דאַרף זיין פאָרזיכטיג מיט אזא סאָרט מענשען.

— זייט רוהיג, האמבורגער, האט דער פירסט געזאגט. דער קייסער וועט ניט געבען זיין וואָרט, איידער ער וועט מיט מיר ניט איבעררעדען. איך וועל נאך צייט האבען איבער צו מאכען, וואס דיעזער זאָנדערבארער גראף וועט איהם איינרעדען.

פירסט גאָרטשאַקאָוו האט יעצט גענומען איינינע דאָקומענטען, וועלכע ער האט פריהער אוועקגעלעגט אן א זייט און האט אויף זיי געמאַכט איינינע בעמערקונגען. האמבורגער האט זיך צוגעקוקט צו דיא בעוועגונגען פון זיין פעדער. ער האט שוין אזוי גוט געקענט דעם פירסט מיט זיין ארט שרייבען, אז ער האט געוואוסט, וואס ער שרייבט, ווען ער האט נור געזעהן, וויא ער ריהרט מיט דער פעדער. ער האט געוואוסט. וויא אזוי צו רעדען מיט'ן פירסט גאָרטשאַקאָוו און וויא אזוי איהם איינצופלייסען, ער זאל טהאן, וואס ער וויל.

עס איז געוואָרען שפעט. האמבורגער האט זיך אויפגעהויבען.

— וואס איילט איהר זיך, האמבורגער? האט דער פירסט געפרעגט.

— איך מוז נאך איינינע פאַפּיערען איבערשרייבען און זיי פאָרלעגען דעם קייסער צום אונטערשרייבען. איהר האט מיר דאָך אליין געזאגט, אז אין איינינע פעלע מוז מען זיין שנעל.

— דיעזער גראף דע ריווערא קען מיר ניט ארויס פון'ם קאָפּ, האט דער פירסט געזאגט. ער רעדט דאַכט זיך, אזוי קלוג און אזוי אנציעהענד, אז מען מוז איהם אויס-הערן. ווען ער איז געקומען אין אזא אונרוהיגע צייט, מוז ער געוויס האבען עטוואס זעהר וויכטיגעס צו רעדען מיט'ן קייסער. עס איז מיר אבער ניט געלונגען פון איהם ארויסצוקריעגען, וואס ער וויל. קוים האב איך בעריהרט דעם הויפּט פונקט, וואס ער וויל אין רוסלאנד, האט ער אנגעהויבען צו רעדען פון אנדערע וויכטיגע זאכען, אז איך האב אונגערן געמוזט פערגעסען דיא הויפּט זאכע. איינס בין איך זיכער, אז ער פערשטעהט דיא היינטיגע לאַגע פון אייראָפּא בעסער פון אלע דיפּלאָמאַטען.

וואָלט אָפּט ניט מעגליך געווען, איהר זאָלט עס אזוי איינריכטען, אז איהר זאלט קענען אויסהערן אלעס, וואס ער וועט רעדען מיט'ן קייסער? — דיעזער מענש אינטע-רעסירט מיך זעהר. איך מוז מיט איהם נאך א מאל רעדען.

— איך וועל טהאן מיין בעסטעס, איך זאל הערן, וואס ער וועט רעדען מיט'ן קייסער, האט האמבורגער געענטפערט. דיעזער מענש איז א רעטעניש, איך האב אבער ליעב צו דערראטהען רעטענישען. איך וועל אייך מארגען בעריכטען, וואס פאר א פויגעל דאס איז.

דיא אוהר האט געשלאגען ניין:

— איך מוז געהן, האט האמבורגער געזאגט און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— אלזא, אויף מאָרגערן, האט דער פירסט געזאגט. איך וועל אייך ערווארטען מאָרגען אום ניין אוהר.

האמבורגער האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. פירסט גאָרטשאַקאָוו האט איהם נאכגעקוקט און געזעהן, וויא זיין קליינע געשטאלט מיט א הויקער אויף דיא פּלייצעס איז פערשוואונדען געוואָרען הינטער דיא שווערע פּאָרטיערע.

— ער וואָלט געקענט געהן זעהר ווייט, דיעזער האמבורגער, האט פירסט גאָרטשאקאָוו געזאגט צו זיך אליין, ער פערשטעהט דיא פּאָליטיק בעסער פון אלע רוסישע דיפּלאָמאטען. ליידער, שטאַמט ער פון א פאָלק, וועלכעס מען וויל אין אייראָפּא ניט צו לאזען צו דער פּאָליטיק. (האמבורגערס עלטערן זיינען געוועזען אידען, וועלכע האבען זיך געטויפט).

מיט א שטונדע שפּעטער איז פירסט גאָרטשאקאָוו געזעסען אין קאבינעט פון קייסער אַלעקסאנדער II.

— גוט, וואס איהר זייט געקומען היינט פריה, מיין ליעבער פירסט, האט דער קייסער געזאגט. מיר לעבען אין א שווערע צייט, אייראָפּא ·שטעהט געוואפענט און פיהרט קריעג. רוסלאנדס עהרע פאָרדערט, אז מיר זאלען זיך ארייגמישען, אז מיר זאלען ווייזען, אז רוסלאנד איז עלטער און מעכטיגער פון אלעמען. — איך האב היינט פערשפּראָכען אן אוידיענץ דעם פּרייסישען אויסעראָרדענטליכען געזאנדטען, גענעראל מאנטייפעל, דעם געזאנדטען פון האנאָווער גענעראל קנעזענבעק און א נייעם, מיר נאָך גאנץ אונבעקאנטען דיפּלאמאטען, גראף דע ריווערא. גראף שו=וואלאָוו בעט מיך, איך זאָל אויסהערן דעם גראף דע ריווערא. וואס ער וויל, ווייס איך נאָך ניט. ער האט אבער רעקאמענדאציאנס בריעף פון'ם פראנצויזישען קייסער, נאפּאָלעאָן III און פון פיעלע אנדערע בעריהמטע מענער. — איך וויל זיך מיט אייך בעראטהען, מיין ליעבער פירסט, וואס פאר אן אנטוואָרט איך זאָל געבען יעדען פון זיי.

דער קייסער האט געשוויעגען א פּאר מינוט. ער האט געווארט, אז פירסט גאָרטשאקאָוו זאָל עפּעס רעדען.

— דיא איינציגע שוויערינקייט איז, וויא איך זאָל עמפּפאנגען דעם געזאנדטען פון האנאָווער. פּרייסען איז פעסט ענטשלאָסען צו צונעהמען ביי קעניג געאָרג זיין לאנד און זיין קרוין. ביסמארק האט איהם זאגאר ניט געוואָלט אריינלאָזען צו זיך. — דאס קעניגרייך האנאווער איז מעהר ניטאָ אויף דער וועלט, האט ער געזאגט, און איך קען ניט קיין געזאנדטע׳׳ פון האנאווער.

יעצט איז דיא פראגע: ווען איך נעהם אויף דעם גענעראל קנעזענבעק, אלס געזאנדטען פון האנאווער, הייסט עס, אז איך אנערקען האנאווער פאר א קעניגרייך. דאן מוז איך מיך אננעהמען פאר׳ קעניג געאָרג און מוז טהאן אלעס מעגליכע אום איהם צו שיצען און צו פערטהייד׳גען. —איהם ניט אויפנעהמען איז וויעדער אונמעגליך. דיא וועלט וועט דאן זאגען, אז איך בין פאָלקאָמען איינפערשטאנדען מיט פּרייסען און מען וועט זוכען צו שליעסען א בונד געגען רוסלאנד אזוי וויא מען האט עס געטהאן פאַרן סעוואסטאָפּאָלער קריעג. — וואס זאָל איך יעצט טהאן?

— דאס איז דיא פּאָליטיק, קייזערליכע מאַיעסטעט, האט פירסט גאָרטשאקאָוו געענטפערט. מען מוז זעהן דורכצופיהרען דאס שיף צווישען צוויי שטיינער און מען זאָל זיך אןביידען ניט אנשלאגען. מען מוז זאגען יא און ניין מיט איין מאָל. אויפ־נעהמען דעם געזאנדטען פון האנאָווער עפענטליך איז יעצט ניט ראטהזאם. איהם גאר ניט אויפנעהמען טאר מען ניט, פּרייסען וועט ווערן שטאָלץ און וועט אָנהויבען צו פאָרדערן זאכען, וועלכע זיא וואגט יעצט קוים צו בעטען. — אלזא, מוז מען אויס־

געפינען א מיטעל ווענ. עס זאל הייסען אויפגענומען און דאך נים אויפגענומען. איך מיין, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל אויפנעהמען דעם האנאווערישען גענעראל אויף א שפאציער גאנג אין גארטען. מען קען עס אזוי מאכען, אז דער גענעראל זאל גאר נים וויסען, אז אייער קייזערליכע מאיעסטעט שפאציערט אין גארטען און זאל אייך גאנץ צופעליגער ווייזע טרעפען אין גארטען. אייער געשפרעך מיט'ן גענעראל וועט אונז צו קיין זאך נים פערבינדען, צו קיין זאך נים פערפפליכטען. קייסער אלכסנדר אין זיין אוידיענץ זאל איז דער פערטרעטער פון גאנץ רוסלאנד. זיין ווארט איז א בעפעהל. זיין פערשפרעכען איז היילינ. קייסער אלכסנדר אויף א שפאציער אין גארטען איז א פריוואט מענש, וועלכער מעג זאגען, וואס ער וויל און פערשפרעכען, וואס ער וויל. רוסלאנד איז נים געצוואונגען עס צו האלטען.

אויפ'ן קייסער'ס געזיכט האט זיך געוויעזען א צופריעדענער שמייכעל.

— איהר האט רעכט, מיין ליעבער פירסט, האט ער געזאגט. דאס איז דער איינציגער ווענ, וויא אזוי אלעמען צופריעדען צו שטעלען. איך בעט אייך, איהר זאלט זעהן עס אזוי איינצואָרדענען, אז היינט נאך מיטאג זאל איך מיך טרעפען מיט'ן גענעראל קנעזענבעק אין צארסקאיע סעלא אין גארטען.

— צו בעפעהל, קייזערליכע מאיעסטעט! האט גארטשאקאוו געענטפערט.

— יעצט האבען מיר צו רעדען, וויא אזוי איך זאל אויפנעהמען דעם פרייסישען געזאנדטען, האט דער קייסער ווייטער געזאגט. דער געהיים ראטה (טאיני סאוועטניק) האמבורגער האט מיר היינט פארגעלעגט איינינע פאפיערען וועגען פרייסען. ער מיינט, אז רוסלאנד זאל זיך פערבינדען מיט פרייסען און זאל זאנאר זוכען צו בעפעסטיגען דיעזען בונד דורך א הייראטה: א רוסישער פרינץ אדער א רוסישע פרינצעסין זאל הייראטהען א פרייסישען פרינץ אדער א פרייסישע פרינצעסין. אזעלכע צוויי שטארקע הערשער, וויא רוסלאנד און פרייסען, קעננען בעהערשען דיא גאנצע וועלט, ווען זיי זאלען זיין פעראייניגט און זאלען געהן האנד אין האנד.

— האמבורגער איז א גוטער דיפלאמאט, האט דער פירסט געענטפערט, ער האט אבער פערגעסען דאס איינפאכע רוסישע שפריכווארט: „שטא ניעמצו זדאראווא, טא רוסקאמו סמערט." וואס פארן דייטש איז געזונד, דערפון קען דער רוסע שטארבען. — ווען מיר פעראייניגען זיך מיט פרייסען, וועט פרייסען האבען דעם גאנצען נוצען און רוסלאנד וועט שלעפען דיא גאנצע משא. פרייסען וועט זיך אנשפארען אן אונז מיט זיין גאנצער מאכט און וועט זיך שטענדיג אויסדרעהן, ווען עס וועט דארפען אונז העלפען. — ניין, קייזערליכע מאיעסטעט! רוסלאנד דארף געהן איהר וועג אליין. רוסלאנד איז גענוג שטארק אליין צו בעהערשען גאנץ אייראפא. יעצט האבען מיר א גוטע געלעגענהייט צו צווינגען פרייסען, עס זאל אנערקענען רוסלאנד אלס פערמיטלער. און אלכסנדר דער צווייטער דארף געהן אויף דעם וועג, וואס זיין בעריהמטער פאטער, ניקאלאי דער ערשטער, האט פאר איהם אויסגעטרעטען. פאר רוסלאנד דארף מען אבשיי האבען. רוסלאנדס ווארט דארף מען אכטען און עהרען. רוסלאנד איז דאס גרעסטע קייזערטהום אין דער וועלט און עס דארף האבען דיא אבערהאנד איבעראל.

אלכסנדר II האט זעהר ליעב געהאט דיא דייטשען און איז נים געוועזען איינ־

פערשטאנדען מיט דער מיינונג פון זיין ערשטען מיניסטער. פירסט נאָרטשאַקאָוו אבער האט דאס מאל גערעדט מיט אזא פייער און מיט אזא בעגייסטערונג, אז דער קייסער האט איהם אנגעקוקט מיט בעוואונדערונג.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דעם קייסערס קאמערדיענער און איז גע־בליעבען שטעהן ביי דער טהיר. דער קייסער האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט איהם געפרעגט מיט א בליק, וואָס ער וויל זאגען.

— דער איטאליענישער גראף דע ריווערא איז געקומען און איך האב איהם אריינגעפיהרט אין פּריוואט־קאבינעט, וויא אייער קייזערליכע מאיעסטעט האט בעפוילען.

דער קייסער האט אמאך געטהאן מיט דער האנד. דער דיענער איז ארויס־געגאנגען.

— איז דיעזער גראף שוין געוועזען ביי אייך, פירסט? האט דער קייסער געפרעגט.

— ער איז ביי מיר געוועזען. איך האב אבער אויף קיין פאל ניט געקענט פון איהם ארויסקריעגען, וואס ער וויל. דער מענש ווייזט מיר אויס צו זיין געשיקט, טיכטיג און בעקאנט מיט אלע קייזערליכע און קעניגליכע הויפען פון אייראָפּא.

— איך האב איהם בעשטימט אן אודיענץ צו דיעזער שטונדע, האט דער קיי־סער געזאגט. ער איז פּינקטליך. איך וויל איהם אויסהערן. ווען איהר ווילט ליעבער פירסט שפּיעלען דיא ראלע פון אן אויסהערער, קענט איהר, אייך זעצען דא ביים פארהאנג, ועט איהר הערן אונזער געשפּרעך.

— איך דאנקע אייער קייזערליכע מאיעסטעט פאר דיעזע גנאדע, האט דער פירסט געענטפערט און איז צוגעגאנגען צום פארהאנג, וואו דער קייסער האט איהם אנגעוויעזען.

אין קייסערס פּריוואט־קאבינעט איז געשטאנען גראף דע ריווערא אין איין עלעגאנטען שווארצען פראק מיט א גרויסען אין בריליאנטען איינגעפאסטען ארדען „דער הייליגער מוטער“ אויף דער ברוסט. פון איין קנאָפּלאך האט ארויסגעשטעקט א גאָלדענער שליעסעל — א צייכען פון א קאמערהערר ביי זיינע היילינקייט, דעם פּאפּסט אין רוים. ער איז געשטאנען רוהיג און ענטשלאסען. ווען דער קייסער איז אריינגעקו־מען אין קאבינעט, האט זיך דער גראף טיעף פערנייגט און פון דיא פאלטען פון זיין פראק האט זיך ארויסגעוויעזען א גרויסער גאָלדענער קרייץ פון׳ם שפּאנישען אָרדען „פערדינאנד און איזאבעללא“.

— מיין געזאנדעטער אין פּאריז האט אייך רעקאָמענדירט, האט דער קייסער געזאגט. ער בעט מיך, איך זאל אייך אויסהערן. זעצט אייך, הער גראף, און זאָגט מיר, וואס פיהרט אייך פון׳ם שעהנעם,ווארעמען איטאליען אין אונזער קאלטעס רוסלאנד.

ער האט איהם געוויעזען אויף א שטוהל לעבען זיך. דער גראף אבער האט זיך ניט געזעצט. ער האט זיך נאך אמאל פערנייגט און האט אנגעהויבען צו רעדען מיט זיין העלער, איינשמייכלענדער שטימע:

— רוסלאנד און איטאליען ליגען צוואר ווייט איינע פון דער אנדערן, האט ער געזאָגט, עס דאכט זיך, אז דיעזע ביידע לענדער געהער זיך גאר ניט אן איינס מיט׳ן

אנדערן און דאך האבען זייביידע אלגעמיינע אינטערעסען. ביידע לענדער האבען איין פיינד, וועלכע זיי מוזען בעקעמפפען. ביידע לענדער קענען גליקליך זיין נור דורך איין זאך — דער היילינער גלויבען. זא לאנגע דיא פעלקער גלויבען אן גאט און אן זיינע היילינע, פאלגען זיי זייערע הערשער, דיא געזאלבטע פון גאט, און זיי לעבען גליקליך. קוים אבער גנב'עט זיך אריין אין א לאנד דער אונגלויבען, קוים הערט א פאלק אויף צו גלויבען אין גאט און אין זיין היילינער קירכע, הייבט עס אן צו געפינען פעהלער אין זיינע הערשער. עס זוכט פרייהייט און געפינט אויסגעלאסענהייט און פערדאר־בענהייט. יעדעס געזעץ, יעדע אָרדנונג הערט אויף, דער מענש ווערט א ווילדעס טהיער און צורייסט און צוברעכט אלעס, וואס קומט איהם אין דיא הענד אריין. —

רוסלאנד און איטאליען ליידען ביידע פון דיעזער קראנקהייט. אין רוסלאנד הייסט דיא קראנקהייט ניהיליזמוס, אין איטאליען הייסט זיא קארבאנאריזמוס. אין רוסלאנד הייסט זיא: באקונין, אלכסנדר הערצען, נעטשאיעוו און אנדערע. אין איטא־ליען הייסט זיא: מאדזיני, גאריבאלדי, דע לאמארע און אנדערע. וויא דיא כאָלערא פערברייטעט זיך דיעזע קראנקהייט און וויזט זיך אין פערשיעדענע ערטער פלוצלונג, אונערוואַרטעט, שרעקליך און שוידערהאפט. דאס פאלק הערט זיך צו צו דיעזע פאלשע פראפעטען פון אונגלויבען און אונארדנונג. דאס פאלק גלויבט זיי, ווייל זיי זאגען איהם צו פרייהייט און גלייכהייט. דאס פאלק העננט זיך אויף אויף זיי, ווייל דאס אונוויסענדע פאלק האט ליעב דיא אונארדנונג, וועלכע עס רופט פרייהייט. — אך, וויא שעהן, וויא הערליך איז אלעס געוועזן, ווען דער היילינער גלויבען האט גע־הערשט! ווען דיא גאנצע וועלט האט איינגעבויגען דעם קאפ פאר איין ווארט פון גאָטס דיענער! — דאמאָלס האט קיינער ניט געוואוסט פון פרייהייט און פון אנדערע פערדארבענע געדאנקען. פרייהייט האט געהייסען פרומקייט. ווער עס איז געוועזן פרום, דער איז געוועזן פריי. הייגט אבער —

— ליעבער גראף, האט איהם דער קייסער אונטערבראָכען, איך בין מיט אייך פאָלקאָמען איינפערשטאנדען, אז נור דיא היילינע רעליגיאָן איז אים שטאנד איינצור־האלטען דאס פאלק. דיא נייע אידעען פערדארבען עס און מאכען עס ווילד. וויא אזוי אבער קען מען פערברייטען דעם היילינען גלויבען צווישען פאלק? וויא אזוי קען מען איהם בעפעסטיגען, אז עס זאל ניט הערן צו דיא פאלשע נביאים, וויא באקונין, מאַד־זיני און זייער באנדע? — אנווייזען א קראנקהייט איז לייכט, געפינען א מיטעל, וויא דיא קראנקהייט צו היילען איז שווער.

— ווען מען קען נור דיא קראנקהייט, איז ניט שווער זיא צו היילען. דיא נייעסטע מעדיצין האט אויסגעפונען, אז מען דארף היילען דיא קראנקהייט מיט דיא מיטעל פון דער קראנקהייט אליין. ווען מען וויל פערהיטען, אז איינער זאל ניט בעקומען קיין פאָקען, שטעלט מען איהם פאָקען. מען מאכט איהם קראנק אום איהם געזונד צו מאכען. —

— איהר רעדט פערשטעלט, גראף, האט דער קייסער געזאָגט. ערקלערט מיר דייטליכער, וויא אזוי ווילט איהר אויסהיילען רוסלאנד פון'ם ניהיליזמוס און איטאליען פון'ם קארבאנאריזמוס?

— איך וועל מיך ערקלערן גאנץ דייטליך, האט דער גראף געזאָגט. — דיא ניהיליסטען זיינען א געהיימע געזעלשאפט, וועלכע שטרעבט צו פערניכטען יעדע אָרדנונג און יעדע הערשאפט. דאס איז דיא קראנקהייט. אום זיא צו היילען, דארף מען געפינען אנאנדערע געהיימע געזעלשאפט, וועלכע שטרעבט פעסט צו האלטען דיא ארדנונג, דעם היילינגן גלויבען און דיא מאכט פון דיא הערשער. —

— וואו נעהמט מען אזא געהיימע געזעלשאפט, וועלכע זאל מיט לייב און לעבען ארבייטען פאר גאָט און פאר דיא הערשער? האט דער קייסער געפרעגט מיט א שמייכעל.

— מען דארף אזא געזעלשאפט ניט ווייט זוכען, האט דער גראף געענטפערט. זיא איז דא, זיא עקסיסטירט. זיא לעבט. איהרע מיטגליעדער האבען שוין ניט איין מאָל געאָפּפערט זייער לעבען פאר גאָט און פאר זיינע געזאלבטע. — איך מיין דיא יעזואיטען, אדער דיא היילינע געזעלשאפט פון יעזוס קריסטוס. —

ער איז געבליעבען שטיל און האט א קוק געטהאן אויפ'ן קייסער. ער האט געוואָלט וויסען, וואס פאר אן איינדרוק זיינע לעצטע ווערטער האבען אויף איהם געמאכט. אויפ'ן קייסערס ליפען האט זיך געוויעזען א לייכטער, זאנדערבארער שמיי־כעל, וועלכער האט דייטליך געזאגט: אזוי? אט דאס ווילסט דוא? דיא יעזואיטען זאלען זיין מיינע דאָקטאָרען? — נו, דאס גלויב איך ניט! גראף דע ריווערא האט אלעס בעמערקט און האט געלעזען דעם קייסערס געדאנקען.

— מען איז אונגערעכט געגען דיא יעזואיטען, האט ער געזאגט. מען האט זיי פערלייםדעט, מען האט זיי פאלש פעראורטהיילט, ווייל מען קען זיי ניט און מען ווייס ניט זייערע צוועקע און זייערע ציעלע. זיי בילדען א געהיימע געזעלשאפט, זיי האבען זייערע געזעצע און זייערע געהיימע צייכענס, דערפאר מיינט מען, אז זיי זיינען שלעכט. אין דער וואהרהייט אבער האבען זיי נור איין צוועק — צו בעפעסטיגען און בעקרעפ־טיגען דעם גלויבען. זיי האבען נור איין ציעל — צו בייגען אלעס פאר דער מאכט פון דיא הערשער. זיי אליין לעבען ארים, אין נויט און עלענד און אפפערן זייער לעבען פאר גאט אין זיינע געזאלבטע.

— וויא קען איך איינפיהרען אין רוסלאנד דיא יעזואיטען, ווען אונזער גלויבען איז ווייט פון'ם קאַטאָלישען? האט דער קייסער געפרעגט. איך קען דאך ניט צווינגען מיינע אונטערטהאנען, זיי זאלען אננעהמען דעם קאטהאלישען גלויבען?

— דאס איז גאר ניט נייטיג, קייזערליכע מאיעסטעט! האט גראף דע ריווערא אויסגערופען. מען האט שוין ניט איין מאל געמאכט א פראָבע צו פעראייניגען דעם רוסישען מיט'ן קאטהאלישען גלויבען. עס איז געראטהען. פאר וואס זאל מען עס יעצט ניט אויספיהרען? — לאָמיר זיך אפלערנען פון דיא ניהיליסטען. לאָמיר קעמפפען געגען זיי מיט זייערע אייגענע וואפען. זיי בילדען געהיימע געזעלשאפטען, מיר וועלען בילדען געהיימע געזעלשאפטען. זיי רעדען אפּ דאס פאָלק פון'ם גלויבען, מיר וועלען צורעדען דאס פאלק צום גלויבען. זיי שענדען דיא געקרוינטע קעפּ, מיר וועלען זיי לויבען און וויזען, אז זיי זיינען דיא פערטרעטער פון גאט אויף דער ערד. דיא ניהיליסטען זיינען געוואָרען א מאכט מען מוז בילדען א געגען מאכט. דיא בעסטע, דיא זיכערסטע

גענענמאכט זיינען דיא יעזואיטען. — וואס דיא געהיים־פּאָליציי קען ניט אויסגעפינען, דאס וועלען אויסגעפינען דיא יעזואיטען, וואו דיא ארמעע קען ניט העלפען, דארט וועלען דיא יעזואיטען העלפען. וויא גרויס, וויא מעכטיג וועט רוסלאנד זיין, ווען זיין גרויסער קייסער וועט בעהערשען גאנץ אייראפּא פון זיין טראהן, ווען דער הייליגער פּאַטער אין רוים וועט איהם זעגנען מיטביידע הענד און וועט איהם שטיצען מיט זיין הייליגעס וואָרט. דיא פּאָליאַקען, וועלכע זיינען יעצט דיא גרעסטע פיינד פון רוסלאנד און זוכען יעדעס מאל צו מאכען א נייע רעוואָלוציאָן, וועלען דאמאלס, ווען דער פּאַפּסט וועט זיי הייסען, ווערן דיא בעסטע און דיא טרייעסטע אונטערטהאנען פון אייער קייזערליכען מאַיעסטעט.

ער האט גערעדט מיט אזא בעגייסטערונג און מיט אזא פייער, אז דער קייסער איז געוועזען גערירט און איז פעליג געוועזען איינשטימיג מיט איהם, אז נור אזא גייסטיגע מאכט, וויא דיא יעזואיטען, קענען ווירקען געגען דיא ניהיליסטען.

— האט איהר שוין ערקלערט אייערע געדאנקען דעם מיטראָפּאָליט פון פּעט־טערבורג? האט ער איהם געפרעגט. וויא געפינט ער אייער אידעע? וועט מען עס קענען אויספיהרען? ער קען בעסער דעם כאראקטער פון'ם פאָלק און ווייס, אויב עס וועט מעגליך זיין צו פעראייניגען ביידע רעליגיאָנען.

— איך האב דאריבער גערעדט מיט'ן מיטראפּאָליט און מיט זיין פערטרעטער, ברודער קלעמענטיוס, האט דער גראף געענטפערט. ביידע זיינען מיט מיר איינפער־שטאנדען. ברודער קלעמענטיוס איז ענטציקט פון מיין אידעע. ער געפינט, אז דיא רוסישע גייסטליכקייט וועט האבען פון וועמען זיך צו לערנען, וויא אזוי צו האלטען דאס פאָלק פעסט צוגעבונדען צו דער הייליגער קירכע.

דער קייסער האט געטראכט א פּאר מינוט. ער האט מורא געהאט זיך שוין אזוי גיך אונטערצוגעבען. ער האט געוואָלט פריהער איבעררעדען מיט'ן פירסט נאָר־טשאקאָוו.

— ברודער קלעמענטיוס וועט אייך ברענגען מיין ענטשלוס, האט ער איהם געזאגט פריינדליך. מיר וועלען געוויס מוזען אויסארבייטען איינינע בעדינגונגען אויף וועלכע דיא יעזואיטען וועלען קענען קומען קיין רוסלאנד. — איינסטווייל'ען דאנק איך איהנען גראף פאר אייער מיינונג.

— און אלע גוטע און פרומע אויף דער וועלט וועלען דאנקען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט און וועלען בעטען גאָט פאר אייך, ווען אייער קייזערליכע מאַיעסטעט וועט אנגעהמען מיין מיינונג. עס וועט זיין א גליק פאר רוסלאנד און א גליק פאר דער גאנצער וועלט.

דיא אונגלויביגע, דיא אפּיקורסים וועלען פערשטומט ווערן. גערעכטיגקייט, פרומקייט און דער הייליגער גלויבען וועט זיגען. אלע נייע אידעען פון פרייהייט, גלייכהייט, מענשען־רעכטע און פעלקער־רעכטע וועלען פערשווינדען, וויא דער שנעע פערשווינדעט פאר דיא ווארעמע, גלענצענדע שטראהלען פון דער זון. עס וועלען צוריקקומען דיא אלטע גליקליכע צייטען, ווען דיא מענשען זיינען געוועזען אזוי אונשולדיג און אזוי גוט, אז גאָט האט זיי געהאלטען פאר ווירדיג צו רעדען מיט זיי און דיא ענגעל פון הימעל

פלענען ארומשפאציערען אויף דער ערד און זיך בעווייזען צו וועמען זיי האבען געוואָלט. —

— איך האב אייך נאך א פראגע צו שטעלען, הערר גראף, האט פלוצלונג דער קייסער געזאגט ערנסט. איז דער קייסער נאפאלעאן איינפערשטאנען מיט אייער מיינונג?

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט גראף דע ריווערא געענטפערט. ער האט מיר געגעבען אן איינגעהענדיגען רעקאמענדאציאנס בריעף. ער וועט ווערן רוסלאנדס ערשטער און בעסטער פריינד, ווען מיינע אידעען וועלען געפינען גנאדע אין אייערע אויגען. רוסלאנד און פראנקרייך קענען דאמאלס זיין פערבונדען, געהן האנד ביי האנד און בעהערשען דיא גאנצע וועלט. דיא אויפגאבע פון קייסער נאפאלעאן III איז צו פערניכטען אלע פרייהייטס אידעען, וועלכע דיא פראנצויזישע רעוואָלוציאָן האט ארויס־געבראכט אויף דער וועלט. דאס איז אויך דער וואונש פונ׳ם גרויסען הערשער פון אלע רוסען; ווען אייער קייזערליכע מאיעסטעט געפינט עס פאר נייטיג, וועט דער פראנצויזישער קייסער שריפטליך ערקלערן זיינע געדאנקען און זיינע פלענע אין דיעזער בעציעהונג.

— איך דאנק אייך נאך א מאל, האט דער קייסער געזאגט און האט געגעבען גראף דע ריווערא דיא האנד. ברודער קלעמענטיוס וועט אייך איבערברענגען מיינע אנטווארט. ער וועט אייך שוין זאגען, ווען מיר וועלען נאך א מאל בעשפרעכען דיעזען געגענשטאַנד.

גראף דע ריווערא איז געוועזן ענטציקט, וואס עס איז איהם געלונגען צו בעוועגען דעם קייסער פון רוסלאנד, ער זאל אריינלאזען דיא יעזואיטען אין זיין לאנד. אלס עכטער יעזואיט אבער האט ער ניט ארויסגעוויעזען זיין פרייד. זיין געזיכט איז געבליעבען רוהיג און ער איז נאך אלץ געשטאנען פארן קייסער, דעם קאָפּ איינגעבויגען און דיא אויגען אראפגעלאזען צו דער ערד.

— אויף וויעדערזעהן, גראף! האט דער קייסער ענדליך געזאגט.

— אויף וויעדערזעהן, קייזערליכע מאיעסטעט! האט דער גראף געענטפערט און האט געמאכט א צייכען פון א קרייץ. — גאט זאל העלפען און בעשיצען זיין טרייען זוהן דעם בעהרשער פון אלע רוסען!

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך נאך א מאל פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען. קייסער אלעקסאנדער איז צוריקגעגאנגען אין זיין קאבינעט, וואו פירסט גארטשאקאָוו איז נאך אלץ געזעסען ביים פארהאנג פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

— האט איהר אלעס געהערט, מיין ליעבער פירסט? האט איהם דער קייסער געפרעגט. — וויא געפעלט אייך זיין אידעע?

— זיין אידעע וואלט געוועזן גוט, ווען זיא זאל ניט קומען פון א יעזואיט, האט פירסט גארטשאקאָוו געענטפערט. מיט א יעזואיט מוז מען זיין פארזיכטיג. ניט א יעזואיט נור איין פינגער און ער וועט אייך אין גאנצען אריינשלעפען צו זיך. ניט אומזיסט האבען אייערע גרויסע און בעריהמטע עלטערן פערבאָטען דיא יעזואיטען, זיי זאָלען זיך ניט געפינען אין רוסלאנד. זיי זיינען געפעהרליך, וואו זיי געפינען זיך. זייער

פרומקייט איז א שווינדעל, דייער הייליגקייט איז א בעטרוג, זייערע שבועות זיינען פאלש. זיי זוכען מאכט, זיי ווילען הערשען, זיי ווילען האלטען דיא גאנצע וועלט אין זייערע הענד און דער הייליגער גלויבען, דיא הייליגע קירכע, דער הייליגער פאטער זיינען נור דאס לאָקמיטעל (דער ווארים) מיט וועלכע זיי ווילען חאפּען פיש אין טריבען וואסער. —

— זיי קענען דאך אבער נוצען אלס שפּיאָנען, האט איהם דער קייסער אונטער־בראָכען. איך זעה דאך, אז מעזענצאָוו מיט זיין געהיים־פּאליציי איז ניט אים שטאנד צו פערניכטען דיא ניהיליסטען, וועלכע פערברייטערן זיך פון טאג צו טאג און ווערן אלע מאל שטארקער און פרעכער. פאר וואס זאלען מיר אזא מיטעל ניט געברויכען?

פירסט גארטשאקאוו איז געוועזן אן עכטער רוסע. ער האט פיינד געהאט אלעס, וואס עס קומט פון אויסלאנד. פאר דיא יעזואיטען האט ער איינפאך מורא געהאט.

— קייזערליכע מאיעסטעט! האט ער אויסגערופען מיט בעגייסטערונג. קעמפפט נעגען דיא ניהיליסטען, וויא איהר ווילט. געברויכט שטרענגע, הארטע שטראפען, בענוצט אלע מעגליכע מיטעל — נור קיינע יעזואיטען! — דאס איז א געפעהרליכעס מיטעל, וועלכעס האט שוין צו גרונד געריכטעט ניט איין לאנד. שפּאניען, דאס גרויסע, מעכטינע שפּאניען, וועלכעס האט א מאל בעהערשט דיא וועלט. וואו דער קייסער קארל דער פינפטער האט א מאל אויסגערופען שטאָלץ: „אין מיינע לענדער געהט דיא זון ניט אונטער". דיעזעס גרויסע און שטאָלצע שפּאניען ליעגט יעצט ארים, שוואך, מוטהלאָז און קראפטלאָז נור דורך דיא יעזואיטען. איטאליען איז צושטיקעלט, צוברעקעלט, ערניעדערינט און פעראכטעט נור דורך דיא יעזואיטען. אין פראנקרייך קאָכט עס, רוישט און שטורמט נור צוליעב דיא יעזואיטען. — ווארפט אוועק, קייזער־ליכע מאיעסטעט, דעם געדאנק פון יעזואיטען אין רוסלאנד!

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער דעזשורני גענעראל און האט געמעלדעט:

— דער פרייסישער אויסערארדענטליכער געזאנדטער, גענעראל פאן מאנטייפעל! דער קייסער האט איהם געהייסען אריינפיהרען.

## 15טעס קאפּיטעל.

## מיט גרענוויל ביי דיא רויבער.

ניקאָלאָ, מאדזיני און דער רויבער אפיציער זיינען לאנגזאם אראפּגעגאנגען פון'ם בארג, וואו ניקאָלאָ איז געשטאנען אויף דער וואך. וואס נעהנטער זיי זיינען צוגעקומען צום לאגער, אלץ דייטליכער האבען זיי געהערט שיעסען.

— דער קאפּיטאן איבט זיך אין שיעסען, האט דער רויבער אפיציער געזאגט. דאס בעווייזט, אז ער איז אויפגערעגט און זוכט זיך צו צערשטרייען. אין אזעלכע מינוטען איז ער געפעהרליך. איך האב מורא פאר דיר, ניקאָלאָ.

— זיי אונבעזאָרגט, האט ניקאלא געענטפערט. איך האב געטהאן, וואס איך האב געמוזט טהאן.

באלד זיינען זיי אנגעקומען אין לאגער. א זאנדערבארעס בילד האט זיך זיי פארגעשטעלט. דיא רויבער האבען זיך צוטהיילט אין צוויי גרופּען. איין גרופּע איז

נעשטאנען ארום קאפּיטאַן לעבען א שטיינערנע וואנד, אין וועלכע זיי האבען געשאָסען. דיא אנדערע גרופּע איז געשטאנען אין א קרייז. אין דער מיט אויף דער ערד איז נעלעגען עפּעס א זאך פערדעקט מיט אן אלטען צוריסענעם מאנטעל; אונטערן מאנטעל איז געשטאנען א טייכעל פון רויטעס פערגליווערטעס בלוט. דיא דריי מענער זיינען צוגעגאנגען צו דער גרופּע, וואו פּעפּע מאמיאני איז געשטאנען. קוים האט ער דערזעהן ניקאלא, האט ער זיך אומגעקעהרט צו איהם און האט זיך אנגעהויבען צו שפּיעלען מיט זיין פּיסטאָלעט. עס איז געווען דייטליך, אז מיט אזא שפּיעלען זיך, קען ער זעהר לייכט אויף איהם אויסשיעסען. ניקאלא אבער איז געווען גאנץ רוהיג.

— דוא ביסט א פּרעכער יונגע, ניקאָלא, ווען דוא וואגסט נאך צו קומען פאר מיר, האט ער געזאגט שטרענג.

— פאר וואָס בין איך פרעך, קאפּיטאַן? האט ניקאָלא געפרעגט. איך טהו אלעס, וואס אונזערע רויבער געזעצע הייסען און וואָס אונזער קאפּיטאַן הייסט מיר. איהר האט געשיקט מיך רופען פון דער וואך און איך בין געקומען.

פּעפּע מאמיאני האט אויף איהם געוואָרפען א בייזען, פינסטערן בליק. ער איז צוגעגאנגען צו דער אנדערער גרופּע, האט אראָפּגעשלעפּט דעם צוריסענעם מאנטעל פון דער זאך, וואס איז געלעגען אויף דער ערד און דער טוידטער קערפּער פון'ם אונגליקליכען מעדכען האט זיך געוויעזען. איהרע האר זיינען געווען צו וואָרפען, איהרע קליידער צוריסען. אויף דער ברוסט איז געווען א שרעקליכע וואונדע, פון וועלכער עס האט נאך געטריעפט דאס בלוט. איהר געזיכט אבער איז געווען רוהיג, עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא שלאָפט.

— קענסט דוא דיעזע פּערזאָן, ניקאָלא? האט דער רויבער הויפּטמאַן געפרעגט פינסטער.

— געוויס, קאפּיטאַן, האט ניקאָלא געענטפערט. דאס איז מאריטא, מיין גע־ליעבטע, מיין בראוט. — זיא איז זעהר שעהן. דיא בלאסע פארב פון'ם טוידט פּאסט זעהר צו איהרע שווארצע האָר.

— ווייסט דוא, ווער עס האט געטוידטעט דיעזע פרוי? האט דער קאפּיטאַן ווייטער געפרעגט.

— געוויס, קאפּיטאַן, האט ניקאָלא געענטפערט. — איך אליין האב זיא געטויטעט.

פּעפּע מאמיאני האט אויפגעהויבען זיין פּיסטאָלעט און האט זיך געציעלט אויף ניקאָלאָ.

— פערדאמטער הונד! האט ער אויסגערופען, פאר וואס האסט דוא עס געטהאן?

— אזוי איז דאס געזעץ פון אונזער באנדע, האט ניקאָלאָ געענטפערט מיט א ביטערן געלעכטער. דאס געזעץ זאגט, אז דיעזע פרוי געהערט צו ערשט צו אייך, קאפּיטאַן. — האט איהר געברויכט דיעזעס געזעץ? — יא, מוזט איהר ענטפערן. דאן האט זיא געהערט מיר, איך האב געטהאן מיט איהר, וואס איך האב געוואָלט. יעצט געהערט זיא דער גאנצער באנדע, זיי מעגען טהאן מיט איהר, וואָס זיי ווילען.

ביי דיעזע ווערטער האט ער אויפגעהויבען דעם טוידטען קערפּער פון'ם יונגען

מערכען, האט איהם צוגעפּרעסט צו דער ברוסט און האט איהם אוועקגעוואָרפען פאַר דיא פיס פון דיא רויבער.

— נעהמט זיא, האט ער געלאכט ווילד. זיא געהערט אייך! האט ער אויס־געשריען מיט א ווילדען געלעכטער.

דיא געזיכטער פון דיא רויבער זיינען געווארען בלייך. וויא ווילד דיעזע מענשען זיינען געווען און וויא געוואוינט זיי זיינען געווען צו מאָרד און רויב, האט דאך דיעזע סצענע געמאכט אויף זיי א שרעקליכען איינדרוק. אונגערן האט ניט איינער פון זיי א ציטער געטהאן.

— פערפלוכטער הונד! האט א געשריי געטהאן פעפע מאמיאני און האט ווידער אויפגעהויבען זיין פיסטאָלעט.

אין דיעזער מינוט האט א שטאַרקע האנד אנגעחאפט דעם פיסטאָלעט און האט איהם אראָפּגעבויגען צו דער ערד.

— ניין, קאַפּיטאַן, דוא האסט קיין רעכט צו טוידטען ניקאָלאָ. ער האט גע־טהאן, וואס דאס געזעץ האט איהם ערלויבט. עס איז שרעקליך, וואס ער האט געטהאן, ער האט אבער רעכט געטהאן.

— ניקאָלאָ האט רעכט! האבען געשריען מעהרערע שטימען. ער האט געהאנ־דעלט, וויא א מאַן. מיר וועלען ניט דערלאָזען, אז מען זאָל איהם עפּעס טהאָן. עס קומט איהם גאָר ניט.

דער רויבער הויפּטמאַן האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר רציחה. ער האט איינגעזעהן, אז יעצט קען ער גאר ניט מאכען און האט בעהאלטען זיין האס און זיין ראכע אויף אנאנדער מאל.

— דיינע קאמעראַדען שטעהן יעצט פאר דיר, ניקאָלאָ האט ער איהם געזאָגט. היט דיך אבער! איך האב אויף דיר אן אויג און וועל דיך שוין טרעפען!

ער האט זיך געווענדעט צו דיא רויבער און האט זיי געזאגט:

— שאפט אוועק דיא לייבע פון דאנען!

ניקאָלאָ האט אויפגעהויבען דעם טוידטען קערפּער פון דער ערד. איינינע רוי־בער האבען איהם געוואלט העלפען, ער האט זיי אבער געבעטען, זיי זאלען איהם לאזען אליין. ער האט ארויפגעלעגט דעם טוידטען קערפּער אויף דיא פּלייצעס און האט איהם אוועקגעטראגען ווייט אויף דיא בערג אונטער א גרויסען בוים. דאָרט האט ער מיט זיין סטילעט אויסגעגראָבען א טיעפע גרוב, וואו ער האט אריינגעלעגט דעם קערפּער. יעצט ערשט האבען זיך זיינע אויגען געעפענט און א שטראָם טרערין האט זיך געגאסען אויפ'ן קאלטען קערפּער. דער ווילדער רויבער איז געוואָרען א מענש אונטער דעם ווארעמען פונק פון דער ליעבע, וועלכע האט זיך אזוי אונגליקליך געענדיגט.

ווען ניקאָלאָ איז אוועקגעגאנגען מיט דער לייבע, האט זיך פּעפּע מאמיאני אומ־געקוקט און דערזעהן מאַדזיני.

— ווער איז דער? האט ער געפרעגט ערשטוינט. וויא קומט א פרעמדער צו אונז?

זיין ליעטענאַנט האט איהם דערצעהלט, וואו ער האט געטראָפען דעם פרעמ־

דען און אז דער פרעמדער ווייס דאס פאסיר ווארט. ער איז א פריינד פון דאנילא פעטראָוויטש. דער רויבער הויפטמאַן האט בעטראכט דעם פרעמדען מיט מיסטרויען.

— איהר האט זעהר פיעל געוואגט צו קומען אהער, האט ער איהם געזאָגט. ווייסט איהר וועניגסטענס, אז פיעלע, וועלבע קומען אהער, מוזען איבערלאזען זייער לעבען אלס א משכון, אז זיי וועלען נים אויסזאָגען, וואס זיי האבען דא געזעהן און געהערט? — זאגט מיר קורץ: וויא הייסט איהר און וואָס האט אייך געבראכט אהער?

— מיין נאמען וועט איהר שפעטער וויסען, האט מאַדזיני געענטפערט רוהיג און שטאָלץ. דאנילאָ פעטראָוויטש וועט אויך דא באלד זיין און וועט אייך פיעלעס דערצעהלען, וואס קען אייך נוצען. דיא אורזאכע, וואס האט מיך געבראכט אהער, איז דיעזער מאַן דא.

ער האט געוויעזען אויפ'ן רוסע, וועלכער איז געשטאַנען אן א זייט און האט אלעס אויסגעהערט. אין דער צייט, וואס פעפע מאמיאַני איז געווען בעשעפטיגט מיט ניקאלא, האט מאַדזיני געגעבען איינעם פון דיא געהיימע צייכענס פון דער געזעלשאפט קאַרבאָנארי צום רוסען. דער רוסע האט איהם געענטפערט מיט א צייכען.ביידע האבען זיך פערשטאַנען. ווען דער רוסע האט געזעהן, אז מאַדזיני וויזט אויף איהם, איז ער צוגעגאנגען צום קאפיטאַן און האט איהם געזאָגט:

— דיעזער מאַן איז געקומען צו מיר. איהר וועט מיר ערלויבען איך זאל איהם פרעגען פאר אייך אין דיא אויגען, וואס ער דארף מיך.

דער קאַפיטאַן האט א ווינק געטהאָן, אז ער מעג איהם פרעגען.

— וואס דארפט איהר מיך?

— דאנילאָ פעטראָוויטש האט מיר געזאגט, אז איהר זוכט איינעם מיט'ן נאמען מאַדזיני. איך ווייס געראדע, וואו ער געפינט זיך יעצט. איך בין זיין בעסטער פריינד און וויל איהם רעטען, ווייל דיא ענגלישע, דיא עסטערריייכישע און דיא רעגירונג פון'ם פאפסט פערפאָלגען איהם און האבען געזעצט א פרייז אויף זיין קאָפּ.

דער רוסע האט איהם געגעבען דיא האנד.

— זייט מיר ווילקאָמען, איהר מעגט זיין, ווער איהר ווילט, ווען איהר קומט נור פון מאַדזיני, זייט איהר מיין פריינד. קאפיטאַן פעפע מאמיאַני, איך בין פעראנט־וואָרטליך פאר דיעזען מענשען. זייט רוהיג, דאס איז א פריינד.

דער רויבער הויפטמאַן האט געשוויעגען. ער האט נאך אלץ נים געטרויט דעם פרעמדען.

— פון וואַנען ווייסט איהר, אז ער נארט אייך נים אָפּ? האט ער געפרעגט דעם רוסע. ער האט אייך דאך נאך גאר קיין בעווייזע נים געגעבען, אז ער קומט ווירקליך פון מאַדזיני.

— דער קאַפיטאַן האט רעכט, האט מאַדזיני געזאגט. ער איז קלוג און פאָר־זיכטיג. אט זיינען מיינע בעווייזע.

ער האט ארויסגענומען פון דער בוזים קעשענע א פאָר בריעף און האט זיי דערלאנגט דעם רוסע, וועלבער האט זיי שנעל דורכגעלעזען. דאס זיינען געווען אלטע

בריעף, וועלכע האבען זיך נאָך ניט אונגעהערט צו דער איצטיגער לאגע. דער רוסע האט זיך נור געמאכט, אז ער לעזט זיי.

— עס איז ריכטיג, קאפּיטאן, האט ער געזאגט צום רויבער־הויפּטמאן. די בריעף זיינען געשריעבען צו מיר. דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז דער מאן קומט ווירקליך פון מאדזיני.

יעצט האט ער זיך געווענדעט צום פרעמדען און האט איהם געזאגט.

— איהר זייט געוויס מיעד פון׳ם וועג און הונגעריג. איך וועל בעטען דעם קאַ־פּיטאן, ער זאל אונז הייסען ברענגען עפּעס צו עסען.

דער רוסע האט ניט געוואָלט רעדען מיט מאדזיני, אז פּעפּע מאמיאני זאל הערן. ער האט איהם דאהער געבעטען, ער זאל הייסען ברענגען פריהשטיק. דער רויבער־הויפּטמאן האט באלד געהייסען ברענגען ברויט, קעז און וויין.

— וואו האט איהר איבערגעלאזען דאנילא פּעטראָוויטש? האט פּעפּע מאמיאני פּלוצלונג געפרעגט דעם פרעמדען.

— ניט ווייט פון׳ם עסטערייכישען שטעדטעל סאָלפערינאָ

— האט איהר דאָרט ניט געהערט פון עסטערייכישע און איטאַליענישע סאָל־דאטען? מען זאָגט, אז זיי ווילען מיך ארומרינגלען אין די בערג און מיך פאנגען.

— געוויס, קאפּיטאן, האב איך געהערט פון זיי. אייער איבערפאלען אויף די ווילא סארענטי, וואו איהר האט גערויבט צוויי פרויען, האט געמאכט א רעש אין דער גאנצער געגענד. מען רופט צונויף סאָלדאטען פון דער גאנצער געגענד ארום און איך האב מורא, אז איהר וועט מוזען אויסהאלטען א שווערן קאמפּף מיט זיי.

— באַ! באַ! האט אויסגערופען פּעפּע מאמיאני, וואלט נור אנטאניא פּעסקאַ־רע מיט זיינע מענשען אנקומען, וואָלט איך שוין געקענט פערטהיידיגען מיין לאגער געגען א גאנצען קאָרפּוס סאלדאטען. דער טייפעל אבער געהט ערגעץ ארום אין די בערג און זוכט צו מאכען געשעפטען פאר זיך אליין. איך וועל מוזען שיקען נאך איהם.

— איך ווייס ניט, אויב ער וועט אייך קענען עפּעס העלפען, האט מאדזיני געזאגט. ער איז נעכטען אנגעפאלען אויף א פּארטיע רייזענדע ענגלענדער, וועלכע זיינען געוועזן גוט בעוואפענט. זיי האבען זיך געוויס פערטהיידיגט און די עסטערריי־כישע סאָלדאטען זיינען זיי געוויס געקומען צו הילף. — איך זאג עס ניט פון מיין קאָפּ. ' דאנילאָ פּעטראָוויטש האט מיר געהייסען, איך זאל עס אייך זאגען.

פּעפּע מאמיאני האט זיך געביסען די ליפּען.

— פּערדאמטער הונד! האט ער אויסגערופען. לאזען איהם די עסטערייכער אויפהענגען! ער איז עס ווערטה דערפאר וואס ער פאָלגט ניט, וואס מען הייסט איהם. — נו! דערוויל זיינען מיר דא זיכער. איך גלויב ניט, אז מען זאל אונז אזוי גיך איבערפאלען. אלענפאלס, מוז מען פּערדאָפּלען די וואכען.

ער האט געהייסען אויסשטעלען דאפּעלע וואכען אויף אלע הויכע פּונקטען ארום לאגער. דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיין באנדע און האט געזאגט:

— זייט רוהיג! שפּיעלט ווייטער. האט קיין מורא ניט פאר די סאלדאטען,

מיר האבען זיי שוין ניט איין מאל געשלאגען און פעריאגט. — ווער דארף יעצט שיעסען?
— איך! האט זיך געמעלדעט איינער פון דער באנדע.
— נו, שיעס! האט איהם דער קאפיטאן געהייסען.
יעצט ערשט האט מאדזיני בעמערקט, וואס פאר א שפיעל דא געהט פאר. הויף אין דער שטיינערנער וואנד איז געווען צוגענאגעלט א הוט. דיא רויבער האבען געציעלט און געוועט, ווער עס וועט טרעפען אין דער מיט פון׳ם הוט. אייניגע האבען ניט געטראפען פונקט אין דער מיט דער פרעמדער האט געמאכט א גרימאסע.
— איך האב געמיינט, אז איהר קענט בעסער שיעסען, האט ער געזאגט מיט א שמייכעל.
— וויזט, אויב איהר קענט בעסער פון אונז! האט פעפע מאיאני אויסגערופען און האט אנגעקוקט דעם פרעמדען מיסטרויאיש.
— איך האב אמאל געקענט שיעסען אין א לימינע, ווען מען האט זיא געוואר־פען אין דער הויך, האט דער פרעמדער געזאגט.
— א גרויסע קונסט! האט געלאכט פעפע מאמיאני. איך וועל עס אייך באלד ווייזען.
ער האט זיך געהייסען ברענגען א לימינע, האט זיא א ווארף געטהאן אין דער הויך און האט אויסגעשאסען. דיא קוגעל האט אפגעריסען א שטיק שאלעכץ פון דער לימינע.
— יעצט ווייזט, וואס איהר קענט, האט פעפע מאמיאני געזאגט. ווער עס בעריהמט זיך פאר פעפע מאמיאני, דער מוז עס בעווייזען.
מאדזיני האט גענומען אנאנדערע לימינע, האט זיא א ווארף געטהאן גאנץ הויך און האט אויסגעשאסען. דיא קוגעל האט דורכגעלעכערט דיא לימינע אין דער מיט. דיא רויבער האבען ארויסגעלאזען א געשריי פון בעוואונדערונג און ערשטוינונג. אזא געשיקליכקייט האבען זיי נאך ניט געזעהן.
— דאס איז נאך א קלייניגקייט, האט מאדזיני געזאגט. איך האב געזעהן נאך בעסערעס. איך ווייס אבער ניט, אויב איך וועל עס קענען נאכמאכען.
דיא רויבער האבען זיך ארומגעשטעלט און האבען איהם געבעטען מיט איין קול, ער זאל זיי ווייזען זיין קונסט און זיין געשיקליכקייט.
— עס איז זעהר א שווערער שוס, האט דער פרעמדער געזאגט. אומזיסט וויל איך עס ניט טהאן, אויב איהר וועט זיך וועלען וועטען מיט מיר, וועל איך עס אייך ווייזען.
דער רויבער־הויפטמאן האט געוואלט ווייזען זיין באנדע, אז דער פרעמדער איז נור א בעריהמער. עס איז איהם נור איין מאל געלונגען דורכצושיעסען דיא לימינע, ווייטער אבער קען ער נישט. ער האט דאהער געזאגט צו איהם:
— איהר ווילט אייך וועטען? — גוט! דא האט איהר געטראפען. איך וועל מיט אייך וועטען, אויף וואס איהר ווילט. זאגט, אויף וויאפיעל ווילט איהר. צוויי הונדערט, דריי הונדערט נאפאלעאנ׳ס! וואס וועט איהר איינשטעלען?

— איך האב קיין געלד, האט דער פרעמדער געענטפערט. עס איז מיר זעהר שווער מיט אייך צו וועטען.

— איך זעה ביי אייך אין גארטעל א שעהנע פּאָר פּיסטאָלעטען, האט דער רויבער הויפּטמאן געזאגט. שטעלט איהר איין אייערע פּיסטאָלעטען און איך וועל איינ־שטעלען, וואס איהר ווילט.

— איך נעהם עס אן, האט דער פרעמדער געזאגט. איך שטעל איין מיינע פּיסטאָלעטען. וועל איך פערשפּיעלען, וועט איהר אייך נעהמען מיינע פּיסטאָלעטען; וועל איך אבער געווינען, מעג איך מיר אויסקלויבען א זאך פון דעם, וואס איהר האט אוועקגערויבט אין דער ווילא סאָרענטי. וואס איך וועל מיר אויסקלויבען, דאס זאל געהערען צו מיר.

— עס געהט! איך נעם עס אן, האט פּעפּע מאַמיאַני אויסגערופען. עס איז אָפּגעמאכט!

— אלע זיינען ציינען, אז מיר האבען אזוי אָפּגעמאכט, האט מאַדזיני געזאגט.

— מיר זיינען ציינען, האבען דיא רויבער אויסגערופען.

דער רוסע איז געשטאנען דיא גאנצע צייט שטיל און האט בעוואונדערט מאדזיני. ער האט פערשטאנען, אז מאַדזיני שפּיעלט זיך ניט מיט דיא רויבער, אז ער האט עפּעס וויכטיגעס דא צו טהאן. ער האט אבער נאך ניט געהאט קיין צייט און קיין געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען אליין.

— יעצט האט מאדזיני געזאגט, ווען מיר האבען אלעס אָפּגעמאכט, וועל איך אייך ווייזען א קונסט שטיק, וועלכעס איהר וועט מיר ניט קענען נאכמאכען.

ער האט אראָפּגענומען פון׳ם פינגער א גאָלדענעם רינג, האט זיך געהייסען ברענגען א דין שטריקעל און האט צוגעבונדען דעם רינג. דאן האט ער געוויעזען אויף א הויכען בוים.

— קלעטערט ארויף אויפ׳ן בוים און בינדעט צו דעם שטריק צו א צווייג, האט ער געזאגט צו איינעם פון דיא רויבער. — דאס וועט זיין אונזער ציעל. מען מוז ציעלען אזוי, אז דיא קוגעל זאל בלייבען שטעקען אין רינג.

דיא רויבער האבען איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. דאס איז ווירקליך א קונסט שטיק. זיי זיינען געווארען שטארק פעראינטערעסירט. יעדער האט געוואלט זעהן, אויב דער פרעמדער וועט עס בעווייזען. אין איינינע מינוטען האט זיך דער רינג געשאָקעלט אין דער הויך.

— שיעסט, קאפּיטאן, האט דער פרעמדער געזאגט צו פּעפּע מאַמיאַני. מיר האבען דאך אזוי אָפּגעמאכט.

דער רויבער הויפּטמאן האט אויסגעשאָסען. דיא קוגעל האט בעריהרט דעם רינג און איז אוועקגעפלויגען ווייט. יעצט איז געקומען דיא רייהע צו מאַדזיני. ער האט אויסגעשאָסען. דער רינג מיט׳ן שטריק זיינען פערשוואונדען.

— איהר האט פערשפּיעלט, פרעמדער! האט דער רויבער הויפּטמאן אויס־געשריען און האט זיך צולאכט מיט א ווילדען געלעכטער.

— ער האט געוואונען, האט דער רוסע געזאגט און האט געוויעזען דעם רינג.

דיא קוגעל איז נעבליעבען שטעקען אין רינג. דיא קראפט פון שיעסען האט אפגעריסען דעם שטריק מיט'ן רינג. זיי זיינען אראפגעפאלען אויף דער ערד.

— איהר זייט דער טייפעל אליין! האט אויסגערופען דער רויבער הויפטמאן. ווען איך זאל אייך בעסער קענען, וואלט איך אייך געבעטען, איהר זאלט אריינטרעטען אין מיין באנדע. אזא געשיקטער מענש קען אונז צו ניץ קומען.

— עס טהוט מיר לייד, קאפיטאן, וואס איך קען ניט אריינטרעטען צו אזא געשיקטען און בעריהמטען קאפיטאן, וויא פעפע מאמיאני. איך מוז וועקפאהרען פון איטאליען. מען פערפאלגט מיך פון אלע זייטען. איך בין נור געקומען צו אייך בעטען שוץ אויף א טאג אדער צוויי. איך ווארט, אז דאנילא פעטראוויטש זאל קומען מיך אויפנעהמען אויף זיין שיף.

— ווען דיא רויבער און מערדער, וועלכע רופען זיך ארדנונג און געזעץ, פערפאלגען אייך, האט פעפע מאמיאני געזאגט, זייט איהר ווילקאמען אין מיין לאגער. מיך פערפאלגט אויך דאס געזעץ. יעדער, וועמען דאס געזעץ פערפאלגט, קען געפינען שוץ און ראבע. —

פלוצלונג איז געווארען א ליארם אין לאגער. עס איז אנגעקומען א בויער פון א דארף ניט וויט און האט געבראכט פראוויאנט. ער איז געווען איינער פון פעפע מאמיאני'ס שפיאנען. ער האט געבראכט דיא טרויעריגע נאכריכט, אז אנטאניא פעסקארע'ס גאנצע באנדע איז פערניכטעט. אנטאניא אליין איז טויט, פיעלע פון זיין באנדע זיינען געפאלען, דיא איבעריגע האבען דיא עסטערייכישע סאלדאטען געפאנגען גענומען. דאס הויז אין וואלד האט אפגעברענט. דער אלטער רויבער מיט זיין פרוי זיינען פערברענט געווארען אין קעלער. דיא עסטערייכישע סאלדאטען געהן ארום אין דיא בערג זוכען פעפע מאמיאני.

דיא נאכריכטען זיינען געווען זעהר טרויעריג. מען האט עס באלד געמעלדעט דעם קאפיטאן. ער איז געגאנגען אויספרעגען דעם בויער אלעס, וואס ער ווייס און האט דערוויל איבערגעלאזען מאדזיני און דעם רוסען אליין.

קוים זיינען זיי געבליעבען אליין, האט דער רוסע געגעבען א ווינק צו מאדזיני, ער זאל מיט איהם געהן אין א זייט, וואו זיי וועלען קענען דערוויל רעדען, אז קיינער זאל זיי ניט שטערן. זיי זיינען ארויפגעגאנגען אויף א בערגעל און האבען זיך געזעצט הינטער א גרויסען שטיין.

— איך בין דוד שטרויס, האט דער רוסע געזאגט. מען האט מיך געשיקט צו פעפע מאמיאני, איך זאל אויסזוכען ביי איהם איינעם מענשען, וועלכע זיינען אונז נייטיג יעצט אין רוסלאנד. ווער זייט איהר? איך זעה, אז איהר זייט ניט געקומען אהער זיך שפיעלען מיט דעם רויבער קאפיטאן. אייך האט געפיהרט אהער א גאנץ אנדערע אורזאכע.

— איך בין מאדזיני האט דער פרעמדער געזאגט.

— מאדזיני! האט דער רוסע אויסגערופען. איהר זייט מאדזיני, דער בעריהמטער אניסטאטאר און קעמפפער פאר דיא פרייהייט? איהר זייט דער מאדזיני, פון וועלכען באקונין האט מיר אזוי פיעל דערצעהלט. איך בין גליקליך, וואס איך האב אייך דא

געטראָפען. מיר האבען געהערט פון אייך זעהר פיעל. מיר האבען גערעדט פון אייך זעהר פיעל. איהר פעהלט אונז! מיר דארפען אין רוסלאנד אזא מענשען, וועלכער זאל ארגאניזירען אונזער מאכט, אונזערע קלובען און אונזערע געהיימע געזעלשאפטען.

— איך וויים אלעס, וואס אין רוסלאנד קומט פאָר, האט מאדזיני נעזאגט. אייערע ניהיליסטען האבען אבער בעגאנגען א פעהלער: זיי האבען זייער גאנצע קראפט און זייער גאנצע טהעטיגקייט צונויפגענומען אין איין אָרט — אין רוסלאנד אליין. זיי דענקען נור פון רוסלאנד און האבען זיך איינגערעדט, אז ווען זיי וועלען טויטען דעם רוסישען קייסער, וועט שוין דאס רוסישע פאָלק בעפרייעט ווערן. דאס איז א פעהלער, דאס הייסט זיין איינזייטיג. מיטן טויט פון איין טיראן וועלען זיי גאר ניט מאכען. עס מוז זיין אן אלגעמיינע רעוואָלוציאָן. אלע פעלקער דארפען אויפשטעהן, וויא איין מאַן און צורייסען זייערע קייטען. דאס איז אונזער צוועק. דערצו שטרעבען מיר. אלס ביישפיעל קען איך אייך ווייזען אונזער גאריבאלדי. ער קעמפפט, וואו עס שטעלט זיך איהם פאָר א געלעגענהייט צו בעפרייען א פאָלק, ער קעמפפט געגען יעדען טיראן.

עס איז שוין צייט, אז דיא מענשען זאלען אויפהערן זיך איינצוטהיילען אין פעלקער און לענדער. אלע מענשען דארפען זיין איין פאמיליע, דיא גאנצע וועלט דארף זיין איין לאנד.

— דאס זיינען אויך באקוניק'ס אידעען, האט דער רוסע געזאגט. דאס זיינען אויך מיינע אידעען. ליידער, זיינען ניט אלע אונזערע גענאָסען דערמיט איינפערשטאנען. פיעלע מיינען, אז יעדעס פאלק דארף קעמפפען פאר זיך אליין. —

— נו, האט איהר דערגרייכט אייער ציעל? האט איהם מאדזיני פלוצלונג געפרעגט. האט איהר אויסגעפינען צווישען פעפע מאמיאני'ס באנדע מענשען, וועלכע זאָלען אייך טויגען?

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, אז איך האב מיר דיא איטאליענישע רויבער באנדען אנדערש פאָרגעשטעלט, ריכטיגער געזאגט, מען האט זיי מיר פאלש פאָרגעשטעלט. איך האב געמיינט, אז איך וועל געפינען העלדען און האב געפונען — רויבער. —

— איהר אורטהיילט ניט ריכטיג, האט איהם מאדזיני אונטערבראָכען איהר קענט נאך ניט דיא איטאליענישע רויבער באנדען. בעטראכט נור גוט דיעזע צוויי פעלקער: דיא רוסען און דיא איטאליענער, פערגלייכט זייביידע און זעהט, וואָס דאָס איינע פאלק טהוט און וואס דאס אנדערע טהוט. ביידע פעלקער זיינען געוועזן אונטער־דריקט יאהר הונדערטע לאנג; ביידע פעלקער זיינען געוועזן פערשקלאפט און אונטער מאכט. ביידע זיינען פאנאטיש און אבערגלויביש. דער רוסע אבער איז געוואָרען דער־שלאגען, דערשראָקען, מוטהלאז און קראפטלאז. ער טראגט אלעס איבער שטיל און רוהיג. ער רעדט ניט, ער בעקלאגט זיך ניט, ער פראָטעסטירט ניט, ער דענקט זאגאר ניט. ער וויל גאר ניט קלערן, פיעללייכט קען אנדערש זיין, פיעללייכט קען מען בעסער לעבען. ער איז געוואָרען א קלאָץ, א מאשין, וועלכער הערט ניט, זעהט ניט און טראכט ניט.

דער איטאליענער איז אנדערש. — ער פראָטעסטירט. ער וויל ניט זיין קיין מא־

שין, ער וויל ניט בייגען דעם קאפּ און צו זעהן, וויא מען שלאגט איהם. ער וועהרט זיך. ער איז זיך נוקם אן דער געזעלשאפט, וועלכע האט איהם געבראכט צו אזא צר שטאנד. — וואס זיינען דען דיא איטאליענישע רויבער באנדען? א פּראָטעסט געגען דער רעגיערונג, א פּראָטעסט געגען דיא אונגערעכטיגקייט, א פּראטעסט געגען דיא שלעכטע אָרדנונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

מאדזיני האט אנגעהויבען צו רעדען מיט פייער און מיט בעגייסטערונג. זיינע אויגען האבען געפלאמט, זיינע ליפּען האבען געציטערט און זיינע הענד האבען זיך צונויפגעלעגט אין שטארקע פויסטען.

— זעהט דעם אונטערשיעד צווישעןביידע פעלקער, האט ער אויסגערופען. אין רוסלאנד זיינען ניהיליסטען געבילדעטע מענשען. נור דער, וועלכער האט געלערנט צו דענקען, ווערט א ניהיליסט און פּראָטעסטירט געגען דיא רעגיערונג. אין איטאליען איז דאס איינפאכע פאָלק, דער איינפאַכער בויער א ניהיליסט. ער פּראָטעסטירט אויף זיין ארט, ער פּראָטעסטירט ווילד, אונמענשליך און טרעפט דעם שולדיגען מיט'ן אונשולדיגען. אבער ער פּראָטעסטירט דאך. מיט דער זעלבער פרייד, וואס ער געהט אנפאלען אויף א פּארטיע רייזענדע, מיט דער זעלבער פרייד וועט ער געהן שטעלען זיך געגען דיא אָרמעע פון אַ טיראַן. — רופט איהם נור אין איין ערנסטען קאמפּף, רופט איהם צום קריעג געגען זיינע אונטערדריקער און ער וועט אפּפערן זיין לעבען מוטהיג און פריידיג פאר דיא הייליגע זאכע דער פרייהייט.

דער רוסע האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט נאך זעהר ווענינ געקענט דיא איטאַליענער און האט זיי נאך ניט אין גאנצען פערשטאַנען. דיא פּאָר טעג, וועלכע ער האט פערבראכט אין פּעפּע מאַמיאַני'ס לאגער, האבען אין איהם דערוועקט א געפיהל פון עקעל און שוידער געגען דיא איטאַליענישע רעגיערונג.

— איהר איבערראַשט מיך, מאַדזיני, האט ער געזאגט. זא פיעל איך האב דא בעמערקט, האב איך געזעהן נור ווילדקייט און אונמענשליכקייט אין פּעפּע מאַמיאַני'ס באנדע.

— פּעפּע מאַמיאַני איז ווירקליך אַ שלעכעטער, ווילדער מענש, האט מאַדזיני געענטפערט. מען מוז אבער קענען זיין געשיכטע אום איבער איהם צו אורטהיילען. ווייסט איהר, אז פּעפּע מאַמיאַני איז געוועזן אן אבערסט (פּאָלקאָווניק) אין דער ארמעע פון'ם פּאפּסט? ווייסט איהר, אז א קארדינאל האט פערפיהרט זיין פרוי, וועלכע ער האט הייס געליעבט, און האט איהם אליין געהאלטען דריי יאהר געפאנגען אין א פינסטערן קעלער? ווייסט איהר, אז געגען פּעפּע מאַמיאַני האט מען בעגאנגען מעהר אונגערעכטיגקייט, וויא געגען אייערע ניהיליסטען? ווען איהר ווייסט ניט זיין געשיכטע, קענט איהר איבער איהם ניט אורטהיילען. — איך רעכטפערטיג איהם ניט, איך זאג ניט, אז ער האט רעכט צו רויבען און צו מארדען אונשולדיגע מענשען. איך זאג נור, אז אזא מאטעריאל קען נוצען, ווען מען דארף איהם געברויכען צו בעסערע צוועקע. — קוים וועט איינגעפיהרט ווערן א בעסערע ארדנונג אין דער געזעלשאפט, וועלען אזעלכע פּעפּע מאַמיאַני'ס פערשווינדען. זיי וועלען בענוצען זייער קראַפט און זייערע פעהיגקייטען אויף אנדערע בעסערע צוועקע.

— וואס זאל אבער זיין דיא אורזאכע, וואס דער רוסישער בויער איז אזוי דערשלאגען, אזוי מוטהלאז, אזוי געהארזאם און שטיל אין דער צייט, וואס דער איטאליענער איז אזוי קריעגעריש, אזוי לעבהאפט, אזוי בערייט צום קאמפף? האט דער רוסע געפרעגט. איינינע זאגען, אז דאס ליעגט אין בלוט. דער איטאליענער האט הייסעס בלוט. איך וויים אבער, אז דאס איז פאלש. דער נעגער האט קיין הייסערעס בלוט, אלס דער שוועד. דאס בלוט פון אלע מענשען האט נור איין גראד היץ.

— דיא אורזאכע ליעגט ניט אין בלוט, האט מאדזיני געענטפערט. דיא אורזאכע איז א גאנץ אנדערע. אין רוסלאנד איז דא נור איין הערשער, איין קייסער. רוסלאנד איז גרויס, דער קייסער וואינט אין איין ארט. דאס פאלק זעהט איהם זעלטען און ווען עס זעהט איהם שוין אמאל, זעהט עס איהם ארומגערינגעלט פון אזא גלאנץ, אזא פראכט, אזא צערעמאניע, אז עס מיינט טאקע, אז ער איז א גאט און עס האט מורא פאר איהם, וויא פאר א גאט. — פראבירט ערקלערן א רוסישען מוזשיק, אז זיין קייסער איז א שלעכטער, א טיראן, א טויגעניכטס און ער וועט אייך ענטפערן: — ער איז דאך א קייסער! ער שטעהט דאך העכער פון אלע! און ער בייגט איין פאר איהם דעם קאפ.

איטאליען אבער איז א קליינעס לאנד, עס איז געוועזן איינגעטהיילט צווישען קליינע פירסטען און קעניגע. יעדער בויער האט זעהר אפט געזעהן זיין קעניג און זיין פירסט. ער האט איהם געזעהן ניט, ווען ער איז ארומגערינגעלט פון א גלענצענדען הויף, מיט געגעראלען מיט שווערע גאלדענע עפאלעטען, מיט אן ארמעע פון הונדערטער טויזענדער סאלדאטען. ער האט געזעהן זיין קעניג אלס מענש, אלס זיין גלייכען און ער האט איהם בעטראכט אלס מענש. געגען א גאט טאר מען גאר ניט זאגען. פאר א גאט מוז מען פאלען אויף דיא קניע און איהם בעטען, פאר א מענשען אבער האט מען ניט וואס מורא צו האבען. יעדער מענש קען אורטהיילען און קריטיקירען, וואס דער אנדערער מענש טהוט. ווען דער איטאליענער האט געזעהן, אז איין פאפסט האט פערגיפטעט רייכע מענשען אום ביי זיי צו צונעהמען זייער פערמעגען, דער אנדערער פאפסט האט געלעבט מיט זיין אייגענער טאכטער, דער דריטער פאפסט האט געהאלטען אין קירכע הונדערטער פרויען, דער פערטער האט עפעס אנדערש געטהאן ווען דער איטאליענער האט עס געזעהן, האט ער איהם בעטראכט אלס ניעדערטרעכטיגען מענשען און האט איהם ניט געוואלט פאלגען. ער האט זיך אויפגעהויבען געגען איהם און האט געמאכט א רעוואלוציאן. דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין איטאליען זיינען פארגעקומען זעהר אפט רעוואלוציאנען. דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין איטאליען האבען זיך געגרינדעט דיא ערשטע רעפובליקען. דאס פאלק קוקט אויף זיינע הערשער, וויא אויף מענשען, קריטיקירט יעדען שריט, וועלכע זיי מאכען און שטעהן אויף געגען איהם, ווען ער טהוט זיי אונרעכט. ווען זיי קענען ניט אויספיהרען מיט א רעוואלוציאן, ווערן זיי רויבער און זיינען זיך נוקם אויף זייער ארט. אויב ער טהוט רעכט אדער אונרעכט דערמיט, וויל איך יעצט ניט אורטהיילען. ער ווערט אבער שטארק, מוטהיג און געוואינט צום קאמפף.

אין רוסלאנד וויים מען ניט, וואס דער קייסער טהוט. מען בעטראכט איהם אלס

א נאס, וועלכען מען מוז פאָלגען און מען טאָר ניט קריטיקירען. דערפאר זיינען אין רוסלאנד קיין רעוואלוציאנען ניט געווען, דאס פאָלק האט זיך ניט געוואוינט צום קאמפף. ער איז געוואָרען פערגרעבט, פערדומט און מוטהלאז, וויא א שטיק האָלץ, וויא א מאשין.

— וואו זיינען זיי פערפאלען געוואָרען דיא פרעמדע? האט מען פלוצלונג גע־הערט פעפע מאמיאני'ס שטימע.

— לאמיר אראפגעהן צו איהם, האט מאדזיני געזאגט. ער איז זעהר מיס־טריאיש, ער גלויבט מיר נאך אלץ ניט, איך אליין וויל איהם אויך ניט אפלאזען פון אויג. איך האב מיט איהם א פריוואט־געשעפט און מוז אויף איהם אכטונג געבען.

זיי זיינען אראפגעגאנגען פונ'ם שטיין, וואו זיי זיינען געזעסען און זיינען צוגע־גאנגען צום לאגער. פעפע מאמיאני האט שוין געוואוסט אלעס, וואס איז דיא נאכט פריהער פאָרגעקומען אין הויז ביי זיין אלטען בעקאנטען. ער האט שוין געוואוסט, אז א רעגימענט עסטעררייכישער סאלדאטען און איטאליענישע זשאנדארען געהען איהם זוכען. ער האט שוין אויסגעטהיילט זיינע בעפעהלע און האט שוין בעזארגט אלע מי־טעל זיך צו פערטהיידיגען. ער איז געווען זיכער, אז אזוי גיך וועט מען איהם ניט ביי־קומען. ער האט געוואָלט ווייזען זיין באנדע, אז ער איז רוהיג און זיכער און האט זיי געהייסען עסען און טרינקען, וויא פיעל זיי ווילען. ער אליין האט זיך אויך געוואָלט זעצען עסען און האט בעמערקט, אז דיא פרעמדע זיינען ניטאָ.

באלד זיינען ביידע פרעמדע צוגעקומען.

— וואו זייט איהר פערפאלען געוואָרען? האט ער זיי געפרעגט. דער פריהשטיק ווארט שוין אויף אייך. איך האב פיינט, אז מיינע געסט זאָלען זיך לאזען בעטען.

— מיר האבען אביסעל געפלוידערט, האט דער רוסע געענטפערט. מיר האבען גערעדט פון אונזער פריינד, מאדזיני.

— קומט צום פריהשטיק! האט ער זיי געזאגט שטרענג און האט זיי דורכגע־שטאָכען מיט זיין בליק.

אויף דער ערד איז געווען אויסגעשפרייט א דעק, אויף וועלכער עס איז געלע־גען ברויט, קעז, פריכטע און עס זיינען געשטאנען פלעשער ויין. מען האט זיך געזעצט עסען. מאדזיני האט ווייניג געגעסען און נאך ווייניגער געטרונקען. ער האט קיין אויג ניט אראפגעלאזען פון פעפע מאמיאני. ניקאָלאָ איז אויך צוגעקומען און האט זיך גע־זעצט ניט ווייט פון זיי. ווען פעפע מאמיאני האט איהם דערזעהן, האט ער אויף איהם געוואָרפען א בייזען בליק און א בייזער, ווילדער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפען. ער האט אנגעגאָסען א גלאז וויין און האט איהם דערלאנגט.

— גוט, וואס דוא ביסט געקומען, ניקאָלאָ. נא, נעהם דיעזע גלאז וויין און טראג זיא אוועק דער דאמע דאָרט. זאג איהר, אז איך וועל באלד האבען דאס פער־גניגען זיא צו בעזוכען. ווען דוא ווילסט, קענסט דוא זיך ביי איהר ענטשולדיגען, וואס דוא האסט געטוידטעט איהר קאַמער־מעדכען.

ניקאָלאָ האט געוואָרפען א פינסטערן בליק אויפ'ן קאפיטאן און האט זיך ניט גערירט פונ'ם אָרט. מאדזיני האט גענומען דאס גלאז וויין פון פעפע מאטיני'ס האנד

און האט עס דערלאנגט ניקאָלאַין. קיינער האט ניט געקענט בעמערקען, אז ער האט אריינגעוואָרפען אין גלאז א גאנץ דינעם גאלדענעם רינגעלע.

— נעה, ניקאָלא, דער קאפיטאן הייסט, האט מאדזיני געזאגט און האט איהם א ווינק געגעבען, ער זאל געהן.

מיט מארגארעט גרעגוויל איז געזעסען פערשפארט אין איינע פון דיא היילען אין דער וואנד, וועלכע מיר האבען געזעהן, ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין לאגער. איהר צימער איז געווען בעסער און שעהנער פון אלע איבעריגע. עס האט געהאט א פענסטער איבער דער טהיר און אין טהיר האט מען פון איהרעט־וועגען אויסגעשניטען א גרויסען פענסטער, וועלכען מען האט בעשלאגען מיט אייזערנע גראטעס. אין איהר צימער איז געווען גאנץ העל און זיא האט געקענט זעהן אלעס, וואס אין לאגער איז פארגעקומען. זיא איז געזעסען טרויעריג און פערטראכט, ווען ניקאלא איז אריינגע־קומען מיט׳ן גלאז וויין. ער איז אריינגעקומען, האט אניעדערגעשטעלט דאס גלאז אויף א ברעט, וועלכעס האט געדיענט אלס טיש און האט געזאגט:

— דאס האט אייך געשיקט דער קאפיטאן.

מיס גרענוויל האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. זיא האט איהם ניט גע־ענטפערט און האט א מאך געטהאן מיט דער האנד, ער זאל זיך ארויסגעהן. ווען ער איז ארויסגעגאנגען און זיא איז ווידער געבליעבען אליין, האט זיא פון זיך אוועקגעשטויסען דאס גלאז מיט פעראכטונג. דער וויין האט זיך אויסגעגאָסען, זיא האט זיך געוואלט אוועקרוקען, דער רויטער וויין זאל ניט בעשמוצען איהרע ווייסע קליידער און האט דערזעהן דעם גאלדענעם רינג. זיא איז אויפגעשפרונגען פון איהר זיץ, האט געחאפט דעם רינג און איז מיט איהם צוגעלאפען צו דער טהיר.

— דאס איז ער, איך דערקען איהם! האט זיא אויסגערופען. דאס איז מיין רינג.... ער שיקט מיר איהם צוריק.... ער מוז דא ערגעץ זיין. זיט פינף לאנגע, שווערע יאהרען האב איך איהם ניט געזעהן. איך האב געבענקט נאך איהם, איך האב געטרוימט פון איהם. אין מיין צימער אין דער פינסטערער נאכט פלעג איך אויס־שטרעקען מיינע הענד צו איהם. — ער האט מיר ניט געענטפערט. ער האט פון זיך קיין צייכען ניט געגעבען. איך בין געווען איבערצייגט, אז זיין ליעבע צום פאָלק, זיין ליעבע צו דער פרייהייט איז ביי איהם שטארקער אלס זיין ליעבע צו מיר. איך האב געערעבענט, אז זיין קאָפּ, זיין הערץ, זיינע געדאנקען זיינען צופיעל בעשעפטיגט מיט זיינע אידעען פון פרייהייט, עס איז מעהר ניטא אין זיי קיין פלאץ פאר פרויען ליעבע. איך זעה יעצט, אז איך האב איהם ניט פערשטאנען, איך האב ניט געוואוסט, וויא אזא מאן צו שעצען. יעצט, אין דער גרעסטער נויט איז ער געקומען מיך רעטען פון שאנדע. — איך זעה ערשט יעצט, וואס איך האב פערלארען.

זיא איז ארומגעגאנגען אין איהר קליינעם צימערל, האט געבראָכען דיא הענד אין פערצווייפלונג און האט געוויינט הייסע, ביטערע טרערען.

— ער האט איינגעשטעלט זיין לעבען אום מיך צו רעטען, האט זיא ווייטער געזאגט. קוים איז ער געוואָהר געוואָרען, אז איך בין געפאנגען, איז ער געקומען צו

ליפען אויף דיא פליגלען דער ליעבע מיך צו רעטען. איך אבער האב אוועקגעגעבען מיין האנד אנאנדערן....

טויזענדער שווערע, טרויעריגע געדאנקען האבען זיך געדרענגט אין קאפ פון דעם אונגליקליכען מעדכען. זיא האט פערגעסען, וואו זיא איז; זיא האט פערגעסען, אין וואס פאר א געפאהר זיא געפינט זיך; זיא האט פערגעסען דיא גאנצע וועלט.— פאר איהר האט געשוועבט דאס העלע ליכטיגע בילד פון איינעם — פון איהר גע־ליעבטען.

וויא לאנג זיא איז אזוי ארומגעגאנגען פערטיעפט אין איהרע טרויעריגע גע־דאנקען, האט זיא ניט געקענט וויסען. שווערע מענער־טריט האבען זיא אויפגעוועקט פון איהר טרוים. דיא טהיר האט זיך האסטיג געעפענט און פאר איהר איז געשטאנען פעפע מאמיאני. זיא האט געגעבען א געשריי, ווען זיא האט איהם דערזעהן. ער האט היינט געטרונקען מעהר, וויא אנאנדער מאל. ער האט געוואוסט, דאס מיליטער איז ניט וויט און ער וועט האבען מיט זיי א הארטען קאמפף און ער האט געזוכט מוטה אין דער פלאש.

— שרעק דיך ניט, מיין טייבעלע, האט ער איהר געזאגט. איך בין געקומען, מאכען דיר א בעזוך. מיר פערלאזען היינט ביי נאכט אונזער לאגער, בין איך געקומען דיך פרעגען נאך א מאל: ווילסט דוא מיך הייראטהען?

— איך האב דיר שוין איין מאל געזאגט, ווילסט דוא געלד, וועלען מיינע פריינד אין רוים דיר שיקען, וויפיעל דוא פערלאנגסט, האט זיא איהם געענטפערט און האט זיך געשטעלט נעגען איהם, פארבערייטעט צום קאמפף. — ווייטער האסט דוא מיט מיר ניט וואס צו רעדען.

— דוא ביסט א נאררע, מיין שעהנעס פריילין, האט ער געלאכט איך וויל ניט קיין געלד איך האב שוין גענוג געלד. עס קומען צו אונז גענוג רייכע ענגלענדער און רוסען, ביי וועלכען איך קען נעהמען געלד, וויפיעל איך וויל. איך דארף קיין געלד.— איך דארף דיך, מיין שעהנעס טייבעלע.— פיעללייכט ווילסט דוא נור מיט מיר הייראטהען פאר א פריעסטער, שווער איך דיר ביי מיין סטילעט, אז איך וועל דיר פערשאפען דעם בעסטען פריעסטער אין גאנץ איטאליען.

— אוועק פון מיר, דוא רויבער און מערדער! האט זיא ווילד אויסגעשריען. איך וועל מיר ליעבער צושלאגען דעם קאפ אן דיעזע שטיינער, אלס צו הייראטהען אזא מערדער, וויא דוא.

זיא האט זיך צוגערוקט צו דער שטיינערינגער וואנד און האט געחאפט דעם שטוהל, אויף וועלכען זיא איז געזעסען, אום זיך צו פערטהיידיגען. דער רויבער הויפט־מאן איז געווארען אליץ מעהר געררייצט. ער איז צוגעגאנגען צו איהר, האט זיא אנ־געחאפט ביי דער האנד און האט ביי איהר אויסגעריסען דעם שטוהל.

— דוא קענסט נאך נאר ניט דעם רויבער מאמיאני, האט ער געלאכט און האט זיא געוואלט ארומנעהמען. פאר איהם ציטערט איטאליען, פירסטען און קעניגע האבען פאר איהם מורא. דוא ועסט אויך פאר מיר ציטערן, דוא שטאלצע ענגלענדערין! מיט מיר שפאסט מען ניט. ווען איך בעפעהל, מוז מען פאלגען.

דאס אונגליקליכע מערכען האט זיך געוועהרט מיט אלע קרעפטע. זיא האט זיך געריסען צו דער טהיר און האט געוואלט אנטלויפען. וואס וואלט אבער א שוואכעס מערכען געקענט טהאן געגען אזא שטארקען מענשען, וויא פעפע מאמיאני? ער האט זיא אנגענומען ביי ביידע הענד און האט זיא צוגעצווינגען צו זיך.

— העלפט מיר! רעטעט מיך! האט זיא געשריען, אז דיא ווענד פון דער הייל האבען געציטערט. רעטע מיך מאדזיני!

א פאר שטארקע הענד האבען אנגעחאפט דעם רויבער און האבען איהם א ווארף געטהאן צו דער וואנד. מיס גרענוויל האט זיך אומגעקוקט. פאר איהר איז געשטאנען דער מאן, פון וועלכען זיא האט ערשט ניט לאנג געטרוימט, דער מאן, וועלכען זיא האט אזוי שטארק, אזוי הייס געליעבט. דער מאן, וועלכען זיא האט שוין פינף יאהר ניט געזעהן און געמיינט, אז ער האט אן איהר פערגעסען — פאר איהר איז געשטאנען דשוזעפע מאדזיני.

דער רויבער הויפטמאן איז א פאר מינוטען געשטאנען צו מישט, בעטייבט און איבערראשט. ער האט זיך אויף אזעלכעס ניט געריכט. ער איז אבער באלד געקומען צו זיך. זיין געזיכט איז געווארען רויט, זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו ברענען און ער האט אנגעהויבען צו קריצען מיט דיא צעהנער.

— אוועק פון דאנען! האט ער אויסגערופען מיט א ווילדער, אונמענשליכער שטימע. וויא וואגסט דוא עס זיך אריינצומישען אין פעפע מאמיאנים אנגעלעגענהייטען? — געה אוועק, אדער דיין לעבען איז ניט ווערט א שטרוי!

מאדזיני איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהם און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— שרעק מיך ניט איבער, ווען דוא ביסט פעפע מאמיאני, בין איך מאדזיני. מיין נאמען איז אזוי גוט בעקאנט אין איטאליען, וויא דיינער. — דיעזע דאמע איז מיר בעקאנט, זיא שטעהט אונטער מיין שוץ. ווער עס בעליידיגט זיא, דער בעליידיגט מיך.

— פעררעטהער! שפיאן! האט געשריען דער רויבער הויפטמאן. ווארט! איך וועל דיר באלד ווייזען, ווער פעפע מאמיאני איז!

ער האט ארויסגעחאפט פון'ם גארטעל זיין פיסטאלעט און האט געציעלט גלייך אויף מאדזיני'ס ברוסט. אין דיעזע מינוט האט איהם איינער אנגעחאפט פון הינטען און האט ביי איהם ארויסגעריסען דעם פיסטאלעט פון דער האנד. דער רויבער האט זיך אומגעקוקט. הינטער איהם זיינען געשטאנען דאנילא פעטראוויטש און דוד שטרויס.

— זייט איהר וואהנזיניג, פעפע מאמיאני? האט דאנילא פעטראוויטש געזאגט. ווייסט איהר, אויף ועמען איהר האט יעצט געוואלט שיעסען? — דאס איז דאך מאדזיני!

— געה צום טייפעל מיט מאדזיני, מיט אלע אגיטאטארס אין דער וועלט! האט דער רויבער אויסגעשריען. אזוי דאנקט איהר מיר אפ דערפאר, וואס איך האב אייך ניט איין מאל בעהאלטען, ניט איין מאל גערעטעט פון דיא זשאנדארמען; וואו וואלט איהר שוין געווען, ווען איך זאל אייך ניט געוועזן שיצען, ווען איהר האט געבראכט אין אייער שיף דינאמיט און באמבעס? — איהר האט געגעסען מיין זאלץ און

ברויט, איהר זייט אין מיין לאגער און מוזט מיר פאלגען, וואס איך הייס.

דאס געשריי און דער ליארם, וואס דיא דריי מענשען האבען געמאכט, האבען צוגעצויגען דיא גאנצע באנדע רויבער. זיי האבען זיך פערזאמעלט פאר דער טהיר פון דער הייל און זיינען געווען בערייט זיך אנצונעהמען פאר זייער קאפּיטאן. וויא ווילד ער איז געווען און וויא אפט ער האט זיי שלעכט בעהאנדעלט, האבען זיי דאך פאר איהם אבשיי געהאט און האבען דאך געוואלט ווייזען, אז זיי פערטהיידיגען זייער קאפּיטאן. מאדזיני האט געזעהן, אז ניט נור אין איין האנד האט געפונקעלט א שארפער סטילעט, ניט איין האנד האט זיך גענומען צו דיא פּיסטאָ־לעטען אין גארטעל. ער איז ארויס פון דעם צימער און האט זיך געשטעלט פאר דער טהיר.

— זייט רוהיג, מענער! האט ער זיך געווענדעט צו דיא רויבער. הערט אויס פריהער, וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען אייער קאפּיטאן און מיר, דאן אורטהיילט. ווער עס האט רעכט. — איהר האט אלע געזעהן, אז איך האב מיך היינט אין דער פריה געוועט מיט אייער קאפּיטאן, ווער פון אונז קען בעסער שיעסען און טרעפען אין ציעל. מיר האבען אפּגעמאכט, אז אויב אייער קאפּיטאן וועט פערשפּיעלען, זאל איך מיר אויסקלויבען, וואָס איך וועל נור פערלאנגען פון דיא זאכען, וועלכע איהר האט גערויבט אויף דער ווילא (דאטשא) סארענטי. אייער קאפּיטאן האט פער־שפּיעלט. איך קלויב מיר אויס פון אלעס, וואָס איהר האט אנגערויבט אין יענער ווילא — דיעזע דאמע. זיא איז מיינע א בעקאנטע און איך וויל זיא שיצען. — האב איך רעכט?

דיא רויבער זיינען געבליעבען שטעהן איינינע מינוט, וויא צו מישט.

— דער מאן האט רעכט, האבען זיך ענדליך אפּגערופען איינינע שטימען. מען האט אזוי אפּגעמאכט.

— אונזער קאפּיטאן מוז האלטען זיין ווארט, האט אויסגעשריען ניקאָלאָ און האט געוואָרפען אויפ'ן רויבער הויפּטמאן א בליק פול מיט ראכע. לאז מען ניט זאגען, אז א רויבער הויפּטמאן האלט ניט זיין וואָרט. — אָפּגעמאכט איז אָפּגעמאכט!

פּעפּע מאמיאני איז געבליעבען שטעהן, גלייך וויא מען וואלט איהם אפּגעגאָ־סען מיט אן עמער קאלט וואסער. ער האט געזעהן, וויא ניקאָלאָ'ס אויגען פונקעלן פאר פרייד און ראכע. ער האט געזעהן, אז זיינע קאמעראדען זיינען בערייט צו פער־טהיידיגען דעם פרעמדען און אז דאס שעהנע מעדכען וועט קיין מאל איהם ניט געהערן. ער האט געטראכט נור אן אויגענבליק.

— פּעפּע מאמיאני האלט זיין וואָרט! האט ער אויסגערופען שטאָלץ. דהא האסט דיר אויסגעקליעבען דיעזעס מעדכען, דוא זאלסט זיא האבען — אבער ניט לעבעדיג.

ער האט ארויסגעחאפּט זיין סטילעט און איז געלאפען צו דער טהיר, וואו מיס גרענוויל איז געשטאנען און האט צוגעזעהן דיעזע שרעקליכע סצענע.

— שטעה, קאפּיטאן! האט איהם מאדזיני געזאגט און אנגעחאפּט ביים קראַ־

גען. — קעמפף מיט מענער, ניט מיט פרויען. ווען עס בייסען דיר דיא הענד און דוא ווילסט פראָבירען דיין סטילעט, קום, פראָביר עס אויף מיך!

ער האט זיך געווענדעט צו דער באנדע און האט זיי געזאגט מיט זיין שטארקער, העלער שטימע.

— מענער! ניט איינער פון אייך איז געשטאנען מיט מיר און האט געקעמפפט געגען דיא טיראנייַ אין דיא גאסען פון רוים. ניט איינער פון אייך וויים און פיהלט, אז אן איטאליענישער רויבער איז קיין איינפאכער מערדער. איהר קעמפפט געגען טיראנייַ און א פוילע, פערדאָרבענע גייסטליכקייט, וועלכע רופען זיך געזעץ אין דיעזעם לאנד. אזא קאמפף פערשטעה איך, אזא קאמפף האב איך אויך געפיהרט. טוידטען אבער אונשולדיגע פרויען — דאס איז א שאנדע.

ווייסט איהר, מענער, אז מיט דעם, וואס איהר זייט אנגעפאלען אויף דער ווילא סארענטי, האט איהר זעהר פיעל פערלארען? — איהר האט פערלארען דאס צוטרויען און דיא סימפאטהיע פון׳ם גאנצען איטאליענישען פאלק. ווען איהר זאלט געווען אנפאלען און בערויבען א ווילא פון א רייכען קארדינאל, פון א פרעלאט (א הויכער גייסטליכער ביי דיא קאטוילִיקען) פון א מאָנאסטיר, וואלט דאס פאלק זיך געפרעהט און אייך געהאלטען פאר העלדען. איהר זייט אבער אנגעפאלען אויף א ווילא, וואו עס האבען געוואינט נור אונשולדיגע פרויען. דאס טהוען נור ניעדעריגע רויבער און מערדער.

דיא רויבער האבען אראפגעלאָזען דיא קעפּ. מאדזיני האט זיי גערעדט צום הארצען. ער האט אנגעריהרט אין ווילדע הערצער געוויסע געפיהלע, עדעלע, ערהאַ־בענע — מענשליכע. געפיהלע וועלכע ווערן קיין מאל ניט פערלאשען זאגאר אין דעם הערצען פון׳ם גרעבסטען און ווילדעסטען מענשען. ניט אומזיסט האט א פילאָזאָף געזאגט, אז דאס מענשליכע הערץ איז געגליכען צו א פיעדעל. עס זיינען אין איהם אנגעצויגען אלערליי סטרונעס. מען דארף נור וויסען, וועלכע סטרונע צו בעריהרען און זיא וועט שטענדיג ארויסגעבען זיסע, קלינגענדע טענער. מאדזיני האט געוואוסט, וויא אזוי צו שפּיעלען אויף דיעזען זאנדערבארען פידעל, וועלכער הייסט דאס מענשליכע הערץ. דיא רויבער זיינען געווען געריהרט.

— מיר וועלען עס ניט דערלאָזען! האבען זיי אויסגעשריען מיט איין קול. עס איז שוין גענוג, וואָס איינע איז געשטאָרבען. מיר וועלען ניט דערלאזען, אז דיא אנדערע זאל אויך שטאָרבען. — ניין, קאפּיטאן! לאזען זיי זיך געהן מיט דער דאמע. דורך איהר וועלען מיר באלד האבען א גאנצע ארמעע אויף אונז. לאזען זיי זיך געהן. מיר דארפען ניט קיין פרעמדע, מיר דארפען ניט קיין פרויען אין אונזער לאגער.

פעפּע מאמיאני האט איינגעזעהן, אז אלע זיינע געגען איהם. ער האט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר ער איז און אז ער וועט באלד אלעמען נייטיג האבען. ער האט געמוזט נאכגעבען.

— נעהמט זיא אייך און נעהט מיט איהר צום טייפעל! האט ער אויסגערופען. איך גיב אייך א שטונדע צייט, איהר זאלט אייך אוועקגעהן פון דאנען. ווען ארטר

אייך, ווען איהר וועט שפּעטער אריינפאלען אין מיינע הענד! איהר וועט וויסען, אז איהר האט בעליידיגט פּעפּע מאַמיאַני!

ער איז אוועקגעגאנגען און האט צונויפגערופען זיינע מענשען אין אנדערן עק פון'ם לאגער. דארט האט ער געהייסען, אז זיי זאלען זיך פארבערייטען אויפצוברעכען פון דאנען, ווייל דער לאגער איז מעהר ניט זיכער. מאַדזיני, דוד שטרויס און דאנילאָ פּעטראָוויטש, וועלכער איז ערשט ניט לאנג צוריקגעקומען, זיינען געבליעבען אליין מיט מיט גרענוויל. זיי האבען זיך בעראטהען, אויף וואס פאר א וועג צו געהן און וויא אזוי מיט גרענוויל וועט קענען געהן אויף דיא שלעכטע וועגען צווישען שטיינער און דערנער. באלד האט ער דערזעהן דעם בויער, וועלכער האט פריהער צוגעבראכט דיא רויבער פּראָוויאַנט אויף אן עזעל. ער איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם גע־פרעגט, וויאפיעל ער וויל פאר זיין עזעל?

ער האט בעצאהלט דעם בויער, וויאפיעל ער האט געוואלט און האט גענומען דעם עזעל. שנעל האט מען געמאכט א זאטעל פון קליידער, אויף וועלכען מען האט ארויפגעזעצט מיט גרענוויל. באלד איז דיא קליינע גרופּע פערטיג געווען אפּצורייזען. זיי האבען שוין געוואלט ארויספאהרען פון לאגער. דאנילא פּעטראָוויטש האט זיך געווענדעט צום רויבער הויפּטמאַן.

— פּעפּע מאַמיאַני, לאמיר שיידען אין פריעדען, לאמיר פערגעסען, וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען אונז. מענשען דארפען זיך שטענדיג בעגעגענען. איך ווארן דיך, אנטלויף מיט אונז צו זאמען. דוא ביסט ארומגערינגעלט פון מיליטער. דוא וועסט נעגען זיי ניט קענען בעשטעהן. איך וואלט נאך היינט אין דער פריה געקומען אהער. דער וועג איז אבער איבעראל פערשפּארט. וואכען זיינען אויסגעשטעלט אויף אלע הויכע פונקטען, וועלכע לאזען קיינעם ניט דורך. מיר האבען נור איין וועג נאך צו אנטלויפען. דוא קענסט איהם, לאמיר אנטלויפען.

— האלט דעם פּעררעטהער, טוידטעט איהם! האט אין דיעזע מינוטע אויסגע־שריען א קינדער שטימע.

דאס איז געווען דער קליינער בעפּא. ער איז געשטאנען אויף א שטיין ניט וויט פון דער קליינער גרופּע און האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר רציחה.

— טוידטעט איהם, קאַפּיטאַן! האט ער ווייטער געשריען מיט א ווילדער שטימע. איך האב אליין געזעהן, אז ער איז געגאנגען רופען דיא סאלדאטען. דיעזער — ער האט געוויעזען אויף מאַדזיני — האט געשאָסען אויף אונז און האט געטוידטעט מיין פאָטער. דאנילאָ פּעטראָוויטש האט מיך געטראָפען אויפ'ן וועג און האט מיך צוגעבונדען צו א בוים, איך זאל ניט לויפען אייך מעלדען. איך בין געשטאנען א גאנצען טאג צוגעבונדען, ביז א בויער האט מיך בעפרייט.

דאנילא פּעטראָוויטש האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט דערזעהן דעם קליינעם בעפּאָ. ער האט געוואוסט, אז דער יונגע וויים אלעס און באלד וועט דיא גאנצע באנדע זיי ארומרינגלען. פּעפּע מאַמיאַני איז ווירקליך באלד צוגעגאנגען צו זיי און האט געזאגט מיט א געלעכטער:

— נו, זעהט איהר, מענער, אז איך האב רעכט געהאט, וואס איך האב גע־

וואלט טוידטען דיעזע פעררעטהער. איהר זעהט יעצט אליין, צו וועלכען צוועק זיי זיינען אהער געקומען. זיי האבען אויף אונז אנגעשיקט דיא זשאנדארען און דאס מיליטער און זיינען געקומען אליין אויסצושפיאָנירען, וואו מיר זיינען און וויאפיעל מיר זיינען. — קומט אהער, מענער! שטעלט אייך ארום אין קרייז! איך וועל האלטען א שטרענגעס געריכט!

אין איין מינוט איז דיא קליינע גרופע געווען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען.

— טרעט ארויס, בעפּא, און דערצעהל אלעס, וואס דוא ווייסט, האט דער רויבער הויפטמאן קאָמאנדירט.

דער קליינער בעפּא האט דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע, וויא זיין פאָטער, אנטאניא פעסקארע האט זיך פערדונגען צו דיא ענגלענדער אלס וועגווייזער; וויא זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז, וואו זיין גראָספאָטער וואינט, וויא דיא ענגלענדער האבען זיך געוועהרט און וויא עס זיינען אנגעקומען סאלדאטען. פיעלע פון דיא רויבער זיינען געפאלען און פיעלע האט מען געפאנגען גענומען און מען האט זיי אוועקגעפיהרט קיין סאָלפערינאָ.

דיא ערצעהלונג פון'ם קליינעם באנדיט האט געמאכט א טיעפען איינדרוק. אלע האבען יעצט איינגעזעהן, אז דיא פרעמדע האבען זיי פערראטהען און זיינען געקומען אויסצושפיאָנירען, וואס זיי טהוען.

— טוידט דעם פעררעטהער! האבען געזאגט איניגע שטימען.

— שטארבען מוזען דיא פעררעטער! האט יעצט געזאגט פעפע מאמיאני, איך מוז אבער אויסזוכען פאר זיי א שטראפע, פון וועלכער מען זאָל רעדען אין גאנץ איטאליען. איך וויל געבען אביישפיעל, אז דיא פעררעטער זאלען מורא האבען.

ער האט געטראכט א פאר מינוט. מאדזיני, דאנילא פעטראוויטש, מיס גרענוויל און דער רוסע זיינען אויך ניט געשטאנען לעדיג. זיי זיינען געווען פעסט ענטשלאָסען זיך צו פערטהיידיגען ביז צו לעצט.

— לאָמיר שטארבען צוזאמען, האט געבעטען מיס גרענוויל. דאס לעבען האט שוין פאר מיר קיין ווערטה ניט. איך האב שוין אפגעשלאסען מיינע רעכנונג מיט'ן לעבען.

— ניט שטארבען, מארגערעטהא, האט מאדזיני איהר געענטפערט. מיר מוזען לעבען! מיר האבען נאך אויפגאבען אין אונזער לעבען. מיר האבען נאך פאר אונז א לאנגעס לעבען פון קאמפף און זיג. מיר דארפען טראכטען, וויא אונז צו רעטען. מיר וועלען נאך געפינען א מיטעל. ער האט זיך געווענדעט צו דיא רויבער.

— הערט מיר מענער! האט ער זיי געזאגט. מיר זיינען קיינע שפּיאָנען און קיינע פעררעטהער. מיר זיינען געקומען בעפרייען דיעזע דאמע. איך לייקען עס ניט. מיר האבען אייך אבער קיין שלעכטעס ניט געוואָלט טהאן. איהר קענט מיך, איהר ווייסט, אז מיך פערפאָלגען אויך דיא סאָלדאטען גלייך מיט אייך. איהר דארפט יעצט האבען מענשען. לאָמיר צוזאמען אנטלויפען, לאָמיר צוזאמען קעמפפען, האנד אין האנד לאמיר זיך שלאגען מיט דיא דיענער פון דער טיראניי. — דיעזע פרוי וועט אייך געבען אן אויסקויפס געלד, מיט וועלכען איהר וועט צופריעדען

זיין. איבערלעגט, מענער, וואס איהר טהוט! איהר זייט געוואינט צו רויב אין מארד, איהר טהוט עס אבער נור דאן, ווען איהר האט דערפון נוצען. יעצט אבער ווילט איהר טויטען מענשען נור אום צופריעדען צו שטעלען אייער קאפיטאן, וועלכער האט אייך פערפיהרט דערמיט, וואס ער איז אנגעפאלען אויף דער וויללא סארענטי און האט גערויבט אונשולדיגע פרויען.

— מען מוז זיי אויסהערן יעדען בעזונדער האט ניקאלא געזאגט. מען קען ניט, טויטען קיין מענשען, וועלכער איז געקומען צו אונז אלס גאסט. לאזען זיי זיך פערטהיידיגען. מיר קענען נאך ניט גלויבען אלעס, וואס דער קליינער בעפא זאגט.

פיעלע פון דיא רויבער האבען מיט איהם איינגעשימט. בעזאנדערס דיעיעניגע וועלכע האבען ניט געוואלט אנפאלען אויף דער ווילא סארענטי. פעפע מאמיאני האט געקענט זיינע מענשען. ער האט געוואוסט, אז קוים וועט נאך איינער זאגען א ווארט צו גונסטען פון מאדזיני, וועט ער מוזען נאכגעבען. ער האט דאהער אויסגעשריען מיט זיין דאנערענדער שטימע.

— קיינע פערטהיידיגונג פאר פעררעטהער און שפיאנען פון דער פאליציי! זיי האבען אונז פערראטהען, זיי האבען אויף אונז אנגעשיקט דאס מיליטער. זיי מוזען שטארבען!

ער האט ארויסגעחאפט א פיסטאלעט פון זיין גארטעל און האט זיך געציעלט אויף דאנילא פעטראוויטש. שנעל, וויא א בליץ האט מאדזיני ארויסגעחאפט זיין רעוואלווער און האט אויסגעשאסען אויף פעפע מאמיאני, ער האט איהם געטראפען גלייך אין קאפ. דער רויבער הויפטמאן איז געפאלען טויט.

דיא רויבער זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. שרעקען, שטוינען און איבערראשונג האט זיך אויסגעמאלט אויף זייערע ווילדע געזיכטער. ערשט דאס געשריי און דאס געוויין פון׳ם קליינעם בעפא האט זיי ניי אויפגעוועקט פון זייער איבערראשונג. ער האט זיך געווארפען אויפ׳ן טויטען קערפער פון פעפע מאמיאני, האט געוויינט און געשריען: ראבע! ראבע! ער האט געטויטעט אייער קאפיטאן.

דיא רויבער האבען זיך געוואלט ארויפווארפען אויף דיא קליינע גרופע און זיי צורייסען אויף שטיקער. אין דיעזע מינוטע האט מען געהערט שיעסען. דאס מיליטער איז אנגעקומען און האט געשאסען אויף דיא וואכען, וועלכע פעפע מאמיאני האט אויסגעשטעלט. דיא וואכען זיינען געווען בעהאלטען הינטער שטיינער און ביימער, זיי האבען געשאסען צוריק. עס האט זיך אנגעהויבען א ריכטיגע שלאכט. דיא רויבער האבען עס פערשטאנען. זיי זיינען געווארען בלייך און האבען אנגעהויבען צו ציטערן. באלד איז געווארען א ליארם, א געשריי, א מישעניגע. אייניגע האבען געוואלט לויפען צונויפנעהמען זייערע זאכען, אנדערע האבען געוואלט אנטלויפען, זיי האבען אבער ניט געוואוסט, וואוהין.

— רוהיג, מענער! — האט מאדזיני אויסגערופען — צו מיר! איך האב געטייטעט אייער קאפיטאן, איך וועל זיין אייער קאפיטאן! איך וועל אייך פיהרען אין קאמפף געגען אייערע פיינד, וועלכע זיינען אויך מיינע פיינד. זייט נור מוטהיג, זייט נור רוהיג אם פאלגט, וואס איך וועל אייך הייסען.

דיא רויבער האבען זיך אויסגעשטעלט לעבען איהם און האבען געוואַרט, וואס ער וועט זיי הייסען. ער האט באלד אויסגעקליעבען פון זיי צעהן פעהיגע מענער און האט זיי געשיקט אַהין, פון וואַנען מען האט געהערט דאס שיעסען. דורך זייער אנקומען וועלען זיי אויפהאַלטען דיא סאָלדאַטען, וועלכע וועלען מיינען, אז הינטער זיי שטעהט א גאַנצע מאַכט. איידער זיי זיינען אוועקגעגאַנגען, האט ער זיי ערקלערט זיין פּלאַן.

— אונז איז געבליעבען נור איין וועג. אין איין ארט אין דיעזען טהאל געפינט זיך א גאַנץ שמאלער דורכגאַנג צווישען דיא שטיינער. מיר קענען אנטלויפען נור דורך דיעזען וועג. ניקאלא האט מיר געזאגט, אז פּעפּע מאַמיאַני האט דאָרט געלעגט א מינע מיט פּולווער. אין פאל, אז דאס מיליטער וועט אונז נאכיאגען אויף דיעזען וועג, זאל מען אונטערצינדען דיא מינע. — יעצט געהט און האלט אויף דאס מיליטער אזוי לאַנג, ביז מיר וועלען אלע דורכגעהן דורך דיעזען שמאלען וועג. ווען איהר וועט פּער־שטעהן, אז דער לאַנגער איז לעדיג, זאלט איהר איינציגווייס אונז נאכגעהן. ווען דער לעצטער וועט דורכגעהן דעם שמאלען פּאַס, זאל ער אנצינדען דעם שטריק מיט פּעך, וועלכער ליעגט דאָרט. אין פינף מינוטען וועט זיך דער גאַנצער פּולווער אנצינדען. דיא שטיינער וועלען זיך צושפּאַלטען און וועלען פערשיטען דעם וועג.

— בראַוואָ! האבען אויסגערופען דיא רויבער און האבען זיך געאיילט אויסצר־פיהרען זיינע בעפעהלע.

יעדער האט איינגעזעהן, אז נור דיעזער מאַן קען זיי רעטען, אז אונטער זיין קאַמאַנדא וועלען זיי זיין אים שטאַנד זיך אויסצודרעהן פון זייערע פיינד. איינער נאָכ'ן אנדערן זיינען זיי אוועקגעגאַנגען פאָרבערייטען אלעס צור אברייזע. יעצט האט זיך מאַדזיני געווענדעט צו מיס גרענוויל און האט איהר געזאגט:

— אייערע פריינד און אייערע בעפרייער זיינען נאָהענט. אין א האלבע שטונדע וועלען זיי דא זיין. ווען איהר ווילט דא בלייבען, וועט איהר זיך באלד זעהן מיט סער בריימאַן, אייער ברייטיגאַם. ער וועט געוויס זיין דער ערשטער צו קומען אהער. זאגט איהם, אז איך האב מיין וואָרט געהאַלטען. איך האב אייך בעפרייט. — לעבט וואָהל! זייט גליקליך און פערגעסט אַן א מענשען, וועלכער האט זיך ענטזאגט פון אלעם — פון ליעבע און גליק. זייט גליקליך, מאַרגאַרעטהא!

זיינע לעצטע ווערטער האט ער קוים ארויסגערעדט. זיינע טרעהרין האבען איהם געוואָרגען און ער האט געמוזט זיך אנשפּארען אן זיין פריינד, דאַנילאָ פּעטראָוויטש.

זיא האט ארויפגעלעגט איהר האַנד אין זיין ארים או האט איהר געפרעגט טרויעריג:

— און וואוהין ווילט איהר געהן, דשוזעפּע?

— איך בין אויסגעשטויסען און פערפאָלגט, האט ער געענטפערט. מיך יאַגט מען פון אלע זייטען וויא א ווילדעס טהיער, איך קען דא ניט בלייבען. ווען מען טרעפט מיך דאָ, וועט מען מיך טוידטען, אדער וואס נאך ערגער איז, מען וועט מיך אריינ־וואַרפען אין געפענגניס אויף לעבען־לאַנג. — איך וויל מיך אזוי לייכט ניט אונטער־געבען. איך וויל נאך קעמפּפען, איך האב נאך ניט פערלאָרען דיא האָפנונג, אז עס

וועט א מאל קומען א בעסערע צייט, ווען דיא טיראנייא וועט פערשווינדען און אויף דער וועלט וועט אויפגעהן א העלע, ליכטינע זון, וועלכע וועט בעשיינען פרייע און גליקליכע מענשען.

— דשוזעפע! האט אויסגערופען מיס גרענוויל. דוא האסט איינגעשטעלט דאס לעבען אום מיך צו שיצען, אום מיך צו רעטען. איך וועל דיך ניט פערלאזען, ביז איך וועל וויסען, אז דוא ביסט אין זיכערהייט. זאג מיר, וואוהין ווילסט דוא יעצט געהן?

— איך געה צום מעער. ניט ווייט פון׳ם שטעדטעל אסקאלא שטעהט דאס שיף פון מיין פריינד דאנילא פעטראוויטש. ווען איך קום צו צום שיף בין איך גערעטעט. איך פאהר קיין פראנקרייך, וואו איך האב פיעל פריינד, פון דארט וועל איך פיעללייכט געהן קיין רוסלאנד. דארט שטעהט אפען א גרויס פעלד פאר מיינע טהעטיגקייט. מען האט מיך שוין לאנג געבעטען, איך זאל א הין קומען.

— אלזא, געה איך מיט דיר ביז צום מעער, האט מיס גרענוויל געזאגט פעסט און ענטשלאסען. — דאס וועט זיין מיין לעצטעס גליק אויף דער וועלט.

אונטערדעסען איז דאס שיעסען געווארען אלץ שטארקער. עס איז געווען דייטליך, אז דאס מיליטער קומט אלץ נעהנטער און נעהנטער. מען האט ניט געטארט פערליערען קיין אויגענבליק. מאדזיני האט גוט געוואוסט, מיט וואס פאר א מאכט ער האט צו קעמפפען. ער האט געגעבען א צייכען, אז מען זאל אנטלויפען אויף דעם וועג, וואס ער האט זיי אנגעוויזען. ער האט איבערגעגעבען מיס גרענוויל צו זיין פריינד, דאנילא פעטראוויטש און האט איהם געהייסען, ער זאל מיט איהר צערעשט דורכגעהן דעם שמאלען וועג צווישען דיא שטיינער. ער אליין איז געבליעבען און האט אויסגעטהיילט זיינע בעפעהלע.

איינער נאכ׳ן אנדערן האבען זיך דיא רויבער צוריקגעצויגען און זיינען אריינגעגאנגען אין שמאלען וועג. דיא סאלדאטען זיינען זיי נאכגעלאפען, אבער זעהר לאנגזאם און זעהר פארזיכטיג. גראף שטערנבערג, דער קאמאנדיר פון דיא סאלדאטען, האט זעהר גוט געוואוסט, מיט וואס פאר א פיינד ער האט צו קעמפפען. ער האט געוואוסט, אז דיא רויבער בעהאלטען זיך אונטער שטיינער און אויף ביימער, פון וואנען זיי שיעסען. ער האט געוואלט שוינען זיינע מענשען און האט זיי געהייסען געהן פארווערטס זעהר לאנגזאם און פארזיכטיג.

פלוצלונג האט מען געהערט א שרעקליכען טראך, וויא דעם דאנער פון א קאנאנע. — אלעס איז געבליעבען שטיל. דיא עסטערררייכישע סאלדאטען זיינען געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. זיי האבען ניט געוואוסט, וואס דאס בעדייטעט.

— פארווערטס! האט קאמאנדירט גראף שטערנבערג, ווען ער האט געזעהן, אז אלעס ארום איז רוהיג און עס האט קיינעם פון זיינע סאלדאטען ניט געשאדעט. — פארווערטס!

דיא סאלדאטען און דיא זשאנדארען האבען זיך אראפגעלאזען פון דיא בערג אין טיעפען טהאל, וואו פעפע מאמיאני׳ס לאגער איז געווען. פאראויס איז געגאנגען זייער קאמאנדיר, דער גראף שטערנבערג.

וויא גרויס איז געווען זייער שטוינען, ווען זיי זיינען אלע אראפגעקומען און האר־

בען זיך אומגעקוקט — דער לאגער איז געווען לעדיג. עס זיינען געלעגען ארום צו־וואָרפען און צובראָכען אייניגע זאכען, א בעוויז, אז ערשט ניט לאנג זיינען דא געווען מענשען, אבער וואו זיינען זיי?

סער ברייטאן, וועלכער איז געקומען מיט גראף שטערנבערג צו בעפרייען זיין בראוט, איז געווען פערצווייפעלט. ער איז ארומגעלאפען אין גאנצען לאגער, ווי א וואהנזיניגער. ער האט געזוכט א שפור פון מיס גרענוויל, ער האט אבער גאר ניט געפונען. פלוצלונג האט ער זיך אנגעשטויסען אן א טוידטען קערפער. ער האט זיך איינגעבויגען און דערזעהן א צעטעל צוגעשפּילעט צום קערפער. ער האט איהם אראפּגענומען און איבערגעלעזען פאָלגענדע ווערטער געשריעבען מיט א בליישטיפט:

„געטוידטעט פאר'ן רויב פון מיס גרענוויל".

ער האט דערקענט דיא האנדשריפט. ער האט געוואוסט, ווער עס האט עס געשריעבען. וואו איז ער אבער? וואס מאכט מיס גרענוויל? לעבט זיא נאך? — אויף דיעזע פראגען האט ער קיין ענטפער ניט געפונען.

עס איז געווארען דונקעל. דיא זון איז אונטערגעגאנגען. אין טהאל איז שוין געווען שטארק פינסטער. גראף שטערנבערג האט געהייסען זיינע סאלדאטען צולעגען א גרויס פייער און זוכען אין אלע ווינקעלעך, פיעללייכט וועט מען דאך געפינען עפּעס א שפור פון דיא רויבער. מען האט געזוכט, מען האט געקוקט אין אלע ווינקעלעך. מען האט געפונען דיא קעמערלעך, וואו מיס גרענוויל און איהר קאמער־מעדכען זיינען געווען פערשפּארט. סער ברייטאן האט געפונען א פרויען־קלייד און האט דערקענט אז עס געהערט צו זיין בראוט, פון איהר אליין אבער, פון מאדזיני און פון דאנילא פּעטראוויטש איז ניט געבליעבען קיין שפור, קיין צייכען, קיין ווינק, וואו זיי זיינען אהינגעקומען, וואו מען זאל זיי זוכען.

— זיי זיינען, וויא אין דער ערד אריין, האט ענדליך געזאגט גראף שטערנבערג. מיר האבען דא מעהר ניט וואס צו טהאן. וואס ווערען מיר דא אויסווארטען? — אייער גראף האט אייך געזאגט, אז מיר זאָלען אויף איהם ווארטען אין דער אָסטעריא (פעלד־קרעטשמען) ווען ער וועט אזוי גיך ניט קומען. מיר מוזען געהן אין דער אָס־טעריא, פיעללייכט וועלען מיר דאָרט עפּעס געוואָהר־ווערן.

סער ברייטאן האט זעהר ניט געוואָלט אוועקגעהן פון דעם אָרט, וואו זיין בראוט איז ערשט ניט לאנג געווען געפאנגען. ער האט אבער געמוזט נאכגעבען. זיינע דיענער און דיא יונגע אפיציערען, וועלכע זיינען מיט איהם געפאהרען און האבען מיט איהם דורכגעלעבט און דורכגעליטען יענע טרויעריגע נאכט אין וואלד, האט ער נאך פריהער אוועקגעשיקט אין דער אסטעריא. אלע זיינען געווען מעהר אדער וועני־גער פערוואונדעט און האבען ניט געקענט געהן מיט'ן מיליטער. נור סער ברייטאן האט ניט געקוקט אויף זיינע וואונדען און איז געגאנגען רעטען זיין בראוט.

עס האט גאר ניט געהאלפען, מען האט געמוזט געהן צוריק אין דיא אסטעריא. סער ברייטאן האט אראפּגעלאזען דעם קאָפּ אויף דיא ברוסט און איז נאכגעגאנגען דעם גראף שטערנבערג, וויא א מאשין. גראף שטערנבערג איז געווען א טיכטיגער אפיציער. ער האט אויסגעשטעלט וואכען פון צוויי — דריי סאלדאטען אויף אלע הויכע

פונקטען און האט זיי אנגעזאגט, אז קוים וועלען זיי נור עפעס דערזעהן אדער בע־מערקען, זאלען זיי באלד געבען א צייכען, אויסשיעסען, וועלען זיך אלע צונויפקומען. ער האט נאך אויסגעטהיילט אייניגע בעפעהלע און האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד, וועלכעס ער האט איבערגעלאזען אויפ'ן בארג. סער בריטאן האט איהם גע־מוזט נאכטהאן. אין א שטונדע ארום זיינען זיי אנגעקומען אין דער פעלד־קרעטשמע, וואו סער בריטאן האט געטראפען מאדזיני.

אין דער איינזאמער און פערגעסענער אמטעריא איז יעצט געווען גאנץ פרעהליך, אין אלע צימער האבען געברענט ליכט. לעבען לאנגען טיש זיינען געזעסען סאלדאטען און זשאנדארען און האבען געטרונקען און גערויכט. צווישען זיי האט מען געזעהן אייניגע מענשען מיט פערבונדענע הענד, קעפ און פלייצעס. דאס זיינען געווען דיא יונגע אפיציערען און דיא דיענער פון סער בריטאן, וועלכע האבען אויסגעהאלטען דעם שווערן קאמפף מיט דיא רויבער אין יענע שרעקענס־נאכט.

ווען גענעראל שטערנבערג און סער בריטאן זיינען אנגעקומען, זיינען אלע פלוצ־לונג שטיל געבליעבען. אלע האבען געקוקט אויף זיי מיט נייגיעריגע בליקען. יעדער האט געוואלט וויסען, אויב זייער עקספעדיציאן איז געלונגען. ביידע מענער אבער האבען געשוויגען. ביידע זיינען געווען אונצופריעדען. ליעטענאנט סאנדערס האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געפרעגט דעם גובערנאטאר פון באמביי:

— סער הערעספארד בריטאן, דערצעהלט אונז וועגינסטענס, אויב אייער גראף דע מאנטעבעלא האט געהאלטען ווארט. זאגט אונז וועניגסטענס, וואס הערט זיך מיט מיס גרענוויל? האט איהר פון איהר וועניגסטענס אירגענד וועלכע נאכריכט?

— איך וויים ניט, וואס איך זאל אייך זאגען, האט סער בריטאן געענטפערט. איך וויים נור אזוי פיעל, אז דער, וואס האט זיא גערויבט, איז בעשטראפט געווארען. ער איז טויד. איך וויים ניט, וואו דער גראף איז. מעגליך, אז דיא רויבער האבען איהם אוועקגעשלעפט מיט זיך.

ער האט איהם דערצעהלט, וואס זיי האבען געפונען אין פעפע מאמאני'ס לאגער.

— איך פערשטעה אייך ניט, סער בריטאן, האט געזאגט דער יונגער ווארד. פארוואס זאלען מיר נאך אלץ שפיעלען אין בלינדעקייט מיט דיעזען מענשען? פאר וואס זאלען מיר ניט אויסזאגען דעם גראף שטערנבערג, ווער דיעזער פערשטעלטער גראף איז? — איך מיין, אז קוים וועט גראף שטערנבערג געוואהר־ווערן, אז דיעזער פערשטעלטער גראף איז גאר דער געפעהרליכער אניטאטאר מאדזיני, וועט ער אי־בערקעהרען דיא וועלט אום איהם צו קריעגען. איך בין זיכער, אז ער האלט פאר דיא רויבער; מיט זיי איז ער זיכער.

— זייט ניט איבעראיילט, קינדער, האט סער בריטאן געבעטען. פערגעסט ניט, אז מיר האבען איהם צו פערדאנקען אונזער לעבען. ווען ניט ער, וואלטען מיר דאך אלע שוין געשלאפען לעבען אונזער אונגליקליכען פריינד, ליעטענאנט פאנד.

דיא יונגע אפיציערען האבען זיך דאך ניט געקענט איינהאלטען. זיי האבען נור געוואלט אלעס דערצעהלען דעם קאמאנדיר פון דיא עסטערייכישע סאלדאטען.

מיט שווערער מיה איז עס ענדליך ברייטאן געלונגען זיי אָפּצוהאַלטען פּון א שריט וועלכער קען איהם ווענינ נוצען און מאַדזיני זעהר פיעל שאַדען.

ער איז געוועזען מיעד פּוּ׳ם וועג און פון דער אויפרעגונג פון היינטינען טאג און ער האט געבעטען, אז זיי זאָלען זיך לעגען פריהער שלאָפען. מאָרגען וועלען זיי געוויס האבען וואס צו טהאן. מען האט איהם געמוזט צוליעב טהאן. באלד איז אין הויז געוועזען פינסטער. אלע זיינען געשלאפען אדער האבען זיך געמאכט שלאָפענדיג. סער ברייטאן איז ניט געשלאָפען, ער האט זיך צוגעהערט צו יעדען גערויש, צו יעדעס וואָרט, וואס איינער האט גערעדט פון שלאָף אדער וואַכענדיג. דיא קורצע איטאַליעד־נישע נאַכט איז פאָראיבער. אין אָסטען (מזרח זייט) האט זיך געוויעזען א ווייסער פּאַס ליכט, א צייכען אז דער יונגער טאג קומט און וויל פערטרייבען דיא נאַכט מיט איהרע פינסטערע געדאנקען.

סער ברייטאן איז אויפגעשטאַנען און איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען. קוים האט ער זיך געוויעזען אויף דער טהיר, איז דער ווירטה פון דער אסטעריא צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם דערלאַנגט א בריעף.

— איך האב ערהאַלטען א בריעף צו אייך, האט ער געזאגט, אדער וועניגסטענס, דארף איך איהם אייך אָפּגעבען, אויב איהר הייסט סער הערעספּאָרד ברייטאן.

— א בריעף צו מיר? האט סער ברייטאן אויסגערופען. גיב איהם אהער, מענש!

ער האט האַסטיג גענומען דעם בריעף פון׳ם ווירטה׳ס האנד און האט איבערגע־לעזען דיא אדרעסע.

— דער בריעף איז פון איהם, האט ער געזאגט. איך דערקען זיין האנדשריפט. יעצט וועל איך האבען א געוויסע נאכריכט פון איהר.

אין דיעזע מינוט איז צו איהם צוגעקומען דער קאמאנדיר פון דיא עסטער־רייכישע סאָלדאַטען. ער איז ארומגעפאהרען זעהן, אויב דיא וואַכען שטעהן אויף זייער אָרט און זיי אויספרעגען, אויב דיא נאַכט איז פערגאנגען רוהיג. ער איז צו־געקומען געראדע אין דיא מינוט, ווען דער ווירטה האט דערלאנגט סער ברייטאן דעם בריעף.

— א בריעף אהן א מארקע! האט ער אויסגערופען. ווער האט געבראַכט דעם בריעף?

— א בויער פון דיא בערג האט מיר געבראַכט דעם בריעף, האט דער ווירטה געענטפערט רוהיג.

— וואו איז ער? — ברענגט איהם אהער! האט קאמאנדירט דער שטאָלצער אפיציער.

— ער איז אוועקגעגאנגען נאך מיט א שטונדע פריהער, האט דער ווירטה געענטפערט. סער ברייטאן איז געשלאָפען. איך האב איהם ניט געוואָלט וועקען.

גראף שטערנבערג האט פערשטאַנען, אז דער ווירטה זאָגט א ליגען. ער האט אבער גאר נישט געקענט מאַכען. דער ווירטה איז געשטאנען אזוי רוהיג, אזוי גלייכ־גילטיג דום, אז עס איז געווען אונמעגליך איהם עפּעס צו טהאן דערפאר, וואס ער

האט איהם ניט געמעלדעט. וואס איינער האט געבראכט א בריעף צו סער בריטאן.
ער האט זיך געווענדעט צו זיינע וואכען און האט זיי געפרעגט, אויב זיי האבען ניט
געזעהן איינעם דורכגען אדער דורכפאהרען מיט א שטונדע צוריק?

— מיר האבען קיינעם ניט געזעהן, עקסעלענץ, האבען דיא וואכען געענטפערט.

באלד זיינען ארויסגעקומען דיא יונגע ענגלענדער פון דער אסטעריא. דער ליארם, וואס דער עסטעררייכישער אפיציער האט געמאכט וועגען דעם בריעף, האט זיי אויפגעוועקט. סער בריטאן האט אונטערדעסען געעפענט דעם בריעף און האט געלעזען פאָלגענדעס:

„מיין פריינד!

„אייער בראוט איז גערעטעט און זיכער. דער שענדליכער רויבער איז גע-
„פאלען פון מיין האנד. ווען איהר זייט אויף אונז אנגעפאלען נעכטען, זיינען מיר
„געווען גאנץ נאָהענט צו אייך. איך האב אבער געמוזט אנטלויפען. מיט גרענוויל
„האט ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון מיר, ביז איך וועל צוקומען צום מעער. מאָרגען
„פריה אום אכט אוהר וועט איהר זיא טרעפען לעבען דאָרף קאזאָלי, ניט ווייט
„פון׳ם שטעדטעל אסקאלא. שיקט איהר קליידער און אויב מעגליך, ברענגט מיט
„א קאמער מעדכען".

„מיר ביידע וועלען אונז געוויס מעהר ניט וויעדערזעהן אין אונזער לעבען.
„אייך ערוואַרטעט עהרע, ליעבע און גליק אין באמביי. איך מוז ארומשווימען
„אויפ׳ן גרויסען מעער פון׳ם לעבען און זוכען געפאהרען. אזוי איז שוין מיין שיקזאַל,
„דאס שיקזאל פון אן אניטאטאר".

„לעבען זיא וואָהל און דערמאנט זיך א מאל אן אייער ארימען פריינד מ."

— זיא לעבט! זיא איז גערעטעט! האט אויסגערופען סער בריטאן מיט פרייד. היינט נאך וועל איך זיא זעהן. — איהר רויבער איז געפאלען פון זיין האנד. ער האט געהאלטען וואָרט, דער גוטער, בראווער און עהרליכער פריינד!

— ער האט געהאלטען וואָרט! ער האט זיא גערעטעט און בעפרייט! האט אויסגערופען דער ליעטענאנט סאנדערס, דאן קימערט מיך ניט, וואס ער איז, ער מעג זיין א פאָליטישער פערברעכער, ער מעג זיין, וואס ער וויל זיך. ער האט אונז גערעטעט דאס לעבען און מיס גרענוויל גערעטעט פון שאנדע. — הורראה! פאר דשוזעפע מאדזיני! שנעל, ווירטה! ברענג וויין, מיר מוזען טרינקען אויף דאס וואהל פון דשוזעפא מאדזיני! —

אין דיזעלבע מינוט אבער איז ער געבליעבען שטיל. ער האט געזעהן, וויא דער עסטעררייכישער אפיציער האט איהם אנגעקוקט נייגיעריג און מיט א פאָרשענדען בליק. ער האט פערשטאנען, אז ער האט בעגאנגען א שרעקליכע אונפאָרזיכטיגקייט, ער האט פערראטהען דעם פריינד פון סער בריטאן.

— מאדזיני, האט איהר געזאגט? האט גראף שטערנבערג געפרעגט האסטיג. מאדזיני? אויף וועלכען מיין גנעדיגער קייזער און דיא ענגלישע רעגיערונג האבען גע-זעצט א פרייז אויף זיין קאפּ? — מאדזיני? דער אניטאטאָר, דער רעוואָלוציאנער?

— ענטשולדיגען זיא, הערר גראף, איך האב געזאגט עפּעס פון מיינעטוועגען.

איך וויל אייך ניט ערקלערן, וואס פאר א נאמען איך האב אנגערופען.

— איהר פערגעסט, ווער איך בין, האט דער גראף געענטפערט שטאָלץ. איך בין דא דער קאָמאנדירענדער אָפיציער. איך בין דער פערטרעטער פון מיין קייזער און האב דאס רעכט ביי אייך צו פרעגען איבער דיא פיינדע פון מיין לאנד. — איך האף, אז סער ברייטאן, דער עלטערער צווישען אייך, וועט זיין אזוי פריינדליך און וועט מיר זאגען, וואס אין בריעף שטעהט און וואס דער נאמען מאדזיני האט צו טהאן מיט דיעזען בריעף.

סער ברייטאן איז געווען אין א פערלעגענהייט. ער האט געטראכט און געקלערט און האט ניט געקענט געפינען קיין אויסרעד, קיין אויסוועג, וויא צו ענטפערן און וואס צו ענטפערן דעם עסטעררייכישען קאמאנדיר. עפּעס האט ער אבער דאך געמוזט זאגען.

— אין דיעזען בריעף שטעהט נור, אז מיט גרענוויל איז אויסער געפאהר, איך זאל קומען זיא אפּנעהמען און ברענגען איהר קליידער, האט ער געזאגט.

— וואו איז זיא יעצט? האט דער גראף האסטיג געפרעגט.

סער ברייטאן האט געשוויעגען. וואס האט ער געקענט ענטפערן אויף דיעזע פראגע?

— אלזא, ווילט איהר מיר ניט זאגען, וואו מיט גרענוויל — און איהר רעטער — געפינען זיך?

— הערר גראף, האט סער ברייטאן געבעטען, אן עהרן געפיהל און א הייליגע פפליכט צווינגען מיך צו שווייגען איבער דיעזען פונקט וועניגסטענס נאך א פּאָר טאָג. איהר זייט אן עדעלמאן, איהר זייט אן אפיציער און ווייסט, וואָס עהרע און פפליכט הייסען.

— איך קען נור א י י ן פפליכט, — נעגען מיין קייזער, האט דער גראף געענטפערט. איך ווייס נור פון א י י ן עהרע — צו דיענען מיין פאָטערלאנד.

— דאס איז דיא פפליכט און דיא עהרע פון אן אפיציער, א שפּיאָן זיין קען נור דער ניעדעריגסטער מענש, האט סער ברייטאן געזאגט.

— איך בין קיין שפּיאָן! האט אויסגערופען דער גראף. איך בין קיין פּאָליציי בעאמטער!

ער האט זיך קאלט פערניינט און איז אוועקגעגאנגען פון דער גרופּע ענגלענדער. ער האט זיך געפיהלט טיעף בעליידיגט, וואס סער ברייטאן האט דערמאנט דאס ווארט שפּיאָן. ער איז אוועקגעגאנגען צו זיין ליעטענאנט, געגעבן איהם א בע־פעהל, ער זאל צונויפרופען אלע וואכען און זיי זאלען זיך צוריקגעהן אין שטעדטעל, וואו זיי זיינען געשטאנען. ער איז פערבייגעגאנגען לעבען קליינע ביימער, הינטער וועלכע א פּיקעט סאָלדאטען זיינען געשטאנען, ווען א קליינער יונגע האט איהם אנ־גענומען ביים ראק. דער גראף האט געמיינט, אז דער יונגע בעט ביי איהם עפּעס און האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א פּאר קרייצער. דער יונגע אבער האט זיך אפּגעשאקעלט. ער האט דאס געלד ניט געוואָלט נעהמען.

— ביסט דוא דער אפיציער איבער דיעזע אלע סאלדאטען? האט ער געפרעגט.

— איך בין עס. וואס ווילסט דוא פון מיר?

— אָפיציער, איך האב דיר עפּעס צו זאגען, האט דער קנאבע געזאגט. זוכסט דוא וועמען ביי אונז און דיא בערג?

דער גראף האט זיך צו איהם יעצט צוגעקוקט און האט איהם דערקענט. דאס איז געוועזן בעפּא, דערזעלבער יונגע, וועלכער האט געהאלטען דעם קאפּ פון'ם טוידטען רויבער און האט זיך צוגעהערט, וואס ער האט גערעדט מיט סער ברייטאָן. ער האט אנגעחאפּט דעם יונגען ביים האלז.

— שטעה, דוא יונגע! דיך דארף איך טאקע. דוא געהערסט אויך צו דער רויבער באנדע. דוא וועסט אונז שוין ווייזען, וואו זיי האלטען זיך אויף.

— דוא קענסט מיך ניט צווינגען, אפיציער, האט בעפּא געענטפערט פרעך. ווען איך וויל ניט, וועט מיך קיין זאך אין דער וועלט ניט צווינגען צו רעדען. איך האב אבער דיר עפּעס צו זאגען. דוא זוכסט א מאן מיט'ן נאמען מאדזיני. איך האב איהם נעכטען געזעהן.

— וואו האסט דוא איהם געזעהן?

— אויפ'ן מאנטע וויטארע. ער האט געטוידטעט דעם הויפּטמאן פּעפּע מאמיאני און איך וויל מיך רעכען אן איהם.

— טייפעל! האט אויסגערופען דער עסטעררייכישער אָפיציער. פון וואנען ווייסט דוא דאס אלעם?

— איך בין נעכטען געוועזן אין לאגער פון פּעפּע מאמיאני. איך האב אליין געהערט, וויא דיא דאמע און נאך איינער האבען איהם גערופען מאדזיני. ער האט געטוידטעט דעם קאפּיטאַן, ווייל ער האט אליין געוואלט ווערן א קאַפּיטאַן.

דער עסטעררייכישער אָפיציער איז געוואָרען אימער אויפמערקזאמער. ער האט איינגעזעהן, אז דער יונגע נאררט איהם ניט אפּ.

— הער נור, יונגע קענסט דוא מיך פיהרען אין דעם ארט. וואו דער פרעמדער געפינט זיך?

— געוויס, הערר אָפיציער, קען איך דיך פיהרען. איך וועל דיר ווייזען, וואו דיעזער פערדעטהער מיט דער דאמע האלטען זיך אויף. דוא מוזט אבער שנעל געהן. ווייל אויף איהם ווארט א שיף. דיא פרעמדע ווילען אנטלויפען אויף דער שיף. איך האב געהערט אלעס, וואס זיי האבען אפּגערעדט צווישען זיך.

— נו, ווען דוא פיהרסט מיך ריכטיג און ווייזט מיר, וואו דיעזער מאדזיני גע־פינט זיך, גיב איך דיר הונדערט גולדען, האט איהם דער אפיציער געזאגט.

— איך וועל דיך ריכטיג פיהרען.

גראף שטערנבערג האט באלד אויסגעטהיילט זיינע בעפעהלע. דיא גרויסע פּויק האט געשלאגען און זיין רעגימענט האט זיך באלד פערזאמעלט. ער האט געהייסען זיין ליעטענאנט נעהמען דעם קליינעם בעפּאָ צו זיך אויפ'ן זאָטעל און רייטען, וואוהין ער וועט זיי ווייזען.

סער ברייטאָן איז אויך אין דיעזער צייט ניט געזעסען לעדיג. ער האט געהייסען אלעס פאָרבערייטען צו דער רייזע. דער ווירטה האט איהם אלעס בעזארגט און ער מיט זיין פּארטיע האבען זיך אויפגעזעצט אויף זייערע פערד אין דער צייט, ווען גראף

שטערנבערג איז פערטיג געווארען מיט זיינע בעפעהלע. ווען סער ברייטאן איז ארויס־ געפאהרען, האט איהם נראף שטערנבערג בעגלייטעט און האט איהם געזאגט:

— איך וויל אייך מעהר ניט בעאונרוהיגען מיט פראגען. עס טהוט מיר לייד, וואס עס איז מיר ניט געלונגען צו בעפרייען אייער בראוט. גריסט זיא אין מיין נאמען און ווינשט איהר, אז זיא זאל קיין מאל אין איהר לעבען זיך ניט געפינען אין אזא געזעלשאפט, אין וועלכער זיא איז געוועזען אין דיא לעצטע פאר טעג.

ער האט זיך פערנייגט קאלט און איז אוועקגעגאנגען צו זיינע סאלדאטען. אין איינעגע מינוטען ארום איז דיא קליינע פארטיע ענגלענדער פערשוואונדען געווארען צווישען דיא איטאליענישע בערג. נאך זיי איז דער עסטערייכישער אפיציער מיט זיינע סאלדאטען אוועקגעגאנגען. —

ניט ווייט פון'ם מעער, אויף א שמאלען וועג זעהן מיר א קליינע גרופע מענשען. אין דער מיט זיצט א יונגע פרוי אויף איין עזעל און פוןביידע זייטען געהן דריי מענ־ שען. פון ווייטען גלענצט דאס מעער, גלאט, וויא א שפיגעל. זיי זיינען צוגעקומען צו אן ארט, וואו דיא וועגען צו שיידען זיך.

— איך וויל דא אוועקגעהן, האט דוד שטרויס געזאגט. מיין רוסישער פאספארט וועט מיך שיצען געגען אלע זשאנדארען און מיליטער. ווען וועלען מיר זיך זעהן? און וואו וועלען מיר זיך זעהן?

— אין זשענעווא, אין דער שווייץ, האט מאדזיני געענטפערט. איך קען דא לענגער ניט בלייבען. איך מוז אנטלויפען. איהר זעהט דאך, וויא מען פערפאלגט מיך. קוים וועל איך זיין אין זיכערהייט, וועל איך געבען צו וויסען באקונינען, ווען מיר זאלען זיך צוזאמען קומען. מיר האבען נאך זעהר פיעל צו רעדען, זעהר פיעל אפצורע־ דען און זעהר פיעל צו בעשליעסען. לײדער, זיינען פארגעקומען אזעלכע אומשטענדע, וועלכע האבען מיך צוריקגעהאלטען. איהר האט עס אליין געזעהן.

— איך בין אויך ניט צופריעדען מיט מיין רייזע קיין איטאליען, האט דוד שטרויס געזאגט. איך האב מיר אנדערש פארגעשטעלט דיא קארבאנארי. ביי אונז, אין רוסלאנד, מיינט מען, אז דאס איז א גרויסע מאכט, מיר האבען ערווארטעט פון איהר זעהר פיעל. איך זעה ניט, וואס זיא קען טהאן פאר אונז.

— איהר קענט נאך ניט דיא קארבאנארי, האט מאדזיני געענטפערט. איהר ווייסט נאך ניט, וואס פאר א ראלע זיי שפיעלען אין אייראפא. איהר, רוסען, ווייסט נור פון אייער לאנד. איהר טראגט זיך ארום מיט איין געדאנק — צו בעפרייען רוס־ לאנד. איהר בעהאלט זיך, וויא בערן אין אייערע היילען און זוינט אייערע לאפעס — אייער רוסלאנד. דיא קארבאנארי האבען א פיעל גרעסערע און ברייטערע אויפגאבע. דיא קארבאנארי האבען פעראורזאכט אלע רעוואלוציאנען אין פראנקרייך, איטאליען און עסטערייך. דיא קארבאנארי האבען געגרינדעט אלע ארבייטער ארגאניזאציאנען אין דייטשלאנד, דער שווייץ, פראנקרייך און גאנץ אייראפא. מיר מישען זיך אין דיא פאליטיק אין שטרעבען צו אן אלגעמיינער בעפרייאונג, צו אן אלגעמיינע רעוואלוציאן. מיר זיינען דיא סאלדאטען פון אייראפא. מיר געהן אין יעדען קריעג געגען טיראני־

און אונגערעכטיגקייט. וואו מיר דערהערען נור דאס קרעכצען פון אונטערדריקטע, דאס קלאגען פון פערפאלגטע און דאס וויינען פון אן אונגליקליכעם פאָלק, דארט זיינען מיר בערייט צו קעמפפען, דאס זיינען אונזערע צוועקע, דאס זיינען אונזערע שטרע־בונגען. דערמיט איז באקונין איינפערשטאנען. זיינע אידעען זיינען דיזעלבע. איך וויים, אז פיעלע פון אייערע רעוואלוציאָנערע זיינען געגען איהם. איך וויים, אז פיעלע האבען זיך אפגעריסען און האבען געבילדעט אנאנדערע געזעלשאפט אונטער אנאנדער נאמען. דאס איז אן אונגליק. אן ארמעע, וועלכע איז בערייט צום קאמפף, מוז זיך האלטען צוזאמען. מוז זיך פעראייניגען אום דעם אלגעמיינעם פיינד צו בעקעמפפען. —

— עס ווערט שפעט, האט איהם דאנילא פעטראָוויטש אונטערבראכען. דיא צייט איז זעהר מהייער. מיר זיינען שוין נים ווייט פון מיין שיף.

— מיר וועלען אונז נאך זעהן און דיזע פראגע בעסער בעשפרעכען, האט מאדזיני געזאגט. — לעבען זיא וואהל! אויף ווידערזעהן!

דוד שטרוים האט איהם געגעבען דיא האנד און איז אװעקגעגאנגען אויף דעם וועג, וועלכען ער האט געוויעזען. מאדזיני, מים גרענוויל און דאנילא פעטראָוויטש זיינען ווייטער געגאנגען, ביז זיי האבען דערזעהן פון דער ווייטען א בארקע. ער האט גענומען מארגארעטהא'ס האנד און האט איהר געזאגט מיט זיין ווייכער, טרויעריגער שטימע:

— דאָרט איז דאס מעער. אויף יענעם שיף ליעגט מיינע רעטונג. מיר מוזען זיך דא שיידען, מארגארעטהא. דא ליעגט דער אנקער פון מיין האָפנונג — מיין האָפנונג אויף א נייען קאמפף, א נייעם ראנגלען זיך אין לעבען. פאר מיר איז ניטא קיין האָפנונג אויף ליעבע און גליק. טרויער ליעדער האט מען מיר געזונגען, ווען איך בין געלעגען אלס קינד אין מיין וויעגעלע. ליעדער פון פערצווייפלונג און ראכע האבען געהערט מיינע אויערן אין דער צייט, ווען דאס קינד וויים נור פון זאָנענשיין און בלומען. —

לעבע וואהל, מארגארעטהא, זיי גליקליך מיט דעם מאן, וואס דוא האָסט דיר געוועהלט. ער איז א גוטער מענש און דוא וועסט מיט איהם גליקליך זיין. דאס לעבען פון אן אגיטאטאר מוז פערגעהן אהן ליעבע, אהן גליק. איך וועל אבער דיך קיין מאל נים פערגעסען. אין דיא גרעסטע געפאהרען, און דעם הייסעסטען קאמפף וועל איך דענקען אן דיך.

— אך, דשוזעפע! האט דאס מעדכען געזיפצט. וויא שעהן, וויא הערליך האב איך מיר פאָרגעשטעלט דאס לעבען דאמאלס, ווען מיר זיינען געווען קינדער און האבען געשפיעלט ביי מיין פאטער אין גארטען. איך האב נים געוואוסט, אז עס וועט קומען א צייט, ווען א אידעע, א הויכע, ערהאבענע אידעע וועט דיך אוועקרייסען פון מיר און וועט דיך אריינציעהען אין אנאנדערער וועלט. — איך האב גע־טריימט פון א שטילעס, רוהיגעס לעבענסגליק. — עס איז אבער געווען נור א טרוים. אך! וויא אונגליקליך וואלטען מיר געווען, ווען מיר זאלען וויסען פאָר־אויס, וויא אונזער לעבען וועט זיך געשטאלטען; וויא עס וועט זיך בילדען און אז מיר וועלען זיין געצוואונגען צו טהאן זאכען, פאר וועלכע מיר וואָלטען אין אונזער

יונגער מיט שרעקען צוריקגעשווידערט. — עס איז געוועזן א טרוים, אבער א גוטער, גליקליכער טרוים. — וואו איז ער?!

אויף דעם שמאלען וועג האבען זיך געוויעזען עטליכע רייטער. מאדזיני'ס שארפעס אויג האט זיי באלד דערקענט. דאס איז געוועזן סער ברייטאן מיט זיין פארטיע.

— דיין ברייטינאם קומט, האט ער איהר געזאגט. לעבע וואהל. מארגארעטהע! אויף אייביג!

ער האט זיא געוואלט אראפנעהמען פון'ם עזעל. זיא האט איהם אנגענומען ביי ביידע הענד און האט זיי צוגעדריקט צום הארצען.

— דוא האסט מיר צוריקגעשיקט דעם רינג, וועלכען איך האב דיר אמאל געגעבען. — נעהם איהם צוריק, האב וועניגסטענס אן אנדענקען פון א מענשען, וועלכער וועט דענקען אן דיר, ביז זיין לעצטען אטהעם־צוג.

זיא איז געוועזן בלייך, איהרע ליפען האבען געציטערט. זיא האט אראפגענומען דעם רינג פון איהר פינגער און האט איהם איבערגעגעבען, דערביי האבען איהרע ליפען בעריהרט זיין שטערן.

— אויף אייביג! האט זיא קוים ארויסגעהויכט.

אין דיעזע מינוטע איז פון דער אנדערער זייט וועג אנגעלאפען גראף שטערנבערג מיט זיינע סאלדאטען. ווען דער קליינער בעפא, וועלכער איז געזעסען ביי זיין ליעטע־נאנט אויפ'ן זאטעל, האט איהם דערזעהן, האט ער אויסגערופען אין דער הויך:

— הערר אפיציער, דאס איז מאדזיני! לעבען איהם שטעהט דער טויגעניכטס, דער פעררעטער, דאנילא פעטראוויטש.

סער ברייטאן איז צוגעקומען עמפפאנגען זיין בראוט און גראף שטערנבערג איז צוגעפאהרען צו מאדזיני.

— אים נאמען פון זיינע קייזערליכע מאיעסטעט! האט ער געשריען אין דער הויך. איך ערקלער אייך אלס מיין געפאנגענער!

מיט א שנעלען שפרונג איז מאדזיני ארויפגעשפרונגען אויף א הויכען שטיין, וועלכער איז געהאנגען איבערן וואסער און האט געענטפערט קאלטבליטיג.

— איילט אייך ניט אזוי, מיין הערר. אזוי שנעל גיב איך נאך מיינע פרייהייט ניט אויף.

— עס איז אומזיסט אייער וועהרען זיך, מאדזיני. באלד קומט אן מיין גאנצעס רעגימענט. זייט א מאן און גיט אייך אונטער, איהר זייט ארומגערינגעלט פון אלע זייטען.

אין דיעזע מינוט האט געקראכט א שוס און האט אראפגעריסען ביי גראף שטערנבערג זיין הוט פון קאפ.

— מיר וועלען ניט דערלאזען ארעסטירען דיעזען מאן! האט געשריען ניקאלא פון א בערגעל. אהער, קאמעראדען! צום קאמפף געגען דיא דיענער פון טיראניי!

מאדזיני איז געבליעבען א מינוט שטעהן פערוואונדערט, ווען ער האט דערזעהן

ניקאָלאַ און איינינע פון דיא רויבער שטעהן אויפ'ן בערגעל. דיעזע הילפע האט ער ניט ערוואַרטעט.

— איהר זעהט, אז איך האב אויך פריינדע, וועלכע ווילען מיך פערטהיידיגען, האט ער זיך געווענדעט צום עסטערייכישען אפיציער. — איך וויל פערלאזען דיעזעס לאנד. לאזט מיך געהן אין פריעדען. איהר האט געטהאן אייער פפליכט אלס סאלדאט, יעצט טהוט אייער פפליכט אלס מענש.

— געגען אניטאַטארס און רעוואָלוציאָנערן האב איך קיינע פפליכטען, האט גראף שטערנבערג געענטפערט. געגען דיא פיינדע פון מיין קייזער און פון מיין פאַטערלאנד שטעה איך אלס פיינד. — ניט אייך אונטער! איהר זייט אין מיינע הענד!

מיט דיעזע ווערטער איז ער צוריקגעגאנגען צו זיינע סאלדאטען, געבען זיי א בעפעהל, אז זיי זאלען ארומרינגלען מאדזיני פון אלע זייטען. ער האט זעהר געוואלט איהם קריעגען לעבעדיגערהייט. ער האט ערוואַרטעט א דאנק פון זיין קייזער, א מעדאל, א העכערן ראנג (טשין). נור אין אייסערסטען פאל האט ער איהם געוואלט טוידטען.

אונטערדעסען איז סער ברייטאן, מיט גרענוויל און דיא ענגלישע אפיציערען צו געגאנגען צו גראף שטערנבערג און האבען איהם געבעטען, ער זאל לאזען מאדזיני אראפגעהן צום מעער און זיך אויפזעצען אויף דער בארקע, וועלכע איז דארט געשטאַנען. גראף שטערנבערג האט אָבער פון קיין זאך ניט געוואלט וויסען. ער האט געהייסען זיינע סאָלדאטען אראָפגעהן פון'ם בארג אין א פעסטער, געדרענגטער רייהע און ארומרינגלען דעם שטיין, אויף וועלכען מאדזיני איז געשטאנען.

דיא לאגע מאדזיני'ס איז געווען א פערצווייפעלטע. ער האט געזעהן, וויא מיט גרענוויל ברעכט דיא הענד און ווינקט איהם, ער זאל אראָפשפרינגען אין וואסער אריין.

— זיא האט רעכט, האט ער געזאגט צו דאנילא פעטראָוויטש. דאס קען זיין אונזער איינציגע רעטונג. בעסער זיך פערטרויען דיא ווילדע וועללען (כוואליעס) פון'ם מעער אלס דיא שלעכטע מענשען.

דאנילא פעטראוויטש האט ניט געוואָרט אויף קיין אנטוואָרט. אין א מינוט איז ער פערשוואונדען געוואָרען אין דיא רוישענדע וועללען פון'ם מיטעללענדישען מעער. מאדזיני האט אויפגעהויבען דיא האנד צו מיט גרענוויל און האט אויסגערופען.

— אויף אייביג! קיין ווידערזעהן!

ער האט געוואלט אראָפשפרינגען פון'ם שטיין אין וואסער אריין. גראף שטערנבערג האט איהם אנגעכאפט ביים ראק.

— גיב דיך אונטער, אדער איך שיעס דיך! האט ער אויף איהם געדאָנערט מיט זיין מעכטיגער שטימע.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א זאנדערבארעס פייפען און אויף דיא בערג ארום האבען זיך געוויעזען רויטע העמדלעך. דער עסטערייכישער אפיציער איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ער האט ניט געוואוסט, וואס דא קומט פאָר. באלד אבער איז ער געוואהר געוואָרען, וואס דא איז. פון'ם בארג איז געקומען רייטענדיג אויף א קליינעם, אבער שטארקען פערד גאריבאלדי. ער איז צוגעקומען צום גראף שטערנבערג און האט איהם געזאגט.

— עסטערריייך האט פערלארען דעם קריעג געגען פרייסען. עס האט אפגעגעבען איטאליען. דיא גאנצע עסטערריייכישע ארמעע ציהט זיך ארויס פון איטאליען. איהר האט דא מעהר ניט וואס צו טהאן. איהר זייט דא א פרעמדער.

גראף שטערנבערג איז געבליעבען שטעהן, וויא פון דונער דערשלאגען. ער האט ניט געקענט גאריבאלדי'ן פערזענליך, נור דיא רויטע העמדלעך פון גאריבאלדי'ס קריעגער — מיר קענען זיי ניט רופען סאלדאטען, וויל גאריבאלדי האט געהאט א פארטיי, אבער קיינע סאלדאטען — דיא רויטע העמדלעך פון דיא גאריבאלדיסטען האבען איהם איבערציינגט, אז פאר איהם שטעהט דער גרויסער העלד, דער פרייהייטס קעמפפער פון צוויי וועלטען — פון אמעריקא און אייראפא.

— איך בין קאמאנדיר פון אן עסטערריייכישען רעגימענט און מוז טהאן מיין פפליכט, האט ער ענדליך געזאגט.

— און איך בין גענעראל פון א דיוויזיאן פון דעם פרייען איטאליען, האט גאריבאלדי געענטפערט. — זעהט! דארט אויף דיא בערג שטעהן מיינע קריעגער. איך האב א גרעסערע מאכט פון אייך. איך פאדער ניט פון אייך, איהר זאלט זיך אונטערגעבען. מיר דארפען קיינע געפאנגענע, מיר דארפען ניט קוועלען און פלאגען אנדערע מענשען. געהט אייך א היים אין פריעדען, וויא אלע עסטערריייכישע רעגימענטער זיינען זיך אוועקגעגאנגען פון איטאליען.

דער גראף האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהן, אז ארום אויף דיא בערג שטעהן ווירקליך רויטע העמדלעך און עס בליצען קאראבינען. ער איז געווארען בלייך און האט אנגעהויבען צו קריצען מיט דיא צעהנער. ער איז געוועזען אזוי זיכער, אז ער האט שוין מאדזיני'ן אין דיא הענד און פלוצלונג מוז ער איהם אפלאזען.

— איהר גלויבט מיר ניט, האט גאריבאלדי געזאגט. איך וועל אייך באלד בעווייזען, אז איהר זייט דא א פרעמדער.

ער האט ארויסגענומען א מאניפעסט פון קייזער פראנץ יאזעף, אז ער ענטזאגט זיך פון איטאליען.

— מיר וועלען זיך נאך אמאל זעהן, האט ער געזאגט צו מאדזיני'ן און איז אוועקגעפאהרען.

## 16טעס קאפיטעל.

## בלוט-פערניכטונג.

פערטיעפט אין זיינע פרעהליכע געדאנקען איז געזעסען דער באראן פאן שטילאוו אין זיינער ריינער, גלענצענדער וואינונג. עס איז איהם ענדליך געלונגען צו איבערציינגען דיא גרעפין פאן פראנקענשטיין, אז שלעכטע מענשען האבען זיא בעטראגען, אז דער בריעף איז אן אלטער, אז אלעס איז געוועזען פאלשקייט און בעטרוג. קלארא האט איהם באלד גענלויבט. דיא אלטע אבער איז געוועזען ניט אזוי לייכט צו איבערציינגען. ווען זיא האט ענדליך איינגעזעהן, אז דער יונגער מאן האט רעכט, האט זיא, אלס קלוגע פרוי, מיט איהם און מיט קלארא אפגערעדט, אז זיי זאלען מיט קיין ווארט, קיין ווינק, קיין מינע ניט דערמאנען דיעזע טרויעריגע געשיכטע. זיי זאלען אן איהר פערגעסען, גלייך וויא זיא וואלט זיך קיין מאל ניט געטראפען. זאגאר דיא דיענער

האט זיא אנגעזאגט, אז זיי זאלען ניט רעדען און קיינעם ניט דערצעהלען, אז א בירזען אגענט איז ביי איהר געווען.

— וואס עס איז געשעהן, האט דער ווינד פערוועהט, האט זיא געזאגט. — עס איז פערשוואונדען און פערגעסען.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טאג. דער באראָן פאן שטילאוו איז ווייטער ארומ געגאנגען מיט זיין יונגער בראוט, צווישען זיינע און איהרע בעקאנטע. זיי זיינען געווען גליקליך און האבען ווירקליך פערגעסען, וואס עס איז געשעהן.

היינט איז דער יונגער מאן געזעסען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ער האט געטראכט, וויא אזוי ער זאל זיך אפזאָגען פון זיין אמט, אלס עסטערייכישער אפיציער און זאל פאהרען אויף זיינע גיטער אין דייטשלאנד; דארט וועט ער הייראטהען זיין ליעבע קלארא און וועט לעבען מיט איהר רוהיג און גליקליך, ווייט פון דער פאלשער וועלט. וויא אזוי זאגט מען זיך אבער אפ פון זיין אמט אין קריעגס צייט? וויא קען זיך אן אָפיציער אָפזאָגען, ווען מען רופט איהם אין קריעג? וואס וועלען זאגען זיינע קאמעראדען? וועט מען דען ניט זאגען, אז ער האט מורא? אז ער ציטערט פאר זיין לעבען? — מען וועט איהם דאך פערשפאטען. — ניין! ער קען זיך יעצט ניט אפזאגען! קלארא וועט עס ניט דערלאזען. דיא אלטע גרעפין וועט עס ניט דערלאזען. — עס העלפט ניט! ער איז סאָלדאט און מוז געהן אין קריעג.

באלד האבען זיך אנדערע געדאנקען געדרענגט אין זיין קאפ און האבען פערטריעבען דיא ערשטע.

— עס איז דא א האפנונג אז דער קריעג וועט זיך באלד ענדיגען. מען וועט באלד שליעסען פריעדען און איך וועל קענען גאנץ רוהיג מיך אפזאגען און פאהרען א היים.

ער האט אנגעקלונגען און געהייסען דעם דיענער, ועלכער איז באלד אריינגעקומען, ער זאל הייסען איינשפאנען זיין קארעטע.

עס איז נאך צוואר געווען פריה. ער האט אבער היינט געוואָלט קומען אביסעל פריהער צו דער גרעפין פאלקענשטיין, ווייל ער זאט געוואלט געהן מיט איהר צום מיניסטער מענסדארף. דארט וועט ער געוויס געוואהר ווערן, וואו עס האלט מיט'ן קריעג, אויב עס איז וואהר, וואס מען רעדט, אז באלד וועט געשלאסען ווערן פריעדען.

פלוצלונג איז אריינגעקומען זיין קאמערדיענער. ער איז געווען עפעס דערשראקען און אונרוהיג.

— הערר באראָן, האט ער געשטאמעלט, איך מוז —

דער יונגער מאן האט געקוקט פערוואונדערט אויף זיין דיענער. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס מיט איהם איז געשעהן. — דער דיענער אבער האט ווירקליך ניט געקענט ענדיגען, וואס ער האט געוואלט זאגען, ווייל באלד נאך איהם איז אריין אין צימער א פרויענגעשטאלט פעסט פערהילט אין א שווארצען שלייער. זיא האט פערשטעלט דעם דיענער און איהם געגעבען א צייכען, ער זאל זיך ארויסגעהן. דער יונגער מאן האט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ און איז געגאנגען זעהן, ווער דיא דאמע איז.

קוים איז דער דיענער ארויסגעגאנגען, האט דיא דאמע פערווארפען דעם שלייער

און באראָן פאן שטילאוו האט דערזעהן פאר זיך — אננא באלצער. איינינע מינוטען איז ער געשטאנען, וויא פערשטיינערט; ענדליך האט ער אויסגערופען העכסט ער־שטוינט·

— אננא! וויא קומסט דוא אהער?

— אזוי? האט געענטפערט דיא יונגע פרוי ליידענשאפטליך. — אזוי? איהר געדענקט נאך מיין נאמען? איהר האט איהם נאך ניט פארגעסען? — און איך האב געמיינט, אז איהר האט שוין פערגעסען דיא פרוי, וועלכע איהר האט אמאל אזוי שטאַרק געליעבט, וועלכע איהר האט פערראורטהיילט און האט זיא זאגאַר ניט גע־וואלט אויסהערן.

דער יונגער מאן איז נאך אלץ געשטאנען נעגען איהר און האט ניט געקענט געפינען קיין ווערטער, וואס איהר צו זאגען.

— איהר האט מיך פערראורטהיילט, האט ווייטער געזאגט דיא יונגע פרוי, איהר האט זיך פון מיר אוועקגעקעהרט און האט מיר זאגאַר ניט געגעבען דאס רעכט, וואס יעדער פערברעכער האט — דאס רעכט זיך צו ערקלערן, דאס רעכט זיך צו פערטהיי־דיגען, דאס רעכט צו בעווייזען, אז מען האט מיך פערלייםדעט. — און דאך האט איהר מיר ניט איין מאל געשווארען, אז איהר ליעבט מיך — איך וויים, אז איהר האט מיך ווירקליך געליעבט. —

וויא צוגעשמידט צו דער ערד, איז געשטאנען דער באראָן פאן שטילאָוו און האט איהר ניט געקענט ענטפערן א וואָרט. זיא האט איהם אזוי איבערראשט מיט איהר בעזוך, אז ער איז געשטאנען פאר איהר, וויא א לעהמענער גולם און האט זיך ניט געקענט ריהרען.

— אך! האט געזיפצעט דיא יונגע פרוי. מיין ליעבע צו אייך איז געוועזן אזוי ריין, אזוי פול מיט פערטרויען, אזוי טריי, אזוי הייליג, אז איך בין געוועזן דיא שקלאפין פון מיין ליעבע —

— איך בעט אייך, לאזט אפּ דיעזע ערקלערונג, דיעזע עראינערונג פון דער פערגאנגענהייט, ... ענדליך געזאגט דער יונגער מאַן. — דיעזע סצענע איז פאר אונז ביידען העכסט אונאנגענעהם, זאָגאַר שמערצליך. וואצו זאלען מיר ארויסרופען בילדער פון א צייט, וועלכע איז פערשוואונדען און וועט זיך שוין קיין מאל ניט אומקעהרן?

— איהר האט רעכט, האט געזאגט דיא יונגע פרוי שטאלץ און איהרע אויגען האבען געשפריצט פייער. — איהר האט רעכט: איהר ווילט אויסמיידען איין אונאנ־גענעהמע סצענע. איך האב אבער אויך רעכט: איך וויל ניט, אז איהר זאלט מיך פעראכטען. איך וויל מיך ערקלערן, אום צו בעווייזען, אז איך בין ניט אזוי שלעכט, וויא איהר מיינט. — יעדע פרוי מוז האבען א געוויסען שטאלץ. איהר האט מיך אוועקגעווארפען אזוי קאלט און אזוי גרויזאם, גלייך וויא איך וואלט געוועזן דיא ערגסטע פערברעכערין. — און דאך מיין איינציגעס פערברעכען געגען אייך — איז מיין ליעבע צו אייך.

— לאמיר עס לאזען, האט ער געבעטען, איך האב אלעס פערגעסען, פערגעסט אויך אלעס.

— ניין! האט זיא אויסגערופען. איהר מוזט מיך אויסהערן, איהר שטרענגער ריכטער!

ער האט געשוויעגען. ער האט געזעהן, אז ער מוז זיא ווירקליך אויסהערן.

— איך האב געלעבט זעהר אונגליקליך. מיינע עלטערן האבען מיך צוגעבונדען צו א מאן, וועלכער פערשטעהט מיך ניט און וועלכען איך האב געמוזט פעראכטען און פעראבשייען. — איך האב מיך בעגעגענט אין איין ארט מיט'ן קלוגען, עלעגאנטען און דורכגעטריעבענעם גראף דע ריווערא. זיין גייסט, זיינע שעהנע און גלאטע רעדען האבען מיך בעצויבערט. אזא מענשען האב איך נאך צווישען מיינע בעקאנטע ניט געטראפען. איז דען א וואונדער, אז אזא מענש האט מיך צוגעצויגען צו זיך? — איך האב געלעבט צווישען דונקעלע מענשען, פון וועמען איך האב געהערט נור איינפאכע, ניעדעריגע און אפט שמוציגע רעד. ער האט פאר מיר געעפענט א נייע וועלט, א נייעס לעבען. ער האט מיר געוויזען, אז אויסער עסען, טרינקען און אנדערע גראבע פערגניגונגען, זיינען דא אנדערע, העכערע, עדעלערע פערגניגונגען, צו וועלכע א מענש דארף שטרעבען.

— צו וואס זאגסט דוא עס מיר? האט באראן פאן שטילאוו געבעטען. וואס עס איז געווען, איז פערשוואונדען, פערלארען, פערגעסען. — איך מאך דיר קיינע פאר־ווירפע, איך פעראורטהייל דיך ניט.

— ניין! דוא מוזט אויסהערן אלעס. וויל דוא האסט געהאנדעלט געגען מיר, וויא געגען א פערוואָרפענער פרוי. גראף דע ריווערא האט פאר מיר געעפענט א נייע וועלט. איך בין איהם דאנקבאר געווען. איך האב מיך מיט דיר בעקענט, איך האב דיך געליעבט מיט'ן גאנצען פייער פון מיין זעעלע. איך האב ערשט דאמאלס געפיהלט, וואס ליעבע איז. — אין דיא נידעריגע הייזלעך, אין וועלכע איך בין געבאָרען געוואָרען און ערצויגען געווארען, ווייס מען נור פון ניעדעריגע, ענגע, קליינליכע זארגען. ער האט מיך געלערנט לעבען און — ליעבען. דיעזע ליעבע האב איך איבערגעטראגען אויף דיר. זייט איך האב דיך דערקענט, האב איך געלעבט נור דורך דיר, נור צוליעב דיר. מיין ליעבע איז געווען מיין העכסטעס גליק. דוא האסט זיא צערשטערט, פערניכטעט גראב, ווילד, אונמענשליך. —

— איך ווייס, איך ווייס, וויא שלעכט איך האב געהאנדעלט, האט ער זיא אונטערבראָכען. — איך האב מיך שפעטער נאך מעהר איבערציינגט, אז איך האב שלעכט געהאנדעלט געגען אייך.

מיט דיעזע ווערטער איז ער צוגעגאנגען צו זיין שקאטולקע, האט ארויסגענומען דעם בריעף, וועלכען זיא האט צוגעשיקט דורך איהר מאן צו דער גרעפין פאלקענ־שטיין, און האט איהם איהר געוויעזען.

— זעהן זיא, מאדאם, האט ער געזאגט, אז איך בין פעסט איבערצייגט פון אייער וואהרער, טרייער, הייסער ליעבע. — דיעזעס שטיקעל פאפיער דארף מאכען אן ענדע צו אלע אונזערע ערקלערונגען.

זיא האט געגעבען א ציטער, גלייך וויא דער בליץ וואלט זיא געטראָפען און

איז געוואָרען בלייך, וויא קאַלך. באלד אבער איז זיא געוואָרען רויט און איז צוגעגאַנ־
גען צו איהם נעהנטער.

— ניין! האָט זיא אויסגערופען מיט א ווילדער, ליידענשאַפטליכער שטימע. —
ניין! ניט אלעס צווישען אונז האָט זיך שוין געענדיגט! — איך ליעבע דיך! איך ווייס,
אז דו וועסט ניט גליקליך זיין מיט יענער שטאָלצער, האָכמוטהיגער, קאַלטער פרוי.—

— מאַדאַם! איהר געהט צו ווייט! האָט ער זיא אונטערבראָכען. — קיין וואָרט
מעהר!

— דוא נאַררסט זיך אַליין אָפּ, האָט זיא ווייטער געזאָגט, דוא פערשטעהסט
זיך אַליין ניט; דוא קענסט זיך אַליין ניט. דוא מיינסט, אז דוא ליעבסט זיא. דוא
וועסט זיך אבער באלד איבערצייגען, אז דיא גרויסע, שטאָלצע אַריסטאָקראַטען, ביי
וועמען יעדער קוש איז אָפּגעמאָסטען, יעדעס וואָרט איז איבערגעצעהלט, און יעדע
אומאַרמונג איז איבערגעוואויגען, וויא ביי א קרעמער זיין סחורה — דיעזע קענען ניט
ליעבען, דיעזע פערשטעהן ניט דיא ליעבע. ביי זיי הערשט דיא צערעמאָניע, דיא
עטיקעטע — ניט דיא ליעבע. ביי זיי איז אלעס קאַלט, אלעס גערעגעלט, אלעס אָפּגע־
מאָסטען, אלעס אָפּגעוואויגען.

זיא האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנד און האָט זיא בעדעקט מיט הייסע, ברענענ־
דיגע קושען.

— יענע פרוי וויל דיין נאָמען, דיין רייכקייט — גיב איהר אַוועק אלעס — אלעס,
וואָס זיא פערלאַנגט! — איך וויל נור דיין ליעבע. איך וויל דיך זעהן, רעדען מיט דיר,
אָטהעמען איין לופט מיט דיר און איך וועל גליקליך זיין.

דער יונגער מאַן איז געווען געריהרט. ער האָט געפיהלט, אז זיא רעדט פון
גאַנצען האַרצען. איהרע קושען האָבען געברענט זיינע הענד. ער האָט זיך איבערצייגט,
אז דיעזע פרוי ליעבט איהם דאָך. ער האָט גענומען איהר האַנד, האָט זיא לייכט א
דריק געטהאָן און האָט געזאָגט פריינדליך און מילד:

— אננא! וואָס איז געווען, איז פערפאַלען. איך קען עס יעצט ניט ענדערן.
פון דער פערגאַנגענהייט איז מיר געבליעבען א זיסע ערינערונג. איך וועל שטענדיג
זיין דיין פריינד. ווען דוא וועסט מיך דאַרפען, ווען דוא וועסט דאַרפען א וואַהרען,
טרייען פריינד, קום צו מיר.

זיא איז געבליעבען שטעהן שטיל און רוהיג. א בליץ פון שרעקליכען, אונבע־
שרייבליכען האַס האָט א פונקעל געטהאָן אין איהרע אויגען און איז באלד פערשוואונ־
דען געוואָרען. זיא האָט שנעל אַראָפּגעלאָזען דעם געדיכטען שלייער איבער איהר
געזיכט און האָט זיך געווענדעט צו דער טהיר.

— לעבט וואָהל! האָט זיא געזאָגט מיט א גאַנץ רוהיגער שטימע, און זייט
גליקליך!

ער האָט זיא געוואָלט אַרויסבעגלייטען ביז צו דיא טרעפּ, זיא איז אבער פער־
שוואונדען געוואָרען, איידער ער האָט זיך אומגעקוקט. ער איז געבליעבען שטעהן אויף
זיין אָרט, אין דערמיט זאַל און האָט זיך פערטראַכט.

— איז דאָס וואָהרהייט, אָדער א קאָמעדיע? האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.—

לאז זיין, וואס עס וויל זיך. דאס איז דער לעצטער וואלקען, וועלכער האט נאך פער־
דונקעלט מיין גליק. ער האט זיך צערשטרייט און מיין שטערן לייכט וויעדער העל
און שעהן.

ער האט זיך אנגעקלונגען און האט געפרעגט דעם דיענער, אויב דיא קארעטע
איז שוין איינגעשפאנט. באלד איז ער אוועקגעפאהרען צו זיין בראוט.

דיא פרעהליכע שטאדט וויען איז זייט איינינע טעג אויפגערעגט. דער קריעג
האט ארויסגעוויעזען זיין שרעקליכעס, שוידערהאפטעס געזיכט. יעדען טאג זיינען אנ־
געקומען גאנצע ציגע מיט קראנקע און פערוואונדעטע פון'ם שלאכט פעלד. דיא
שפיטאלען, דיא לאזארעטען און דיא אמבולאנס וועגען זיינען געווען פול געפאקט מיט
קראנקע און פערוואונדעטע. מען האט געמוזט אויסבויען הילצערנע באראקען פאר
דיא קראנקע, וועלכע דיא אייזענבאהנען האבען יעדען טאג צוגעבראכט. אבער אויך
דיע ן זיינען שוין געווארען פול און מען האט געמוזט מאכען פון'ם גרויסען וואקזאל
פון דער נארדבאהן א טעמפארערען האספיטאל.

דיא וויענער דאמען האבען עס געהאלטען פאר זייער פפליכט ארומצוגעהן אין
דיא שפיטעלער און געבען דיא קראנקע עסען, טרינקען און לייכטע פערבאנד זאכען.
היינט האט מען ערווארטעט א גרויסען צוג מיט פערוואונדעטע פון בעהמען. פיעלע
וויענער האבען געהאט פריינד און בעקאנטע צווישען דיא קראנקע.

— מוטער! האט גרעפין קלארא געזאגט. דוא האסט געוויס געהערט, אז היינט
אום פיער אוהר דארף אנקומען א גרויסער צוג מיט קראנקע און פערוואונדעטע
סאלדאטען. לאמיר היינט וויעדער ארויספאהרען אויפ'ן וואקזאל. איך האב אומיסטען
געקויפט ליינוואנד און שארפיע. דוא האסט אין קעלער וויין, לימאנאד און הימבעערן
זאפט (מאלינע סאק) — קום, מוטער! לאמיר דאנקען גאט, וואס ער האט אונז אפ־
געהיט פון זארג און טרויער.

ביי דיעזע ווערטער האט זיא א קוק געטהאן אויף באראן פאן שטילאוו, וועל־
כער איז געזעסען ניט וויט פון איהר. דער יונגער מאן האט בעמערקט איהר ווארעמען
בליק און האט איהר א קוש געטהאן אין דער האנד.

— דוא האסט רעכט, מיין קינד, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט. מיר טארען
ניט פערגעסען דיא אונגליקליכע, וועלכע האבען געקעמפפט פאר זייער פאטערלאנד
און שמאכטען יעצט אין דיא שפיטעלער. מיר קענען זייערע וואונדען ניט היילען,
לאמיר זיי וועניגסטענס ערלייכטערן זייערע ליידען, וויא וויט מיר קענען.

זיא האט באלד אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דיענער אנפילען א קארב
מיט פלעשער וויין, הימבעערן זאפט (מאלינע סאק) לימינעס, צוקער, טהעע און נאך
אזעלכע זאכען, וועלכע קענען ערקוויקען א קראנקען. קלארא האט צונויפגעלעגט פאסען
ליינוואנד, שארפיע און בינדען.

באלד איז אלעס געווען פערטיג. דיא גרויסע רייכע קארעטע פון דער גרעפין
איז געשטאנען פאר דער טהיר. דיא דיענער האבען ארויסגעטראגען דעם שווערען
קארב. דיא אלטע גרעפין, קלארא און דער באראן האבען זיך אויפגעזעצט און מען
איז אוועקגעפאהרען צו דער נארדבאהן. דארט איז געשטאנען אן אונגעהייערע מענגע

פאלק, דער צוג מיט דיא פערוואונדעטע איז נור וואס אנגעקומען און אלע האבען זיך געדרענגט אין דעם גרויסער זאל פון'ם וואקזאל, וואו מען האט דער וויל אראפגענר מען דיא קראנקע.

באראן פאן שטילאוו האט אראפגענומען דיא דאמען פון דער קארעטע און האט געוואלט זיי אריינפיהרען אין וואקזאל, ווען צו איהם איז צוגעקומען א פליגעל-אדיוטאנט און האט איהם געזאגט:

— איך זוך אייך שוין זייט א האלבע שטונדע. דער גענעראל דארף אייך עפעס האבען. ערווארט אויף אייך אין צווייטען שטאק ביים קאמענדאנט פון דער באהן.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, האט שטילאוו געזאגט צו דיא דאמען. איהר זעהט דאך אז מען רופט מיך. עס איז היינט קריעגס-צייט.

— געהט, געהט, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט. דער דיענסט מוז זיין פאר אלעמען.

— ווען וועסט דוא צוריקקומען? האט קלארא געפרעגט טרויעריג.

— אבענדס וועל איך געוויס פריי זיין, האט דער באראן געענטפערט.

— אלזא, אויף באלדיגעס ווידערזעהן! האט קלארא געזאגט און האט איהם געדריקט דיא האנד.

באראן פאן שטילאוו איז אוועקגעגאנגען.ביידע דאמען און א לאקיי, וועלכער האט זיי נאכגעטראגען דעם שווערן קארב, זיינען אריינגעגאנגען אין וואקזאל.

דארט האט זיך זיי פארגעשטעלט אן ערנסטעס, טרויעריגעס און ריהרענדעס בילד. אין דעם גרויסען זאל זיינען געווען אויסגעשטעלט בעטען, טישען און ברייטע בענק, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען קראנקע, שווער פערוואונדעטע, שטערבענדע און טויטע. אייניגע זיינען נאך געלעגען אין זייערע מונדירען. — מען האט קיין צייט געהאט זיי אויסצוטהאן און איבערצובייטען דיא שמוציגע, פערבלוטיגטע וועש. אנדערע האט מען שוין אנגעטהאן ריינע וועש, זיי האבען אבער קיין דעקען ניט געהאט און מען האט זיי צוגעדעקט מיט זייערע מונדירען און שינעלען (מענטעל). — אייניגע האבען געשריען פאר שמערץ און האבען פערדאמט דעם קריעג. אנדערע זיינען געלעגען שטיל און האבען איבערגעטראגען זייערע ליידען מיט אן אונבעשרייבליכען העלדענמוטה. ווידער אנדערע האבען געקרעכצט שטילערהייט, וויא פאר זיך. אייניגע האבען געהאלטען ביים שטארבען. זייערע קערפער האבען געציטערט און זיך קוים געווארפען: זיי האבען געקעמפפט דעם לעצטען קאמפף פון'ם לעבען. אנדערע זיינען שוין לויז געווארען פון זייערע ליידען. זיי זיינען געלעגען אויסגעשטרעקט, פערגליווערט, פערשטארטשט מיט שרעקליכע שווארצע וואונדען — דער בראנד האט זיך אריינגעכאפט אין דיא וואונדען און האט געמאכט אן ענדע פון זייער לעבען און זייערע ליידען.

צווישען דיא בעטען זיינען ארומגעגאנגען דיא דאקטוירים און דיא בארעמהערציגע שוועסטער. זיי האבען בעטראכט דיא פערוואונדעטע און, ווען זיי האבען געפונען, אז מען דארף מאבען אן אפעראציאן, האט מען באלד גענומען דעם קראנקען, איהם אניעדערגעלעגט אויף איינעם פון דיא טישען און מען האט פאר אלעמען אין דיא אויגען געשניטען, געזעגט, געריסען, פערנעהט, פערלאטעט און פערגלעט. — עס איז

געוועזן א טעמפּאָרער האָספּיטאל און מען האט קיין צייט ניט געהאט איינצוריכטען בעזונדער צימער פאר אפּעראציאן. מען האט געמוזט טהאן אלעס שנעל, אויפ'ן אָרט.

ווער עס האט אמאל געזעהן דיזע שרעקליכע בילדער אויפ'ן שלאכט פעלד אדער אין א שנעל איינגעריכטעטען לאזארעט, דער וועט זיי געוויס קיין מאל ניט פערגעסען. ער וועט אבער אויך אייביג פערדאמען א ציוויליזאציאָן, וועלכע איז ניט אים שטאנד איין מאל פאר אלע מאל אבשאפען אזעלכע סצענען, זעהן, אז זיי זאָלען מעהר ניט פארקומען.

פיעלע דאמען האבען בעשולדיגט דיא דאקטוירים, פאר וואס זיי מאכען דיא אפּעראציאנען אזוי אפען, אזוי פריי פאר אלעמען אין דיא אויגען. זיי האבען אבער פערגעסען, אז דער דאקטאר האט אין אזעלכע פעלע נור איין זאך אין זינען, — ער וויל רעטען דעם קראנקען. ער זעהט, אז ער קען ניט ווארטען, אז דאס שרעקליכסטע פון אלעם — דער בראנד, האט זיך שוין אריינגעכאפּט אין דער וואונד, ער מוז אפּשניידען דיא האנד אדער דעם פוס אום צו רעטען דעם קראנקען.

דיא גרעפין פראנקענשטיין מיט איהר טאכטער זיינען געבליעבען איינינע מינוט שטעהן, וויא פערשטיינערט. זיי זיינען שוין ניט איינמאל געוועזן אין דיא שפּיטעלער און האבען זיך שוין גענוג אנגעזעהן ליידען און שמערצען; דאס מאל אבער זיינען זיי געוועזן איבעררא‍שט. אזוי פיעל קראנקע מיט א מאל און אזוי פיעל געפעהרליכע קראנקע האבען זיי נאך ניט געזעהן. צום גליק פאר זיי, זיינען באלד צו זיי צוגעקומען אנדערע דאמען פון דער גרעסטער וויענער אריסטאָקראטיע און האבען מיט זיי אנגעהויבען צו רעדען און צו בעדויערן דעם שיקזאל פון דיא ארימע פערוואונדעטע. מען האט זיך באלד צוטהיילט אין קליינע פּארטיען און מען איז ארומגעגאנגען צווישען דיא בעטען. איינעם האט מען געגעבען וויין, דעם אנדערן הימבעערן זאפט, דעם דריטען האט מען פערבונדען א האנד, ביים פיערטען האט זיך אראפּגערוקט דיא בינדע פון קאפּ, מען האט געמוזט מאכען א נייע בינדע.

אין אנאנדער עק פון'ם גרויסען זאל איז געשטאנען מאדאם באלצער. זיא איז געוועזן אנגעטהאן איינפאך, אבער זעהר ריין און מיט געשמאק. אלעס האט איהר געפּאסט, אלעס איז געלעגען אויף איהר, וויא אויסגעגאָסען. אויף דער האנד האט זיא געטראגען א קליין קערבעלע מיט ליינוואנד, שארפּיע און בינדען. זיא איז נאכגעגאנגען איינעם פון דיא יונגע דאקטוירים און האט איהם גאנץ ערנסט געהאלפען אין זיין טרויעריגע ארבייט. זיא האט פאר איהם צוגעשניטען בינדען, האט אריינגעלעגט שארפּיע אין דיא וואונדען און האט געטהאָן אלעס, וואס ער האט איהר געהייסען, גלייך וויא זיא וואלט געוועזן זיין פעלדשער, זיין געהילפע. דער יונגער דאקטאר איז געוועזן ערשטוינט, וואס אזא שעהנע און -- וויא ער האט געמיינט — פאָרנעהמע דאמע אפּפערט זיך אזוי אויף פאר דיא קראנקע. ווען ער האט געענדיגט דיא ערשטע רייהע, האט ער איהר זעהר העפליך געדאנקט פאר איהר הילף. זיא זיא אוועקגעגאנגען פון איהם אין אנאנדער זייט, האט געגעבען עפּעס דיא קראנקע, האט גערעדט און האט זיי געטרייסט.

אזוי איז זיא ארומגעגאנגען ווייטער, ביז זיא איז צוגעקומען צו איין בעטעל אין

ווינקעל. דאָרט איז געלעגען איינער גאַנץ שטיל און רוהיג. זיא האט זיך צוגעבויגען צו איהם — ער איז טויט. זיינע אויגען זיינען גְעווען אָפען און וויא פערגלעזערט. אויף דער רעכטער ברוסט איז געווען א גרויסע וואונד. דער זוים פון דער וואונד איז געווען שוואַרץ, וויא קויל. אין דער מיט האט זיך נאך געוויעזען בלוט און אייטער (מאטעריא). זיא האט ארויפגעלעגט דיא האַנד אויף זיין שטערן. — דער שטערן איז געווען קאַלט וויא אייז. ער איז נאך געשטאָרבען אויפ'ן וועג און מען האט עס ניט בעמערקט.

אַננא באַלצער איז געשטאַנען א פּאָר מינוטען און האט בעטראַכט דיעזעס שרעקליכע בילד. פּלוצלונג האט זיא דערהערט, אז מען רעדט עפּעס הינטער איהר. זיא האט זיך אומגעקוקט און דערזעהן איינינע דאַמען שטעהן ארום א פערוואונדעטען אולאַנער.

צווישען דיא דאַמען איז געשטאַנען דיא גרעפין פראַנקענשטיין מיט איהר טאָכטער, קלאַראַ. דיא יונגע גרעפין איז געווען אויפגערעגט פון דיא שרעקליכע סצענעס ארום איהר און איז געווען נאך שעהנער, וויא פריהער.

— פאר דיעזען קראַנקען מוז איך עפּעס טהאָן, מוטער, האט זיא געזאגט און האט איהר געוויעזען אויפ'ן מונדיר פון'ם פערוואונדעטען. — איך געהער דאָך אויך שוין אביסעל צום אולאַנען רעגימענט.

זיא איז צוגעגאַנגען נעהנטער צום פערוואונדעטען, האט אויסגעטהאָן איהרע האַנדשוה און האט אנגעהויבען צורעכט צו מאַכען דיא בינדע פון'ם פערוואונדעטען. ער האט געהאט א וואונד אין קאָפּ און זיין גאַנצעס געזיכט מיט'ן קאָפּ איז געווען פערבונדען. אויפ'ן וועג האבען זיך דיא באַנדאזשען צורוקט און מען האט זיי געדארפט צורעכט מאכען.

אננא באַלצער האט געהערט, וואס קלארא האט געזאגט, אז זיא געהערט שוין אויך אביסעל צום אולאַנען רעגימענט. זיא איז איז געוואָרען בלייך, וויא דער טויטער, וועלכער איז געלעגען פאר איהר. א ווילדער, בייזער, אונמענשליכער האַס האט זיך אנגעצונדען אין איהרע אויגען. איהר שעהנעס געזיכט האט זיך פּלוצלונג פערענדערט, עס איז געוואָרען ווילד און אונמענשליך.

— דא איז דער טויט אין זיין שרעקליכסטער געשטאַלט, האבען איהרע ליפּען געשטאַמעלט, און דאָרט איז לעבען, פרעהליכעס, גליקליכעס לעבען. — ניין! . . . .

שנעל, וויא אַ בליץ, האט זיא ארויסגענומען פון איהר קערבעלע א קליין שעערעלע מיט א גאָלדענער הענטעל, האט זיך אנגעבויגען אויפ'ן טויטען, האט אריינגעשטעקט דאס שעערעלע אין דער וואונד אויף דער ברוסט פון'ם טויטען. דאַן האט זיא גענומען איהר קלאַר ווייסעס באַטיסט טוך און האט עס איינגעטונקט אין דעם בלוט און אייטער פון דער וואונד.

אין א סעקונדע האט זיך איהר געזיכט פערענדערט. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא איז עפּעס דערשראָקען און אויפגערעגט. זיא איז צוגעלאָפען צו דיא דאַמען, וואו קלַאַראַ איז געשטאַנען און האט נור וואס געוואָלט אָפּשניידען א שטיק בינדע פאַרן פערוואונדעטען אולאַנער.

— אום גאָטעס ווילען! האט אננא באַלצער אויסגערופען טרויעריג. ניט מיר

א שטיקעל ליינוואנד! א ביסעל אָ דע קאָלאָן — איך האב אלעס אוועקגעגעבען. — דאָרט שטארבט איינער! — מען קוקט זיך אויף איהם ניט אום.

זיא איז צוגעלאָפען גלייך צו קלארא פראנקענשטיין און האט גענומען דעם באנד וועלכערן קלארא האט געראדע געהאלטען אין האנד. זיא האט אפגעשניטען א שטיקעל מיט איהר שעערעלע. קלארא האט געגעבען א געשריי. — אין דער איילע האט אננא באלצער איהר א שניט געטהאן אין דער האנד. פון׳ם שניט האט אנגעהויבען צו טריעפען בלוט.

— אך, וויא אונגעשיקט איך בין! האט אננא באלצער אויסגערופען מיט א רחמנות פנים. — אך, ענטשולדיגט! איך האב אייך צושניטען דיא האנד מיט מיין שעעריל.

און איידער קלארא האט נאך צייט געהאט עפעס צו אנטוואָרטען, האט אננא געחאפט איהר ווייסעס באטיסטענעם טאשענטוך און האט ארומגעבונדען דעם שניט.

— אה, עס איז גאר ניט, עס איז גאר ניט! האט קלארא געזאגט. וואס איז א קליינער שניט אין דער האנד געגען דיעזע געפעהרליכע וואונדען, וואס מיר זעהן ארום אונז? — קומט בעסער צו אייער שווער פערוואונדעטען.

זיא האט געוואלט צוריקנעהמען איהר האנד, מאדאם באלצער אבער האט זיא ניט אפגעלאָזען, ביז זיא האט זיא אזוי פערבונדען, אז דאס בלוט איז געשטילט געוואָרען.

— לאמיר בעסער צוגעהן צום שווער פערוואונדעטען, האט קלארא געבעטען. אננא באלצער האט זיי צוגעפיהרט צום שווער פערוואונדעטען.

— ער איז טוידט! האבען אויסגערופען איינינע. דא קען שוין קיינער גאר ניט העלפען.

אננא האט זיך אומגעקוקט, וויא איבערראשט.

— יא, ער איז טוידט, האט זיא געזאגט. — מיר זיינען געקומען צו שפעט. — מעגליך, אז פריהער וואלט מען איהם נאך געקענט עפעס העלפען.

זיא האט זיך אנגעבויגען אויפ׳ן טוידטען און האט עפעס געמאכט מיט דיא ליפען, גלייך וויא זיא וואלט געזאגט א געבעט. אלע דאמען זיינען געווען געריהרט. ביי אייניגע האבען זיך געוויעזען טרערין אין דיא אויגען. מאדאם באלצער האט ענדליך צוגעדעקט דעם טוידטען מיט זיין מונדיר. דיא דאמען זיינען זיך צונאנגען צו דיא אנדערע בעטלעך.

קיינער האט ניט געזעהן, וואס דא איז פאָרגעקומען. קיינער האט ניט בעמערקט, וואס דא איז געשעהן. קיינער האט ניט פערשטאנען, וואס פאר א שרעקליכע דראמא דא האט זיך אפגעשפיעלט אין דיא איינינע מינוטען. נור איין פאר גרויסע, שווארצע אויגען האבען אלעס געזעהן, אלעס בעמערקט און אלעס פערשטאנען. דיעזע פאר אויגען האבען געהערט צו גראף דע ריווערא. ער איז געשטאנען אין א ווינקעל און האט קיין אויג ניט אראפגעלאזען פוןביידע שעהנע, יונגע פרויען. ער האט זיך אבער בעמיהט, אז זיי זאלען איהם ניט בעמערקען.

אין איינינע שטונדען ארום איז דער גרויסער זאל געווען ליידיג. איינינע קראנקע — דיא לייכט פערוואונדעטע — האט מען אוועקגעשיקט אין אנדערע שטעדט ארום וויען. אנדערע — דיא שווער פערוואונדעטע — האט מען אוועקגעטראגען אין דיא שפיטעלער אין וויען. דיא טוידטע האט מען צונויפגעוואָרפען אין א גרויסען אמ בולאנס־וואגען און מען האט זיי אוועקגעפיהרט אין אן אָרט, וואו עס איז ניטא קיין קריעג, קיין האס, קיינע וואונדען, קיינע שמערצען, קיינע ליידען; וואו אלעס איז שטיל, רוהיג און פריעדליך.

## 17טעס קאפּיטעל.

## דער יעזואיט.

באראן פאן שטילאוו האט געהאלטען וואָרט. אבענדס איז ער געקומען צו דער גרעפין פראנקענשטיין. מען האט געטרונקען טהעע, גערעדט, געפּלוידערט, זיך שטילערהייט געדריקט דיא הענד און פערבראכט זעהר אן אנגענעהמען אבענד. פּלוצלונג האט קלארא געזאגט, אז דיא האנד, אין וועלכער זיא האט זיך היינט א שניט געטהאן, טהוט איהר שטארק וועה. איהר מוטער האט געהייסען צולעגען קאלטעס וואסער. דאס קאלטע וואסער האט אבער ניט געהאלפען. דיא שמערצען זיינען געווארען מיט יעדע מינוט שטארקער. דיא האנד האט אנגעהויבען געשוואָלען צו ווערן.

באראן פאן שטילאוו איז געווארען אונרוהיג. ער האט ניט געקענט זעהן, וויא קלארא ליידעט. ער האט געזעהן, אז זיא ליידעט פיעל מעהר און פיעל שרעקליכער, וויא פיעל זיא זאגט. דיא אלטע גרעפין האט בעטראכט קלארא׳ס האנד און איז געווארען בלייך, וויא קאלך. זיא האט שוין עפּעס איבערגעזעהן אין איהר לעבען און האט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט ערקלערן, אז אזא לייכטער שניט אין דער האנד זאל אזוי וועה טהאן. נאך מעהר האט זיא בעאונרוהיגט דאס געשווילעכץ. דיא האנד איז מיט יעדער מינוט געווארען אלץ העכער און מעהר אנגעשוואָלען.

זיא האט געהייסען רופען זייער הויז־דאקטאר. ער איז באלד געקומען, האט בעטראכט דיא האנד און האט פערצויגען מיט דיא אַקסלען. ער האט אויך ניט פערשטאנען, וואס דאס איז. דער דאקטאר איז אויך ניט מעהר, וויא א מענש. ווען מען זאגט איהם ניט, וויא אזוי דיא קראנקהייט איז ענטשטאנדען, ווייס ער ניט וואס צו טהאן. ער האט פּראבירט אלע מעגליכע מיטעל — אבער קיין זאך האט ניט געהאלפען. דיא קראנקע איז געווארען מיט יעדע מינוט ערגער.

דיא קליינע וואונד, וועלכע האט ביז א הער אויסגעוויעזען, וויא א גאנץ לייכטער ריס, האט פּלוצלונג בעקומען א גאנץ אנדערע פּארב. עס האט זיך געוויעזען א שמאלער, דינער, דונקעל־בלויער פּאס אויף דעם אָרט. דער דאקטאר איז געווארען זעהר אונרוהיג. ער האט אנגעהויבען אויסצופאָרשען און אויסצופרעגען, וויא אזוי זיא איז געקומען צו דיעזער וואונד און האט ענדליך קוים ארויסגעקריעגען דיא גאנצע געשיכטע, וויא אזוי דיא וואונד איז ענשטאנען. ער איז געווארען ערנסט. ער האט געקענט דיעזע קראנקהייט. קלארא איז פערגיפטעט דורך לייכענגיפט. דאס איז איינעס פון דיא שרעקליכסטע און געפעהרליכסטע גיפטען, צו וועלכע דיא מעדיצין ווייס נאך דערווייל קיין מיטעל ניט. דאס איינציגע, וואס וואָלט נאך געקענט העלפען, איז — אפּשניידען

דיא האנד. דערצו אבער האט ער זיך ניט געקענט ענטשליעסען. ער איז ניט געוועזן קיין כירורג, קיין אָפּעראַטאָר. אין אזא פאל מוז מען האבען דעם גרעסטען אָפּעראַטאָר פון וויען און פון דער גאנצער וועלט, דאקטאר ביללראָטה. וואו נעהמט מען איהם אבער יעצט? דיא אוניווערזיטעט איז געשלאסען, מענליך, אז ער איז גאר אין שטאדט ניטא.

באראן פאן שטילאוו איז ניט אפּגעטרעטען פון זיין בראוט. ער האט פון מע־דיצין גאר ניט פערשטאנען. ער האט אבער געזעהן, אז דיא קראנקהייט איז זעהר אן ערנסטע. ער האט זיך גוט צוגעקוקט צום דאקטאר און האט געזעהן, וויא ער קנייטשט אלע מאל דעם שטערן און פערטראכט זיך. ער האט ניט געוואוסט, וויא גרויס דיא געפאהר איז; ער האט אבער געוואוסט, אז קלארא איז אין א געפאהר.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. קיינער איז ניט געשלאפען אין הויז פון דעם גרעפין פראנקענשטיין. דיא דיענער זיינען געלאפען אלע מאל אין אפטייק נאך מעדי־צין. דיא אלטע גרעפין און דער באראן האבען איינגעגעבען דער קראנקער דיא מעדיצין. דער דאקטאר איז ניט אפּגעטרעטען פון דער קראנקער און האט יעדעס מאל בעטראכט, וויא אזוי זיין מעדיצין ווירקט. ענדליך, האט ער געגעבען קלאראַ'ן א שלאף־מיטעל.

— לאז זיא וועניגסטענס שלאפען און ניט פיהלען דיא שרעקליכע שמערצען, האט דער דאקטאר געזאגט. אין דער פריה וועלען מיר שיקען רופען פראפעסאר אפּאלצער.

ער האט מורא געהאט צו זאגען, אז מען מוז רופען פראפעסאר ביללראָטה. אלע האבען געוואוסט, אז פראפעסאר ביללראָטה רופט מען נור דאן, ווען מען דארף מאכען א שווערע אָפּעראַציאָן.

ווען קלארא איז אנטשלאפען געוואָרען, האט דער דאקטאר געהייסען דער אַל־טער גרעפין און באראן פאן שטילאוו, זיי זאלען אויך געהן זיך אביסעל צולעגען. ער וועט דערווייל וואכען ביי דער קראנקער. זיי האבען צוואר ניט געוואָלט אוועקגעהן פון דער קראנקער. דער דאקטאר האט אבער געהייסען און זיי האבען איהם געמוזט פאָלגען.

דיא אלטע גרעפין איז געגאנגען זיך צולעגען אין איהר צימער. דער באראָן האט געמוזט פאהרען א היים. עס האט ניט געפּאסט, ער זאָל נעכטיגען ביי זיין בראוט. דיא אריסטאקראטען זיינען זעהר שטרענג און האבען ליעב צו פערארורטהיילען א מענ־שען. מען קען רעדען אין שטאדט, מען קען פלוידערן. דאס האט דיא אלטע גרעפין אויף קיין פאל ניט געוואלט דערלאזען.

ער האט געמוזט פאהרען א היים. ער האט זיך ניט אויסגעטהאן און האט זיך אניעדערגעוואָרפען אויף א דיוואן ביי איהם אין זאל. ער איז געווען שרעקליך מיעד און אויפגערעגט און האט ניט געקענט שלאפען. יעדע שטונדע האט ער געשיקט א דיענער צו דער גרעפין פראנקענשטיין, פרעגען, וואס קלארא מאכט. אזוי איז פער־גאנגען דיא צייט. עס איז געווארען ניין אוהר. דער דיענער, וועלכען ער האט געשיקט צו דער גרעפין, איז נור וואס צוריקגעקומען און האט געמעלדעט, אז דיא יונגע גרעפין שלאפט און מען ערוואַרטעט יעדע מינוט דעם פראפעסאר אפּאלצער.

דער באראן איז אויפגעשטאנען, האט זיך אפגעוואשען, פערקעמט און זיך אנ־געטהאן. ער האט געוואלט פאהרען צו דער גרעפין, הערן, וואס דער גרויסער פראָ־פעסאר וועט זאגען, ווען דער דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— גראף דע־ריווערא.

דעם באראן איז דיעזער פריהער בעזוך געווען זעהר אונאנגענעהם. ער האט געברענט פאר נייגיערדע צו הערן, וואס דער גרויסער פראפעסאר וועט זאגען וועגען דער קראנקהייט פון זיין בראוט, און דא קומט נאר א וויזיט — און נאך אזוי פריה! — עס איז נאר ניט אריסטאקראטיש, א בעזוך זאל קומען אזוי פריה. וואלט עס געווען אן אנדערער, וואלט ער איהם געוויס געווען אפגעזאגט. ער וואלט געפונען אן אריסטא־קראטישען תירוץ: ער איז ניטא אין דער היים, ער איז קראנק, אדער ער שלאפט נאך. גראף דע ריווערא אבער האט ער ניט געקענט אפזאגען. דער גראף האט זיך א מאל געוויעזען געגען איהם אזוי גראסמוטהיג און אזוי עדעל, אז ער האט איהם געמוזט אויפנעהמען. ער האט געהייסען דעם דיענער, ער זאל איהם אריינפיהרען.

גראף דע־ריווערא איז באלד אריינגעקומען. ער איז געווען ערנסט, רוהיג, פריש און עלעגאנט, וויא אימער. ער איז צוגעגאנגען צום יונגען מאן, האט איהם א קוק געטהאן אין דיא אויגען, האט איהם געגעבען דיא האנד און האט געזאגט:

— איך האב געהערט, אז איהר זייט צוריקגעקומען פון'ם קריעג און בין געקומען אייך בעגריסען און אייך ווינשען גליק, וואס איהר זייט אזוי גליקליך ארויס פון דיא געפאהרען פון'ם קריעג.

— איהר זייט זעהר פריינדליך, הערר גראף, און איך דאנק אייך זעהר פאר אייער פריינדליכקייט, האט דער באראן געענטפערט.

גראף דע ריווערא איז נאך אלץ געשטאנען. ער האט זיך אומגעקוקט, גלייך וויא ער וואלט ערווארטעט, אז דער באראן זאל איהם בעטען זיצען. דער באראן אבער האט אראפגעלאזען דיא אויגען און איז געזעסען, וויא צומישט. פלוצלונג האט ער זיך דערמאנט, אז ער איז זעהר אונהעפליך. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געזאגט.

— הערר גראף! עס פרעהט מיך זעהר אייך צו זעהן — לײדער, מוז איך אייך בעטען, איהר זאלט זיין אזוי גוט און מיר ערצייגען דיא עהרע פון אייער בעזוך אנאנ־דערעס מאל. — עס מאכט מיר א גרויסע עהרע און א גרויס פערגניגען מיט אייך צו רעדען — אבער — יעצט — בין איך זעהר אונרוהיג — זעהר בעזארגט —

— אונרוהיג? — בעזארגט? — האט דער גראף געפרעגט. קענט איהר מיר ניט זאגען דיא אורזאכע פון אייער אונרוהינקייט? — גלויבט מיר, אז איך פרעג עס ניט בלויז אויס נייגיערדע.

— איך קען עס אייך זאגען, האט דער באראן געענטפערט האסטיג. ער האט זעהר געוואלט לויז ווערן פון דיעזען בעזוך. — מיין בראוט.... איהר ווייסט געוויס, אז איך בין פערלאבט. — מיין בראוט....

— איך האב געהערט, אז איהר זייט פערלאבט און איך האב אייך געוואלט ווינשען גליק. —

— מיין בראוט איז עפּעס פּלוצלונג קראַנק געוואָרען, האָט דער באַראָן ענדליך ארויסגעזאגט. — עס איז א זאנדערבארער פאל. — איך האב נור וואס געוואלט פאַהרען צו איהר, זעהן, וואס זיא מאכט. — מען ערווארטעט יעדע מינוט דעם בעריהמטען פּראפעסאר אַפּאַלצער. — איך האב זעהר געוואלט הערן, וואס דער פּראָפּעסאָר וועט זאגען —

— מען האט גערופען דעם פּראָפּעסאר אַפּאַלצער אויף א קאנסיליום? האט גראף דע ריווערא אויסגערופען ערשטוינט. — מיין גאָט! — דאן מוז דיא קראנקהייט זיין גאנץ ערנסט. —

— דער פּאַל איז ווירקליך א זאנדערבארער, האט דער באַראָן געזאָגט. עס איז גאר ניט צו גלויבען. — א גאנץ לייכטער שניט אין דער האנד האט זיך אין א קורצע צייט ענטוויקעלט אין אן ערנסטע קראנקהייט. דיא האנד איז שטארק אנגעשוואלען און —

— א פערוואונדונג? — א וואונד? האט דער גראף געפרעגט ערשטוינט און איז געוואָרען גאנץ ערנסט. וויא אזוי איז דיא גרעפין געקומען צו איהר וואונד?

— זיא איז נעכטען געגאנגען בעזוכען דיא פערוואונדעטע סאלדאטען אין וואקזאל אויף דער נארד באהן. ביים פערבינדען דיא קראנקע האָט איהר א פרעמדע דאמע א שניט געטהאָן מיט א שעעריל. — עס איז געווען אזא לייכטער שניט, אז מען קען עס זאגאר ניט רופען קיין וואונד. — ביי נאכט אבער האט זיא אנגעהויבען צו פיהלען שרעקליכע שמערצען. דיא האנד איז געווארען שרעקליך אנגעשוואָלען. — עס האט זיך געוויעזען פיעבער. — דער הויזדאָקטאָר זאגט, אז עס איז מעגליך, אז אויפ׳ן שעעריל איז געווען עפּעס א מעדיצין, א שארפע זאך — ער וויים אליין ניט, וואס. ער האט געהייסען רופען דעם פּראָפּעסאָר אפּאלצער. — ענטשולדיגען זיא מיר, גראף! איך שטעהט אויף שפּילקעס. איך וויל הערן, וואס דער בעריהמטער פּראפעסאר וועט זאגען.

ער האט זיך פערנייגט און האט געוואלט אוועקגעהן. גראף דע ריווערא אָבער איז געשטאנען גאנץ רוהיג אויף זיין ארט, פערטיעפט אין געדאנקען. ווען דער באַראָן האט געוואלט אוועקגעהן, האט ער איהם צוריקגעהאלטען.

— ליעבער באראן, האט ער איהם געזאָגט. איך האב א מאל געזאָגט, אז איך בין אייער פריינד און איך אינטערעסיר מיך ווירקליך אין אייך. — נעהמט מיך מיט צו אייער בראוט! פיעללייכט וועל איך קענען אייך ניצליך זיין. — איך האב א מאל געלערנט מעדיצין. איך האב א מאל געוואלט אויספאָרשען אלע טיעפענישען פון דיעזער דונקעלער וויסענשאפט. איך האב מיך בעזאנדערס בעשעפטיגט מיט טאָקסיקאָלאָגיע, דאס הייסט, דיא וויסענשאפט פון גיפט און געגענגיפט. וויא אזוי צו היילען, ווען איינער איז פערגיפטעט. — איהר וויסט דאך געוויס, ליעבער באראָן, אז איטאַליען איז דאס לאנד, וואו מען קען בעסער אלערליי גיפטען, וויא אין דער גאנצער וועלט. איך האב אויסשטודירט דיעזע וויסענשאפט, איך קען זיא גוט. עס איז זעהר מעגליך, אז אויפ׳ן שעעריל פון יענער דאמע איז געווען עפּעס א גיפט. דאן וועל איך פיעללייכט זיין אים שטאנד איהר צו העלפען. — נעהמט מיך מיט צו אייער בראוט.

דער באראן איז געשטאַנען צומישט. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאל איהם ענטפערן. דער גראף האט איהם פערשטאנען.

— גלויבט מיר, ליעבער באראן, האט ער וויטער געזאגט, אז ניט יעדען וועל איך אנבאטען מיין הילף. — נור א פריינד און דאָרט וואו עס איז ווירקליך דא א געפאהר, דאָרט קום איך צו הילף, ווען איך קום שוין אבער, בין איך זיכער, אז איך וועל העלפען.

דער באראן האט געטראכט א פאר מינוט. פלוצלונג האט ער געגעבען דעם גראף דיא האנד און האט געזאגט האסטיג:

— קומט גראף, קומט מיט מיר!

— איהר וועט מוזען מיט מיר פאהרען צו מיר אהיים, האט דער גראף געזאגט. איך מוז מיטנעהמען איינינע איסטרומענטען און איינינע מעדיצינישע מיטעל. — איך האב פיינד דיא אפטייקען. איך מאך מיר ליעבער מיינע מעדיצינען אליין, ביי מיר אין דער היים.

אנשטאט אן אנטוואָרט האט דער באראן אנגענומען דעם גראף ביי דער האנד און איז מיט איהם ארויסגעגאנגען פון זאל. אין דרויסען איז שוין געשטאַנען דעם באראן׳ס דראָשקע. זיי האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען באלד צוגעפאָהרען צום גראף׳ס קווארטיר. דער גראף איז אראָפּגעשפרונגען פון דער דראָשקע, וויא א יונגער מאן פון אכצעהן יאהר, איז ארויפגעלאפען אויף דיא טרעפּ און איז באלד ארויסגע-קומען מיט א קליין, שווארץ קעסטעלע אין דער האנד.

אין איינינע מינוט ארום זיינען זיי צוגעקומען צום פּאלאַץ פון דער גרעפין פאלקענשטיין. ווען זיי זיינען אריינגעגאנגען אין גרויסען, העלען קארידאר, האבען זיי דערזעהן, וויא דיא דיענער שטעהן אַלע זעהר טרויעריג.

— וואס מאכט דיא גרעפין קלארא? האט באראן פאן שטילאָוו געפרעגט דערשראָקען.

— אך! האט געזיפצט איינער פון דיא דיענער און טרעהרין האבען זיך איהם געשטעלט אין דיא אויגען. — אך! עס ווייזט אויס זעהר שלעכט! — מען האט שוין געשיקט נאך א גייסטליכען. — מען האט צו אייך אויך געשיקט, העדר באראן.

דער באראן איז אריינגעלאפען, וויא א דונער אין זאל. — דער זאל איז געווען לעדיג. מען האט איבערגעטראגען דיא קראנקע אין איהר שלאף-צימער. דיא אלטע גרעפין איז לעבען איהר. דער דאקטאר איז וואהרשיינליך אוועקגעגאנגען. ווען מען רופט שוין א גייסטליכען, קען שוין דיא וויסענשאפט ניט העלפען. ער איז ארומגע לאָפען אין זאל, וויא א וואהנזיניגער. גראף דע ריווערא איז געשטאַנען לעבען א שטוהל רוהיג און געפאסט.

באלד איז ארויסגעקומען דיא אלטע גרעפין. זיא האט געוואָרפען א שנעלען בליק אויפ׳ן גראף. ער איז איהר געווען בעקאנט. זיא האט איהם עטליכע מאל בעגעגענט אין געזעלשאפט, יעצט איז אבער קיין צייט ניט געווען פאר העפליכקייטען. ייא איז גלייך צו געלאָפען צום באראן.

— מוטער! וואס מאכט קלארא? האט דער באראן אויסגערופען מיט פער־צווייפלונג אין זיין שטימע.

— אך, באראן! א שווערעס אונגליק האט אונז געטראפען! האט געוויינט דיא אלטע. א גרויסעס אונגליק! ווען גאָט וועט ניט טהאן א וואונדער, איז זיא—

זיא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, איז געפאלען אויף א שטוהל און האט אנגעהויבען שרעקליך צו וויינען.

— איז געוועזען דער פראָפעסאָר אָפּאליצער? — וואס האט ער געזאגט?

— ער איז געוועזן. ער זאָגט, אז קלארא איז פערגיפטעט. דאס איז לייבענגיפט. זיא האט זיך געווים אנגעריהרט אן א לייבע. — אך! עס איז שפעט! ער האט מיר קיין האָפנונג ניט געגעבען!

— איך וויל זיא זעהן! האט אויסגערופען דער באראן. פיהרט מיך, מוטער, צו איהר, צו מיין קלארא.

— דער נייסטליבער איז יעצט ביי איהר, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט. ער טרייסט זיא מיט דיא ווערטער פון גלויבען.

גראף דע ריווערא איז יעצט צוגעגאנגען צו דער גרעפין און האט זיך פאר איהר פערנייגט.

— איהר קענט מיך, גרעפין, האט ער איהר געזאגט. מיר האבען זיך ניט איין מאל בעגעגענט ביים מיניסטער מענסדאָרף. באראן פאן שטילאָוו איז מיין פריינד.— ער האט מיר דערצעהלט, וואס פאר אן אונגליק עס האט אייך געטראפען. איך האב אויך א מאל שטודירט מעדיצין. איך האב דאהער געבעטען דעם באראן, ער זאל מיך פיהרען צו זיין בראוט. איך האב אייניגע מיטעל, פון וועלכע דיא נייע דאקטוירים ווייסען נאך גאר ניט. — ווען איהר זאלט וועלען מיר שענקען דאס צוטרויען און מיך פיהרען צו אייער טאָכטער, וואלט איך פראָבירט מיינע מיטעל. איך האָף צו גאָט, אז מיינע מיטעל וועלען ווירקען און אייער טאָכטער וועט זיין געֿרעטעט. —

דיא גרעפין האט איהם אויסגעהערט מיט שטוינען.

— איהר? גראף דע ריווערא? איהר זייט א דאקטאָר? האט זיא ענדליך אויסגערופען.

— איך בין א דאָקטאָר, ווייל איך האב ליעב דיא מעדיצין, אלס וויסענשאפט. איך בין ניט קיין דאקטאָר פאר געלט, איך בין נור א דאָקטאָר פאר מיינע גוטע פריינד.

— מוטער! האט אויסגערופען דער באראן, איך בעט אייך, פיהרט אריין דעם גראף צו קלאראַ'ן! מיר מוזען יעצט אננעהמען יעדע הילף, וואס מען באָט אונז אָן. — אך, גאט! מיר קענען זיא נאך פערליערען!

— איך דאנק אייך, הערר גראף, פאר אייער הילף, האט ענדליך דיא גרעפין געזאגט. ענטשולדיגט מיר, וואס איך האב מיך געוואלט איבערלעגען. — מיין קינד! דאס לעבען פון מיין קינד! — מיין קלארא! —

זיא האט ווידער אנגעהויבען צו וויינען.

— בעדענקען און איבערלעגען אין אזא פאל קען ווערן געפעהרליך, האט דער גראף געזאגט ערנסט.

דיא גרעפין האט זיך נאך אלץ ניט געריהרט פון'ם ארט. זיא האט נאך אלץ מורא געהאט צו פערטרויען איהר קינד דעם וועניג בעקאנטען גראף דע ריווערא. אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער גייסטליכער איז ארויסגעגאנגען פון קלארא'ס שלאף־צימער. דיא גרעפין האט איהם אנגעקוקט.

— גרעפין קלארא איז רוהיג און ערגעבען, האט דער גייסטליכער געזאגט. איך האב מיט איהר גערעדט ווידוי. זיא איז בערייט צו קומען פאר גאט, ווען ער וועט זיא רופען.

— אך, מיין גאט! האט אויסגערופען דער באראן. — מוטער! נעהמט אן דיא הילף, וועלכע דער גראף דע ריווערא באט אייך אן! פראבירט זיין מיטעל!

דיא שטאלצע, געבראטענע אריסטאקראטין האט זיך נאך ניט געוואלט אונ־טערגעבען. זיא האט זיך געווענדעט צום גייסטליכען און האט איהם געזאגט, ריכטיגער, געפרעגט:

— דער גראף דע ריווערא זאגט, אז ער האט עפעס א מיטעל צו רעטען מיין טאכטער. — איך ווייס ניט. ענטשולדיגען זיא, הערר גראף, וואס איך איבערלעג מיך אזוי פיעל — איך בין דאך א מוטער — פראפעסאר אפאלצער האט געזאגט, ער וועט באלד קומען נאך אמאל. — איך ווייס ניט. —

דער גייסטליכער האט געווארפען א פארשענדען בליק אויף גראף דע ריווערא.

— געוויס, איז עס זעהר אן ערנסטע פראגע, האט ער געזאגט. עס איז זעהר שווער צו ראטהען אין אזא פאל.

— מיט יעדער מינוט ווערט דיא קראנקהייט אלץ געפעהרליכער און שווערער צו היילען, האט דער גראף געזאגט פעסט און ערנסט. — איך מיין, אז דער הערר גייסטליכער וועט מיר אויך צו געבען, אז אין אזא פאל, וואו יעדע סעקונדע, איז טהייער, מוז מען אנווענדען אלע מיטעל, וועלכע שטעלען זיך אונז פאר.

ביי דיעזע ווערטער האט ער געקוקט דעם גייסטליכען אין דיא אויגען. ווען ער האט געענדיגט, האט ער אויפגעהויבען דיא האנד און געמאכט עפעס א צייכען, וועלכען קיינער, אויסער דעם גייסטליכען, האט ניט בעמערקט. קוים האט דער גייסט־ליכער דערזעהן דעם צייכען, האט ער זיך אין גאנצען פערענדערט. ער האט אראפ־געלאזען דיא אויגען, גלייך וויא ער וואלט זיך פערשעהמט, און האט איינגעבויגען דעם קאפ פארן גראף.

— גנעדיגע פרוי, האט ער געזאגט צו דער גרעפין. איך זעה, אז גאט אליין שיקט אייך צו א מיטעל. פאר וואס זאלט איהר עס ניט פראבירען? — וואס וועט איהר ענטפערן גאט, ווען ער וועט אייך פרעגען, פאר וואס איהר האט ניט אנגענומען דיא הילף, וואס ער האט אייך געשיקט?

דיא גרעפין האט אנגעקוקט דעם גייסטליכען פערוואונדערט. ערשט ניט לאנג האט ער עפעס אנדערש געזאגט. זיא איז אבער געווען אזוי פערגלייבט אין איהם, אז זיא האט מעהר זיך ניט איבערלעגט.

— אלזא, קומט, גראף!

אלע זיינען יעצט געגאנגען צום צימער, וואו דיא קראנקע איז געווען.

אויף א רייבען, גערוימיגען בעט איז געלעגען דיא קראנקע, בלייך, מאט און שוואך. דיא שטארק אנגעשוואלענע האנד איז געלעגען אויף דער דעק. לעבען בעט איז געזעסען א פעלדשערין, וועלכע האט אלע מאל געלעגט קאלטע קאמפרעסען צו דער האנד און האט זיי בענאסען מיט א מעדיצין פון א פלאש.

ווען דער באראן איז אריין אין צימער און האט זיא דערזעהן ליעגען אזוי בלייך, אזוי שוואך און אזוי פערטראכט, איז ער צוגעלאפען צו איהר בעט, איז געפאלען אויף דיא קניע און האט אנגעהויבען צו וויינען:

— קלארא! ליעבע קלארא! פערלאז מיך ניט!

— אך, וויא שעהן איז דאס לעבען! האט קלארא געזיפצט. וויא שעהן איז דיא וועלט! וויא שווער איז עס זיך פון איהר צו שיידען.

דער באראן האט ניט געענטפערט. ער איז נאך אלץ געלעגען אויף דיא קניע און האט געוויינט שטילערהייט. גראף דע־ריווערא איז צוגעגאנגען צום בעט און האט געזאגט מיט זיין פעסטער, זילבער־העלע שטימע:

— פערליערט ניט דיא האפנונג, גרעפין. גאט וועט העלפען.

ער האט אנגעריהרט דעם באראן'ס פלייצעס גאנץ לייכט און האט איהם געזאגט:

— הערר באראן, טרעט אפ אביסעל, דיא צייט איז טהייער. מיר טארען קיין מינוט ניט פערליערען.

דער באראן האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך געשטעלט צופוסענס פון'ם בעט. גראף דע־ריווערא האט לאנגזאם אראפגענומען דיא קאמפרעסען פון דער געשוואלענער האנד. יעצט ערשט האט מען געזעהן, וויא וויט דיא קראנקהייט האט שוין געגרייכט. אונטען, וואו דער שניט איז געוועזן, איז דיא גאנצע האנד געווען דונקעל-בלוי. פון דער וואונד האבען זיך געצויגען בלויע פאסען ביז צו דער פלייצע. דער גראף האט בעטאפט דיא האנד און האט פראבירט דריקען דיא בלויע פאסען. זיי זיינען געווען הארט און האבען זיך ניט נאכגעגעבען דעם דרוק פון'ם פינגער. וואו דאס לייב איז נאך געווען ריין, איז עס געווען ווייך און האט זיך נאכגעגעבען דעם פינגער. מיט א שארף אויג פון א גרויסען קענער האט דער גראף בעטראכט דיא האנד און האט ענדליך געזאגט:

— עס איז ריכטיג, דאס איז לייבען־גיפט. דיא קראנקהייט איז שוין אביסעל צו וויים. נאך א פאר שטונדען און עס וואלט שוין געווען צו שפעט.

ער האט געעפענט דאס שווארצע קעסטעלע, וועלכעס ער האט מיטגעבראכט, און האט עס געשטעלט אויפ'ן טיש. אין קעסטעלע זיינען געווען אייניגע אינסטרומענטע, א פאר אפעראציאן'ס־מעסער און עטליכע פלעשעלעך פון פיינעם, געשליפענעם קריסטאל. ער האט גענומען א קורצען, שמאלען מעסער מיט א גאלדענער הענטעל און מיט א גלענצענדער, ריין פאלירטער קלינג.

— ענטשולדיגען זיא, גרעפין, האט ער געזאגט דער קראנקער, עס וועט אייך וועה טהאן, איך וויים עס. איך קען אבער ניט אנדערש. עס איז נאטהווענדיג.

— עס טהוט מיר אזוי אויך שטארק וועה, האט קלארא געענטפערט.

ער האט ניט געוואָרט אויף איהר ענטפער. שנעל, וויא א בליץ האט ער גענומען דיא קראנקע האנד, האט געמאכט מיט'ן מעסער צוויי טיפע שניט אין דער בריים און אין דער לייננ, וויא א קרייץ.—א שטראָם פון שווארצעס, פערבאקענעס בלוט, געמישט מיט שטיקער גרויע, שטינקעדיגע אייטער האט זיך געוויעזען פון דיא שניט, וואס ער האט געמאכט.

— ליינוואנד און בינדען! האט ער בעפוילען.

מען האט איהם דערלאנגט ליינוואנד און בינדען. ער האט אויסגעקוועטשט דיא וואונדען, האט אפגעווישט דאס בלוט מיט'ן אייטער מיט דער ליינוואנד, ביז דיא וואונדען זיינען געבליעבען גאנץ ריין. דאן האט ער גענומען איינע פון דיא פלעד־שעלעך, האט עס פּאָרזיכטיג געעפענט און האט אריינגעגאָסען דאס וואסריל אין דיא וואונדען.

קלארא איז געווארען בלייך. איהרע ליפּען זיינען געווארען בלוי און זיא האט פערמאכט דיא אויגען.

— טהוט עס וועה? האט איהר דער גראף געפרעגט.

— שרעקליך! איך קען ניט אויסהאלטען, האט זיא קוים ארויסגעהויבט.

יעצט האט דער גראף גענומען א גאנץ קליינעם גאלדענעם שפּריצעריל מיט א שארפער נאדעל. ער האט געעפענט אן אנדער פלעשעלע, האט אריינגעלאזען דעם שפּריצעריל, ביז ער איז פול געווארען, און האט אנגעהויבען איינצושפּריצען אין דיא ערטער פון דער האנד, וואו דיא בלויע פּאסען האבען זיך געצויגען.

קלארא'ס געזיכט איז געווארען דונקעל־גרוי. זיא האט צונויפגעפרעסט דיא ליפּען און איז געלעגען, וויא א טוידטע.

דיא אלטע גרעפין האט געבראכען דיא הענד אין פערצווייפלונג. דער באראָן האט געוויינט שטילערהיים. דער גייסטליכער האט רוהיג צוגעזעהן, וואס דער גראף האט געטהאן. קוים אבער האט דער גראף אויף איהם א קוק געטהאן, האט ער אראפּגעלאזען דיא אויגען.

דער גראף דאגעגען איז געוועזען גאנץ רוהיג. ער האט געטהאן אלעם אזוי גע־שיקט און אזוי קינסטליך, גלייך וויא ער וואלט געוועזען א געבאָרענער דאָקטאָר. ער האט אלץ בעטראכט דיא האנד. פּלוצלונג האט ער אפּגעלאזען דיא האנד, האט געעפענט א דריטעס פלעשעלע און האט זיך געהייסען געבען א האלבע גלאז וואסער. לאנגזאם און פּאָרזיכטיג האט ער אפּגעצעהלט זעקס טראָפּען פון'ם דריטען פלעשעלע אין וואסער. דיא פליסיגקייט אין פלעשעלע איז געוועזען וויים, דאס וואסער אין גלאז איז געוועזען גאנץ ריין. קוים אבער האט ער אריינגעגאסען דיא זעקס טראָפּען, איז דאס וואסער געוואָרען בלוט־רויט און עס האט אנגעהויבען גאנץ לייכט צו זיעדען. א שטארקער, זאָנדערבארער גערוך האט זיך פערברייטערט אין גאנצען צימער.

גראף דע־ריוואָרא האט אנגעריהרט דעם שטערן פון דער קראנקער מיט א פינגער. זיא האט געעפענט דיא אויגען, איהר גאנצעס געזיכט אבער האט געציטערט און זיך צוזאמענגעצויגען, וויא פון קראמפּף.

— טרינקט דאס אויס! האט ער איהר געזאגט מיט א שטרענגען טאָן.

ער האט אויפגעהויבען איהר קאָפּ מיט איין האנד און מיט דער אנדערן האט ער איהר געגעבען טרינקען פון׳ם גלאז מיט׳ן רויטען וואסער.

לאנגזאם און מיט מיה האט קלארא אויסגעטרונקען דאס גלאז וואסער. דער גראף האט אניעדערגעלעגט איהר קאָפּ צוריק אויפ׳ן קישען און האט זיך צוגעקוקט צו איהרע מינען. עס זיינען פערגאנגען א פּאר מינוטען. דאס ציטערן פון איהר געזיכט האט צו־ביסלעך־ווייס אויפגעהערט. איהר געזיכט איז געווארען רוהיג. עס האט ווידער אנגעהויבען צו בעקומען דיא פארב פון א געזונדען מענשען. ענדליך האט זיא געעפענט דיא אויגען, האט זיך אומגעקוקט און האט א שמייכעל געטהאן.

— אך, וויא גוט פיהל איך מיך יעצט! האט זיא געזאגט שטיל, אבער דייטליך נענוג, אז אלע האבען עס געהערט.

אן אויסדרוק פון צופריעדענהייט האט זיך געוויזען אויף גראף דע־ריווערא׳ס געזיכט. פרייד און גליק האט געגלענצט אויף דיא געזיכטער פון אלע אנוועזענדע.

גראף דע־ריווערא האט זיך געווענדעט צו דער אלטער גרעפין און צום באראן און האט זיי געזאגט מיט אן ערנסטער, פייערליכער שטימע:

— איך האב געטהאן אלעס, וואס דיא מענשליכע קונסט און דיא וויסענשאפט האט נור געקענט טהאן. — יעצט שטעהט עס אין גאָט׳ס האנד, ער זאָל אייך שיקען דיא רפואה. בעט איהם, גרעפין! בעט גאָט, ער זאָל געבען מיינע מיטלען דיא קראפט צו פערניכטען דעם שרעקליכען גיפט.

— יא, יא! האט געזאגט דיא קראנקע. לאָמיר בעטען גאָט! לאָמיר אלע בעטען גאָט! — קום צו מיר, מיין געליעבטער, העלף מיר בעטען גאָט, ער זאָל מיך לאזען לעבען און געניסען דאס גליק פון דיין ליעבע.

דער באראן איז צוגעגאנגען צו איהר, איז געפאלען אויף דיא קניע פאר איהר בעט און ביידע האבען אנגעהויבען שטילערהייט צו בעטען. פּלוצלונג האט קלארא א ציטער געטהאן.

— אך, מיין געליעבטער! האט זיא אויסגערופען פערצווייפעלט. מיר קענען ניט בעטען צוזאמען. דוא געהערסט ניט צו מיין גלויבען. — אונזער געבעט קען ניט אנגענומען ווערן. דוא בעטסט צו אן אנדער גאָט.

זיא איז געוועזן א קאטהאָליקין, ער איז געוועזן א פּראָטעסטאנט.

— קלארא! האט אויסגערופען דער יונגער מאן. וואס רעדסט דוא? עס איז דא נור איין גאט אין הימעל. מיר בעטען ביידע צו דעמזעלבען גאָט.

— אך, ניין! מיין געליעבטער, האט קלארא געוויינט. עס איז דא נור איין וועג, וויא צו דיענען גאָט, דאס איז דיא וועג, וועלכע דיא הייליגע קאטהאָלישע קירכע וועיזט אונז. אלע אנדערע וועגען זיינען פאלש. — דוא געהסט אויף א פאלשען וועג.

דער באראָן איז געוועזן פערצווייפעלט. ער איז געוועזן ניט שטארק פרום און האט זיך קיין מאל ניט געקימערט וועגען גאָט־זאכען. פּלוצלונג האט זיין געליעבטע בעריהרט א פונקט, וועלכער איז איהם געוועזן העכסט אונאנגענעהם.

— קלארא! קלארא! האט ער געבעטען. רעד ניט פון אזעלכע זאכען. עס איז

דא נור איין גאט. ער העלפט יעדען, וועלכער בעט צו איהם. ער פרעגט ניט, אויב מען איז א איד, א טערק, א קאטוילוק אדער א פראטעסטאנט.

דער גייסטליכער האט בעטראכט דיעזע סצענע מיט א פארשענדען בליק. גראף דע ריווערא איז געשטאנען ערנסט, רוהיג און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט דיא העכסטע צופריעדענהייט.

— ניין, ניין! האט קלארא געענטפערט מיט טרערין אין דיא אויגען. נור דיא היילינגע קאטוילישע קירכע פיהרט אונז אויפ'ן ריכטיגען וועג צו גאט; נור זיא לערנט אונז, וויא אזוי צו בעטען און גאט הערט נור דעם, וועלכער בעט צו איהם, וויא זיא לערנט.

איהר געזיכט האט אויסגעדריקט טיעפען שמערץ און פערצווייפלונג. דער באראן האט זיך דערשראקען. ער האט געוואוסט, אין וואס פאר א געפאהר זיא איז און האט זיא ניט געוואלט קרענקען.

— קלארא! האט ער אויסגערופען. איך האב דיר געשווארען ליעבע און טרייע ביז אין טוידט. איך שווער דיר יעצט, אז איך וועל אננעהמען דיין גלויבען. איך וואלט איהם אנגענומען שוין, ווען עס זאל נור מעגליך זיין.

— עס איז מעגליך, האט זיך אפגערופען גראף דע ריווערא.

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון'ם בוזים א גאלדענעם קרייץ און האט איהם געוויעזען אלע אנוועזענדע.

— דיעזען קרייץ האט געטראגען דער היילינגער פאטער אין רוים, האט ער געזאגט ערנסט. ער האט איהם מיר געגעבען און מיט איהם האט ער מיר געגעבען דיא מאכט צו טהוען וואונדער. — באראן! איהר קענט יעצט אננעהמען אונזער היילינגען גלויבען, אט שטעהט דער גייסטליכער, וועלכער וועט אייך טויפען.

דער גייסטליכער איז געשטאנען ערשטוינט.

— וויא קען איך טויפען א מענשען דא, ניט אין א קירכע, אהן דיא היילינגע צערעמאניע? האט ער געפרעגט גאנץ שטיל.

גראף דע ריווערא האט ווייטער געמאכט דעם צייכען, וואס ער האט פריהער געמאכט. דער גייסטליכער האט א ציטער געטהאן.

— יונגער מאן, האט ער געזאגט צום באראן. איהר איבערלעבט יעצט א שווערע שטונדע. גאט האט פון אייערט וועגען געטהאן א גרויס וואונדער. ער וויזט אייך יעצט זיין גנאדע און רופט אייך אין זיין היילינגע קירכע. ווילט איהר שווערן, אז איהר זאגט אייך אפ פון אייער פראטעסטאנטישען גלויבען און נעהמט אן דעם קאטוילישען?

— איך וויל, האט דער באראן געענטפערט.

— פריעסטער, טהוט אייער פפליכט! האט גראף דע ריווערא געזאגט מיט אזא שארפען בעפעהלענדען טאן, אז דער גייסטליכער האט א ציטער געטהאן. — היער איז דער קרייץ.

מיט דיעזע ווערטער האט ער דערלאנגט דעם גייסטליכען דעם גאלדענעם קרייץ.

— קניעט ניעדער! האט דער גייסטליכער געזאגט.

דער באראן און דיא אלטע גרעפין זיינען געפאלען אויף דיא קניע. דער גייסט-

ליבער האט אנגעהויבען צו מאכען דיא צערעמאניע, וואס מען מאכט ביי א קאטהאָ־ לישער טויפע. דער באראן האט נאכגעזאגט ווארט אין ווארט, וואס דער גייסטליכער האט איהם געהייסען. ווען דיא צערעמאָניע האט זיך געענדיגט און דער באראן איז אויפגעשטאנען, האט איהם גראף דע ריווערא ארומגענומען, האט איהם א קוש גע־ טהאן אין שטערן און האט איהם געזאגט:

— ביז אהער זיינען מיר געווען פריינד, פון יעצט אן זיינען מיר ברידער.

קלארא האט איהם געוואונקען צו זיך, האט איהם געגעבען איהר געזונדע האנד און האט איהם געזאגט:

— איך דאנק דיר, געליעבטער! יעצט זיינען מיר פעראייניגט מיט לייב און זעעלע.

— יעצט מעגט איהר בעטען צו זאמען, האט גראף דע ריווערא געזאגט.

זיי האבען אנגעהויבען צו בעטען, אלע זיינען געווען אזוי איבערראשט פון דיעזער סצענע, אז קיינער האט ניט בעמערקט, וויא דער געזיכטס אויסדרוק פון גראף דע ריווערא האט זיך אלע מאל געענדערט. וויא א שלאנג קוקט מיט איהרע קאלטע, שטאָהלענע אויגען אויפין פיינעלע, וועלכעס זיא וויל פערשלינגען, אזוי האט דער גראף געקוקט אויף דיעזע צוויי שעהנע און רייכע קינדער. זיין אויג האט געזאגט: — יעצט זיים איהר מיינע! יעצט געהערט איהר מיר! קיינער וועט אייך שוין פון מיין מאכט ניט ארויסרייסען.

ווען זייער געבעט האט זיך געענדיגט, איז דער גראף צוגעגאנגען צום בעט און האט בעטראכט קלארא׳ס קראנקע האנד. — דיא בלויע פלעקען זיינען פערשוואונדען. דיא וואונד איז געווארען רויט און ארום איהר האבען זיך געוויזען וויסע בלאטער־ לעך. דיעזעלבע בלאטערלעך האבען זיך געוויזען אויף דער גאנצער האנד, דארט, וואו ער האט איינגעשפריצט.

— מיינע מיטעל ווירקען, האט ער געזאגט. יעצט בין איך זיכער, אז דיא גרע־ פין איז גערעטעט. יעצט קען איך אייך ווינשען גליק.

דער באראן האט אנגעהאפט זיין האנד און האט זיא אנגעהויבען צו קושען.

— וויא זאל איך אייך דאנקען, העדר גראף, פאר אלעס וואס איהר האט גע־ טהאן פון מיינעט וועגען? האט ער אויסגערופען העכסט דערפרייט.

— דאנקט גאט, האט דער גראף געענטפערט. ער האט היינט בעוויעזען צוויי וואונדער. ער האט גערעטעט דעם קערפער פון דער גרעפין פון א זיכערן טוידט און אייער זעעלע פון׳ם גיהנם אויף יענער וועלט.

פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו אלעמען און האט זיי געזאגט פייערליך און ערנסט.

— איך בעשווער אייך אלע, וועלכע זיינען היער אנוועזענד אין צימער, אז פון אלעם, וואס דא איז היינט פארגעקומען, זאל קיין מענש ניט וויסען. איהר ווייסט פון נאר נישט און עס איז גאר ניט געשעהן. — ווילט איהר שווערן דארויף?

— געוויס וועלען מיר שווערן, האט דיא אלטע גרעפין געזאגט, מיך וואונדערט אבער, פאר וואס איהר ווילט ניט, אז מיר זאלען אלעמען דערצעהלען גאטס וואונדער?

— גרעפין, איהר קענט דאך געוויס דיא היגע דאקטוירים מיט זייערע שטרענגע

געזעצע. ווען זיי וועלען געוואהר ווערן פון דיעזער וואונדערבארען היילונג, וועלען זיי מיך נאך פערקלאגען, אז איך האב קיין רעכט ניט צו פראקטיצירען אין וויען, אז מיין דאקטאר דיפלאם איז אין עסטעררייך ניט גילטיג און איך קען נאך האבען אונאנגעהמליכקייטען. עס איז בעסער פאר מיר, אז זיי זאלען דערפון ניט וויסען. דער בעריהמטער פראפעסאר אפאלצער וועט זיין ערשטוינט, ווען ער וועט הערן, אז פון אזא קראנקהייט איז מען געהיילט געווארען. ער וועט זיך ברעכען דעם קאפ צו פערשטעהן, וויא אזוי דאס איז מעגליך. — רעכט אויף איהם! לאז ער בעסער גלויבען אין גאט אלס אין זיין וויסענשאפט.

אלע האבען געשווארען, אז זיי וועלען קיינעם קיין ווארט ניט זאגען, וואס דא איז פארגעקומען און וויא אזוי קלארא איז געהיילט געווארען.

דער גראף האט נאך געגעבען איינינע בעפעהלע, וויא אזוי צו בעהאנדלען דיא קראנקע, האט איבער געלאזען עפעס א מעדיצין, וועלכעס ער האט געהייסען, אז מען זאל קיינעם ניט ווייזען און האט געזאגט:

— איך מוז יעצט געהן. אין א פאר שטונדען ארום וועל איך צוריק קומען, זעהן, וואס דיא קראנקע טהוט.

ער האט צונויפגעלעגט זיינע אינסטרומענטען און זיינע פלעשעלעך אין שווארצען קעסטעלע, האט עס פערשלאסען און איז ארויסגעגאנגען. ווען ער איז געקומען אויף דער גאס, האט ער צוגערופען א דראשקע און האט איהם געהייסען פאהרען צום הויז, וואו אננא באלצער האט געוואינט. ווען דיא רעדער פון דער דראשקע האבען געקנאקט אויף דעם הארטען פלאסטער פון וויען, האט זיך אויף זיין געזיכט געוויעזען א זאנדערבארער שמייכעל.

— איך האב היינט ערקעמפפט א גרויסען זיעג, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין. דער באראן איז זעהר רייך. ער וועט יעצט טהאן זעהר פיעל פאר דער היילינער קירכע.

באלד איז דיא דראשקע צוגעקומען צו אננא'ס הויז. דער גראף האט בעצאהלט דעם קוטשער און איז ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפ. זיין געזיכט האט זיך וויעדער פערענדערט. עס האט אנגענומען א הארטען, שטרענגען און פינסטערן אויסדרוק. דאס איז מעהר ניט געוועז דער העפליכער, עלעגאנטער גראף, ער איז יעצט געוועזן דער שטרענגער, פינסטערער יעזואיט.

ער האט האסטיג אנגעקלונגען און איז אריינגעגאנגען גלייך אין זאל. דארט איז דיא שעהנע פרוי געזעסען אויף איהר זיידענעם דיוואן און האט לוסטיג געפלוידערט מיט'ן יונגען איטאליענער, ראסטי, וועלכען מיר האבען שוין א מאל געזעהן ביי איהר אין זאל. ווען דער גראף איז אריינגעקומען, האט זיא זיך געווענדעט צו איהם מיט א זיסען שמייכעל און האט איהם געזאגט:

— מיר ווארטען שוין אויף אייך מיט אונגעדולד. דער ארימער ראסטי לאנגווייל זיך שרעקליך. ער האט נעביך דיא גאנצע צייט געמוזט פלוידערן מיט מיר. — וואו זייט איהר געוועזן אזוי לאנג?

— איך האב פערהיט א פערברעכען און א גרויסעס אונגליק, האט דער גראף געזאגט שטרענג און האט געקוקט דיא יונגע פרוי גלייך אין דיא אויגען.

א פערברעכען? האט דיא יונגע פרוי געפרעגט עטוואס פערוואונדערט. וואס פאר א פערברעכען?

— א גרויסעס און שווערעס פערברעכען, האט דער גראף ווייטער געזאגט שטרענג. א שלעכטער, ניעדערטרעכטיגער מענש האט געוואָלט טייטען אויף א שרעקליכער ארט א יונגעס מעדכען — דיא גרעפין קלארע פאן פראנקענשטיין.

אננא באלצער איז געווארען בלייך, וויא דאס ווייסע מארגענקלייד וואס זיא האט געטראגען. איהרע ליפען האבען געציטערט, זיא האט געאטהעמט שווער און האט אראפגעלאזען דיא אויגען. — זיא האט ניט געקענט אויסהאלטען דעם גראפ'ס שטרענגען בליק. — זיא האט געוואלט עפעס רעדען, אבער איהר האלז איז געווען, וויא צונויפגעצויגען מיט א שטריק.

דער גראף האט זיך יעצט געווענדעט צום יונגען מאן, וועלכער איז נאך אלץ געזעסען אויף זיין שטוהל פארן דיוואן.

— זעהט איהר דיעזע פרוי — ער האט געוויעזען מיט דער האנד אויף אננא באלצער. — זעהט איהר דיעזע פרוי, וועלכע האט ערשט צו אייך גערעדט — זיא איז א מערדערין! רוהיג און קאלטבלוטיג האט זיא נעכטען פערגיפטעט א יונגעס אונ־שולדיגעס מעדכען מיט דעם שרעקליכסטען גיפט, וואס איז נור דא אויף דער וועלט — לייכען גיפט. — און ווייסט איהר, פאר וואס זיא האט עס געטהאן? — נור דערפאר, וואס יענעס מעדכען איז געליעבט פון א מענשען, וועלכע דיעזע פרוי וויל, ער זאל זיא ליעבען. — איך האב פערהיט דאס אונגליק. גאט האט מיר געגעבען דיא קראפט צו רעטען דאס אפפער פון דיעזער מערדערין.

דער יונגער מאן האט געקוקט מיט שטוינען און מיט שרעקען אויף דער שעה־נער פרוי. אננא באלצער איז באלד געקומען צו זיך. זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט געזאגט שטאָלץ:

— הערר גראף, איהר ערלויבט אייך צופיעל! איהר רעדט צו מיר וויא א שטרענגער ריכטער. ווער האט אייך געגעבען דאס רעכט מיט מיר אזוי צו רעדען? וויא אזוי וואגט איהר עס מיך צו בעשולדיגען אין אזא שרעקליכען פערברעכען?

זיא האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען און איז געשטאנען פאר איהם אזוי שטאָלץ און אזוי פרעך, אז אנאנדערער וואלט זיך פאר איהר דערשראקען. גראף דע ריווערא אבער האט זיך ווייניג דערשראקען. ער האט אויפגעהויבען דיא האנד און האט אנגעהויבען צו רעדען מיט א שטילער, אבער שארפער שטימע. יעדער ווארט האט געשניטען, וויא א שארפעס מעסער.

— אננא פאן בירקענפעלד, איך האב דאס רעכט צו רעדען מיט דיר, וויא א שטרענגער ריכטער, וויל איך ווייס, אז דוא האסט ארויסגעגנב'עט דיא ברילליאנטען פון דיין אלטער מוטער, דיא באראנעסע פאן בירקענפעלד, און ביסט אנטלאפען מיט אן אקטער; איך האב דאס רעכט צו רעדען, וויא א ריכטער, ווייל איך ווייס, אז דוא האסט פערפיהרט א יונגען מאן, ער זאל בעגנב'ענען זיין פרינציפאל און

ביסט מיט איהם אנטלאפען קיין פאריז; איך האב דאס רעכט צו רעדען, ווייל איך בין געוועזען געסטערן אין וואקזאל אויף דער נארד באהן און האב אלעס געזעהן. איך האב דאס רעכט צו רעדען מיט דיר שארף און שטרענג, ווייל איך דארף נור זאגען איין ווארט און דיא וועלט וועט בעפרייט ווערען פון אזא ווילדעס טהיער, וויא דוא ביסט. — דוא קענסט מיך נאך ניט. דוא ווייסט ניט, אז איך לאז ניט אראפ קיין אויג פון דיר. ניט נור אלעס, וואס דוא טהוסט, ווייס איך, זאנדערן זאגאר אלעס, וואס דוא דענקסט צו טהאן. — היט זיך פאר מיר, אננא! —

וויא האמערשלעגע זיינען געפאלען דיא ווערטער פון'ם גראף אויף דער יונגער פרוי. ווען ער האט געענדיגט זיין רעדע, איז זיא געלעגען פאר איהם אויף דיא קניע און האט געבראכען דיא הענד אין פערצווייפלונג.

דער יונגער מאן, ראססי, האט זיא בעטראכט מיט מיטלייד און פעראכטונג צוגלייך. ער האט זיך קיין מאל ניט פארגעשטעלט, אז אין דיעזער שעהנער געשטאלט זאל זיין פערבארגען אזוי פיעל שלעכטיגקייט און פערדארבענהייט.

גראף דע ריווערא האט געשוויעגען אייניגע אויגענבליקע. דאן האט ער זיך וויעדער צו איהר געווענדעט:

— דאנק גאט, וואס עס איז מיר געראטהען דיעזעס פערברעכען צו פערהיטען. היט זיך אבער אין דער צוקונפט עפעס צו טהאן אהן מיין וויסען. — איך האב דיר געגעבען דיא געלעגענהייט צו פערגלעטען דיינע פערברעכען. איך האב דיר געוויעזען א וועג, וויא אזוי צו דיענען גאט און זיין הייליגע קירכע. — ווען דוא וועסט מיר פאלגען און וועסט זיך מיט לייב און זעעלע אפגעבען צו דיענען אונזערע הייליגע צוועקע, דאן וועט דער הייליגער פאטער פון רוים דיר פיעללייכט פערגעבען דיינע זינד. —

זיא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט א קוק געטהאן צו איהם מיט א ביטענדער מינע.

— ווייס, אלזא, אז פון היינט אן טרעסט דוא אריין אין דיענסט פון'ם הייליגען ארדען יעזוס קריסטוס (יעזואיטען ארדען). מען וועט דיך בעוואכען, מען וועט דיר נאכקוקען אויף יעדען שריט און טריט. וועסט דוא אונז דיענען ערנסט און געטריי, וועט מען דיך נאך שטעלען אויף א גאנץ הויכע שטופע אין דער געזעלשאפט. קוים אבער וועסט דוא טהאן דיא קלענסטע זאך אהן אונזער וויסען, ביסט דוא פערלארען. — איך וועל דיך בעפרייען פון אלע קייטען, וועלכע דוא האסט אויף זיך אליין אנגע־טהאן. איך וועל דיר געבען רייכקייט און אלע פערגניגען. אבער געדענק, אז דוא ביסט ניט מעהר, וויא א געצייג, א מאשין אין אונזער האנד.

איך האב געענדיגט. שטעה אויף.

דעם גראפס געזיכט האט זיך וויעדער געענדערט. ער איז וויעדער געווארען דער העפליכער, עלעגאנטער גראף, וואס ער פלעגט שטענדיג זיין. ער האט זיך גע־זעצט לעבען טישעלע און האט אנגעהויבען צו עפענען דיא בריעף, וועלכע זיינען דארט געלעגען. דיא יונגע פרוי האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך געזעצט אויף א שטוהל.

איהר שטאלץ איהר לעבעדינקיים, איהר פרעהליכקיים איז פערשוואונדען. — זיא איז געווארען א נעציינג, א מאשין.

— איז הערר באלצער אין דער היים? האט דער גראף פלוצלונג געפרעגט מיט זיין געוועהנליכער, העפליכער שטימע.

— איך מיין, אז ער איז אין דער היים, האט דיא יונגע פרוי געענטפערט גאנץ שטיל. ער איז פריהער דא געוועזן און האט געזאגט, אז ער וויל מיך זעהן.

— איך וויל איהם זעהן, האט דער גראף געזאגט.

דיא יונגע פרוי האט פערשטאנען, אז דאס איז א בעפעהל און אז זיא מוז איהם געהן אויסזוכען און איהם ברענגען. זיא האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

ווען דער גראף און זיין יונגער קאמעראד זיינען געבליעבען אליין, האט זיך ראסטי געווענדעט צו איהם:

— אך! וואס פאר א שרעקליכע סצענע! וואס פאר א שלעכטע, פערדארבענע פרוי איז דאס! — ענשולדיגען זיא, הערר גראף, ווען איך וועל אייך עפעס פרעגען: וויא קענט איהר, דער קריעגער און קעמפפער פון'ס היילינגען גלויבען, געברויכען צו אייערע היילינגע צוועקע אזא שלעכטע און פערדארבענע פרוי? — וויא קען מען דיענען דער היילינגען קירכע מיט אזעלכע שמוציגע ווערקציינג? — וויא קענט איהר אויפנעהמען אזא פערוואָרפענע פרוי אין היילינגען יעזואיטען ארדען?

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען און האט א פאר מינוטען געקוקט אויפ'ן יונגען מאן. דאן האט ער אנגעהויבען מיט זיין פעסטער, קלינגענדער שטימע:

— איהר זייט נאך יונג, מיין פריינד, איהר קענט נאך ניט דיא וועלט. איך וויל דאהער אייך פרעגען נור א פאר פראגען: דיענען דען ניט אלע שרעקליכע און געפעהרליכע גיפטען דעם מענשען? בענוצען זיך דען ניט דיא דאקטוירים מיט אלערליי שעדליכע און שטינקענדיגע מיטעל אום א קראנקען צו היילען? איז דען דער דונער, דער בליץ, וועלכער צינדעט אָן דאס הילצערנע שטיבעלע פון'ם ארימאן און טויטעט זיין פרוי און זיינע קינדער, ניט ניצליך און נויטווענדיג פאר דער וועלט? — אלעס אין דער נאטור, זאגאר דאס ערגסטע, דאס אבשייליכסטע, איז ניצליך, ווען מען ווייס נור וויא אזוי עס צו בענוצען.

מיר זיינען קריעגער און קעמפפער פאר'ן היילינגען גלויבען. דיא וועלט איז יעצט זעהר פערדארבען. דיא מענשען פערגעסען אָן גאט און זיינע היילינגע. מיר ווילען זיי היילען. מיר ווילען זיי רעטען. מיר מוזען בענוצען אלע מיטעל, וועלכע עס קומען אונז אין דיא הענד און קענען דיענען אונזערע צוועקע. אמאל האבען מיר געהאט אנדערע וואפען, אנדערע מיטעל צו בעהעררשען דיא וועלט. אמאל איז גענוג געוועזן איין ווארט פון דעם פאפסט, אז קעניגע און פירסטען זאלען איהם פאלען צו דיא פיס. היינט געהט עס ניט מעהר. דיא מענשען זיינען צו פיעל פערדארבען, זיי זיינען געווארען שטארקע אפיקורסים. מען מוז זיי בעהעררשען דורך שעהנע פרויען.

— אבער דאך, האט דער יונגער מאן איינגעווענדעט, וויא קענען אזעלכע מענשען, וויא איהר, געברויכען אזעלכע מיטעל? — איך זאג אייך דיא וואהרהייט: מיר

שוידערט, ווען איך קוק אַן דיעזע פרוי. וויא קענט איהר, העדר גראַף, ארומגעהן מיט דיעזער פרוי אזוי העפליך, אזוי פריינדליך, ווען איהר קענט זיא אזוי גוט, ווען איהר ווייסט, וואס פאר א שרעקליכע פערברעכען זיא האט בעגאנגען און — ווען פילייכט נאך בעגעהן.

דער יונגער מאַן איז געווארען אלץ אויפגערעגטער, ווען ער האט גערעדט.

— איך בעוואונדער אייך, גראַף, האט ער וויטער געזאָגט. איך זעה, וויא אזוי איהר קענט ארומגעהן מיט מענשען, וויא אזוי איהר קענט זיי פיהרען און בייגען, וואו־הין איהר ווילט. וואו האט איהר געשעפּט דיעזע קראַפט? וואו האט איהר גענומען דיעזע וועלט קענטנים? וואו האט איהר געלערנט זיך צו בעהערשען און אנדערע צו בעהערשען?

דער גראַף איז צוגעגאַנגען צום יונגען מאַן האט איהם ארויפגעלעגט דיא האנד אויף דיא פּלייצעס און האט געזאָגט מיט א מילדער, וויכער, טרויעריגער שטימע.

— ליידען און שמערצען האבען מיך אלעס געלערנט. ליידען און שמערצען זיי־נען דיא בעסטע שולע. דורך זיי לערנט מען דאס לעבען — דיא שווערסטע וויסענ־שאפט אויף דער וועלט.

איך בין אויך אמאָל געווען יונג וויא איהר. איך בין געווען פרעהליך, איך בין געווען גליקליך, איך האב געהאַט א פרוי, וועלכע איך האב געליעבט מיט דער גאַנ־צער קראַפט פון מיין זעעלע. איך האב געהאט א קינד, א טאָכטער פון צווייא יאהר, פאר וועלכער איך וואלט מיך געלאָזט אפּשניידען א פינגער, אום צו זעהן א שמייכעל אויף איהרע קינדישע ליפּען. — איך בין געווען א בעריהמטער דאקטאר אין רוים. מיין נאמען איז געווען בעקאַנט און בעריהמט וויט און בריט אין לאנד. מען האט מיר געווארפען געלד אין מיין קארעטע. מען האט מיך פערשאָטען מיט גאלד און מיט בריליאנטען. — איך האב געמיינט, אז איך בין דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. —

איך האב געהאט א ברודער. ער איז געווען פיעל אינגער פון מיר. איך האב איהם געהאלטען ביי זיך, האב איהם ערצויגען, האב איהם געליעבט, וויא מיין קינד. ער האט געהאט א טאלענט צום מאָלען. איך האב איהם געלאזען לערנען ביי דיא גרעסטע קינסטלער. ער איז געווארען א גוטער מאָלער. זיינע בילדער זיינען געווארען בעריהמט. אלס מוסטער פאר זיינע בילדער פלעגט זיצען מיין פרוי מיט מיין קינד. איך בין געווען גליקליך, ווען איך האב געזעהן, וויא מיין געליעבטער ברודער גיט אי־בער אזוי ריכטיג און אזוי געטריי דיא טייערע געזיכטס־ציגע פון מיין פרוי און מיין קינד. איך פלעג זעהר אָפט ניט זיין אין דער היים איינינע שטונדען, אמאל אויך — איינינע טעג. מיין פּראָפעסיאָן אלס דאקטאר האט עס פון מיר געפאָדערט. איין מאל האט מען מיך גערופען צו א גרויסען מאַן אין אנאנדער שטאדט. ווען איך בין צוריק געקומען, האב איך ניט געפונען, ניט מיין פרוי, ניט מיין קינד, ניט מיין ברודער. זיי זיינען פערשוואונדען! — אויב מיין ברודער האט מיין פרוי פערפיהרט, אדער זיא — איהם — דאס וויים איך נים.

דיא לעצטע ווערטער האט ער ארויס געזאגט מיט אזוי פיעל טרויער, מים

אזוי פיעל שמערץ, מיט אזוי פיעל ליידען אין זיין שטימע, אז דעם יונגען מאן איז קאלט געוואָרען און ער האט אנגעהויבען צו ציטערן.

דער גראף איז געפאלען אויף א שטוהל מיעד און ערשעפפט. א פאר מינוטען האט ער געשוויעגען. ער האט ניט געקענט רעדען. זיינע ליפען האבען געציטערט און ער האט בעהאלטען זיין געזיכט. צו ביסלעכווייס אבער איז ער געקומען צו זיך.

— עס איז שוין לאנג, זעהר לאנג, אז איך האב דערפון ניט גערעדט. איך האב ניט געוואלט צו קראצען מיין וואונד. איך האב געוואוסט, אז קוים בעריהר איך זיא, גיסט זיך פון איהר הייסעס בלוט — דאס בלוט פון מיין הערצען.

איך האָב געזוכט, געפאָרשט, געפרעגט און ווידער געזוכט, איך האב פון זיי קיין שפור ניט געפונען. זיי זיינען, וויא אין וואסער אריין. — דערצעהלען אייך, וואס איך האב דאמאלס געפיהלט, בעשרייבען עס אייך, וואס איך האב געליטען — בין איך ניט אים שטאנד. איך ווייס ניט, אויב דיא מענשליכע שפראכע איז עס אים שטאנד צו טהאָן. — אך, יונגער פריינד! עס זיינען געוועזען שרעקליכע טעג! איך האב איבערגעלעבט א צייט — וויא אזוי האב איך זיא איבערגעלעבט — איך ווייס ניט!

„איבערטראגען האבע איך, אבער פרעגט מיך ניט — וויא?"

האט געזאגט א דייטשער דיכטער, וועלכער האט אויך איבערטראגען זעהר פיעל אין זיין לעבען.

איך האב ניט געקענט איינזיצען אין דער היים. יעדע זאך אין מיין וואָינונג האט מיך דערמאנט אן איהם — אהן איהר. דיא טישען, דיא בענק, זאָגאר דיא ווענד פון מיין וואָינונג האבען מיך דערמאנט, אז איך האב א מאל געלעבט, אז איך בין א מאל גליקליך געוועזן. — אז מיין אייגענער ברודער, מיין הייסגעליעבטע פרוי האבען מיך בעטראגען. מיין הויז, מיין וואָינונג איז פאר מיר געוואָרען א העללע. איך האב ניט געקענט זעהן זאָגאר דיא גאס, וואו איך האב געוואָינט. איך בין ארומגעלאָפען, וויא א וואהנזיניגער איבער פעלדער און וועלדער. וואו איך האב געטאנט, דארט האב איך ניט גענעכטיגט. אָפט פלעגען מיך הירטען (פאסטוכער) געפינען אין א וואלד אדער לעבען א טייך מיעד, מאט, קראפטלאָז און האלב טויט פון שמערצען און הונגער.

איין מאל בין איך אזוי געגאנגען פערטראכט און פערזאָרגט און בין פערגאנגען גאנץ ווייט אין דיא בערג. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואָלקענס. עס האט אנגעהויבען צו דונערן און צו בליצען. דיא נאטור האט גענעבען איינע פון דיא שרעקליכע פאָרשטעלונגען, וועלכע זיא גיט אונז אזוי אָפט אומזיסט. ארום מיר האט האט עס גערוישט און געקאָכט. עס האט אויסגעבראָכען א שרעקליכער שטורם. מיך אבער האט עס ווענינ געקימערט. ביי מיר אין הארצען האט עס געקאָכט און גערוישט ערגער און שרעקליכער, וויא אין דרויסען. — דער דונער האט געקנאקט, אז מען האט געקענט פערטויבט ווערן. מיך האט עס ניט געהארט. — ביי מיר אין הארצען האט עס פיעל ערגער געדונערט. דער בליץ האט בעלייכט דעם הימעל און עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער וויל פארברענען דיא וועלט. — ביי מיר אין הארצען האט עס מעהר און ערגער געברענט. דער ווינד האט גערוישט און דיא אלטע ביימער האבען

געקרעכצט. — ביי מיר אין הארצען האט עס מעהר געראַשט און טרויעריגער גע־
קרעכצט.

איך בין געגאנגען אַלץ ווייטער און ווייטער. איך ווייס ניט, וויא אזוי איך בין אריינגעקומען אין א מאָנאסטיר. אין דער קירכע האט געברענט ליכט. אלע מענשען זיינען געלעגען אויף דיא קניע און האבען געבעטען. איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז געוואָרען. פּלוצלונג בין איך אויך געפאלען אויף דיא קניע גלייך מיט אלע מענשען און הייסע, בלוטיגע טרעהרען האבען זיך געגאָסען, וויא א שטראָם פון מיינע אויגען. צום ערשטען מאל, זייט דאס אונגליק האט מיך געטראָפען, האב איך געוויינט.

דער פאָרשטעהער פון'ם מאָנאסטיר האט עס בעמערקט. ווען דאס געבעט האט זיך געענדיגט און דיא מענשען זיינען זיך צוגאנגען אין זייערע קעמערליך, איז ער צו מיר צוגעקומען, האט מיך אויפגעהויבען און האט מיך אויסגעפרעגט מיין געשיכטע איך האב איהם אנפאנגס ניט געוואָלט דערצעהלען. עס איז מיר שווער געווען צו רעדען דערפון. דער אלטער מאן אבער האט גערעדט מיט מיר אזוי פריינדליך, אזוי גוט; זיינע רעד זיינען איינגעדרונגען אזוי טיעף אין מיין הארצען, אז איך האב ענדליך געמוזט נאכגעבען און איהם אלעס דערצעהלען.

— מיין זוהן, האט דער אלטער גייסטליכער מיר געזאגט, ווען ער האט אויס־געהערט מיין ליידענסגעשיכטע. — מיין זוהן, דיין אונגליק איז געווים גרויס. דיין לעבענסגליק איז צערשטערט. אזעלכע וואונדען ווערען קיין מאל ניט פערהיילט. און דענאך טאָר א מענש ניט פערצווייפלען. דיין וועלט איז פערניכטעט — בוי דיר אויס אן אנדער וועלט, א בעסערע, א שעהנערע, וואו עס הערשען ניט דיא קליינליכע אינטערעסען. — א וועלט, וואו עס הערשט נור א אידעע. דיא אידעע פון דער גאנצער מענשהייט. דיא וועלט איז קליין, ניעדעריג און פאלש — עפען דעם הימעל, וועלכער איז גרויס, הויך און ריין. דיא מענשען זיינען שלעכט — שטעה העכער פון זיי! בעהערש זיי, רעגיער איבער זיי און פיהר זיי צום גוטען.

דער אלטער האט אזוי לאנג איבער מיר גערעדט, ביז ער האט מיך איבער־צייגט, אז דער קאמפף פאר דער הייליגער קירכע, דער קאמפף פאר דיא אידעע, אז נור דיא קירכע דארף הערשען, נור דער הייליגער גלויבען קען דעם מענשען גליקליך מאכען. צ'ד האט מיך ניט אָפּגעלאָזען. איך האב געמוזט געכטיגען אין מאנאסטיר. א גאנצע נאכט איז ער געזעסען מיט מיר, האט גערעדט צו מיר, האט מיך געטרייסט און האט מיך בעקרעפטיגט אין דער אידעע, אז נור דוא הייליגע קירכע קען דעם מענשען גליקליך מאכען.

דעם אנדערן טאג בין איך איינגעטרעטען אין דעם הייליגען אָרדען פון יעזוס קריסטוס (יעזואיטען אָרדען.) וויא ווייט איך בין געקומען אין אָרדען, ווייסט איהר געווים. —

— איך ווייס גאר ניט, האט דער יונגער מאן געענטפערט. מיך האט מען געשיקט פון רוים און מען האט מיר אנגעזאגט, איך זאל טהאן, וואס איהר וועט מיר הייסען. איך זאל ניט פרעגען, ווער איהר זייט. איך זאל ניט קלערן, וואס איהר טהוט.— איך זאל אייך פאָלגען!

— דעסטאָ בעסער! האט גראף דע ריווערא געזאגט. אין הייליגען ארדען האב איך געלערנט, אז עס זיינען דא אויף דער וועלט אנדערע צוועקע, אנדערע ציעלע און אנדערע, העכערע שטרעבונגען. איך האב געלערנט, וויא אזוי צו בייגען דיא מענשען און זיי צו צווינגען, זיי זאלען טהאן, וואס איך וויל. איך האב געלערנט, וויא אזוי צו שפיעלען זיך מיט זיי, וויא א קינד שפיעלט זיך מיט א באלל. — איהר וואונדערט אייך, וואס איך געברויך פערשיעדענע מיטעל צו דערגרייכען מיין ציעל. אייך קומט פאָר וואונדערבאר, וואס אייניגע מיטעל זיינען צו געמיין, צו ניעדעריג.— „דער צוועק הייליגט דיא מיטעל!“.

— פערצייהען זיא, גראף, וואס איך האב אייך געפרעגט אזא פראגע, האט דער יונגער מאן געזאגט. דיא סצענע מיט דער פרוי באלצער האט מיך אזוי איבער-ראשט, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס איך רעד.

— איהר דארפט מיך ניט בעטען אום פערצייהונג. איהר זייט נאך יונג, איהר קענט נאך ניט דיא וועלט. מיין האנד וועט אייך שטארקען. איך וועל אייך וויזען, וויא צו קעמפפען און וויא צו הערשען. —

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און הערר באלצער איז אריינ-געקומען. דער גראף האט זיך באלד פערענדערט. ער איז ווידער געוואָרען שטאָלץ און קאלט. הערר באלצער האט איהם געגריסט. דער גראף האט קוים א נייג געטהאן מיטן קאָפּ.

— איהר האט מיך געשיקט רופען, הערר גראף, האט באלצער געזאגט. איהר ווילט עפּעס מיט מיר רעדען. מיט וואס קען איך אייך דיענען?

— איך האב מיט אייך צו רעדען נור א פּאָר ווערטער, האט גראף דע ריווערא געזאגט רוהיג. איך וויל אייך מאכען א פּאָרשלאג. איהר וועט איהם געוויס אננעהמען.

— א פּאָרשלאג? האט הערר באלצער געזאגט פרעך. — איך האב ליעב צו הערן, ווען מען מאכט מיר א פּאָרשלאג און ווען איך געפין, אז ער פּאסט מיר, נעהם איך אן.

— איך וויל, אז אייער פרוי זאל פון אייך גאנץ פריי זיין, האט דער גראף גע-זאגט קורץ און שארף.

— דאס איז ניט אזוי לייכט, האט באלצער געענטפערט. איך האב מיט איהר געהייראטהעט אין א קירכע פאר א פריעסטער. אונז שיידען קען נור דאס געריכט אדער דער הייליגער פאטער אין רוים. —

— אדער ווען זיא ווערט א ווידווע, האט דער גראף צוגעלעגט.

באלצער איז אויפגעשפרונגען. דארויף האט ער ניט גערעכענט אדער ער האט נאר פערגעסען, אז אזא פאל קען אויך פּאָרקומען. ער האט אבער געפאסט מוטה און האט געזאגט:

— איהר שפּאסט, הערר גראף!

— איך שפּאס קיין מאל ניט. ווען איך זאג עפּעס, מיין איך עס גאנץ ערנסט. הערט מיך אויס גאנץ רוהיג און איהר וועט זיך איבערצייגען, אז איך שפּאס גאר ניט.

באלצער איז געוואָרען בלייך. גראף דע ריווערא האט גערעדט אזוי ערנסט און

אזוי קאלט, אז ער האט פערשטאנען, אז ער וויל איהם זאגען עטוואס זעהר וויכטיגעס.

— איהר געפינט זיך זעהר אין א שלעכטע לאגע, האט דער גראף ווייטער גע-זאגט. איהר האט אין דער לעצטער צייט זעהר פיעל געשפיעלט און זעהר פיעל פער-שפיעלט. איהר זייט שולדיג זעהר פיעל געלד און קענט עס ניט אפגעבען. עס איז אייך געלונגען נאכצומאכען פאלשע וועקסלען, וועלכע איהר האט פערזעצט אין א באנק (דיסקאנטירט) איהר האט גערעכענט, אז ביז עס וועט קומען דיא צייט, וואס מען דארף זיי בעצאהלען, וועט איהר זיין אים שטאנד זיי צו בעצאהלען, אדער איהר וועט נאכמאכען אנדערע וועקסעל און וועט בעצאהלען דיא ערשטע.

— הערר גראף! וואס רעדט איהר? — איך —

גראף דע ריווערא האט א מאך געטהאן מיט דער האנד און האט ארויסגע-נומען פון בוזים קעשענע א פארטפעל מיט פאפיערען.

— אט זיינען דיא וועקסלען. — קוקט אייך צו, הערר באלצער. — פאר אזעלכע שעהנע וועקסלען קומט צוכט-הויז אדער עטוואס נאך ערגער.

באלצער האט אנגעהויבען צו ציטערן. דער גראף האט זיך אבער אויף איהם ניט אומגעקוקט און האט ווייטער געזאגט מיט זיין קאלטער רוהיגער שטימע:

— איהר זייט א פערלארענער מענש. אויב איהר האט נאך אין זיך א פונק פון עהרענגעפיהל, האט איהר קיין אנדער אויסוועג ניט, אלס — א קוגעל אין שטערן.

באלצער האט אויסגעשטרעקט דיא הענד צום גראף. ער האט געוואלט עפעס זאגען. ער האט אבער ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. דער גראף האט אויף איהם געווארפען א שנעלען בליק און האט געזאגט:

— איך וויל ניט אייך פערניכטען. איך וויל ניט, איהר זאלט זיך שיעסען. איך וויל, איהר זאלט אנהויבען צו פיהרען אנאנדער לעבען. — איהר זאלט ווערען אנאנדער מענש.

באלצער האט אויפגעאטהעמט פרייער. א שטראהל פון פרייד און האפנונג האט זיך געוויזען אין זיינע אויגען.

— הערר גראף! האט ער אויסגערופען. בעפעהלט! הייסט! איך וועל אלעס טהאן, וואס איהר וועט מיר בעפעהלען.

הערט אייך צו גוט צו יעדען ווארט, וואס איך וועל אייך זאגען. וועט איהר מיך פאלגען און וועט טהאן אלעס, וויא איך הייס אייך, וועט איהר נאך זיין א מענש און וועט אנהויבען צו פיהרען א נייעס לעבען. — ווען ניט —

הערר באלצער האט געקוקט דעם גראף גלייך אין מויל און האט זיך צוגעהערט צו יעדען ווארט.

— איהר פאהרט אוועק קיין בודאפעסט. דארט וועט איהר אנשרייבען א בריעף צו אייער פרוי, אז אייערע געשעפטען זיינען געגאנגען אזוי שלעכט, אז איהר האט זיך געמוזט נעהמען דאס לעבען. גאנץ פריה וועט איהר ארויסגעהן צו דער דאנוי, וועט אויסטהאן דעם ראק מיט'ן הוט און וועט זיי אניעדערלעגען אויפ'ן ברעג פון דער דאנוי אין אן ארט, וואו פיעלע מענשען געהן. דעם הוט וועט איהר דורכשיסען מיט א פיסטאלעט. אין ראק וועט איהר לאזען אייער פאספארט מיט'ן בריעף צו

אייער פרוי. — פון דיעזער מינוט אן זיים איהר געשטארבען. איהר זיים מעהר ניטאָ איהר זאלט אייך אפשעערען און אין גאנצען אפראזירען אייער בארד און אייערע וואנצעס און באלד זאלט איהר אוועקפאהרען פון בודאפעסט קיין האמבורג. דארט זאלט איהר געהן צו דעם מענשען, וועמעס אדרעס איך וועל אייך געבען. מען וועט אייך געבען א פאס און פינף טויזענד גולדען. מיט דיעזע געלד זאלט איהר פאהרען קיין ניו יאָרק.

ווען איהר וועט קומען קיין ניו יארק, זאלט איהר זיך ווענדען צו דיעזען מענ־שען. — ער האט ארויסגענומען פון זיין פארטפעל א קליינע וויזיט קארטע און האט איהם דערלאנגט. — דיעזער מענש וועט אייך העלפען און אונטערשטיצען, וויא ווייט עס וועט נור מעגליך זיין. וועט איהר זיך גוט אויפפיהרען, וועט מען אייך געבען דיא בעסטע געלעגענהייט צו ווערן א מענש אין ניו יארק. ווען ניט, קען אייך מיין האנד דערגרייכען אין ניו יארק אזוי גוט, וויא אין וויען.

אויף באלצערס געזיכט האבען זיך געביטען אלערליי פארבען. אזא פארשלאג האט ער געוויס ניט ערווארטעט. ער איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען.

— נעהמט איהר אן מיין פאָרשלאג האט דער גראף געפרעגט גאנץ רוהיג.

— און דיא וועקסלען? האט באלצער ענדליך געפרעגט.

— בלייבען ביי מיר, האט דער גראף געענטפערט. איך האב זיי געקויפט זיי געהערן צו מיר.

— איך נעהם אן אייער פארשלאג, האט באלצער געזאגט, אבער — פינף טויזענד גולדען איז ווייניג. — מיין פרוי האט מעהר דיא ווערטה.

— ווען איהר וועט קומען קיין ניו יאָרק, וועט מען אייך געבען נאך פינף טויזענד גולדען.

— אפגעמאכט! איך געה. — זאל איך אבשיעד נעהמען פון מיין פרוי!

— ניין! איהר דארפט זיא ניט זעהן. — זיא דארף זיין איבערצייגט, אז איהר זיים טויט און זיא איז אַ וויטווע.

— גוט! עס איז ביי מיר אויך רעכט, האט באלצער געזאגט.

— אין פינף טאג ארום מוז איך האבען פון אייך נאכריכטען פון האמבורג, האט גראף דע ריווערא ווייטער געזאגט שארף און מיט א בעפעהלענדען טאן.

— איהר וועט האבען נאכריכטען פון מיר פון האמבורג, האט באלצער געענטפערט.

— אלזא, ווינש איך אייך גליק אויף דער רייזע!

באלצער האט זיך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען. גראף דע ריווערא מיט׳ן יונגען יעזואיטען זיינען ווידער געבליעבען אליין.

— אין וויען זיינען מיר פערטיג, האט דער גראף געזאגט צו זיין יונגען שילער. דא האבען מיר מעהר ניט וואס צו טהאן. עסטעררייך נעהט אויף קרימע וועגען און וועט זיך אליין צושלאגען דעם קאפ אן דער וואנד פון זיינע הארטנעקיגקייט. — אין אכט טאג ארום פאהרען מיר קיין פאריז.

— און יענע פרוי? האט ראָססי געפרעגט.

— נעהם איך מיט קיין פאריז.

דער גראף האט געטראכט א פאר אויגענבליקע. דאן האט ער געזאגט מיט בענייסטערונג.

— אונז זיינען יעצט געבליעבען צוויי גרויסע פעלדער, וואו מיר קענען ארבייטען פאר אונזער היילינגער זאך. פאריז און פעטערבורג. אויף ביידע פעלדער קען יענע פרוי אונז ניצען. אונזערע ארבייט הייבט זיך יעצט אן. מיר מוזען יעצט צונויפנעהמען אונזער גאנצע קראפט, אונזער גאנצע ענערגיע און אונזער גאנצעס וויסען אום צו קענען ארויסטרעטען אין „קאמפף".

17טעס קאפיטעל.

## ווידער אין בערלין.

פרייד, געזאנג און טאנץ הערשט אין בערלין. פרייסען האט געזיעגט. די עסטערייכישע ארמעע איז געשלאגען. עסטערייך איז געבראכען. דער קעניג פון האנאווער האט זיך אונטערגעגעבען מיט זיין ארמעע. מען האט פערגעסען די טויזענדער אלמנות און יתומים, וואס דער קריעג האט געמאכט; מען האט פערגעסען אן די טויזענדע קראנקע און פערוואונדעטע, וועלכע קרעכצען און זיפצען אין די שפיטעלער. — מען פרייט זיך מיטן זיעג. יעדער איז שטאלץ, וואס זיין לאנד האט געזיעגט. יעדער ריהמט זיין קעניג ווילהעלם און זיין ערשטען מיניסטער גראף ביסמארק.

אין זיין מונדיר, אלס פרייסישער מאיאר, נעהט גראף ביסמארק אין דער שעהנער, ברייטער גאס „אונטער דען לינדען". ער געהט צום קעניג. לוסטיג שרייען די צייטונגס יונגען: מארגען בלעטער! וויכטיגע נייעס! גראף ביסמארק רופט צו איינעם, נעהמט ביי איהם א צייטונג, בעצאהלט איהם און געהט ווייטער.

— לאמיך זעהן, וואס די צייטונגס שרייבער האבען אנגעפלוידערט, מורמעלט ער צווישען די צעהנער.

ער האט אויפגעעפענט די צייטונג און איז דורכגעלאפען מיט די אויגען די ערשטע זייט.

— גוט אזוי! האט ער געזאגט. לאזען זיי אויספויקען אויף דער וועלט, אז פרייסען האט אלעס אין די הענד. לאזען זיי פערפיהרען אונזערע געגנער.

ער איז צו געקומען צום קעניגס שלאס. די וואך האט איהם אפגעגעבען די עהרע, וואס עס קומט א מאיאר און האט איהם דורכגעלאזען. זיא האט געוואוסט, אז דאס איז גראף ביסמארק, דער ערשטער מיניסטער.

ער איז אריינגעטרעטען אין פארצימער. דארט זיינען שוין געווען אייניגע גענערעלע און אפיציערען. אלע האבען זיך אויפגעהויבען, ווען ביסמארק איז אריינגעקומען. ביסמארק האט אלעמען געגריסט, וויא א מאיאר דארף בעגריסען א גענעראל.

— איז דער קעניג אליין אין זיין קאבינעט? האט גראף ביסמארק געפרעגט דעם קאמער הערר.

— גענעראל מאלטקע איז ביים קעניג. איך האב אבער א בעפעהל, איך זאל מעלדען אייער עקסעלענץ, זא באלד וויא איהר וועט קומען.

אין א מינוט ארום איז ער אריינגעקומען אין קאבינעט פון קעניג ווילהעלם. דער קעניג איז געשטאנען פאר א גרויסען טיש, אויף וועלכען עס איז געלעגען אויסגעשפרייט א לאנדקארטע. אויף דיא ערטער וואו דיא עסטערייכישע ארמעע איז געשטאנען, זיינען געווען אנגעשטעקט שפילקעס מיט רויטע קעפּלעך. אויף דיא ערטער, וואו דיא פרייסישע ארמעע איז געשטאנען, זיינען געווען אנגעשטעקט שפילקעס מיט בלויע קעפּלעך. גענעראל מאלטקע האט געהאלטען אין דיא הענד א גרויסען, בלויען בליישטיפט און האט געמאכט אויף דער לאנדקארטע פינטעלעך און שטריכעלעך.

— גוט, וואס איהר זייט געקומען! האט דער קעניג אויסגערופען, ווען ביסמארק איז אריינגעקומען. מיר בעשעפטיגען זיך יעצט מיט דער נייער לאנדקארטע פון פרייסען.

ביסמארק איז צוגעגאנגען צום טיש און האט א קוק געטהאן אויף דיא פינטעלעך און שטריכעלעך, וואס דער גענעראל מאַלטקע האט געמאכט אויף דער לאנדקארטע. זיין שארפעס אויג האט אלעס געזעהן. מען האט איהם ניט געדארפט ערקלערן, וואס מען מיינט.

— איך האב נור וואס גערעדט מיט גראף רעדערן, דעם רוסישען געזאנדטען, האט ביסמארק געזאגט. קייסער אלעקסאנדער איז זעהר אונצופריעדען מיט דער נייער לאנדקארטע פון פרייסען.

— גלויבט איהר, אז ער וועט אונז מאכען שוויעריגקייטען? האט דער קעניג געפרעגט.

— איך גלויב עס ניט, אבער מיר מוזען זעהן צו בערוהיגען רוסלאנד..

גראף מאַלטקע האט אריינגעשטעקט זיין בליישטיפט אין א גרויסעס נאָטיץ בוך און האט זיך אויפגעהויבען.

— איך מיין, אז אייערע מאיעסטעט דארף מיך יעצט ניט, האט ער געזאגט.—

— איך וויל בעטען אייער מאיעסטעט, האט איהם ביסמארק אונטערבראָכען, אז גראף מאַלטקע זאל דא בלייבען. זיינע מיינונג איז פאר אונז זעהר וויכטיג אין אייניגע פונקטען.

קעניג ווילהעלם האט א נייג געטהאן מיט'ן קאָפּ. גענעראל מאַלטקע האט אויפמערקזאם בעטראכט דעם ערשטען מיניסטער.

— קעניגליכע מאיעסטעט! האט ביסמארק אנגעהויבען. עסטערייך וויליגט איין אויף אלע אונזערע בעדינגונגען. עס מוז איינוויליגען. ווען ניט, קענען מיר באלד זיין צו גאסט ביי קייזער פראנץ יאָזעף אין ווין. דיא אנדערע דייטשע פירסטען, וועלען אויך מוזען איינווילינגען. עס בלייבען נור צוויי, וועלכע מיר מוזען זעהן צו ציעהען צו זיך: רוסלאנד און פראנקרייך. קיין רוסלאנד האבען מיר געשיקט דעם גענעראל מאנטייפעל. ער וועט שוין וויסען, וויא אזוי איינצורעדען דעם פירסט גאָרטשאקאָוו, ער זאָל שווייגען. קייסער אלעקסאנדער איז א רוהיגער מענש. ער האט ליעב דעם פריעדען. איך בין זיכער, אז ער וועט אונז ניט ערקלערן קיין קריעג, ווען מיר זאלען זאגאר אָפּנעהמען גאנץ דייטשלאנד. איך האב שוין גראף רעדערן ערקלערט, אז מיר וועלען זיך ניט מישען, ווען רוסלאנד וועט וועלען אפּנעהמען א שטיק פון דער טירקיי אדער דיא גאנצע טירקיי. מיר וועלען העלפען רוסלאנד אין

אלע זיינע פלענער אין אזיען, ווען ער וועט אונז געבען א פרייע האנד צו טהאן, וואס מיר ווילען אין דייטשלאנד. איך האָף, אז רוסלאנד וועט דער מיט צופריעדען זיין.

גאנץ אנדערש איז עס מיט פראנקרייך. מיט דעם שוויינער (נאפאָלעאָן III) איז זעהר שווער אויסצוקומען. מען ווייס קיין מאל ניט, וואו מען האלט מיט איהם. צוואר האט מיר דער פראנצויזישער געזאנדעטער געזאגט, אז ער איז איינפערשטאנדען מיט אונזערע בעדינגונגען.

— נור ער פערלאנגט עפעס, האט דער קעניג געזאגט. איך האב עס געוואוסט, אז מיט נאפאלעאָן דעם דריטען וועלען מיר אזוי גיך ניט פערטיג ווערן. — וואס פערלאנגט ער?

— ער פערלאנגט ניט פיעל. דערפאר וואס ער וועט אונז לאזען צונעהמען דיא לענדער, וועלכע מיר האבען אָפגענומען מיט אונזער בלוט, פערלאנגט ער, מיר זאלען אָפטרעטען דאס לאנד לוקסעמבערג און דיא שטאדט מאינץ.

קעניג ווילהעלם האט א ציטער געטהאן. גראף מאָלטקעס בלייבעס געזיכט איז רויט געוואָרען און א זאָנדערבארער שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף זיינע ליפען.

— וואָס האט איהר איהם דארויף געענטפערט? האט דער קעניג געפרעגט.

— איך האב איהם געענטפערט, אז דערפון וועלען מיר רעדען שפעטער. יעצט איז נור דיא פראגע, וויא אזוי מיר זאלען שליעסען פריעדען מיט עסטעררייך.

— און וואס וועט איהר טהאן שפעטער, ווען דער פריעדען וועט זיין געשלאסען? האט דער קעניג געפרעגט אונגעדולדיג.

— איך וועל איהם ניט געבען ניט א יין שפאן ערד פון'ם דייטשען באָדען! האט ביסמארק געזאגט שטאָלץ.

— און ווען פראנקרייך וועט אונז ערקלערן קריעג? האט דער קעניג געפרעגט.

— וועלען מיר געהן קיין פאריז, האט גראף מאָלטקע געענטפערט. נאפאלעאן האט קיין ארמעע ניט.

— דערצו וועט עס אזוי גיך ניט קומען, האט ביסמארק געזאגט. עס זיינען דא נאך אנדערע מיטעל, וויא אזוי ארומצופיהרען דעם קייסער פון דיא פראנצויזען. מען דארף נור ארויסלאָזען א פאר ארטיקעל אין דיא צייטונגען, אז מען וויל אוועקשענקען א שטיקעל לאנד פון דייטשלאנד. איהר וועט זעהן, וואס פאר א רעש דאס וועט אָנמאכען.

— אלזא, האבען מיר נור איבער דיא דייטשע פירסטען צו רעדען, האט קעניג ווילהעלם געזאגט.

— דאס איז דער הויפט פונקט. ערשט ניט לאנג איז געווען ביי מיר א פליגעל אדיוטאנט פון'ם קעניג פון האנאווער. ער האט געבראכט א בריעף פון'ם קעניג צו אייערע מאיעסטעט. — איך האב איהם געזאגט, אז קיין קעניגרייך האנאָווער איז מעהר ניטאָ אויף דער וועלט. עס איז דא א פראָווינץ האנאווער, וועלכעס געהערט צו פרייסען.

קעניג ווילהעלם האט אראפגעלאזען דיא אויגען און אויף זיין געזיכט האט זיך געביטען דיא פארב.

— זיין מוטער און מיין מוטער זיינען שוועסטער, האט ער געזאָגט טרויעריג, וויא קען איך ביי איהם צונעהמען זיין לאנד?

גראף ביסמארק האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט געקוקט דעם קעניג גלייך אין דיא אויגען.

— האנאווער איז אונז נאטהווענדיג! מיר מוזען צונעהמען האנאווער! האט ער געזאגט שארף. דיא פּאָליטיק וויים ניט פון קיין פריינדשאפט, פון קיין פערוואנד־שאפט. — אייערע מאיעסטעט טאר ניט אננעהמען דעם בריעף פון׳ם קעניג פון האַ־נאווער. — קוים נעהמט איהר אן דעם בריעף, הייסט עס, אז איהר דערקענט איהם אלס קעניג. — דאן — וועלען מיר האבען א שווערע אויפגאבע. —

— פיעללייכט וואלט דאך מעגליך געווען, מיר זאָלען לאזען דעם בלינדען קעניג א שטיקעל לאנד, אהן אן ארמעע, אהן א מיניסטעריום. — עס זאל הייסען א קעניגרייך נור צום שיין, האט געזאגט קעניג ווילהעלם מיט א ביטענדער שטימע.

עס איז געווען דייטליך, אז ער בעט זיך ביי דעם אייזערנעם מענשען — אזוי האט זיך אליין גערופען גראף ביסמארק — אז ער זאל איהם דאך ערלויבען ניט אין גאנצען צו בערויבען זיין לייבליבען נעפע (פּלעמיאניק).

— ניין! האט אויסגערופען גראף ביסמארק. מיר טארען עס ניט טהאן. דאס פאלק אין האנאווער איז געוואינט צו פיעלע פרייהייטען. קעניג געאָרג דער פינפטער איז א שוואבער מענש. ער האט צופיעל נאכגעגעבען זיינע אונטערטאהנען. מיר וועלען מוזען איינפיהרען אין האנאווער א שטרענגע ארדנונג. מיר וועלען האבען מיט זיי פיעל צו טהאן, ביז זיי וועלען זיך געוואינען צו פרייסען. ווען קעניג געארג וועט נאך בלייבען וואינען אין האנאווער, וועלען מיר נאך האבען א רעוואלוציאן דארט. דאס מוזען מיר און מיר טארען ניט דערלאזען, אז אין דייטשלאנד זאל זיין א שפור — א נאמען פון א רעוואלוציאן. דאס איז אן אונגליק פאר דייטשלאנד. — דאס ווארט קעניגרייך „האנאווער" מוז פערשווינדען. מיר מוזען שיקען א גרויסע מאכט אהין און איינפיהרען דארט אזא שטרענגע ארדנונג, וויא אין פרייסען. דאס פאלק פון האנא־ווער מוז פערגעסען, אז עס האט אמאל געהאט א קעניג.

קעניג ווילהעלם האט א זיפץ געטהאן. עס האט איהם געריעסען דאס הארץ אוועקצונעהמען ביי זיין נעפע זיין קרוין און זיין לאנד. ער האט אבער גאר ניט גע־קענט העלפען. ער האט זיך ניט געקענט שטעלען געגען זיין ערשטען מיניסטער.

— נו, און זאקסען? האט ער פּלוצלונג געפרעגט.

— קעניג יאהאן פון זאקסען מוז בלייבען אויף זיין טראהן, האט ביסמארק געענטפערט. נאפּאלעאן שטעלט זיך פאר איהם. רוסלאנד וועט אויך קוקען זעהר בייז, ווען צוויי דייטשע קעניגע וועלען מיט אמאל פערשווינדען. מיר מוזען איהם לאַ־זען זיין ארמעע אבער מוז זיין אונטער א פרייסישען גענעראל. — מיט זאקסען מוזען מיר אביסעל ווארטען.

— ווער נאך איז געקומען? האט דער קעניג ווייטער געפרעגט.

גראף ביסמארק האט א קוק געטהאן אויף דער לאנד־קארטע, וועלכע איז גע־

לענען אויפ׳ן טיש און האט געוויעזען אויף איינינע שטריכע, וועלכע גענעראל מאָלטקע האט געמאכט מיט׳ן בלויען בליישטיפט.

— דאס אלעס מוז וערן פרייסען. אלע זיינען קליינע פירסטען. קיינער וועט זיך פאר זיי ניט אננעהמען. מיט זיי קענען מיר רעדען מיט׳ן שארפען טאָן פון א זיענער.

פלוצלונג האט ער א קוק געטהאן אויף איין פונקט, וועלכער איז געווען בעצייכענט מיט א בלויען שטריך.

— העסען דארמשטאדט! האט ער אויסגערופען. דאס טאר מען ניט ריהרען. דיא קייזערין פון רוסלאנד איז א פרינצעסין פון העסען־דארמשטאדט. — דאס מוזען מיר דערווייל לאזען. מיר האבען נאך רעכנונגען מיט רוסלאנד. עס איז אבער יעצט ניט דיא צייט זיי צו קוויטירען.

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוטען אין טיפעס שווייגען. קעניג ווילהעלם האט זיך פערטראכט. פלוצלונג האט ער א מאך געטהאן מיט דער האנד. גראף ביסמארק און גענעראל מאלטקע זיינען ארויסגעגאנגען פון קאבינעט. ווען זיי זיינען געקומען אויף דער גאס און האבען זיך געוואלט צוגעהן, האט גראף ביסמארק געזאגט צו זיין קאמעראד:

— דער אלטער ווייס נאך גאר ניט, וואס פאָליטיק הייסט: צוגענומען וואס מען קען און וויא פיעל מען קען. אויפגעהויבען דיא האנד אזוי הויך, אז יענער זאָל ניט קענען אויפהויבען זיין האנד העכער. — צוזאגען יענעם נאך מעהר, וויא פיעל ער וויל. — האלטען, וואס מען זאגט צו — דאס איז אנאנדער פראגע.

גענעראל מאלטקע האט ניט געענטפערט. ער האט ליעב געהאט צו שווייגען און צו טהאן. ביידע פריינדע האבען זיך געגעבען דיא הענד און האבען זיך פערנייגט.

ביסמארק איז געקומען א היים. ער איז אריינגעגאנגען אין דעם גרויסען עס צימער, וואו זיין פרוי און זיין טאכטער האבען איהם ערווארטעט צום פריהשטיק. אויפ׳ן טיש איז וויעדער געשטאנען דאס גרויסע גלאז ביער. דאס מאל איז ער ניט געווען פערטראכט. דאס מאל איז ער געווען פרעהליך און שטאָלץ. פרייסען האט געזיעגט. ער איז יעצט דיא וויכטיגסטע פערזאן אין אייראפא.

מען האט זיך געזעצט צום טיש. דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער יונער באראן פאן קיידעל איז אריינגעקומען.

— וואס ברענגט איהר עפּעס נייעס, ליעבער באראן? האט איהם ביסמארק געפרעגט.

דער באראן האט ארויסגענומען אן אילוסטרירטע, הומאריסטישע צייטונג און האט איהם דערלאנגט. גראף ביסמארק האט בעטראכט דאס ערשטע בילד און האט זיך צולאכט.

אויפ׳ן בילד איז געווען אויסגעמאלט נאפּאָלעאָן דער דריטער אין דיא קליידער פון א בעטלער. ער איז געשטאנען פאר א הויז, וועלכעס איז געווען זעהר עהנליך צום הויז, וואו ביסמארק האט געוואינט, און האט אויסגעשטרעקט דיא הענד, גלייך וויא ער בעט א נדבה. אויפ׳ן הויז איז אבער געווען אנגעשריעבען מיט גרויסע בוכשטאבען. „דא גיט מען ניט".

— וויא גוט, וויא ריכטיג דיעזע ציימונג פערשטעהט דיא פּאָליטיק! האט ער אויסגערופען און האט אויסגעטרונקען דאס גרויסע גלאז ביער ביז צום באָדען.

19טעם קאפּיטעל.

## אין דער היים.

לאנגזאם האט זיך דער ליעטענאנט וועגדענשטיין ערהאָלט פון זיין קראנקהיים. זיינע שטארקע נאטור האט אויסגעהאלטען דיא שרעקליכע קראנקהייט. ער האט אנגעהויבען צו זיך צו קומען. אויף זיינע באקען האט זיך אנגעהויבען צו ווייזען פארב. ער האט זיך ענדליך אויפגעהויבען און איז ארומגעגאנגען, צוערשט אין צימער דאן האט ער זיך געוואגט ארויסצוגעהן אויף דער גאס.

וואס געזינטער וועגדענשטיין איז געווארען, אלץ זעלטענער פלעגט העלענא אריינקומען אין זיין קראנקען צימער. זיא פלעגט יעצט איבערלאזען דאס ארומגעהן ארום קראנקען דער מוטער, דער אלטער וועגדענשטיין. אליין האט זיא זיך געהאלטען פון דער וויטען. דער יונגער מאן האט עס בעמערקט, אז יעדעס מאל, ווען ער האט זיך אויף געפינט ער לעבען זיין בעט זיין מוטער, וועלכע האט איהם בעטראכט מיט מוטערליעבע און פרייד. ער פלעגט זוכען מיט דיא אויגען דאס געליעבטע געזיכט העלענא'ס. ער האט אבער גאר ניט געזאגט.

דער יונגער גייסטליכער איז שטענדיג געוועזען זעהר בעשעפטיגט. ווען ער האט צום ערשטען מאל דערזעהן דעם ליעטענאנט וועגדענשטיין זיצען אויף א שטוהל אין דרויסען פאר'ן הויז פוּן אלטען ביערברויער, איז ער צו איהם צוגעגאנגען, האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געווינשט גליק. מעהר האט ער מיט איהם ניט גערעדט.

דער אלטער ביערברויער איז אזוי געוואיגט געווארען צו זיינע געסט, אז ער איז געוועזען העכסט צופריעדען, זיי זאלען ביי איהם ווייטער בלייבען. — שטילער פריעדען און א שטילעס גליק האט געהעררשט אין הויז. מאדאם וועגדענשטיין האט גערעכענט צו פערבלייבען דארט אזוי לאנג, ביז איהר זוהן וועט זיין פאלקאָמען געזונד. פּלוצלונג האט זיא ערהאלטען א בריעף פון איהר מאן, אז מען האט איהם אפּגעזאגט פון זיין שטעלע אלס פערוואלטער און ער בעט זיא, זיא זאל אהיים קומען זא שנעל, וויא נור מעגליך. זיי מוזען ארויספאהרען פוּן דארף עמענטהאל, וואו זיי וואינען שוין עטליכע און פערציג יאהר, און מוזען זיך זוכען ערגעץ א וואינונג אין שטאָדט.

דערביי האט איהר דער אלטער געשריעבען דיא אורזאכע, פאר וואס מען האט איהם אפּגעזאגט פוּן זיין שטעלע. דאס דארף עמענטהאל געהערט צום קעניג פון האנאווער. פּרייסען האט אפּגענומען האנאווער און האט צוגענומען דעם קעניגס גיטער. מען האט אפּגעזאגט אלע אלטע בעאמטע, געבאָרענע פון האנאווער, און מען שיקט אראפּ פוּן בערלין פּרייסישע בעאמטע.

מאדאם וועגדענשטיין האט געוויינט, ווען זיא האט געלעזען דיעזען בריעף. זיא האט איהם ניט געוואלט ווייזען איהר קראנקען זוהן. זיא האט איהם נור דערצעהלט, אז זיי מוזען פאהרען א היים. דער יונגער מאן האט אבער אליין פערשטאנען, וואס דא איז. ער האט געלעזען ציימונגען און האט געוואוסט, וויא טיראניש און דעספּאָ-

מיש פרייסען בעהאנדעלט דיא איינוואוינער פון דיא לענדער, וועלכע זיא האט אפגענומען אין לעצטען קריעג. ער האט געזיפצט און געשוויעגען. זיין לאגע איז יעצט אויך נים געוועזען קיין גלענצענדע. ער האט געלערנט אויף אפיציער, איז ארייגעטרעטען אין דער ארמעע און האט געהאפט צו געהן ווייטער. — יעצט זיינען אלע זיינע האפנונגען פערשוואונדען. קיין האנאווער איז יעצט אויף דער וועלט ניטא. אין דער פרייסישער ארמעע וויל ער נים איינטרעטען. פרייסען איז דער פיינד פון זיין קעניג, דער אונטערדריקער פון זיין פאטערלאנדן דער רויבער פון זיין גליק און פון דער שטעלע פון זיין פאטער. — וואס זאל ער יעצט טהאן?

אבער יעצט איז נים געוועזען דיא צייט צו טראכטען און צו זארגען. מען האט געמוזט זיך פארבערייטען צו דער רייזע. מען האט בעשטעלט א קארעטע אויף גאנץ פריה. אבענדס האבען זיך אלע פערזאמעלט אין גרויסען, זאל פון׳ם אלטען הויז. דער אלטער ביערבריער, זיין טאכטער מארגארעטהע, פראנץ דייעק, העלענא, דער ליעטערנאנט און זיין מוטער. זיי האבען געוואלט אבשיעד נעהמען פון׳ם אלטען מאן און איהם דאנקען פאר זיין גאסט פריינדשאפט.

אין זאל איז געוועזען שטיל. יעדער איז געוועזען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. יעדער האט געהאט זיין פעקעל צרות פאר זיך. פראנץ דייעק איז געזעסען פערטראכט. ער האט געליעבט מארגארעטהען, האט עס אבער ביז אהער קיינעם נים געזאגט. ער האט נים געוואוסט, וואס זיין פאטער וועט דארויף זאגען. פיעללייכט וועט ער נים איינוויליגען.

מאדאם װענדענשטיין האט זיך געווענדעט צום אלטען ביערברויער און האט איהם געזאגט:

— הערר אבערמייער, מיט וואס זאל איך אייך אפדאנקען פאר אייער גאסט פריינדשאפט? איהר האט אויפגענומען מיין קראנקען, האלב טוידטען זוהן ביי אייך אין שטוב, מיר אלע זיינען ביי אייך געוועזען א לאנגע צייט און האבען אייך אזוי פיעל בעאונרוהיגט. —

— איהר דארפט מיר נים דאנקען, האט דער אלטער מאן געענטפערט. איך האב געטהאן, וואס יעדער אויף מיין ארט האט געדארפט טהאן. — איך האב א גרויסען, גערוימיגעם הויז. מיר זיינען נור צוויי מענשען — איך און מיין טאכטער. — איך האב געמוזט אויפנעהמען א קראנקען, פערוואונדעטען מענשען.

מאדאם װענדענשטיין האט ארויסגענומען א שנור פערל מיט א גאָלדענעם בראָש און האט עס אנגעטהאן מארגארעטהען אויפ׳ן האלז.

— איך האף, אז איהר וועט זיך נים אפזאגען אנצונעהמען פון מיר דיעזען צייכען פון מיין דאנקבארקייט, האט זיא געזאגט צום אלטען. דאס איז קיין דאנק פאר אייער גייסטפריינדשאפט. דאס איז נור א גאנץ אונבעדייטענדער צייכען, אז איך פיהל און שעץ אייער פריינדשאפט. — יעצט האב איך צו אייך נאך א ביטע, האט זיא ווייטער געזאגט. איך האב בעמערקט, אז דער גוטער און עהרליכער פראנץ ליעבט אייער טאכטער. ענטזאגט איהם נים. פעראייניגט זיי! לאמיך אוועקפאהרען פון דאנען מיט דעם גליקליבען געפיהל, אז מיין זוהן האט געפונען אין אייער שטוב גאסט

פריינדשאפט און רעטונג, זיין פריינד האט געפונען ביי אייך ליעבע און גליק.

דער אלטער ביערברויער איז געבליעבען שטעהן צומישט. זיינע אלטע אויגען האבען ניט געזעהן, וואס א פּאָר פרויען אויגען פון א ליעבענדע מוטער האט געזעהן. פראנץ איז צוגעגאנגען צו איהר און האט איהר געקושט דיא האנד. ער האט געוואלט עפּעס זאגען. ער האט אבער ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט.

— איהר נעהמט מיר צו מיין איינציגע פרייד, מיין איינציגען טרייסט פון מיין שטוב, האט ענדליך דער אלטער ביערברויער ארויסגעזאגט גראב.

— פערקעהרט! איך ברענג אייך א זוהן, וועלכער וועט אייך העלפען און שטיצען אין אייערע אלטע יאהרען, האָט מאדאם ווענדענשטיין געענטפערט. — קום אהער, מארגארעטהא! קום אהער פראנץ!

מארגארעטהא איז רויט געווארען, וויא פייער און האט זיך ניט גערוהרט פון'ם ארט. מאדאם ווענדענשטיין האט זיא אנגענומען ביי דער האנד, האט זיא צוגעפיהרט צו פראנץ דייעק, האט פעראייניגט זייערע הענד און האט געזאגט צום אלטען ביער־ברויער.

— איהר זייט געוועזען אזוי גוט און אזוי פריינדליך געגען מיר, אז איך בין זיכער, איהר וועט מיין לעצטע ביטע ניט ענטזאגען.

דער אלטער האט געטראכט א פּאָר מינוט. ער איז נאך אלץ געוועזען אונענט־שלאסען. פּלוצלונג האט ער זיי ביידען צוגעפרעסט צו זיין הארץ און האט געזאגט:

— גאט זאל אייך בענטשען און בעגליקען, מיינע קינדער!

און ער האט אנגעהויבען צו וויינען. אלע זיינען געוועזען גערירהט. גליק, ליעבע און פרייד האבען געגלענצט אויף אלע געזיכטער

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה איז מען אוועקגעפאהרען. דער אלטער ביערברויער און זיין טאכטער האבען זיי בעגלייטעט ביז וויט הינטער דער שטאדט. מען האט אפּגערעדט, אז אין איינינע טעג ארום זאל ער מיט זיין טאכטער קומען קיין עמענ־טהאל. דארט זאל מען מאכען דיא פערלאבונג ביים אלטען דייעק אין שטוב.

דיא רייזע איז געגאנגען זעהר לאנגזאם. דער ליעטענאנט איז נאך געוועזען צו שוואך און האט ניט געקענט פערטראגען א שנעלע רייזע. אויף יעדער שרים האבען זיך געוויעזען צייכענס פון'ם קריעג. אין פיעלע ערטער האבען זיי געטראָפען א לאגער פון פּרייסישע סאלדאטען, אין דיא שטעדט און דיא גרעסערע דערפער האט מען גע־זעהן פּרייסישע זשאנדארען. אין איינינע ערטער האבען זיי בעגעגענט סאלדאטען פון דער האנאווערישער ארמעע, וועלכע האבען נאך געטראָגען דעם מונדיר פון'ם קעניג פון האנאווער. אבער וואס פאר א מונדיר איז דאס געוועזן! דיא קנעפּ אפּגעשניטען, דיא עפּאָלעטען אפּגעריסען, דער מונדיר פערשמיערט און פערשמוצט, אז עס איז געוועזן טרויעריג אנצוזעהן.

מיר האבען שוין דערצעהלט, אז ווען דער קעניג פון האנאווער האט זיך אונ־טערגעגעבען, האט דער פּרייסישער גענעראל געהייסען אלע סאלדאטען געהן א היים. דיא אפיציערן האבען געמוזט שווערן, אז זיי וועלען אין דיעזען קריעג ניט געקעמפּפט געגען פּרייסען.

וואס נעהנטער זיי זיינען געקומען צו זייער ליעבען עמענטהאל, אלץ טרוי[illegible] זיינען זיי געווארען. מען האט געזעהן אויף יעדען שריט, אז מען געפינט זיך אין א לאנד, וועלכעס דער פיינד האט נור וואס אפגענומען. מען האט זיי געפרעגט אויף פאספארטען. מען האט זיי אויפגעהאלטען אויפ'ן וועג. אין איינינע ערטער האבען זיי געמוזט אנלעגען וועג. דער פרייסישער קאמענדאנט האט ניט ערלויבט אן אפיציער פון קעניג געארג דורכצופאהרען זיין לאגער.

ענדליך איז מען געקומען א היים, אין אלטען, ליעבליכען און פריינדליכען עמענטהאל. יעצט האט אבער אלעס גאנץ אנדערש אויסגעוויעזען. דיא ראזען האבען מעהר ניט געבליעהט. דיא פעלדער זיינען געוועזען נאקעט. דיא בלעטער אויף דיא ביימער זיינען געווארען געל און האבען אנגעהויבען אראפ צופאלען. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין דארף האט זיי בעגעגענט א הויכער, שטארקער פרייסישער זשאנדארם און האט זיי געפרעגט, ווער זיי זיינען. אלעס האט זיך געענדערט אין דער קורצער צייט, זייט דער ליעטענאנט וועגדענשטיין איז ארויסגעפאהרען אין קריעג אזוי מוטהיג, אזוי פרעהליך, אזוי פול מיט האפנונגען.

דער אלטער וועגדענשטיין האט ארומגענומען זיין זוהן און האט איהם געקושט, דערביי אבער האבען זיך געקייקעלט גרויסע טראפען טרערן פון זיינע אויגען. ער האט דא געוואינט פון קינדוויים אן. ער האט דא געזעהן, וויא זיינע קינדער זיינען אויפגעוואקסען. ער האט דא איבערגעלעבט אזוי פיעל פרייד און לייד און יעצט, ווען ער איז שוין אלט און שוואך — הייסט מען איהם פאהרען! — וואוהין? דאס קימערט וועניג דעם שטאלצען זיעגער.

טרויעריג איז געוועזען אין אלטען הויז. קיין זאך איז ניט געוועזען אין ארדנונג. אלעס איז געלעגען צו ווארפען. אין גרויסען זאל זיינען געשטאנען קאסטענס און קערב. מען האט זיך צונויפגעפאקט אין וועג אריין. דער פרייסישער קאמענדאנט האט געגעבען א שטרענגען בעפעהל, אז דער אלטער זאל איבערגעבען זיינע ביכער און זיינע רעכנונגען און זאל ארויספאהרען פון עמענטהאל.

דאס וויעדערזעהן מיט זיין פרוי איז אויך געוועזען זעהר טרויעריג. מאדאם וועגדענשטיין האט מען ניט געדארפט דערצעהלען, וואס דא איז, זיא האט נור געווארפען איין בליק און האט אלעס פערשטאנען.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. דער אלטער וועגדענשטיין האט געזוכט צו פערצעגערן דיא אברייזע. עס איז איהם געוועזען זעהר שווער צו שיידען זיך פון זיין ליעבע עמענטהאל. דער ליעטענאנט האט זיך געפיהלט זעהר גוט. זיין וואונד האט זיך שוין אין גאנצען פערהיילט, ער איז נאך אבער געוועזען זעהר שוואך. דער אלטער דאקטאר האט איהם געהייסען פיעל געהן אויף דער פרישער לופט, זיינע נערוועז זאלען זיך שטארקען.

איין טאג איז העלענא געזעסען ביים פענסטער און האט זיך בעשעפטיגט מיט א הייזליכע ארבייט. פלוצלונג איז זיא רויט געווארען און האט א ציטער געטהאן. זיא האט דערזעהן פון דערוויטען דעם ליעטענאנט וועגדענשטיין. אין איינינע מינוט ארום האט זיא דערהערט, וויא מען קלאפט אין טהיר.

— הערייך! האט זיא געזאגט.

דיא מהיר האט זיך געעפענט און דער ליעטענאנט איז אריינגעקומען אין צימער. ער איז גלייך צוגעקומען צו איהר און האט איהר געגעבען דיא האנד.

— איהר זייט גאנץ אליין, העלענא? האט ער זיא געפרעגט.

— מיין פאטער איז ערגעץ אוועקגעגאנגען. מיין נעפע איז בעשעפטיגט. איך בין געבליעבען אליין. — זעצט אייך, הערר וועגדענשטיין.

וועגדענשטיין אבער איז געבליעבען שטעהן און האט געקוקט אויף איהר מיט ליעבע און גליק.

— העלענא, האט ער ענדליך געזאגט, איך בין העכסט צופריעדען, וואס איך האב אייך געפונען אליין. — איך האב אייך עטוואס געוואלט פרעגען. — עס איז עפּעס מיר ניט גאנץ קלאר — איך וויל וויסען —

העלענא האט אייפגעהויבען איהרע העלע, בלויע אויגען און האט איהם אנגעקוקט, גלייך וויא זיא האט געוואָלט איהם זאגען, פרעג נור, איך וועל דיר געוויס ענטפערן.

— העלענא! האט ער ווייטער געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע, — ווען איך בין געלעגען קראנק און מיינע געדאנקען זיינען געווען פערדונקעלט פון׳ם שרעקליכען פיעבער, האט פאר מיר געשוועבט א בילד פון אן ענגעל, וועלכער האט זיך אזוי פריינדליך און אזוי ליעבליך איינגעבויגען אויף מיין בעט און האט געלינדערט מיינע שמערצען. — איך קען מיך פיעלע זאכען ניט דערמאנען פון יענער טרויעריגער צייט. — דיעזעס בילד אבער שטעהט פאר מיינע אויגען ביי טאג און ביי נאכט, איך קען עס ניט פערגעסען. — איך געדענק, אז מיינע פערברענטע ליפּען פלעגען זאגען; ליעבע העלענא!

ער האט זיך איינגעבויגען צו איהר נעהנטער. זיין הויך האט בעריהרט איהרע באקען, וועלכע האבען געגליהט, וויא צוויי ראָזען, און האט ווייטער געזאגט:

— איז דיעזעס בילד נור א טרוים, אדער איז עס וואהרהייט?

העלענא האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט איהם אנגעקוקט, דאן האט זיא איהם לאנגזאם געגעבען דיא האנד.

— אלזא, איז עס וואהרהייט! האט ער אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו קושען איהר האנד. — עס איז וואהרהייט, דוא ביסט מיין ליעבע, ליעבע העלענא!

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיא ארומגענומען און האט בעדעקט איהר געזיכט מיט הייסע קושען.

עס זיינען פערגאנגען איינינע מינוט, אין וועלכע קיינער האט ניט גערעדט קיין וואָרט. דיא גליקליכסטע מינוטען פון דער ערשטער טרייער ליעבע פון צוויי עדעלע מענשען.

פּלוצלונג האט זיך געעפענט דיא מהיר און העלענא׳ס פאטער מיט׳ן יונגען גייסטליכען זיינען אריינגעקומען אין שטוב. דער אלטער מאן איז געבליעבען שטעהן פערוואונדערט און ערשטוינט. פון דיא אויגען פון׳ם יונגען גייסטליכען האבען געשאָסען

בליצען פון האס און ראכע. — דער ליעטענאנט איז האסטיג צוגעגאנגען צו העלענא'ס פאטער, האט גענומען זיין האנד און האט איהם געזאגט:

— הערר פאסטאר! מיין יונגענד פריינדין, העלענא, האט מיר גערעטעט מיין לעבען, ווען איך בין געלעגען שוואך, קראנק און בין שוין געוועזן מיט איין פוס אין גראב. זיא האט געוואכט ביי מיר. זיא איז ארומגעגאנגען ארום מיר. זיא האט מיך אפגעהיט און בעשיצט. — איך האב זיא יעצט געבעטען, אז זיא זאל אימער און אימער— מיין גאנצעס לעבען לאנג זיין מיין ענגעל, מיין וועכטער, — מיין טרייע פריינדין. — זיא וויליגט איין. — ווילט איהר אונז פעראייניגען פאר גאט און מענשען?

דער אלטער מאן איז אויף אזא סצענע ניט געוועזן פארבערייטעט. ער האט נעקוקט אויף זיין טאכטער, דאן אויפ'ן ליעטענאנט. איהרע בליקען האבען געזאגט, אז דער ליעטענאנט זאגט דיא וואהרהייט.

— יונגער מאן, האט ענדליך פאסטאר בערנער געזאגט ערנסט. איהר ווייסט, וויא איך ליעבע און שעצע אייער פאמיליע. איהר זייט געבארען געווארען און אויפ־געוואקסען פאר מיינע אויגען. — ווען מיין טאכטער וויליגט איין צו ווערן אייער פרוי, קען איך אלס פאטער, אייך נור ווינשען גליק און פרייד אין אייער לעבען. —

— פלוצלונג האט ער א קוק געטהאן אויפ'ן יונגען גייסטליכען.

— עס איז וואהר, איך האב געהאט אנדערע געדאנקען וועגען מיין טאכטער.

ער האט ווידער א קוק געטהאן אויפ'ן יונגען גייסטליכען. דיעזער האט בע־מערקט זיין בליק.

— ליעבער אנקעל! עס איז א גרויסע מינוטע. פעראייניגען זיא צוויי ליעבענדע און קוקט ניט אויף מיר.— איך בין נור א דיענער פון גאט. וויא ער פיהרט, איז געוויס גוט. מיר מוזען זיך ביינען פאר זיין הייליגען ווילען. — איך וועל געוויס בעטען גאט, אז מיין קוזינע זאל גליקליך זיין.

ער איז צוגעגאנגען צום יונגען אפיציער און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— איך ווינש אייך גליק און אלעס גוטע! האט ער געזאגט.

— הייטע אבענד וועל איך פארשטעלען מיין בראוט פאר מיינע עלטערן, האט וועגדענשטיין געזאגט.

— — — — — — — — — — — — —

אבערמאלס איז געדעקט דער גרויסער טיש אין זאל פו'ם פערוואלטער וועג־דענשטיין. אבערמאלס ברענען ליכט אין דיא גרויסע דריירעהריגע לייכטער. אבער־מאלס זיצט דיא גאנצע פאמיליע ארום דעם גרויסען טיש; דאס איז אבער צום לעצ־טען מאל. דאס איז דער אבשיעד, וועלכען דיא פאמיליע וועגדענשטיין גיט דעם דארף עמענטהאל. מארגען פאהרען זיי ארויס קיין האנאווער.

דער עלטערער זוהן איז געקומען צופאהרען פון דער שטאדט. ער האט דער־צעהלט, אז מען האט איהם אנגעבאטען א הויכע שטעלע אין בערלין. ער דענקט, ער זאל עס אננעהמען. אין האנאווער האט ער יעצט ניט, וואס צו טהאן. אין בערלין קען ער מיט דער צייט קומען זעהר וויט. ער אליין וויל אננעהמען דעם פאסטען וואס מען גיט איהם אין בערלין. ער וויל אבער פרעגען דעם פאטער.

— איך קען דיר ניט ראטהען און ניט אפראטהען, מיין זוהן, האט דער אלטער געזאגט. אין בערלין קען א יונגער מענש געהן זעהר וויט. בערלין אבער מיט דער שטרענגער פרייסישער דיסציפלין מאכט פון'ם מענשען א מאשין. ער פערגעסט אלעס. ער וויל פון קיין זאך ניט וויסען, נור פון פרייסען. — פרייסען זאל גרויס ווערן. פרייסען זאל שטארק ווערן. — מען ווערט א קנעכט פון פרייסען. —

היט דיך, מיין זוהן, דוא זאלסט אויך ניט ווערן אזא מאשין, אזא קנעכט. עס זיינען דא נאך אנדערע פפליכטען און נאך אנדערע שטרעבונגען. —

ער האט ניט געקענט ענדיגען זיין רעדע, ווייל אין דיעזע מינוט זיינען אנגעקומען אלע איינוואינער פון'ם דארף אום פון זיי אבשיעד צו נעהמען. דער אלטער וועגדענ־שטיין האט זיי געהייסען געבען וויין און האט יעדען געדריקט דיא הענד.

מאדאם וועגדענשטיין איז ארומגעגאנגען צווישען איהרע געסט, האט גערעדט מיט איינעם, געשמייכעלט צום אנדערן, געדריקט דיא האנד דעם דריטען. עס האט אויסגעוויזען, אז דאס איז א פערזאמלונג פון פרעהליכע און גליקליכע מענשען. און דאך האט אין גאנצען הויז געהערשט א שטילער טרויער. יעדער האט געפיהלט, דעם שווערן יאך פון פרייסען, יעדער האט געוואוסט, אז דיא צייטען האבען זיך געענדערט. זייער רוהיגעס, פריעדליכעס, שטילעס לעבען איז געקומען צו אן ענדע.

נור צוויי מענשען זיינען געווען גליקליך אין דיעזען הויז. — דער ליעטענאנט און העלענא. זיי זיינען געזעסען איינער לעבען אנדערן, האבען זיך געדריקט דיא הענד, האבען פערגעסען אן דער גאנצער וועלט. — זיי האבען געטרוימט נור פון גליק און ליעבע.

## 20טעם קאפיטעל.

## א י ן  פ אַ ר י ז.

מיר האבען שוין אויסגעפיהרט אונזערע לעזער אין וויען, רוים, בערלין, האנא־ווער און פיעלע אנדערע שטעדט. מיר האבען איהם שוין אויסגעפיהרט אין האלב אייראפא. מיר מוזען איהם פיהרען קיין פאריז, ווייל פאריז איז דיא הויפטשטאדט פון אייראפא — ריכטיגער געזאגט, דיא הויפטשטאדט פון דער גאנצער וועלט. פון פאריז האבען מיר ניט נור אלע נייע מאָדעס, זאנדערן אויך אלע נייע אידעען. פאריז איז דאס הערץ פון אייראפא. אלע אדערן טרייבען דאס בלוט צום הארצען. דאס הערץ צושיקט עס ווידער אין אלע גליעדער. יעדער געדאנק יעדע אידעע ציהט זיך קיין פאריז, דארט ווערט עס געלייטערט, דיסטילירט און ריינער און עדעלער פערשיקט אויף דער גאנצער וועלט.

פאריז איז דער גרויסער וועלט קעסעל. אלעס שווימט זיך צונויף קיין פאריז, אלעס רינט צונויף קיין פאריז. דארט ווערט אלעס איבערגעקאכט, אלעס איבערגע־ארבייט און פערשיקט אויף דער וועלט אונטער אנדערע געשטאלטען, אונטער אנדערע פארמען. — דאס איז פאריז.

מיר געפינען זיך אין איטאליענער בולוואר אין פאריז פאר א גרויסען פאלאץ — א גרויס קאפע הויז מיטן נאמען גראן קאפע. אויפן צווייטען שטאק פון דיעזען פא־לאץ געפינט זיך דער בעריהמטער זשאָקיי קלוב.

א שעהנע רייבע, לייכטע קארעטע איז נור וואס צוגעפאהרען צום קאפעע. אויף דער קארעטע זעהט מען פערדרעהטע, פיין אויסגעצוקטע גאלדענע בוכשטאבען מיט א קרוין פון א גראף פון אויבען. אויף דער קעלנע פון דער קארעטע זיצט א רייך געקליידעטער, עלעגאנטער קוטשער. דיא קארעטע איז אריינגעפאהרען אין גרויסען טויער פון׳ם גרא קאפע און איז געבליעבען שטעהן אויפ׳ן ריין געפלאסטערטען הויף.

פון דער קארעטע איז ארויסגעשפרונגען אן עלעגאנט געקליידעטער מאן. ער האט בעטראכט דיא קארעטע מיט׳ן פערד און, ווען ער האט געפונען אלעס אין ארד־נונג, האט ער געהייסען דעם קוטשער פאהרען א היים. ער אליין איז לאנגזאם ארויפ־געגאנגען אויף דיא טרעפ פון׳ם פאלאץ און איז אריינגעגאנגען אין גרויסען זאל פון׳ם זשאקיי קלוב. דער זאל איז נאך געווען לעדיג, נור ביי א רייך געדעקטען קליינעם טישעלע איז געזעסען א מאן און האט געגעסען פריהשטיק. קוים האט ער דערזעהן דעם מאן, וואס איז אריינגעקומען, האט ער זיך אויפגעהויבען און איז איהם ענטגעגען געגאנגען.

— גוטען מארגען, גראף דע ריווערא! האט ער איהם געזאגט. גוט, וואס איהר זייט געקומען. איך לאנגווייליג מיך שרעקליך. — ווייסט זיי דער גוטער יאהר, וואו זיי זיינען אלע! — איך האב שוין אויסגעריטען דעם גאנצען בוא דע בולאני (א פארק אין פאריז) און האב א גוטען אפעטיט. איך האב בעשטעלט א פריהשטיק. איך לאנגווייליג מיך אבער אליין צו עסען. איהר וועט געוויס זיין אזוי פריינדליך, גראף און מיט מיר עסען.

— מיט פערגניגען, פירסט מעשטשערסקי, האט גראף דע ריווערא געענט־פערט און האט איבערגעגעבען דעם לאקיי זיין הוט און זיין שטעקען.

פירסט מעשטשערסקי האט באלד געהייסען שטעלען אויפ׳ן טיש געשיר פאר נאך א מענשען און האט געזאגט, וואס מע, זאל אויפגעבען.

— איידער מען וועט ברענגען דאס עסען, האט פירסט מעשטשערסקי זיך גע־ווענדעט צום גראף, טרינקען זיא דערווייל א גלאז פון דיעזען מאדערא וויין. דאס איז דער בעסטער, וואס איך האב געקענט אויסגעפינען אין פאריז.

ער האט גענומען א פיין געשליפענעם קריסטאלענעם קאראף פון׳ם טיש און האט אנגעגאסען דעם גראף א גלאז וויין. דער גראף האט זיך לייכט פערנייגט, האט גענומען דאס גלאז וויין און האט בענעצט זיינע ליפען. דאן האט ער געזאגט מיט זיין רוהיגער קלינגענדער שטימע:

— מען זעהט אייך אין דער לעצטער צייט אזוי זעלטען, פירסט מעשטשערסקי. וואס זאל דאס הייסען? אין אייער לאנד, זאגט מען, זיינען דיא מענשען פרעהליכער און לעבעדיגער. זיי האבען פיינט זיך צו פערשליעסען אין זייערע שטודירצימער איבער ביכער. — וואס טהוט איהר דען דיא גאנצע טעג?

דאס געזיכט פון׳ם יונגען פירסט איז געווארען רויט, וויא פייער.

— איך האב מיך אין דער לעצטער צייט ערקעלטערט, האט ער געזאגט האס־טיג, און מיין דאקטאר האט מיר געהייסען עטליכע טעג זיצען אין דער היים און ניט ארויסגעהן פון שטוב.

דער גראף האט גענומען א ביסקוויט און האט איהם אנגעהויבען צו ברעקלען מיט די פינגער.

— אויב אזוי, איז שוין רעכט, האט ער געזאגט רוהיג. יעצט פערשטעה איך, פאר וואס איך האב אייך מיט א פאר טאג צוריק אנגעטראפען אין בוא דע בולאָן (אזא פארק), אין א גערעקטע קארעטע. — מיר שיינט, אז לעבען אייך איז געזעסען א דאמע. — דאס איז געוויס געווען אן עלטערע דאמע, וועלכע געהט ארום אייך און אייער קראנקהייט. — לײדער, איז דאס געזיכט פון דער דאמע געווען פערהילט מיט אזא געדיכטען שלייער, אז עס איז מיר געווען אוממעגליך צו זעהן אייער — קראנקען וועכטערין.

פירסט מערשטשערסקי איז געווארען בלייך און האט אויסגערופען דערשראָקען.

— אזוי! איהר האט מיך געזעהן?

— יא, איך בין פארביי געריטען גאנץ נאָהענט פאר אייער קארעטע און האב אייך געוואָלט גריסען. איהר זיינט אבער געווען אזוי פערטיעפט אין א געשפרעך מיט אייער — קראנקענוועכטערין, אז איהר האט מיך ניט בעמערקט.

ער האט זיך אנגענאסען א גלאז רויטען באָרדא וויין און האט אפגעטרונקען עטליכע טראָפען.

— הערר גראף! האט דער יונגער פירסט געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. איך בעט אייך זעהר, אז קיינער זאל ניט וויסען, וואס איהר האט געזעהן. איהר קענט זיי דאך. זיי זיינען אלע זעהר לייכטזיניג און האבען ליעב צו מאכען פון יעדע קלייניגקייט א גאנצען סקאנדאל.

— פון מיר וועט געוויס קיינער ניט געוואָהר ווערן, האט דער גראף געזאגט ערנסט. איך וויל אייך נור ראטהען, איהר זאלט ווייטער אראפלאזען די פאָרהענגע פון אייער קארעטע. ניט יעדער האט אזוי ליעב צו שווייגען, וויא איך.

דער פירסט האט זיך פערנייגט, אלס צייכען, אז ער איז איהם זעהר דאנקבאר.

— איך וואָלט אייך נאך עפּעס געוואלט ראטהען, האט גראף דע ריווערא ווייטער געזאגט. איך בין פיעל עלטער פון אייך און קען די וועלט בעסער. — אין פאריז קען יעדער יונגער מאן אריינפאלען אין א נעץ. דאס געפעהרליכסטע איז, ווען די נעץ ווייזט זיך אויס אזוי רייך, אזוי גוט, אזוי אונשולדיג, גלייך וויא עס וואָלט נור וואס אראפגעקומען פון׳ם ריינעם קלארען הימעל.

ער האט צושניטען א קאָטלעט, וועלכעס דער לאקיי האט נור וואס אויפגעגעבען אויפ׳ן טיש, האט אנגעשטעקט א שטיקעל אויפ׳ן גאָפעל און האט ווייטער געזאגט:

— איך מיין ניט א געוויסע פערזאָן אדער א געוויסען פאל. איך זאג עס גלאט אין דער וועלט אריין. ווען עס וועט אייך א מאל פארקומען, זאָלט איהר זיך דערמאנען, וואס איך האב אייך יעצט געזאגט.

דער יונגער פירסט האט געקוקט אויפ׳ן גראף מיט דאנקבארקייט און עהרפורכט.

ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז גראף דע ריווערא האט פיינט צו רעדען אומזיסט.

ער האט געוואָלט עפּעס ענטפערן, ווען אין צימער איז אריין א גאנץ אלטער מאן פון

א יאהר זיבעציג. פירסט מע׳שטשערסקי און גראף דע ריווערא האבען זיך אויפ־
געהויבען און האבען איהם העפליך בעגריסט.

דער אלטער מאן האט איבערגעגעבען א לאקיי זיין הוט און זיין רייט בייטש.
דאן האט ער זיך געווענדעט צוביידע געסט:

— איהר זייט גליקליך, מיינע העררען, איהר זייט נאך יונג און קענט אזוי פריח
עסען אזא שווערן פריהשטיק. איך בענײדע אייך. אין אייערע יאהרען איז דאס הערץ
און דער מאגען געזונד. — אין מיינע יאהרען איז עס אנדערש. דיא שוואכע, אפגע־
ניצטע מאשין קען שוין ניט פערטראגען קיין גראבע שטיקער האָלץ. מען מוז זיא
הייצען מיט דינע שפענדעלעך.

ער האט געהייסען א דיענער, ער זאל איהם ברענגען א גלאז מאדערא ווײן און
א גאנץ לייכטען קוכען, וועלכען מען פלעגט מאכען נור אין זשאָקיי קלוב.

— דער באראן פון קאססאניאק לאכט פון אונז, האט גראף דע ריווערא געזאגט.
דא אין קלוב זאגט ער, אז ער איז שוין אלט און זיין מאשין איז שוין שוואך און אפ־
געניצט. ערשט נעכטען האב איך איהם געזעהן רייטען אויף א פייערינעם פערד מיט
אזא לייכטיגקייט, אז מיר יונגע לייט מעגען זיך שעהמען פאר איהם.

דער אלטער מאן האט א שמייכעל געטהאן און האט געשאקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— יא, האט ער געזאגט טרויעריג. ווען מיר ווערן אלט, קעמפפען מיר מיט
אונזער גאנצער קראפט געגען דעם עלטער. מיר ווילען זיך אליין ניט צוגעבען, אז מיר
זיינען שוין אלט. מיר רייסען זיך דאגעגען. מיר זוכען צו בעהאלטען, צו פערדעקען, צו
פערשטעלען אונזערע יאהרען. עס העלפט אבער ניט. דיא צייט טהוט דאס איהריגע.
וויא זאגט דאס שפּריכוואָרט: טרייב ארויס דיא נאטור דורכ׳ן פענסטער, זיא קומט
אריין דורך דיא טהיר.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און א נייער גאסט איז אריינ־
געקומען. דאס איז געווען א הויכער, בלאסער מאן, געקליידעט נאך דער נייעסטער
און רייכסטער מאדע.

— אזוי פריה, לארד האמילטאן? האט גראף דע ריווערא געפרעגט. איהר
ענגלענדער שלאפט דאך זעהר שפעט.

— איך בין נעכטען געזעסען זעהר שפעט אין קאפע־אנגלע. דארט האט געזונ־
גען דיא פאטי. עס איז געווען א פערגניגען. איך האב מיך ניט געקענט אָפּרייסען.
מיר האבען איהר געגעבען א סאפער, וועלכען זיא וועט האבען צו געדענקען.

ער האט אנגעהויבען צו זינגען א ליעד, וועלכע פאטי האט נעכטען געזונגען. ער
האט עס געזונגען זעהר פאלש און מיט א הייזעריגער שטימע.

— ווייל איהר זייט געזעסען נעכטען זעהר שפעט, זייט איהר היינט אויפגע־
שטאנען זעהר פריה? האט דער אלטער באראָן דע קאסעניאק געלאכט.

— אזוי זיינען שוין מיר ענגלענדער. ווען מיר ארבייטען, ארבייטען מיר; ווען
מיר רוהען זיך אויס, רוהען מיר זיך אויס, האט לאָרד האמילטאן געענטפערט. איך
פאהר באלד אוועק אויף דיא רייסעס (פערד רענען) קיין גרענאָבל. — ווער וויל מיט־
פאהרען? פאהרט איהר מיט מיר, גראף דע ריווערא?

— עס טהוט מיר לייד, וואָס איך קען היינט מיט אייך ניט פאהרען, מילארד, האט גראף דע ריווערא געענטפערט. איך האב פערשפראָכען צו זיין אין טהעאטער פראנסע. דארט שפּיעלט א נייע פרימאדאנא.

— נוט, וואס איהר האט מיך דערמאנט. — קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער איז דיא מארקיזא פּאלאנצאני, אן איטאליענערין, וועלכע איז ניט לאנג געקומען קיין פּאריז. זיא איז זעהר שעהן און פאהרט ארויס אין דיא שעהנסטע עקיפּאזשען. גאנץ פּאריז איז שוין אין איהר פערליעבט. — ווייסט איהר ניט, ווער דיעזע שענהייטס קעניגין איז? איהר זיים דאך איהרער א לאנדסמאן.

— איך בין ווירקליך בעקאנט מיט דער מארקיזא פּאלאנצאָני, האט גראף דע ריווערא געענטפערט גלייכגילטיג. זיא שטאמט פון אן אלטע פאמיליע אין איטאליען. איהר מאן איז אלט און קראנק. זיין יונגע פרוי איז מיעד געווארען ארומצוגעהן ארום איהם און איז געקומען קיין פּאריז זיך אביסעל אפּרוהען. — איך בין געווען אייניגע מאל ביי איהר. זיא איז ווירקליך שעהן און קלוג אויך.

— דאס הייסט א גליק! האט אויסגערופען לארד האמילטאָן. — קענט איהר מיך ניט פארשטעלען פאר דיעזע בעריהמטע שענהייט, וועלכע גאנץ פּאריז פערגעטערט?

— מיט פערגנינגען! האט גראף דע ריווערא געענטפערט. דיא מארקיזא נעהמט אויף געסט דריי מאל אין דער וואָך.

— איך בין א רוסע און קען מיר ניט אפּהאלטען פון דער שלעכטער געוואוינהייט צו רויכען, האט פּלוצלונג פירסט מעשטשערסקי געזאגט. הערר גראף, ווילט איהר ניט רויכען א גוטע האוואנא סיגארע? לאמיר אריינגעהן אין רויך־צימער.

— אלזא, וויל קיינער מיט מיר ניט פאהרען אויף דיא רייסעס? איהר אויך ניט, פירסט מעמשערסקי?

— איך מוז פריהער אויסרויכען מיין סיגארע, האט דער פירסט געענטפערט און איז אריינגעגאנגען אין רויך־צימער.

גראף דע ריווערא איז איהם נאכגעגאנגען. אין רויך־צימער איז קיינער ניט געווען. דער פירסט האט פעררויכט א סיגאר און האט געגעבען גראף דע ריווערא זיין זילבערנע סיגארען שאכטעל.

— איך רויכע ניט, האט דער גראף געענטפערט.

— איך האב אויך געזאגט, אז איך וויל רויכען נור דערפאר, ווייל איך וויל לויז ווערען פון יענער געזעלשאפט, וועלכע ווייס נור פון וויין, פרויען און פערד.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען א לאקיי און האט דערלאנגט דעם גראף דע ריווערא א בריעף אויף א זילבערנער טאץ.

— דער קאמערדינער פון׳ם הערין גראף דע ריווערא, האט דער לאקיי געזאָגט, האט נור וואס געבראכט דיעזען בריעף און געבעטען, אז מען זאָל איהם אייך באלד איבערגעבען.

גראף דע ריווערא האט גענומען דעם בריעף און האט איהם בעטראכט. אויפ׳ן גרויסען ראזא שטעמפּעל איז געשטאנען דער פראנצויזישער אָדלער און אונטען איז געשטאנען: דער ערשטער קאמערהערר פון איהרע מאיעסטעט, דיא קייזערין.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, פירסט, האט ער געזאגט. איך האב א וויכ־טיגעס געשעפט און מוז באלד אוועקפאהרען. קענט איהר מיר ניט לייען אייער דראשקע? איך האב געראדע מיין קוטשער אהיים געשיקט און דארף יעצט ערגעץ צו פאהרען.

— מיט פערגניגען! האט פירסט מעשטשערסקי אויסגערופען און איז באלד ארויסגעגאנגען מיט'ן גראף. איך האב נאך מיט אייך וואס צו רעדען, האט ער איהם געזאגט אויף דיא טרעפ. איך זעה אבער, אז איהר האט קיין צייט ניט. איך וועל עס אפלעגען אויף אנאנדער מאל.

ער האט צוגערופען זיין קוטשער און האט איהם געהייסען פאהרען, וואוהין דער דער גראף וועט איהם הייסען. דער גראף איז צוגעפאהרען צו איינעם פון דיא שעהנסטע הייזער אין קווארטאל סען זשערמאן. ער האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אהיים, און אליין איז ער ארויפגעגאנגען אויף דער מארמארנע טרעפ פון'ם רייכען הויז און האט אנגעקלונגען.

— איז דיא מארקיזא דע פאלאנצאני צו הויזע? האט ער געפרעגט דעם רייכ־געקליידעטען לאקיי, וועלכער האט איהם געעפענט דיא דרויסען טהיר.

— דיא מארקיזא איז צו הויזע, האט דער דיענער געזאגט, אבער זיא האט אנגעזאגט, אז איך זאל קיינעם ניט אויפנעהמען.

— מעלדעט מיך! האט דער גראף געזאגט שטרענג.

דער לאקיי איז אריין אין זאל און איז באלד ארויסגעקומען.

— דיא מארקיזא בעט דעם גראף אין איהר גאסטצימער, האט ער געזאגט.

ער איז נעגאנגען פאראויס און האט געעפענט פארן גראף דיא טהירען, ביז ער האט איהם אריינגעפיהרט אין א קליינעם, אבער אזוי רייך פערציערטען צימער, אז דיא פראנצויזישע קייזערין האט דארט געמעגט וואינען. דאן איז ער זיך אוועקגעגאנגען. באלד האט מען געהערט רוישען א שווערן פארהאנג און א דאמען שטימע האט געזאגט:

— קומט נור אריין, הערר גראף.

דער גראף האט אויפגעהויבען דעם שווערן פארהאנג און איז אריינגעקומען אין שלאף צימער פון דער מארקיזא. דאס שלאף צימער איז געווען רוהיגער און שטילער פון דיא איבעריגע צימער. דיא מארקיזא איז געלעגען אויף א סאמעטענעם דיוואן און האט געהאלטען א בוך אין דיא הענד. זיא האט אים אבער ניט געלעזען. דער גראף איז צו איהר צוגעגאנגען, האט גענומען איהר האנד און האט זיא גאנץ העפליך, אבער שרעקליך קאלט צוגעלעגט צו זיינע ליפען. ער האט זיך אומגעקוקט אין צימער און זיין זיין געזיכט האט אויסגעדריקט צופריעדענהייט און זיעג.

— איך מוז אייך מאכען א קאמפלימענט, מיין שעהנע אננא, האט ער איהר געזאגט. זייט מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון וויען, ווערט איהר מיט יעדען טאג איי־נער און שעהנער.

— איך מוז דאך מיר געבען אלע מיה, איך זאל זיין שעהנער און עלעגאנטער, דייל אין וויען בין איך געווען אננא באלצער און קיין פאריז בין איך געקומען אלס

מארקיזא דע פאלאנצאָני. איך מוז דאך מאכען עהרע דער פאמיליע פאלאנצאָני, וועלכע איז איינע פון דיא עלטסטע און עדעלסטע פאמיליען אין איטאליען.

גראף דע ריווערא האט גאר ניט געענטפערט. ער האט בעטראכט דיא איינ־ריכטונג פון׳ם שלאף צימער.

— הערר גראף! האט איהם דיא יונגע פרוי אויפגעוועקט פון זיינע געדאנקען. — הערר גראף, האט איהר ניט קיינע נאכריכטען פון מיין מאן, דעם מארקיז פאלאנ־צאָני? — איך האב אונגליק מיט מיינע מענער, האט זיא ווייטער געזאגט מיט א שמייכעל. — מיין ערשטער מאן האט געמאכט זעהר שלעכטע געשעפטען און האט זיך גענומען דאס לעבען. מיין צווייטער מאן איז געווען טויט קראנק, ווען ער האט מיך געהייראטהעט. — וואס מאכט ער יעצט? לעבט ער נאך?

— ער לעבט נאך און געפינט זיך אין גוטע הענד, האט דער גראף געענטפערט ערנסט. — איך בעט אייך אבער, איהר זאלט מיט קיינעם ניט רעדען פון אייער מאן אין אזא טאן. ער אליין מעג זיין, וואס ער וויל זיך, ער האט אייך אבער גענעבען א נאמען, וועלכער איז ווערטה, אז מען זאל איהם אכטען און שעצען. דיעזער נאמען איז א גאלדענער שליעסעל, מיט וועלכען מען קען עפענען זעהר פיעל טהירען.

דיא יונגע פרוי איז רויט געווארען און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פלאמען. דאס האט אבער געדויערט נור א סעקונדע. דער שטרענגער בליק פון׳ם גראף האט זיא באלד בערוהיגט. זיא האט אראפגעלאזען דיא אויגען, האט א מאך געטהאן מיטן האנד איבערן שטערן און האט געזאגט מיט איהר געוועהנליכער, העלער שטימע:

— וויסט, איהר גראף, אז איך הייב מיך אן צו לאנגווייליגען? — אנפאנגס האט מיך פאריז מיט זיין פרעהליכען לעבען אינטערעסירט. עס האבען מיך אינטערעסירט דיא פערשיעדענע סצענען און לעבענסבילדער, וועלכע זיינען טעגליך איבערגאנגען פאר מיינע אויגען, וויא אין א פאנאָראמא. ענדליך אבער ווערט מען צו זיי צוגעוואוינט און זיי לאנגווייליגען. — דיא יונגע העררן, מיט וועלכע איך האב מיך ביז אהער בעקאנט, זיינען צו פערדאָרבען און אבגעשמאקט — און אין דיא וואהרע הויכע געזעלשאפט האט איהר מיך ביז אהער נאך ניט איינגעפיהרט. — וואָצו טויג מיר אלזא דער הויכער נאמען, וועלכען — איהר האט מיר געגעבען?

— געדולד, מיין שעהנע מארקיזא! האט דער גראף געזאגט רוהיג. עס איז ניט שווער אריינצוקומען אין דיא הויכע געזעלשאפט. מען מוז אבער וויסען, וויא אזוי זיך צו האלטען. ווען איהר ווילט ווירקליך דיענען אונזער זאך, דארפט איהר ניט אריינ־טרעטען אין דער הויכער געזעלשאפט לאנגזאם, פון איין שטופע צו דער אנדערער. דאס טויג פאר מיר ניט. — איהר מוזט מיט א מאל אויפטרעטען אויף דער העכסטער שטופע און פון דער הויך אראפקוקען אויף אלעמען, וועלכע וועלען קריעכען אייך צו דיא פיס. — דאס וועט געשעהן, ווען איך וועל עס געפינען פאר נייטיג.

איהר געזיכט האט זיך ווידער געענדערט און בליצען פון צארן האבען געשאָסען פון איהרע אויגען.

— איהר זאגט מיר יעצט אז איהר וועט מיך איינפיהרען אין דיא הויכע געזעל

שאפט, איהר וועט מיר געבען דיא געלעגענהייט, איך זאל אייך צייגען וויכטיגע דיענסטע. — ביז אהער האב איך נאך גאר ניט געטהאן, אויסער דאס — וואס יעדע מארקיזא טהוט. —

— יא, מיין שעהנע מארקיזא, איהר האט רעכט. יעצט איז געקומען די צייט, ווען אייער טהעטיגקייט וועט זיך אנהויבען. איהר קענט יעצט מיר ערצייגען א געפעלינקייט, וועלכע, ווען איהר וועט נור זיין געשיקט און וועט עס אויספיהרען, וויא איך מיין, קען האבען אן איינפלוס אויף גאנץ אייראפא. — עס איז א קלייניגקייט, מען מוז עס אבער אויספיהרען אזוי קינסטליך און אזוי געשיקט, אז עס זאל קיינעם ניט איינפאלען, ווער עס האט עס געטהאן.

דיא מארקיזא האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט געזאגט האסטיג:

— שפרעכבען זיא גראף! זאגט מיר, וואס איך זאל טהאן. איך וועל עס אויספיהרען מיט לייב און זעעלע.

— איך זאג אייך נאך א מאל, אז איך פאָרדער פון אייך קיין שווערע זאך. מען מוז זיא אבער מאכען זעהר געשיקט. — דיא הויפטזאכע איז אבער — פערשוויעגענהייט! קיינער טאר ניט ויסען, ווער עס האט אייך געשיקט און פון וואנען איהר ווייסט, וואס איהר וועט זאגען.

— האט איהר אורזאכע מיר ניט צו טרויען? האט דיא מארקיזא געפרעגט מיט א פארוואורף.

— ניין, האט דער גראף געענטפערט. איך זאג עס נור דערפאר, ווייל איך רעכען, אז עס איז נאטהווענדיג יעדעס מאל געגוי צו וויסען אונזערע בעדינגונגען.

— הערר גראף, איך קען אונזערע בעדינגונגען. איהר דארפט זיי מיר ניט וויעדערהאלען.

— גוט! אלזא, הערן זיא, האט דער גראף געזאגט גאנץ שטיל.

— וואָלט ניט געווען גלייכער מיר זאלען פערשליעסען דיא טהיר?

זיא האט געוויעזען אויף דער טהיר פון'ם זאל און האט זיך געוואָלט אויפהויבען נעהן זיא צושליעסען. דער גראף האט ארויפגעלעגט גאנץ לייכט זיין האנד אויף איהר נאקעטע פלייצע.

— עס איז ניט נייטיג, האט ער געזאגט. איך האב ליעב צו רעדען, ווען אלע טהירען שטעהן אָפען. דאן בין איך וועניגסטענס זיכער, אז קיינער שטעהט ניט הינטער דער טהיר און הערט זיך צו. דיא לאקייען און דיענער זיינען נייגיעריגע מענשען. ווען זיי געפינען פערמאכטע טהירען, האבען זיי ליעב צו צולעגען אן אויער.

זיא האט זיך אניעדער געזעצט אויף איהר אָרט און האט געקוקט דעם גראף גלייך אין דיא אויגען.

— רוסלאנד איז זעהר ניט צופריעדען, וואס פרייסען איז געוואָרען אזוי גרויס, האט דער גראף אנגעהויבען צו רעדען מיט זיין העלער, טיעפער שטימע. קייסער אלעקסאנדער דער צווייטער וויל ניט דערלאזען, אז מען זאל בערויבען דיא דייטשע פירסטען, וויא דעם קעניג פון האנאָווער און אנדערע. ער וואָלט ערקלערט פרייסען קריעג. ער קען עס אבער ניט, ווייל אין רוסלאנד אליין קאָכט עס און זיעדעט אונטער

דער ערד. עס האבען זיך דארט געבילדעט געהיימע געזעלשאפטען מיט'ן נאמען ניהי־ליסטען, וועלכע טראכטען, וויא אזוי צו פערניכטען דיא קייזערליכע פאמיליע. עס איז זיי ווענינ רוסלאנד אליין, זיי ווילען נאך צו ציעהען אלע רעוואלוציאנערן פון איטאליען און פראנקרייך.

דיא מארקיזא האט איהם אנגעקוקט מיט שטוינען.

— וואס קען איך דען טהאן דערצו? האט זיא געפרעגט מיט דיא אויגען.

דער גראף האט זיך געמאכט ניט וויסענדיג און האט ווייטער געזאגט.

— דער קייסער נאפאלעאן ווינשט זעהר צו שליעסען א בונד מיט רוסלאנד גענען פרייסען. ער וויל זעהר, אז אלעקסאנדער דער צווייטער זאל איהם דאנקבאר זיין און זאל וויסען, וואס פאר א פריינד ער איז איהם. ער האט שטילערהייט איינ־געלאדען דעם גרויסען איטאליענישען אגיטאטאר, מאדזיני, קיין פאריז. עס וועט שטאטפינדען א גרויסער קאנגרעס פון דיא ניהיליסטען אין פאריז. דער רוסישער פערשווערער, באקונין וועט קומען אהער. מען ערווארטעט יאהאן מאסט פון עסטער־רייך. אין האנאווער זיינען דא פיעלע אפיציערען, וועלכע האבען געדיענט אונטער קעניג געארג, און קענען יעצט ניט פערטראגען דעם פרייסישען יאך. זיי האבען אויך זיך אנגעשלאסען אן דיא רעוואלוציאנערן. עס האנדעלט זיך אום גאנץ ערנסטע זאכען.

— וואס קען איך אבער טהאן אין אזא פאל? האט זיך ניט געקענט איינהאלטען דיא מארקיזא.

— איך געפין, אז אייער עקיפאזש און אייערע פערד זיינען ניט רייך גענוג, אום איהר זאלט קענען שפיעלען דיא ראלע, וועלכע איך האב פאר אייך בעשטימט. אייערע פערד זיינען גאר ניט שעהן. זייער פארב געפעלט מיר אויך ניט.

דיא מארקיזא איז מיט יעדע מינוט געווארען אלץ מעהר ערשטוינט און האט אנגעקוקט דעם גראף מיט בעוואונדערונג.

— איהר מוזט האבען דיא שעהנסטע פערד אין פאריז. פערגעסט ניט, אז איהר זייט דיא מארקיזא פאלאנצאני. — דיא בעסטע פערד אין פאריז אבער האט נור דיא רייכע מאדאם דע מושאר. דיא קייזערין האט געוואלט ביי איהר אפקויפען דיא פערד. זיא וויל זיי אבער ניט פערקויפען. זיא איז זעהר רייך.

אויפ'ן געזיכט פון דער מארקיזא איז ארויסגעטרעטען א רויטען פארב און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פונקעלן. דער גראף אבער איז געבליעבען רוהיג און קאלט.

— איהר וואלט געדארפט פראבירען מאכען דיזער דאמע א בעזוך און זיא בעטען, אז זיא זאל אייך פערקויפען איהרע פערד. ווען איהר זאלט איהר קענען ערצייינען א געפעלינקייט, וואלט זיא פיעללייכט איינגעווילינט אייך צו פערקויפען איהרע פערד. — צום גליק אינטערעסירט זיך דיזע דאמע זעהר מיט רוסלאנד און ווען זיא וועט געוואהר ווערן, אז עס האנדעלט זיך ווענען דאס לעבען פון דער רוסישער קייזערליכער פאמיליע, וועט זיא פיעללייכט איינווילינען אייך צו פערקויפען איהרע פערד. —

— גענוג, הערר גראף! האט דיא מארקיזא אויסגערופען. איך פערשטעה אייך! איך פערשטעה, וואס איהר מיינט, איך פערשטעה, וואס פאר א שווערע אויפגאבע

איהר ניט מיר און איך וועל זיא אויספיהרען. איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין.

— ווייסט איהר אבער, פון וואנען איהר זייט דאס אלעס געוואָהר געוואָרען?— פוּם קארדינאל אנטאָנעלי, דער געזאנאדטער פוּם היילינגען פאטער ביים קייסער פון דיא פראנצויזען.

— איך מוז נאך האבען א זיכערן בעוויז, אז אלעס איז ריכטיג, וואס איך וועל דערצעהלען.

— איהר זייט קלוג, מיין שעהנע מארקיזא, האט דער גראף געזאגט. קייסער אלעקסאנדער איז זעהר פּעראינטערעסירט צו געפינען א יונגען מאן מיט'ן נאמען וולאדימיר. ער געפינט זיך ביי דיא ניהיליסטען מען וויל איהם שיקען קיין פאריז.

— ווען זאל אלעס געשעהן? האט דיא מארקיזא געפרעגט.

— וואס שנעלער, איז אלץ בעסער. דיא צייט איז טהייער.

— איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין, הערר גראף. — א שטונדע דארף ביי מיר געדויערן מיין טואלעט. ווען זיא וועט פערטיג זיין, פאהר איך באלד צו דער מאדאם דע מושאר.

דער גראף האט זיך אויפגעהויבען.

— דיא פערד אבער וועלען געוויס קאָסטען זעהר טהייער, האט דיא מארקיזא געזאגט.

דער גראף האט ארויסגענומען פון דער בוזים־קעשינע א פּאָרטפעל, פון וועלכען ער האט ארויסגענומען א בלאנק אויף אן אנווייזונג. ער איז צוגעגאנגען צו א קליין טישעלע, האט גענומען שרייב־געצייג און האט אנגעשריעבען א טשעק.

— אָט האט איהר א טשעק אויף פופציג טויזענד פראנק, האט ער געזאגט. איך מיין, אז דאס וועט גענוג זיין. וועט עס אבער ווייניג זיין, מעגט איהר דערוויל געבען דיעזען טשעק אלס האנדגעלד.

זיא האט גענומען דעם טשעק און האט איהם אריינגעלעגט אין א קלייינעם פּאָרטפעל פון פערל מוטער.

— יעצט, הערר גראף, ערלויבט מיר צו מאכען מיין טואלעט, האט זיא איהם געזאגט. איך טרייב אייך ניט ארויס, איך בעט נור, איהר זאָלט עס מיר ערלויבען.

— שטערט אייך ניט, שעהנע מארקיזא. איך קען אייך זאָגאר בעהילפליך זיין. איך פערשטעה אויך עטוואס פון דאמען טואלעט.

זיא האט געעפענט א רייכען טואלעטען טישעלע פון ראָזען האלץ, האט ארויסגענומען שאכטלען, פלעשער און אנדערע טואלעט ארטיקעל און האט אנגעהויבען צו פערקעמען איהרע שעהנע, בלאָנדע האר. דאן האט זיא גענומען א שאכטעל פון פודרע און האט זיך געוואָלט אנפודרען. דער גראף איז צוגעגאנגען צום טישעלע, האט איינגעטונקט זיינע פינגער אין דער פודרע און האט זיא צוריעבען צווישען דיא פינגער.

— איהר קויפט אייערע טואלעט ארטיקעל ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאץ, האט ער געזאגט. דיעזע פודרע איז גוט. זיא מאכט, אז דאס געזיכט זאל בעקומען דיא פארב פון פערלמוטער. ווען מען ברויכט זיא אבער צו אָפט, פערדארבט זיא דיא

הויט. איהר מוזט קויפען אייערע טואלעט ארטיקעל אין אנאנדער מאגאזין. איך וועל אייך זאגען, וואו.

— זעהט איהר, גראף אז עס איז זעהר גלייך, וואס איהר שטעהט ביי מיין טואלעט מאכען. אָט האט איהר מיר געזאגט זעהר א וויכטיגע זאך, וואו צו קויפען מיינע טואלעט ארטיקעל. מיר, פרויען, ווייסען גאר ניט. מיר נעהמען, וואס מען גיט אונז און מיינען, אז עס איז גוט. מיר זיינען צופריעדען, ווען מיר ווערן אויף א מינוט אביסעל שעהנער. מיר קענען ניט פּאראויסזעהן, אז דיעזע ארטיקעל שאדען אונז, ווען מיר קוקען זיך אום. איז עס שוין צו שפעט. מיר מוזען דאמאלס זיך אזוי פיעל אנפּארבען און אנשמיערען דאס געזיכט, אז עס איז שוין לייכט צו דערקענען, אז דאס איז ניט דיא נאטור, זאנדערן א פארב.

ביי דיעזע ווערטער האט זיא ענטבלעסט איהר האלז און איהרע פּלייצעס. דער גראף האט זיא בעטראכט, וויא א קינסטלער בעטראכט א מארמאר בילד. עס איז געווען דייטליך, אז דיא יונגע פרוי קאקעטירט מיט׳ן גראף. זיא האט איהם געוואלט רייצען מיט איהר שעהנער געשטאלט, מיט איהרע קלארע, מארמאר שולטערן. דער גראף האט זיא גאנץ לייכט בעריהרט.

— דאס מאל איז שוין פערפאלען. אין דער צוקונפט וועל איך אייך ווייזען, וויא אזוי צו מאכען טואלעט. דאס איז אויך א קונסט, וועלכע מען מוז שטודירען, האט ער געזאגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען זיין הוט, האט זיך לייכט פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער. ווען דיא מארקיזא האט געהערט, אז ער איז ארויסגע־גאנגען פון זאל, האט זיא געזאגט מיט א פערביסענעם צארן:

— ער איז קאלט, וויא אייז, ער בעהערשט אבער אלעמען מיט אן אייזערנער האנד. דאס איז קיין מענש, דאס איז דער טייפעל אליין.

זיא האט אנגעקלונגען, איהר קאמערמעדכען איז אריינגעקומען.

— איך דארף אויספאהרען. — העלף מיר מאכען מיין טואלעט. — זאג דעם לאקיי, ער זאל איינשפאנען מיין קארעטע.

גראף דע ריווערא איז ארויסגעגאנגען פון׳ם פאלאץ פון דער מארקיזא, האט צוגערופען א דראשקע און האט געהייסען פאהרען צו זיך א היים. ווען ער איז געזעסען אין דער דראָשקע, האט ער א שמייכעל געטהאן און געזאגט צו זיך אליין:

— אמאל האבען העלדען, ריעזען, בעהערשט דיא וועלט. היינט געפינט זיך דיא גאנצע פּאליטיק אין דיא הענד פון דריי פרויען. איינע איז דיא קייזערין פון פראנקרייך, דיא צווייטע איז א רוססישע שפּיאנין און דיא דריטע איז א מאשין אין דיא הענד פון׳ם הייליגען יעזואיטען ארדען. — ווען דיא קלוגע און ערנסטע מיניסטאָרען און געזאנדטע וועלען פאהרען שפּאציערן אין בוא דעבולאָני און וועלען זעהן, וויא דיעזע דאמען פאהרען אין זייערע קארעטעס און וואַרפען אויגען אין אלע זייטען, וועט זיי געווים ניט איינפאלען, אז דיעזע שעהנע, קאקעטע פרויען פיהרען אייראפּא ביי דער נאז; אז ניט דיא קלוגע מיניסטאָרען, ניט דיא טאפּפערע גענעראלען געווינען

שלאכטען און ענדערן דיא לאנדקארטע פון דער וועלט, זאנדערן דיא שוואכע פינגער פון פרויען הענד.

עס וועלען פערגעהן יאהרהונדערטע, אונזערע אייניקלעך וועלען אויפשטעלען שטיינערנע מאנומענטען. וועמען? — ניט דעם, ווער עס האט עס פערדיענט, זאנדערן דעם, וואס האט עס ניט פערדיענט. — אזוי ווייט האט זיך דיא וועלט געענדערט.

ער איז געקומען א היים, האט זיך איבערגעטהאן, האט געהייסען איינשפאנען זיין עקיפאזש און האט געזאגט דעם קוטשער, וואוהין ער זאָל פאהרען.

— אין דיא טיולעריען.

דאס איז דער נאמען פון'ם פאלאץ, וואו דער קייזער נאפאלעאן דער דריטער האט געוואינט.

20טעם קאפיטעל.

## אונשולד און שולד.

פירסט מעשטשערסקי איז ניט געבליעבען לאנג אין זשאָקיי קלוב, נאכדעם וויא גראף דע ריוועראָ איז אוועקגעפאהרען. קוים איז אנגעקומען זיין עקיפאזש, האט ער זיך אויפגעזעצט און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין דער נאם נאָטר-דאר דעלארעט. שטילערהייט האט ער איהם געזאָגט דיא נומער פון'ם הויז, צו וועלכען ער זאָל צופאָהרען.

אין אייניגע מינוטען איז ער אנגעקומען צום הויז, וואס ער האט געהייסען. דאס איז געווען א גרויסעס און שעהנעס הויז. מען האט אבער לייכט געקענט זעהן, אז דארט וואינען ניט גאנץ רייכע מענשען. אין דער ערשטער עטאזשע זיינען געווען צוויי טהירען. יעדע טהיר האט געהאט א קנעפעל פון א גלאָק. אונטער איין גלאָק איז געווען צוגעשלאגען א מעשין ברעטעלע מיט אויסגעגראָבענע בוכשטאבען: „ר א־מ א נ א, א מ א ל ע ר“ אונטערן אנדערן גלאק איז קיין נאמען ניט געווען צוגע־שלאָגען.

דער יונגער פירסט האט אנגעהויבען צו ציהען דאס קנעפעל פון'ם גלאק, אונטער וועלכען עס איז קיין נאמען ניט געשטאנען.

אן אלטע דיענערין האט איהם געעפענט דיא טהיר.

— איז פריילין יוליא צו הויזע? האט ער געפרעגט.

ער האט ניט געווארט אויף קיין ענטפער און איז גלייך געגאנגען ווייטער, ביז ער איז צוגעקומען צו א טהיר. ער האט ניט אנגעקלאפט, האט זיא געעפענט און אַר־איין אין א קליינעם, אבער ריינעם און שעהנעם צימער.

אין א ווינקעל פון'ם צימער זיינען געשטאנען ראזענביימעלעך און אנדערע טהייערע בלומען אין גרויסע טעפ און פעסעלעך. צווישען דיא בלומען איז געשטאנען א גרויסער, ווייכער שטוהל און אויף איהם איז געזעסען א בילד שעהנעס מעדכען. זיא האט געהאלטען א בוך אין דיא הענד. זיא האט עס אבער ניט געלעזען. איהרע גע־דאנקען זיינען געווען ערגעץ אנדערש. דאס זיינען געווים געווען זעהר טרויעריגע געדאנ־קען, ווייל אויף איהרע שעהנע ברעמען האבען געגלענצט טרערען, וויא עס ציטערן העלע וואסער טראפען אויף דיא גרינע בלעטער פון דיא ביימער נאך א רעגען.

א גלאנץ פון פרייד האט זיך געוויזען אויף איהר שעהנעם געזיכט, ווען דער יונגער מאן איז אריינגעקומען. זיא האט א ציטער געטהאן, גלייך וויא זיא האט געוואלט אפשאקלען פון זיך דיא טרויעריגע געדאנקען און האט א שמייכעל געטהאן.

— איך קען ניט לאנג אויסבלייבען פון מיין יוליא, האט דער יונגער מאן געזאגט. איך האב מיך אויסגעריסען פון מיינע גוטע פריינד און מיינע בעקאנטע און בין געקומען צו לויפען צו דיר.

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען א שטוהל, האט איהם אניעדערגעשטעלט לעבען דיא בלומען און האט זיך געזעצט לעבען איהר.

— איך פיהל מיך גליקליך, ווען דוא ביסט לעבען מיר, האט דאס יונגע מעדכען געזאגט. ווען איך קוק אין דיינע קלארע בלויע אויגען, דערמאן איך מיך אן מיין היים, אן מיין פאטערלאנד, אן מיין ליעבען איטאליען, וואו דיא זון לייכטעט שטענדיג העל און קלאר; וואו דער הימעל איז ריין, בלוי און שפיעגעלט זיך אפ אין דיא בלויע וועללען (כוואליעס) פון'ם מעער. — אך! איך בין שוין לאנג פון דער היים, איך קען עס אבער ניט פערגעסען, איך בענק אלץ א היים. דער רויש פון פאריז, דיא מאסע מענשען, דיא אונרוהיגע גאסען דריקען מיך, פרעסען מיין ברוסט און מאכען מיך טרויעריג.

— זיי ניט טרויעריג, מיין ליעבע יוליא, האט דער יונגער מאן געבעטען. בעטראכט נור דיעזע שעהנע ראזען, וועלכע הענגען אראפ איבער דיין קאפ. זיי זיינען אויך געוואוינט צו א פרייען הימעל, צו דער פרישער לופט און דאך בליהען זיי אין דיעזען ענגען צימער און שמעקען אזוי שעהן, גלייך וויא זיי וואלטען געוואקסען אין שעהנסטען גארטען. — זעה, מיין ליעבע, וויא דיעזע ראזע פאסט דיר אין דיא האר.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אויסגעשטרעקט דיא האנד און האט געוואלט אפרייסען א ראזע.

— לאז צו רוה דיא ראזען, האט דאס מעדכען געבעטען. וואצו זאלען מיר פערניכטען זייער יונגעס און קורצעס בלומען לעבען? — זיי בליהען. אונזער אויג האט פערגניגען זיי אנצוקוקען. זיי שמעקען און ערקוויקען אונז מיט זייער ליעבליכען גערוך. ווארום זאלען מיר זיי אפברעכען און פערניכטען זייער לעבען? — באלד, באלד וועלען דיא שעהנע רויטע בלעטעלעך אליין אראפפאלען איינער נאכ'ן אנדערן, דער שעהנער גערוך וועט פערשווינדען און עס וועט נור בלייבען דאס הארטע האלץ, וועלכעס וועט קעמפפען פאר זיין לעבען, ביז עס וועט קומען אנאנדער זומער, אנאנדערע צייט צו בליהען און צו לעבען.

דער יונגער מאן האט איהר אבער ניט געפאלגט. ער האט דאך אפגעריסען א שעהנע, גרויסע מאאס ראזע. אין דיעזע מינוט אבער האט ער א ציטער געטהאן און האט גענעבען א שוואכען געשריי. — ער האט זיך פערשטאכען אן איינעם פון דיא שארפע שפיצען פון'ם צווייגעלע, אויף וועלכען דיא ראזע איז געהאנגען.

— קיינע ראזען אהנע דערנער, האט דאס מעדכען געזאגט מיט א זיפץ. פאר יעדע מינוט פון פרייד, פאר יעדע סעקונדע פערגניגען, וואס דאס לעבען גיט אונז,

האבען מיר צו בעצאהלען מיט מאנאטע לאנגע, זאגאר יאהרען לאנגע ליידען פון דיא דערנער, וועלכע געפינען זיך ארום יעדע ראָזע.

דער יונגער מאן האט איהר ארייגגעשטעקט דיא ראָזע אין דיא האר און האט געזאגט:

— דאך, מיין געליעבטע, דוא ביסט א ראָזע אהן דערנער. — אך, וויא שעהן פאסט דיר דיא ראָזע!

— אך, ניין! האט דאס מעדכען געזיפצט טרויעריג. דוא ווייסט נאר ניט, וויא שארף דיא דערנער זיינען, וועלכע געפינען זיך ארום מיר. זייערע שפּיצען אבער געהן נים נאך אויסען, וויא ביי דער ראָזע, צושטעכען דעם פרעמדען, וועלכער וויל זיא אנריהרען. דיא שפּיצען פון מיינע דערנער זיינען געקעהרט צו מיין הארץ. זיי גראבען זיך אלץ טיעפער און טיעפער אין מיין קראנקען הארצען און ניעסען אין איהם אריין זייער ביטערן גיפט.

דער יונגער מאן האט זיך פערטראכט. דיא איינפאכע, אבער טיעף געציעלטע ווערטער פון זיין געליעבטער האבען איהם טרויעריג געמאכט.

— וואס איז דיר היינט, געליעבטע? האט ער זיא געפרעגט. — וויא הייסען דיא שרעקליכע דערנער, וועלכע פלאגען דיך אזוי שטארק? — לאמיך אויך וויסען, ווער וואגט עס מיין טהייערע יוליא צו בעליידיגען?

— מיינע דערנער הייסען — פערגאנגענהייט און צוקונפט, האט דאס מעדכען געזאגט טרויעריג. ביי אנדערע מענשען האבען זיי אנדערע נעמען. ביי זיי הייסט דיא צוקונפט דיא האפנונג. יעדער האפט אויף דיא צוקונפט, יעדער ערוואַרטעט עפּעס פון דער צוקונפט. יעדער האפט, אז דיא צוקונפט וועט איהם ברענגען עפּעס נייעס, עפּעס גוטעס און ער איז גליקליך מיט דער האפנונג.

דיא פערגאנגענהייט רופען דיא מענשען עראינערונג און זיי זיינען גליקליך מיט זייער עראינערונג. — א מאָל האב איך געלעבט, זאגט איינער. אמאל בין איך גליקליך געוועזען, זאגט דער אנדערער. עס מאכט זיי פערגניגען צו רעדען פון דער פערגאנגענהייט. זיי עראינערן זיך, אז זיי האבען אמאל געלעבט, געווירקט, געשאפט, געוועזען מענשען. — דיא עראינערונג מאכט אמאל דעם מענשען פערגעסען זיינע ליידען אזוי גוט, וויא דיא האפנונג. דיעזע ביידע — פערגאנגענהייט און צוקונפט, אדער עראינערונג און האפנונג, זיינען פאר אלע אונגליקליכע—ראָזען. פאר מיר זיינען זיי — דערנער. איך האב נור דיא געגענוואַרט, דיא יעצטיגע מינוטע, ווען איך בליה און ליעב דיך. אבער וויא לאנג וועט עס דויערן? —

איהר שטימע איז געווארען אלס שטילער און אלס טרויעריגער, ביז ענדליך האבען דיא טרערין אין גאנצען דערשטיקט איהר שטימע. זיא האט זיך צוריקגעוואָרפען אין איהר שטוהל, האט פערדעקט איהר געזיכט מיט איהרע הענד און האט אנגעהויבען צו וויינען אין דער הויך. — דער יונגער מאן איז געזעסען אייניגע מינוט, וויא פערשטיינערט. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן און וויא אזוי ער זאל זיא טרייסטען. ער האט גענומען איהר קאָפּ, האט איהם צוגעבויגען צו זיך און האט איהר א קוש געטהאן אין שטערן.

— אך, ליעבע, טהייערע יוליא! האט ער געזאגט גאנץ שטיל — דוא האסט מיר קיין מאל ניט דערצעהלט פון דיין פערגאנגענהייט, דוא האסט מיר ניט געזאגט, וואס דוא ביסט געוועזן אין דיין קינדהייט און וויא אזוי דוא קומסט קיין פאריז. איך ווייס ניט, וואס איך זאל דיר זאגען און וויא אזוי איך זאל דיך טרייסטען. — זאג מיר, ליעבע יוליא, דערצעהל מיר עפּעס פון דיין קינדהייט, פון'ם שעהנעם איטאליען. איך בין געבארען אין א קאלטעם לאנד. אונזער הימעל איז זעלטען ריין און קלאר. דערפאר זיינען מיר, רוסען, געוועהנליך אזעלכע פערטראכטע, טרויעריגע מענשען. איהר אבער, איהר איטאליענער דארפט זיין שטענדיג אזוי לעבעדיג און אזוי פרעהליך, וויא דיא לאבענדע זון, וועלכע האט אייך אריינגעשיינט אין אייער וויגעלע.

— אך! איך זאל קענען פערגעסען, — דיזע פערגאנגענהייט! האט זיא אויס־גערופען מיט טרערען אין דיא אויגען. — מעגליך, אז איך וואלט זיא פערגעסען, ווען איך זאל האבען א צוקונפט — א האפנונג! — יעצט אבער —

זיא האט זיך אפּגעווישט דיא טרערען, האט אויפגעהויבען דעם קאפּ און האט געזאגט:

— וואס זאל איך אייך דערצעהלען פון מיין פערגאנגענהייט? — זיא איז טרויע־ריג. א בילד פון גרויע פארבען אויף א דונקעלע ליינוואנד. איך ווייס, אז איך בין געבארען געווארען אין איטאליען. איך געדענק, אז דיא זון האט געשיינט העל און דאס מעער האט גערוישט גאנץ שטיל. איך געדענק, אז איך האב שפּאציערט אין וועלדער פון פּאמעראנצען ביימער, צווישען וועלכע דער לארבער האט געבליהט. איך געדענק, אז איך האב געזעהן מארמארנע פּאלאצען מיט מארמארנע פאנטאנען, פון וועלכע עס האט געשפּריצט ריינעס, קלארעס וואסער. איך געדענק, אז דאס איז געוועזן לאנג, שוין זעהר לאנג. — איך בענק צוריק אהין, אין יענע וועלדער, אין יענע גערטנער. עס ציהט מיר מיין הערץ אהין, אהין, וואו דיא פּאמעראנצען בליהען, וואו דיא גראנאטען (מילגראמען) גליהען. — אהין! — אהין — און איך מוז לעבען אין דעם שטויבינען, רוישענדען, אונרוהיגען פאריז אליין, אליין. —

— אבער דיינע עלטערן, דיין מוטער? האט דער יונגער מאן געפרעגט. — דוא ביסט דאך ניט אליין, דוא וואינסט דאך מיט דיינע עלטערן. האבען זיי דיר קיין מאל ניט דערצעהלט, ווער זיי זיינען? קענען זיי דען ניט פאהרען מיט דיר א היים, אהין?

— מיין מוטער? האט אויסגערופען דאס יונגע מעדכען און האט א ציטער געטהאן. — מיין מוטער? אך! דאס איז דאס טרויעריגסטע, דאס שמערצליכסטע אין מיין לעבען. — מיין הערץ רייסט זיך צו ליעבען מיין מוטער. אלע מיינע געדאנקען, אלע מיינע געפיהלע דרענגען מיך, רייסען מיך, איך זאל ליעבען מיין מוטער. — ליידער, וויל מיך מיין מוטער ניט פערשטעהן און קען מיך ניט — ליעבען. זיא האט קיין צייט ניט צו ליעבען איהר קינד. מיר פיהרען אזא אונרוהיגעס, בעוועגטעס לעבען, — אמאל לעבען מיר אין רייכקייט און אין לוקסוס. אנאנדער מאל דארבען מיר און האבען ניט א שטיקעל ברויט אין שטוב. — אין ביידע פעלע איז מיין מוטער צופיעל בעשעפטיגט אום צו דענקען וועגען מיך. —

דיא פארב פון איהר געזיכט האט זיך געענדערט און זיא האט אראפגעלאזען דעם קאפ, גלייך וויא זיא וואלט זיך פערשעהמט, וואס זיא האט אזויפיעל ארויסגעזאגט.

— מיין פאטער דאגעגען האט זיך ווירקליך פאר מיר געזארגט, האט זיא פלוצלונג ווייטער געזאגט. ער האט שטענדיג געהאלטען פאר מיר דיא בעסטע לעהרער און האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה מיך צו בילדען. אין דיא שווערסטע צייטען, ווען עס איז ביי אונז אין שטוב קיין ברויט ניט געווען, האט מיין פאטער ליעבער געהונגערט און האט אוועקגעגעבען דעם לעצטען פראנק מיינע לעהרער. — מיין פאָטער איז א גוטער, שטילער און וויכער מענש. ער גיט נאך מיין מוטער אין אלעמען, וואָס זיא פערלאנגט. נור אין דעם איינעם פונקט פלעגט ער זיין הארט, וויא אייזען. קוים איז פאָרגעקומען דיא פראגע צו צונעהמען א לעהרער פאר מיר, האט ער קיינעם ניט געהערט. קיינער האט איהם ניט געקענט בייגען. פאר מיר איז ביי איהם קיין זאך ניט צו שווער, קיין זאך ניט צו טהייער. — איהר קענט אייך דענקען, וויא איך האב איהם דערפאר געליעבט. אבער אויך ביי איהם בעמערק איך עפּעס, וואס האלט מיך צוריק. — צווישען אונז שטעהט א זאנדערבארע שווארצע וואַנט. יעדעס מאל, ווען ער קוקט אויף מיר, קעהרט ער זיך פלוצלונג אוועק. ווען איך פלעג אמאל צוגעהן צו איהם און האב מיך געוואלט ארויפוואַרפען אויף זיין ברוסט, איהם ארומנעהמען און ארויסזאגען דאס זיסע, ליעבליכע ווארט: פאָטער! — פלעגט ער אנהויבען צו ציטערן, אויף זיינע אויגען האבען זיך געוויעזען טרערין און ער פלעגט אוועקגעהן פון מיר. — אזוי איז פערגאנגען מיין קינדהייט. — איך פלעג שטענדיג זיין אליין — אליין מיט מיינע געדאנקען, אליין מיט מיין בענקען א היים, אליין מיט א זאָנדערבארעס געהיימניס ארום מיר.

— ארעמע, ארעמע, יוליא! האט דער יונגער מאן ארויסגערופען. עס איז געווען דייטליך, אז דיא טרויעריגע ערצעהלונג פון'ם יונגען מעדכען האט געמאכט אויף איהם א טיעפען איינדרוק. דיא גאנצע געשיכטע איז אבער געבליעבען פאר איהם אזא רעטעניש, וויא פאר'ן מעדכען. ער האט אויך ניט געקענט פערשטעהן, וואס פאר א עלטערן זיינען דאס. דיא מוטער האט איהר קינד ניט ליעב און דער פאָטער אנטלויפט פון זיין קינד.

— ווען איך בין עלטער געווארען, האט דאס מעדכען ווייטער דערצעהלט, האט זיך דאס בענעהמען פון מיין מוטער געגען מיר אין גאנצען געענדערט. — זיא האט זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צו מיר. — זיא האט אנגעהויבען צו מאכען מיר שעהנע קליידער. זיא האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה, אז מיינע האר זאלען זיין שעהן פארקעמט. — אפט פלעגט זיא מיך רופען, ווען זיא האט געהאט געסט, און פלעגט מיר הייסען זינגען. זיא פלעגט מיך לויבען, זיך ריהמען, אז איך זינג זעהר שעהן. — דאס איז אבער ניט געווען אויס מוטער ליעבע. — זיא איז אלץ געבליעבען הארט און קאלט געגען מיר. איך פלעג מורא האבען פאר איהר. עס פלעגט מיך קרענקען איהר בענעהמען און איהר פריינדליכקייט געגען מיר. — זיא האט אנגעהויבען מיך ארומצופיהרען אין טהעאַטערע און אויף שפּאַציער געגנע. זיא האט אנגעהויבען מיך בעקאַנט צו מאכען — מיט מענשען. אמאל, ווען עס פלעגען קומען צו איהר געסט, געוועהנליך,

מענער, פלענט זיא מיך ארויסשיקען פון איהר צימער. אין דער לעצטער צייט אבער, האט זיך דאס אויך געענדערט. — ווען עס קומען צו איהר געסט, שיקט זיא מיך רופען, הייסט מיר אנטהאן מיינע שעהנסטע קליידער, — הייסט מיר זינגען פאר פרעמדע מענער. — מען לויבט מיך, מען זאגט, אז איך בין שעהן, אז איך זינג גוט. — מען זאגט עס מיר אבער מיט אזא טאן, וועלכער בעליידיגט מיך, וועלכער ערניעדריגט מיך, וועלכער קרענקט מיך און צורייסט מיר דאס הערץ. — דוא ווייסט, וויא אזוי דוא האסט זיך מיט מיר בעקאנט — אין א לאָזשע אין ווארייטע=טהעאטער. — דוא ווייסט, וויא לייכט מען האט עס געמאכט, אז דוא זאלסט זיך מיט מיר בעקענען;— וויא מען האט זיך געגעבען מיה, אז דוא זאלסט זיך אין מיר פערליעבען. —

— בערייעסט דוא עס, געליעבטע? האט דער יונגער מאן געפרעגט און האט גענומען איהר האנד.

זיא האט זיך צוגעבויגען צו איהם, האט אניעדערגעלעגט איהר שעהנען קאפ אויף זיין ברוסט און האט וויעדער אנגעהויבען צו וויינען.

— איך ליעב דיך, האט זיא געזאגט שטילערהייט, מיינסט דוא אבער, אז מיין מוטער איז צופריעדען פון מיין ליעבע צו דיר? דא האסט דוא א גרויסען טעות. זיא האט זיך געגעבען מיה, דוא זאלסט זיך מיט מיר בעקענען. זי האט געוואלט, אז דוא זאלסט זיך אין מיר פערליעבען. — אבער ווייסט דוא פאר וואס זיא האט עס געטהאָן? ווייל דוא ביסט א רוסישער פירסט און מען זאגט, אז דוא ביסט זעהר רייך. וועט זיך געפינען א רייכערער פון דיר, וועט מיין מוטער זיך געבען אלע מיהע, אז דער רייכערער זאל זיך אין מיר פערליעבען.

זיא האט ארויסגערעדט דיא לעצטע ווערטער מיט אזא טרויעריגער שטימע, אז דער יונגער מאן האט אונגערן א ציטער געטהאן.

— יא, האט זיא ווייטער געזאגט און א טיעפער, שווערער זיפץ האט זיך ארויס-געריעסען פון איהר ברוסט. — יא, ווען איך ליעג אזוי צוגעפרעסט צו דיין הארצען, פערגעס איך אלעס אין דער וועלט און מיין, אז איך בין גליקליך. אז איך לעב, אז פאר מיר איז נאך דא א וועלט מיט פרייד, מיט גליק. — ווען איך עפען אבער דיא אויגען; ווען איך חאפ מיך אויף און בעטראכט אלעס, וואס געפינט זיך ארום מיר, אלעס וואס געפינט זיך דא אין צימער. — ווען עס קומען דיא שווארצע געדאנקען און שטעלען זיך ארום מיר און זאגען מיר: דאס אלעס איז ניט א געשענק פון וואהרע, טרייע ליעבע, זאנדערן פון — אך! דאן וואלט איך אנטלאפען — אין דער וועלט אריין! אנטלאפען אין רוהיגען, שטילען קבר! אנטלאפען אין טוידט, אין דער אייביגער פער-געסענהייט! —

זיא האט געשוויעגען איינינע סעקונדען. איהר ברוסט האט זיך שטארק געהויבען און זיא האט שטארק געאָטהעמט שווער.

— דאס איז מיין פערגאנגענהייט, האט זיא ווייטער געזאגט. — א פערגאנגענהייט, פאר וועלכע איך שוידערע צוריק; א פערגאנגענהייט, וועלכע איך וואלט געוואלט פערגעסען. — קען אזא פערגאנגענהייט מיר דיענען אלס ערינערונג און מיך טרייסטען וויא אנדערע מענשען? — היינט, וואס פאר א צוקונפט שטעהט מיר פאָר? — האט

זיא געזאגט העכער און שארפער. — וואס קען איך ערווארטען פון דער צוקונפט? — וואס פאר א האפנונג קען מיר ברענגען דיא צוקונפט? — וואס וועט ווערן פון מיר? — דוא וועסט צוריק פאהרען א היים, צו דיינע שטאָלצע און רייכע פירסטליכע עלטערן. דוא וועסט מיך באלד פערגעסען. — איך וועל בלייבען אין דער פינסטערניס, אין דער דונקעלער נאכט ארום מיך. — וואס זאל איך טהאן? — וואס וועל איך מוזען טהאן? — געהן אויף דעם טרויעריגען וועג, אויף וועלכען פיעלע אנדערע זיינען געגאנגען? — אך! דיעזער וועג פיהרט אין א שרעקליכען אבגרונד! ווער וועט עס מיך שיצען? — ווער וועט מיך צוריקהאלטען, ווען מיין מוטער אליין טרייבט מיך אויף דיעזען שרעקליכען וועג. — זיא זעהט, אז פאר מיר שטעהט אָפען א טיעפע, שרעקליכע, פינסטערע גרוב און זיא שטויסט מיך אליין מיט איהרע אייגענע הענד אריין. — מיך קען רעטען נור — דער שלייער פון א נאָנע (מאָנאשקע) אדער דער טויט!

— אך, ניין, יוליא! האט דער יונגער מאן אויסגערופען. — זאג עס ניט! רעד ניט פון טויט! דוא וועסט נאך לעבען, דוא וועסט נאך גליקליך זיין. איך וועל דיך נעהמען צו מיר אהיים. — ביי אונז איז נור אין דרויסען קאלט, דיא הערצער אבער זיינען וואַרם. ביי אונז איז ניט אזוי שעהן, וויא ביי אייך אין איטאליען און דאך לעבען ביי אונז מענשען גליקליך. — זיי ניט אזוי טרויעריג ליעבע יוליא! — וועסט דוא פאהרען מיט מיר קיין רוסלאַנד?

ער האט גענומען איהר האנד און האט זיא אנגעהויבען צו קושען. זיא איז אויפגעשפרונגען, האט ארויסגעריסען איהר האנד און האט זיך געשטעלט נעגען איהם שטאָלץ און מוטהיג.

— אך, רעד ניט! רעד ניט פון זאכען, וואס קענען ניט זיין! — דוא וועסט מיך נעהמען צו דיר א היים? דוא וועסט מיך שטענדיג, אייביג ליעבען? — וואס זאגסט דוא? וועמען נאַררסט דוא? וואס וועלען זאגען דיינע עלטערן, דיא שטאָלצע פירסטען? — ווי וועלען אויפנעהמען אין זייער פּאלאץ אן ארימעס, אונגליקליכעס מעדכען, אהן א נאמען, אהן פערמעגען, אהן א טיטול? — נעה! נעה דיר דיין וועג אין לעבען. איך מוז געהן מיין טרויעריגען וועג. — ווענינגסטענס, וועל איך האבען א שטראַהל פון א פערגאנגענהייט, א פונק פון אן עראינערונג — איך האב דיך געליעבט!

דער יונגער פירסט איז געוועזען גערוהרט. וויא פערדארבען א מענש איז, וויא פערשטיינערט זיין הארץ זאל ניט זיין, — עס זיינען דאך דא מינוטען, ווען אין איהם ערוואכען עדעלע, מענשליכע געפיהלע. ער האט איינגעזעהן, וויא טיעף דאס אונגליקליכע מעדכען פיהלט איהר טרויעריגע לאגע און דאס האט איהם גערוהרט. ער האט געמוזט צוגעבען, אז ער איז אויך פיעל שולדיג, וואס דיעזעס מעדכען האט אזעלכע טרויעריגע געדאנקען. ער האט געוואָלט פערטרייבען דיעזע געדאנקען, זיי ווענינגסטענס אויף א קורצע צייט פעריאגען פון איהר.

— ליעבע יוליא, איך וועל דא בלייבען א גאנצען זומער, האט ער איהר געזאגט. מיר וועלען נאך רעדען איבער דיין צוקונפט. איך גיב דיר מיין עהרענוואָרט, אז איך וועל מיר געבען אלע מיה דיינע ליידען צו ערלייכטערן און דיין צוקונפט צו זיכערן. — רוא האָסט רעכט. — דער וועג, אויף וועלכען דיינע מוטער טרייבט דיך, פיהרט צו

און אבגרונד. איך וועל זעהן דיך צוריק האלטען. איך בין אליין רייך און האב היע פריינד און בעקאנטע, וועלכע וועלען מיר העלפען אויסגעפינען פאר דיר אן אנדערע צוקונפט אלס דעם שלייער פון א נאָנע אדער דעם טויט.

זיא האט איהם אויסגעהערט און האט טרויעריג געשאָקעלט מיטן קאָפּ. ער האט זיא אבער ניט געלאָזען לאנג טראכטען.

— לאָמיר לאָזען דיעזע טרויעריגע געדאנקען, האט ער געזאגט. — דאס לעבען איז אזוי טרויעריג. וואָצו זאָלען מיר אליין אונז פערביטערן דיא שטונדע, אין וועלכער מיר קענען גליקליך זיין? — זינג מיר עפּעס, יוליא! דיינע ליעדער דערמאנען מיך אן מיין פאטערלאנד. דאָרט הערט מען אויך אזעלכע טרויעריגע, הערצרייסענדע ליעדער, וועלכע דאס פאָלק האט זיך אליין געמאכט. קיינער האט עס ניט געלערנט; קיינער האט דיא דאָרפסמעדכען ניט געוויעזען דיא' רעגעלן פון מוזיק, דיא אָרדנונג פון דער קונסט — און דאָך דרינגען זייערע ליעדער אין אונזער הארץ און ריהרען אונז ביז וואנען טרעהרען רייסען זיך ארויס פון אונזערע אויגען.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו א קליינער פּיאנינאָ און האט עס געעפענט. יוליא האט זיך צוגעזעצט צו דער פּיאנינא און האט אנגעהויבען צו שפּיעלען אן אריע פון א בעריהמטער אָפּערא (Audi un uomo che muore! audi l'estreme son! הער דיא ווערטער פון א מענשען, וועלכער שטארבט! הערר דעם לעצטען קלאנג פון זיין שטימע). איהרע לאנגע, דיענע פינגער האבען געטאנצט אויף דיא קלאוואישען פון דער פּיאנינאָ און האבען פון איהר ארויסגעריסען שטילע, טרויעריגע, קרעכצענדע, זיפצענדע נאָטען, וועלכע האבען הינגעריסען דאס הערץ, בעטייבט דיא געדאנקען און פערפיהרט דעם מענשען אין א נייער וועלט — אין א וועלט פון טריימע, אין א וועלט פון פּאָעזיע אין א וועלט פון העבערע, עדעלערע געפיהלע. —

## 21טעם קאפּיטעל.

## וויא מען לעזט בריעף.

מיר האבען זיך שוין אביסעל אנגעזעהן מיט דעם שעהנעם, רייכען, אריסטאָ־קראטישען פּאריז און מיר ווילען יעצט געבען אונזערע לעזער א בעגריעף פון דער אנדערער זייט מעדאילע, פון'ם ארימען, הונגעריגען און שלעפּעריגען פּאריז.

אין א מאנסארדע (א שטיבעל אונטערן דאך — אביסעל ערגער און טרויעריגער פון א ניו־יאָרקער טאפּ פלאָאָר) זיצט א יונגער מאן לעבען א קליין טישעלע פערטראכט און טרויעריג. דאס שטיבעלע איז ארים און ניט גאנץ ריין. אין איין זייט ביי דער וואנד שטעהט אן אלטער דיוואן. א מאל, אין זיינע יונגע גליקליכע יאהרען, האט ער געהאט שפּרינג פעדערן (שפּראָנזשינעס) און איז געוועזן וויך. עס זיינען פערגאנגען יאהרען. איין דור נאכ'ן אנדערן זיינען אויף איהם געשלאָפען און האבען איהם געקוועטשט, ביז ער איז געוואָרען הארט, וויא א שטיין און דערצו נאך אלט און שוואך. ער קרעכצט יעצט, ווען מען ריהרט זיך צו צו איהם, זיפצט און בעט, אז מען זאל איהם לאָזען צו רוה. ער האט שוין אויסגעדיענט, ער קען שוין מעהר ניט ארבייטען. קיינער אבער הערט איהם ניט, קיינער קוקט זיך ניט אום אויף זיין קרעכצען. מען קוועטשט איהם און דריקט איהם נאך ערגער.

דאס טישעלע איז נים פיעל בעסער פון זיין קאמעראד, דעם דיוואן. עס האט שוין אויך נענוג געקעמפפט אין זיין הילצערנעם לעבען. אין איין שווערען קאמפף האט עס זאנאר פערלאָרען א פוס. עס מוז יעצט שטעהן ביי דער וואנד. א פּאר אלטע, צובראָכענע שטוהלע און א קאמאָד מאכען אויס דאס גאנצע מעבעל פון׳ם ארימען שטיבעלע.

עס איז נאך גאנץ פריה און דאך זיצט שוין דער בעוואָינער פון דער מאנסארדע ביי זיין טיש און שרייבט עפּעס, אדער ער מאכט זיך, אז ער שרייבט, ווייל אין דער ווירקליכקייט שרייבט ער נים. ער האלט נור דיא פעדער אין דער האנד און זיצט פערטראכט.

— קיין נאכריכט, קיין בריעף, קיינע מעלדונג פון דער היים. זאגט ער צו זיך אליין. — וואס זאל דאס הייסען? זיינען זיי דאָרט אויסגעשטאָרבען? האט מען זיי אלע ארעטירט? וויא קומט עס, וואס זיי שרייבען נים? עפּעס איז שטיל געוואָרען ביי זיי? — איך וואָלט געשריעבען אויף דער בעקאנטער אדרעסע, האב איך אבער מורא. — איך מוז ווארטען, ביז איך וועל בעקומען א בריעף, אדער א נאכריכט.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז זיך דורכגעגאנגען א פּאר מאל אין צימער הין און צוריק.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און א מעדכען פון א יאָהר צוואַנציג איז ארייגעלאפען אין צימעריל. זיא איז געוועזן מיעד און פערסאָפּעט. אין דיא הענד האט זיא געהאלטען א בריעף.

— א בריעף! א בריעף! האט זיא קוים ארויסגערעדט און האט זיך א וואָרף געטהאן אויפ׳ן קראנקען דיוואן.

דער מאן האט זיא בעטראכט א פּאָר מינוטען און האט איהר געזאגט מיט א פאָרוואורף:

— וואס ביסט דוא אזוי געלאפען, סאָפּיא? וואס האסט דוא זיך אזוי געאיילט? נענוג, וואס עס איז דא א בריעף. וואס עס שטעהט אין איהם, וועלען מיר וויסען שפעטער אביסעל.

— אך, קאָליא! האט דאס מעדכען געענטפערט, וואס רעדסט דוא? מיר ערווארטען וויכטיגע נייעס, מיר וויסען, אז עס שטעהט פאר גראָסארטיגע, בעריהמטע בעגעבענהייטען און פלוצלונג איז אלעם געבליעבען שטיל. איך רעד שוין נים דערפון, וואס אונזער קאסא איז ערשעפּט און מיר מוזען ארבייטען שווער און ביטער אום צו פערדיענען אויף ברויט. — דאס הארט מיך נים. אבער אונזער צוועק? וואס הערט זיך אין רוסלאנד? — וואו איז באקונין? וואס שווייגען זיי? — וואס טהוט דייטש, סטעפּאנאוויטש, ליזאגוב און קאוואלעווסקי?

זיא האט זיך אויפגעהויבען פון׳ם דיוואן, איז צו איהם צוגעגאנגען און האט געזאגט אונגעדולדיג:

— עפען דעם בריעף, לאמיר איהם לעזען!

ניקאָלאי האט לאנגזאם געעפענט דעם בריעף. איידער ער האט געוואוסט, אז עס איז דא א בריעף, האט ער אויך געברענט פאר אונגעדולד צו וויסען, וואס עס

הערט זיך אין רוסלאנד. קוים אבער האט ער געזעהן, אז עס איז אנגעקומען א בריעף, האט ער זיך שוין ניט געאיילט. ער האט איהם לאנגזאם געעפענט און האט איהם אנגעהויבען צו לעזען. סאָפיא האט גענומען פון׳ם קאמאד א פלעשעלע מיט א לאנג בערשטעלע.

— וואס טויג דיר דאס לעזען? האט זיא איהם געפרעגט. לאמיר זיך בעסער נעהמען צו דער ארבייט.

— לאז מיך, סאָפיא, לאמיך זעהן וועניגסטענס, וואס ער שרייבט, האט ניקאָלאַי געענטפערט און האט אנגעהויבען צו לעזען אין דער הויך.

„מען האט געמוזט פערקויפען דיא אָקסען. דיא שעפסען זיינען געפאלען פון „דער קראנקהייט. יעצט דארף מען אקערן און עס איז ניטא מיט וואס. מיר האבען נעדונגען פערד ביי דיא בויערן.“

— אבער לאז זיי צורוה מיט זייערע פערד, מיט זייערע אָקסען, מיט זייער בויערן! האט סאָפיא אויסגערופען. וואס טויגען זיי דיר? לאמיר זיך בעסער נעהמען צו דער ארבייט!

ניקאָלאַי האט זיא ניט געהערט און האט ווייטער געלעזען.

„מאריא פאוולאָוונא האט געהייראטהעט א פאָלקאָווניק. ער האט זיך אויס־ „געוויעזען אלס זעהר א שלעכטער מענש. ער בעהאנדעלט זיא שלעכט. ער שלאגט „זיא. דער פאטער איז זעהר טרויעריג. דאס ברעכט איהם דאס הערץ“. —

— וואס פאר א פערגניגען האסט דוא, ניקאָלאַי, צו לעזען אזעלכע דומהייטען! האט דאס מעדכען אויסגערופען מיט טרערין אין דיא אויגען. מיר ווילען וויסען עטוואס וויכטיגעס און דוא לעזט אזעלכע דומהייטען.

זיא האט ביי איהם אויסגעריסען דעם בריעף מיט געוואלט, האט איהם אויס־ געגלייכט און האט איהם אניעדער געלעגט אויפ׳ן טיש. דאן האט זיא געעפענט דאס פלעשעלע, וואס זיא האט אראפגענומען פון דער קאמאדע, און האט אין איהר איינ־ געטונקט דאס בערשטעלע. מיט איהרע לאנגע, ווייסע פינגער האט זיא אנגעהויבען צו שמיערען מיט׳ן בערשטעלע אויפ׳ן בריעף. — דיא בוכשטאבען זיינען פערשוואונדען, אפגעווישט, אפגעוואשען. דאס ביינעלע פאפיער איז געבליעבען ריין — ווייס, גלייך וויא עס וואלט קיין מאל ניט געווען בעשריעבען. ניקאָלאַי האט גאנץ רוהיג צו געזעהן, וואס סאָפיא טהוט. ער האט איהר ניט געשטערט אין איהרער זאנדערבארער ארבייט. ער האט איהר אבער אויך ניט געהאלפען. עס איז אויך ניט געווען פיעל, וואס צו העלפען. זיא האט דאס גאנצע ביינעלע פאפיער אפגעשמיערט מיט׳ן בערשטעלע. ווען דאס פאפיער איז געבליעבען קלאָר, ווייס און ריין, האט זיא אנגעצונדען א ליכט און האט עס אביסעל צוגעוואַרמט, אדער אפגעטריקענט — און אה, וואונדער!

וויא פון אונטער דער ערד, וויא פון דער לופט זיינען ארויסגעשפרונגען בוכ־ שטאבען און ווערטער איינער נאכ׳ן אנדערן און האבען זיך אויסגעשטעלט אויפ׳ן ווייסען ביינעלע פאפיער אין דער רייהע, וויא סאלדאטען לויפען זיך צונויף, ווען זיי הערן דיא גרויסע פויק שלאגען א ליארם (טרעוואָגא) — אט האט זיך אויסגעשטעלט א רייהע. עס פעהלען אבער נאך איינינע — זיי האבען זיך פערשפעטיגט. זיי לויפען

פערסאָפּעט, אויסער אטהעם, קומען אן און שטעלען זיך אויף זייערע פּלעצער. דיא ציילע איז פול. מען קען זיא לעזען. דיעזע ציילע איז אבער געשריעבען מיט אנאנדער האנדשריפט, אלס דיא פריהעריגע ציילע וואו עס איז געשטאנען פון אָקסען און שעפּ־סען. דא שטעהט שוין גאר עטוואָס אנדערש.

איין ציילע נאך דער אנדערער האט זיך אויסגעשטעלט אויפ׳ן פּאפּיער, ביז דאס גאנצע בייגעלע איז געוואָרען בעדעקט מיט א בריעף, געשריעבען אין געדיכטע ציילען און מיט גאנץ קליינע, אבער זעהר דייטליכע שווארצע בוכשטאבען.

יעצט האט סערגיי און סאָפיע אנגעהויבען צו לעזען דעם בריעף מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. וואָס ווייטער זיי האבען געלעזען, אלס ערנסטער זיינען זיי געוואָרען און פון זייערע געזיכטער איז צו ביסלעכווייס פערשוואונדען דיא פארב. זיי זיינען דורכגעלאפען דיא גאנצע ערשטע זייט ביז צו ענדע און האבען איבערגעקעהרט דאס בייגעלע פּאפּיער.

„מאריא פּאוולאוונא — געהייראטהעט — דער פּאָטער טרויעריג". — פוי! וואס איז דאס? עס קלעבט זיך ניט צום פריהערדיגען.

זיי זיינען געוועזען אזוי פערטיעפט אין זייער לעזען, אז זיי האבען ניט בעמערקט, אז סאָפיא האט אפּגעווישט נור איין זייט פון׳ם בריעף. דיא אנדערע זייט איז געבליע־בען בעשריעבען נאך מיט דער אלטער טינט. וויא ערנסט זיי זיינען געוועזען, האבען זיי דאך געמוזט א שמייכעל טהאן, וואס זיי האבען געמאכט אזא פעהלער.

סאָפיא האט באלד גענומען דאס פלעשעלע מיט׳ן בערשטעלע און האט אנגע־הויבען צו שמיערן דיא אנדערע זייט פון׳ם בריעף. אבערמאלס האט זיך דיא אלטע טינט אָפּגעווישט און איז פערשוואונדען געווארען. ווען דאס פּאפּיער איז געבליעבען גאנץ ריין, האבען אבערמאלס אנגעהויבען זיך ארויסצואווייזען נייע בוכשטאבען, נייע ווערטער און נייע שורות. ביידע האבען געשוויעגען א פאר מינוט. זיי האבען גע־ווארט, ביז דער גאנצער בריעף וועט ארויס.

קוים איז דער גאנצער בריעף ארויס אויף דעם אנדערן זייט, האבען ביידע ווייטער אנגעהויבען צו לעזען. זיי זייגען געזעסען גאנץ נאהענט איינער צום אנדערן. סאפיא׳ס האר האבען בעריהרט ניקאלאי׳ס באקען. זייערע הענד האבען זיך בעריהרט. זייערע פינגער האבען זיך אויסגעפלאכטען. קיינער אבער האט עס ניט בעמערקט. יעדער איז געווען פערטיעפט אין בריעף. יעדער האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה צו פער׳שטעהן יעדעס ווארט, יעד׳ען צייכען און יעדעס פּינטעלע. — דער בריעף איז געוועזן זעהר וויכטיג. זיי האבען איהם געלעזען ביז צו ענדע, האבען איהם איבערגע־קעהרט און נאך א מאל געלעזען און נאך א מאל געקלערט און נאך א מאל געטראכט.

— טרויעריג! האט ענדליך ניקאלאי אויסגערופען. קאוואלעווסקי איז ארעס־טירט. זונדעלעוויטש און ליזאגוב זיינען ארעסטירט. עטליכע און צוואנציג פון אונ־זערע געטרייסטע און בעסטע מיטגלי׳עדער שמאכטען אין דיא קאזאמאטען אין אדעסא און מיר — זיצען דא און ווארטען אויף דיא איטאליענער! אויף מאדזיני! אויף דאגילא פּעטראָוויטש און אויף באקונין! וואס טויגען אונז דיא פרעמדע? וואס וועלען זיי אונז העלפען? אליין! אליין מוזען מיר אונז העלפען!

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז ארומגעגאנגען אין צימער פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. פון צייט צו צייט האט זיך פון זיינע ליפען ארויס־געריעסען א קרעכץ, אדער ריכטיגער געזאגט, א געשריי פון פערצווייפלונג.

— מען וועט זיי פערטהיילען! — מען וועט זיי הענגען! — אונזערע העלדען! — אונזערע קעמפפער! — וואס טהו איך דא? — א היים! איך מוז פאהרען קיין רוס־לאנד! — מען האט מיך אוועקגעשיקט. — מען האט געפונען, אז איך מוז מיך „אויס־לופטערן". — מען האט מיר געהייסען פאהרען אין דער שווייץ, איך זאל דארט לערנען מעדיצין. — וואס טויג מיר יעצט דאס לערנען, ווען אין רוסלאנד איז דא אזוי פיעל ארבייט?

סאפיא איז געזעסען גאנץ רוהיג. זיא איז אויך געווען פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. זיא האט פערשטאנען דיא לאגע אין אדעסא נאך בעסער פון ניקאלאי; זיא האט עס געפיהלט פיעל טיעפער; זיא איז אבער געווען איינע פון דיא זעלטענע כאראקטערע, וועלכע געהן ארום מיט א פרעהליכען שמייכעל אויף דיא ליפען אין דער צייט, ווען דאס הערץ ווערט ביי זיי צוריעסען אויף שטיקער. — קיינער וויים נים, וואס עס טהוט זיך ביי זיי אין הארצען. קיינער קען נים דערראטהען זייערע געדאנ־קען. קיינער קען נים וויסען, וואס עס קאָכט זיך ביי זיי אין קאפ און אויף וואס אזעלכע מענשען זיינען פעהיג אין דער צייט, וואס זיי ווייזען זיך אויס אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אזוי פערטראכט.

זיא האט געזעהן, וואס פאר א פייער עס האט זיך אנגעצונדען אין ניקאָלאי׳ס ברוסט, זייט ער האט איבערגעלעזן דעם בריעף. זיא האט איהם געלאזען זיך אויסרע־דען, איבערקאכען, איבערזיערען, ביז ער וועט זיך עפּעס בערוהיגען און זיא וועט קענען רעדען מיט איהם רוהיג, איבערלעגט און איבערדאכט.

— וואס שווייגסט דוא, סאפיא? האט זיך ניקאלאי ענדליך געווענדעט צו איהר. וואס דענקסט דוא צו טהאן? לאמיר נאך היינט אוועקפאָהרען קיין אדעסא! לאמיר פעראייניגען אלע אונזערע קרעפטע! לאמיר בעפרייען אונזערע אונגליקליכע ברידער!

— מיינסט דוא, אז עס וועט זיין לייכט? האט סאפיא געזאגט, וויא צו זיך אליין. זעהסט דו דען נים, וואס דארט טהוט זיך? — דער גאנצער אדעסער געהיימע קרייז (קרוזשאָק) געפינט זיך אין דיא הענד פון דער געהיים פּאָליציי. — וואס קענען מיר ביידע אליין טהאן? — פאהרען קיין רוסלאנד? האסט דוא מיט וואס צו פאָהרען? — וויא וועסט דוא אריבער דיא רוסישע גרענעץ, וועלכע ווערט יעצט אזוי שטרענג בע־וואכט? — באקונין וועט דא געוויס זיין, ווען נים היינט, מארגען געוויס. ער מוז באלד זיין צוריק פון איטאליען. מיר מוזען איהם זעהן, איידער מיר פאהרען צוריק — איידער מיר וועלען זיך אונטערנעהמען עפּעס צו טהאן.

— ווארטען! ווארטען און וויעדער ווארטען! האט זיך ניקאָלאי געבייזערט. דורך אייער ווארטען, דורך אייערע הויכע פּלענער איז דער אדעסער קרוזשאָק צו גרונד געגאנגען. — איך קען מעהר נים ווארטען! איך מוז נאך היינט פאָהרען א היים!

— אלזא, ווען פאהרסט דוא, קאָליא? האט סאפיא געפרעגט רוהיג.

— היינט מיט'ן אבענד צוג, אום האלב נאך צוועלף אוהר.

— גוט! איך וועל קומען דיך בעגלייטען צום באהן!

דיא האט זיך אויפגעהויבען און האט שוין געוואלט ארויסגעהן פון צימער, ווען עס האט זיך געהערט א לייכטער קלאפּ אין דער טהיר.

— הערײן! האט זיא געזאגט.

א מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט א שעהנער שווארצער באָרד, איז אריינגעקומען אין צימער.

— סעמינראַדאָוו! האט סאפיא אויסגערופען. דו ביסט דא אין פּאריז? וויא קומסט דוא אהער?

— איך בין דער איינציגער, וועלכער איז אנטלאפען פון אדעסא, ווען דיא גע־היים פּאליציי איז בעפאלען דאס הויז אויף דער מאלדאוואנקא, וואו מיר פלעגען זיך פערזאמלען. איך בין אנטלאפען דורך א בלויזען צופאל. מיין שווארצע באָרד האט מיך גערעטעט. איך בין זעהר עהנליך צו איינעם פון דיא שפּיאָנען פון דער געהיים פּאָליציי. ביים שוואכען שיין פון דיא אדעסער לאנטערנען האבען זיי מיך אנגענומען פאר זייערינגען און איך האב בענוצט זייער טעות און בין אנטלאפען.

— וויא אזוי ביסט דוא אריבער דיא גרענעץ. זיא ווערט דאך אזוי שטרענג בעוואכט? האט ניקאלאַי געפרעגט.

— קוים בין איך לויז געוואָרען פון דער געהיים־פּאָליציי, האט סעמינראַדאָוו דערצעהלט, בין איך ארומגעגאנגען אין דיא גאסען פון אדעסא זוכען ערגעץ א מיטעל, וויא צו אנטלויפען. איך האב מורא געהאט צו געהן א היים, ווייל איך האב געוואוסט, אז מיין קווארטיר ווערט בעוואכט פון שפּיאָנען. איך האב מורא געהאט צו געהן צו מיינע בעקאנטע, ווייל איך בין געווען זיכער, אז שפּיאָנען געהן ארום זייערע וואוינונגען. איך האב פערשטאנען, אז מיינע איינציגע רעטונג קען זיין, ווען איך וועל מיך ארומ־דרעהן אין דיא אידישע גאסען. גענעראל טאדטלעבען, דער איצטיגער גענעראל־גובער־נאטאר פון אדעסא, איז א פריינד פון אידען, ער דענקט, אז אידען זיינען ניט פעהיג צו זיין ניהיליסטען. יענע גאסען ווערן ניט אזוי שטרענג בעוואכט און מען קען נאך ביי נאכט ארומגעהן אין זיי גאנץ רוהיג.

איך בין ארומגעגאנגען אין דער יעווריייסקאיא, אין דעם אויבערשטען טהייל פון דער רישעליעווסקאיא און אין דיא באלשאיא ארנאאוטסקאיא און האב געטראכט: וואס טהוט מען? וואו זאל איך מיך מארגען בעהאלטען? — א גאנצע נאכט וועל איך שוין אזוי ארומגעהן, אבער מארגען, אין העלען טאג? וואו זאל איך מיך דאן בעהאלטען?

אזוי בין איך געגאנגען פערטראכט און פערזארגט, ביז איך בין געקומען אויף דער מאלאיא ארנאאוטסקאיא. דארט האב איך דערזעהן א לאנגען וואגען שטעהן איינגעשפּאנט און עטליכע אידען זעצען זיך אויף.

— וואוהין פאהרט איהר? האב איך געפרעגט.

— קיין אקערמאן.

— דא איז מיר איינגעפאלען, אז דאס איז מיין רעטונג. ווען איך זעץ מיך אויף אין וואגען מיט דיא אידען, וועל איך גאנץ רוהיג קענען קומען קיין אקערמאן, וועלכען

איז פון אדעסא נים מעהר, וויא פערציג וויארסט. דארט אין א קליין שטעדטעל בין איך זיכערער. פון דארט וועל איך לייכטער געפינען א מיטעל צו אנטלויפען. איך האב געפרעגט דעם בעל עגלה, וויאפיעל ער נעהמט פון א פארשוין און ער האט מיר געענטפערט, אז איין רובעל איז גענוג. איך האב איהם בעצאהלט מיין רובעל און אין א שטונדע ארום זיינען מיר געוועזען איינינע וויארסט פון אדעסא. עס האבען אונז בעגעגענט נאדזיראטעלעס, עס האבען אונז בעגעגענט אגענטען פון דער געהיים-פאליציי, אבער קיינעם איז נים איינגעפאלען אין קאפ אויפצוהאלטען עטליכע אידלעך, וועלכע פאהרען ביי נאכט פון אדעס קיין אקערמאן. מיין שווארצע באָרד האט מיר צום צווייטען מאל ערוויזען א גרויסען דיענסט. יעדער האט מיך געהאלטען פאר א אידען. איך האב צוואר גערעדט רוסיש, דאס איז אבער אין אדעס קיין וואונדער. דיא אדע-סער אידען רעדען אלע זעהר גוט רוסיש.

אום ניין אוהר אין דער פריה זיינען מיר אנגעקומען קיין אקערמאן. איך האב פריי אויפגעאטהעמט. דערווייל בין איך דא זיכער. איך בין פערפאהרען אין א אידיש גאסטהויז. דיא אידען זארגען זיך וועניג, אויב זייער גאסט האט א פאספארט און ווער ער איז. זיי זיינען צופריעדען, ווען דער גאסט בעצאהלט זיי גוט.

אין אקערמאן איז דא א פארט. עס קומען אהין טערקישע און גריכישע שיפען. איך האב מיך באלד בעקענט מיט א קאפיטאן פון א גריכישער שיף, וועלכער האט מיך מיטגענומען קיין סולינא, א שטאָדט אויף אן אינזעל אין דער דאנוי. סולינא געהערט צו דער טירקיי. דארט בין איך שוין געוועזען גאנץ זיכער. דארט האב איך גענומען א טערקישען פאס, בין געפאהרען קיין וויען, פון דארט בין איך געקומען קיין פאריז. איהר זעהט יעצט פאר זיך אן אונטערטהאן פון זיינער קייזערליכען מאיעסטעט, דעם סולטאן פון אלע טערקען!

אזוי האט סעמינראדאָוו געענדיגט זיין ערצעהלונג.

— איהר זייט אנטלאפען און האט איבערגעלאזען אייערע פריינד אין דיא הענד פון זייערע פיינגער? האט געברומט ניקאלאי.

אין זיין שטימע האט זיך געהערט א ביטערער פארוואורף. סעמינראדאוו האט עס געפיהלט.

— וואס וואלט איך געקענט אליין מאכען? האט ער געזאגט. מען קוקט מיט טויזענד אויגען. אין אונזער מיטע האבען זיך אריינגעננב'עט פעררעטהער. אגענטען פון דער געהיים פאליציי האבען געפונען מיטעל און וועגע זיך צו פערשטעלען פאר טרייע ניהיליסטען. זיי קענען יעדען פון אונז, זיי קענען מיך אויך. מיין גאנצעס גליק איז געוועזען, וואס איך בין עהנליך צו איינעם פון זיי. מעגליך, אז איך האב צופעליגער ווייזע נאכגעמאכט זייער א צייכען, דערפאר האט מען מיך אפגעלאזען. זיי האבען אבער באלד איינגעזעהן זייער פעהלער און האבען מיך געזוכט. וואס האב איך גע-קענט טהאן?

— האט איהר נים געהאט קיין נאכריכטען פון באקונין? האט סאפיא געפרעגט.

— געוויס! ער שרייבט, אז זעהר וויכטיגע בעגעבענהייטען ברייטען זיך פאר. אז קיין פאריז וועלען זיך צונויפקלייבען אלע אנפיהרער פונם געהיים בונד און מען

וועט דא בעשליעסען, וואס מען זאל ווייטער טהאן. דאס איז דיא הויפט אורזאכע, וואס האט מיך געצווינגען קיין פאריז.

— וויא אזוי האט איהר אפגעזוכט מיין קווארטיר? האט ניקאלאי געפרעגט.

ער איז נאך אלץ געווען בייז, וואס סעמינאראדאָוו איז אוועקגעפאָהרען פון רוס־לאנד און האט איבערגעלאזען זיינע פריינד אין דיא הענד פון דער פאליציי.

— איך האב געוואוסט, וואו איהר קוממט זיך צונויף אין קאפע הויז זשאנן דארק. דארט איז מיר ניט שווער געווען אויסצוגעפינען דיא נומער פון אייער קווארטיר.

— איך וויל דאך פאהרען קיין רוסלאנד! האט ניקאלאי ענדליך געברוממט. מיר האבען דא ניט וואס צו טהאן. דיא לאנגווייליע מארטערט מיך, דאס לעדיג ארומגעהן צווישען דיעזע מאסען פון שטיינער וועט מיך טייטען. — איך וויל עפעס טהאן. איך מוז עפעס!

— ווארט ביז מארגען, האט סאפיא געזאגט מיט א רוהיגער, אבער שטרענ־גער שטימע. היינט אבענדס וועלען מיר געווים האבען א פערזאמלונג, וואו מיר וועלען קענען אלעס איבעררעדען און זיך רוהיג איבערלעגען, וואס מיר זאלען טהאן. — שלאָ־גען זיך מיט'ן קאָפּ אן דער וואנד, ווען איך זעה מיינעם א פריינד אין געפאהר, הייסט נאך ניט איהם העלפען. — באקונין וועט געווים קומען היינט, אדער ווענינגסטענס וועלען מיר פון איהם האבען נאכריכטען, ווען ער איז נאך ניט געקומען האבען, איהם געווים וויכטיגע געשעפטע אפגעהאלטען. קומען וועט ער געווים.

ניקאָלאי האט געשוויגען. ער האט זיך שוין ניט איינמאל איבערצייגט, אז סאפיא איז פארזיכטיגער פון איהם. — זיין מענער שטאלץ האט איהם ניט ערלויבט צו זאגען, אז סאפיא איז קליגער און פראקטישער פון איהם. — ער האט עס אבער געפיהלט און האט איהר שטענדיג נאכגעגעבען.

— קוממט מיט מיר, האט זיא זיך געווענדעט צו סעמינאראדאווען. איהר זייט געווים הונגעריג און מיר האבען נאך וואס צו רעדען.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו דער טהיר.

— ווען וועלען מיר זיך זעהן הייטע אבענד? האט ניקאָלאי געפרעגט.

— אום צעהן אוהר אבענד וועלען מיר זיין אין רעסטאָראן „וויוויען“ אין דער שטראסע לאפעוו, האט סאָפיא געענטפערט. ווען דוא ווילסט, קענסט דוא קומען אהין, אדער אין אונזער פערזאמלונגס ארט אין הויז פון קארדינאל אנטאנעלי. דוא ווייסט דאך, וואו דאס איז?

סאָפיא און סעמינאראדאָוו זיינען ארויסגעגאנגען.

— דאס איז אייער ניקאָלאי באַיאנאָווסקי? האט סעמינאראדאָוו געפרעגט סאָ־פיאַן ווען זיי זיינען געווען אויף דיא טרעפ. ער ווייזט אוים אזוי בייז, אזוי אונצופריע־דען. וואס איז מיט איהם?

ער קען ניט זיצען לעדיג, ער מוז עפעס טהאן, האט סאפיא געענטפערט. ביז אהער האט ער שטודירט אין דער שווייץ אויף דאקטאר. יעצט געהט ער ארום לעדיג. דאס רעגט איהם אויף.

## 22טעם קאפיטעל.

## בײ דער פראַנצויזישער קייזערין.

אן אנגענעהמער, ערקוויקענדער גערוך פון ראָזען און פיילבען הערט זיך אין גרויסען, העלען זאַל אין שלאָס טיולערי, דער קייזערליכער פּאלאַץ אין פּאריז. אויף געשניצטע און פערגאָלדעטע טישלעך שטעהן אלערליי טהייערע קליינינקייטען. אלטע בראָנזענע סטאַטועטען (קליינע פיגורען) אלבום׳ס אין גאָלד געפּאסט און מיט דיאַמאַנטען אדער סאַפּירען פערציערט, צייכנונגען, פּאָרטרעטען, טהייערע ארטיקעל פון פּאָרצעלאַי און מאַרמאָר. — קורץ אלע אזעלכע קליינינקייטען, וועלכע קאָסטען אָפּ מיליאָנען און האבען קיין ווערטה ניט, געפינען זיך אנגעלעגט און אנגעשטעלט אויף דיעזע טישלעך.

אויף א וויכען דיוואַן פון ראָזא אטלאַס זיצט אייזשעניע, דיא פראנצויזישע קייזערין. זיא איז נאך אנגעטהאן אין דער מאָרגען טואַלעטע, אבוואָהל דיא גרויסע בראָנזענע אוהר וויזט שוין אויף צוויי. לעבען איהר אויף א ניעדעריגען סאַמעטענעם שטוהל זיצט איהר פריינדין, דיא פּרינצעסין מוראט.ביידע דאמען דורכבלעטערן א גרויסעם בוך מיט צייכנונגען פון נייע מאָדעס. דיא קייזערין האט בעטראַכט יעדע צייכנונג מיט א קענער אויג. זיא איז געווען ניט נור קייזערין פון פראנקרייך אליין, זיא איז געווען קייזערין פון דער גאנצער מאָדע וועלט.

— קיינע פון דיעזע צייכנונגען געפעלען מיר ניט, האט געזאגט דיא קייזערין און האט אוועקגעלעגט דאס בוך מיט דיא צייכנונגען אויפ׳ן דיוואַן. — זיי זיינען אלע ווידערהאָלונגען. וואס פאר א מאָדע מען האט געטראגען מיט דריי פיער יאהר צוריק, נעהמט מען ווידער ארויס, מאכט א קליינע ענדערונג און מען ניט עס ארויס פאר ניי. עטוואס ווירקליך נייעס, עטוואס אריגינעלעס איז ניטא אין זיי. — בעטראַכט נור דיעזעס מוסטער! ווען מען זאל מאכען א קלייד נאך דיעזעס מוסטער, וועט עס נור פערדארבען דיא מענשליכע געשטאַלט. מען וועט אויסזעהן, וויא אן אומגעלומפּערט פּעסעל. — און דאס רופען זיי א נייע מאָדע!

— אייערע מאַיעסטעט וועט אליין מוזען אויסטראכטען א פאסאָן פאר דיעזען סעזאָן, האט דיא פּרינצעסין מוראַט געזאגט. זיי מעגען זאגען, וואס זיי ווילען, אייערע איינפעלע בלייבען דאך דיא בעסטע אין דער מאָדע וועלט. — דיעזע אלע שניידער, אלע מאָדע קינסטלער זיינען ניט מעהר, וויא גוטע אקטיאָרען. מען מוז פון זייערט וועגען אנשרייבען א גוט שטיק, קענען זיי עס פּאָרשטעלען אויף דער סצענע. אליין אבער עפּעס אויסטראַכטען, עפּעס אויסגעפינען, קענען זיי ניט.

דיא קייזערין האט זיך פערטראכט איינינע אויגענבליקע.

— ווייסט דוא וואס, לואיזא, האט זיא געזאגט צו דער פּרינצעסין, מיר מוזען מאכען אן ענדע מיט דיעזע ברייטע קליידער, וועלכע מאכען אונז ניט שעהן. — עס איז פיעל בעסער א געפּאסט קלייד, ווען אלע פאָרמען פון׳ם קערפּער זעהן זיך ארויס. — מיר געפעלען דערפאַר דיא מענער קליידער, בעזאָנדערס דער פ׳־אַק. דיא טאילע און דער גאנצער קערפּער זיינען וויא אויסגעגאסען. — איך מיין, אז פאר דיעזען סעזאָן

זאלען מיר איינפיהרען גלאטע קליידער, אהן רוישען און אהן פאלטען. זיי זאלען זיין גאנץ עהנליך, וויא א מענער פראק. דער אונטער ראָק דארף אויך זיין גאנץ איינפאך.— מיר וועלען האבען היינטיגען זומער דיא וועלט אויסשטעלונג. עס וועלען זיך צונויפ־קומען מענשען פון דער גאנצער וועלט. ווען דיא דאמען וועלען נאך טראגען ברייטע קליידער, וועט אויף דער אויסשטעלונג קיין פלאץ ניט בלייבען פאר דיא העררען. עס וועט זיין אן ענגשאפט. מען וועט זיך דרענגען, דיא דאמען קענען דאדורך ליידען. מען וועט זיי אנטרעטען אויף דיא קליידער און עס וועט ארויסקומען אונאנגעהמליכקייטען. מיר מוזען אונטערשרייבען א טאָדעס אורטהייל דיא לאנגע שלייפען אויך. דיא מאָדע פון היינטינען סעזאָן דארף זיין — מענער קליידער. קורצע געפּאסטע קליידער, דיא טאליע, וויא א מענער ראָק. זאגאר דיא קנעפּ פון א מענער ראָק דארף מען נאכ־מאכען, אבער ניט פון דער טרויעריגער, שווארצער פארב. מיר דארפען דיא שעהנע, העלע גלענצענדע פארב פון פערלמוטער.

— אייערע מאיעסטעט וויל מאכען א גאנצע רעוואָלוציאָן אין דער מאדע וועלט, האט געזאגט דיא פּרינצעסין מוראט. קוים שרייבט איהר אונטער א טאָדעס אורטהייל דיא ברייטע קליידער, דיא פאלבאנעס, דיא רוישען און דיא לאנגע שלייפען, מוזט איהר שוין אָפּשאפען דיא היינטיגע מאָדע פון דיא דאמען שיך. ווען מען טראגט גלאטע, קורצע קליידער, מוז דער פוס אויסקומען שעהנער און ציערליכער. אויך דיא היטע מוזען ליידען א גאנצע ענדערונג. צו א מענער ראָק פאסט אויך א צילינדער הוט. — אלזא, אדיע, בלומען, גראזען און פריכטע, וועלכע האבען ביז אהער געגלענצט אויף אונזערע קעפּ! — דאס וועט מאכען א גאנצע רעוואָליציאָן אין דער מאדע וועלט און איך האב מורא, אז עס וועלען זיך געפינען געגנער — וויא אין יעדער רעוואָלוציאָן — וואס וועלען זיך וואגען ניט צו ביינען פארן בעפעהל פון אייער קייזערליכען מאיעסטעט.

— דעסטאָ בעסער! האט געזאגט דיא קייזערין. א גרויסע רעוואָלוציאָן אין דער מאדע וועלט איז מיר פיעל אנגענעהמער, וויא א קליינע רעוואָלוציאָן אין דיא גאסען פון פאריז. — אך, דיעזע רעוואָלוציאָנען! האט זיא ווייטער געזאגט פערטראכט און טרויעריג. מען קען זיי ניט אזוי לייכט ארויסטרייבען פון פראנקרייך. דער פראנצויז ווערט געבאָרען א רעוואָלוציאָנער. ווען ער ליעגט אין וויעג, שלעפערט מען איהם איין מיט רעוואָלוציאָנערע ליעדער. — וואו נעהמט מען אבער איינעם, ער זאל מיר צייכנען דיא נייע מאדע פון מענער קליידער, וועלכע איך וויל איינפיהרען? האט זיא ווייטער געזאגט צו דער פּרינצעסין מוראט.

זיא האט גענומען א בליישטיפט פון א קליינעם טישעלע, וועלכער איז געשטאַ־נען לעבען דיוואָן, און האט אנגעהויבען צו מאכען שטריכע אויף איינער פון דיא צייכנונגען. באלד אבער האט זיא אוועקגעוואָרפען דעם בליישטיפט.

— ווייסט דוא, לואיזא, אז איך ערוואַרט היינט א זעלטענעם גאסט, האט זיא פלוצלונג געזאגט צו דער פּרינצעסין. איך ערוואַרט היינט דעם איטאליענישען גראף דע ריווערא. איך האב דיר שוין אמאל פון איהם דערצעהלט. דאס איז א העכסט אינטערעסאנטע פּערזאָן. דער קארדינאל באנאפּארטע קען זיך פון איהם ניט אפּריה־מען. דיא פּרינצעסין קאנסטאנצא, דיא אבטעסין פון'ם בעריהמטען נאָנען מאָנאסטיר

„סאקר קער" אין רוים, האט מיר געשריעבען א לאנגען בריעף איבער איהם. אלע ריהמען איהם, אלס א העכסט געבילדעטען, קלוגען און פעהיגען מענשען. אלע זאגען, אז ער איז מיט לייב און זעעלע ערגעבען דעם הייליגען פאטער אין רוים. אזעלכע מענשען זיינען היינטיגע צייטען א זעלטענהייט. — האסט דוא איהם א מאל געזעהן, אדער האסט דוא פון איהם געהערט.

— געזעהן האב איך איהם ניט, געהערט האב איך פון איהם, האט דיא פרינצעסין געענטפערט. מיין ברודער האט מיר דערצעהלט, אז ער איז א פארטרעפליכער קאוואליער און ער האט דיא בעסטע פערד אין פאריז.

— איך ווייס אויך פון איהם זעהר ווענינ, האט דיא קייזערין געזאגט. — איך ווייס נור, אז דער פאפסט האט איהם געמאכט פאר א רוימישען גראף און דער קארדינאל באנאפארטע האט איהם פארגעשטעלט פארן קייזער. איך בין דערביי געוועו; מיר האבען אבער גערעדט נור פון פאליטיק, א געגענשטאנד, וועלכער לאנגוויילט מיך. איך האב אזוי פיעל פערשטאנען, אז ער פערשטעהט דיא פאליטיק בעסער פון אלע מיינע מיניסטארען. איך וויל זיך אבער מיט איהם נעהנטער בעקענען. מיט אזא מענשען איז ווערטה זיך צו בעקענען. ער קען מיר ניצליך זיין.

אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען דער קאמערדינער און האט געמעלדעט:

— באראן דע סען פיערר!

דיא קייזערין האט געגעבען א צייכען, ער זאל אריינקומען. דער באראן דע סען פיערר איז געווען איהר אבערשטאלמייסטער, ער האט געהאט צו בעפעהלען איבער דיא קייזערליכע עקיפאזשען און דיא קייזערליכע פערד. ער איז געווען אן ארט האף מיניסטער.

אין א פאר מינוטען ארום איז אריינגעקומען א שעהנער, הויכער מאן אין א שווארצען פראק, ער האט זיך טיעף פערניינט פאר דער קייזערין און האט געזאגט:

— איך בין געקומען בעטען, אייער קייזערליכע מאיעסטעט זאל מיר געבען דיא בעפעהלע וועגען אויספאהרען.

— דאס וועטער איז שעהן, האט דיא קייזערין אייזשעניע געזאגט. איך וויל היינט אויספאהרען אין אן אפענער קארעטע אין בוא דע בולאני, צוויי שטונדען פארן מיטאג טיש. — וועט איהר מיך בעגלייטען, הערר באראן?

— צו בעפעהל, קייזערליכע מאיעסטעט! האט דער באראן געענטפערט און האט זיך פערנייגט.

— איך וויל היינט פאהרען א ביסעל לענגער, האט דיא קייזערין ווייטער געזאגט, ווען עס איז אייך צו שווער דיא גאנצע צייט צו רייטען לעבען דער קארעטע, קענט איהר —

— עס איז מיר קיין מאל ניט שווער צו רייטען לעבען דיא קארעטע פון מיין קייזערין, האט דער באראן געזאגט האסטיג.

— ווערסט דוא אויך פאהרען מיט מיר, ליעבע לואיזא? האט דיא קייזערין געפרעגט דער פרינצעסין.

— ווען אייער מאַיעסטעט וועט מיר עס ערלויבען, וועל איך פאהרען מיט אייך מיט פערגניגען.

אין דיעזע מינוט האט דיא קייזערין דערזעהן, אז דער באראן דע סען פיערר האלט אונטער דעם ארים א גרויסע שאַכטעל.

— וואס ברענגט איהר אונז עפּעס נייעס, הערר באראן? האט זיא איהם גע־פרעגט, א מאדעל פון א נייעם זאטעל, אדער פון א נייער עקיפּאזשע? ווייזט נור עס זעהן.

— איך ברענג יעצט א זאך, וואס געהער ניט צו מיין דיענסט, איך ווייס אבער, אז אייערע קייזערליכע מאיעסטעט וועט זיך דערמיט אינטערעסירען.

ער האט אראפּגענומען דיא זיידענע בענדער פון דעם פּאפּיער, אין וועלכען דיא שאכטעל איז געווען איינגעהילט און האט ארויסגענומען א שקאַטולקע, איבער־צויגען מיט שוואַרצען סאַמעט. דאן האט ער יעפענט דיא שקאַטולקע מיט א קליי־נעם גאלדענעם שליעסעל. אין דער שקאַטולקע איז געשטאנען א טהע סערוויז פון פיינעם פּארצעלאן.

— דאס איז א טהע סערוויז, פון וועלכען דיא קעניגין מאריא אנטואנעטא *) פלעגט טרינקען טהעע, ווען זיא פלעגט זיך אויפהאלטען אין שלאס טריאנאן, האט דער באראן געזאגט און האט געוויעזען דער קייזערין דעם טהעע סערוויז.

— אָט איז דער מאָנאָגראַם (שעהן, פערציערטע בוכשטאבען) פון דער קעניגין, צוויי בוכשטאבען .M. A אין א קראַנץ פון בלומען. — דער אויפזעהר פון'ם שלאס האט צוגענומען דיעזען סערוויז צו זיך, ווען דיא קעניגין איז געזעסען אין געפענגניס. ער האט עס געהאלטען פאר אן אנדענקען אן דער קעניגין און האט עס איבערגעלאָ־זען זיין זוהן אלס א היילגטהום. — דער זוהן איז קיין רייכער מאן, ער וויל אבער ניט פערקויפען דיעזען סערוויז פאר קיין געלד אין דער וועלט. דאס איז ביי איהם אן אנ־דענקען פון זיין קעניגין.

דיא קייזערין האט בעטראכט איינינע מינוטען דעם טהעע סערוויז און דיא בלומען, וועלכע האבען זעהר קינסטליך פארגעשטעלט דעם נאמען פון דער קעניגין מאריא אנטואנעטע.

— זיא האט ארומגערינגעלט איהר נאמען מיט בלומען, האט דיא קייזערין געזאגט טרויעריג. — איהר לעבענס וועג איז דאמאלס געווען בעדעקט מיט בלומען.— ווער האט דאמאלס געקענט וויסען און פאראויס זאגען, אז דיעזע בלומען וועלען באלד פערוועלקען און שוידערהאפטער ביטערער שמערץ וועט בלייבען דיא ליפען, וועלכע האבען געטרונקען פון דיעזען טהעע סערוויז? — ווער האט עס געקענט וויסען, אז

*) דיא קעניגין מאריא אנטואנעטע איז געווען דיא פרוי פון לודוויג דעם זעכצעהנטען. אין דער רעוואָלוציאן האט מען זיא ארעסטירט און דעם 16טען אקטאבער 1794 האט מען איהר אפּגעהאקט דעם קאפּ אויפ'ן עשאפאָט אין פּאריז. — א גענויע בעשרייבונג פון דיעזער אונגליקליכער קעניגין וועלען אונזערע לעזער געפינען אין אונזער נייעם ווערק: דיא פראנצויזישע רעוואלוציאן.
א. טאַנענבוים.

דיעזע שטאָלצע, פרעהליכע און גליקליכע קעניגין וועט ענדיגען איהר יונגעס לעבען אזוי טרויעריג?

זיא האט בעטראכט דיא קליינע, פיינע טהעע טאסען און טרערין האבען זיך געוויעזען אויף איהרע ברעמען. דיא פרינצעסין מוראט האט גענומען דער קייזערינ'ס האנד און האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען.

— אך! וויא שעהן, וויא גראסמוטהיג איז עס פון אייער קייזערליכער מאיעס־טעט, האט זיא געזאגט, וואס איהר אינטערעסירט זיך אזוי שטארק פאר דיעזער קע־ניגין, וועלכע איז פאר אייך געזעסען אויפ'ן טהראָן פון פראנקרייך!

— יא, שעהן איז דער טהראן פון פראנקרייך, האט דיא קייזערין געענטפערט, אבער געפעהרליך איז ער אויך. ער האט געבראכט דיעזער קעניגין א שרעקליכען מארטערפאלען טויט. — זיא איז אבער שטענדיג געוועזען גרויס. — זיא איז שטענדיג געוועזען א קעניגין. — זיא איז געוועזען א קעניגין אויפ'ן עשאפאָט, ווען דיא הענקער (דיא תליונים) האבען געהאלטען דיא האק איהר אפצוהאקען דעם קאָפּ. —

זיא האט זיך פערטראכט. שווארצע, טרויעריגע שוידערהאפטע געדאנקען האָ־בען זיא בעאונרוהיגט. אויך זיא איז יעצט גליקליך, אויך זיא איז יעצט דיא מעכטיגע הערשערין פון פראנקרייך. — ווער וויס, וואס שפעטער וועט זיין? ווער וויס, וויא זיא וועט ענדיגען איהר לעבען? —

דאס האט אבער געדויערט נור א קורצע ווייל'ע. באלד האט זיא אויפגעהויבען שטאָלץ איהר שעהנעם קאָפּ און האט זיך געווענדעט צום באראן דע סען פיערר.

— איך דאנק אייך, באראָן, וואס איהר האט זיך געגעבען דיא מיה מיר צו פערשאפען דיעזעס אנדענקען פון יענער גרויסער קעניגין. איהר האט דאך מיר אבער געזאגט, אז דער מאן, צו וועלכען עס געהערט, וויל עס פאר קיין געלד ניט פערקויפען. וויא אזוי האט איהר עס ביי איהם ארויסגעקריגען?

— ער וויל עס ווירקליך ניט פארקויפען; קוים אבער האט ער געהערט, אז עס קען מאכען זיין קייזערין א פערגניגען צו האבען דיעזען טהעע סערוויז, — האט ער עס געמאכט א געשענק זיין קייזערין.

אין דיא אויגען דער קייזערין האט געגלענצט צופריעדענהייט און שטאָלץ.

— עס איז דאך שעהן צו זיין דיא קייזערין פון פראנקרייך! האט זיא געזאגט. ווען אלע פראנצויזען זאלען זיין אזוי געטריי צו זייער קייזערליכער פאמיליע! — מיין ליעבער באראן, איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און וועט דערצעהלען דעם קייזער דיעזע געשיכטע, איהר וועט איהם בעטען, ער זאל שיקען דעם מאן פון דעם סערוויז דעם ארדען פון דער עהרען ליגיאן. איך וועל שוין רעדען דאריבער מיט'ן קייזער. — אויסער דעם בעט איך אייך, איהר זאלט לאזען מאכען פונקט אזא טהעע סערוויז פון ריינעם זילבער מיט מיין מאָנאָגראם דארויף. ווען עס וועט פערטיג זיין, זאלט איהר ברענגען דעם מאן צו מיר, איך וויל אליין איהם איבערגעבען דעם זילבערנעם סערוויז, אלס אנדענקען פון מיר.

— צו בעפעהל, קייזערליכע מאיעסטעט! האט דער באראָן געזאגט און האט זיך פערניינט.

פלוצלונג האט דיא קייזערין גענומען א בליישטיפט פון'ם טיש, האט אנגעהויבען עפעס צו צייכענען און האט זיך געווענדעט צו דער פרינצעסין.

— לואיזא! ליעבע לואיזא! מיר האבען זיך געבראכען דעם קאפ אויסצוטראכטען א נייע מאָדע. איך האב עס! איך האב עס געפונען! עס וועט זיין דאס קלייד, וואס דיא קעניגין מאריא אנטואנעטע האט געטראגען א טאג פריהער, איידער מען האט זיא געטייטעט אויפ'ן עשאפאט.

זיא האט גענומען א גרויסען שאל און האט איהם אנגעהויבען ארומצובינדען און צוצושפילען ארום דער פרינצעסין.

— שטעה נור אויף, לואיזא, לאמיר זעהן, וויא עס פאסט דיר. — נו, אזוי! — נו, וואס זאגט איהר, הערר באראן? וועט דאס זיין א שעהנע מאדע?

— גראסארטיג! האט אויסגערופען דער באראן. אבער וויא וועט זיא הייסען, דיעזע מאָדע?

— ראָב אלא מאריא אנטואנעטא! האט דיא קייזערין געזאגט. איך דאנק אייך, הערר באראן פאר אייער געשענק און פאר דער נייער אידעע, וואס איהר האט מיר געגעבען וועגען דער מאדע פאר היינטיגען סעזאן. — לאז דיא מאָדע וועניגסטענס זיין אן אנדענקען אן דיעזער גרויסער און אונגליקליכער קעניגין.

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און דער ערשטער קאמער-הערר פון דער קייזערין, דער פירסט טאשער דע לא פאזשערי איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— גראף דע ריווערא, וועלכען אייערע קייזערליכע מאיעסטעט האט געהאט דיא גנאדע איינצולאדען, שטעהט צו בעפעהל פון אייער קייזערליכע מאיעסטעט.

— איך וויל דעם גראף ניט לאזען ווארטען, האט דיא קייזערין געזאגט און האט אוועקגעלעגט דעם שאל מיט'ן בליישטיפט. פיהרט איהם אריין, מיין ליעבער פירסט. מיט אייך האב איך נאך איינינע זאכען צו רעדען, אבער שפעטער, ווען דער גראף דע ריווערא וועט אוועקגעהן.

דער פירסט האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— אויף וויעדערזעהן, באראן! אויף וויעדערזעהן, מיין ליעבע לואיזא! האט זיא געזאגט צום באראן און צו דער פרינצעסין.

ביידע זיינען באלד ארויסגעגאנגען פון צימער. דיא קייזערין איז געבליעבען אליין. אין א פאר מינוטען ארום האט דער פירסט דע לא פאזשערי אריינגעפיהרט דעם גראף דע ריווערא. ער אליין איז באלד וויעדער ארויסגעגאנגען.

גראף דע ריווערא איז געגאנגען אנגעטהאן אין א שווארצען פראק. אויף זיין ברוסט האט געפונקעלט דער גרויסער אָרדען פיאוס XI איינגעפאסט אין בריליאנטען. ער האט זיך טיעף פערנייגט פאר דער קייזערין און איז געבליעבען שטעהן דריי שריט ווייט פון איהר. ער האט געווארט, אז דיא קייזערין זאל צו איהם אנהויבען צו רעדען.

דיא קייזערין האט איינינע אויגענבליקע בעטראכט דיא שעהנע און שטאָלצע געשטאַלט פון'ם גראף.

— איך בין זעהר ערפרייט צו מאכען אייער בעקאנטשאפט, הערר גראף, האט

זיא ענדליך געזאגט. מיינע פריינד און בעקאנטע האבען מיר אזוי פיעל גוטעס געשריעבען איבער אייך, אז עס האט מיר הערצליך לייד געטהאן, וואס דאס ערשטע מאל ווען מיר האבען זיך געזעהן, האבען מיר געמוזט רעדען נור פון דער פאָליטיק. איך האב שוין לאנג געוואָלט זיין מיט אייך נעהנטער בעקאנט.

— וויא עס ווייזט אויס, האבען מיינע פריינד מיך פאַרנעשטעלט פיעל בעסער און פיעל העכער, וויא איך בין. זיי האבען מיר דערמיט גאר קיין טובה ניט געטהאן. אייערע מאַיעסטעט האבען זיך פאַרגעשטעלט צו זעהן אן אויסערארדענטליכען מענשען. א ריזע מיט הערנער און יעצט זעהן זיא פאר זיך א גאנץ געוועהנליכען מענשען, וועלכער קען זיך נור ריהמען מיט איין זאך: ער איז טריי און ערגעבען דעם הייליגען גלויבען און דער הייליגער קירכע אין רוים, דיעזעלבע קירכע, וועלכע אייער קייזערליכע מאַיעסטעט שיצט מיט שטאַרקער האנד.

— און דענאך ווערט דיא קירכע אלץ מעהר און מעהר בעדרענגט! האט דיא קייזערין געזאגט טרויעריג. מיין שוץ העלפט ווענינ אין דיעזע שווערע צייטען, ווען דיא מענשען האבען זיך אוועקגעקעהרט פון גאָט. —

זיא האט געוויעזען דעם גראַף אויף א שטוהל לעבען איהר דיוואַן.

— זעצט אייך, הערר גראַף, און דערצעהלט מיר, וואס הערט זיך עפּעס אין איטאַליען. — וואס האבען מיר צו האָפען און וואס האבען מיר צו פירכטען פאר דיא הייליגע קירכע.

— מיר האבען צו האָפען אלעס און מיר האבען צו פירכטען אלעס, האט דער גראַף געענטפערט. אלעס העננט אָפּ פון פראנקרייך. ווען זיינע מאַיעסטעט, דער קייסער פון פראנקרייך, וועט ניט פערגעסען, אז ער הייסט דער עלטסטער זוהן פון דער קירכע, ווען ער וועט ניט דערלאזען, אז מענשען, וויא גאריבאלדי און מאדזיני זאלען גרינדען אין איטאַליען א פרייע רעגיערונג, וויא זיי מיינען; ווען פראנקרייך וועט אויפטרעטען מיט מאכט און וועט אונטערדריקען אלע אידעען פון פרייהייט און פון אונגלויבען, — דאן האבען מיר אלעס צו האפען. דאן וועט דער גלויבען הערשען. דיא מענשען וועלען ציטערן פאר זייערע קעניגע און פירסטען, ווייל זיי וועלען וויסען, אז זיי זיינען דיא געזאלבטע פון גאָט. דיא מענשען וועלען גליקליך זיין אין זייער גלויבען און דיא קעניגע און פירסטען וועלען זיכער זיין אויף זייערע טהראָנען.

— וויא זאל עס אבער פראנקרייך מאכען? האט דיא קייזערין געפרעגט. פראנקרייך אליין איז דאך ניט גאנץ אייראפּא. וואס קען טהאן דער קייסער דער פראנצאָזען אליין?

— קייזערליכע מאַיעסטעט! האט געזאגט גראַף דע ריווערא מיט בעגייסטערונג. איך קען דיא מאכט פון פראנקרייך! זיא איז אונגעהויער גרויס. ווען מען זאל זיא נור בענוצען, וויא עס דארף צו זיין, קען מען אָפּנעהמען דיא וועלט. ווען מען נעהמט אבער אזא מאכט און מען בענוצט זיא אויף פאלשע וועגען און אויף נוצלאָזע זאכען— פערשווענדעט מען זיא נור אומזיסט.

דיא קייזערין איז געוואָרען עטוואס בלייך און האט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען. זיא האט ניט ערוואַרטעט פון'ם גראַף אזעלכע פאַרוואורפע. זיא איז געווען געוואָינט, מען

זאל פאר איהר לויבען דעם קייסער, מען זאל זיא חנפ׳ענען, מען זאל איהר זאגען שעהנע זאכען און וויציגע קאָמפּלימענטען. פּלוצלונג קומט א פרעמדער גראף און רעדט מיט איהר אזוי שארף.

— איהר זייט א שטרענגער קריטיקער, הערר גראף, האט זיא איהם געזאגט מיט פערדרוס אין איהר שטימע. איהר וואָינט אין איטאַליען און אורטהיילט איבער זאכען, וואס געשעהן אין פּאריז.

— עס וואָלט געווען אונווירדיג פאר אייער קייזערליכער מאיעסטעט און פאר מיר, האט דער גראף געזאגט שארף און ערנסט, — אז איך זאל זאגען צו דער קייזערין פון פראנקרייך א הויפען שעהנע קאמפּלימענטען און זאל פערדעקען מיינע געדאנקען מיט שעהנע און גלאטע רעד.

דיא קייזערין האט אויפגעהויבען דיא אויגען און האט בעטראכט דיעזען שטאָלצען, אייזערנעם מענשען, וועלכער שטעלט זיך אונטער צו זאגען דער קייזערין פון פראנקרייך אזעלכע ביטערע וואהרהייטען.

— איהר האט רעכט, הערר גראף, האט זיא געזאגט. מיר רעדען יעצט פון גאנץ ערנסטע זאכען. עס וואלט ווירקליך געווען אן אונרעכט פון אייך, איהר זאלט פערבערגען אייערע געדאנקען און פערהילען אייערע מיינונגען אונטער שעהנע רעדען.— זאגט ארויס אייער מיינונג פריי און אָפען. — זאָגט, ווען האט מען פערשווענדעט דיא פון פראנקרייך אומזיסט?

— אין סעוואסטאָפּאָלער קריעג, אדער אין קרים־קריעג, האט דער גראף גע־ענטפערט. וואס האט געהאט פראנקרייך פון׳ם זיעג ביי סעוואסטאפאל? — גאר נישט. עס האט פערלארען פערציג טויזענד מענשען און עטליכע מיליאָן פראנק — און האט זיך געמאכט רוסלאנד פאר א פיינד. רוסלאנד איז דאָך דאס איינציגע לאנד, וועלכעס איז נאך אים שטאנד צו שטארקען דעם הייליגען גלויבען. —

ער האט זיך א פאר סעקונדען אפגערוהט, גלייך וויא ער האט ערווארטעט עפּעס אן ענטפער פון דער קייזערין. זיא האט אבער געשוויעגען.

— וואלט דען ניט גלייכער געווען, האט גראף דע ריווערא ווייטער געזאגט מיט פייער. — וואלט דען ניט פיעל גלייכער געווען, אז פראנקרייך מיט רוסלאנד זאלען זיך פעראייניגען און זאלען בעסער געווען אפנעהמען פּאלעסטינא? דארט איז דאס וויעגעלע פון׳ם וואהרען, ריינעם גלויבען; אהין קומען אלע גוטע און פרומע מענשען. דארט ווערן זיי נעקרעפטיגט און געשטארקט אין זייער גלויבען, אין זייער פורכט פאר גאָט און פאר דיא העררשער. ווען פראנקרייך מיט רוסלאנד זאלען עס געווען טהאן, וואלט רוסלאנד יעצט ניט געהאט קיין ניהיליסטען, פראנקרייך וואלט ניט געהאט קיין רעוואָלוציאָנערן און גאנץ איטאַליען וואלט איינגעבויגען דעם קאָפּ פארן הייליגען פאטער אין רוים. —

— מיר רעדען ניט פון דער פערגאנגענהייט, האט דיא קייזערין געזאגט. מיר קענען דאך ניט רעדען, וואס עס וואלט געקענט זיין. מיר רעדען דערפון, וואס עס זאל זיין, וואס עס דארף זיין.

— וואס עס דארף זיין? האט גראף דע ריווערא געזאגט ערנסט. — פראנקרייך

דארף זיך פעראייניגען מיט רוסלאנד. עס מוז זיך פעראייניגען! קייסער נאפאלעאן און קייסער אלעקסאנדער מוזען געהן האנד אין האנד. זיי מוזען צוזאמען קעמפפען געגען דעם שווארצען וואָלקען, וועלכער געהט ארויף פון בערלין און דראהט צו פערפינסטערן גאנץ אייראפא. — פרייסען איז דיא קוועלע פון אונגלויבען. פון דאָרט קומען ארויס אלע, וועלכע לעסטערן גאָט און שימפפען אויף דיא היילינע קירכע.

פראנקרייך און רוסלאנד מוזען זיך אננעהמען פאר דיא היילינע זאכע. דיעזעביידע גרויסע העררשער טארען קיין מינוט ניט פערגעסען, אז נור דער היילינער גלויבען איז זייער שטיצע און זייער שוץ. דער קייסער אלכסנדר פערשטעהט עס, אבער צווישען רוסלאנד און פראנקרייך ליעגט — סעוואסטאָפאל.

דיא קייזערין האט זיך פערטראַכט. זיא האט געפיהלט, אז דער גראף האט רעכט. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, אז זיא קען בלייבען קייזערין אין פראנקרייך נור דאן, ווען דאס פאלק וועט זיך בייגען פאר דיא גייסטליכע, ווען דאס פאָלק וועט זיין פרום; קוים הייבט דאס פאלק אן צו דענקען, פערליערט עס דעם רעספעקט פאר זיינע העררשער.

— איך מיין, אז איהר האט רעכט, האט זיא ענדליך געזאגט. — וויא אזוי קען מען אבער פארגלעטען דאס אנדענקען פון סעוואסטאפאל!

— ווען אייערע קייזערליכע מאיעסטעט גיט מיר רעכט, האט דער גראף געזאָגט האסטיג, דאן קען איך עטוואס טהאן אין דיעזער בעציעהונג.

— אבער וואס קענט איהר טהאן? האט דיא קייזערין געפרעגט פערוואונדערט.

— מאדאם! האט גראף דע ריווערא געענטפערט, דיא זון שיקט אראפ איהרע ווארעמע שטראהלען און לאזט וואקסען דאס קליינע קערנדעל, וועלכעס מיר האבען אריינגעלעגט אין דער שווארצער, שמוציגער ערד. זיא פרעגט ניט, וויא א אזוי פון'ם קליינעם קערנדעל וואקסט ארויס א גרויסער בוים. — זיא ווארמט איהם אויס און בעלייכטעט זיינע בלעטער און זיינע פריכטע.

— איהר האט וויעדער רעכט, העדר גראף, האט זיא געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל. — איך בין זיכער, אז דער בוים, וועלכער וועט ארויסוואקסען פון אייערע געדאנקען, וועט געוויס ברענגען גאלדענע פריכטע פאר דער זאך, וועלכע איז היילינ פאר אונז ביידען. —

עס פרייט מיך זעהר, וואס איך האב געמאכט אייער בעקאנטשאפט, האט זיא ווייטער געזאָגט, און איך האף אייך צו זעהן יעדען מאנטאג אבענד, ווען איך נעהם אויף א קליינעם קרייז פון געסט אין מיין פריוואט סאלאָן. — ווען איהר וועט עפעס האבען נייעס, וועט איהר מיר געוויס מיטטהיילען.—דער קייזער קומט אויך זעהר אָפט אויף דיעזע פערזאמלונגען. איהר קענט דאן האבען דיא געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען וועגען דער פאָליטיק. — מיר דארפען האבען אזעלכע טרייע פריינד, וויא איהר.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא איהם דערלאנגט דיא האנד. ער האט צוגעלעגט דיא ליפען צו איהר האנד און האט זיך טיעף פערניינט.

— אייער קייזערליכע מאיעסטעט וועט שטענדיג הערן פון מיר אלעס, וואס איז וויכטיג פאר פראנקרייך און פארן היילינען פאטער אין רוים. איך וועל אנווענדען

אלע מיטעל, וועלבע שטעהן מיר צו געבאָט אום צו דיענען אייער קייזערל׳כער מאַ־יעסטעט.

מיט פעסטען שריט איז ער צוגעגאנגען צו דער טהיר, האט זיך נאך א מאל פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— ער איז ווירקליך א מערקווירדיגער מענש, האט דיא קייזערין געזאגט, ווען זיא איז געבליעבען אליין. דער קארדינאל באנאפּארטע האט איהם גאנץ ריכטיג בע־שריעבען. ער איז הארט און פעסט אין זיינע מיינונגען, וויא אייזען. — אך! ווען איך זאל האבען א פּאר טרייע מיניסטארען, וויא ער, וואלט מיין טראָהן אין פראנקרייך געשטאנען פעסט און זיכער! — ער האט מיר היינט נאך ניט אלעס ארויס־געזאגט. עס איז דאס ערשטע מאל, וואס איך רעד מיט איהם אליין, אונטער פיער אויגען. איך בין אבער זיכער, אז ער האט פיעלע וויכטיגע זאכען מיר צו זאגען. — דעם נעכסטען מאנטאג וועט ער געוויס קומען. דאן וועל איך האבען דיא געלעגענהייט מיט איהם מעהר צו רעדען. —

זיא האט אנגעקלונגען.

— דער פירסט דע לא פּאזשערי! האט זיא געזאגט צום דיענער.

באלד איז אריינגעקומען איהר ערשטער קאמערהערר, דער פירסט דע לא פּאזשערי.

— וואס מאכט דער פּרינץ? האט זיא איהם געפרעגט.

— דאקטאר קאָנאָ זאגט, אז דעם פּרינץ געהט עס גוט, ער זאל נור וועניגער לערנען און מעהר געהן אויף דער פרישער לופט.

— איז דער קייזער בעשעפטיגט?

— דער קייזער איז נור וואס געגאנגען זעהן דעם פּרינץ לואיס.

— אלזא, בעגלייטעט מיך צו איהם.

## 27טעס קאפּיטעל.

## אַ רוססישע אגענטין.

מאדאם מושאר האט בעוואינט א גרויסען און רייכען פּאלאץ ניט ווייט פון שאן עליזעע, איינע פון דיא שעהנסטע און רייכטע גאסען פון פּאריז. אלעס אין פּאַ־לאץ איז רייך, אלעס איז שעהן, אלעס איז דאס טהייערסטע, וואס מען קען נור גע־פינען אין דער וועלט.

קיינער וואונדערט זיך ניט, וואס מאדאם מושאר בעוואינט אזא רייכען פּאלאץ. אלע וויסען, אז זיא האט גרובען פון קעראסין אין פּענסילווייניע אין אמעריקא. איהר מאן איז געוועזען אין אמעריקא און האט געקויפט א שטיק לאנד דארט זעהר ביליג, פאר א קלייניגקייט. פּלוצלונג האט מען דארט ענטדעקט קוועלען פון קעראסין. — איהר מאן איז געשטארבען מיט עטליכע יאהר צוריק און האט איהר איבערגעלאזען זיין גאנצעס פערמעגען.

מאדאם מושאר איז ניט גאנץ יונג און ניט זעהר שעהן. זיא איז אבער זעהר שטאלץ און נעהמט אויף נור דיא גרעסטע אריסטאקראטען אין פּאריז. אין דיא

אבענדע, ווען זיא נעהמט אויף געסט, קומען זיך צו איהר צונויף געזאנדטעטע פון פרעמדע לענדער, גענעראלען, מיניסטארען, זשורנאליסטען, בעריהמטע שרייבער און בעריהמטע קינסטלער. עס ווערט געדעבענט פאר א גרויסע עהרע, ווען מען איז איינגעלאדען צו מאדאם מושאר.

זיא איז בעקאנט אין הויף און דיא קייזערין האט איהר געוואלט געבען א טיטול: באראנעסע אדער גרעפין. מאדאם מושאר אבער האט ערקלערט, אז זיא איז א האלבע אמעריקאנערין און וויל קיין טיטול ניט האבען. — אין אמעריקא זאגט מען דעם פרעזידענט אויך נור: מיסטער.

מאדאם מושאר איז בעזאנדעס בעפריינדעט מיט'ן ענגלישען געזאנדטעטען, לארד האמילטאן. זיא האט ליעב גוטע פערד און דער ענגלענדער האט אויך ליעב גוטע פערד. נור לארד האמילטאן האט זיא צוגעטהיילט דיא עהרע צו פאהרען מיט איהם אויף רייסעס (פערד רענען).

וויא עס ווייזט אויס, האט זיא עפעס ניט ליעב רוסלאנד. אין איהר סאלאן האט מען נאך קיין מאל ניט געזעהן דעם רוסישען געזאנדטעטען. ווען עס קומט פאר א רעדע ווענען רוסלאנד, ניט מאדאם מוראש געוועהנליך א מאך מיט דער האנד.

— וואס זאל מען רעדען פון א לאנד, וואו מענשען עסען חלב'נע ליכט? זאגט זיא און זעהט בעסער, אז מען זאל רעדען פון עפעס אנדערש.

אין פראנקרייך האט מען זיך איינגערעדט, אז דיא רוסען זיינען אזוי גראב און אזוי ווילד, אז ווען מען שטעלט ארויף א ברענענדיג חלב'ן ליכט אויפ'ן טיש, חאפען זיי עס אויס, פערלעשען עס און פרעסען עס אויף. עס איז א מאל געווען א רוסישער גראספירסט אין פאריז. ער איז איינגעשטאנען אין א רייכען האטעל. דיא גרעסטע דאמען פון פאריז האבען זיך ניט געשעהמט צו פרעגען דיא לאקייען פון'ם האטעל, אויב זיי האבען געזעהן, וויא דער גראספירסט האט געגעסען חלב'נע ליכט.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס אזא שטאלצע און רייכע דאמע, וויא מאדאם מושאר, קען ניט ליידען דיא רוסען, וועלכע זיינען אזוי גראב און אזוי ווילד. זיא איז געוואינט צו אן עכטען אריסטאקראטישען לעבען. איהרע דיענער, איהרע לאקייען און איהרע קוטשער געהן אלע אנגעטהאן אין א ליווערעע — א געוויטע פארמע. זייערע קליידער זיינען בעדעקט מיט גאלד און זילבער. יעדער קען דערקענען אן זייער'ן קליידער, אז דאס איז א דיענער פון מאדאם מושאר.

מאדאם מושאר זיצט היינט אין איהר קליינעם שרייב צימער און לעזט בריעף און טעלעגראמען, וועלכע קומען איהר אן זעהר אפט — געווים פון איהרע קעראסין גרובען אין אמעריקא. א רייך געקליידעטער דיענער איז אריינגעקומען און האט איהר דערלאנגט אויף א גאלדענער טאץ א קליינע וויזיט קארטע פון ראזא פארב מיט גאלדענעם שנים און האט איהר געזאגט:

— דיא דאמע ווארט אין דרויסען אויף אנטווארט.

מאדאם מושאר האט גענומען דיא וויזיט קארטע און האט איבערגעלעזען:

„מארקיזא דע פאלאנצאני".

איהר געזיכט האט אויסגעדריקט בעוואונדערונג און שטוינען.

— מארקיזא דע פאלאנצאני! האט זיא געזאגט, וויא צו זיך אליין. — איך האב געהערט דיעזען נאמען. — מען האט מיר געזאגט, אז דאס איז זעהר א רייכע און שעהנע איטאליענערין. — מען האט זיא זאגאר געריהמט, אז זיא איז זעהר עלעגאנט. וואס דארף זיא אבער צו מיר? — וואס קען זיא פערלאנגען פון מיר? — אלענפאלס, לאמיך זיא אויפנעהמען. עס איז ווערטה זיך צו בעקענען מיט אזא פערזאן. — לאמיך הערן, וואס זיא וויל.

זיא האט זיך געווענדעט צום לאקיי און האט איהם געזאגט:

— געה און פיהר ארויף דיא דאמע, וועלבע ווארטעט אין דרויסען. פיהר זיא אריין אין מיין קליינעם גאסט צימער.

מאדאם מושאר איז צוגעגאנגען צו א שפיעגעל און האט צורעכטגעמאכט איהר טואלעט. זיא האט זיך געגעבען בעזאנדערע מיה, אז מען זאל זעהן דעם גרויסען בריליאנט, וועלכער האט געפונקעלט אין א בראָש אויף איהר ברוסט.

— מאדאם, דיא מארקיזא דע פאלאנצאָני! האט געמעלדעט דער דיענער און איז פערשוואונדען.

אין צימער איז אריינגעקומען דיא מארקיזא אין א רייכער און עלעגאנטער שפאציער טואלעטע. מען האט געזעהן, אז זיא איז אן עכטע אריסטאקראטין. איהרע קליידער, איהר גאנג, איהר בענעהמען — אלעס האט געוויעזען, אז זיא איז געוואינט צו לעבען אין דער העכסטער, אריסטאקראטישער געזעלשאפט.

מאדאם מושאר האט זיך אויפגעהויבען פון איהר שטוהל, איז איהר ענטגעגען געגאנגען, האט איהר געגעבען דיא האנד און האט איהר געזאגט פריינדליך:

— עס פרעהט מיך זעהר, מאדאם מארקיזא, וואס איך קען אייך בעגריסען אין מיין שטוב. איך וועל זיין זעהר גליקליך, ווען איך זאל אייך קענען מיט עפעס דיענען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיא צוגעפיהרט איהר גאסט צו א קליינעם סאמעטענעם דיוואן, ארומגעשטעלט מיט זעלטענע בלומען און טהייערע פלאנצונגען. זיא האט זיך געזעצט אויף א שטוהל לעבען דיוואן און האט איינגעלאדען איהר גאסט זיך צו זעצען אויפ'ן דיוואן. — מאדאם מושאר איז געזעסען און האט העפליך געווארט, אז דיא מארקיזא זאל איהר ערקלערן דעם צוועק פון איהר בעזוך.

— פאר אלעמען, האט דיא מארקיזא געזאגט מיט א פריינדליכען, הערצליכען טאן, וויא מען רעדט צו אן אלטער בעקאנטער. — פאר אלעמען מוז איך אויסשפרעכען מיין בעוואונדערונג איבער דיא גוטע איינריכטונג פון אייער הויז. — איך האב צוואר געזעהן נאך זעהר וועניג פון איהם, אבער וויפיעל איך האב געזעהן, איז פאר מיר גענוג און האט מיך איבערצייגט, אז נור אין דיא גרעסטע אריסטאָקראטישע הייזער הערשט אזא איינריכטונג און — ביי אייך.

מאדאם מושאר האט זיך פערנייגט. עס איז איהר געווען אנגענעהם צו הערן אזא קאָמפלימענט פון אזא אריסטאָקראַשער דאמע, וויא דיא מארקיזא. זיא איז אבער געווען קלוג גענוג צו פערשטעהן, אז דאס איז בלויז א קאמפלימענט. איהר בליק האט געזאגט דייטליך:

— דאס אלעס איז זעהר שעהן. איך גלויב אבער ניט, אז דוא ביסט געקומען צו מיר אום נור מיר דאס צו זאגען.

דיא מארקיזא — אדער אננא באלצער — האט פערשטאנען, וואס דער בליק פון מאדאם מושאר בעדייטעט. זיא האט אראפגעלאזען דיא אויגען און האט זיך אנגעהויבען צו שפיעלען מיט א קליינעם זיידענעם זאנענשירם, וועלכען זיא האט גע־האלטען אין דער האנד.

— איך וויל מיין הויז אויך איינריכטען עפּעס בעסער, האט זיא אנגעהויבען מיט א ביטענדער שטימע. — אבוואהל איך קען היע לאנג ניט בלייבען — מיין מאן איז קראנק — ער קען ניט מאכען קיין וויטע רייזען. — איך האב מיך קוים אויסגעבעטען, ער זאל מיר ערלויבען פאהרען קיין פאריז אויף דער אויסשטעלונג. — דערוויל אבער וויל איך איינריכטען א פאסענדעס הויז. — עס פעהלט מיר אבער איינינע זאכען, בעזאנדערס פעהלט מיר א פאר גוטע פערד. — איך האב געהערט, אז איהר האט דיא בעסטע פערד אין פאריז. — מען האט מיר געוויזען איין עקיפּאזש מיט א פאר שווארצע פערד, וועלכע איך האב זעהר בעוואונדערט, און מען האט מיר געזאגט, אז זיי געהערען צו אייך. איך בין גליקליך, וואס איך קען מיך ווענדען צו אייך — צו א פרוי — מיט דער ביטע, פיעללייכט וועט איהר מיר פערקויפען יענע פאר פערד. —

מאדאם מושאר׳ס געזיכט האט אנגענומען א הארטען, קאלטען אויסדרוק. א זאנדערבארער שמייכעל האט געשפּיעלט אויף איהרע ליפּען.

— איך האנדעל ניט מיט פערד, האט זיא געזאגט קאלט. דיא פערד, מיט וועלכע איך אליין פאהר ארויס, פערקויף איך קיינעם ניט. — עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען אייער וואונש ניט ערפילען, איך וויל זעהר אייך ניצליך זיין, אבער אין יעדער אנדערער בעציעהונג. — איך וויל האבען דיא שעהנסטע פערד אין פאריז.

דיא מארקיזא האט זיך פערשעהמט און האט אראפּגעלאזען דיא אויגען. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז זיא איז אין אזא פערלעגענהייט, אז זיא ווייס גאר ניט, וואס צו טהאן.

— ענטשולדיגט מיר, מאדאם, האט זיא געזאגט און איז רויט געווארען, וואס איך האב עס אייך אנגעבאטען. איך האב געמיינט, אז פיעללייכט וועט איהר צוליעב טהאן א דאמע — און נאך א פרעמדע. —

מאדאם מושאר האט פערצויגען דיא אקסלען.

— אויסערדעם האב איך גערעכענט, האט דיא מארקיזא ווייטער געזאגט מיט אן אונשולדיגען טאָן פון א דאמע, וועלכע האט ליעב פיעל צו רעדען. — אז אין היינטיגע אונרוהיגע צייטען, ווען מען רעדט אזוי פיעל פון קריג, פון פערשווערונגען — פון ניהיליסטען און קארבאנארי געזעלשאפטען — וואס ווייס איך פון זיי ? — אין אזעלכע צייטען וועט איהר פיעללייכט געפינען פאר בעסער צו פערקויפען אייערע פערד, איך וועל זיי מיטנעהמען קיין איטאליען. דארט וועלען זיי זיכער זיין. —

מאדאם מושאר איז געווארען אויפמערקזאם. זיא האט זיך אבער געקענט פארשטעלען און האט געזאגט:

— איהר רעדט עפּעס פון קריעג, פון פערשווערונגען, מיר דאכט, אז אלעס איז

יעצט שטיל און רוהיג. איא עס ווייזט מיר אויס, האבען מיר יעצט גאנץ רוהיגע צייטען.

— אך! עס ווייזט נור אויס אזוי, האט דיא מארקיזא געזאגט. ווען איך האב געוואינט אויף מיין שלאָס אין איטאליען, האב איך אויך געמיינט, אז אלעס איז שטיל און רוהיג. אין פאריז אבער הערט מען נור פון פערשווערונגען, פון געהיימע געזעל־שאפטען און נאך פון אזעלכע שרעקליכע זאכען. — מען זאגט, אז עס האט זיך געבילדעט עפּעס א באנדע, וועלכע ווילען טויטען דעם רוסישען קייסער. — ווער ווייס, וואס זיי וועלען נאך טהאן? —

מאדאם מושאר איז געווארען זעהר אויפמערקזאם. זיא האט צוואר געשמייכעלט, איהר שארפער בליק אבער האט דורכגעדרונגען דיא מארקיזא, גלייך וויא זיא האט געוואלט לעזען איהר געהיימע געדאנקען. דיא מארקיזא אבער איז געזעסען אזוי רוהיג, און אזוי אונשולדיג, וויא א דאָרפס מעדכען, וועלכע קומט צום ערשטען מאל אין א גרויסע שטאדט און דערצעהלט דיא וואונדער, וואס זיא האט געזעהן.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס אלעס? האט מאדאם מושאר געפרעגט. איך וואָין אויך אין פאריז און האב פון אלע זאכען גאר ניט געהערט?

— איך בין א פערוואנדטע פון׳ם קארדינאל אנטאָנעלי און קום זעהר אָפט אין זיין סאלאָן. דארט קומען זיך צונויף אלע דיפּלאמאטען און מען רעדט פון פּאָליטיק. — מען האט דערצעהלט, אז דער קייסער נאפּאלעאָן איז געוואהר געווארען פון דער פערשווערונג. — ער וויל לאזען דיא ניהיליסטען אלעס אפּרעדען, דאן וועט ער זיי אלע אויפנעהמען און איבערגעבען רוסלאנד. — מען האט גערעדט פון פער־שיעדענע זאכען, — וואס ווייס איך? — איך האב פיינד דיא פּאליטיק. — מיין קאָפּ טראגט מיר ניט צו אזעלכע זאכען. — איך וואָלט שוין אנטלאפען פון פאריז, — איך וויל אבער זעהן דיא אויסשטעלונג און אלע שעהנע זאכען פון פאריז.

מאדאם מושאר האט אלעס אויסגעהערט גאנץ אויפמערקזאם. זיא האט געווארט, אז דיא ניט גאנץ קלוגע מארקיזא — אזוי האט זיך עס איהר אויסגעוויעזען — וועט נאך עפּעס פלוידערן און וועט נאך עפּעס דערצעהלען. דיא מארקיזא אבער האט זיך פלוצלונג, וויא דערמאנט, אז זיא האט שוין צופיעל גערעדט און האט געזאגט:

— ענטשולדיגען זיא מיר, מאדאם, וואס איך שטעהר אייך. איך ווייס, אז איהר האט קיין שום אינטערעס ניט אין אזעלכע רעד. — איך זעה מיט בעדויערן, אז איהר ווילט מיר ניט פערקויפען אייערע פערד, וועיל איך—

זיא האט געמאכט א בעוועגונג, גלייך וויא זיא וויל זיך אויפהויבען און ארויס־געהן. מאדאם מושאר האט לייכט ארויפגעלעגט איהר האנד אויף דער מארקיזא׳ס ארים און האט איהר געזאגט מיט א גאנץ אנדערן טאָן:

— איך ביטע, איך ביטע, מאדאם מארקיזא! עס מאכט מיר דעם גרעסטען פערגניגען מיט אייך צו פלוידערן. איהר זייט דאס ערשטע מאל ביי מיר אין שטוב און ווילט שוין אנטלויפען? — ביטע, דערצעהלען זיא מיר אלעס. איהר וועט מיר טהאן א גרויסען געפאלען. ווען עס איז ווירקליך דא עפּעס א געפאהר, מוז איך עס וויסען.

איך בין אזוי צואווארפען מיט מיין פערמעגען, אז איך מוז זיין פארזיכטיג און זיך בער ווארענען געגען א געפאהר.

— וואס זאל איך אייך דערצעהלען? האט דיא מארקיזא געזאגט אונשולדיג. מען האט דארט גערעדט פון אזעלכע מענשען, פון וועלכע איך האב קיין מאל ניט געהערט, איך קען זאגאר זייערע נעמען ניט נאכזאגען. עפעס איינער א באקון, א ראסט, מאסט אדער פאסט — איך וויים ניט, איך קען מיך ניט דערמאנען זייערע נעמען. — זיינען געקומען קיין פאריז, זיך בעראטהען, וויא אזוי אומצוברענגען דיא קייזערליכע פאמיליע פון רוסלאנד. — אבער וואס נעהם עס אונז אן? — מיין פערוואנ־דטער, דער קארדינאל אנטאנעלי, האט געזאגט, אז מען מוז עס פערהיטען, וויל מען פלאנט ניט נור געגען רוסלאנד אליין. זיי ווילען מאכען אן איבערקעהרעניש אין דער גאנצער וועלט — אויסהרגענען אלע רייכע און ביי זיי צונעהמען זייער פערמעגען. — דער קייזער נאפאלעאן אבער האט א שטרענגע פאליציי. ער וויים שוין דערפון און וועט זיי אלע אויפנעהמען. — עס טהוט מיר לייד, וואס מיינע לאנדסלייט — מאדזיני, גאריבאלדי און דע לאמאררע — זיינען אויך פערמישט דרינען.

פלוצלונג האט זיא זיך אויפגעהויבען.

— איז עס ניט צום לאכען? האט זיא געזאגט. וואס רעד איך דא? — איז עס אונזער זאך, וואס רוסישע ניהיליסטען און אנארכיסטען ווילען טהאן? — איך בין געקומען מאכען אייך א בעזוך און רעדען מיט אייך וועגען אייערע פערד און בין ארויפגעקומען אויף זאכען, וואס איך פערשטעה ניט.

זיא האט עס געזאגט מיט אזא איינפאכען אונשולדיגען טאן, אז מאדאם מושאר איז געוועזען פאלשטענדיג איבערצייגט, אז זיא האט פאר זיך א פלוידערזאק, וועלכע וויים ווירקליך ניט, וואס זיא רעדט.

— מאדאם מארקיזא, האט פלוצלונג געזאגט מאדאם מושאר, איך האב אייך אפגעזאגט אייער ביטע וועגען דיא פערד. עס איז געוועזען אביסעל אונרעכט פון מיר אפצוזאגען א דאמע, בעזאנדערס, א פרעמדע, וועלכע קומט צו מיר דאס ערשטע מאל, אזא קליינינקייט. — איך זאג אייך דיא וואהרהייט, אהנע אייך צו חנפענען, אז וואס מעהר איך רעד מיט אייך, אלץ מעהר געפעלט איהר מיר. — איך פיהל צו אייך א בעזאנדערע סימפאטיע. — אין דיא ווייניגע מינוטען, וואס מיר זיינען בעקאנט געוועז־רען, פיהל איך צו אייך אזא פריינדשאפט, גלייך וויא איהר וואלט געוועזען מיין שוועסטער.

דיא מארקיזא איז געזעסען און האט געשמייכעלט, וויא אן אונוויסענדעס דארפס מעדכען, וועלכע מען מאכט קאמפלימענט און זיא גלויבט, אז וואס מען זאגט איהר, איז הייליג.

— איך פיהל מיך צו אייך אזוי ציגעצויגען, האט מאדאם מושאר ווייטער גע־זאגט, און איך וויל אייך בעווייזען, וויא טהייער אייער פריינדשאפט איז ביי מיר גע־ווארען, אז איך וויל אייך אפלאזען מיינע פערד. — איך וויל, איהר זאלט האבען אזא עקיפאזש, וויא עס פאסט אזא אריסטאקראטישע דאמע, וויא איהר זייט.

— ווירקליך? איהר גיט מיר אייערע פערד? האט אויסגערופען דיא מארקיזא

מיט פרייד, וויא א קינד, וועלכער איז ענטציקט, וואס מען גיט איהם א שפּיעלכעל, וועלכע ער האט שוין לאנג פערלאנגט.

זיא האט אנגעהאפּט דיא האנד פון מאדאם מושאר און האט זיא צוגעדריקט צום הארצען.

— יא, מאדאם מארקיזא, איך גיב אייך מיינע פערד אָן שטעל נור איין בעדינגונג. —

דיא מארקיזא האט זיך פערניינט, א צייכען, אז זיא נעהמט אָן יעדע בעדינגונג, וואס מען וועט איהר נור שטעלען.

— מיין בעדינגונג איז, מיר זאלען זיך אָפט זעהען, האט מאדאם מושאר נעזאגט. איהר וועט מיר ערלויבען צו קומען אָפט צו אייך און איהר וועט זיין אָן אָפטער גאסט ביי מיר. ניט אין דער צייט, ווען איך האב געסט, זאָנדערן צו יעדער צייט, ווען איהר וועט וועלען. איהר זאלט קומען צו מיר, וויא איהר קומט צו א שוועסטער, ווען איהר וועט נור האבען אביסעל פרייע צייט.

— אך! עס וועט זיין ביי מיר דיא גרעסטע עהרע אייך צו זעהן ביי מיר! האט אויסגערופען דיא מארקיזא ענטציקט.

— אייער פריינדשאפט איז ביי מיר אזוי טהייער, אז דיא פערד האבען ביי מיר נאר קיין ווערטה ניט, האט ווייטער געזאגט מאדאם מושאר.

— איך האב אייך נאך עפּעס צו פרעגען, האט געזאגט דיא מארקיזא. — וואס וועט איהר מיר רעכענען פאר אייערע פערד? — איך מוז דאך אויסשטעלען א טשעק אויף מיין באנק.

— אה! איך וואלט גאר געוואלט זיי אייך אװעקשענקען, האט מאדאם מושאר געזאגט, אבער אונזער פריינדשאפט איז נאך אזוי יונג און אזוי נייע, אז איך קען מיך ניט אונטערשטעלען עס צו טהאן. — איך וויל דאהער זיי אייך אוועקגעבען צו דעם פּרייז, וואס זיי קאָסטען מיך. — מיר שיינט, אז איך האב בעצאָהלט צו צעהן טויזענד פראנק פאר א פערד. — איבעריגענס, וועט מיין פערוואלטער אויסשטעלען דיא רעכנונג און איך וועל זיא אייך אליין בריינגען.

— אך! וויא דאנקבאר איך בין אייך, מאדאם! האט אויסגערופען דיא מארקיזא און האט געקלאפּט מיט דיא הענד, וויא א קליין קינד. — ענדליך, האב איך דאך א שעהנע פּאר פערד.

וויא קלוג און וויא דורכגעטריעבען מאדאם מושאר איז געװעזן, האט זיא דאך ניט געקענט בעמערקען, אז דיא מארקיזא איז גאר ניט אזוי קינדיש און גאר ניט אזוי נארריש, וויא זיא מאכט זיך. אויף איהרע ליפּען האט געשפּיעלט א זאָנדערבארער צופריעדענער שמייכעל.

— איך וואג ניט, אייך צו מאכען א פרעזענט און איך אין גאנצען שענקען מיינע פערד מיט דער עקיפּאזשע, האט מאדאם מושאר ווייטער געזאגט. איך וויל אבער אייך דאָך געבען עטוואס אן אנדענקען פון אונזער פריינדשאפט.

זיא איז צוגענאנגען צו א ראָזענבוימעלע, וועלכער האט געבליהעט לעבען

פענסטער, האט אפגעשניטען א צווייגעלע מיט צוויי גרויסע, האלב געעפענטע ראָזען און האט עס איינגעשטעקט דער מארקיזא אויף דער ברוסט.

— דיא ראָזע איז דיא קעניגין פון דיא בלומען, האט זיא געזאגט. לאָז דיא קעניגין פון דיא בלומען ציערן דיא קעניגין פון שענהייט.

דיעזער קאָמפּלימענט איז שוין אביסעל צו פיעל, בעזאָנדערס ווען איין פרוי מאכט איהם דער אנדערן. דיא מארקיזא אבער איז געווען אזוי קינדיש צופריעדען, אז זיא האט עס ניט בעמערקט, אדער ניט געוואלט בעמערקען.

— אך, מאדאם! האט זיא אויסגערופען. איך מוז מיך שעהמען פאר אייך. איך בין געקומען בעטען ביי אייך א געפעליגקייט און איהר גיט מיר אלעס מיט פולער האנד. וויא זאל איך אייך דאנקען פאר אייער פריינדליכקייט?

זיא האט נאך א מאל גענומען דיא הענד פון מאדאם מושאר און האט זיי צוגעדריקט צום הארצען מיט אן אויסשפּרעכליכער, קינדישער דאנקבארקייט.

— אויף וויעדערזעהן! האט זיא געזאגט.

— אויף באלדיגעס וויעדערזעהן! האט מאדאם מושאר געענטפערט.

מאדאם מושאר האט בעגלייט איהר גאסט ביז אין קארידאָר פון איהר פּאלאַץ און האט א ווינק געגעבען איהרע דיענער, אז זיי זאלען לויפען פאראויס און עפענען פאר איהר אלע טהירען.

דיא מארקיזא איז ארויסגעגאנגען, דיא דיענער פון מאדאם מושאר האבען זיא אריינגעזעצט אין איהר קארעטע. זיא האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אין בוא דע בולאָני.

ווען דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען איינינע גאסען, האט דיא מארקיזא געזאגט צו זיך אליין.

— איך מיין, אז ער וועט מיט מיר צופריעדען זיין. איך האב געשפּיעלט מיין ראָלע גאנץ גוט. דיא קלוגע מאדאם מושאר האט ניט בעמערקט, אז איך שטעל איהר ארויס א פייג אונטער דער נאז. — דערביי האב איך נאך געמאכט א גאנץ גוטעס געשעפט. איך האב א טשעק אויף פופציג טויזענד פראנקס. פאר דיא פערד וויל זיא נור צוואנציג טויזענד. עס וועט מיר בלייבען דרייסיג טויזענד פראנקס אין קעשינע. דאס שאדעט קיין מאל ניט. א מענש דארף שטענדיג האבען עטליכע טויזענד פראנקס אין קעשינע. דאס קען צוניץ קומען.

פרעהליך און לעבעדיג האט זיך געקייקעלט איהר טהייערע קארעטע צווישען דיא שעהנסטע און רייכסטע עקיפּאזשען אין בוא דע בולאָני. דיא קאוואליערן, וואס האבען זיא בעגעגענט, האבען זיא העפליכסט בעגריסט און האבען געהאלטען פאר אן עהרע צו רייטען לעבען איהר קארעטע. זיא האט אזוי ארומשפּאציערט א געראומע ווײלע, ביז עס איז פערבייגעלאָפען אן עלעגאנטער רייטער אויף א טהייערס פערד.

דאס איז געווען גראף דע ריווערא. ער איז צוגעקומען נעהענטער צו דער קאַרעטע, האט העפליך געגריסט און איז ווייטער אוועקגעריטען. — איין בליק פון דער מארקיזא האט איהם אלעס געזאגט.

קוים איז דיא מארקיזא ארויסגעגאנגען און מאדאם מושאר איז געבליעבען

אליין, האט זיך איהר געזיכט אין גאנצען פערענדערט. דאס איז שוין מעהר ניט נעווען דיא פריינדליכע, אנגענעהמע ווירטהין. דאס איז נעווען א שטרענגער בעאמטער, וועלכער טראכט איבער און קלערט איבער יעדעס ווארט, וואס ער האט געהערט. איהר געזיכט איז געווארען פינסטער, אויף איהר שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיעפע קנייטשען. זיא האט ארויסגענומען פון א געהיימער שובלאדע אין איהר שרייב טיש איינינע ביינעלעך פאפיער מיט געוויסע צייכענס און האט זיך געזעצט שרייבען.

— דער צופאל אדער גאט אליין האט מיר צוגעשיקט דיעזע לייבטזיננינע מארקיזא, וועלכע האט אזוי פיעל ליעב צו פלוידערן. — אך! עס זאל נור זיין צייט! איך זאל עס קענען פערהאפען און אלעס ענטדעקען! — איך מוז זעהן, אז זיא זאל אפט קומען צו מיר. פון אזא פלוידערזאק קען מען זעהר פיעל געוואהר ווערן.

זיא האט געשריעבען האסטיג. ווען דאס ביינעלע פאפיער איז געווען אין גאנצען בעשריעבען, האט זיא עס צונויפגעלעגט, האט עס אריינגעלעגט אין א קאנווערט און האט דארויף צוגעלעגט א גאנץ קליינעם בלויען זיעגעל. דאן האט זיא אריינגעלעגט דיעזען קאנווערט אין א גרעסערן, האט איהם וויעדער פערזיעגעלט מיט אנאנדערן זיעגעל, האט אנגעשריעבען אויף איהם:

„פירסט גאליצין אין מאסקווא.“

און האט אנגעקלונגען. א דיענער איז אריינגעקומען.

— טראג אוועק דיעזען בריעף אויף דער פאסט. נעהם א דראשקע און ווארף איהם אריין אין פאסט אמט אין קעסטעל.

— צו בעפעהל, מאדאם! האט דער דיענער געענטפערט און איז ארויסגעגאנגען.

ווען ער איז ארויסגעגאנגען, האט זיא גענומען אנאנדער ביינעלע פאפיער און האט אנגעשריעבען א טעלעגראמע:

„דיא פרייזע פון קעראסין פאלען. פערקויפט. — עס איז דא געפאהר. בריעף פאלגט“.

דיא טעלעגראמע איז געווען אדרעסירט צו א קויפמאן פון קעראסין אין פעטערבורג. זיא האט ווייטער אנגעקלונגען און האט געהייסען דעם דיענער, וועלכער איז באלד אריינגעקומען, אוועקטראגען דיא טעלעגראמע אויפ'ן טעלעגראפען אמט. ווען דער דיענער איז אוועקגעגאנגען, האט זיא צונויפגעלעגט איהרע פאפיערען און האט זיי גוט פערשלאסען.

— יעצט מוז איך מיך אנטהאן און ארויספאהרען אין בוא דע בולאני. איך האף, אז דארט וועל איך עטוואס מעהר געוואהר ווערן.

מיט א האלבע שטונדע שפעטער האט זיך איהר גלענצענדער עקיפאזש געקייקעלט אין דיא שעהנע אלעען פון בוא דע בולאני און דיא גרעסטע אריסטאקראטען, בעזאנדערס דיא געזאנדעטע פון פרעמדע לענדער, האבען זיך געהאלטען פאר אן עהרע צו רייטען לעבען איהר קארעטע און צו פלוידערן מיט איהר איבער פאריזער נייעס.

גראף דע ריווערא האט רעכט געהאט. קיינעם פון דיעזע העררן איז ניט איינגעפאלען אין קאפ, אז דיעזע שעהנע דאמען איז זייערע גלענצענדע עקיפאזשען, וועלכע

רעדען אזוי פרעהליך און קאקעטירען מיט דיא קאוואלירען, — פיהרען נאר דיא גאנצע פאָליטיק פון אייראפא אין זייערע שוואכע פינגער.

## 28טעם קאפיטעל.

## דיא אונצופריעדענע.

אין א שעהנעם, רייגעם הויז אין איינע פון דיא רוהיגע, שטילע גאסען פון האַנאווער וואינט יעצט דיא פאמיליע וועגדענשטיין. זיי האבען זיך שוין איינגעריכטעט אין זייער נייער וואינונג און לעבען, וויא עס ווייזט אויס, גאנץ שטיל, רוהיג, פריעדליך און גליקליך. דער ליעטענאנט איז שוין פאָלקאָמען געזונד געווארען און בליהט וויעדער וויא א יונגע ראזא. דער עלטערער זוהן האט ווירקליך בעקומען א גוטע שטעלע אין בערלין אין פינאנץ מיניסטעריום. ביידע מעדכען בליעהן און זיינען העכסט צופריעדען, וואס זיי וואינען אין א גרויסער שטאָדט, וואו עס איז דא וואו צו געהן און וואס צו זעהן.

און דענאך האט זיך דיא גאנצע פאמיליע געענדערט. דער אלטער נעהט ארום שטיל און פערטראכט, ער נעהט ניט אין ערגעץ, נעהמט ניט אויף קיין געסט און רעדט זעהר וועניג. דיא אלטע איז גליקליך יעדעס מאל, ווען זיא ניט א קוק אויף איהרע שעהנע, בליהענדע קינדער און דאך ווייזען זיך פון צייט צו צייט טרערין אויף איהרע אויגען, וועלכע זיא זוכט צו פערבערגען און צו פערדעקען.

דער יונגער ליעטענאנט האט אנגעטהאן ציוויל קליידער און געהט אויך ארום ניט גאנץ פרעהליך. ער קומט זעהר שפעט א היים, איז מייסטענס זעהר אויפגערעגט און נור ווען מען רעדט פון זיין בראוט, העלענא, ווייזט זיך א פרעהליכער שמייכעל אויף זיין געזיכט.

ווען דעם אלטען וועגדענשטיין איז געווארען זעהר שווער צו לעבען אונטער דער נייער פרייסישער רעגיערונג, וועלכע האט אויסגעשטעלט זשאנדארען אין אלע גאסען און האט איינגעפיהרט א שטרענגע עפענטליכע און געהיימע פאָליציי, וועלכע גיט גוט אכטונג אויף דיא בירגער, — וויא פיעל שווערער איז עס געווארען דעם יונגען מאַן, וועלכער האט מיט דער נייער רעגיערונג אלעס פערלארען. אריינטרעטען אין דער פרייסישער ארמעע וויל ער ניט. ער בעטראכט דיא פרייסישע רעגיערונג אלס א רויבער. זיא האט אפגערויבט זיין קעניג און האט ביי איהם צוגענומען זיין לאנד און זיין קרוין. צו קיין אנדערע בעשעפטיגונג קען ער זיך דערווייל ניט נעהמען. קיין האנד־ווערק האט ער ניט געלערנט. קיין קויפמאן קען ער ניט ווערן, עס פעהלט איהם געלד און ער פערשטעהט ניט קיין געשעפט. — אלזא, וואס זאל ער יעצט טהאן.

ניט וועגדענשטיין אליין איז געווען אין אזא טרויעריגער לאגע, עס זיינען נאך געווען זעהר פיעלע יונגע אפיציערען און בעאמטע, וועלכע דיא נייע פרייסישע רעגי־ערונג האט פערזעצט אין אזא טרויעריגער לאגע. זיי זיינען יעצט געווען ניט צו דער וואנד ניט צו יענער.

צום אונגליק, האבען זיי נאך ניט געטארט רעדען פריי און אפען פון זייער לאגע. אומעדום זיינען געשטאנען פרייסישע שפיאנען און האבען זיך צוגעהערט צו יעדעס ווארט, וואס מען האט גערעדט. שוין ניט איינער איז הארט בעשטראָפט

געווארען פאר א פרייעס ווארט, וואס ער האט געוואגט ארויסצוזאגען געגען פרייסען. ניט איינער איז שוין געווען ארעסטירט און האט געמוזט צאהלען א שווערע געלד שטראפע פון עטליכע הונדערט מארק פאר א ווארט, וואס מען וואלט זיך אין בער־לין דארויף ניט אומגעקוקט. אין האנאווער איז עס געווען א פערברעכען.

עס איז דאהער קיין וואונדער ניט, וואס מען האט זיך געמוזט פערזאמלען אין געהיימען. דאס האט געפיהרט דערצו, אז עס האבען זיך אנגעהויבען צו בילדען גע־היימע געזעלשאפטען, וועלכע האבען געזוכט מיטעל, וויא אזוי זיך צו בעפרייען פון אזא טיראנישער רעגיערונג, וויא פרייסען. פיעלע בירגער, קויפלייטע און ארבייטער זיינען אריינגעטרעטען אין דיעזע געהיימע געזעלשאפטען.

דיא ערשטע זאך, וואס דיעזע געהיימע געזעלשאפטען האבען געטהאן, איז געווען אויסצודריקען זייער סימפאטיע זייער אונגליקליכען קעניג געארג, וועלכען פרייסען האט אזוי ניעדערטרעכטיג בערויבט. זיי האבען אויסגעוועהלט א דעפוטאציאן פון פינף מענשען און האבען זיי געשיקט קיין היצינג, א קליין שטעדטעל לעבען וויען, וואו דער קעניג האט דאמאלס געוואינט.

דער קעניג האט אויפגענומען דיא דעפוטאציאן זעהר פריינדליך און הערצליך, וויא זיין שטייגער איז געווען און האט זיי געזאגט, אז ער איז זיכער, אז נאך ניט אלעס איז פערלארען, ער האט נאך האפנונגען. ער האט נאך גוטע פריינד, וויא דער קייזער אלכסנדר פון רוסלאנד און דיא קעניגין וויקטאריא פון ענגלאנד וועלכע וועלען זיך פאר איהם אננעהמען.

ער האט זיי ווייטער געזאגט, אז אלע אפיציערן און בעאמטע, וועלכע ווילען איהם בלייבען געטריי, זאלען קיין דיענסט ניט אננעהמען און זיך צו קיין נייער בעשעפ־טיגונג ניט נעהמען, זיי זאלען זיך האלטען בערייט, ווען ער וועט זיי רופען. ער וועט געבען יעדען אפיציער פופצעהן הונדערט מארק א יאהר געהאלט. יעדער בעאמטער וועט בעקומען זיין געהאלט, וואס ער האט בעקומען פריהער.

ער האט געבעטען דיא דעפוטאטען, זיי זאלען איהם צושטעלען א ליסטע פון אלע אפיציערן און סאלדאטען, וועלכע זיינען איהם געבליעבען געטריי און זיינען בע־רייט ארויסצוטרעטען אין קאמפף פאר זיינע רעכטע.

מען קען זיך לייכט דענקען, מיט וואס פאר א פרייד מען האט אויסגעהערט דיא דעפוטאטען, ווען זיי זיינען צוריק געקומען פון היצינג, אויף דיא פערזאמלונגען פון דיא געהיימע געזעלשאפטען. מען האט זעהר גוט געוואוסט, אז ווען דיא פרייסישע שפיאָנען זאלען דערפון געוואהר ווערן און מען זאל אויסגעפינען דיא ליסטען, וועלכע מען האט געמאכט אום צו שיקען צו קעניג געאָרג, וועט מען זעהר הארט בעשטראָפט ווערן. פרייסען וועט זיך ניט שעהמען צו ערקלערן אזעלכע מענשען אלס פעררעטהער אום זיי אויפצוהענגען.

ליעטענאנט וועגדענשטיין איז געווען איינער פון דיא ערשטע, וועלכע האבען זיך פערשריעבען, אז זיי וועלען בלייבען טריי דעם קעניג געארג ביז אין טויט. צוואר האט ער זעהר גוט געוואוסט, וויא געפעהרליך דיעזער שריט איז. דאס הייסט ארומגעהן שטענדיג מיט א שווערט איבערן קאָפּ און ציטערן יעדע מינוט: אט, אט וועט דער

שווערד אראפפאלען און דיך טרעפען. דאס האט איהם אבער וועניג געהארט. ער איז געוועזן יונג און האט געזוכט עפּעס א טהעטיגקייט. דער יונגער מענש מוז עפּעס טהאן, ער מוז האבען עפּעס א ציעל אין לעבען, צו וועלכען ער זאל זיך ציהען, — צו וועלכען ער זאל שטרעבען. גאנץ אנדערע זארגען האבען איהם בעאונרוהיגט.

דיא פאמיליע האט בעשלאסען, אז ער זאל אין א קורצע צייט הייראטהען זיין בראוט. העלענא, וועלכע ער האט געליעבט אזוי שטארק, אזוי הייס, מיט דער גאנצער קראפט פון דער יונגער, ערשטער ליעבע. — וויא קען ער יעצט הייראטהען, ווען ער וויים נים, וואס מארגען וועט מיט איהם זיין? — וויא קען ער הייראטהען, ווען ער איז יעדע מינוט אין געפאהר, מען זאל איהם ארעסטירען, שטעלען פאר א קריעגס געריכט און פערארטהיילען — מעגליך צום טויט? — וואס פאר א לעבען שטעהט פאר זיין יונגער פרוי? וואס פאר א שיקזאל בערייטעט ער אליין איהר פאַר?

דאס איז געוועזן דיא אורזאכע, וואס ליעטענאנט וועגדענשטיין פלעגט אין דער לעצטער צייט קומען אזוי שפּעט א היים און פלעגט זיין אזוי טרויעריג און אזוי אויפגערעגט.

וויא מיר האבען שוין געזעהן אין דיא פאַריגע קאפּיטלאַך, איז דיא פאמיליע וועגדענשטיין געוועזן א זעלטענע פאמיליע. צווישען פאטער מוטער און קינדער האט שטענדיג געהערשט דיא פאלשטענדיגסטע ארדנונג און הארמאָניע. דיא קינדער האבען קיין זאך נים געטהאן אליין, אהנע צו פרעגען דעם פאטער און זיך צו בעראטהען מיט איהם. מיר האבען שוין געזעהן, וויא דער עלטסטער זוהן איז געקומען פרעגען דעם פאטער און זיך צו בעראטהען מיט איהם, ווען מאן האט איהם פארגעלענט א גוטע שטעלע אין בערלין. מיר האבען געהערט, וואס דער פאטער האט איהם געענטפערט. דער אלטער וועגדענשטיין האט געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט זיינע קינדער. — ער האט זיי ניט געגעבען קיין בעפעהלע. — ער האט זיי געראַטהען, וויא אן עלטערער ברודער, וויא א פריינד און דיא קינדער האבען איהם שטענדיג געפאלגט. זיין ראטה איז געוועזן ביי זיי טהייער; זיי האבען זעהר געשעצט זיין מיינונג.

גליקליך איז דיא פאמיליע, אין וועלכער צווישען עלטערן און קינדער הערשט אזא פריינדשאפט, אזא הארמאניע! דאס איז ניט אזוי לייכט, אבער מען קען עס אויספיהרען. ווען דיא עלטערן ווייסען נור, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט זייערע קינדער פון קינדוויים אן; ווען פאטער און מוטער — בעזאנדערס דיא מוטער — ווייסען וויא, אזוי צו ערציעהען איהרע קינדער און וויא אזוי זיי צו פיהרען, ווען זיי מאכען דיא ערשטע שריטע אין זייער לעבען. דא ליעגט דאס גרויסע געהיימניס, פאר וואס אייניגע פאַמיליען זיינען אזוי גליקליך, עלטערן און קינדער לעבען אזוי פריינדליך, אזוי גליקליך און אין אנדערע פאמיליען הערשט צווישען עלטערן און קינדער אן אָפענע אדער א פערדעקטע פיינדשאפט. איינער מיט'ן אנדערן איז ניט צופריעדען און — אך! זעהר אָפט פיהרט עס צו טרויעריגע פאָלגען.

ליעטענאנט וועגדענשטיין האט געהאט צו וועמען זיך צו ווענדען אין זיין פערצווייפעלטער לאגע. ער האט זיך געווענדעט צו זיין פריינד, צו זיין ראטהגעבער — צו זיין

פאטער און האט איהם דערצעהלט אלעס, וואס עס קאכט זיך ביי איהם אין הארצען.

דער אלטער מאן האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. ווען דער ליעטענאנט האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, איז דער אלטער ארומגעגאנגען אין צימער אייניגע מינוטען ערנסט, שטיל און פערטראכט. דאן איז ער געבליעבען שטעהן פאר זיין זוהן און האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען.

— איך דאנק דיר, מיין זוהן, האט ער געזאגט מיט א מילדער, ווייכער שטימע. — איך דאנק דיר, וואס דוא האסט אזוי פיעל צוטרויען צו מיר, אז אין א שווערע מינוט פון דיין לעבען ביסט דוא געקומען מיך פרעגען מיין ראטה און מיין מיינונג. — קיין ראטה אין אזא פאל קען איך דיר ניט געבען. איך האב ערצויגען מיינע קינדער, זיי זאלען זיין מענער. אין אזעלכע פעלע מוז דער מאן אליין זיך געבען א ראטה. דיך ציהט דיין הערץ צו דיין קעניג,— דוא האסט רעכט. דיין הערץ העננט אן דיין גוטע, ליעבע בראוט, — דוא האסט רעכט. — וואס קען איך אלטער מאן, וויסען, וועלכעס געפיהל איז ביי דיר שטארקער ? וויא קען איך דיר ראטהען, דוא זאלסט אפפערן דיין געליעבטע פאר דיא טרייע צו דיין קעניג, אדער פארן האס צו פרייסען, אדער וויא קען איך דיר ראטהען, אז דוא זאלסט ברעכען דיין שבועה צו דעם קעניג, זאלסט דערשטיקען דעם האס געגען פרייסען, זאלסט אין דיין הערצען בעגראבען און דערשטיקען אלע מענשליכע געפיהלע צוליעב דיין געליעבטער ? — דא, מיין קינד, מוזט דוא אליין ענטשיידען. איך קען דא גאר ניט זאגען און גאר ניט ראטהען.

ער איז ארומגעגאנגען א פאר מינוטען אין צימער, איז דאן ווידער צוגעגאנגען צו זיין זוהן, האט איהם ארויפגעלעגט דיא האנד אויף דער פלייצע און האט געזאגט:

— מיינע מיינונג אבער מוז איך דיר זאגען. איך בין עס דיר שולדיג, ווייל דוא ביסט מיין זוהן און ווייל איך מוז ארויסזאגען מיין מיינונג יעדען עהרליכען מענשען, וועלכער קומט מיך פרעגען. —

דוא ווילסט זיין געטריי דיין קעניג, דוא האסט געוויס רעכט. פערגעס אבער ניט, אז דיעזע טרייע האט צובראכען דער פרייסישער שווערד. אלע האבען אנערקענט, אז האנאווער געהערט ניט מעהר צום קעניג געארג. דיין קעניג האט רעכט, מען האט ביי איהם אלעס צוגענומען מיט אונרעכט. — ביסט דוא אבער אים שטאנד איהם צו פערהעלפען צו זיין רעכט ? קענסט איהר, א קליין הייפעלע מענשען, עפעס טהאן געגען דעם שטארקען, שטאלצען און דעספאטישען פרייסען ? — קענסט דיא פאראויס זעהן אדער פאראויס זאגען, וואוהין דער וועג, אויף וועלכען דער קעניג רופט דיך, וועט דיך פיהרען ? — וויסט דוא וועניגסטענס, אז קוים בעטרעטסט דוא דיעזען וועג, ביסט דוא שוין א פערוואָרפענער, אויסגעשטויסענער, פערפאלגטער און פעראכטעטער ? — דוא קענסט שוין ניט בלייבען אין דער היים, מוזט זיך שוין ארומבלאנקען, וויא א פערבלאנזעטע שאף, אין דער וויטער וועלט — איך וויים, אז העלענא וועט דיר קיין וואָרט ניט זאגען. זיא וועט געפינען, אז דוא האסט רעכט און וועט נאך דיר איינ־פליסען מוטה און ענערגיע, דוא זאלסט קעמפפען פאר רעכט און גערעכטיגקייט. —

עס וועט איהר אבער ברעכען דאס הערץ. זארג, אנגסט און דיא טרויעריגסטע גע־דאנקען וועלען ערפילען איהר ברוסט און וועלען טויטען דיעזע שעהנע בלומע.

— אך, מיין ארימע העלענא! האט דער יונגער מאן אויסגערופען. — וואס זאל איך אבער טהאן? — מיינע קאמעראדען? — דער קעניג?

— דער קעניג האפט נאך אפצונעהמען זיין קעניגרייך, האט דער אלטער ווייטער געזאגט, איך גלויב אין דיעזע האפנונג ניט. אין אונזער צייט פון בלוט און אייזען קען נור א גרויסע מאכט איהם צוריקגעבען זיין קרוין און זיין לאנד. — וועלכע גרויסע מאכט אבער וועט עס טהאן! — רוסלאנד? ענגלאנד? — גלויב מיר, מיין זוהן, דיעזע גרויסע הערשער וועלען ניט אפפערן ניט איין סאלדאט פארן קעניג פון האנאווער. מען זאגט איהם צו, מען טרייסט איהם מיט גוטע רייד, מען פערבלענדעט איהם דיא אויגען און אונזער גוטער, עדעלער קעניג גלויבט אלעס. — איך מוז דיר זאגען פריי און אפען: מיר געפעלט ניט דיא אונטערנעהמונגען פון'ם קעניג אין היצינג; מיר געפעלען ניט זיינע פלענער, מיר געפעלען ניט זיינע שטרעבונגען; מיר געפעלט ניט זיין גאנצע פיהרונג; מיר געפעלט אויך ניט דיא טהעטיגקייט פון אייערע געהיימע געזעלשאפטען. איהר פערזאמעלט אייך, שרייט, ליארמט, פלוידערט, טהוט אייך אן ווייסע און געלע האלזטיכער. — ווייס און געל איז דיא פארב פון'ם קעניג פון האנאווער. — שטעלט אויף ווייסע און געלע פאהנען און דאס איז אלעס. מיט אזעלכע מיטעל קען מען נאך קיין קריעג ניט פיהרען, פון אזעלכע קינדערייען קען מען קיין זיעג ניט ערווארטען. — דיא רויטע פאהן איז נאך קיין רעוואלוציאן — האט געזאגט א פראנצויזישער רעוואלוציאנער. — קורץ, מיין זיין, איך זעה, אז דאס אלעס וועט זיך ענדיגען זעהר טרויעריג. —

דאס איז מיין מיינונג. — דוא דארפסט ביי זיך אליין איבערלעגען, אויב דוא זאלסט זיא אננעהמען אדער ניט. — איך קען דיר נור אזוי פיעל זאגען, אז וואס פאר א בעשלוס דוא וועסט פאסען, וועל איך מיט דיין בעשלוס צופריעדען זיין און וועל דיר ווינשען גליק און אלעס גוטעס, ווייל איך ווייס, אז ווען דוא האסט געפאסט אבשלוס, מיינסט דוא עס עהרליך און ביסט איבערצייגט, אז דוא מוזט עס טהאן.

דער יונגער מאן האט זיך פערטראכט. עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען און אין צימער האט געהערשט א טיעפע שטילקייט. דער אלטער האט זיך געזעצט אין זיין וווייכען שטוהל און האט געקוקט אויף זיין זוהן. ער האט געפיהלט, וואס אין איהם געהט פאר, וואס פאר א שווערען קאמפף ער האט יעצט מיט זיך אליין.

פלוצלונג איז דער ליעטענאנט אויפגעשטאנען, איז צוגעגאנגען צום פאטער און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— איך בלייב ביי דיר, פאטער, האט ער געזאגט. — איך וועל געהן הייטע אין אונזער קלוב און וועל מעלדען מיינע קאמעראדען, אז איך ציה מיך צוריק, מען זאל אויסשטרייכען מיין נאמען פון דער ליסטע. — איך וויל ניט מיך צוריק ציעהען שטילער הייט. איך וועל זיי זאגען, אז צו יעדער צייט, ווען איך וועל נור זעהן א מעגליכקייט צו קעמפפען געגען פרייסען, וועל איך זיין בערייט. —

ער האט געגעבען א זיפץ, גלייך וויא א שווערע משא איז איהם אראפ פון דיא

פלייצעס. באלד אבער איז זיין געזיכט געוואָרען פרעהליך און ער האט א שמייכעל געטהאָן.

— ביסט דוא געווען אין בערנענהאָף? האט פלוצלונג דער פאטער געפרעגט.— דאס לאנד איז גוט. דיא גערטנער און דיא פעלדער זיינען גוט בעארבייט. — זיי געפעלען מיר זעהר.

— איך האב אלעס געזעהן און גוט בעטראכטעט, האט דער יונגער מאן גע־ ענטפערט. אלעס בליהט און איז זעהר גוט בעארבייט. — דער פרייז ווייזט מיר אויס צו זיין ניט זעהר הויך.

— וויא באלד אזוי, וואלט איך געוואָלט פאהרען אהין, וויא צום ניכסטען און קויפען דאס גוט. — איך וויל ענדליך האבען א היים, א וואהרע היים. — איך וואלט געפאהרען אהין נאך מארגען. אין מיינע יאהרען מוז א מענש האבען א היים. איך קען מיך שוין ניט ארומשלעפען פון איין וואָינונג אויף דער אנדערער. — עס איז מיר שווער צו וואָינען אין פרעמדע הייזער. — ווען מיר וועלען האבען א היים, וועסט דוא קענען אונז ברענגען דיין הויז־פרוי. —

דער אלטער האט גענומען זיין זוהן אונטערן ארים און זיי זיינען געגאנגען אין זאל, וואו דיא דאמען זיינען געזעסען. אין שטוב האט געהערשט דיזעלבע ארדנונג, וויא פריהער, אלעס איז געווען ריין, אלעס איז געווען שעהן, אלעס איז געווען זויבער און יעדע זאך איז געשטאַנען אויף איהר אָרט.

העלענא איז געראדע אין יענעם טאָג געקומען אין שטאָדט איינקויפען. זיא איז געזעסען לעבען מאדאם װענדענשטיין און איהרע טעכטער און האבען איבערגעקוקט שטיקלעך מאטעריע, וועלכע מען האט זיי צוגעשיקט פון א מאגאזין. מאדאם ווענ־ דענשטיין האט געקוקט פון דער ווייטען וויא דיא מעדכען האבען אויסגעקליעבען שטאָפען אויף קליידער און יעדע האט דאביי געמאכט איהרע בעמערקונגען.

— מיר זיינען שוין פערטיג, האט דער אלטער געזאגט צו אלעמען. יעצט מאכט איהר נור אייערע פארבערייטונגען. — איך רעכען צו קויפען דאס גוט בערנהאָף. עס איז ניט גאנץ ווייט פון אונטער עמענטהאל. — מיר וועלען זיך דאָרט איינריכטען און דיא יונגע לייט וועלען זיך דארט בויען זייער נעסט.

העלענא איז רויט געוואָרען.

— מיר וועלען שוין פערטיג זיין, האט דיא אלטע געענטפערט. מיין מאן דארף מיך שוין קענען. איך האב איהם קיינמאל ניט געלאזען וואַרטען.

— יא, דוא האסט פיינט זיך אנצובלאָזען, האט געלאכט דער אלטער, נור אמאל, אמאל, ווען איך פערשפּעטיג מיך, ווערסט דוא ברוגז.

אין דיזער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער יונגער גייסטליכער, בעהרמאן, העלענאס נעפע, איז ארייננעקומען אין צימער.

— גוטען מארגען! האט ער געזאגט און איז צוגעגאנגען צום אלטען ווענדענ־ שטיין.

דער אלטער האט איהם געגעבען דיא האנד און האט איהם געפרעגט, וואס ער טהוט דא אין האנאווער.

— ביז אהער האט מען מיך נאך ניט בעשטעטיגט אין מיין שטעלע, אלס גע־הילפע פון מיין אנקעל. איך בין געקומען בעטען ביי דער נייער רעגיערונג, זיא זאל מיך בעשטעטיגען מיין אמט. — עס איז מיר צוואר זעהר שווער זיך צו בעטען ביי דיא פרייסען, אבער מיין אָנקעל פאָרדערט, אז אלעס זאל זיין אין ארדנונג. איך קען ניט געהן נעגען מיין אָנקעל.

— וואס מאכט ער עפּעס, מיין אלטער פריינד?

— ער איז געזונד און מונטער, אבער ער קען זיך אויף קיין פאל ניט געוועהנען מיט דער נייער רעגיערונג. ער קען ניט פערגעסען אן זיין קעניג. עס רייסט איהם דאס הארץ, ווען ער זעהט, וויא פרייסען אונטערדריקט אונזער שעהנעס לאנד.

דיא גאנצע צייט, וואס דער יונגער גייסטליכער האט גערעדט, האט העלענא געהאלטען אראפּגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד, גלייך וויא זיא וואלט מורא געהאט צו קוקען אויף איהר נעפען (פלעמיאניק).

— וואס מאכען אונזערע אנדערע בעקאנטע? האט ווייטער דער אלטער ווענ־דענשטיין געפרעגט. וואס מאכט דער אלטער דייעק, זיין זוהן פראנץ?

— אלע זיינען געזונד און פרעהליך. אלע וואלטען געווען גליקליך, ווען ניט דיא דעספּאָטישע פרייסישע רעגיערונג.

אין דיעזע מינוט זיינען אריינגעקומען צוויי יונגע לייט דעם ליעטענאנט ווענדענ־שטיינס קאמעראדען. זיי זיינען אויך געוועזען אפיציערען אין דער ארמעע פון׳ם קעניג פון האנאווער און זיי זיינען געווען דיא הויפּטאנפיהרער פון׳ם קלוב פון דיא פּאַטריאָטען.

דער אלטער ווענדענשטיין האט זיי זעהר גוט געקענט און האט זיי געוואלט בעקאנט מאכען מיט זיין גאסט.

— הערר פאָן הארטוויג און הערר פאָן קלינגענשטיין, האט ער געזאגט צום יונגען גייסטליכען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו דיא יונגע אפיציערן און האט זיי געזאגט:

— הערר בעהרמאן א יונגער גייסטליכער פון עמענטהאל.

דיא יונגע לייט האבען זיך פערנייגט.

— איך האָף, אז הערר בעהרמאן איז א גוטער פּאַטריאָט, האט פאָן הארטוויג געזאגט. ער איז דאך א געבארענער פון האנאווער און ליעבט געוויס זיין פאטער לאנד און זיין קעניג.

— דאס איז זעלבסטפערשטענדליך, האט דער אלטער ווענדענשטיין געזאגט.

דער גייסטליכער האט א שאקעל געטהאן מיט׳ן קאָפּ, א צייכען אז ער איז א הייסער פּאַטריאָט.

— אך! הערר הארטוויג! האט געזאגט מאדאם ווענדענשטיין, איך האב גע־הערט פון׳ם אונגליק, וואס אייך האט געטראָפען! — וויא אזוי איז עס אזוי שנעל געשעהן?

— מיין ארימע פרוי איז געווען אין געזעגנטע אומשטענדען (שוואנגער) ווען דער קריעג האט אויסגעבראכען. אין דער שלאכט ביי לאנגענזאלצא בין איך געווען שווער פערוואונדעט. מען האט מיך געבראכט א היים א האלב טויטען. מיין

אונגליקליכע פרוי האט זיך אזוי דערשראָקען און איז געווען אזוי פערצווייפעלט, אז דיא האט אנגעהויבען צו געהן צו קינד און איז באלד געשטאָרבען. איך בין געלעגען אין א שרעקליכען פיעבער און האב ניט געוואסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. ווען איך בין געזונד געוואָרען, איז שוין מיין פרוי געלעגען אין דער נאַסער ערד.

— און דאס קינד? לעבט וועניגסטענס דאס קינד?

— ניין, דאס קינד איז אויך געשטאָרבען. איך שטעה יעצט אליין — אליין וויא א שטיין.

— אך! האט געזיפצט מאדאם וועגדענשטיין, דיא קרוינען פון דיא פירסטען און קעניגע זיינען געמאכט ניט פון גאָלד און דיאמאנטען, זאָנדערן פון טרעהרין און בלוט.

— עס ועט אבער קומען א טאג פון ראכע! האט אויסגערופען דער פייערינגער פאן קלינגענשטיין. — ראכע פיר דאס פערגאסענע בלוט! — ראכע פיר דיא טרעהרין און דיא ליידען! — ראכע!

— וואס איז מענשליכע ראכע? האט געזאגט דער אלטער וועגדענשטיין טרויעריג. וואס קען א מענש טהאן? — זיין ראכע הייסט צונויפבינדען איין רינג צום אנדערן אין דער גרויסער קייט פון מענשליכע ליידען. פאר א יין קריעג, וועלכער האט געבראכט עלענד און שמערץ, ווילען זיי מאכען אנאנדער קריעג, וועלכער זאָל ווייטער ברענגען נייע און ליידען. — דאס הייסט ביי דיא מענשען ראכע. —

ער איז פלוצלונג געבליעבען שטיל, גלייך וויא ער האט זיך געוואלט צוריקהאַ-פען. — ער האט צופיעל געזאגט און אום צו פערגלעטען דיעזעס אונאנגענעהמע גע-שפרעך, האט ער פלוצלונג געפרעגט:

— וואס הערט זיך עפּעס נייעס? — וואס מאכען דיא אפיציערן, וועלכע זיינען אריינגעטרעטען אין דער פרייסישער ארמעע? זיינען זיי צופריעדען מיט זייער נייער שטעלונג?

— מען בעהאנדעלט זיי זעהר העפליך, האט פאן הארטוויג געענטפערט. זיי אליין פיהלען אבער, אין וואס פאר אן אונאנגענעהמער לאגע זיי געפינען זיך. זיי ווייסען, אז עס איז זעהר מעגליך, אז זיי זאלען באלד מוזען געהן ווייטער אין קריעג.

ליעטענאנט וועגדענשטיין האט איהם געוואונקען, ער זאָל אזוי פיעל ניט ארויס-זאגען. — דער יונגער גייסטליכער האט אויסגעהערט אויפמערקזאם יעדעס וואָרט און האט זיך צוגעקוקט צו דיא אפיציערן, גלייך וויא ער וואלט זיי געדארפט אמאל דערקענען.

— אין קריעג? האט געפרעגט דער אלטער וועגדענשטיין פערוואונדערט,— אין וואס פאר א קריעג?

פאן הארטוויג האט וואהרשיינליך פערשטאנען דעם ווינק, וואס דער יונגער וועגדענשטיין האט איהם געגעבען.

— עפּעס רעדט מען פון א קריעג צווישען פראנקרייך און דייטשלאנד, האט ער געזאגט. מיר לעבען איבער שווערע צייטען. קיינער קען ניט וויסען, אויב מיר וועלען ניט האבען א קריעג אין גיכע צייטען.

דער יונגער גייסטליכער האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— איך האב זעהר וועניג צייט און איך האב נאך פיעלעס צו בעזאָרגען. איהר וועט מיר דאהער ערלויבען צו געהן בעזאָרגען מיינע געשעפטען.

דיא יונגע לייט האבען זיך אויך אויפגעהויבען און פאן קלינגענשטיין האט געזאגט צום ליעטענאנט וועגדערשטיין גאנץ שטיל, אז קיינער זאל איהם ניט הערן:

— מיר האבען צו רעדען מיט אייך עטוואס זעהר וויכטיגעס.

— קומט מיט מיר אין מיין צימער, האט וועגדענשטיין געענטפערט. דאָרט וועלען מיר קענען רעדען גאנץ רוהיג. קיינער וועט אונז ניט שטערן.

וויא שטיל דיא יונגע אפיציערן האבען גערעדט, האט דער גייסטליכער דאך געהערט אלעס, וואס זיי האבען געזאגט איינער דעם אנדערן. ער האט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען צו דער ערד און האט זיך געמאכט ניט הערענדיג. ער האט זיך, דאכט זיך, געאיילט געהן בעזארגען זיינע געשעפטען און דאך איז ער נאך אלץ געשטאנען און האט זיך ניט גערוהרט פון׳ם אָרט.

— איך האף, אז איהר וועט נאך זיין ביי אונז, איידער איהר וועט אוועקפאהרען, האט איהם דער אלטער וועגדענשטיין געזאגט.

— אה, יא! האט דער גייסטליכער געענטפערט, איך וועל קומען נעהמען א גרוס פון העלענאין צו איהר פאטער.

ער האט נאך געוואָרפען א בליק אויף דיא אפיציערן, האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון צימער מיט א זאָנדערבארען שמייכעל אויף זיינע געשלאָסענע ליפּען. קוים איז ער אבער ארויסגעגאנגען אויף דער גאס, איז דער שמייכעל פערשוואונדען פון זיינע ליפען און א בליץ פון האס און צאָרן האט א פונקעל געטהאן אין זיינע גרויע אויגען.

ער איז האסטיג געגאנגען צום פּאלאַץ, וואו דער נייער פּרייסישער גובערנאַטאָר, פאן הארדענבערג, האט געוואוינט. ער האט זיך געהייסען מעלדען און מען האט איהם באלד אריינגעלאָזען.

פאן הארדענבערג, דער נייער פּרייסישער גובערנאטאר, איז געווען אן עלטער בעאמטער, א טשינאוווניק פון קאפּ ביזן דיא פיס, א שפּיאן, וועלכער האט געהאָפּט, אז דיא רעגיערונג וועט איהם געבען מעדאליען און א העכערע שטעלע, ווען ער וועט בעהאנדלען שטרענג דיא איינוואוינער פון׳ם לאנד, וועלכעס פּרייסען האט ערשט ניט לאנג אָפּגענומען. ער פלעגט אויפנעהמען יעדען, פלעגט מיט איהם רעדען, פלעגט איהם אויספאָרשען: פלעגט ציעהען פון איהם ווערטער, וואס עס הערט זיך אין לאנד? אויב מען איז צופריעדען מיט דער נייער רעגיערונג? ווער עס איז ניט צופריעדען און פאר וואס ער איז ניט צופריעדען? וואס ער האט געהערט, האט ער זיך פערצייכענט אין א בעזונדער בוך — אין דאס שווארצע בוך, אדער שווארצע ליסטע.

דער יונגער גייסטליכער, בעהרמאן, איז אריינגעקומען אין זיין צימער, האט זיך פערנייגט ביז צו דער ערד און האט אנגעהויבען מיט א ביטענדע שטימע:

— איך בין געקומען בעטען אייער עקסעלענץ —

— איך בין ניט קיין עקסעלענץ, האט איהם פאן הארדענבערג אונטערבראָכען.

עקסעלענץ איז דער טיטול פון א גענעראל. פאן הארדענבערג האט נאך ניט געהאט דיעזען טיטול און האט ניט געוואלט, אז מען זאל איהם אנרעדען מיט א טיטול, וואס איהם קומט ניט. אין פרייסען איז עס פערבאָטען. דער יונגער גייסטליכער אבער האט זיך געמאַכט ניט הערענדיג און האט ווייטער געזאָגט:

— דיא פריהערדיגע רעגיערונג האט מיר צוגעזאגט מיך צו בעשטעטיגען אלס געהילפע פון מיין אנקעל, דער פאסטאר בערגער פון'ם דארף עמענטהאל. נאך זיין טויט זאל איך אנעהמען זיין שטעלע. ביז אהער אבער האב איך נאך דיא בעשטעטיגונג ניט ערהאלטען און איך בין יעצט געקומען בעטען, מען זאל מיך בעשטעטיגען אין מיין אמט.

— פאר וואס זייט איהר געקומען צו מיר? האט פאן הארדענבערג געפרעגט. איהר דארפט זיך ווענדען מיט אייער ביטע אין קאנסיסטאריום. אזא ביטע געהערט ניט צו מיר.

אך! האט א זיפץ געטהאן דער גייסטליכער. איך האב מיך שוין געווענדעט אין קאנסיסטאריום מיט מיין ביטע און האב קיין אנטווארט ניט ערהאלטען. איך וויים ניט, וואס דיא אורזאכע דערפון איז: האבען זיי דארט קיין צייט ניט, אדער האט מען דארט קיין צוטרויען ניט צו מיר, ווייל איך בין מעהר צופריעדען מיט דער נייער רעגיערונג אלס מיט דער אלטער. —

פאן הארדענבערג איז געווארען אויפמערקזאם. דער גייסטליכער האט בעריהרט א פונקט, וועלכער האט איהם שטארק פאראינטערעסירט.

— איהר זייט אלזא אויך איינפערשטאנדען, אז האנאוווער קען זיין גליקליכער אונטער א שטארקע רעגיערונג, וויא פרייסען, אלס אונטער א שוואכען און אונפעהיגען קעניג, וויא געארג דער פינפטער.

— נאט אליין וויל אזוי, האט געזאגט דער גייסטליכער מיט א פרומער מינע. גאטס דיענער מוזען איהם ליבען און דאנקען, וואס ער האט אונז געגעבען אזא גרויסען און מעכטיגען העררשער, וויא דער קעניג ווילהעלם פון פרייסען. אונטער אזא גוטער און שטארקער רעגיערונג וועט האנאוווער געוויס גליקליך זיין. — ווער קען דען פערשטעהן גאטס וועגען? — דער קריעג, וועלכער איז אן אונגליק פאר יעדעס לאנד, האט אונז געבראכט גליק, פרייד און פריעדען.

ער האט עס געזאגט מיט אזא פרומער און גאטספירכטיגער שטימע, אז דער גובערנאטאר איז געוועזען פאלקאמען איבערצייגט, אז ער מיינט עס גאנץ ערנסט.

— עס פרעהט מיך זעהר צו הערן פון א האנאווערישען גייסטליכען אזא מיינונג איבער דיא נייע רעגיערונג, האט ער געזאגט. ליידער האבען ניט אלע דיעזעלבע מיינונג. איך וויים, אז עס זיינען דא זעהר פיעל, וועלכע זיינען שטארק אונצופריעדען מיט פרייסען. דאס ערגסטע איז, וואס דאס גרעסטע טהייל פון דיא גייסטליכע זיינען נעגען פרייסען און זוכען צו ערקלערן זייערע שעפסעלעך, אז פריהער איז געוועזען פיעל בעסער.

— יא, האט געזאגט דער יונגער מאן טרויעריג. איך וויים אויך דערפון און

זעה מיט בעדויערן, אז זייערע מיינונגען פערברייטען זיך מיט יעדען טאָג אלץ מעהר און מעהר.

— פון וואנען ווייסט איהר עס, אז דיא פיינדשאפט געגען פרייסען ווערט מיט יעדען טאג שטאַרקער? האט דער גובערנאטאָר געפרעגט האסטיג.

— הערר באראָן, האט דער גייסטליבער געזאגט ערנסט, איך בין נאטס דיענער. איך מוז פיעלע זאכען, וואס איך וויים, פערשווייגען. דאס איז מיין פפליכט. — איך קען אייך נור אזוי פיעל זאגען, אז זא לאנג דיא אלטע לייט, וועלבע האבען געקענט דעם קעניג געאָרג, וועלען לעבען, וועט דיא אונצופריעדענהייט מיט פרייסען ניט אויפ־הערן. — קעניג געאָרג איז געוועזן א גוטער מענש. ער פלעגט אלעמען אויפנעהמען, פלעגט יעדען צוזאגען, וואס מען האט איהם געבעטען — און פלעגט זעהר זעלטען האלטען זיין וואָרט. דיא געשעפטען פון דער רעגיערונג האבען דאדורך געליטען. זיי זיינען געוואָרען פערנאכלעסיגט און פערוואָרען. דיא אלטע לייט זיינען אבער דערמיט צופריעדען געוועזן. זיי זיינען געוואינט געוואָרען צו אן אונארדנונג. יעצט אבער קומט א נייע רעגיערונג, וועלבע האט ליעב א שטרענגע ארדנונג און פאָרדערט פון זיינע בעאמטען א שטרענגע ארדנונג. דערצו זיינען זיי ניט געוואינט. זיי קענען עס ניט איינ־פיהרען, זיי האבען קיין מאל ניט געלערנט צו פיהרען זייערע געשעפטען אין ארדנונג און זיינען פיינדליך געגען דיא נייע רעגיערונג.

— דאס איז א גאנץ גוטער איינפאל, הערר בעהרמאן, האט דער גובערנאטאָר געזאגט, איך וועל דאריבער שרייבען קיין בערלין. — עס פרעהט מיך זעהר, וואס איך האב געמאכט אייער בעקאנטשאפט. איך וועל שוין זעהן, אז מען זאל אייך באלד צו שיקען אייער בעשטעטיגונג. — איך מיין זאגאר, אז איהר וואָלט בעסער געפאסט צו זיין פאסטאָר אלס אייער אנקעל. — איז אייער אנקעל אויך געגען פרייסען?

— הערר באראָן, ער איז מיין אנקעל. איך קען און דארף גאָר ניט זאָגען וועגען זיינע מיינונגען. ער איז א גאנץ אלטער מאן, וועלבער איז פערזענליך געוועזן בעקאנט מיטן קעניג געאָרג. אזא מענש קען שוין זיינע מיינונגען ניט ענדערן.

— ער איז אבער שוין צו אלט, האט דער גובערנאטאָר אויסגערופען. — ווייסט איהר, הערר בעהרמאן, אז וואס מעהר איך קלער איבער אייערע ווערטער וועגען דיא אלטע לייט, אלץ מעהר געפין איך, אז איהר האט פאלקאָמען רעכט. קלוגע, טיכטיגע יונגע לייט וועלען פערשטעהן, אז פאר האנאווער איז דיא פרייסישע רעגיערונג א גליק און זיי וועלען עס ערקלערן דעם פאלק. דיא אלטע אבער וועלען שטענדיג זיין דיא פיינד פון פרייסען. — גוט! איך וועל שוין דאפיר זארגען, אז דיא אלטע זאלען זיך אביסעל אפרוהען.

— ליידער, געפינען זיך אויך אייניגע יונגע לייט, בעזאנדערס אפיציערן, וועלבע האבען געדיענט אונטער קעניג געאָרג, וועלבע בעמיהען זיך אויפצורייצען דאס פאָלק געגען פרייסען. איך האב געהערט, אז קעניג געאָרג אגיטירט און הייסט זיי האלטען זיך פעסט אן דער אלטער רעגיערונג.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער דיא יונגע אפיציערן זיינען? האט דער גובערנאטאָר געפרעגט האסטיג.

— הערר באראָן! איך בין דער דיענער פון גאט און פון קיין קעניג, מיין מוסר אבער בין איך ניט, האט בעהרמאן אויסגערופען שטאָלץ. דענונסירען איז ניט מיין פאך.

— יונגערמאן! ווייסט איהר, אז איך קען אייך צווינגען, איהר זאלט מיר זאגען דיא נעמען פון דיא אפיציערן, וועלכע רייצען אויף דאס פאלק געגען פרייסען? — איך וויל עס אבער ניט. איהר געפעלט מיר. עס איז מיר אנגענעהם צו הערן אייערע מיי-נונגען און אייערע איינפעלע. איך וויל דאהער אייך צו זאגען, אז אלעס, וואס איהר וועט מיר זאגען, וועט בלייבען מיין געהיימניס און קיינער וועט דערפון ניט ליידען. — איך וויל זיין גאנץ אפענהערציג נעגען אייך. איך ווייס אויך, אז זייט א געוויסער צייט נעהט עפּעס פאר אין האנאווער. איך ווייס פיעל מעהר פון אייך. איך וויל מיך נור איבערצייגען, אויב דיא מענשען, פון וועלכע איהר ווייסט, אז זיי רייצען אויף דאס פאלק געגען פּרייסען, זיינען דיעזעלבע, וועלכע איך מיין. — איך וויל ניט ארויסטרעטען געגען זיי. דאס פערלאנגט ניט אונזער גנעדיגער קעניג. איך וויל נור אויף זיי אכטונג געבען.

— ווען איהר ווילט נור זיי האלטען אויפ׳ן אויג און איהר מיינט ניט זיי צו בעשטראפען, האט דער גייסטליכער געזאגט און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל -- דאן גיט אכטונג אויפ׳ן ליעטענאנט וועגדענשטיין.

— וועגדענשטיין? האט דער גובערנאטאָר איבערגעפרעגט, איז עס ניט דער זוהן פוּן׳ם געוועזענעם פערוואלטער פוּן׳ם דארף עמענטהאל?

— ער איז דער זעלבער, האט דער גייסטליכער געענטפערט. — עס רייסט מיר דאס הארץ צו זעהן, וויא א יונגער מאן פון אזא אנשטענדיגער פאמיליע זאל זיך לאזען אזוי פערפיהרען פון שלעכטע מענ׳שען און זאל אויפטרעטען געגען זיין קעניג, וועלכען גאט אליין האט אונז געגעבען! — איך זעה איהם ארומגעהן צו פיעל מיט נאך א יונגען אפיציער מיט׳ן נאמען פאן הארטוויג. —

— פאן הארטוויג? האט געפרעגט דער גובערנאטאר האסטיג. — דאס איז דאך — אזוי? וועגדענשטיין געהט ארום מיט׳ן געוועזענעם אפיציער הארטוויג? — דאס איז זעהר וויכטיג, מיין פריינד, דאס קען אונז פיהרען אויף א שפּור צו ענטדעקען דיא גאנצע —

ער האט פּלוצלונג אבגעבראכען זיין רעדע. הארטוויג איז שוין לאנג געשטאנען פערשריעבען אין זיין שווארצע ליסטע.

— מיט וועמען נאך האט איהר איהם געזעהן ארומגעהן? האט ער פּלוצלונג געפרעגט דעם גייסטליכען.

— מיט נאך א געוועזענעם אפּיציער, פאן קלינגענשטיין.

— מיט איהם אויך? — איך דאנק אייך, הערר בעהרמאן! איהר האט מיר ערוויזען א גרויסען דיענסט און איך וויל אייך זעהר דאנקבאר זיין.

— אבער, הערר באראן, האט דער גייסטליכער געבעטען. זייט פארזיכטיג. איך קען דא קאמפּראמאטירט ווערן. אין מיין שטעלע אלס גייסטליכער טאר איך עס ניט דערלאזען. איך וועל ניט קענען ווירקען אויפ׳ן פאלק, ווען מען זאל געוואהר ווערן פון אונזער געשפּרעך.

— זייט אונבעזארגט, הערר בעהרמאן, האט דער גובערנאטאָר געענטפערט. אייער נאמען וועט בלייבען א געהיימניס. זאָגאר אין מיין קאַנצעלאַריע וועט מען ניט וויסען, וואס מיר האבען גערעדט. — איך וועל מיך שוין זאָרגען פאר אייך, הערר בעהרמאַן. איך וועל שרייבען קיין בערלין וועגען אייער טרייהייט צו אייער קעניג. פרייסען קען שטראַפען, זיא קען אבער בעלוינען איהרע טרייע דיענער און איהר זייט ווערטה א בעלוינונג פאר אייער ערגעבענהייט און טרייהייט.

ער האט איהם געגעבען דיא האַנד און האט איהם געזאגט צום אבשיעד.

— איך האָף, אז מיר וועלען זיך אָפט זעהן. ווען איהר וועט קומען צו מיר, וועט איהר זיין ווילקאָמען. אזעלכע פעהיגע יונגע לייט דארפען מיר יעצט.

דער יונגער גייסטליכער האט גענומען זיין האַנד און האט זיך טיעף פערנייגט. אין א פאר מינוטען ארום איז ער געווען אויף דער גאַס.

— איך האָף, אז איך האב געזיעגט, פאלקאָמען געזיעגט, האט ער געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז געווען אויף דער גאַס. מיין אָנקעל האט א שעהנעם פערמעגען. איך בין געווען זיכער, אז איך וועל זיין דער ערבער (יורש) פון דיעזעם פערמעגען. פלוצלונג קומט אן אפיציער, שפיעלט א ראָמאַן מיט זיין קוזינע און וויל מיך בערויבען פון א פערמעגען, וועלכעס געהערט מיר! — דאס וועל איך ניט דערלאזען! — וועג־דענשטיין! דוא הייראַטהעסט נאך ניט מיין קוזינע! מיר וועלען נאך זעהען! וואַרט אביסעל.

ער איז אריין אין א רעסטאָראַנט און האט זיך געהייסען געבען א גוטען מיטאג ער האט איהם היינט זעהר עהרליך פערדיענט. זיין אנקעל וועט מען אפזאגען פון זיין שטעלע און מען וועט זיא איהם אוועקגעבען. וועגדענשטיין וועט זיך אזוי לייכט ניט אויסדרעהן פון דער פרייסישער פאָליציי.

ווען ער האט אפגעגעסען און אפגעטרונקען, איז ער געגאנגען צו וועגדענשטיין, רעדען מיט איהם אביסעל און נעהמען א גרוס פון העלענא צו איהר פאטער.

קוים איז בעהרמאן ארויסגעגאנגען פון'ם גובערנאטאָרס קאבינעט, האט דער גובערנאטאָר באלד גענומען א ביינעלע פאַפיער, האט אנגעשריעבען א פאר ווערטער, האט אנגעקלונגען און האט געזאגט דעם דיענער, וועלכער איז באלד אריינגעקומען:

— טראָגט אוועק דיעזען בריעף צום פאליציי דירעקטאר, אבער שנעל!

— — — — — — — — — — — —

עס איז פאר נאכט. ניט ווייט פון'ם גרויסען טהעאטער פון האנאווער, אין א ווינקעל שטעהן אונזערע בעקאנטע דריי געוועזענע אפיציערען און פלוידערן צווישען זיך גלייכגילטיג און קאלטבלוטיג. עס ווייזט אויס, אז זיי וואַרטען, אז דיא גרויסע טהיר פון'ם טהעאטער זאל זיך שוין עפענען, ווייל פון צייט צו צייט קוקען זיי זיך צו צום טהעאטער. זיי זיינען געגאנגען אין ציוויל קליידער און זיינען געווען פערפּוצט און פער־קעמט, וויא מענשען, וועלכע געהן ערגעץ אויף א באַלל.

— אלזא, נעהמט איהר ניט מיט אונז, וועגדענשטיין? האט פאן הארטוויג נער־פרעגט. — איבערלעגט אייך נאך אמאל — פערגעסט ניט, אז וואס מעהר אפיציערן עס וועלען זיין, איז אלץ בעסער פאר אונזער [illegible].

— לאזט איהם צו רוהע, הארטוויג! האט פאן קלינגענשטיין געזאגט. — ער האט געווּיסע אורזאַכען, פאר וואס ער קען ניט געהן מיט אונז. מיר זיינען עטוואס אנדערש. אייך האט געטראפען אן אונגליק, וועלכעס האט אייך פריי געמאכט. — מיך האלט קיין זאך ניט צו אין האנאווער. — ער אבער איז צוגעבונדען צו זיין פאמיליע, צו זיין בראוט....

— אבער ווען עס וועט קומען צום קריעג, ווען מיר וועלען ארויסטרעטען אין קאמפף —

— דאן וועל איך געוויס ניט פעהלען, האט ווענדענשטיין געענטפערט ערנסט. איהר מענט זיין זיכער, אז איך בין שטענדיג בערייט צו פערשפריצען מיין בלוט פאר מיין פאַטערלאנד. — אבער, ווען עס וועט פון דער גאנצער זאך גאר ניט ווערן? — ווען פרייסען וועט געוואהר ווערן? — וואס וועט דאמאלס זיין? — מיר וועלען שוין אייביג ניט טארען קומען א היים.... איך ווייס ניט, וואס אייך צו זאגען, מיין פאטער אבער איז געגען דיא עמיגראציאָן, וועלכע דער קעניג האט געהייסען. — איך האב אייך פריהער געזאגט, אז איך מוז איבעררעדען מיט מיין פאַטער. — ער גלויבט ניט, אז דער קעניג זאל זיעגען. ער גלויבט ניט, אז מען זאל ביי פרייסען ארויסרייסען אזא שעהנעם לאנד, וועלכעס עס האט אין דיא לאַפּעס....

— וואס רעדסט דוא? האט פאן הארטוויג געפרעגט אונגעדולדיג. — דער קעניג האט געהייסען, אז אלע, וואס זיינען איהם געבליעבען געטריי, זאלען עמיגרירען פון האנאווער. אין דער שטאָדט היצינג, וואו דער קעניג וואוינט, בילדעט זיך אן ארמעע, אין פאַריז בילדעט זיך דיא צווייטע ארמעע. דער קייזער נאפּאָלעאָן האלט מיטן קעניג. עס וועט אויסברעכען א קריעג, מיר וועלען זיעגען.

— עס איז לייכט צו זאגען, האט ווענדענשטיין געענטפערט טרויעריג. ווער ווייס, אויב דער קעניג האט בעפוילען דיא עמיגראציאָן? — טאמער קומט עס גאָר ארויס פון....

וואס רעדט איהר, ווענדענשטיין? איהר זייט פון זינען! האט פאן הארטוויג אויסגערופען. דער גענעראַל קנעזעבעק שיקט געלד אויף געלד — אט האב איך יעצט ביי מיר דרייסיג טויזענד טהאלער — א סומע געלד, וועלכע איך האב אין מיין לעבען ניט געהאט אין דיא הענד. — האט ער ווייטער געזאגט מיט א געלעכטער. — מיינט איהר, אז דער קעניג שליידערט אזעלכע סומען געלד צום שפּאס? — ווען ער לאזט זיך אזוי פיעל קאסטען, איז ער געוויס זיכער, אז עס וועט דערפון עפּעס ווערן. — רעדט ניט קיין נארישקייטען! — איך פאהר נאך הייטע אבענד קיין היצינג. ווען עס וועלען אנקומען צו מיר בריעף, וועט איהר מיר זיי איבערשיקען. איהר ווייסט אויף וועלכע אדרעסע, ווענדענשטיין.

— זייט פאַרזיכטיג, הארטוויג, האט פאן קלינגענשטיין פלוצלונג געזאגט. — זייט מיר שטעהן דא אין פלוידערן, זעה איך איינעם זיך ארומדרעהן דאָרט ביים פענסטער פון׳ם מאגאזין. דער מענש געפעלט מיר עפּעס ניט. ער געהט אוועק, בלייבט שטעהן ביי א פענסטער, קוקט אין מאגאזין, ווארפט א בליק אויף אונז, קומט צו

נעהנטער און נעהט ווידער אוועק. מיר שיינט, אז דאס איז א שפּיאָן פון דער געהיים־פּאָליציי.

— אייך דאכט זיך! האט הארטוויג גענטפערט, דער מענש געהט איינפאך שפּאציערן. אויסער דעם, וואס קען ער אונז טהאן? מיר געהן דאך נור שפּאציערן. איך האב ביי מיר גאָר נישט, וואס קען ווייזען, אז איך מיין עפּעס. —

— אבער דיא דרייסיג טויזענד טהאלער, האט װענדענשטיין געזאגט.

— איהר האט רעכט, װענדענשטיין. יעדער ווייס, אז איך האב ניט אזוי פיעל געלד. דאס קען ווירקליך זיין א בעווייז געגען מיך.

ער האט זיך אנגעהויבען בעסער צוקוקען צו דעם מענשען, וועלכער איז גע־שטאנען לעבען א פענסטער פון א גרויסען מאַגאזין און האט, דאכט זיך, געקוקט אויף דיא סחורות, וואס זיינען געלעגען אין פענסטער. פון צייט צו צייט אבער האט ער זיך, וויא ניט אומיסטען, אומגעקוקט צו דיא יונגע לייט.

— דוא האסט רעכט, קלינגענשטיין, האט ער געזאגט, דאס איז קיין געוועהנ־ליך שפּאציער געגנער. דער מענש קוקט זיך צו זעהר שטארק צו אונז. — דאס איז אן אגענט פון דער געהיים־פּאָליציי. — לאמיר זיך צוגעהן אין פערשיעדענע וועגען, וועט ער ניט וויסען, וועמען נאכצוגעהן. — ווייסט איהר נאך וואס? האט ער פּלוצלונג געזאגט צו װענדענשטיין און הארטוויג, — איך וועל ארייננעהן דא ענטגעגען אין רעס־טאָראן, וועל מיך זעצען ביים פענסטער און וועל מיר הייסען געבען עפּעס עסען. איך וועל דאן האבען דיא געלעגענהייט אכטונג צו געבען, וואוהין ער געהט.

— אלזא, אויף ווידערזעהן! האט פאן הארטוויג געזאגט און האט איהם געגעבען דיא האנד. — יעצט, װענדענשטיין, האב איך נאך מיט אייך א פּאָר ווערטער צו רעדען. — לאמיר צוגעהן צום טהעאטער, מיר וועלען זיך דארט שטעלען אין א ווינקעלע.

זיי זיינען צוגעגאנגען צום טהעאַטער און האבען זיך געשטעלט ניט ווייט פון דער קאסא, גלייך וויא זיי ווילען קויפען בילעטען אין טהעאַטער אריין. הארטוויג האט ארויסגענומען א פּעקעל פּאַפּיערען און האט עס איבערגעגעבען װענדענשטיינען.

— דאס זיינען דיא ליסטען, וועלכע דוא ווערסט האלטען ביי זיך, ביז מען וועט קומען און זיי ביי דיר אפּנעהמען, האט ער איהם געזאגט.

װענדענשטיין האט צוגענומען דאס פּעקעל פּאַפּיערן און האט עס ארייננעלעגט אין קעשענע. ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ניט געזעהן דעם מענשען, וועלכער איז זיי ביז אהער נאכגעגאנגען. ער איז געוועזען זיכער, אז דער שפּיאָן איז זיך אוועקגעגאנגען און וועט זיי מעהר ניט נאכגעהן.

— איך מוז באלד פאהרען, האט פאן הארטוויג געזאגט. דער צוג געהט אָפּ אום אכט אוהר. עס איז שוין יעצט באלד זיעבען. — זייט געזונד, װענדענשטיין! אויף ווידערזעהן!

דיא צוויי פריינדע האבען זיך הערצליך געדריקט דיא הענד און זיינען זיך צור־גאנגען אין פערשיעדענע זייטען. פאן הארטוויג איז ארויסגעגאנגען דורך א זייטען טהיר

פוּ׳ם טהעאַטער אין אַ רעסטאָראַן, פון דארט איז ער ארויס אין אנאנדער נאס. וואנדערנשטיין איז נענאַנגען מיט דער הויפּט נאס צו זיך אַ היים.

אונטערדעסען איז קלינגענשטיין געזעסען אין רעסטאָראַן ביים פענסטער און האט קיין אוינ ניט אראָפּגעלאָזען פון דיא צוויי יונגע לייט. ער האט געזעהן, וויא וואנדערנשטיין איז ארויס פוּ׳ם טהעאַטער און איז נעגאַנגען אויפ׳ן טראָטואר פון דער שעהנער, ברייטער נאס צו זיך אַ היים. קוים אבער האט ער געמאכט איינינע שריטע, איז פון אנאנדער ווינקעל פּוּ׳ם טהעאַטער ארויסגעגאַנגען דער מאַן, וועלכער האט אזוי ליעב געהאט צו קוקען אין דיא פענסטער פון דיא מאַגאַזינען, און איז נאכגע־גאנגען וואנדערנשטיינען שריט ביי טריט.

— איך האב גלייך געוואוסט, אז דאס איז אַן אגענט פון דער געהיים פּאליציי האט קלינגענשטיין געזאגט צו זיך אליין. — לאז ער איהם נאכגעהן! דא האט ער דאך ניט געטראָפען. וואנדערנשטיין בלייבט דאך אין דערהיים און ציהט זיך צוריק פון אונז. זיין פאטער לאָזט איהם ניט. — גוט! זעהר גוט! אין דער צייט, וואס דיא גע־היים פּאליציי וועט נאכשפּיאָנירען וואנדערנשטיינען, וועלען מיר קענען רוהיג אוועק־פאהרען.

ער האט שנעל אפּגעגעסען, האט בעצאהלט און איז אוועקגעגאַנגען אהיים צונויפנעהמען זיינע זאכען און פאהרען קיין וויען.

וואנדערנשטיין האט גאר ניט געזעהן און גאר ניט בעמערקט. ער איז געגאַנגען לאַנגזאם און פערטראַכט אהיים. ער האט געטראכט פון זיינע קאמעראַדען, וועלכע לאזען זיך אין דער ווייטער וועלט און אונטערוואַרפען זיך אזעלכע געפאהרען. — ער איז אויך געוועזען יונג, ער האט אויך געוואלט ערגעץ געהן, עפּעס טהאָן, ניט זיצען לעד־דיג אין דער היים. — עס האט איהם געצויגען אין דער ווייטער וועלט. אין זיין הערצען האט געקאָכט און געזאָטען דער האס געגען פרייסען מיט איהרע שפּיאָנען, מיט איהרע סאלדאטען, מיט איהרע שטרענגע מיליטערישע געזעצע. קעניג געאָרג האט זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס בעשיצער דער פרייהייט. אונטער איהם האבען זיי דאך געלעבט גליקליך.

אזוי פערטראַכט איז ער צונעקומען אהיים. ער איז אריינגעגאַנגען ניט אין זאל, זאָנדערן צו זיך אין צימער און האט אויפגעשלאָסען זיין שרייב טיש. דאן האט ער ארויסגענומען דאס פּעקעל פּאַפּירען, וועלכע פאן הארטוויג האט איהם איבערגעגעבען, און האט עס פערשלאָסען אין אַ געהיימע שובלאָדע אין שרייב טיש.

— יעצט זיינען דיא פּאַפּירען זיכער, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ווען מען וועט ארעסטירען איינעם פון מיינע קאמראַדען, וועט מען ביי זיי גאר ניט געפינען. מען וועט ניט האבען קיינע בעווייזע געגען זיי. — צו מיר אבער וועט קיינער ניט קר מען. מיין ברודער האט אַ הויכע שטעלע אין בערלין. מיין פאטער איז אַ שטילער, רוהינער מענש. מען וועט דאך פאר איהם דרך ארץ האבען. — מיר וועלען דאך באלד גאר אין גאנצען ארויספאהרען פון האנאוועך און מען וועט אן אונז גאר פערגעסען.

ער האט פערשלאָסען זיין צימער און איז געגאַנגען אין זאל, וואו דיא גאַנצע פאמיליע איז געזעסען ביים גרויסען טיש און האבען געטרונקען טהעע. דער אלטער

פאטער איז געזעסען שטיל און פערטראכט, וויא געוועהנליך. העלענא און זיינע צווי שוועסטער האבען גערעדט שטילערהייט צווישען זיך. דיא אלטע מוטער האט געקוקט אויף איהרע קינדער און א שמייכעל פון גליק און צופריעדענהייט האט געשיינט אויף איהר געזיכט.

— דוא ווייסט, ראלאנד, מיר האבען נור וואס ערהאלטען א בריעף פון דיין ברודער פון בערלין, האט דיא אלטע ווענדענשטיין געזאגט.

— וואס שרייבט ער? האט דער יונגער מאן געפרעגט. וויא געהט עס איהם דארט? וויא אזוי האט מען איהם דארט אויפגענומען?

— ער שרייבט, אז ער איז צופריעדען מיט זיין שטעלע. מען בעהאנדעלט איהם זעהר גוט. מען איז געגען איהם זעהר פריינדליך.

דער יונגער מאן האט זיך געזעצט לעבען זיין בראוט און האט נאר ניט גע־ ענטפערט.

— לאָזען זיי וועניגסטענס זעהן אין בערלין, אז אין האנאווער זיינען אויך דאָ פעהיגע מענשען, האט זיך פלוצלונג אנגערופען דער אלטער. — ווייסט דוא, מיין זוהן, וואס ער שרייבט ווייטער?

דער יונגער מאן האט פערצויגען דיא אקסלען, גלייך וויא ער האט געוואלט זאגען:

— וואס ווייס איך, וואס ער שרייבט? איך האב דאך דיין בריעף ניט געלעזען.

— ער שרייבט ווייטער, אז אין בערלין ווייס מען פון אלעמען, וואס עס קומט פאר אין האנאווער. מען ווייס פון דיא געהיימע געזעלשאפטען, פון דיא פערזאמלונגען ביי נאכט אונטער געשלאסענע טהירען; מען ווייס פון דיא ווייסע און געלע פאָהנען און האלזבענדער; מען ווייס, אז קעניג געארג רופט צונויף אלע זיינע געטרייע פריינד ארום זיך. — קורץ, מען ווייס אלעס און מען איז דאָרט פעסט ענטשלאסען אויפצר טרעטען זעהר שטרענג געגען יעדען, וועלכער וועט סימפאטיזירען מיט'ן קעניג געאָרג.

ער שרייבט ווייטער, האט ווידער געזאגט דער אלטער און האט געווארפען א טרויעריגען בליק אויף זיין זוהן. — ער שרייבט ווייטער, אז דיא יונגע לייט דארפען זיין זעהר פארזיכטיג. זיי מוזען זיך ארויסשלאגען פון'ם קאפ אלע געדאנקען פון'ם אלטען קעניג. מען וועט זיי ניט שוינען, מען וועט זיי בעהאנדלען אלס פעררעטהער.

— איך בין פארזיכטיג, פאָטער, האט דער יונגער מאן געזאגט. מיינע קאמער־ ראדען זיינען אויך פארזיכטיג, איך האָף, אז מען וועט קיינעם פון זיי ניט דערטאפען.

אויפ'ן אלטענס געזיכט האט זיך געוויזען א צופריעדענער שמייכעל.

— יעצט, מיין זוהן, האב איך דיר נאך עפעס מיטצוטהיילען. איך האב היינט ווידער גערעדט מיט'ן מעקלער פון'ם גוט בערגערהאָף און איך גלויב, אז מיר האבען זיך שוין אויסגעגלייכט. מיר האבען נאך ניט מעהר אלס צו געהן צום נאָטאריוס און איהם הייסען אנשרייבען א פערקויפ'ס קאנטראקט. איך וויל זעהר, אז מיר זאלען זיך ארויסציהען פון דאנען, וויא צום גיכסטען.

אין דיעזער מינוט איז אריינגעקומען א דיענער און האט דערלאַנגט דעם ליי־ טענאנט א צונויפגעלעגטעס שטיקעל פאפיער.

— מען האט מיר געהייסען אפגעבען דיעזעס פאפיער דעם ליעטענאנט וועג־דענשטיין אין דיא הענד, האט ער געזאגט.

דער יונגער מאן האט בעטראכט דאס פאפיער מיט שטוינען. ער האט פון קיינעם ניט ערוואַרטעט קיין בריעף.

— ווער האט עס דיר געגעבען? האט ער געפרעגט דעם דיענער.

— א גאנץ פרעמדער מאן איז געקומען, האט מיר געגעבען דיעזעס פאפיער און האט מיר געזאגט: גיב עס אפ שנעל דעם ליעטענאנט וועגדענשטיין. מיט דיעזע ווערטער איז ער פערשוואונדען. איך האב ניט געזעהן, וואוהין ער איז פערשוואונדען, ווייל אויף דער גאס איז פינסטער.

דער יונגער מאן האט צוגומען דאס פאפיער און האט עס דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. ער איז געווארען בלייך.

— איך פערשטעהע עס ניט, האט ער געזאגט. עס איז ווירקליך זאנדערבאר. נור וואס האבען מיר געלעזען א ווארנונג פון מיין ברודער. יעצט קומט א ווארנונג פון אן אונבעקאנטען מענשען. — וואס זאל דאס הייסען?

ער האט פארגעלעזען דעם צעטעל.

„דיא פאליציי האט עפעס אויסגעפונען. בעזאָרגט, וואס איהר האט צו בע־וואַרנען און אנטלויפט אם שנעלסטען. ליעטענאנט וועגדענשטיין איז שטאַרק קאָמ־פראָמיטירט."

א פריינד.

אלע זיינען געוואָרען אונרוהיג און האבען בעטראכט דעם זאנדערבאַרען צעטעל. בעזאנדערס אונרוהיג איז געווארען העלענא. זיא איז געווארען בלייך, וויא קאַלך, און האט געקוקט אויף איהר ברויטיגאם, גלייך וויא זיא וואלט איהם געבעטען אן ער־קלערונג.

— האסט דוא עפעס וואס מורא צו האבען? האט איהם דיא מוטער געפרעגט.

— איך האב גאר ניט, וואס מורא צו האבען, האט דער יונגער מאן געענט־פערט. מיר קויפען דאך א גוט און איך וועל באלד הייראטהען. א רעוואלוציאנער קען דאך ניט דענקען פון הייראטהען. — דאס איינציגע, וואס מען קען האבען געגען מיר, איז, וואס איך בין ארומגעגאנגען מיט מיינע קאמעראדען. נו, דאס איז דאך קיין פערברעכען.

פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— אום איך זאל נאך זיין זיכערער, האט ער געזאגט, וויל איך נאך דאס אויך.—

ער האט געוואלט געהן אין זיין צימער. אין דיעזע מינוטע איז אריינגעלאפען דער דיענער ניט טויט, ניט לעבעדיג און האט קוים ארויסגערעדט.

— א פאליציי קאמיסאר איז געקומען. ער וויל עפעס רעדען מיט'ן העררן ליעטענאנט.

דיא דאמען זיינען געווארען אונרוהיג און זיינען געבליעבען זיצען, וויא פון בליץ געטראפען. דער אלטער אבער איז געבליעבען גאנץ רוהיג און האט געזאגט צום דיענער

— רוף אריין דעם פאליציי קאמיסאַר.

עס איז אריינגעקומען א מאן אין ציוויל קליידער און האט זיך גאנץ העפליך פערניינט פאר דיא דאמען.

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך בין געקומען אייך שטערען, האט ער געזאָגט. איך האב א בעפעהל צו ארעסטירען דעם געוועזענעם ליעטענאנט, ראלאנד פאן וועגדענשטיין.

דיא אלטע וועגדענשטיין איז געבליעבען זיצען, וויא פון דאנער געטראפען. העלענא איז געווארען בלייך וויא קאלך, און איז צוריקגעפאלען אין איהר שטוהל. נור דער אלטער וועגדענשטיין איז געבליעבען ערנסט און רוהיג.

— מיין זוהן וועט געהן מיט אייך, הערר פאליציי קאמיסאר, אט איז ער.

דער פאליציי קאמיסאר האט זיך פערניינט העפליך און האט געווארט, אז דער יונגער מאן זאל זיך אויפהייבען.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, אין וואס בעשולדיגט מען מיין זוהן? האט דער אלטער געפרעגט דעם פאליציי קאמיסאר.

— איך האב א בעפעהל, איך זאל ברענגען דעם ליעטענאנט וועגדענשטיין צום פאליציי דירעקטאר. איך האף, אז דארט וועט זיך אלעס באלד אויפקלערן און איך ווינש פון גאנצען הערצען, אז אלעס זאל זיך באלד אויפקלערן און עס זאלען קיינע שלעכטע פאלגען דערפון ניט ארויסקומען.

— איך בין זיכער, אז דא איז עפּעס א מיספערשטענדניס, האט דער יונגער מאן געזאגט. איך פיהל מיך ניט שולדיג. וועט איהר מיר ערלויבען מיטצונעהמען איינינע זאכען אין פאל, ווען איך וועל דארפען בלייבען דארט איינינע טעג?

— ווען עס וועט נייטיג זיין, וועט מען אייך צוברענגען דיא זאכען, וועלכע איהר דארפט, האט דער פאליציי קאמיסאר געענטפערט. — איך האב א בעפעהל, איך זאל אייך ברענגען צום פאליציי דירעקטאר זא שנעל, וויא נור מעגליך, און איך בעט אייך, איהר זאלט מיט מיר באלד קומען.

דער ליעטענאנט איז אויפגעשטאנען און האט געזאגט צו דיא דאמען:

— עס איז א מיספערשטענדניס. איך האָף, אז אלעס וועט זיך באלד אויפקלערן און איך וועל באלד קומען אהיים. העכסטענס וועט מען מיך האלטען א טאָג אדער צוויי.

ער האט ארומגענומען זיין מוטער און האט זיא געקושט, דאן האט ער זיך געווענדעט צו העלענא און האט איהר געזאגט:

— אויף וויעדערזעהן, געליעבטע! — בערוהיג זיך, עס איז א מיספערשטענדניס און וועט זיך באלד אויפקלערן.

העלענא האט גאר ניט געענטפערט. זיא האט געקוקט דעם יונגען מאן גלייך אין דיא אויגען, גלייך וויא זיא האט געוואלט איהם איינפלייסען מוטה מיט איהר בליק.

דער ליעטענאנט איז דאן צוגעגאנגען צו זיין פאטער און האט איהם געגעבען דיא האנד.

— שיק מיר צו וועש, א בוך און א שאַכטעל ציגאררען, האט ער איהם געזאגט.

דאַן האט ער זיך געווענדעט צום פאַליציי קאמיסער און האט איהם געזאגט:

— איך בין בערייט צו געהן מיט אייך, מיין העררי.

דער ליעטענאנט און דער פאַליציי קאמיסער זיינען ארויסגעגאנגען פון זאל. העלענא האט זיי נאכגעקוקט, ביז דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט הינטער זיי. דאַן האט זיא אראפגעלאזען דעם קאָפּ, האט בעדעקט איהר געזיכט מיט איהרע הענד און האט אנגעהויבען שטילערהייט צו וויינען. דער אלטער האט עס בעמערקט.

— זייט רוהיג, קינדער, האט ער זיי געזאגט. דא קען מעהר ניט זיין, וויא א פאַלשער פערדאכט (חשד). עס איז זעהר מעגליך, אז דאס איז נאך בעסער פאר איהם. מען וועט איהם האלטען א פאר טאג, ביז אלעס וועט זיך איבערקלאָרען, דאַן וועט מען איהם ארויסלאָזען.

אונטערדעסען איז דער ליעטענאנט אראפּגעגאַנגען מיטן פאַליציי קאמיסער דיא טרעפּ. אויף דער גאס איז געשטאנען א געדעקטע קארעטע. דער פאַליציי קאמיסער האט געעפענט דאס טהירעל. אין דער קארעטע איז געזעסען אנאנדער פאַליציי קאָמיסער אין פולען מונדיר. ביים שוואכען שיין פון דער לאנטערנע האט וועגדענשטיין געזעהען, אז דער צווייטער פאַליציי קאמיסער טראגט א פאר געלאַדענע רעוואלווערס.

— ביטע, שטייגט איין אין דער קארעטע, האט דער ערשטער פאַליציי קאמיסער אין ציוויל קליידער געזאגט. — מיין קאמעראד וועט אייך פיהרען צום פאַליציי דירעקטאר.

ליעטענאנט וועגדענשטיין איז געווארען בלייך. ער האט איינגעזעהן, אז דאס איז קיין שפּאַס. עס האט אבער גאר ניט געהאָלפען. ער האט געמוזט אריינגעהן אין דער קארעטע. דער לעצטער אין ציוויל קליידער האט פערמאכט דאס טהירעל און וועגדענשטיין האט געהערט, אז א שלאָס האט געקנאקט.

דיא קארעטע איז אוועקגעפאהרען. איינינע מינוטען שפּעטער איז דערזעלבער פאַליציי קאמיסער אין ציוויל קליידער וויעדער אריינגעקומען אין זאל, וואו דיא פאַמיליע וועגדענשטיין איז געזעסען.

— העררּ וועגדענשטיין, האט ער געזאגט צום אלטען, איך וויל אייך בעטען, איהר זאלט מיך פיהרען אין אייער זוהנ'ס צימער. איך האב א בעפעהל, אז איך זאל זיין צימער שטרענג דורכזוכען.

דער אלטער וועגדענשטיין האט גאר ניט געענטפערט. ער האט גענומען א ליכט' האט עס אנגעצונדען און איז געגאנגען אין צימער פון זיין זוהן. דער פאַליציי קאמיסער איז איהם נאכגעגאנגען. דאס צימער איז ניט געווען פערשלאסען. דער אלטער האט זיך געזעצט אין א שטוהל און האט געזאגט צום פאַליציי בעאמטען:

— טהוען זיא אייער פפליכט, מיין העררּ!

דער פאַליציי בעאמטער האט צו ערשט בעטראכט דאס צימער, איז צוגעגאַנגען צו יעדער ווינקעלע און האט דארט עפּעס געקוקט, דאַן האט ער זיך געווענדעט צום אלטען און האט איהם געוויזען אויפ'ן שרייב טיש:

— האט איהר ניט דעם שליסעל צו דיעזען שרייב טיש?

— מיין זוהן האט איהם, האט דער אלטער געענטפערט. ווילט איהר נעהן נעהמען דעם שליעסעל ביי איהם, אדער זאל איך שיקען איינעם נאכ׳ן שליעסעל?

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך קען אזוי פיעל ניט ווארטען, האט דער פּאָליציי־בעאמטער געענטפערט. איך האב א שטרענגען בעפעהל, איך זאל מאכען דיא אונטערזוכונג זא שנעל, וויא נור מעגליך. — איך וועל מיך דאהער בעגעהן אהן א שליעסעל. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך וועל מיר געבען אלע מיה, איך זאל דאס מעבעל ניט צו ברעכען און זאָל עס ניט שטארק בעשעדיגען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון דער קעשענע א שטאַרקען, לאנגען און שמאָלען אינסטרומענט פון פיין פּאָלירטען שטאָהל און האט איהם גאנץ לאנגזאם און פּאָרזיכטיג ארייגגעשטעלט אין שרייב־טיש דארט, וואו דער בלאַט־שלאס געפינט זיך. — א קוועטש, א ביינ, א ציה — און דער שרייב־טיש האט זיך געעפענט.

דער אלטער איז געזעסען און האט רוהיג צוגעזעהן, וואס דער פּאָליציי־בעאמ־טער האט געטהאן.

יעצט האט דער פּאָליציי־בעאַמטער ארויסגעצויגען איין שובלאדע נאך דער אנדערער און האט אנגעהויבען איבערצוקוקען דיא זאכען, וואָס זיינען דארט געוועז.

אין שרייב־טיש האבען זיך געפונען אלערליי ארטיקעל און א מאַסע בריעף, רעכנונגען, נאטיצען און צייטונגען. דער בעאַמטער האט אלעס דורכגעקוקט מיט א שנעלען בליק. דערביי האט ער זיך געדרעהט אזוי געשיקט און אזוי קינסטליך, אז ווען ער האט געדארפט עפּעס לעזען, איז ער שטענדיג אויסגעקומען מיט׳ן רוקען צום אלטען.

ענדליך איז ער צוגעקומען צום קאנווערט, וועלכען דער ליעטענאנט האט ערשט מיט א פּאָר שטונדען צוריק פערשלאָסען. ער האט זיך וויעדער אויסגעדרעהט מיט׳ן רוקען צום אלטען און האט געוואָרפען א נייגיעריגען בליק אויף דיא פּאַפּיערן, וואס האבען זיך דארט געפונען. זיין געזיכט האט אנגענומען א שטרענגען, הארטען אויס־דרוק. ער האט שנעל צונויפגענומען אלע רעכנונגען, נאטיצען, בריעף און צייטונגען און האט זיי ארויפגעלעגט אויפ׳ן קאָנווערט. דאן האט ער זיך געווענדעט צום אלטען.

— מיין העררע, איך מוז אלע דיעזע פּאַפּיערן מיטנעהמען מיט מיר צום פּאָ־ליציי־דירעקטאָר. איך האב אזא בעפעהל.

— איהר וועט זעהר ווייניג געפינען אין דיעזע פּאַפּיערן, האט דער אלטער ווענדענשטיין געזאגט געלאסען.

דער פּאָליציי בעאמטע האט גאר ניט געענטפערט. ער האט צונויפגעלעגט אלע פּאַפּיערען אין זיין טאשענטוך און האט זיי געהאלטען אין דער האנד. ער איז נאך צוגעגאנגען צום אויוועז, האט איהם געעפענט און האט ארייגגעקוקט, ער איז צוגעגאנגען צום בעט, האט אויפגעהויבען אלע קישענס און דעם מאַטראַץ און האט זיך צוגעקוקט, וואס דארט געפינט זיך. ער האט זיך ניט געשעהמט צו עפענען דעם וואש־סטענד און זעהן, וואס דארט געפינט זיך. קורץ — ער האט געמאַכט דיא שטרענגסטע אונטערזוכונג, וואָס קען נור זיין.

ווען דיא אונטערזוכונג האט זיך געענדיגט, האט ער זיך העפליך פערניינט פאר'ן אלטע, האט איהם געבעטען אום ענטשולדיגונג, וואס ער האט איהם געשטערט, און איז זיך אוועקגעגאנגען מיט'ן פעקעל פאפיערן אין דער האנד. ווען ער איז ארויס אויף דער גאס, איז א מאן ארויס ערגעץ פון א ווינקעל און איז צוגעגאנגען צו איהם.

— עפעס געפונען? האט דער מאן געפרעגט דעם פאליציי בעאמטען.

— זעהר וויכטיג, האט דער פאליציי בעאמטער געענטפערט.

אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען א דראָשקע, וויא גאנץ צופעליג. ביידע מענער האבען זיך אריינגעזעצט אין דער דראָשקע און דיא פערד זיינען אליין געלאָפען גלייך צו דער פאליציי געביידע.

## 29טעם קאפיטעל.

## מוטער און טאכטער.

מיר מוזען זיך אומקעהרן קיין פאריז. מיר האבען שוין בערייזט פיעלע לענדער, געזעהן פיעלע געגענדען און זיך בעקאנט מיט אלערליי מענשען און מוזען זיך דאך אומקעהרן צו דיא וויכטיגסטע צוויי פונקטען פון אונזער ערצעהלונג: פאריז און פעטערבורג. דער מיטעל פונקט פון גאנץ אייראפא איז דאך פאריז, פון דארט ציעהען זיך דראטהען און געהיימע שטריקעלעך איבער גאנץ אייראפא. קיינער זעהט ניט דיעזע דראטהען. זיי זיינען בעהאלטען ניט אין דער ערד, זאנדערן אין דיא קעפ און הערצער פון אייניגע מענשען, וועלכע בעפעהלען איבער דאס שיקזאל פון מיליאָנען.

מיר קומען יעצט צוריק צו יענעם הויז אין דער גאס נאָטרדאם אין פאריז, וואו מיר האבען איבערגעלאזען דעם פירסט מעשטשערסקי מיט זיין געליעבטע יוליא. מיר האבען שוין בעשריעבען דאס הויז. עס האט צוויי טהירען. אויף איין טהיר איז צוגעשלאָגען א בלעטעל מיט דער אויפשריפט: „ראמאנא, א מאהלער". אויף דער אנדערער טהיר איז קיין בלעטעל ניטא. ווען מיר זיינען דאס ערשטע מאל געווען אין דיעזען הויז, זיינען מיר אריינגעגאנגען אין דער זייט, וואו עס איז קיין בלעטעל ניטא. יעצט וועלען מיר אריינגעהן אין דער אנדערער זייט.

אין א גרויסען, העלען זאל זיצט ביי א פענסטער א מאן לעבען א גרויסען טיש און צייכענט עפעס מיט שווארצען טוש. אין זאל שטעהט זאנדערבארעס מעבעל. אין איין ארט זעהט מען טהייערע סאמעטענע שטיהלע און דיוואנעס און לעבען זיי שטעהט אן איינפאכער הילצערנער טיש. לעבען א טהייערע קאמאָדע פון ראזע האלץ שטעהט א שטוהל אויף דריי פיס. ארימקייט און רייכטהום, גלאנץ און שמוץ, דער גרעסטער לוקסוס און דיא שרעקליכסטע נאכלעסיגקייט וואינען גאנץ רוהיג איינער לעבען אנדערן אין דיעזען זאל און, וויא עס ווייזט אויס, זיינען זיי צופריעדען איינער מיט'ן אנדערן. קיינער פון זיי זוכט ניט צו פערדרענגען, אדער ארויסצוטרייבען דעם אנדערן.

דער מאן געהט זעהר שעהן, זאנאר עלעגאנט געקליידעט, אבער זעהר נאכלעסיג. ער טראגט א שעהנעם, רייגעם סאמעטענעם ראָק און אן אלטען, אפגעשאָסענעם האלזטוך. דער מאן ווייזט אויס ניט אלט. ער דארף זיין ערשט א יאָהר דרייסיג און

דאך ווייזען זיך שוין אין זיין קאפּ זילבערנע פעדים,—זיין האָאר הייבט שוין אן גרוי צו ווערן.

דאס איז דער מאהלער ראָמאַנאָ. ער זיצט און ארבייט אויף א צייכענונג, זיינע געדאנקען אבער זיינען ניט ביי דער ארבייט, זאנדערן ערגעץ גאנץ ווייט.— פּלוצלונג האט ער אוועקגעוואָרפען דעם בליישטיפט, מיט וועלכען ער האט געצייכענט, האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין צימער הין און צוריק טרויעריג און פערטראכט.

— אך, וואס פאר א שרעקליכעס לעבען פיהר איך! האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך בין געוואָרען ניט מעהר, וויא א מאַשין, וועלכע אטהעמט נאך קוים. אלעס איז צובראָכען, צו קנייטשט, צו בויגען, צודרעהט און אָפּגעריעבען.—הייסט דאס געלעבט, ווען דאס לעבען איז פאר אונז א שווערע משא, וועלכע מיר ווילען יעדע מינוט אראפּוואַרפען און פון איהר לויז ווערן?—הייסט דאס געלעבט אויף דער וועלט ווען במעט אלע פעדים, וועלכע בינדען דעם מענשען צום לעבען, צום קאמפּף פאר'ן לעבען, זיינען שוין ביי מיר אפּגעשניטען, איבערגעריסען און נור נאך איינינע וועניגע פון זיי האלטען נאך דיא ארימע זעעלע געפאנגען אין דיעזען צובראָכענעם קערפּער? —

איך האב שוין אייניגע מאל געוואלט איבעררייסען דיא לעצטע, שוואכע פעדים, וועלכע בינדען מיך נאך צו צו דער וועלט. איך האב שוין אייניגע מאל צוגעטראגען א בעכער מיט גיפט צו מיינע ברענענדע ליפּען; איך האב שוין אייניגע מאל צוגע־לעגט א מעסער צו מיין האלז. אבער, אך! אויך דערצו בין איך צו שוואך. דאס קען איך אויך ניט!

אך! מיין אונגליקליכער ברודער, וועלכען איך האב אזוי שענדליך בעטראגען און פערראטהען! זיין בילד שטעהט מיר שטענדיג פאר דיא אויגען. זיין מילדע, ווייכע גוטע שטימע קלינגט מיר שטענדיג אין דיא אויערן. שוין הונדערט מאל האב איך מיך ענטשלאָסען, איהם אויפצווזכען, פאלען פאר איהם צו דיא פיס און בעטען איהם ער זאל מיר פערצייהען מיין שרעקליכעס פערברעכען.—אבער אויך דאס קען איך ניט, איך בין דערצו צו שוואך! איך שעהם מיך!

טרערען האבען געציטערט אויף זיינע אויגען ביי דיא לעצטע ווערטער און ער האט אנגעהויבען צו ברעכען דיא הענד אין פערצווייפלונג. ער האט זיך אומגעקוקט אין צימער, גלייך וויא ער וואָלט עפּעס געזוכט און האט דערזעהן א בילד, וועלכעס ער האט אמאל געמאכט און פאר וועלכע מען האט איהם געשענקט א מעדאילע.— דאס בילד האט פאָרגעשטעלט א גאנץ יונגעס מעדכען—א קינד, ווען עס שטעהט אויף אין דער פריה, קניעט ניעדער און לעגט צונויף דיא הענטלעך צו א געבעט. דאס בילד איז ווירקליך געווען א מייסטער שטיק. דאס קינד איז געווען, וויא לעבע־דיג, אז מען האט—דאכט זיך—געזעהן, וויא איהרע ליפּען בעוועגען זיך. מען האט איהם געוואלט געבען פיעל געלד פאר דיעזעס בילד, ער האט עס אבער ניט געוואלט פערקויפען, ווייל דאס איז געווען דאס איינציגע בילד, וועלכעס ער האט געמאלט אין זיין לעבען.

— דיא קונסט! האט ער ווייטער געזאגט, דיא הייליגע קונסט! פאר פיעלע

מענשען איז זיא א טרייסט. דער מענש פערטיעפט זיך אזוי אין דער קונסט, אז ער פערגעסט אלעס אין דער וועלט, פאר מיר אבער איז דיא קונסט פערלארען. — זייט איך האב אזוי שענדליך אפגענארט מיין ברודער, זייט איך האב ביי איהם צוגענומען אלעס, וואס ביי איהם איז געוועזן טהייער, — קען איך מעהר ניט מאלען קיין שעהנע, עהרליכע געזיכטער. — רויבער, מערדער וואלט איך געדארפט מאלען. איך קען אבער דאס אויך ניט, איך בין צו שוואך דערצו. ווען איך וויל אויסמאהלען א שטרענגעס געזיכט, שטעלט זיך מיר פאר דער שטרענגער ריכטער, וועלכער וועט מיך אמאל שטראפען פאר מיין שרעקליכעס פערברעכען.

אין זיין פערצווייפלונג איז ער צוגעגאנגען צו אן אלטען דיוואן און האט זיך ארויפגעוואָרפען אויף איהם, גלייך וויא ער האט געוואלט צוברעכען דעם דיוואן אדער צוברעכען זיך דעם קאפ אן דעם דיוואן.

עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען. אין צימער האט געהערשט א טיעפע שטילקייט. ראמאנא איז געלעגען, וויא א טוידטער אויפ'ן דיוואן און האט זיך ניט גערירט. פלוצלונג האט זיך געעפענט א טהיר פון אנאנדער שעהנעם און זעהר רייך פערפוצטען זאל און דעם מאלערס פרוי איז אריינגעקומען אין זאל. זיא איז געוועזן ניט גאנץ יונג, אבער נאך זעהר שעהן און איז געוועזן אנגעטהאן נאך דער לעצטער מאדע אין שווערע זיידענע קליידער.

ווען מען האט זיך צוגעקוקט צו דיעזער שעהנער פרוי, האט מען געזעהן, אז זיא איז זעהר עהנליך צו יוליא'ן, דיא געליעבטע פון פירסט מעשטשערסקי, וועלכע מיר האבען געזעהן אין איינעם פון דיא פאריגע קאפיטלעך. זיא איז ווירקליך געווען איהר מוטער. יוליא אבער האט געבליהעט אין דער שענהייט פון דער יוגענד און אויף דיא רויטע באקען און דעם קלארען, ווייסען האלז פון איהר מוטער האט מען געקענט דערקענען ניט דיא נאטור, זאנדערן דיא קונסט, וועלכע דיא פאריזער דאמען האבען אויסשטודירט פאלקאמען. — דיא קונסט נאכצומאכען דיא נאטור. דיא קונסט פון פארב און פודער.

זיא האט א קוק געטהאן אויפ'ן מאלער, וועלכער איז נאך אלץ געלעגען אונ-בעוועגליך אויפ'ן דיוואן, און אויף איהר געזיכט האט זיך אויסגעמאלט שפאט און פעראכטונג.

— איז יוליא דא ביי דיר? האט זיא געפרעגט.

דער מאלער איז געבליעבען ליעגען רוהיג אויפ'ן דיוואן און האט ניט געענטפערט.

— איך פרעג דיך, וואו איז יוליא? האט זיא געזאגט נאך א מאל מיט א א שארפען טאן. — איך דארף זיא האבען. איך וויל מיט איהר עפעס רעדען. איך האב שוין אפגערעדט מיט א דירעקטאר פון א טהעאטער, ער זאל זיא אויפנעהמען. אין א שטונדע ארום וועט ער קומען אהער הערן, וויא זיא זינגט.

דער מאלער איז אויפגעשטאנען פון זיין דיוואן. אויף זיין בלייכעם געזיכט האט זיך געוויעזען א זאנדערבארע רויטקייט.

— דוא ווילסט נאך אלץ זיא אריינגעבען אין א טהעאטער, האט ער געזאגט טרויעריג. וואס וועט דערפון ווערן?

— וואס דען זאל איך טהאן? איך מוז זיא פערזארגען; איך מוז זארגען פאר אונז אויך. ביז אהער האב איך געזארגט, אז מיר זאלען האבען פון וואנען צו לעבען. איך ווער אבער עלטער, עס ווערט מיר שווערער צו פערזארגען דיא פאמיליע. יוליא איז יונג און שעהן, זיא וועט פערדינען און אונז שטיצען.

— דוא האסט זיך געזארגט פאר מיר? האט דער מאלער אויסגערופען. פאר מיר דארפסט דוא זיך ניט זארגען. מיין ארבייט קען מיר שטענדיג געבען ברויט.

— א שעהנע ארבייט! האט געלאכט דיא פרוי. — מאכען צייכנונגען פאר צייטונגען! מען קען דערפון האבען זעהר פיעל!

— אלץ שעהנער אלס דיין בעשעפטיגונג, האט דער מאלער געזאגט בייז. עס איז מיר טויזענד מאל אנגענעהמער צו עסען א טרוקען שטיקעל ברויט פון מיין ארבייט, איידער צו עסען געבראטענע קאפּהעהנער פון שאנדע.

— הער מיר נור אויף צו זינגען מאָראל און פרומקייט, האט דיא פרוי געזאָגט גלייכגילטיג. איך קען שוין אלע דיעזע פרומע ליעדער און וויל זיי ניט הערן. דוא מעגסט דיר לעבען, וויא דוא פערשטעהסט, איך וועל לעבען וויא איך פערשטעהע און וועל פערזארגען מ י י ן טאכטער, וויא איך וויל. — געוויס, ווען דוא וואלסט געווען א מענש און וואלסט געמאכט בילדער, וויא דיעזע — זיא האט געוויעזען אויפ'ן בילד אויף דער וואנד — וואלטען מיר געקענט לעבען גליקליך. פאר דיינע פארבען וואלט מען דיר בעצאהלט מיט גאלד. דוא האסט עס אבער ניט געטהאן. דוא האָסט זיך אפּגעלאָזען און ביסט געווארען א בעטלער, וועלכער קען קוים פערדיענען אויף א שטיקעל טרוקען ברויט. —

— איך רעד ניט פון מיר, האט ער געזאגט טרויעריג, איך רעד פון יוליא. איך קען עס ניט צולאזען, אז זיא זאל בעטרעטען א וועג, וועלכער איז פול מיט דערנער, — א וועג, וועלכער פיהרט אין א טיעפען אבגרונד, — א וועג, וועלכער קען נור פיהרען צו שאנדע און — טויט. — ניין, איך וועל עס ניט דערלאזען! זא לאנג עס ריהרט זיך אן אָדער אין מיר, וועל איך עס ניט דערלאזען!

— דוא וועסט עס ניט דערלאזען? האט דיא פרוי געלאכט. — וואס פאר א רעכט האסט דוא אויף מיין טאכטער? וואס גיעהט דיך אן, וויא אזוי איך זאל פערזארגען מ י י ן טאכטער? — ווען דוא ביסט שוין אזוי גוט און פרום, פאר וואס האסט דוא דערלאזען, אז זיא זאל זיך פערליעבען אין דעם רוסישען פירסט? ווייסט דוא, אז דאס איז געווען איהר ערשטער שריט אויף דעם וועג, וואס איך וויל זיא פיהרען?

דער מאלער האט געגעבען א טיעפען זיפץ.

— איך וואלט עס געוויס ניט געווען דערלאזט, האט ער געזאגט טרויעריג, אבער ווען איך בין געוואהר געווארען דערפון, איז שוין געווען צו שפּעט. זיא ליעבט איהם מיט דער גאנצער קראפט פון איהר יונגער זעעלע. וואס זאל איך יעצט טהאָן?

— געוויס, קען מען יעצט גאר ניט טהאן, האט זיא געזאָגט. זיא ליעבט איהם און ער זאגט, אז ער ליעבט זיא אויך. ער זאגט עס אבער נור. באלד וועט ער אוועקפאהרען א היים און וועט זיא פערגעסען. זיא האט קיין אנדער וועג ניט. זיא מוז

אריין אין א טהעאטער און געהן אויף דיעזען וועג, אויף וועלכען עס געפינען זיך דערנער, אויף וועלכען אבער עס בליעהען אויף ראזען און גאלד איז צואוואַרפען אין אלע ווינקעלעך. — זיינען דען ניט פיעלע געגאנגען אויף דיעזען וועג און זיינען ארויס־געקלערט אזוי הויך, אז זיי קוקען אראפּ אויף אלעמען מיט פעראכטונג? — ליעגען ניט אויף דיעזען וועג עהרע, רייכטהום, מאכט און אונאבהענגיקייט?

— ווען ער אבער זאל קומען? — ווען מיין ברודער זאל קומען צו דיר און זאל דיך פרעגען: לוקרעציא, וואס האסט דוא געמאכט פון מיין קינד? וואס וועסט דוא איהם ענטפערן? וועסט דוא נעהמען דאס גאלד און דיא ברילליאנטען און וועסט איהם וויזען: אט אזוי האב איך פערזארגט דיין קינד?

דיא פרוי האט א ציטער געטהאן מיט איהר גאנצען קערפּער, ווען ער האט איהר געשטעלט דיעזע פראגע. זיא האט אראפּגעלאזען דיא אויגען און האט געשוויעגען.

— ניין! האט ער ווייטער געזאגט, איך וועל עס ניט דערלאזען. איך וועל איהם זוכען — איך וועל איהם רופען צו הילף, איך וועל איהם אויפפאָדערן, ער זאל רעטען זיין טאכטער.

א בייזער פיינדליכער בליק האט אויסגעשאָסען פון איהרע אויגען. זיא האט זיך אבער באלד געפאסט און געזאגט רוהיגער:

— עס איז מיין טאכטער און איך האב דאס רעכט צו זארגען פאר איהר, וויא איך וויל. — איבעריגענס, זיא איז שוין ניט קיין קינד. לאז זיא אליין ענטשיידען. לאז זיא אליין זאגען, וואס זיא וויל ווערן. אלענפאלס מוז זיא דאך עפּעס ווערן.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט אין אנדערן צימער לייכטע שרים. דיא טהיר האט זיך געעפענט און יוליא איז אריינגעפלויגען, וויא א זומער פייגעלע, אין זאַל. ווען זיא האט געזעהן, וויא איהר פאטער און איהר מוטער שטעהן אזוי נאהענט איינער לעבען אנדערן, איז זיא געבליעבען שטעהן, וויא צומישט. זיא האט זעהר גוט געוואוסט, וואס פאר אן אונגליקליכעס פאמיליען לעבען איהרע עלטערן האבען גע־פיהרט. עס איז איהר געווען א וואונדער, וואס זיא האט גאר זיי ביידען געטראָפען צוזאמען. — עס האט אבער געדויערט נור א מינוט. זיא איז צוגעגאנגען צו דער מוטער און האט איהר א קוש געטהאן אין דער האנד. דאן איז זיא צוגעלאפען צום מאלער, האט איהם ארומגענומען און האט געפרעגט מיט איהר ליעבער, קלינגענדער שטימע:

— וואס מאכט מיין טהייערער, ליעבער פאטער היינט?

— מיר איז שטענדיג גוט, ווען איך הער דיא זיסע שטימע פון מיין יוליא, האָט דער מאלער געענטפערט.

אייניגע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. עס איז זיי געווען אלעמען זעהר אונ־אנגענעהם, וואס זיי האבען זיך דא צוזאמען געטראָפען.

— וואס מאכט דיין פריינד? האט ענדליך דיא מוטער געפרעגט. איז ער שוין היינט געווען ביי דיר?

— ער איז נאך ניט געקומען, האט יוליא געענטפערט. ער וועט אבער געוויס קומען שפּעטער. ער האט מיר צוגעזאגט, אז ער וועט מיך היינט פאר נאכט מיט־

נעהמען אין בוא דע בולאן שפאציערן. איך וויל ניט פאהרען מיט איהם ביי טאג. עס זיינען דארט דא אזוי פיעל מענשען, אלע קוקען אויף מיר. —

— אה, ניין, מיין קינד, האט דיא מוטער נעזאגט. פערקעהרט, דוא דארפסט זיך ווייזען אין דער וועלט. לאז מען דיך קענען. א יונגעס מעדכען דארף ניט זיצען פערשפארט אין דער היים. —

יוליא איז רויט געווארען. איהרע באקען האבען אנגעהויבען צו פלאמען. זיא האט זיך אוועקגעקעהרט פון דער מוטער.

— היינט בין איך צופריעדען, וואס דוא ביסט געבליעבען אין דער היים, האט דיא מוטער ווייטער געזאגט. איך ערווארט א פריינד, וועלכער וויל זעהר הערן, וויא דוא זינגסט. איך וועל זיין גליקליך, ווען ער וועט געפינען, אז דוא זינגסט שעהן.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א גערויש אויף דיא טרעפ.

— מיר דאכט, אז ער נעהט שוין, האט דיא מוטער געזאגט און איז ארויס-געלאפען אין צווייטען זאל.

יוליא איז געבליעבען מיט איהר פאטער אליין.

— איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען, מיין קינד, האט דער מאלער געזאגט, ווען דיא טהיר האט זיך פערמאכט הינטער זיין פרוי. — ווען דוא וועסט האבען צייט, קום אהער צו מיר, אדער שיק דיין קאמער מעדכען, וועל איך קומען אין דיין צימער.

— איך וועל בעסער קומען צו דיר, פאטער, האט יוליא געענטפערט. מיר איז אזוי גוט אין דיין צימער! איך פיהל מיך דא אזוי פריי, אזוי פריש! — אלעס, אלעס אין דיין צימער דערמאנט מיך אן דיא גליקליכע יאהרען, ווען איך בין געווען א קינד. — אך! דיעזע גליקליכע צייט איז פערשוואונדען!

— יוליא! יוליא! האט מען געהערט רופען פון אנדערן צימער.

דאס יונגע מעדכען איז אפגעשפרונגען פון איהר פאטער און איז געלאפען אין אנדערן צימער. דארט האט זיא געטראפען א פיין געקליידעטען עלטערן מאן. ער איז געזעסען לעבען איהר מוטער אויפ'ן דיוואן.

— יוליא, דיעזער הערר איז א גרויסער ליעבהאבער פון מוזיק, האט זיא געזאגט צו איהר טאכטער, איך האב איהם דערצעהלט פון דיין שטימע. ער איז זעהר נייגיעריג דיך צו הערן זינגען.

דער טהעאטער דירעקטאר האט בעטראכט דאס יונגע מעדכען פון קאפ ביז דיא פיס, וויא א פערד הענדלער בעטראכט א פערד.

— עס פרעהט מיך זעהר צו מאכען אייער בעקאנטשאפט, האט ער איהר געזאגט און האט זיך פערנייגט. איך וועל זיין העכסט גליקליך צו הערן אייך עטוואס זינגען.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו מאדאם לוקרעציא און האט איהר געזאגט שטילערהיים:

— עס וואלט פון איהר געקענט עפעס ווערן, ווען זיא זאל נור האבען א שטימע און זאל ניט זיין אזוי שעהמענדיג. ביי אונז האט מען ניט ליעב קיין שעהמענדיגע.

— איך זינג נאך זעהר שוואך, האט יוליא געענטפערט און איז רויט געווארען.

מיין שטימע איז נאך ניט אויסגעארבייטעט. דער קענער וועט געוויס געפינען פיעלע פעהלער אין מיין זינגען.

— האלט אייך ניט אזוי קליין, האט דער טהעאטער דירעקטאָר איהר געזאגט. איהר דארפט אייך ניט שעהמען. ווען מען שעהמט זיך, פערליערט מען זעהר פיעל. איהר זיית שעהן, דאס אליין איז שוין גענוג.

— זינג, זינג, מיין קינד! האט דיא מוטער געבעטען. דיעזער הערר איז מיינער א בעקאנטער, דוא האסט זיך פאר איהם ניט וואס צו זשעניִרען.

יוליא איז צוגעגאנגען צו דער פיאנינא, האט זיא געעפענט און האט צולעגט דיא נאטען. דער טהעאטער דירעקטאָר האט דיא גאנצע צייט פון איהר קיין אויג ניט אראפגעלאזען.

— זיא איז ווירקליך שעהן און בעוועגט זיך לייכט, וויא א יונגער הירש, האט ער געזאגט שטילערהייט צו איהר מוטער. דיא יונגע לייט וועלען זיין ענטציקט פון איהר און וועלען זיא בעשיטען מיט דיאמאנטען. — פון איהר קען ווירקליך עפּעס ווערן.

יוליא האט אנגעהויבען צו שפּיעלען א פאָלקס־ליעד, אין וועלכען עס ווערט בעשריעבען דאס רווישען פון א קליין טייבעל. א מעדכען פון א דאָרף איז געקומען קיין פּאריז, האט דארט געוואוינט עטליכע יאהר און איז אויסגעפּאהרען אביסעל אין א דארף. דארט הערט זיא דאס רווישען פון א טייבעל און זיא דערמאָנט זיך אן איהרע יוגענד־יאהרען, ווען זיא האט געלעבט אין דארף אזוי גליקליך, אזוי אונשולדיג. — ווען זיא איז געקומען צו דער שטעלע, וואו דאס מעדכען דערמאנט איהר אונשולד און בעדויערט, וואס זיא קען זיא צוריק ניט האפּען, האט זיא אנגעהויבען צו זינגען מיט אזא געפיהל און מיט אזא טרויער, אז דער פערדאָרבענער און פערשטיינערטער טהעאטאָר דירעקטאָר איז געווען געריהרט.

— בראַוואָ! בראַוואָ! האט ער אויסגערופען. איהר האט א פּאַרטרעפליכע שטימע. ווען זיא זאל זיין נור אביסעל שטארקער, וואָלט איהר געקענט אויפטרעטען אין אן אפּערא.

דאן האט ער געזאָגט שטילערהייט צו דער מוטער.

— דאס קינד וועט מאכען א פוראָר, לאז זיא נור איינטרעטען אין טהעאטער. יונג און אלט וועלען איהר נאכלויפען. איהר וועט מאכען א פערמעגען.

קוים האט דער טהעאטער דירעקטאָר אנגעהויבען צו רעדען, האט יוליא אויפ־געהערט צו זינגען. זיא האט האסטיג פערמאכט דיא פּיאנינאָ און האט געזאגט דעם דירעקטאָר:

— איך דאנק אייך, מיין הערר, פאר אייער גוטער מיינונג. איך אליין ווייס זעהר גוט, אז איך טויג ניט פאר א טהעאטער. איך זינג פאר מיר אליין, ווייל עס מאכט מיר פערגנִיגען. איך וועל אבער קיין מאל ניט זינגען פאר דער מענגע.

דער טהעאטער דירעקטאָר האט אנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט באלד דיא טאָכטער, באלד דיא מוטער.

— מיין טאָכטער איז אויפגעוואקסען אין פיער ווענט, האט דיא מוטער געזאגט. זיא שיים זיך פאר מענשען. איך בין אבער זיכער, אז ווען זיא וועט נור א פּאָר מאָל

אויפטרעטען אויף דער סצענע און וועט זעהן, וויא אלע בעוואונדערן איהר טאלענט, וועט זיא זיך מעהר ניט שעהמען און וועט ווייטער ניט זאגען אזעלכע ווערטער. — אלענפאלס, האט עס נאך צייט. מיין טאכטער וועט זיך נאך קענען איבערלעגען.

— געוויס, געוויס! האט דער טהעאטער דירעקטאָר זיא אונטערשטיצט. ראס פריילין איז נאך ניט געוואינט צו מענשען. — איך וויל מיר דאהער ערלויבען אייך און אייער טאָכטער איינצופיהרען אין א געזעלשאפט פון מענשען, וועלכע ליעבען דיא קונסט. איך האב צוויי פריינדינען, דיא מארקיזא דע לעסטראדא און דיא פרינצעסין דאווידאָוו. זיי פערגעטערן דיא קונסט. פריילין יוליא וועט מיר טהאן א גרויסען געפאלען צו געבען פאר זיי א פראָבע פון איהר שעהנעם, פערטרעפליכעס זינגען.

יוליא האט גאר ניט געענטפערט. זיא האט אראפגעלאָזען דיא אויגען, צונויפ־געפרעסט דיא ליפען און האט געשוויגען.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געענטפערט און יוליא׳ס קאמער־מעדכען איז אריינגעקומען.

— מען ערוואַרטעט אייך אין אייער צימער, האט זיא געזאגט צו יוליא׳ן.

יוליא איז רויט געוואָרען און האט זיך געווענדעט צו איהר מוטער:

— דוא וועסט מיר ערלויבען געהן און זעהן, ווער דארט איז, האט זיא איהר געזאגט.

זיא האט ניט געווארט אויף קיין אנטוואָרט, האט זיך אויפגעהויבען, האט זיך לייכט פערנייגט פארן טהעאטער דירעקטאר און איז ארויסגעלאָפען פון׳ם צימער. שנעל, וויא א בליץ, איז זיא ארויפגעלאפען דיא טרעפ צו זיך און איז אריינגעלאפען אין זאל, וואו מיר זיינען שוין אמאל געוועז. דארט איז געשטאנען דער פירסט מע־שטשערסקי.

זיא איז צוגעלאפען צו איהם, איז איהם געפאלען אויפ׳ן האלז און האט אנגע־הויבען צו וויינען. דער יונגער מאן האט זיך דערשראָקען.

— וואס איז דיר, מיין ליעבע יוליא? פעהלט דיר עפּעס? האט דיך ווער בעליידיגט?

— אך! מיר פעהלט שוץ און זיכערהייט! האט זיא געוויינט.—אבער אומזאנסט! איך קען ניט געפינען ביי קיינעם קיין שוץ, איך בין אין ערגעץ ניט זיכער. — איך בין פערלאָרען! מען טרייבט מיך, מען רייסט מיך, מען ציהט מיך אין אן אבגרונד. — ווער וועט מיך שיצען? ווער קען מיך שיצען?

און זיא האט ווייטער אנגעהויבען צו ברעכען דיא הענד און צו וויינען אין דער הויך.

— אבער זאג! וואס איז געשעהן? האט דער יונגער מאן ווייטער געפרעגט.

— יעצט ניט! איך קען עס ניט. עס רייסט מיר דאס הערץ, ווען איך רעד דערפון. איך זעה, וויא עס פערזאמלען זיך ארום מיר שווערע, שווארצע וואָלקען. איך זעה, וויא עס ווערט אימער פינסטערער ארום מיר; איך זעה, וויא מיינע האפנונגען פערשווינדען איינע נאך דער אנדערער — אוו איך קען מיר ניט העלפען.

פלוצלונג האט זיא אָפּגעווישט איהרע טרערין און האט זיך געווענדעט צו איהם.

— האסט דוא אונטען דיין קארעטע? — עס ציהט מיך אין דרויסען, — אין דיא פעלדער — אין דיא וועלדער. — אך, קום! פיהר מיך דארט, וואו עס זיינען דא בלומען, גראזען און ביימער — גוטע, שטילע אונשולדיגע קינדער פון דער מוטער נאטור. — זיי ווייסען נאך ניט פון א מוטער, וועלכע וויל פערקויפען איהר אייגענעם קינד. —

— וואוהין ווילסט דוא פאהרען? האט זיא דער פירסט געפרעגט.

— וואו עס געפינען זיך ביימער און בלומען. עס מעג זיין אין בוא דע בולאָן, עס מעג זיין אין אנאנדער ארט, אבער ווייט, ווייט פון מענשען. איך וויל זיין אליין מיט דיר. — אך! דיא מינוטען זיינען שעהן. איך וויל זיי געניסען. ווער ווייס, וויא לאנג דיא שעהנע מינוטען וועלען דויערן!

— מיין קארעטע שטעהט אונטען, האט דער פירסט געזאגט. טהו זיך אן און לאמיר פאהרען.

— איך בין באלד פערטיג, האט זיא געזאגט און איז ארייננעלאפען אין איהר שלאָף-צימער.

אין אייניגע מינוטען ארום איז זיא ארויסגעקומען אנגעטהאן. איהר געזיכט איז געווען פערדעקט מיט א געדיכטען, שווארצען שלייער. זיא האט איהם גענומען אונטערן ארים און האט איהם אראפגעפיהרט פון דיא טרעפ. —

אונטען איז געשטאנען דעם פירסט'ס קארעטע. זיי האבען זיך אויפגעזעצט און זיינען אוועקגעפאהרען. ניט ווייט פון בוא דע בולאָן האט זיך ביי א גרויסען פראכט וואגען צו בראָכען אן אקס און מען האט ניט געקענט דורכפאהרען. אלע עקיפּאזשען האבען געמוזט בלייבען שטעהן און ווארטען, ביז מען וועט אוועקשלעפען דעם שווערן וואגען אין א זייט. דער פירסט מעשטשערסקי איז געזעסען רוהיג און האט גערעדט מיט זיין בעגלייטערין. ער האט ניט בעמערקט, אז אן אפענע קארעטע מיט צוויי פייערינע פערד איז אנגעקומען און האט זיך אויסגעגלייכט מיט זיין עקיפּאזש. אין דער קארעטע איז געזעסען נור איין מאן — דער גראף דע ריווערא.

דער גראף האט געווארפען א שנעלען בליק אין פירסט מעשטשערסקי'ס קארעטע, דאן האט ער געזאגט אין דער הויך:

— גוטען מארגען, פירסט! מען זעהט אייך ווייטער אין ערגעץ ניט.

דער פירסט האט זיך ארויסגעבויגען און האט פערשטעלט דאס מעדכען, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם.

— אייך אבער זעהט מען אויך ניט אָפט אין קלוב, האט דער פירסט געענטפערט. איך האב אייך שוין אייניגע מאל ערווארטעט.

— מארגען פריה טרעפט איהר מיך דארט זיכער, האט דער גראף געענטפערט.

אונטערדעסען האט מען אוועקגעשלעפט דעם פראכט-וואגען פון דער גאס און פירסט מעשטשערסקי'ס קארעטע איז ווייטער געפאהרען.

— אויף ווידערזעהן! האט מען געהערט דעם גראף'ס שטימע.

— ווער איז דיעזער מאן? האט יוליא געפרעגט, ווען זייער קארעטע איז אוועקגעפאהרען ווייט פון גראף'ס קארעטע.

— דאס איז דיינער א לאנדסמאן, ליעבע יוליא, האט דער פירסט געענטפערט, דאס איז אן איטאליענישער גראף דע ריוועראַ.

א זאנדערבארער מענש! האט יוליא געזאגט, וויא צו זיך אליין. דער בליק, וועלכען ער האט א ווארף געטהאן אויף מיר, האט מיך דורכגעדרונגען, וויא דיא ער־שטע שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זון. זיין שטימע האט געווירקט אויף מיר, וויא א צויבער. — מעגליך, אז עס איז א נארישקייט פון מיר, איך פיהל אבער, אז דיעזער מאן וועט האבען א גרויסען איינפלוס אין מיין לעבען — דאס איז א מערק־ווירדיגער מאן.

— דער גראף איז ווירקליך א מערקווירדיגער מענש, האט דער פירסט געזאגט. ווער עס בעקענט זיך מיט איהם, ווערט צו איהם צוגעצויגען, וויא פון א מאגנעט. איך בין מיט איהם ערשט ניט לאנג בעקאנט און דאך פיהל איך מיך זעהר אנגענעהם, ווען איך בין מיט איהם צוזאמען, עס מיט איהם און רעד מיט איהם. — איך וויל אבער ניט, אז דוא זאלסט זיך מיט איהם בעקענען. — איך קען ווערן אייפערזיכטיג.

שנעלער און שנעלער איז געפאהרען דער וואגען, באלד איז ער אנגעקומען אין דעם גרויסען פאריזער פארק בוא דע בולאן, וואו עס קומען זיך צונויף דיא גרעסטע מענער פון פאריז און פון דער גאנצער וועלט.

## 30טעם קאפיטעל.

## דיא רייסעס (פערד־רענען, סקאטשקי).

דיא זון בעלייכטעט העל דעם גרויסען פלאץ לאנגשאמפ, ניט ווייט פון׳ם פארק בוא דע בולאן; הונדערטע טויזענדע עקיפאזשען, קארעטעס און דראשקעס ציעהן זיך פון אלע זייטען צו דיעזען פלאץ. ניט נור דיא גרעסטע מענער פון פאריז, דיא רייכסטע און שעהנסטע דאמען, דיא עלעגאנטעסטע קאוואליערן פאהרען היינט זעהן דיא רייסעס, זאנאר ארימע לייט, ארבייטער, בויערן, פעדלער און ארימע קויפ־לייטע פאהרען און געהען צופוס זעהן, וואס היינט וועט פארקומען אין לאנג שאמפ. מען ערוואַרטעט דעם קייזער און דיא קייזערין.

עס קאכט, עס זידעט, עס רוישט, עס ברויזט, א גאנצעס מעער פון מענשען אויפ׳ן גרויסען פלאץ פון לאנג שאמפ און אין דיא גאסען און געסלעך ארום. גאנץ פאריז איז זיך צונויפגעקומען אויף א פייערטאג. מען בעגעגענט זיך, מען בעגריסט זיך, מען לאכט, מען רעדט, מען פלוידערט, מען דריקט זיך דיא הענד און מען צו־געהט זיך.

אין א רייכען עקיפאזש מיט א פאר שווארצע פייעריגע פערד אין זילבערגעשירו זיצט דיא מארקיזא פאלאנצאני. זיא האט אנגעריהרט מיט׳ן שפיץ פון איהר זאָנענ־שירם דיא פלייצע פון איהר קוטשער און האט איהם געהייסען פאהרען גאנץ לאנגזאם טריט ביי טריט. זיא האט געווארפען אויגען אין אלע זייטען. פיעלע העררען און דא מען האבען זיא בעגריסט. זיא האט יעדען געענטפערט זיין גרוס מיט א שמייכעל וויא א קעניגין, וועלכע ענטפערט דעם גרוס פון איהרע אונטערטהאנען.

פון דער אנדערער זייט איז אנגעקומען א לייכטע, קליינע, אבער זעהר עלעגאנ־

טע דראָשקע. אין איהר איז געזעסען נור איין מאן — גראף דע ריווערא. דיא מארקיזא האט איהם נעגריסט מיט דער האנד זעהר העפליך. דער גראף האט געהייסען זיין קוטשער בלייבען שטעהן, איז ארויסגעשפרונגען פון זיין דראשקע און איז צוגעגאנגען צו דער קארעטע פון דער מארקיזא.

— איך מוז אייך מאכען א קאָמפּלימענט, האט ער געזאגט. אייער עקיפאזש איז דער בעסטער און שעהנסטער אין פאריז. אלע בעוואונדערן אייערע שעהנע פערד. עס איז אייך אלעס געלונגען.

— און דענאך לאנגווילע איך מיך, האט דיא מארקיזא געענטפערט מיט א טיעפען זיפץ. — עס פעהלט מיר דאך עפּעס.

— איך וועל אייך היינט געבען א מיטעל געגען דער לאנגווילע, האט דער גראף געזאגט גאנץ שטיל. איך וועל אייך געבען אן אויפגאבע, וועלכע וועט אייך אינ־טערעסירען. — ווען איהר וועט צוריקפאהרען, לאזט איבער א פלאץ אין אייער קאַ־רעטע פון מיינטוועגען. — איך האב מיט אייך עטוואס וויכטיגעס צו רעדען.

דער גראף האט גערעדט נאנץ שטיל. דיא מארקיזא האט איהם אנגעקוקט נייגעריג. זיא האט געוואלט עפּעס זאגען, אין דיעזע מינוט אבער איז אנגעלאפען אן עלעגאנטער רייטער אויף א פייערינגען פערד.

— גוטען מארגען, העדר גראף! האט ער אויסגערופען פון דערווייטען. איך בין גליקליך, וואס איך האב אייך יעצט געטראפען, ווייל איך האב יעצט דיא געלעגענהייט אייך צו דערמאָנען אן א פערשפּרעכען, וועלכעס איהר האט מיר געגעבען מיט אייניגע צייט צוריק, ווען מיר האבען צוזאמען געפריהשטיקט אין זשאָקיי קלוב.

— איך פערגעס קיין מאל ניט, וואס איך פערשפּרעך, האט דער גראף געענט־פערט, און איך קען זאגלייך ערפילען מיין פערשפּרעכען.

דער רייטער איז אראפּגעשפרונגען פון זיין פערד, האט עס איבערגעגעבען גראף דע ריוועראס קוטשער און איז אליין צוגעגאנגען צו דער קארעטע פון דער מארקיזא פאלאנצאני.

— איך האב דיא עהרע אייך פארצושטעלען דעם הערצאג האמילטאן, דעם ערשטען סעקרעטער פוֹ'ם ענגלישען געזאנדטעטן, האט דער גראף געזאגט צו דער מארקיזא. ער ווינשט צו מאכען אייער בעקאנטשאפט און וועט גליקליך זיין, ווען איהר וועט איהם ערלויבען אמאל צו קומען אין די אבענדע, ווען איהר נעהמט אויף געסט.

דיא מארקיזא האט זיך לייכט פערנייגט און האט געווארפען א לאנגען, פאַר־שענדען בליק צוערשט אויפ'ן ענגלענדער, דאן אויפ'ן גראף. זיא האט געלעזען אין זיין בליק, אז ער וויל, זיא זאל אויפנעהמען דעם ענגלענדער.

עס וועט מיר העכסט אנגענעהם זיין צו זעהן דעם הערצאג אין מיין זאל, האט זיא געזאגט מיט א גנעדיגען שמייכעל. — ער וועט מיר העלפען מיך לאנגווײלען. — מען זאגט, אז אלע ענגלענדער זיינען לאנגווייליג.

— ווען איהר וועט מיט איהם רעדען פון רייסעס, וועט ער ניט זיין לאנגווייליג, האט דער גראף געשפּאסט.

ווייט פון דער קארעטע, אונטער א בוים איז געשטאנען א פעדלער מיט ציגארען.

ער האט יעדעס מאל ארויסגענומען א פאר ציגארען פון א קעסטעלע, וועלכעס ער האט געטראגען אויפ'ן האלז, און האט זיי אנגעבאטען דיא מענשען, וועלכע זיינען פארבייגעגאנגען.

— האוואנא ציגארען! א סו (פינף סענט) א שטיק! בעסטע האוואנא ציגא־רען! האט ער יעדעס מאל אויסגערופען.

דער פעדלער איז געגאנגען זעהר ארים געקליידעט. זיין געזיכט איז געוועזען פער־ווילדעט און פערוואקסען. זיין שווארצע, צוקנייטשטע באָרד, זייגע צושויבערטע האר און זיין אלטער, צוקנייטשטער און צולעכערטער הוט האבען דייטליך געזאגט, אז דאס איז דער ארימסטער מענש אין פאריז. פיעלע פאראיבערגעהענדע האבען איהם אויס מיטלייד אריינגעווארפען אייניגע סו אין זיין קעסטעלע. ציגארען האט מען ביי איהם זעלטען גענומען. קיינער פון דיא רייכע און עלעגאנטע הערען האט זיך נים אומגעקוקט אויף דיעזען אפגעריסענעם און פערווילדעטען בעטלער. פלוצלונג האט זיך גראף דע ריווערא אומגעקוקט און האט איהם דערזעהן. אן אויסדרוק פון נייגיערדע און מיסטרויען האט זיך געוויעזען אויף זיין געזיכט.

אין דיעזע מינוט איז צוגעקומען צום פעדלער א שעהן געקליידעטער הערר, האט ביי איהם גענומען א פאר ציגארען און האט איהם געגעבען א פראנק. דער הערר איז געוועזען זעהר א קארגער. ער האט געפאדערט, אז דער פעדלער זאל זיך נעהמען נור זיין סו און זאל איהם געבען דעם רעסט. דער פעדלער האט אנגעהויבען צו צעהלען דעם רעסט.

— נעה אוועק פון דאנען, האט דער רייכער הערר געזאגט שטילערהייט צום פעדלער. — יענער טייפעל קוקט אויף דיר צו פיעל. — מיר וועלען זיך שפעטער זעהן אין בולוואר איטאליאן.

דער פעדלער האט ענדליך אפגעצעהלט דעם רעסט אין קופער געלד. דער רייך געקליידעטער הערר איז זיך געגאנגען זיין וועג. פון צייט צו צייט האט ער אָבער געווארפען א בליק פול מיט האס און מיט צאָרן אויף גראף דע ריווערא, וועלכער איז נאך אלץ געשטאנען לעבען דער קארעטע פון דער מארקיזא.

באלד אבער איז אנגעקומען א גלענצענדע עקיפאזשע מיט א פאר שווארצע פערד אין זילבער געשירר מיט גאלדענע קנעפ. דיא פערד זיינען געוועזען זעהר עהנליך צו דיא פון דער מארקיזא, נור דער גרויסער קענער האט געקענט וויסען, אז דיא פערד זיינען נאך בעסער. אין דער קארעטע איז געזעסען דיא רייכע קעראסין הענדלערין, מאדאם מושאר. זיא האט דערזעהן דיא מארקיזא, האט זיא פריינדליך געגריסט און האט זיא געפרעגט, פאר וואס זיא קומט צו איהר אזוי זעלטען.

יעצט האבען דיא הערן אפגעטרעטען פון דער קארעטע. גראף דע ריווערא האט זיך אריינגעזעצט אין זיין דראָשקע. ער האט זיך אומגעקוקט אין דעם ארט, וואו דער פעדלער איז געשטאנען. דער פעדלער איז פערשוואונדען. אויפ'ן גראפ'ס שטערן האבען זיך אויסגעלעגט טיעפע קנייטשען.

דער הערצאג האמילטאן האט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד און איז ארייג־געשפאהרען אין דעם ארויסגעצייכטען קרייז פאר דיא צושויער. דארט איז געוועזען אויס־

געבוים א ביהנע פאר דיא צושויער. מיט עטליכע טרעפ העכער איז געווען אויפגעשטעלט א געצעלט מיט א רונדען דאך מיט א קרוין פון אויבען. דאס געצעלט איז געווען בעצויגען מיט רויטען סאמעט און בעשלאגען מיט פערגאָלדעטע קנעפ. אויף דיא טרעפ איז געלעגען א טהייערער פערזישער טעפיך (קאָרפעט), אויף וועלכען עס זיינען געווען אנגעוואָרפען בלומען. פוןביידע זייטען פון דיא טרעפ זיינען געשטאַנען בלומען טעפ מיט דיא זעלטענסטע בלומען און ביימער.

אין געצעלט זיינען מעהר ניט געווען, וויא צוויי זיץ—פארן קייזער און דיא קייזערין פון פראנקרייך.

דער קרייז פון דיא צושויער האט אנגעהויבען זיך אנצופילען מיט מענשען. באלד איז אנגעקומען דיא קארעטע פוןם רוסישען געזאנדעטען, באראן פאַן מארענהיים. זיינע פערד זיינען געווען פערציערט מיט דיא רוסיִשע פארבען: ווייס, בלוי און רויט. נאך איהם איז אנגעקומען א קארעטע מיט דיא פאַרבען פון האנאווער: ווייס און געל.

אין דער קארעטע זיינען געזעסען צוויי מענער. איינער איז געגאנגען אנגעטהאָן אין פולען מונדיר פון א גענעראל פון האנאווער. דאס איז געווען דער גענעראל קנעזעבעק. דער אנדערער איז געווען א יונגער מאן אין א שווארצען פראק.

גראף דע ריווערא האט דערזעהן דיא קארעטע מיט דיא פארבען פון האנאווער און האט געהייסען זיין קוטשער צופאהרען צו איהר. גענעראל קנעזעבעק האט איהם בעגריסט זעהר העפליך.

— וויא עס וויזט אויס, זייט איהר קיין גרויסער פריינד פון רייסעס, הערר גראף, האט איהם דער גענעראל געזאגט. איך זעה, אז אלע זיינען שוין אריינגעפאָהרען אין קרייז און פערנעהמען שוין זייערע פלעצער, נור איהר אליין שפאַציערט נאָך ארום.

— איך האב ליעב גוטע פערד, האט דער גראף געענטפערט, איך בין אבער קיין ספארטסמאן. — איך בין שוין צו אלט דערצו. דאס לעבען איז צו ערנסט פאַר מיר, איך זאל מיך אפגעבען מיט ספאָרט.

— יא, דיא צייטען זיינען יעצט זעהר ערנסט, האט דער גענעראל געזאגט. דיא אומשטענדע נעהמען דיא מענשען, טרייבען זיי ארום, מישען זיי אויס, פיהרען זיי צוזאמען און צוטרייבען זיי ווידער, וויא דער ווינד טרייבט ארום אם הערבסט דיא אראפגעפאלענע בלעטער. — מיר זיינען טריי אונזער קעניג, מיר זיינען געוויס קיינע ניהיליסטען, קיינע אנארכיסטען און דענאך טארען מיר ניט קומען א היים. מען בעטראכט אונז דארט אלס פעררעטהער. —

— נו, וויא געפעלט אייך פאריז? האט דער גראף איהם אונטערבראכען.

— איך וויים ווירקליך ניט, וואס איך זאל אייך זאגען, האט דער גענעראל געענטפערט. פאריז איז אזא קעסעל גרוב, אז דעם שטארקסטען מענשען פארדרעהט זיך דער קאפ. —

פלוצלונג איז געווארען א בעוועגונג אין דער מענגע. אלע אויגען האבען זיך געווענדעט אין איין זייט. אויף דער ברייטער גאס פון בוא דע בולאָן האט זיך געוויע־

וען א קארעטע, וועלכע איז געלאָפען אונגעהייער שנעל. פאר דער קארעטע זיינען געריטען דיא אפיציערן פון דער קייזערליכער לייב גווארדיע אין זייערע גרינע מונדירען מיט גאלד בעלעגט.

— דער קייזער! דער קייזער! האט געברומט און גערוישט דיא מענגע.

און ווירקליך, באלד איז אנגעלאפען דיא קייזערליכע קארעטע. קייזער נאפאָלעאן דער דריטער אין א שווארצען ראק מיט א שווארצער הוט, האט געהאלטען דיא האנד אין דער הויך און האט געענטפערט אויף דיא גריסע פון דער מענגע, וועלכע האט ניט אויפגעהערט צו ישרייען: עס לעבע דער קייזער! קייזערין אייזשעניע איז געוועזן אנגעטהאן אין א גאנץ איינפאכעם דונקעל גרויעם קלייד.

דער קייזערליכער עקיפאזש איז ארומגעפאהרען דעם פלאץ פון דיא רייסעס און איז אריינגעפאהרען אין קרייז. דער האף מארשאל און צוויי גענערעלע האבען ארויפגעפיהרט דעם קייזער מיט דער קייזערין אויף דיא טרעפ און האבען זיי צוגעפיהרט צום געצעלט.

— זעהט איהר גענעראל, האט גראף דע ריווערא געזאגט, ווען דער קייזער און דיא קייזערין האבען זיך געזעצט אויף זייערע פלעצער. — זעהט איהר, ווען מען בעטראכט דיעזע מענגע, דיעזען פערטראכטען קייזער, דיעזע גענעראלען, דיעזע געזאנדעטע פון אלע לענדער, קען מען מיינען, אז אלע זיינען געקומען א הער קוקען אויף דיא רייסעס. זיי ווילען זעהן, וויא דיא פערד לויפען, ווער עס וועט געווינען און ווער עס וועט פערשפיעלען. — ניין, זיי דענקען אן עפּעס אנדערש. געהיימע דראטהען זיינען דא געצויגען, געהיימע רעדלעך דרעהן זיך, געהיימע מאשינען ארבייטען און שפּיעלען זיך מיט'ן שיקזאל פון לענדער, קעניגרייכע, פירסטען און קעניגע.

— איך וויים עס, גראף, האט דער גענעראל געענטפערט. וואו נעהמט מען אבער דעם שליעסעל צו אלע דיעזע געהיימע מאשינען? ווער קען אויפהייבען דעם פארהאנג און אונז ווייזען, וואס עס קומט פאר אין דער פינסטער? וואס עס ווערט געארבייט און געשאפען אונטער דיעזע שעהנע, גלענצענדע מאסקען?

— דאס איז ניט אזוי לייכט, האט דער גראף געענטפערט. פיעללייכט וואלטען דיא עדעלע הענד פון איינינע פרויען געקענט אויפהויבען דיא שווערע דעקע און ווייזען, וויא אזוי עס ארבייטען דיא געהיימע מאשינען. — אזוי איז שוין אין פיעלע גרויסע שטעדט, אין פיעלע הויפען. דיא פרויען, פיהרען אלעס. ווען איהר האט איינינע פרויען, וועלכע ווילען אייך העלפען אין אייער אונטערנעהמען, וועט איהר אלעס דערגרייכען. — דאס איז מיין ראטה. איך מיין אז ער איז גוט. — אבער זעהט! דיא רייסעס האבען זיך שוין אנגעהויבען.

גראף דע ריווערא האט געהייסען זיין קוטשער שטעלען זיך נאהענט לעבען דעם גענעראלס קארעטע. ער האט זיך אויפגעשטעלט אויף דער קארעטע, האט גענומען זיין אפּערא גלאז און האט געקוקט אויף דיא מענגע. אין דער לאזשע פון'ם קייזער האט מען געזעהן א הויכען, שעהנעם יונגען מאן אין א שווארצען פראק שטעהן לעבען דער קייזערין.

— ווער איז דער? האט דער גענעראל געפרעגט דעם גראף.

— דאס איז דער רוסישער גראָספירסט מיכאאיל ניקאלאיעוויטש, האט דער גראף געענטפערט. מען ערוואַרטעט דעם רוסישען קייסער אויף דיא אויסשטעלונג. פיעלע פון זיין סוויטע זיינען שוין אנגעקומען. דער גראָספירסט איז שוין זייט אכט טאָג אנגעקומען. — גלויבט איהר, אז ער איז געקומען זעהן דיא רייסעס? — געוויס ניט. —

— בראוואָ! הורראה! האט געשריען דיא מענגע. — מאָראָ האט געוואונען! (מאָראָ איז געווען דער נאמען פון א פערד).

אין דער צייט, וואס דיא מענגע איז געווען בעשעפטיגט מיט דיא רייסעס און אלע אויגען האבען געקוקט נור אויף דיא פערד און זייערע רייטער, איז דער פעדלער מיט ציגאַרען געשטאנען לעבען א בוים און האט געקוקט אויף א געוויסען פונקט. דער הויכער, שעהן געקליידעטער מאן מיט א גרויסען שעהנעם שטאק אין דער האנד איז וויעדער צוגעקומען צו איהם.

— דיין פעריק האט זיך אביסעל אראפגערוקט, האט ער איהם געזאגט שטילער הייט און האט זיך איינגעבויגען אויסצוקלייבען א ציגאר פון זיין קעסטעלע. — מאך איהם צו רעכט און קום אוועק פון דאנען. אין בולוואר איטאליען נעגען קאפע אנגלע וועלען מיר זיך בעגעגענען.

ער האט אויסגעקליעבען א ציגאר און איז זיך לאנגזאם אוועקגענאנגען. וויא עס וויזט אויס, האט איהם אויך זעהר ווענינ אינטערעסירט דיא רייסעס. אין דער צייט, וואס אלע אויגען האבען געקוקט אויף דיא פערד און אלע הערצער האבען גע־קלאפט שנעלער. יעדער האט געוואלט דערראטהען, וועלבעס פערד עס וועט געווינען, איז ער זיך געגאנגען רוהיג אביסעל ווייטער פון דער מענגע און האט געווארפען אויגען אין אלע זייטען. אין איין ארט האט ער א ווינק געטהאן א קוטשער פון א דראשקע, ער זאל ווייטער פאהרען, אין אנאנדער ארט האט ער איינעם געגריסט און האט איהם עפּעס געזאגט. יענער איז באלד אוועקגעגאנגען. אזוי איז ער ארומגעגאנגען איבער דעם גרויסען פלאץ, ביז ער איז צוגעקומען צו א קארעטע מיט א פּאר שעהנע פערד. אין דער קארעטע איז געשטאנען איין מאן מיט אן אפּערא גלאז אין דיא הענד און האט דאכט זיך, גאנץ ערנסט געקוקט אויף דיא רייסעס. ער איז געווען אזוי פער־טיעפט אין ספּארט, אז ער האט זאגאר ניט בעמערקט, וויא דער מאן איז ארויף צו איהם אויף דער קארעטע.

— האסט דוא שוין גוט בעטראַכט דיא געגענד, מיכאאיל? האט ער געפרעגט דעם מאן מיט דעם אפּערא גלאז. — דאס איז דער בעסטער פלאץ, וואו מיר קענען אויספיהרען אונזער פלאן.

— איז דען דא דאס ארט און איז דען יעצט דיא צייט צו רעדען דערפון, מאַ־דזיני? האט מיכאאיל באקונין געפרעגט.

— דוא קענסט גאר ניט געפינען קיין בעסערע צייט און קיין בעסערן פלאץ, האט מאדזיני געענטפערט. אלע זיינען אזוי פערטיעפט אין דיא רייסעס, אז קיינעם וועט ניט איינפאלען אין קאפּ, אז מיר רעדען גאר פון עטוואס אנדערש. — אויסער דעם רעדען מיר דאך אויך פון רייסעס. מיר רעדען, ווער עס וועט וועמען איבעריאָגען, ווער עס וועט וועמען איבערוועלטיגען, ווער עס וועט וועמען בעזיעגען. — ווען מיר

ווילען אויספיהרען אונזער פּלאַן, איז דא דער בעסטער ארט. קייסער אלעקסאנדער איז שוין ארויסגעפאהרען פון פּעטערבורג, אין א פּאר טאג ארום וועט ער זיין דא אויף דער אויסשטעלונג. אויף דיעזען פּלאַץ וועט מען מאכען פון זיינעט וועגען א גרויסע פּאראַדע. — דא ווילען מיר האבען דיא בעסטע געלעגענהייט מיט איין שלאג צו פערניכטען דיא גאנצע באנדע, דעם פּאַלשען בעטרינער, וועלכער האט אויף זיך אנ־גענומען דיא קרוין פון פראנקרייך און דעם גרויזאמען אונמענשליכען הערשער פון אלע רוסען.

— האסט דוא געזעהן פעליקס אָרסיני? האט פּלוצלונג באקונין געפרעגט. האט ער מיטגעבראכט דיא דינאמיט באמבעס? — זיינען זיי גוט געמאכט?

— פעליקס אָרסיני שטעהט דא ניט ווייט און פּעדעלט מיט ציגארען, באיא־נאווסקי, סטעפּאנאוויטש און קאפּיא זיצען אין קרייז אויף צוויי פראנק זיצע און שע־פּען פערגניגען פון דיא רייסעס. מיינע איטאליענער האלטען דיא וואך. זיי שפּירען נאך דיא געהיים פּאליציי.

— מיר מוזען הערן זייער בעריכט, איידער מיר ווילען פאסען דעם לעצטען בעשלוס, האט באקונין געזאגט. דיא רוסישע געהיים פּאליציי איז מייסטענס אונוויסענד, מען קען זיא לייכט אפּנאררען. דיא פראנצויזישע געהיים פּאליציי אבער איז בעריהמט אין דער וועלט. זיא איז פּארטרעפליך איינגעריכטעט. עס געפינען זיך צווישען איהר פער־זינע, טיכטיגע און קלוגע מענער, פון וועלכע מען קען זיך ניט אזוי לייכט בעהאלטען.

— בראוואָ! בראוואָ! הוררא! האט דערוויל געשריען דיא מענגע.

מיר מוזען זיין קליגער פון זיי, האט געזאגט מאדזיני און האט אויך אנגעהויבען צו פּאטשען בראוואָ. דערוויל זיינען זיי גאנץ זיכער און שפּירען אונז ניט נאך. ווען דער קייסער אלכסנדר דער צווייטער וועט קומען, וועלען זיי געוויס ניט שווייגען. זיי וועלען דאן געוויס אונז נאכפּארשען. מיר וועלען אבער געפינען מיטעל און וועגע, וויא אזוי זיך אויסצובעהאלטען. — וואס האבען זיי דען געמאכט, ווען זיי האבען בעוואכט דאס הויז פון'ם קארדינאל אנטאנעלי, וואו מיר פלעגען ביז אהער האלטען אונזערע פער־זאמלונגען? — זיי זיינען ארומגענאנגען ארום הויז, האבען עס בעוואכט, האבען זיך צוגעקוקט צו יעדען, ווער עס איז ארייננגעגאנגען און ארויסגעגאנגען און דערמיט האט זיך געענדיגט זייער גאנצע טהעטיגקייט.

— איך מיין, אז עס איז דאך בעסער, מיר זאלען הייטע אבענד פערהאנדלען אלעס אויף דער פערזאמלונג. מיר האבען געמאכט אין רוסלאנד אזויפיעל טרויעריגע ערפאהרונגען, אז מיר מוזען זיין פּאָרזיכטיג. — דיא הויפּטזאכע מוז מען מאכען א פּראָבע, וויא דער דינאמיט ווירקט.

— א קליינע פּראָבע קען מען מאכען, האט מאדזיני געענטפערט און איז אראָפּ־געגאנגען פון דער קארעטע.

ער האט זיך לאנגזאם ארומשפּאציערט ארום פּלאַץ, האט געקוקט אין אלע זייטען און איז געבליעבען שטעהן לעבען א קיאָסק (א בודקע) פון צייטונגען. קיינער איז ניט געווען לעבען קיאָסק. אלע זיינען געווען בעשעפטיגט מיט דיא רייסעס.

— מיין ציגאר האט זיך אויסגעלאשען, האט מאדזיני געזאגט, קענט איהר מיר ניט געבען פייער?

— טהוט מיר לייד, איך קען ניט, האט דער מאן געענטפערט. איך האב געלאזען דיא צינדהעלצער אין דער היים.

מאדזיני איז אוועקגעגאנגען אונצופריעדען.

— פערדאמט! האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער. זיי זיינען ווירקליך נאך ניט פארבערייטעט! — ער האט רעכט, ווען מען האט געמאכט אזוי גרויסען פלאן, מוז מען זיכער זיין, אז מען וועט איהם אויספיהרען מיט אלע קלייניגקייטען.

ער האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט קיינעם ניט געטראפען.

— זיי זיינען זיך שוין צוגאנגען, האט ער געמורמעלט. דיא פראבע איז געוועזען גוט, דיא אקטערע האבען איינשטודירט זייערע ראלען. באלד וועט זיך אפשפיעלען דיא גרויסע טראגעדיע.

אין דער מענגע האט מען ווייטער געזעהן א בעוועגונג. דער קייזער און דיא קייזערין האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע זיץ און האבען ערקלערט, אז זיי ווילען פאהרען א היים. דיא גענעראלען פון דער סוויטע און דיא געזאנדטע פון פרעמדע לענדער האבען זיך געדרענגט ארום דער קארעטע פון'ם קייזער. יעדער האט געוואלט חאפען א ווארט, א שמייכעל, א פריינדליכען בליק פון'ם קייזער אדער פון דער קייזערין. אלע האבען געוואוסט, אז אין פראנקרייך רעגיערט דיא קייזערין און פיהרט דיא פאליטיק, וויא זיא וויל.

קוים איז דער קייזער און דער הויף אוועקגעפאהרען, האבען זיך אלע גרויסע אנגעהויבען צו צופאהרען. דיא רייסעס האבען שוין פאר זיי מעהר קיין אינטערעסע ניט געהאט. איין קארעטע נאך דער אנדערער זיינען אוועקגעפאהרען. עס זיינען געבליעבען נור דיא ספארטסלייט, וועלכע אינטערעסירען זיך ווירקליך אין דיא רייסעס.

גראף דע ריווערא האט געהייסען זיין קוטשער פאהרען א היים אליין. ער האט זיך נאך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט ניט געזעהן קיינעם, וועלכען ער זאל דארפען. דאן האט ער געזוכט מיט דיא אויגען דיא קארעטע פון דער מארקיזא פאלאנצאני. ער האט זיא באלד דערזעהן, וויא זיא פאהרט לאנגזאם, גלייך וויא זיא שפאציערט אין דער זייט פון'ם פארק בוא דע בולאן. ער האט איהר געגעבען א ווינק, דיא קארעטע איז געבליעבען שטעהן. גראף דע ריווערא האט זיך אריינגעזעצט לעבען דער מארקיזא און האט געהייסען פאהרען אין פארק, ניט אין שטאדט.

— וויא געפינט איהר דעם ענגלענדער, וואס איך האב אייך היינט פארגעשטעלט? האט ער זיא געפרעגט.

— שטאלץ, שווייגזאם און לאנגווייליג, וויא אלע ענגלענדער. האט דיא מארקיזא געענטפער.

— ער איז אבער דער ערשטער סעקרעטער פון דער ענגלישער געזאנדשאפט און מען קען פון איהם אמאל עפעס געוואהר ווערן. — אזא בעקאנטשאפט קען צוניץ קומען.

— ווען עס קען צוניץ קומען, וועל איך געוויס מיך בעמיהען דעם יונגען ענגלענ־

דער צו זיך צו צובינדען, האט דיא מארקיזא געזאגט מיט א טאָן פון א דיענער, וועלכער הערט אוים דיא בעפעהלע פון זיין הערר.

— איך וועל אייך נאך בעקאנט מאכען מיט א דייטשען באראָן, וועלכעס איז פאר מיר נאך פיעל וויכטיגער, אלס דער ענגלענדער. מיט איהם וועט איהר זיך שוין מוזען עטוואָס מעהר אפּגעבען, מיין שעהנע פריינדין. איך וואלט געוועזען גליקליך, ווען דיעזער דייטשע באראָן זאל אייך אזוי פעראינטערעסירען, וויא יענער אפיציער אין וויען.

— ברענגט איהם נור צו מיר, בעזאנדערס ווען איך בין אליין, האט דיא מאר־קיזא געענטפערט און האט געווארפען אויפ'ן גראף א זאָנדערבארען בליק. — וואס איז געוועזען אין וויען, האב איך שוין פערגעסען. — וויען איז צו קליין פאר מיר, פאריז איז דיא וועלט. אין וויען האב איך נאך געדארפט ליעבע, אין פאריז וויל איך מאכט—הערשען!

גראף דע ריווערא האט זיא בעטראכט מיט ענטציקען. עס איז איהם געלונגען. ער האט ענדליך געמאכט פון דיעזער שעהנער פרוי א ווערקצייג אין זיינע הענד.

— איך האב אבער נאך א שעהנערע אויפגאבע פאר אייך, מיינע שעהנע פריינדין, האט דער גראף ווייטער געזאגט מיט זיין רוהיגער שטימע. — זיא איז אבער ניט אזוי לייכט. — דער פאר אבער איז דער צוועק א גרויסארטיגער. עס איז ווערטה, אז מען זאל זיך מיט אזא אויפגאבע פערנעהמען. דער פרייז איז ווערטה דיא מיה.

דיא מארקיזא איז געווארען אויפמערקזאם און האט געקוקט אויפ'ן גראף מיט שטוינען. איהרע בליקען האבען געפרעגט: ווען דוא האסט מיט מיר צו רעדען אזא געהיימניס, וויא קומט עס, וואס דיר איז אויסגעקומען צו רעדען דא, אויף דער גאס; דוא קענסט דאך מיך טרעפען אין דער היים?

דער גראף האט פערשטאנען איהר בליק און האט געזאגט, וויא צו זיך אליין:

— איך האב אומיסטען אויסגעוועהלט דיעזען ארט צו רעדען מיט אייך, וייל איבער א געהיימניס — און זעהר א וויכטיגעס געהיימניס — קען מען רעדען נור אויף דער פרייער לופט, וואו עס זיינען ניטא קיין ווענט, וועלכע האבען אויערן, און קיין שטיינער, וועלכע האבען אויגען. דער קוטשער איז בעשעפטיגט מיט זיינע פערד. דער לאקיי קוקט אויף דיא עקיפּאזשען און דיא שפּאציערגעננער. זיי וועלען זיך ניט צו הערן, וואס מיר וועלען רעדען. — דענאך מוזען מיר אביסעל פארזיכטיג זיין.

ער האט זיך אוועקגערוקט גאנץ טיעף אין דער קארעטע און האט זיך אנגע־לעהנט אן דער וואנד.

— בייגט אייך אביסעל צו צו מיר, האט ער זיא געבעטען. מיר דארפען אלענ פאלס ניט רעדען גאנץ הויך.

זיא האט זיך אויך אנגעלעהנט אן דער וואנד פון דער קארעטע און האט אנגעבויגען איהר שעהנעס קאָפּ אזוי, אז איהר אויער איז אויסגעקומען גאנץ נאָהענט צו זיין מויל. דער גראף האט אנגעהויבען צו רעדען מיט א רוהיגען, גלייכגילטיגען טאָן פון א געוועהנליכען געשפּרעך, גלייך וויא עס וואָלט זיך געהאנדעלט אום נייעס מעבעל אדער פערד צו קויפען.

— דער גאנצער קנאטען (קנופּ, שלייף) פון דער פּאָליטיק געפינט זיך יעצט

ביים רוסישען געזאנדטען, בארָאן פאָן מארענהיים. מאדאם מושאר האט געווים געטהאן, וואס זיא האט געדארפט טהאָן. זיא איז א טיכטיגע אגענטין און איך האב היינט געלעזען אין איהרע בליקען, אז זיא און דער גראָספירסט מיכאאיל פערשטעהען זיך פאָלקאָמען.

— וואס רעדט איהר, גראף? מאדאם מושאר איז געזעסען נאר אין א זייט און האט גערעדט נור מיט דאמען. אין דער גאנצער צייט פון דיא רייסעם איז ניט איין הערר צו איהר צוגענאנגען.

— איהר זייט זעהר קלוג, מיין שעהנע פריינדין, האט דער גראף געענטפערט, עס פעהלט אייך אבער נאך דאס שארפע אויג, וואס מען דארף האבען אום אזא געזעלשאפט, וויא דיא היינטיגע צו בעאָבאכטען. איהר דארפט נאך אביסעל לערנען לעזען—א ווינק, א ריהר מיט'ן זאָנענשירם, א מאך מיט'ן פעכער — אלעס האט זיינע בעדייטונג. איך האב אויך דיעזע רייסעם פיעלעס שטודירט. איך האב געזעהן, וויא קייסער נאפאָלעאָן האט בעגריסט דעם רוסישען געזאנדטען העפליך, זאגאר זעהר העפליך, אבער דאך קאלט.

— לערנט מיך, גראף, דיעזע קונסט צו בעאָבאכטען, האט דיא מארקיזא געזאגט מיט א ביטענדער שטימע. איך וועל זיין שטאָלץ צו האבען אזא לעהרער, וויא איהר.

— עס זיינען דא זאכען, וועלכע מען לערנט אליין. קיין לעהרער קען זיי ניט איבערגעבען. דאס לעבען, דאס ארומגעהן מיט מענשען לערנט אונז אויס פיעלע ניצליכע זאכען, וועלכע מיר וועלען אין דער שולע קיין מאל ניט אויסלערנען. — אבער לאמיר בעסער רעדען פון אונזער אויפגאבע. זייט דער גראָספירסט מיכאאיל איז דא אין פאריז, פליעהען טעגליך דעפעשען צווישען פאריז און פעטערבורג. איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען דעם אינהאלט פון דיעזע דעפעשען, וועלכער איז פאר מיר אזוי וויכטיג, אז איך וואָלט אוועקגעגעבען אלעס אין דער וועלט, ווען מען זאל מיר נור ערלויבען א קוק צו טהאן אין זיי.

— וואו געפינען זיך דיעזע דעפעשען און וויא אזוי קען מען קומען צו זיי? האט מארקיזא געפרעגט עטוואס פערוואונדערט.

— דאס וויים איך שוין, האט דער גראף געזאָגט. דער גראָספירסט מיכאאיל איז ניט פאראפאהרען אין א האָטעל, ער איז ניט פארפאהרען אין דיא צימערען, וועלכע מען האט פאר איהם אנגעגרייט אין קייזערליכען פאלאץ. — ער איז פארפאהרען אין אין פאלאץ פון'ם רוסישען געזאנדטען. ער רעדט מיט איהם איבער יעדעם מאל, ווען ער דארף שיקען א דעפעשע. פון יעדער דעפעשע בלייבט א קאָפּיע ביים געזאנדטען. ווען עס קומט אן א דעפעשע בלייבט זיא איבער ביים געזאנדטען. אז דער געזאנדטער וויים, וואס פון פאר א וויכטיגקייט דיעזע דעפעשען זיינען, בעווייזט דער אומשטאנד, אז ער האלט דיעזע גאנצע קאָררעספאָנדענץ אין אן אייזערנע שקאטולקע (קאסעטע) אויף זיין פריוואט שרייב־טיש אין א צימער, וואוהין זאגאר קיינע פון זיינע סעקרע־טערע קומט ניט אריין. —

— איך פערשטעה, האט דיא גרעפין געזאגט, איך וויים אבער נאך ניט,

וועלבער וועג עס קען מיך פיהרען צו ד' וועד שקאטולקע. — זאל עס פיעללייכט זיין דערזעלבער, וועלבער איהר האט מיר געוויעזען צום ענגלישען געזאנדטען? — דיעזער וועג איז אביסעל לאנגוויילינ און דארף פארנעהמען פיעל צייט.

— ניין, האט דער גראף געזאגט, דיעזער וועג טויג דא ניט. איך האב אויסגע־פונען אנאנדערן, א בעסערן. — עס איז ניט קיין גלייכער וועג — ער איז א ביסעל קרום און וועט קאסטען מיה — דערפאר אָבער איז ער זעהר אינטערעסאנט און מען קען זיך אויף איהם אביסעל אמוזירען.

— איך בין נייגיעריג צו הערן, האט דיא מארקיזא געענטפערט און האט זיך צוגעבויגען נאך נעהנטער צום גראף.

— עס איז דא גאנץ שטיל, האט דער גראף געזאגט און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. — לאמיר ארויסגעהן פון דער קארעטע און געהן אביסעל שפאציערען. — עס איז שטיל, קען דער לאקיי אדער דער קוטשער חאפען א ווארט. — דארט זעה איך א דונקעלע אלעע, וואו עס איז גאנץ רוהיג. —

זיא האט גאנץ לייכט בעריהרט מיט איהר זאנענשירם דיא פלייצע פון'ם קוטשער, דיא קארעטע איז געבליעהען שטעהן. דער גראף איז ארויסגעשפרונגען פון דער קארעטע און האט אראפגענומען דיא מארקיזא. זיא האט ארויפגעלעגט איהר האנד אונטער זיין ארים און זיי זיינען ביידע אריינגעגאנגען אין דיא דונקעלע אלעע. דיא קארעטע איז נאכגעפאהרען פון דער וויטענס.

— וואס מיינט איהר, ווען איהר זאלט ווערן אויף א קורצע צייט אן ארבייטער־רין? האט דער גראף געפרעגט מיט א שמייכעל. — איהר זאלט אויסזוכען אן ארבייטער — א שמיעד, א שלאסער אדער א טישלער — א פעהיגען, טיכטיגען יונג, וועלבער זאל קענען בעזארגען אייך דיא בעוואוסטע שקאטולקע? — וויא געפינט איהר דיעזען וועג? — ער איז אינטערעסאנט און וועט אייך געוויס אמוזירען.

— איך פערשטעה, האט געענטפערט דיא מארקיזא. איך וועל פראבירען.

אין דער צייט, וואס גראף דע ריווערא האט זיך אונטערהאלטען אזוי פריינד־ליך מיט זיין מארקיזא, זיינען אין אנאנדערער זייט פון'ם פארק ארומגעגאנגען צווייא מענשען, ריכטיגער געזאגט א מאן מיט א פרוי, אויך פערטיעפט אין א געשפרעך, אבער איבער גאנץ אנדערע זאכען.

— דוא האסט מיר צוריקגעהאלטען, סאפיא, האט דער מאן געזאגט מיט א פארוואורף. דוא האסט מיך ניט געלאזען פאהרען קיין אדעסא, וואו אונזערע אונ־גליקליכע ברידער שמאכטען אין דיא קאזעמעטען. איך האב דיך געפאלגט און בין געבליעבען אין פאריז. — וואס האבען מיר דא אויפגעטהאן? וואס טהוען מיר? — מיר פארשטעלען זיך, טהוען זיך אן מאסקען און געהן ארום, וויא אויף א מאסקען באַל. דאס איז אלעס גאנץ שעהן. וואס וועט אבער דערפון ווערן?

— בערוהיג דיך קאליא, האט דיא יונגע פרוי געבעטען. דער פלאן איז דאך גאנץ ריכטיג. דיא אויסשטעלונג וועט זיך באלד עפענען. עס וועלען זיך צונויפגעקומען אלע טיראנען. ווען עס וועט אונז נור געלינגען, וועלען מיר מיט איין שלאג אלעמען פערניכטען. — עס וועט זיין א שלאג, וועלכער וועט קלינגען איבער דער גאנצער וועלט.

עס וועט קומען אן ענדערונג. א שרעקליכע רעוואלוציאן וועט אויסברעכען אין אלע לענדער מיט אמאל און „פרייהייט און גלייכהייט“ וועט זיין דיא פאראלע (דאס פאס וואָרט) פון אלע קעמפפער. דאן קענען מיר עפּעס טהאן פאר אונזערע אונגליקליכע ברידער אין רוסלאנד.

— מיר קעמפפען אין רוסלאנד גענען איין טיראן, עס האט אונז שוין גענוג געלד און בלוט געקאָסט און מיר האבען ביז אהער נאך ניט איין זיעג צו פערצייכענען, — וויא קענען מיר ערווארטען אויסצופיהרען אין פראנקרייך דאס, וואס איז אונז ביז אהער אין רוסלאנד ניט געלונגען?

— איך פערשטעה דיך ניט, קאליא! האט דיא יונגע פרוי אויסגערופען. — האסט דוא פערגעסען דיא וואהרהייט, וועלכעס דאס רוסישע פאלק האט אויסגעדריקט אין א שפּריכוואָרט: „אָדין אוף פאָלע ניע וואָין“, איינער אליין קען מען קיין קריעג ניט פיהרען — איינער איז קיינער. — זא לאנג מיר קעמפפען אליין אין רוסלאנד, קענען מיר גאר ניט מאכען. ווען אבער דיא רעוואלוציאנערן פון אלע לענדער וועלען זיך פעראייניגען; ווען מיר וועלען מיט איינמאל טרעפען אלע געקרוינטע קעפּ, ווען דאס וועט געשעהן אין פאריז, אין דער הויפט שטאדט פון אלע רעוואלוציאנערן, וואו יעדער איינוואינער איז א געבארענער רעוואָלוציאנער; ווען דיא הייסבלוטיגע איטאליענער און דיא מוטהיגע ענטשלאסענע דייטשען וועלען געהן מיט אונז האנד אין האנד, — דאן, קאליא, דאן קענען מיר ערווארטען א בעסערע צוקונפט פאר דיא געפּלאגטע און אונטערדריקטע מענשהייט.

איינינע מינוטען האבען ביידע געשוויעגען און זיינען געגאנגען שטילערהייט איינער לעבען אנדערן.

— איך קען דעם אָרסיני זעהר וועניג, האט פלוצלונג קאליא געזאגט. איך האב איהם געזעהן נור א פאר מאל אויף אונזערע פערזאמלונגען. ער איז דיא הויפט פערזאן אין דיעזען גאנצען פּלאן. ער האט געלאזט מאכען דיא באָמבעס אין ענגלאנד — אזוי האט מען אונז געזאגט — ער האט זיי אריינגעשמוגעלט קיין פראנקרייך. ער און מאדזיני האבען געמאכט דעם פּלאן און זיי ווילען איהם אויספיהרען. — מיר זיינען נור צושויער, מיר זיינען נור דיא וואך, וועלכע נעהמט קיין איינטהייל אין דער שלאַכט,ווארנט נור, פערהיט נור. — דאס איז פאר מיר וועניג. — איך וויל אויך עטוואס טהאן. דאס לעדיג געהן, דיא ראלע פון א סאלדאט אין גארניזאן, אין א פעסטונג, איז פאר מיר ניט גענוג, טייטעט מיך, פערניכטעט מיך.

— האב געדולד, קאליא! עס וועט נאך קומען דיא צייט, ווען מיר וועלען האבען גענוג צו טהאן. — קוים וועט געלינגען אונזער פּלאן דא, פאהרען מיר גלייך קיין רוסלאנד, זיך שטעלען אן דער שפּיצע פון דער רעוואלוציאן. אלעס איז פארבערייטעט מעןווארט נור אויף א סיגנאַל פון פאריז.

נראף דע ריווערא האט רעכט געהאט, ווען ער האט געזאגט, אז דאס שיקזאל פון לענדער און קעניגע ליעגט אין דיא צאַרטע הענד פון פרויען. סאָפיא האט אזוי לאנג גערעדט און בערוהיגט דעם אונגעדולדיגען באיאנאווסקי, אז ענדליך האט ער

נעמחט צו געבען, זיי זאלען מיט פעראייניגטע קרעפטע אויספיהרען דעם פּלאַן, וועלכען דיא איטאליענער, מאדזיני און ארסאַני האבען געמאכט.

31טעס קאַפּיטעל.

## אַ נ ט ל אָ פ ע ן.

דיא פערשלאָסענע קארעטע, אין וועלכע דער ליעטענאנט וואנדערנשטיין איז געזעסען, איז שנעל אריינגעפאהרען אין אָפענעם טויער פון דער פּאליציי געביידע. וויא עס וויזט אויס, האט מען זיך געריכט אויף'ן גאסט. קוים איז דיא קארעטע אריינגעפאהרען, האט מען באלד פערשלאָסען און פערריגעלט דעם טויער.

מען האט געעפענט דיא קארעטע און מען האט איהם געהייסען ארויסגעהן. דער פּאָליציי-בעאמטער, וועלכער איז געזעסען מיט איהם אין דער קארעטע, האט איהם אריינגעפיהרט אין א גרויסען זאל, וואו עס זיינען געזעסען פיעלע שרייבער און האבען פלייסיג געקריצט מיט דיא פעדערן. ער איז דורכגעגאנגען דעם זאל און האט אריינגעפיהרט דעם ארעסטאנט אין א קליינעם צימער, וואו עס איז געזעסען נור איין מאן מיט גאלדענע ברילען לעבען א גרויסען שרייב־טיש, פערלעגט מיט ביכער און פּאפּיערן. דאס איז געוועזען דער הערר פּאליציי-דירעקטאָר.

ווען דער ליעטענאנט מיט זיין בעגלייטער זיינען אריינגעקומען, האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, האט געגעבען א ווינק דעם בעאמטען, ער זאָל ארויסגעהן, און האט זיך געווענדעט צום ליעטענאנט.

— ביטע, הערר וואנדערנשטיין, זעצען זיא זיך, האט ער איהם געזאגט גאנץ העפליך און האט אליין איהם צוגערוקט א ווייכען, סאמעטענעם שטוהל.

וואנדערנשטיין האט זיך אניעדערגעזעצט. דער פּאָליציי-דירעקטאָר האט זיך געזעצט נעגען איהם.

— עס טהוט מיר לייד, הערר וואנדערנשטיין, וואס איך האב אייך געשיקט רופען צו מיר, האט ער אנגעהויבען מיט א רוהיגער, מילדער שטימע. — איך האב געווים געהאפט, מיר זאלען זיך זעהן אונטער אנדערע, פרעהליכערע, אומשטענדע. —

דער ליעטענאנט האט זיך העפליך פערנייגט און האט גאר ניט געענטפערט.

— איך האב ערהאלטען נאכריכטען, האט דער פּאָליציי-דירעקטאָר ווייטער געזאגט, אז פיעלע בירגער זיינען ניט צופריעדען מיט דער פּרייסישער רעגיערונג און אגיטירען אויפצוהויבען א רעוואָלוציאָן. מען זאגט, אז דער קעניג געאָרג האט ארויס־געשיקט פּראקלאמאציאָנען און געלד. ער וויל בילדען א גאנצע ארמעע. — דאס אלעס איז ניט גאנץ וויכטיג. דאס שלימסטע איז, וואס אייער נאמען ווערט זעהר אפט דערמאנט אין דער גאנצער געשיכטע. איך בין פּאָליציי דירעקטאָר און האב א שטרענגען בעפעהל איין מאל פאר אלע מאל צו מאכען אן ענדע פון אלע דיעזע אגי־טאציאָנען און רעוואָלוציאָנען. — איך בין געצוואונגען אייך צו ברענגען אין זיכערהייט, האט ער ווייטער געזאגט פריינדליך. — מעגליך, אז דאס איז גאר אייך צו גוטען. איהר וועט זיך אפּרוהען אביסעל און וועט ניט טהאן אזעלכעס, פאר וועלכעס דאס געזעץ בעשטראפט זעהר שטרענג—

װענדענשטײן האט ניט געענטפערט. א פּאר מינוטען האבען בײדע געשװיגען.

— װײסט איהר אפּט ניט עפּעס פון דער עמיגראַציאָן פון אָפּיציערן און סאָל־דאטען, װעלכע דער קעניג געאָרג האט פּעראנשטאלטעט? — האט דער פּאָליציי־דירעקטאָר פּלוצלונג געפרעגט. — פיהרט איהר קײנע קארעספּאנדענץ מיט דעם קעניגס מענשען אין היצינג? —

— הערר דירעקטאָר, האט װענדענשטײן רוהיג געענטפערט, איך לעב רוהיג ביי מײנע עלטערן און האב גאר ניט אין זינען ארויסצופּאהרען פון האנאװער. — איך דענק גאר צו הייראטהען און זיך בעשעפטיגען מיט ערד ארבײט. מײן פאטער שטעהט אין קױפען א גוט, װאו מיר װעלען זיך בעזעצען. — דאס איז דער בעסטער בעװייז, אז איך בין װייט פון יעדער אגיטאציאָן און פון יעדער רעװאָלוציאָן.

— דאס איז קײנע אנטװארט אויף מײנע פראגען, האט דער פּאָליציי־דירעקטאָר געזאגט עטװאס שארף. — צװאר האב איך געמוזט פרעגען אלס פּאָליציי־דירעקטאר — און אלס דזשענטעלמאַן האב איך קײנע אנדערע אנטװארט ניט געקענט ערװארטען. — איך װיל אײך בעהאנדלען אלס דזשענטעלמאַן, װייל ביז אהער האב איך געגען אײך נור א פערדאכט (חשד) אָן איך האָף, אז דיעזער פערדאכט װעט זיך ניט בעשטעטיגען. — אלענפאלס מוזט איהר בלײבען מײן גאסט אויף עטליכע טעג. — איך קען אײך ניט אנבאטען קײן פיעלע בעקװעמליכקײטען, — האט ער געזאגט מיט א שמײכעל, אבער איהר קענט אײך הײסען ברײנגען, װאס איהר פערלאנגט. נור װען איהר װעט װעלען שרײבען בריעף, װעט איהר שױן זײן אזױ פריינדליך און מיר ערלױבען, איך זאל זיי איבערלעזען.

װענדענשטײן האט זיך פערנײגט פאר'ן העפליכען פּאָליציי־דירעקטאָר. ער האט ערװארטעט, אז מען װעט איהם באלד אפּפיהרען אין א בעזונדער קאמעריל, װאו מען װעט איהם פערשפּארען. דער פּאָליציי־דירעקטאָר האט זיך אבער ניט געריהרט פון זײן ארט. ער איז געזעסען גאנץ רוהיג און האט עפּעס געזוכט צװישען זײנע פּאַ־פּיערען, ביז ער האט געפונען, װאס ער דארף.

— זעהט איהר, הערר װענדענשטײן, האט ער איהם פּלוצלונג געזאגט און האט איהם געגעבען א בױגען פּאפּיער. — זעהט איהר, אויף דיעזען בױגען פּאפּיער זײנען אנגעשריעבען אײניגע פראגען. זעצט אײך דארט לעבען יענעם טישעל און שרײבט אָן אנטװארטען אויף דיעזע פראגען. — איך בעפעהל אײך ניט װאס צו אנטװארטען, איך הײס אײך ניט און זאג אײך ניט, װאס איהר זאלט שרײבען. — איך מאך אײך אבער אױפמערקזאם, אז װאס אפענהערציגער און װאס דײטליכער איהר װעט בעאנט־װאָרטען דיעזע פראגען, אלץ שנעלער קענט איהר צוריק ערהאלטען אײערע פרײהײט. — איך זאג אײך נאך אמאל: איך װיל קײנעם קײן שלעכטעס ניט טהאָן, איך װיל פערהיטען דאס שלימסטע. איך װיל װארנען און שױנען — אױסמײדען דאס אונאנ־גענעהמע. — איבערלעגט אלזא, װאס איהר זאלט אנטװארטען אויף דיעזע פראגען.

װענדענשטײן האט גענומען דעם בעשריעבענעם בױגען פּאפּיער און האט זיך מיט איהם געזעצט לעבען א קלײן טישעלע, װעלכעס איז געשטאנען אין װינקעל. ער

האט אנגעהויבען אויפמערקזאם צו לעזען דיא פראגען און צו טראכטען, וואס ער זאל אויף זיי ענטפערן.

דער פאליציי דירעקטאר האט זיך פערטיעפט אין זיינע פאפיערן און, וויא עס האט זיך אויסגעוויעזען, האט ער גאר פערגעסען אן דעם יונגען מאן. ווער עס וואלט אבער געשטאנען אין צימער און בעטראכט דיעזע שטומע סצענע, דער וואלט געזעהן, וויא דער פאליציי דירעקטאר האט פון צייט צו צייט געווארפען אויף איהם א שטרענגען פארשענדען בליק, אין וועלכען מען האט געקענט דייטליך לעזען:

— מיר וועלען דיך שוין דערטאפען, דוא וועסט שוין ניט ארויס אזוי טרוקען פון אונזערע הענד. מיר ווייסען אלעס, פיעללייכט בעסער פון אייך, וואס איהר דענקט צו טהאן.

אזוי איז פערגאנגען אן ערך פון א האלבע שטונדע, אין וועלכע ניט דער פא־ליציי דירעקטאר, ניט וועגדענשטיין האבען קיין ווארט ניט גערעדט. יעדער איז געווען בעשעפטיגט פאר זיך, ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט גאנץ שטיל און א מאן אין ציוויל קליידער מיט א בינטעל פאפיערן אונטערן ארים איז אריין אין צימער. ער איז געבליעבען שטעהן ביי דער טהיר גלייך, אויסגעשטרעקט און האט געווארט, אז דער פאליציי דירעקטאר זאל אנהויבען צו איהם צו רעדען.

— אלעס געענדיגט? האט איהם דער פאליציי דירעקטאר ענדליך געפרעגט.

— צו בעפעהל, הערר דירעקטאר! האט דער בעאמטער געענטפערט. — דאס האב איך געפונען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אניעדערגעלעגט דאס פעקעל פאפיערן אויפ׳ן טיש.

— גוט! האט דער דירעקטאר געזאגט. געהט אין דיא קאנצעליי און ווארט אויף ווייטערע בעפעהלע.

דער בעאמטער איז ארויסגעגאנגען. דער פאליציי דירעקטאר האט אנגעהויבען דורכצוקוקען דיא פאפירען, וואס ער האט איהם געבראכט. ביי דיא ערשטע פאפיע־רען האט ער פערצויגען מיט דיא אקסלען, גלייך וויא ער האט געוואלט זאגען: וואס האט ער דא געבראכט? — באלד אבער האט ער געפונען דעם קאנווערט מיט פא־פיערען, וועלכען הארטוויג האט היינט געגעבען וועגדענשטיינען. ער האט איהם לאנג־זאם געעפענט און אנגעהויבען צו לעזען. זיין געזיכט איז געווארען אש גרוי און האט אנגענומען א ווילדען, בייזען אויסדרוק. לאנגזאם, זארגפעלטיג און איבערלעגט האט ער געלעזען און בעטראכט יעדעם בייגעלע פאפיער, וואס ער האט גענומען אין דער האנד. ווען ער האט געענדיגט דאס לעזען, האט ער זיי ווידער צונויפגעלעגט און איז צוגעגאנגען צו דעם טישעל, וואו וועגדענשטיין איז געזעסען.

— הערר וועגדענשטיין, האט ער געזאגט שטרענג, עס טהוט מיר לייד אייך צו זאגען, אז דיא בעשולדיגונג געגען אייך איז פיעל ערנסטער, וויא איך האב עס מיר פריהער פארגעשטעלט.

וועגדענשטיין האט א קוק געטהאן אויף דיא פאפיערען אין דער האנד פון׳ם פאליציי דירעקטאר און איז בלייך געווארען.

— קענט איהר דיעזע פאפיערען? האט דער פאליציי דירעקטאר געפרעגט און האט אנגעהויבען צו בלעטערן דיא פאפיערען, וועלכע ער האט געהאלטען אין דער האנד. — ווייסט איהר, וואס אין דיעזע פאפיערען שטעהט?

— דאס זיינען אלטע בריעף און נאטיצען, וועלכע זיינען געלעגען אין מיין שרייב טיש, האט וועגדענשטיין געענטפערט. איך פארשטעה ניט, וויא דיעזע פאפיערען קומען צו אייך. מיין שרייב טיש איז פערשלאסען און איך האב דעם שליעסעל ביי מיר.

— דאס נעזעץ פארדערט, אז אין אזעלכע פעלע זאל מען מאכען א הויז אונטערזוכונג, האט דער פאליציי דירעקטאר געענטפערט פינסטער. אין אזא פאל פרעגט מען ניט נאך א שליעסעל. מען העלפט זיך שוין אליין. — דאס האט מען גע־פונען אין אייער שרייב טיש. דיא פאפיערען ווייזען אויס ניט אלט צו זיין. אייניגע זיינען זאגאר גאנץ פריש אנגעשריעבען. — איך מוז אייך ארויסזאגען, אז אייער לאגע איז יעצט א גאנץ ערנסטע. פרייסען האט פיינט צו שפאסען. איהר ווייסט, וואס פיר א שטראפע עס קומט א פעררעטהער נעגען זיין קעניג. — איך זעה צווייטען דיעזע פא־פיערען שליעסעל צו געהיימע בריעף און דעפעשען, פראקלאמאציאנען, אויפרופע צו איינער רעוואלוציאן. — דאס איז זעהר, זעהר ערנסט.

— הערר פאליציי דירעקטאר, האט וועגדענשטיין געענטפערט מיט א פעסטער שטימע, איך קען אייך פערזיכערן, אז דיעזע פאפיערען זיינען ניט מיינע. — פרעגט דעם מענשען, וועלכער האט זיי גענומען ביי מיר פון שרייב טיש, אויב זיי זיינען ניט געלעגען אין א פערזיעגעלטען קאנווערט. מען האט זיי מיר געגעבען צו בעהאלטען. איך וויים ניט, וואס אין זיי שטעהט און וואס פאר א בעדייטונג זיי האבען.

דער פאליציי דירעקטאר האט בעטראכט דעם יונגען מאן אייניגע מינוט. דאן האט ער געזאגט מיט א מילדערער שטימע.

— אלס מענש, אלס דזשענטעלמאן 'וואלט איך אייך פיעללייכט געגלויבט, אלס פאליציי דירעקטאר אבער דארף איך אייך ניט גלויבען. — איך וויל אבער אויף א מינוט אראפוואַרפען פון מיר דעם פאליציי דירעקטאר און אלס מענש פרעגען אייך, ווער האט אייך געגעבען דיעזע פאפיערען צו בעהאלטען? — ווען איהר זאגט עס מיר ניט, קען איך אייך ניט גלויבען, אז דיא פאפיערען זיינען ניט אייערע.

— הערר פאליציי דירעקטאר, א דזשענטעלמאן און איבערהויפט אן עהרליכער מאן גיט ניט אויס א געהיימניס, וועלכעס מען האט איהם פערטרויט.

דאס געזיכט פון'ם פאליציי דירעקטאר איז געווארען פינסטער, וויא דיא נאכט.

— ווען איהר וועט וועלען זיין אזוי פיין און אזוי עהרליך, וועט איהר מוזען לייַ־דען דיא גאנצע פעראנטווארטליכקייט, גלייך וויא דיעזע פאפיערען וואלטען געוועזען אייערע. — איך ווארן אייך און זאג אייך פריהער, אז דיעזע פעראנטווארטליכקייט איז זעהר א שווערע. זיא קען אמאל קאסטען דעם קאפ.

— איך איבערנעהם אויף מיר יעדע פעראנטווארליכקייט, האט וועגדענשטיין געזאגט שטאלץ.

— אויב אזוי, האט דער פאליציי דירעקטאר געזאגט, איז דיא גאנצע זאך גאנץ אנדערש געשטעלט. דיא פראגען, וועלכע איך האב אייך געשטעלט אויף'ן בויגען

פאפיער, מוז איך יעצט ענדערן. — איך מוז דיא זאכע זאגלייך מעלדען אין בערלין און ווארטען אויף אנטוואָרט. — איהר ווערט מוזען אננעהמען קווארטיר ביי מיר אויף א לענגערע צייט.

ער האט אנגעקלונגען צוויי מאל. א סאָלדאט מיט א געלאדענער ביקס איז אריין אין צימער.

— פיהרט אוועק דיעזען העררן אין צימער נומער 115 האט ער בעפוילען.

וועגדענשטיין איז אויפגעשטאנען פון זיין שטוהל און איז געגאנגען מיט'ן סאָלדאט. מען האט איהם געפיהרט דורך א פינסטערן קארידאר, ביז מען האט איהם צוגעפיהרט צו א פעררינגעלטער און פערשלאָסענער טהיר. א מאן מיט א בונט שליסעל אין דער האנד איז געשטאנען און געוואַרט אויף איהם. ער האט געעפענט דעם שלאָס און אראפגענומען א שווער שטיק אייזען פון דער טהיר.

וועגדענשטיין איז אריין אין זיינע נייע קווארטיר. דאס איז געווען א קליין צימעריל, אבער גאנץ ריין וויים געקאַלכט. לעבען איין וואנד איז געשטאנען א בעט מיט א ווייסען לייל־אך. לעבען בעט איז געשטאנען א קליין טישעלע מיט צוויי הילצערנע שטוהלען. דאס צימעריל האט געהאט א פענסטער. עס איז אבער געווען שטארק בעשלאגען מיט אייזערנע גראַטעס.

דער ערשטער איינדרוק פון דיעזען צימעריל איז געווען א שרעקליכער. וועגדענשטיין האט א ציטער געטהאן מיט'ן גאנצען קערפּער. צום ערשטען מאל אין זיין לעבען איז ער געווען אין א געפענגניס.

— איך האב געבעטען, אז מען זאל מיר ברענגען וועש און קליידער, האט ער געפרעגט דעם שליסער, קען איך מיר הייסען ברענגען א דיוואן צום שלאפען?

— איך מיין, אז איהר מעגט, האט דער שליסער געענטפערט.

— מעג איך ברענגען ליכט אין מיין צימער?

— דיא רעגעל פון דיעזעס הויז זאגט, אז ביז ניין אוהר מעג ברענגען ליכט. איך וועל פרעגען דעם דירעקטאָר, מעגליך, אז ער וועט מאכען פאר אייך אן אויסנאהמע און וועט אייך ערלויבען צו ברענגען ליכט שפּעטער פון ניין אוהר.

— אלזא, געהט און פרעגט דעם דירעקטאר, האט וועגדענשטיין געזאגט, ווען ער וועט עס ערלויבען, וועט איהר זיין אזוי גוט און מיר ברענגען א סטעארין ליכט.

דער שליסער איז ארויסגעגאנגען, האט ארויפגעלעגט דאס שטיק אייזען אויף דער טהיר און האט זיא פערשלאָסען. וועגדענשטיין איז געבליעבען אליין. אין צימער איז געווען האלב פינסטער. דער שליסער האט איבערגעלאזען א שטיקעל חלב'ן ליכט אין א לעהמענעם לייכטעריל. דאס ליכט האט געברענט אזוי דונקעל, אז עס האט נור געוויזען, וויא טרויעריג זיין נייע קווארטיר איז. ער איז ארומגעגאנגען אייניגע צייט אין צימער הין און צוריק, ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער א קוק טהאן אויף א שטיקעל הימעל, אבער אלעס איז געווען דונקעל און פינסטער.

דאס שטיקעל ליכט אין לייכטעריל האט אנגעהויבען זיך אויסצולעשען. עס האט נאך א פּאָר מאל אויפגעפלאַמט מיט א רויטע ליכטיגקייט און האט בעלייכטעט דיא ווייסע, נאַקעטע ווענד. עס איז ווידער געוואָרען פינסטער און עס האט ווידער

אויפגעפלאמט. ענדליך האט זיך עס אין גאנצען פערלאשען. דאס קליינע צימעריל איז פול געווארען מיט רויך און מיט א געשטאנק פון א פערלאשענעם ליכט.

— דאס ארימע ליכט האט מוטהיג געקעמפפט געגען דער פינסטערניס, האט וועגדענשטיין געזאגט צו זיך אליין. עס האט אבער ניט געקענט אויסהאלטען. עס האט געמוזט נאכגעבען. דיא פינסטערניס האט געזיעגט. — וועט עס שטענדיג זיעגען? איז שוין גאר קיין האפנונג ניטא פארן ליכט? — אך!

אין דער פינסטער איז ער קוים צוגעקראכען צו זיין בעט און האט זיך אניעדער געווארפען. ארומגעהן אין דער פינסטער האט ער דאך ניט געקענט.

— מען ברענגט מיר גאר נישט, האט ער געזאגט. דער דזשענטעלמאן, דער פאליציי־דירעקטאר, האט אלעס פערבאטען. מען האלט מיך פאר א געפעהרליכען פערברעכער. — ארמע העלענא! וואס פאר א שווערע ליידען האב איך דיר פער־ אורזאכט! — איך זאל וויסען וועניגסטענס, אז זיי זיינען אנטלאפען און האבען זיך געראטעוועט!

— — — — — — — — — — — — —

הארטוויג האט צונויפגעלעגט זיינע זאכען און האט געוואלט געהן רופען א דראשקע, זיא זאל איהם צופיהרען צום באהנהאף. אין קארידאר האט איהם א קליי־ נער יונגע דערלאנגט א שטיקעל פאפיער, האט געזאגט: שנעל לעזען און פאלגען! און איז ארויסגעלאפען. הארטוויג האט איבערגעלעזען דאס שטיקעל פאפיער. דארויף זיינען געשטאנען נור איינינע ווערטער:

„ארויסגעהן דורך הינטער טהיר אין ביערשענק — שנעל! אויף דער גאס — געפאהר".

דער צעטעלע איז געווען אהן אן אונטערשריפט. הארטוויג האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן: זאל ער פאהרען גלייך צום באהן, אדער זאל ער בעטראכטען דיעזען צעטעל אלס ווארנונג פון א פריינד. ענדליך האט ער זיך ענטשלאסען צו פאלגען, וואס אין צעטעל שטעהט. ער איז ארויס דורך דער הינטער טהיר אין א קליין געסעל, וואו עס איז געווען אן ארימער ביער־סאלון, וועלכען עס פלעגען בעזוכען נור ארבייטער און ארימע לייט, אפיציערן און רייכע לייט פלעגען קיין מאל אהין ניט קומען.

ווען ער איז אריינגעקומען אין ביער־סאלאן, איז אניעדעריגער מאן מיט א בלאסען געזיכט, מיט א קרומער, עכט אידישער נאז געשטאנען לעבען דער באר (סטאָיקא) און געטרונקען א גלאז ביער. דאס איז געווען דער אידישער קויפמאן, זאנטאג. — קוים האט ער דערזעהן דעם יונגען אפיציער אריינטרעטען אין סאלון, האט ער באלד בעצאהלט פאר זיין ביער און האט געזאגט אין דער הויך:

— גוט, וואס איך האב אייך געטראפען, אייער ראָק איז פערטיג, קומט, מעסט איהם אן.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם דורכגעפיהרט דורך א פינסטערן קארידאָר אין הויף אריין.

— איהר זייט אין געפאהר, האט זאנטאג געזאגט, ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין הויף. — וועגדענשטיין איז שוין ארעסטירט. אויף אייך ווארט מען ביי דער באהן.

אן אגענט פון דער געהיים-פאָליציי דרעהט זיך ארום פאר דער טהיר פון אייער וואינונג. — רוקט אראפ דעם הוט איבער דיא אויגען און קומט מיט מיר, אבער שנעל, וויא נור מעגליך!

— איך וויל אבער נעהמען מיינע זאכען, האט הארטוויג אנגעהויבען צו רעדען. —

— קיין ווארט מעהר! האט איהם זאנטאג אונטערבראָכען. יעדע מינוטע ברענגט געפאהר.

ער האט איהם אריינגעפיהרט אין א קליין צימעריל אין סאלון, וועלכעס איז געווען בעשטימט נור פאר בעקאנטע געסט. שנעל, וויא א בליץ, האט דאס קליינער אידעל ארויסגעהאפט פון דער קעשענע א שערעל און האט אנגעהויבען אפצושערען הארטוויג׳ס שעהנע, קיילעכדיגע באָרד.

— וואס טהוט איהר, הערר זאָנטאג?

— דאס איז דיא ערשטע זאך, וואס איהר מוזט טהאן, מען זאל אייך ניט דערקענען. דער באָרד איז דער ערשטער צייכען, אן וועלכען מען דערקענט א מענשען.

געשיקט, וויא אן עכטער בארביער, האט איהם זאנטאג אפגעשוירען דעם גאנצען בארד מיט דיא וואנציעס. ווען דיעזע אפעראציאָן איז געווען געענדיגט, האט איהם זאנטאג געזאגט:

— יעצט שנעל! אויסגעטהאָן דעם ראָק! אנגעטהאָן דיעזע ארבייטער בלוזע — ארבייטער העמד — אבער אַלעס שנעל!

ער האט אראפגעשלעפט פון׳ם יונגען מאן דעם ראָק און האט אויף איהם ארויפגעצויגען אן ארבייטער העמד און א צובראָכענעם הוט, וועלכעס ער האט געהאַלטען ביי זיך אנגעגרייט.

— יעצט קומט מיט מיר! האט ער ווייטער געזאגט. יעדע מינוט איז טהייער. איך ווייס ניט, וויא פיעל יונגע לייט וועלען היינטיגע נאכט האבען קווארטיר ביים פאליציי דירעקטאר, וויא פיעל אבער מיר וועלען קענען, וועלען מיר ארויסרייסען פון זייערע הענד.

זאנטאג איז געווען א בעוואוסטער קויפמאַן אין האנאווער. ער פלעגט זיך שטארק אינטערעסירען אין דער פאָליטיק, האט פיינט געהאט פרייסען, וויא א שפין; ער איז געווען א געהיימעס מיטגליעד פון אלע רעוואָלוציאָנער׳ע געזעלשאפטען און אין דער זעלבער צייט איז ער געווען דער בעסטער גוטער פריינד מיט דער פאָליציי. דיא אגענטען פון דער געהיים פאָליציי האבען געהאט צו איהם אזוי פיעל צוטרויען, אז זיי פלעגען איהם אויסזאגען אלע געהיימניסע. אין שטאָדט האט מען איהם געקענט פאר א שטילען, רוהיגען, עהרליכען קויפמאַן. ער איז געווען זעהר פאָרזיכטיג. זיין נאָמען איז אין ערגעץ ניט געווען פערשריעבען און אין אייסערסטען פאל, ווען מען זאָל שוין גאר געוואהר ווערן, אז ער איז א מיטגליעד פון א געהיימער געזעלשאַפט, האָט ער זיך שטענדיג געקענט אויסדרעהן, אז ער האט געוואָלט אריינטרעטען אין דער געזעלשאפט אום צו שפיאָנירען און דערציעהלען זיינע פריינד, דיא אגענטען פון דער געהיים פאָליציי, פאר וועלכע ער פלעגט שטענדיג אויסלויבען דיא פרייסישע רעגיער־רונג און זיא אויפהייבען ביז אין הימעל.

ווען דיא נייע טואלעט פון׳ם יונגען אָפיציער איז פערטיג געוואָרען, האָט איהם זאנטאג נאך אויסגעשמיערט דאָס געזיכט מיט א שטיקעל קויל.

— נו, יעצט מעגט איהר שוין געהן אויף דער גאַס. איהר מוזט היינט אוועקפאָהרען, דער באהנהאף אבער איז שטרענג בעוואַכט. איך וועל זעהן אייך דורכפיהרען אויף אנאנדער וועג.

— קענט איהר מיר ניט געבען א שפּיעגעל, איך זאל מיך ווענינגסטענס אָנקוקען, וויא איך זעה אויס? האט הארטוויג געשפּאַסט.

ער האט נאך אלץ ניט געגלויבט, אז דיא געפאהר איז אזוי גרויס. דער קויפמאַן זאנטאג איז איהם געווען בעקאנט פאר איינעם פון דיא געהיימע געזעלשאפטען. ער האט אבער ניט געוואוסט, וואס פאר א דאפעל ראָלע דיעזער פלינקער קליינער מאַן שפּיעלט אין דער איצטיגער צייט.

— קומט נור מיט מיר, איך וועל אייך שוין פערשאַפען א שפּיעגעל אויך. — איך וועל געהן פאראויס און איהר זאלט מיר נאכגעהן רוהיג און לאנגזאם.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון׳ם ביער סאלון. זאנטאג איז געגאנגען פאראויס, הארטוויג איז נאכגעגאנגען איינינע שריט וויט פון איהם. זאנטאג האט איהם געפיהרט צו זיך א היים. אין דייטשלאנד ווערן אלע געשעפטען געשלאָסען זעהר פריה. זאנטאגס מאגאזין איז שוין אויך געווען געשלאָסען. זאנטאג האט אנגעקלאפּט אין טויער פון זיין הויז און האט געוויזען דעם ארבייטער הארטוויג, אז מען דארף עפּעס פאריכטען דעם טויער, וועלכער האָט זיך באלד געעפענט. ער האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין שטוב. עס איז שוין געווען פינסטער און זאנטאג האט אנגעצונדען א ליכט.

— יעצט האט איהר צייט זיך אנצוקוקען אין שפּיעגעל און צורעכט מאכען אייער טואלעט.

הארטוויג האט זיך אנגעקוקט אין שפּיעגעל און האט זיך צולאַכט. ער האט זיך אליין ניט דערקענט, אזוי פערענדערט איז ער געוואָרען אין אזא קורצע צייט.

— האט איהר געלד? האט איהם זאנטאג געפרעגט.

— איך האב געלד גענוג.

— נו, גוט! יעצט הערט מיך אויס אויפמערקזאם, איבערלעגט יעדעס וואָרט, וואס איך וועל אייך זאגען, וויל אייערע פרייהייט און, מעגליך, אויך אייער לעבען העננט אָפּ דערפון, וויא איהר וועט אויספיהרען, וואָס איך זאג אייך.

הארטוויג איז געוואָרען ערנסט. ער האט איינגעזעהן, אז דאס איז קיין שפּאַס.

— איהר וועט ארויסגעהן פון׳ם טויער און וועט געהן לאנגזאם און רוהיג אויפ׳ן וועג צום באהנהאף, האט זאנטאג אנגעהויבען צו ערקלערן, וואס ער זאל טהאָן. — ווען איהר וועט קומען צום מאנומענט פון׳ם קעניג ערנסט־אויגוסט, וועט איהר זעהן, אז דארט שטעהט א פּאָליסמאַן. איהר זאלט צוגעהן צו איהם און איהם פרעגען, וויא אזוי געהט מען צו דער מאריענשטראסע. וועט ער אייך ענטפערן: „די מאריענשטראַסע געהערט צו מיין בעצירק; קומט איך וועל אייך וויזען דעם וועג", זאלט איהר מיט איהם געהן און וויטער גאר ניט פרעגען. וועט ער אייך אבער אנהויבען צו ערקלערן,

וויא אזוי צו געהן צו דער מאריענשטראסע, זאלט איהר איהם רוהיג אויסהערן און אוועקגעהן, וואוהין ער וועט אייך ווייזען. — יעצט שנעל! פארט! יעדע מינוט איז טהייער! — גליק אויף דיא רייזע!

הארטוויג האט געוואלט נאך עפּעס פרעגען, נאך עפּעס זאגען, דער פלינקער זאנטאג אבער האט איהם ניט געלאזט רעדען קיין ווארט. הארטוויג איז ארויסגעגאנגען דורכ'ן טויער. אייניגע מינוטען שפּעטער איז זאנטאג ארויסגעגאנגען דורך דער טהיר פון זיין וואינונג. ער איז געלאפען אין ביער סאלאן, האט גענומען דעם ראָק, וואס הארטוויג האט אויסגעטהאן, האט איהם פערפּאקט אין פּאפּיער און איז געלאפען אין דער פּאָסט. עס איז ישוין געווען שפּעט און דיא פּאסט איז געווען פערמאכט. זאנטאג האט אנגעהויבען צו קלאַפּען און צו רייסען דיא טהירען, ביז מען האט איהם ענדליך געעפענט און געפרעגט, וואס ער דארף?

— איך האב אוועקצושיקען א פּעקעל וואארע, האט ער געענטפערט און געוויעזען אויפ'ן פערפּאקטען ראק, וועלכען ער האט געהאלטען אין דער האנד. עס איז פאר א האכהייצט. טהוט מיר א געפאלען און נעהמט עס אהן.

דער פּאסט בעאמטער האט איהם געענטפערט גאנץ גראָב.

— עס איז שוין שפּעט! קומט מארגען אין דער פריא! עס איז שוין צייט צו וויסען, ווען מען נעהמט אויף זענדונגען אויף דער פּאָסט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער א קלאפּ געטהאן מיט דער טהיר און האט געלאזען דעם קויפמאן אין דרויסען. אויף זאנטאגס געזיכט האט זיך געוויעזען א צופריעדענער שמייכעל.

— איך האב שוין א גוטען עדות, אז איך בין היינט פארנאכט געווען שטאַרק בעשעפטיגט אין מיין מאגאזין, האט ער געזאגט צו זיך אליין. קיינער וועט ניט קענען זאגען, אז איך האב געהאלפען א פּאליטישען פערברעכער צו אנטלויפען.

יעצט איז ער זיך גאנץ לאנגזאם און רוהיג געגאנגען א היים מיט זיין פּעקעל אונטערן ארים. ער האט זיך פון צייט צו צייט ארומגעקוקט אין דיא גאסען און ביים ליכט פון דיא לאנטערנען האט ער דערקענט ניט איין מענשען, וועלכער האָט אונטערן ראָק געטראָגען דעם צייכען פון דער געהיים פּאליציי. אייניגע האט ער בעגריסט מיט דער האנד, צו אנדערע האט ער א ווינק געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

אונטערדעסען איז הארטוויג געגאנגען זיין וועג. ער איז צוגעקומען צום מאָנרמענט פון'ם קעניג ערנסט-אייגוסט, האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן, וויא א פּאליסמאן אין א בלויען ראק מיט א בלעכעל אויפ'ן הוט שטעהט אנגעשפּארט לעבען א בוים. ער איז צו איהם צוגעגאנגען און האט איהם געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, וויא אזוי מען געהט אין דער מאריענשטראסע?

— דיא מאריענשטראסע געהערט צו מיין בעצירק; קומט, איך וועל אייך וויי־זען דעם וועג. איך האב דא היינט מעהר ניט וואס צו טהאן.

זיי זיינען אוועקגעגאנגען עטליכע שריט. הארטוויג האט ערשט יעצט דערזעהן, אז אויף דער שטראסע צום באהנהאף דרעהן זיך ארום פּאליסלייטע אין פולער אוניפאָרם און פון וויטען דרעהן זיך ארום מענשען אין ציוויל קליידער. ער האט ערשט

יעצט פערשטאַנען, וויא גרויס דיא געפאַהר איז. דער פּאָליסמאַן, וועלכער האט איהם נעפיהרט, איז אבער ניט געגאַנגען מיט דער הויפּט שטראַסע. ער איז באלד אריינ־געגאַנגען אין א דונקעל־געסעל און איז צוגעקומען צום באהנהאף פון דער זייט, וואו נור דיא בעאמטע פון׳ם באהנהאף מעגען אריינגעהן.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער טהיר פון׳ם באהנהאף, האט זיי געזאגט איינער פון דיא באהנהאף בעאמטע:

— דיעזער וועג איז פערבאָטען פאר פּרעמדע.

— דער מאַן דאַרף אין דיא מאַריענשטראַסע, האט געזאגט דער פּאָליסמאַן, ווען ער זאל קענען דורכגעהן דעם באהנהאף, וואלט ער פערשפּאָרט האלב וועג.

— נו, אויב אזוי, קומט מיט מיר, האט דער באהנהאף בעאמטער געזאגט און האט אנגענומען הארטוויג ביי דער האנד.

הארטוויג האט זיך אומגעקוקט. דער פּאָליסמאַן איז פערשוואונדען. — ער האט אבער קיין צייט ניט געהאט זיך לאַנג אומצוקוקען. דער באהנבעאַמטער האָט איהם געפיהרט ארום באהנהאף, האט איהם אריבערגעפיהרט דיא רעלסען און האט איהם אריינגעפיהרט אין וואַארען לאַגער, וואו עס זיינען געווען אנגעשטעלט און אנגעלעגט אלערליי קאַסטענס, פעסער און באַללען פון אלערליי וואַארען. דא האט דער באהנ־האף בעאמטער אנגעצונדען א קליינע לאַנטערנע, וועלכע דיא קאָנדוקטאָרען אין דייטש־לאַנד טראָגען מיט זיך.ביים ליכט פון דער לאַנטערנע האט הארטוויג בעטראַכט דעם מאַן. — ער איז איהם געווען גאַנץ אונבעקאַנט. דער מאַן האט פערשטאַנען, אז הארטוויג וואונדערט זיך, וויא קומט ער צו איהם?

— איהר מעגט מיר פערטרויען, האט ער איהם געזאגט. — ניעדער מיט דעם פּרייסישען דעספּאָטיזמוס!

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון אונטער א גרויס פאַס א שוואַר־צען פּעריק, א גוטען אויבער־ראָק און א נייעם הוט מיט א ברייטען ראַנד און האט געהייסען הארטוויג׳ן זיך איבערטהאַן. הארטוויג האט אראָפּגעוואָרפען פון זיך דאס ארבייטער העמד און האט זיך אנגעטהאַן דיא נייע קליידער. דער באהנבעאַמטער האט איהם געגעבען אביסעל וואַסער, זיך אפּצו־וואַשען דאס געזיכט.

— פּאַרטרעפליך! האט ער אויסגערופען, ווען הארטוויג האט זיך אפּגעוואַשען און אראָפּגערוקט זיין נייען הוט איבער דיא אויגען. — קיינער וועט אייך ניט דערקע־נען. — מיר וועלען זיי אפּנאַרען, דיא דיענער פון טיראַניי און דעספּאָטיזמוס.

יעצט נאָט אייך א בילעט צווייטער קלאַססע קיין דיטץ, — א שטאַדט אויף דער פראַנצויזישער גרענעץ. — דאס איז אבער נאך ניט גענוג. — היער האט איהר אן אויסלענדישען פּאַספּאָרט אויפ׳ן נאַמען פון היינריך מאיער. — געדענקט, אז איהר הייסט היינריך מאיער, א קויפמאַן פון גאָטהא. אלס בעוויז, אז איהר זייט ווירקליך דער קויפמאַן מאיער, האט איהר דא איינינע בריעף מיט׳ן שטעמפּעל פון דער פּאָסט אויפ׳ן נאַמען היינריך מאיער. — דאס אלעס מוזט איהר געדענקען. — יעצט נעהמט דיעזען רענצעל. — א קויפמאַן פאַהרט ניט אהן א רענצעל. — יעצט קומט.

ער האט אויסגעלאָשען דיא לאַנטערנע, האט אנגענומען הארטוויג ביי דער

האנד און האט איהם ארויסגעפיהרט פון׳ם וואארען לאגער. זי זיינען איבערגענאנגען דיא רעלסען און זיינען צוגעקומען צו אן איינציגען וואגאן צווייטער קלאסע, וועלכער איז געשטאנען גאנץ וויים פון באהנהאף. — צוויי ארבייטער זיינען געשטאנען נים ווייט און האבען עפעס געארבייט איפ׳ן וועג. — דער באהנבעאמטער האט שטילערהייט געעפענט א קופעע און האט איהם אריינגעלאזען.

— זיצט דא גאנץ רוהיג, האט ער איהם געזאגט שטילערהייט. — גליקליכע רייזע!

מיט דיעזע ווערטער האט ער ווידער פערשלאסען דיא קופעע.

— איז אלעס אין ארדנונג? האט ער געפרעגט דיא צוויי ארבייטער.

— אלעס אין ארדנונג, האט איינער פון דיא ארבייטער געענטפערט גאנץ שטיל.

דער בעאמטער און דיא ארבייטער זיינען זיך אוועקגעגאנגען, יעדער זיין וועג.

אין א האלבע שטונדע ארום האט מען אויפ׳ן באהנהאף געגעבען דעם ערשטען קלונג. יעצט האבען זיך אנגעהויבען צו שיטען פאליסלייטע און געהיימע אגענטען פון אלע זייטען. מען האט אויפגעהאלטען יעדען פאסאזשיר און איהם געפרעגט אויף א פאס. מען האט זיך צוגעקוקט צו יעדען דיענער, צו יעדען מענשען, וועלכער איז גע־קומען ווען בעגלייטען. מען האט געפארשט, געפרעגט, געשפירט, געזוכט, געשמעקט און געניגשטערט. — מען האט אבער גאר נים געפונען.

מען האט אנגעהויבען צו קלינגען צום צווייטען מאל. דיא פאסאזשירען האבען אנגעהויבען אריינצוגעהן אין דיא וואגאנעס. באלד זיינען געווארען דיא דריי וואגאנעס צווייטער קלאסע פול געפאקט און עס זיינען נאך געבליעבען פאסאזשירען צווייטער קלאסע, וועלכע האבען נים געהאט, וואו אריינצוגעהן. עס איז געווארען א געשריי, א גע־וואלד.

— מיר האבען בילעטען צווייטער קלאסע און האבען קיין פלעצער נים. וואס הייסט דאס?

מען האט גערופען דעם אבערקאנדוקטאר און מען איז געגאנגען זיך קלאגען צום סטאציאנס שעף. ער איז באלד ארויסגעקומען און האט זיך אנגעהויבען צו בייזערן.

— ווער האט עס געטהאן? איך האב דאך געהייסען, אז מען זאל צושפאנען פיער וואגאנעס צווייטער קלאסע. פאר וואס זיינען מעהר נים'א, וויא דריי?

צוויי ארבייטער זיינען ארויסגעגאנגען און האבען געזאגט:

— מיר מוזען בעטען אום ענטשולדיגונג. מיר האבען פערגעסען צוצושפאנען דעם פיערטען וואגאן. ער שטעהט אנגעגרייט אויף דיא רעלסען. מען האט אונז אבער געהייסען פאררוכטען א שינע און מיר האבען פערגעסען אן יענעם וואגאן.

— איין יעדער פון אייך ווערט בעשטראפט מיט דריי מארק, האט דער סטאנ־ציאנס שעף געזאגט. יעצט שנעל! פיהרט צו דעם פיערטען וואגאן! און טאקע נאך א פינפטען. עס זיינען דא פיעלע פאסאזשירען.

דיא ארבייטער זיינען אוועקגעלאפען און האבען שנעל צוגעבראכט נאך צוויי וואגאנעס. מען האט זיי געעפענט און דיא פאסאזשירען האבען זיך אנגעהויבען צו דרענגען אין דיא נייע צוויי וואגאנעס.

מען האט געגעבען דעם דריטען קלונג. — דער לאקאמאטיוו האט א פייף גע־טהאן. — דער צוג איז אוועקגעגאנגען. קיינעם איז ניט איינגעפאלען, אז ווען מען האט געעפענט דעם וואגאן, איז אין איין קופּע געזעסען א פּאסאזשיר.

דער באהנהאף איז געבליעבען לעדיג. אלע זיינען זיך צוגאנגען, אלע צופאהרען. דיא אגענטען פון דער געהיים פּאליציי האבען געמעלדעט: „אין דעם צוג קיין נאטהא איז קיינער פון דיא פערדעכטיגע ניט געפאהרען".

דארויף איז אנגעקומען א בעפעהל פון'ם פּאליציי דירעקטאר, אז מען זאל א גאנצע נאכט בעוואכען דעם באהנהאף און איינער זאל זיך ארומדרעהן פאר הארטוויג'ס וואינונג און זאל גוט אכטונג געבען, ווער עס געהט דארט אריין און ארויס.

דעם אנדערן טאג אום צוועלף אוהר איז דיא אמיליע וועגדענשטיין געזעסען אין זאל, וויא געוועהנליך, ביים פריהשטיק. דער טיש איז געווען געגרייט און עס איז געשטאנען פאר יעדען זיין גלאז קאפע. קיינער אבער האט זיך ניט צוגעריהרט ניט צום עסען, ניט צום טרינקען. העלענא איז געזעסען מיט'ן קאפ אראפּגעלאזען טרויעריג און פערטראכט. מאדאם וועגדענשטיין האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און פון צייט צו צייט האט זיא צוגעלענט איהר טאשען טוך צו דיא אויגען. דער אלטער וועגדענשטיין איז געגאנגען אויף דער פּאליציי געוואהר ווערן, וואס עס הערט זיך מיט זיין זוהן.

עס זיינען אריינגעקומען א פּאר בעקאנטע פרעגען, וואס עס הערט זיך מיט'ן יונגען אפיציער. זיי האבען געטרייסט מאדאם וועגדענשטיין, אז מען וועט איהם געוויס ניט לאנג האלטען, מען האט געגען איהם קיינע בעווייזע. מען וועט איהם געוויס באלד ארויסלאזען. מאדאם וועגדענשטיין האט זיך עטוואס בערוהיגט און מען האט אנגע־הויבען צו רעדען פון פערשיעדענע זאכען. — פּלוצלונג האט זיך געעפענט דיא טהיר. דער דיענער איז אריינגעקומען מיט א פּעקעל אין דיא הענד. ער האט איבערגעגעבען דאס פּעקעל העלענאן און האט איהר געזאגט:

— דער קויפמאן זאנטאג האט אייך געשיקט דיא זאכען, וואס איהר ווילט זעהן. — דא האט איהר א געגויע פערצייכניס, וואס דיא ארטיקלען קאסטען.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהר דערלאנגט א פערמאכטען בריעף אדרע־סירט אויף איהר נאמען.

העלענא האט דעם קויפמאן זאנטאג ניט געקענט. זיא איז קיין מאל אין זיין מאגאזין ניט געווען. זיא האט געוואלט אפּגעבען דאס פּעקעל מיט'ן בריעף צוריק און זאגען, אז דא איז עפּעס א טעות. זיא האט נאך אמאל א קוק געטהאן אויף דיא אדרעסע. עס איז געשטאנען דייטליך:

„פריילין העלענא בערגער" און אונטען מיט גאנץ קליינע בוכשטאבען: Privatim פּריוואטים. — פּערזענליך.

זיא האט געעפענט דעם בריעף און האט איהם דורכגעלעזען מיט דיא אויגען. דיא פארב פון איהר געזיכט האט זיך געענדערט. זיא איז געווארען צוערשט רויט, דאן בלייך, וויא קאלך. — זיא האט זיך אבער באלד געפאסט און האט געזאגט צום דיענער:

— זאגט דעם מאן, וואס האט געבראכט דאס פעקעל, אז איך דאנק הערין זאנטאג פאר זיין פריינדליכקייט. איך וועל איבערקוקען דיא ארטיקעל און, וואס איך דארף נים, וועל איך איהם צוריק שיקען אדער איך וועל זיי אליין צוריק ברענגען.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען.

— וואס האט מען דיר צוגעשיקט? האבען דיא פריילין וועגדענשטיין געפרעגט נייניעריג.

— איינינע שפיצען און שטיקערייען, האט העלענא געענטפערט. איך בין נים לאנג געווען ביים קויפמאן זאנטאג אין מאגאזין און האב דארט געזעהן איינינע זאכען, וואס זיינען מיר געפעלען. — ער איז געווען אזוי העפליך און האט עס מיר צוגעשיקט. איך זאל מיר אויסקלייבען.

זיא האט געעפענט דאס פעקעל און האט זיי געוויזען איינינע קלייניגקייטען. דיא יונגע מעדכען האבען א קוק געטהאן און האט זיי באלד צונויפגעלעגט. עס איז יעצט נים דיא צייט צו בעטראכטען שפיצען. העלענא איז געבליעבען זיצען אויף איהר ארט טרויעריג און פערטראכט, וויא פריהער. זיא איז אבער געזעסען נור עטליכע מינוט. באלד האט זיא זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— איך וויל געהן אניעדערלעגען דאס פעקעל אין מיין צימער.

זיא האט נים געווארט אויף קיין ענטפער און איז ארויסגעגאנגען פון זאל. אין קארידאר האט זיא געפרעגט דעם דיענער, אויב דער אלטער וועגדענשטיין איז שוין צוריקגעקומען?

— נור וואס, האט דער דיענער געענטפערט. ער איז אריינגעגאנגען אין זיין שרייב צימער זיך איבערטהאן.

— אלזא, געה און פרעג איהם, אויב איך קען איהם זעהן.

אין א מינוט ארום איז העלענא אריינגעקומען אין צימער. דער אלטער האט נור וואס אויסגעטהאן זיין אויבערראק און זיין הוט. ער איז געשטאנען לעבען זיין שרייב טיש פערטראכט.

— דוא ווילסט געוויס הערען נאכריכטען פון אונזער ארעסטאנט, האט ער געזאגט רוהיג. — נו, איך קען דיר דערצעהלען, וואס איך האב געהערט. — עס ווייזט אויס —

— פאפא! האט איהם העלענא אונטערבראכען מיט טרערין אין דיא אויגען. — פאפא! עס שטעהט זעהר שלעכט מיט אונזער ראלאנד!

— מען האט געגען איהם קיינע בעווייזע, האט דער אלטער זיא געוואלט טרייסטען. ווען ער האט אבער א קוק געטהאן אויף איהר געזיכט, איז ער געווארען ערנסטער און האט זיא געפרעגט:

— פון וואנען ווייסט דוא —

— פאפא! אונזער ראלאנד איז אין געפאהר! מיר מוזען איהם רעטען. — איך האב נור וואס ערהאלטען דיעזען צעטעל. —

זיא האט ארויסגענומען דעם בריעף, וואס זיא האט ערשט נים לאנג ערהאלטען פונ'ם קויפמאן זאנטאג און האט איהם דערלאנגט.

דאס איז געווען א געוועהנליכע קויפמאנישע רעכנונג. פון אויבען איז געשטאנען:
„ווערט ניט אונרוהיג, ווען פרעמדע מענשען וועלען זיין אין צימער, ווען איהר וועט ערהאלטען דיזען צעטעל.“
אויף דער אנדערער זייט אבער זיינען געשטאנען פאלגענדע צייל[ען]:
„וואנדערשטיינ׳ס לאגע איז זעהר שלים. מען האט געפונען ביי איהם אין „שרייב טיש פאפיערן, וועלכע זיינען זעהר קאמפראמאטירענד. — מען וויל אויף „איהם וויזען א ביישפיעל, אז אנדערע זאלען זיך אפשרעקען. — דיא געפאהר „איז גרויס, וויא איהר קענט זיך נור דענקען. — עס זיינען אבער דא פריינד, „וועלכע וועלען טהאן אלעס מעגליכעס אום איהם צו בעפרייען. — רעדט איבער „מיט זיין פאטער, וויטער מיט קיינעם ניט. — דאס ערשטע מוזט איהר זעהן זיך „צו שאפען געלד, וואס מעהר, איז אלץ בעסער. — דאס געלד זאלט איהר ברענ־ „גען אין דיא שפיצען, וואס איך האב אייך געשיקט.“
דער אלטער איז געווארען ערנסט. ער האט אויך עפעס געהערט אין דער פאליציי, אז מיט זיין זוהן שטעהט עס ניט גאנץ גוט. מען האט איהם אבער ניט אויסגעזאגט דיא וואהרהייט. מען האט פאר איהם פערדעקט און בעהאלטען. מען האט איהם אויפגענומען זעהר העפליך אין דער פאליציי און מען האט איהם געזאגט, אז מען דארף נאך מאכען אייניגע נאכפארשונגען. ווען מען וועט אויסגעפינען, אז זיין זוהן, איז אין גאנצען אונשולדיג, וועט מען איהם באלד בעפרייען.
מען איז גאנץ העפליך אין פרייסען. מען שלאגט פון איין זייט און מען גלעט איבערן קאפ פון דער אנדערער זייט. — וועלכעס עס איז בעסער: דיא ווילדע גראבהייט אין רוסלאנד אדער דיא פיינע העפליכקייט אין פרייסען, לאז איך איבער דעם לעזער. לאז ער אורטהיילען.
עס זיינען פערגאנגען אייניגע מינוטען אין טיעפעס שווייגען. העלענא האט געווארט, אז איהר שוויגער פאטער זאל זאגען זיין מיינונג.
— ווען ער אנטלויפט, האט ענדליך געזאגט דער אלטער מאן, הייסט עס, אז ער בעקענט, אז ער איז שולדיג. — דאן קען ער שוין אייביג ניט קומען א היים. — דא הייסט ער אן אנטלאפענער, א פערפאלגטער —
העלענא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען.
— פאפא! האט זיא אויסגערופען מיט טרערין אין דיא אויגען. — דיא געפאהר איז פיעל גרעסער, וויא מיר מיינען. — זיין לעבען איז אין געפאהר. — ניין! לאז ער אנטלויפען! מיר מוזען איהם רעטען!
— זיינען מיר דען געוויס זיכער, אז עס וועט איהם געלינגען צו אנטלויפען? — האט דער אלטער געזאגט, וויא צו זיך אליין. — פיעללייכט וועט עס איהם גאר ניט געלינגען? —
העלענא האט איהם ניט געלאזען ווייטער רעדען.
— מיר מוזען אלעס פראבירען! האט זיא אויסגערופען. — בעסער צו לעבען פריי אין א פרעמד לאנד, וויים פון דער היים, אלס צו שמאכטען אין געפענגניס אין דער היים. — וואס איז דיא היים, ווען מען האט אין איהר ניט קיין פרייהייט? — וואס

איז דאס פאטערלאנד, ווען מען טראגט שווערע קייטען?—לאז ער אנטלויפען! לאז ער פריי זיין! לאז ער פריי אטהעמען!

דער אלטער מאן האט זיא בעטראכט מיט ליעבע און פרייד.

— דוא האסט רעכט, העלענא, האט ער געזאגט.—מיר האבען אמאל געהאט א פאטערלאנד—פרייסען האט עס ביי אונז צוגענומען; מיר האבען אמאל געהאט פרייהייט—דער סאלדאט האט זיא ביי אונז אוועקגערויבט; מיר האבען אמאל געהאט א היים—דער דעספאטיזמוס האט אונז פערטריעבען פון אונזער היים.—

אין א שטונדע ארום וועט ליעגען דיינע שפיצען אזוי פיעל געלד, וויא פיעל איך וועל קענען אין דער איילע צונויפנעהמען—אבער קיינער זאל דערפון ניט וויסען. ניט דיא מוטער און ניט דיינע שוועסטער—שפעטער, ווען ער וועט זיין אין זיכערהייט, וועסט דוא קענען זיי אלעס דערצעהלען.—אבער יעצט—

ער האט ארויפגעלעגט דעם פינגער אויפ'ן מויל.

— דאנק! דאנק! ליעבער פאטער! האט העלענא אויסגערופען. איך וועל ברענגען דאס פעקעל אהער און ווען עס וועט זיין פול, וועל איך עס אפטראגען צום קויפמאן זאנטאג.

אין איינינע שטונדען ארום איז העלענע, מאדאם וועגדענשטיין און איהרע צוויי טעכטער געגאנגען איינקויפען אין מאגאזין פון'ם קויפמאן זאנטאג. דער קויפמאן זיין פרוי און צוויי סיילעס ליידי'ס (פריקאזשציצעס) זיינען געווען אין מאגאזין. זאנטאג האט אויפגענומען דיא דאמען זעהר העפליך און האט געפרעגט, אויב זיי האבען עפעס אויסגעקליעבען פון דיא פראבען, וואס ער האט זיי היינט צוגעשיקט.

— פריילין בערגער איז ניט געפעלען דיא ארטיקעל, וועלכע איהר האט אונז צוגעשיקט, האט מאדאם וועגדענשטיין געזאגט. ווייזט אונז אנדערע שפיצען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איהר האט פון אלע ארטיקעל, וועלכע איך האב אייך היינט געשיקט, ניט געקענט אויסגעפינען איינינע, וועלכע זאלען אייך פאסען, האט זאנטאג געזאגט אין דער הויך צו העלענא'ן.—אבער פיעללייכט וועט איהר דאך געפינען עפעס ביי מיר. איך האב דארט אין יענעם עק פון'ם מאגאזין נאך פערשיעדענע זאכען.—קוממט, קוקט זיי אן.

ער האט געגעבען א ווינק זיין פרוי, זיא זאל דערווייל זיך בעשעפטינען מיט מאדאם וועגדענשטיין און איהרע טעכטער. זאנטאג'ס פרוי האט איהם פערשטאנען און האט אנגעהויבען אויסצולעגען פאר מאדאם וועגדענשטיין און איהרע טעכטער א זעלכע סחורות, וועלכע האבען זיי פעראינטערעסירט.

זאנטאג אליין האט צוגעפיהרט העלענא'ן אין דער פינסטערער זייט פון מאגאזין און האט שנעל אראפגעחאפט פון א פאליצע איינינע שאכטעל מיט סחורות, וועלכע ער האט צו לעגט אויפ'ן טיש.

— וועלען צוויי טויזענד טהאלער זיין גענוג? האט העלענא געפרעגט שטילערהייט.

— גאנץ גענוג! האט זאנטאג געענטפערט. מיר האבען שוין אלעס פארבערייטעט. ווען עס וועט נור ניט פארקוממען עפעס א שטערונג, וועט ער נאך היינט אבענד פריי זיין.

— איך וואלט איהם געוואלט זעהן און מיט איהם רעדען, איידער ער פאהרט אוועק, האט העלענא געבעטען.

— אונמעגליך! האט זאנטאג געזאגט און האט זיך אומגעקוקט, אויב עס זיינען ניט אריינגעקומען קיינע נייע קונדען אין מאגאזין.

— פאַר וואס אונמעגליך? האט העלענא געפרעגט מיט א ביטענדע שטימע. — איך בעט אייך, איך בעשווער אייך ביי אלעס, וואס איז אייך הייליג! מאַכט, אז עס זאל יא זיין מעגליך. — איך וועל זיין פאַרזיכטיג, איך וועל מיך פארשטעלען, בעהאלטען — אבער מאַכט, איך זאל איהם זעהן, מיט איהם רעדען, איהם נאך א מאל דריקען דיא האנד. — אך! טהוט עס, פריינד זאנטאג! — האט מיטלייד מיט מיר!

זיא האט אנגעחאַפּט דיא הענד פון'ם קליינעם אידעל און האט זיי געדריקט אזוי שטאַרק, אז ער איז שיער ניט אויפגעשפּרונגען.

— נון, גוט, פריילין בערגער! האט ער ענדליך געזאגט. — איך וועל מיך בעמיהען, אז איהר זאָלט איהם זעהן, איידער ער פאָהרט אוועק. — פיעללייכט וועט גאָר גלייכער זיין, איהר זאלט זיין דערביי. — קענט איהר קומען צו מיר היינט אבענד פונקט ניין אוהר?

— איך וועל געוויס קומען.

— אבער גאנץ אליין.

— גאנץ אליין.

— נאך עטוואס, האט דאס קליינע אידעל געזאגט און האט ארויסגעשלעפּט פון א קעשענע א סטעארין ליכט. — שיקט אייער ברויטיגאַם דיעזעס סטעארין ליכט — אבער קיין אנדערע!

העלענא האט געחאַפּט דאס סטעארין ליכט און האט עס בעהאלטען אונטער איהר מאנטילע.

— נו, יעצט איז אלעס אין ארדנונג, האט ענדליך זאנטאַג געזאגט. — געהט צוריק צו אייער שוויעגער מוטער, — נעהמט מיט דיעזע שפּיצען און זאגט, אז דאס האט איהר ענדליך אויסגעקליבען.

ער האט פערפּאַקט איינינע שפּיצען און האט איהר געגעבען. זיא איז צוגעגאנגען צו מאדאם װענדענשטיין און איהרע שוועסטער און האט זיי געפרעגט, אויב זיי האבען שוין עפּעס אויסגעקליבען פאר זיך, אונטערדעסען איז זאנטאג אויך צוגעקומען צו זיי.

— עס פרעהט מיך זעהר, האט ער געזאגט, וואס פריילין בערגער האט דאך געפונען אין מיין מאגאזין איינינע ארטיקעל, וואס זיינען איהר געפּעלען.

— איך בין שוין אויך פערטיג, האט מאדאם װענדענשטיין געזאגט.

זיא האט אפּגעקליעבען איינינע ארטיקעל האט בעצאהלט און האט געהייסען זיך צושיקען א היים.

— — — — — — — — — — — — —

טרויערינג האט ליעטענאנט װענדענשטיין פערבראַכט דיא ערשטע נאכט אין געפענגניס, נאך טרויערינגער האט ער פערבראַכט דעם ערשטען טאג. — אבגע-

שפארט, אבגעשלאסען,אבגעזאנדערט פון דער גאנצער וועלט, אליין — גאנץ אליין אין פיער ווייסע, נאקעטע ווענד. — קיינער איז צו איהם ניט געקומען, קיינער האט איהם ניט בעזוכט, — קיין פריינדליכע שטימע, קיין פריינדליכעס ווארט!

דיא זון איז אונטערגעגאנגען, עס איז ווידער געוואָרען פינסטער אין זיין קעמע־ריל. ער איז געזעסען לעבען זיין קליינעם טישעלע, דעם קאפ אנגעשפּארט אן דיא הענד.

— איך האב א מאל געלעזען א בוך געשריעבען פון א מענשען, וועלכער איז געזעסען אין א געפענגניס פינף און צוואנציג יאהר. דאס בוך הייסט: „דיא ערשטע פיערטעל שטונדע פון פינף און צוואנציג יאהר“. — איך זיץ שוין יעצט צוויי און צוואנציג שטונדען. — וועט עס קומען ביז פינף און צוואנציג יאהר? — דאן, דאן — — ארמע העלענא!

אין דיעזע מינוט האט ער געהערט שווערע טריט פון עטליכע מענשען צו געהן צו זיין קעמעריל. דער שלאס האט געקנאקט. דער ריעגעל האט זיך אראפּגענומען, דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער שליעסער מיט א פּאָליציי בעאמטען, מיט זיין פאטערס דיענער זיינען אריינגעקומען צו איהם אין קעמעריל. דער שליעסער האט געהאלטען א ברענענדעס חלב'ן ליכט אין דער האנד. זייער דיענער האט געטראָגען א קערבעלע מיט עסענוואַרג.

— א גרוס פון אייער פאטער און פון פריילייז העלענא, האט דער דיענער געזאגט און האט אניעדערגעשטעלט דאס קערבעלע אויפ'ן טיש.

— וואס מאכען מיינע עלטערן? וואס מאכט פריילייז העלענא? האט ווענדענ־שטיין געפרעגט נייגיעריג.

— זיי זיינען אלע געזונד און האבען געהייסען אייך גריסען, האט דער דיענער געענטפערט.

— וואס האסט דוא דא געבראכט? — ער האט געוואָלט נעהמען דאס קער־בעלע און זעהן, וואס דארט איז.

— ערלויבען זיא, האט דער פּאָליציי בעאמטער איהם אונטערבראכען. — איך האב א בעפעהל איבערצוקוקען יעדע זאך, וואס געפינט זיך אין דיעזען קערבעלע.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געעפענט דאס קערבעלע און האט אנגעהויבען ארויסצונעהמען פערשיעדענע עסענוואַרג. עס איז דארט געווען א גאנץ ברייטעל. ער האט עס צושניטען אויף פיער שטיקער און האט בעטראכט יעדעס שטיקעל בעזונ־דער. — ברויט! — דאן האט ער געפונען קאלטעס פלייש. ער האט עס צושניטען. — פלייש. — דאן — א פלאש וויין. ער האט זיא גענומען צום ליכט, האט דורכגעקוקט — אין דער פלאש איז געווען רויטער וויין. דאן האט ער געפונען א סטעארין ליכט.

— פאר וואס נור איין ליכט? האט ווענדענשטיין געפרעגט דעם דיענער מיט א פארוואורף. — איך האב דאך געבעטען, מען זאָל מיר שיקען וועניגסטענס צוויי?

— דער אלטער הערר האט ניט געוואוסט, אויב עס איז ערלויבט צו שיקען מעהר אלס איין ליכט. ווען דער הערר בעאמטער וועט ערלויבען, וועל איך מארגען ברענגען עטליכע ליכט.

ער האט א קוק געטהאָן צום בעאמטען.

— ליכט מענט איהר ברענגען, וויא פיעל איהר ווילט, האט דער בעאמטער געזאגט, איך מוז זיי אבער פריהער איבערקוקען.

יעצט האט ער ארויסגענומען דיא לעצטע זאך פון׳ם קערבעלע. דאס איז געווען א בוך. ער האט גענומען דאס בוך, האט איהם דורכגעבלעטערט און דורכגעטרייסעלט. פון׳ם בוך איז ארויסגעפאלען א צעטעלע. — ער האט אויפגעהויבען און איבערגעלעזען: „הערצליכע גריסע שיקט דיר דיינע העלענא.״

— דאס איז פון מיין בראוט, האט װענדענשטיין געזאגט און האט אויסגעשטרעקט דיא האנד נאכ׳ן צעטעל.

— עס טהוט מיר לייד, הערר וועגדענשטיין, האט דער בעאמטער געזאגט און האט געהאלטען דאס צעטעל פעסט אין דער האנד. — עס טהוט מיר לייד, וואס איך קען עס אייך ניט געבען. איך האב א בעפעהל ניט צוצולאזען צו אייך קיין געשריבענעם שטיקעל פאפיער.

וועגדענשטיין האט א זיפץ געטהאן. — זאגאר איינינע ווערטער פון זיין געליבטער איז ניט ערלויבט צו בלייבען ביי איהם אין דיא הענד.

דער בעאמטער האט ווייטער געזוכט און איבערגעקוקט יעדען ארטיקעל, וואס איז געווען אין קארב. ער האט ווייטער גאר ניט געפונען.

— אלזא, נוטע נאכט, האט ער געזאגט. — קומט! האט ער זיך געווענדעט צום דיענער און דעם שליעסער, הערר וועגדענשטיין איז געוויס הונגעריג. לאמיר איהם ניט שטערן.

איידער זיי זיינען ארויסגעגאנגען, האט דער דיענער ארויסגעווארפען דאס חלב׳נע ליכט פון׳ם לייכטעריל און האט אנגעצונדען דאס סטעארין ליכט, וועלכעס ער האָט געבראכט.

— גוטע נאכט! האט יעצט דער דיענער געזאגט. — פערלאנגט איהר נאך עפעס?

— גרים אלעמען, האט וועגדענשטיין געענטפערט טרויעריג. — איך דארף גאר נישט.

אלע זיינען ארויסגעגאנגען. דיא טהיר האט זיך וויעדער פערשלאסען. וועגדענשטיין איז וויעדער געבליעבען אליין. עסען האט ער ניט געוואלט. ער האט געטרונקען א גלאז וויין און האט גענומען לעזען דאס בוך. ער האָט געלעזען איינינע צייט. פלוצלונג האט דאס ליכט אנגעהויבען צו פלאקערן און עס האט זיך פערלאָשען.

וועגדענשטיין איז געבליעבען אין דער פינסטער. ער האט אנגעהויבען צו זוכען דיא צינדהעלצער און האט צופעליג אנגעטאפט דאס ליכט. — אנשטאט דעם קנויט האט ער אנגעטאפט עפעס א הארטע זאך. שנעל האט ער אנגעריבען א שוועבעלע און האט זיך צוגעקוקט צום ליכט. אויפ׳ן ארט פון׳ם קנויט איז געלעגען א בלעכען רעהריל. אונטען איז ער געווען אפען, אויבען פערמאכט. ער האט איהם ארויסגעשלעפט פון׳ם ליכט, האט זיא איבערגעקעהרט און אנגעצונדען פון דער אנדערער זייט.

ביים שיין פון׳ם ליכט האט ער אנגעהויבען צו בעטראכטען דאס בלעכענע

רעהריל — אינוועניג איז געלעגען צונויפגעדרעהט א שטיקעל פאפיער. ער האט עס ארויסגענומען, האט עס אויפגעוויקעלט און האט איבערגעלעזען:

„טהוט אייך ניט אויס, ליגגט אייך ניט שלאפען. — דיא בעפרייאונג איז נאָהענט“.

— וואס איז דאס? האט ער אויסגערופען ערשטוינט. — ווער האט עס געשיקט? וויא אזוי קען איך אזוי שנעל בעפרייט ווערן? — אלענפאלס, דאס שרייבט א פריינד. גוט! איך וועל איהם פאלגען, איך וועל ווארטען.

ער האט וויעדער גענומען דאס בוך און האט געוואלט לעזען. — פאר זיינע אויגע זיינען געשטאנען דיא שווארצע ציילען אויף ווייסען פאפיער פון׳ם בוך, וויא סאלדאטען אויסגעשטעלט פארן גענעראל. ער האט זיי אבער ניט פערשטאנען, וויא דער גענעראל ווייס ניט, וואס דיא סאלדאטען, וועלכע שטעהן פאר איהם, דענקען. ער האט געקוקט אויף זיי, זיי בעטראכט און ניט געוואוסט, וואס זיי מיינען. — ער האט ענדליך געמוזט אוועקווארפען ז׳אס בוך. דער געהיימער צעטעל, דיא אונבעקאנטע פריינד און דיא האפנונג באלד פריי צו זיין האבען אויפגערעגט זיינע נערווען.

ער איז אויפגעשטאנען אן, האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין זיין קליינעם צימעריל ביז ניין אוהר האט ער נאך אפני׳ געהערט שריטע אין קארידאר. ביי יעדען גערויש, ביי יעדען טריט, וואס ער האט געהערט, האט איהם א קלאפ געטהאן דאס הערץ: אט קומט דיא רעטונג! איין פיערטעל שטונדע נאך דער אנדערער זיינען אבער פערגאנגען און צו זיין טהיר איז קיינער ניט צוגעקומען.

ענדליך האט דיא אוהר געשלאגען ניין. אין קארידאר איז געווארען שטיל, וויא אין א קבר. װענדענשטיין האט צוגעלעגט דעם אויער צו דער טהיר — שטיל! רוהיג! אלעם איז אויסגעשטארבען. עס איז פערגאנגען א שטונדע אין שרעקליכעם ווארטען. — קיינער איז ניט געקומען. עס איז געווארען א פיערטעל נאך צעהן. װענדענשטיין איז נאך אלץ געשטאנען ביי דער טהיר. — פלוצלונג האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז עפעס ריהרט זיך ביי דער טהיר. באלד האט זיך געעפענט, אבער אזוי שטיל און אזוי לאנגזאם, אז ער האט עס קוים בעמערקט א טאן מיט א גרוים פעקעל אונטערן ארים איז אריין אין צימער.

װענדענשטיין האט איהם בעטראכט איינ גע אויגענבליקע מיט שטוינען. דער מענש איז איהם געוועזן גאנץ אונבעקאנט.

— הערר װענדענשטיין, האט דער מאן געזאגט, אט האט איהר דא דיא קלייר דער פון א פאליסמאן. — טהוט זיי אן, אבער שנעל! — אט האט איהר ווייטער א שווארצען פעריק מיט א שווארצען באָרד. — דאס מוזט איהר אנטהאן, מען זאל אייך ניט דערקענען. — איהר האט דארט ווייטער א געוועהנליכען ציוויל הוט. דעם זאלט איהר האלטען אין קעשענע. — אונטערן ראק פון א פאליסמאן טהוט אן דיעזען ראָק. דער קארידאר איז פריי. — פארן ארויסגאנג שטעהן צוויי סאלדאטען אויף דער וואך. — ווען איהר וועט געהן פעסט און ניט דערשראָקען, וועט אייך דיא וואך דורכלאָזען, ווען זיא וועט זעהן דיא מעשענע קנעפ פון אייער ראָק און דאס בלעכעל אויף אייער הוט. — קוים וועט איהר נור דורכגעהן דיא וואך, זייט איהר געראטעוועט. — גאן גראַד אין פרידריכ׳ס פארק, דארט אין א פינסטערע אלעע ווארפט אראפ דעם הוט און

דעם ראק פון א פּאָליסמאַן און טהוט אַן דעם ציוויל הוט. — דעם פּעריק מיט דעם באַרד זאָלט איהר טראָגען. — איהר וועט ארויסגעהן דורכ'ן טהירעל אין דער לינקען זייט פון'ם פּאַרק אין דער מאַריענשטראַסע. — דאָרט וועט מען אייך שוין זאָגען, וואס איהר זאָלט ווייטער טהאָן.

פרעגט ניט אבער — איך וועל אייך ניט ענטפערן — טהוט, וואס מען הייסט אייך — שנעל! — גליקליכע רייזע!

איידער וועגדענשטיין האט זיך אומגעקוקט, איז דער מאַן פערשוואונדען. וועגדענשטיין האט זיך באלד איבערגעטהאָן, וויא דער מאַן האט געהייסען, האט פערלאשען דאס ליכט און איז געגאַנגען רוהיג און לאַנגזאם דורכ'ן קאָרידאָר. ער איז געקומען צום אויסגאַנג, וועלכער איז געווען העלל בעלייכטעט. פאַרן אויסגאַנג זיינען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטען אויף דער וואַך. וועגדענשטיין איז דורכגעגאַנגען צווישען זיי און איז ארויס אויף דער גרויסער, ברייטער טרעפּ, וועלכע פיהרט אין גאַס. — דאָרט איז ווידער ארומגעגאַנגען א סאָלדאַט. פאַר איהם אבער האט זיך שוין וועגדענשטיין ניט געשראָקען. דיא פּאָליציי געביידע פלעגט שטעהן א גאַנצע נאַכט אָפען און פּאָליסלייטע פלעגען קומען און אוועקגעהן.

קוים איז ער געווען אויף דער גאַס איז ער שוין געגאַנגען שנעלער, ביז ער איז געקומען אין פרידריכס פּאַרק. ער איז אריינגעגאַנגען אין א פינסטערע אַלעע זיך איבערטהאָן. א שוואַרצע געשטאַלט האט דאָרט אויף איהם געוואַרט, האט שטילערהייט צוגענומען דעם הוט און דעם ראָק פון א פּאָליסמאַן און האט זיי פערפּאַקט אין א בוינגען פּאַפּיער. וועגדענשטיין האט געוואָלט עפּעס רעדען, עפּעס זאָגען. דיא געשטאַלט אבער האט איהם ארויפגעלעגט דיא האַנד אויפ'ן מויל און איז פערשוואונדען געוואָרען.

וועגדענשטיין איז ארויס פון'ם פּאַרק אין דער דונקעלער מאַריענשטראַסע. ער איז אָפּגעגאַנגען עטליכע שריט, ווען א ניעדעריגער מאַן מיט א פרוי זיינען איהם ענטגעגען געקומען.

— נוטען אבענד, קאַרל! האָט דער קליינער מאַן געזאָגט, וואו ביסט דוא פערפּאַלען געוואָרען אַזוי שפּעט? דער פּאַטער איז שוין בייז אויף דיר.

שטילערהייט אָבער האָט איהם דער קליינער מאַן געזאָגט:

— נעהמט דיא דאַמע אונטערן אָרים און קומט.

וועגדענשטיין האָט דערקענט העלענאַן. ער האָט גענומען איהר האַנד, האָט זיא צוגעדריקט צום האַרצען און האָט זיא געוואָלט ארומנעהמען.

— קיין וואָרט! — קיינע בעוועגונג! — האָט זאַנטאַג געזאָגט — שנעל!

זאַנטאַג איז געגאַנגען פאָראויס. וועגדענשטיין און העלענאַ זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען געגאַנגען אין א וועלדעל הינטער דער שטאָדט. יעדעס מאָל, ווען וועגדענשטיין האָט געוואָלט עפּעס רעדען מיט העלענאַ'ן, האָט זיך זאַנטאַג אומגעקוקט און איהם געזאָגט שטילערהייט:

— „שנעל! — פאָרווערטס! — וואַרט, ביז מיר וועלען זיין הינטער דער שטאָדט.

ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צום וועלדעל, זאַנטאַג איז אריין צווישען דיא בוימער. וועגדענשטיין און העלענאַ זיינען איהם נאָכגעגאַנגען.

— יעצט איז דיא ערשטע געפאָהר פאַראיבער, האט זאנטאג געזאגט. — מיין פריילײן, איהר האט אונז זעהר פיעל גענוצט. א מאַן מיט א דאמע אונטערן ארים קוקט מען ניט אזוי שטאַרק נאָך. — איך האב בעגעגענט א פּאָר שפּיר הינט, זיי האבען אבער ניט געוואגט זיך צו צוקוקען צו א מאַן מיט א דאמע אונטערן ארים. — יעצט גיב איך אייך צעהן מינוטען צייט אָבשיעד צו נעהמען. איך געה פאַרויס, איהר טארט אבער פון מיר קיין אויג ניט אראָפּלאזען, ווייל יעדער שריט מיינער איז איבער־רעכענט און איבערלעגט. — דיא מינוטען זיינען געצעהלט.

ביידע יונגע לייט זיינען געבליעבען אליין. העלענא האט ניט געוויינט. זיא האט ארומגענומען איהר געליעבטען און האט איהם געזאגט מיט א פעסטער שטימע:

— נעה, געליעבטער, אין אנאנדער לאַנד, אונטער אנאנדערן הימעל, וואו דער מענש קען אטהעמען פרייער, וואו ער איז ניט ארומגערינגעלט פון שפּיאָנען; וואו ער מעג וועניגסטענס רעדען און זאגען, וואָס ער וויל.

ליעבע, טרייע, אננסט, האפנונג האבען געקלונגען אין דיעזע איינפאכע, אבער הערצליכע ווערטער.

דיא צייט אבער האט ניט ערלויבט לאנג צו בלייבען, לאנג צו רעדען. — צעהן מינוט! וואס איז צעהן מינוט? אן אויגענבליק פאַרן גליקליכען, אן עוויגקייט פאַרן אונגליקליכען. — וואס האט מען געקענט רעדען אין צעהן מינוט, ווען מען האט ניט געטארט אראפּלאזען קיין אויג פון׳ם מענשען, וועלכער איז געגאנגען פאַרויס?

זאנטאג האט זיי ניט געלאזט קיין מינוט מעהר אלס דיא צעהן מינוט. — ער האט זיי צוגערופען הינטער א בוים, וואו עס איז געשטאַנען א מאַן מיט א פערד.

— יעצט שנעל אויפ׳ן פערד! האט זאנטאג געזאגט. לעבען זאטעל האט איהר צוויי געלאַדענע פּיסטאָלעטען — און דא האט איהר געלד. —

ער האט איהם דערלאנגט א פעקעל פּאַפּיער געלד און א קליין פעקעלע זילבער געלד.

— אויפ׳ן וועג איז שווער אויסצובייטען גרעסערעס פּאַפּיער געלד, האט ער איהם געזאגט. — יעצט מוזט איהר זעהן צו ברענגען דעם מאָרגענדיגען טאג אין א וואלד אדער ביי א בעקאנטען בויער. דעם אנדערן טאג מוזט איהר זעהן אריבער צו געהן דיא האלענדישע גרענעץ אדער צוקומען ערגעץ צום מעער. — אייער ציעל דאַרף זיין פּאַריז. דארט פערזאמלען זיך אלע, וועלכע זיינען ניט צופריעדען מיט פּרייסען. דארט וועט איהר אלעס ווייטערע געוואהרן ווערן. — יעצט שנעל! קיין ווארט מעהר! גליק אויף דיא רייזע!

— לעבע וואהל, מיין געליעבטע! האט דער יונגער מאַן געזאגט צו העלענאַן און האט זיא ארומגענומען צום לעצטען מאל און האט זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן פערד.

— פאַר קיין עמענטהאל, האט העלענא געזאגט. דארט וועלען זיך געפינען פריינד און בעקאַנטע, וועלכע וועלען דיר העלפען ווייטער אנטלויפען.

וועגדענשטיין האט נאָך אמאל געזאגט אלעמען: לעבט וואהל! און איז פערשוואונדען אין דער דונקעלער נאַכט. העלענא, זאנטאג און דער מאַן, וועלכער האט געבראַכט דאָס פערד זיינען לאַנגזאַם צוריקגעגאַנגען אין שטאָדט.

ענדע דריטער טהייל.